# ביכער פון הרב דר. אהרן ראָזמאַרין

**אהרן ראָזמאַרין'ס תנ"כ־ענציקלאָפּעדיע, פּערזענלעכקייטן פראַגעס און ענטפערס**
לויט תלמוד, מדרש, זהר, ראשונים און אחרונים
[אין אידיש]

**אברהם אבינו'ס לעבן און שאַפונג**
לויט תלמוד, מדרש, זהר, ראשונים, אחרונים [אין אידיש]

**געדאַנק און חכמה**
געדאַנקען אויף אַלע סדרות [אין אידיש]

**לכבוד שבת**
דרשות אויף אַלע סדרות [אין אידיש]

**משה רבינו אין דעם ליכט פון אגדה**
[אַ פולשטענדיגע ביאָגראַפיע, אין אידיש]

**דער תנ"ך דערציילט**
[אין אידיש]

**אַן ענטפער**
צו דער פּאָלעמיק אַרום דעם אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר
[אין אידיש]

**די שעהנקייט פון אידענטום**
[אין אידיש]

**GOLDEN RULES**
אינהאַלט דער זעלבער ווי אין „די שעהנקייט פון אידענטום"
[אין ענגליש]

**DO YOU KNOW THIS ONE?**
פראַגעס און ענטפערס פאַר אַלט און יונג [אין ענגליש]

**MOSES IM LICHTE DER AGADA**
אַ פולשטענדיגע ביאָגראַפיע פון משה רבינו לויט תלמוד
און מדרש [אין דייטש]

# אהרן ראָזמארין'ס




# ענציקלאָפעדיע

# פערזענליכקייטן

## פראגעס און ענטפערס

לויט תלמוד, מדרש, זהר, ראשונים און אחרונים

ערשטער באַנד

●

אום פּאָבלישינג קאָ.




# PERSONALITIES

## QUESTIONS AND ANSWERS

In the Light of

TALMUD, MIDRASH, ZOHAR and SEQUENT RABBINIC LITERATURE

Volume I



OM PUBLISHING COMPANY
New York, N. Y.
1964

לזכר נשמות

אבי מורי ורבי

ר׳ משה ב״ר יעקב ושרה

אמי מורתי

בראַנצי בת ר׳ יוסף וחנה

זכרונם לברכה

# אינהאַלט

## אינהאַלט

# עטלעכע ווערטער וועגן דעם פּראָפעסער *)

אין דער וועלט פון חכמת ישראל, פון אידישער וויסנשאַפט, פונקט ווי אין אַנדערע וויסנשאַפטן, זיינען פאַראַן, אַזוי צו זאָגן, געוויסע ספּעציאַליסטן. אַ געלערנטער ווידמעט זיך אַ געוויסן געביט, און אויסער זיין „פעלד" אינטערעסירט אים כמעט גאָרנישט. ער לעבט אין יענעם יאָרהונדערט מיט וועלכן זיין ספּעציעל געביט באַשעפטיקט זיך. און אַפילו אַקטועלע, אַלטעגלעכע פּראָבלעמען, אָדער גאָר מאָדערנע ליטעראַטור, אינטערעסירן אים ניט.

מען האָט אַמאָל געפרעגט אַ געוויסן פּראָפעסאָר, וועלכער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין אַסיריש-באַבילאָנישער ליטעראַטור, צי ער לייענט אויך מאָדערנע ליטעראַטור, האָט ער געענטפערט: „געוויס, אָט האָב איך נאָר וואָס איבערגעלייענט יוזעפוס'עס געשיכטע פון די אידן".

פאַרשטייט זיך, אַז אין פאַרגלייך מיט דער זעהר אַלטער אַסיריש-באַבילאָנישער ליטעראַטור איז די קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר אַלטע געשיכטע פון יאָזעפוס אַ „מאָדערנע ווערק".

עס זיינען פאַראַן, אַבער, אידישע געלערנטע, ספּעציעל צווישן די אינגערע וועלכע, ניט קוקנדיק אויף זייערע ספּעציעלע וויסנשאַפטלעכע געביטן, אינטערעסירט זיי אַלץ וואָס עס קומט פאַר אינעם אידישן לעבן. זיי קאָנען זיך ניט באַנוגען מיט אַפּשליסן זיך אין די ביבליאָטעקן און אַרויסגעבן וויסנשאַפטלעכע ווערק, ווי וויכטיק זיי זאָלן ניט זיין פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם אידישן פאָלק. זיי אינטערעסירט אַלץ וואָס עס קומט פאַר אינעם אידישן לעבן, און זיי ווידמען צייט און ענערגיע צו העלפן מיט וואָרט און טאַט צו פאַרשטאַרקן דאָס אידישע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע לעבן. דער וואוילזיין פונעם אידישן פאָלק איז אַ שטיק פון זייער נשמה, און אַ חוץ זייערע וויסנשאַפטלעכע באַשעפטיקונגען, שטייען זיי געטריי אויף דער וואַך צו היטן און צו העלפן פאַרשטאַרקן דעם וואוילזיין און די עקזיסטענץ פון אונזער געיאָגט און געפּלאָגט פאָלק. און איינער פון אָט דער דאָזיקער געציילטער קלאַס געלערנטע, וועלכער קעמפט אונערמידלעך פאַר חיזוק הדת

*) אויסצוגן פון אַן אַרטיקל וועגן ד"ר ראָזמאַרין וואָס איז דערשינען אין „אַמעריקאַנער", סעפּטעמבער 25, 1946.

והאמונה, פּאָר אַ געזונט, פּאָזיטיוו אידיש רעליגיעז און נאַציאָנאַל לעבן איז הרב ד״ר אהרן ראָזמאַרין.

געבוירן אין אוסטילע, וואָלינער גובערניע, ביי אַ פּאַר־מעגלעכער חסידיש־לומדישער פאַמיליע, שטרעבט זיין פּאָטער ר׳ משה ז״ל אַז ראָזמאַרין זאָל ווערן אַ רב, בעת זיין מוטער בראָנצי ע״ה, זעט אַז ער זאָל קריגן אַ גוטע וועלטלעכע בילדונג. שוין אין זיין פריסטער יוגנט צייכנט זיך ראָזמאַרין אויס מיט אַן אויסערגעוויינלעך גוטן זכרון און „תפיסה״. און דערצו איז ער נאָך געבענטשט מיט אַ געוואַלדיקער התמדה. שטייגט ער טאָקע פון טאָג צו טאָג, סיי אין לערנען, סיי אין וועלטלעכער בילדונג.

באַלד נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג טרעפט זיך ראָזמאַרין מיט זיין קאָזין פּראָפעסאָר ישראל פרידלענדער ז״ל, וועלכער איז דאַן געקומען פון אַמעריקע קיין אייראָפּע אַלס פאַרשטייער פון „דזשוינט דיסטריביושאַן קאָמיטע״, און ער באַשליסט צו פאָרן קיין אַמעריקע.

קומענדיק קיין אַמעריקע הויבט ער באַלד אָן פאָרצוזעצן זיין תלמוד׳ישן און אַלגעמיינעם שטודיום. ער שטודירט גלייכ־צייטיק אויך יוריספּרודענץ. און אין אַ קורצער צייט אַרום הויבט ער אָן דרוקן אַרטיקלען אין דער ענגליש־אידישער פּרעסע. ער מאַכט זיין „דעביוט״ אין ענגליש מיט אַ סעריע וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען, צווישן זיי: „די געשיכטע פון די כוזרים״; „די פאַלאַשן״ (שוואַרצע אידן פון אַביסיניע); „די ווייסע, שוואַרצע און ברוינע אידן פון וויטן מזרח״; „די געשיכטע פון די אידן אין מאַראָקאָ״. ד״ר י. פייטלאָוויטש, דער „טאַטע״ פון די פאַלאַשן, איז אַזוי באַגייסטערט פון ראָזמאַרין׳ס באַהערשן די געשיכטע פון די פאַלאַשן, אַז ער שלאָגט אים פאָר צו פאָרן קיין אַביסיניע און איבערנעמען זיין אַמט אַלס פירער פון די דאָרטיקע אידן. און עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין ד״ר עמנואל בערנפעלדס (דער זון פון דעם באַרימטן געלערנטן ד״ר שמעון בערנפעלד ע״ה) פאַרבעסערטע אויפלאַגע פון פּראָפעסאָר מאַרטין פיליפּסאָן׳ס „נייסטע געשיכטע דעם יידישן פאָלקעס״, זיינען ראָזמאַרין׳ס וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען אָנגעגעבן אַלס קוועלן־מאַטעריאַל.

נאָך עטלעכע יאָר אין אַמעריקע פאָרט ראָזמאַרין קיין דייטשלאַנד צו פאַרפולקאָמען דאָרט זיין שטודיום. אין יענער צייט ווען אַן אויסלענדער האָט געוואָלט אויפגענומען ווערן אַלס סטודענט אין דער בערלינער אוניווערזיטעט, האָט ער געמוזט דורכמאַכן אַ רייע שריפטלעכע עקזאַמענס, און אויב ער האָט אויסגעהאַלטן, האָט ער געמוזט דורכמאַכן אַ רייע מינדלעכע עקזאַמענס, און ערשט דאַן איז ער אָנגענומען געוואָרן. אָבער ראָזמאַרין׳ס שריפטלעכע

עקזאַמענס זיינען געווען אַזוי אויסגעצייכנט, אַז מען האָט אים אינגאַנצן באַפרייט פון די מינדלעכע עקזאַמענס — דער גרעסטער כבוד פאַר אַ סטודענט.

נאָך אַ פּאָר יאָר אין דער בערלינער אוניווערזיטעט זעצט ער פאָר זיין שטודיום אין דער ווירצבורגער אוניווערזיטעט, אָבער ניט אויף דעם חשבון פון אידישע לימודים, און באַקומט דעם טיטול „דאָקטאָר דער פילאָזאָפיע" מיט דער העכסטער אויסצייכענונג.

ד"ר ראַזמארין הויבט דאַן אָן זיך צו באַטייליקן מיט צענדליקער אַרטיקלען וועגן תנ"כ'ישע פּערזענלעכקייטן אין דעם ליכט פון דער אגדה'שער ליטעראַטור אין דעם נייענטן און צענטן באַנד פון דער „ענציקלאָפּעדיאַ יודאאיקאַ", וואָס איז דערשינען אין בערלין. צו גלייכער צייט שרייבט ער אויך אַרטיקלען אין דער דייטש-אידישער פּרעסע.

אין צווישן דערשיינט ד"ר ראַזמאַרין'ס וויסנשאַפטלעך ווערק „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה", אַ ביאָגראַפיע פון משה רבינו, אין דייטש, באַזירט אויף תלמוד און מדרש. צענדליקער פאַך-געלערנטע האָבן וועגן דעם בוך געשריבן מיט די גרעסטע לויב געזאַנגען. צווישן זיי:

פּראָפעסאָר בערנאַרד העלער פון בודאַפּעסט אין זיין רע־צענזיע אין דער „מאָנאַטסשריפט פיר געשיכטע און וויסענשאַפט דעם יודענטומס", וואָס דער ברעסלויער ראַבינער סעמינאַר האָט אַרויסגעגעבן, שרייבט צווישן אַנדערעס: „ . . . דורכאַאוס זעלבסט־שטענדיג, און פינדעט זעלבסט ביי (פּראָפעסאָר) לואיס גינצבורג מאַנכעס צו בעריכטיגען; איך האַבע איין דוצענד בעריכטונגען געציילט, די ער פאַרנעהמערוווייזע נור אַלס פערבעסערונגען פאָן דרוקפעהלערן בעצייכנעט . . . "

פּראָפעסאָר שמואל קרויס וועלכער האָט געשריבן צוויי רעצענזיעס אין צוויי באַזונדערע וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן שרייבט אין Orientalni Ustav v Praze צווישן אַנדערעס, אין דייטש: „איינע ניצליכע אַרבייט געלייסטעט . . . עררייכטע פאָלשטענדיג־קייט . . . פאָרציגליכעס סיסטעם . . . דער פערפאַסער פאַרשטעהט זיינע קוועלן פאָרציגליך".

פּראָפעסאָר פּאָל פיעביג אין Theologische Literature Zeitung שרייבט צווישן אַנדערעס: „ . . . איין בילד פאָן מאָזעס ענטשטאַנדען, דאַס פיעלעס אינטערעסאַנטע ביעטעט אונד איינע רייכע פונדגרובע דאַרשטעלט . . . "

דער איזראַעליט: „. . . אונגעהוירע פלייסיגע אַרבייט . . . מאַן מוז דיעזעס שאַפען אַנערקענען . . . איינע אַבגערונדעטע ביאָגראַפיע דעם מאַזעס . . . "

איזראַעליטישעס פאַמיליענבלאַט: „. . . די ווערטפולע אַרבייט גיבט איין וואונדערפאַל בילד פאַן מאַזעס . . . "

פראַנקפורטער איזראַעליטישעס געמיינדעבלאַט:
„. . . ערשטאַאונליכע פולע דעם מאַטעריאַלס . . . דאַס לעבען און שיקזאַל מאַזעס' איינדרוקספאַל געשילדערט . . . "

יידישע שולצייטונג: „. . . דער געלעהרטע פּערפאַסער, שעפּפענד אַאוס אונענדליך פיעלען קוועלען, האַט אונז . . . איין קלאַרעס בילד דעם לעהרערס געגעבען. די שפּראַכע רעכט פליסיג".

יידיש-ליבעראַלע צייטונג: „. . . מיט גרויסער געלעהר-זאַמקייט איזט אַלעס . . . איבער מאַזעס . . . צו איינער איינהייט-ליכען ערצעהלונג צוזאַמענגעפאַסט וואָרדען . . . "

פּראָפעסאָר טשאַרלס סי. טאָררי: „אַ פאַרזיכטיגע זאַמ-לונג . . . קלאָר און לייענבאַר . . . ניצליכע פוס-נאָטען . . . אַ פאָלשטענדיגע ביאָגראַפיע".

פּראָפעסאָר ר. פּ. דאָהערטי: „זעהר פולשטענדיג . . . שטיצט די דיסקוסיעס און בעשלוסען מיט די ריכטיגע רעפערענצען".

פּראָפעסאָר חיים טשערנאָוויץ (רב צעיר): אַ ווערטפולע לייסטונג.

פּראָפעסאָר משה שאָר, הויפּט ראַבינער פון ווארשע האָט געשריבן: „נמטיה אפריון לפועלא טבא", *).

פּראָפעסאָר ישראל דאַווידזאָהן: . . . ערשעפּט אַלע קוועלען אויף דעם געגענשטאַנד.

פּראָפעסאָר לואיס (לוי) גינצבורג: „. . . איר מאַזעס מאַכט אירעם דרוקער עהרע, אונד ווי איך אינען מינדליך זאַגטע 'תוכו כברו . . .' "

נחום סאָקאָלאָוו: אַ פיין בוך . . .

דר. סאַירעס (כורש) אַדלער: . . . אַ ווערטפול בוך.

דר. ה. ענעלאָו: . . . אַ וויסנשאַפטליכע לייסטונג . . . אינטערעסאַנט און אַנרייגענד.

---

*) זעט ענדע בבא מציעא.

פּראָפעסאָר ש. י. פייגין פון דער שיקאַגאָר אוניווערזיטעט האָט אָנגעוויזן אין „הדאר" אַז דאָס ווערק דאַרף איבערגעזעצט ווערן אויף העברעאיש און געלערנט ווערן אין די שולן.

י. י. וואַהל האָט אָנגעוויזן אין „צוקונפט" צווישן אַנדערעס אַז „סטיליסטיש שטייט עס העכער אַפילו פון עדמונד פלעג'ס (באַוואוסטער פראַנצויזיש-אידישער שריפטשטעלער) בוך וועגן משה רבינו.

פרץ וויערניק אין „מאָרגען זשורנאַל": „. . . אַ העכסט באַלערנד און אינטערעסאַנט אָנגעשריבן ווערק . . ."

דר. דזשאָרדזש אַלכסנדר קאָהוט: . . . אַ וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. אויך סטיליסטיש איז עס אַ פיינער ביטראַג.

ענלעכע רעצענזיעס זיינען דערשינען אין: זונטיקדיקער ניו יאָרק טיימס, אַמעריקען דזשוירנעל אָף סעמיטיק לענגוויטשעס ענד ליטעראַטור, דהי דזשוירנעל אָף רעלידזשאַן, דזשואיש קראַניקל (לאָנדאָן, ענגלאַנד), אוצר החיים (פּראַג), און אין אַנדערע וויסנ-שאַפטלעכע און אַלגעמיינע זשורנאַלן.

צוריק-קומענדיק אין אַמעריקע לאַדט דזשייקאָב דע-האַאַז איין ראַזמאַרין'ען אַלס מיטאַרבעטער פון דער „ענציקלאָפּעדיע אָף דזשואיש נאַלעדזש", וואָס ער האָט אַרויסגעגיבן. צו גלייכער צייט הויבן אָן דערשיינען ד"ר ראַזמאַרין'ס אַרטיקלען אין די אידישע טעגלעכע צייטונגען, וועכנטלעכע, מאָנאַטלעכע זשורנאַלן אין אַמעריקע, קאַנאַדע און זיד-אַמעריקע, אין מאַנכע העברעאישע אויסלענדישע צייטונגען, און אין כמעט אַלע ענגליש-אידישע זשורנאַלן. פילע פון זיי זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין אַנדערע שפּראַכן. ער האָט אויך אָנגעפירט מיט דעם באַרימטן קאָלום „פראַגן און ענטפערס", וואָס איז דערשינען יעדער טאָג אין „מאָרגען זשורנאַל", און מיט דעם וועכנטלעכן אַרטיקל „לכבוד שבת" אין „אַמעריקאַנער", אויף דער סדרה פון דער וואָך.

באַהערשנדיק דאָס געוואַלדיק ברייטע מדרש געביט, פאַר-ענדיקט ראַזמאַרין אינצווישן אַ ווערק אין העברעאיש, וואָס באַהאַנדלט יעדע תנ"כ'ישע פערזענלעכקייט, פּאַסירונג און מאָטיוו אין דעם ליכט פון דער אגדה-ליטעראַטור. דאָס איז אַ קאָלאָסאַל ווערק וואָס וועט אַנטהאַלטן פילע גרויסע בענדער. אויסער דעם האָט ער פאַרטיק אַן ענגלישע איבערזעצונג פון רש"י אויף תורה, וואָס אַנטהאַלט אויך פילע אייגענע חידושים, און נאָך אַנדערע וויסנשאַפטלעכע כתבי יד, מאַנוסקריפּטן.

ד״ר ראַזמאַרין, וועלכער איז אגב אַ מוסמך, אָבער וויל ניט אָננעמען אַ רבנישע שטעלע, איז ניט גלאַט אַ בוך-וואָרעם. ער איז נישט פון יענע געלערנטע וועלכע לעבן זיך אויס אין די אַלטע עפּאָכעס פון זייערע ספּעציעלע געביטן. זיין ספּעציאַליטעט איז טאַקע די אגדה׳שע ליטעראַטור, און וועלכער ער איז ממש פאַרליבט. ער איז איבערצייגט אַז ווען די ברייטע אידישע מאַסן זאָלן זיין באַקאַנט מיט אונזער מדרש-ליטעראַטור, באַזונדערס מיט איר עטישן טייל, וואָלטן פילע פון אונז היינט צו טאָג געווען שטאָלצערע אידן. אָבער אין דער זעלבער צייט נעמט ער אַן אַקטיוון אַנטייל אין די אידישע קעגנוואַרטיקע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען.

זייענדיק אַ הייסער אָנהענגער פון אַ רעליגיעז ארץ ישראל, האָט ער פאַרעפנטליכט אין דער ענגליש-אידישער פּרעסע „אַן אָפענעם בריוו צו ענגלאַנד״, ווען די פּיל-קאָמיסיע האָט פאַר-געשלאָגן איר טרויעריק באַרימטן חלוקה-פּלאַן. קיין קלענערע ווי לאָיד דזשאָרדזש, לאָרד מעלטשעט, לאָרד סעמועל, דער דעמאָל-טיקער קאָלאָניאַל מיניסטער אָרמסבי גאָר *), דער אַרטשבישאָפּ פון קענטערבורי, דער סעקרעטאַר פון דער „ליג אָף ניישאָנס״, דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקע, און אַנדערע, האָבן אים געשריבן אַז זיי האָבן „שטודירט״ זיין אַרטיקל. מאַדאַם פּיל, די פרוי פון לאָרד פּיל, פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע, האָט אים געשריבן, אַז דער לאָרד וועט שטודירן דעם אַרטיקל אַזוי שנעל ווי ער וועט אויפשטיין פונעם קראַנקן בעט, אָבער ווי באַוואוסט איז ער געשטאָרבן.

ד״ר ראַזמאַרין איז אַ הייסער קעמפער פאַר אַ שטאַרק רעליגיעז-נאַציאָנאַל אידישקייט. זיין איבערצייגונג איז אַז ווען דאָס אידישע פאָלק זאָל פירן אַ שטרענג רעליגיעז לעבן פּראַקטיש, און זיין באַקאַנט מיט די רעליגיעזע לערעס פון דעם אידנטום, וואָלט דאָס געדינט אַלס בעסטער שוץ פאַר אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק און גלייכצייטיק אַלס שטאַרקסטע וואָפן קעגן אַנטיסעמיטיזם אין אַלע זיינע פאָרמען. זיין שיטה איז אַז אַ אידיש לעבן געבויט אויף אַ פּאָזיטיוון, רעליגיעזן פונדאַמענט איז דער שטאַרקסטער פּאַנצער קעגן אונזערע אינערע און אויסערע קעגנער. זיין אַנשויאונג איז, אַז אַ אידיש לעבן וואָס איז ניט דער רעזולטאַט פון דער נאָבעלער, פּאָזיטיווער אידעאָלאָגיע פון אידישקייט, אַ אידישקייט וואָס רוט בלויז אויף „קעגן-אַנטי-סעמיטיזם״ אַנשטאָט אויף „פּאָר-אידישקייט״, אַ אידישקייט וואָס שיילט זיך אַרויס פון פאַרפאָלגונגען, אַ אידישקייט וואָס איז אַ

*) איצט ענגלישער אַמבאַסאַדאָר דאָ אין אַמעריקאַ.

קינד פון קאָנצענטראַציע-לאַגער, אַזאַ אידישקייט איז אַן אומ-נאָרמאַלע דערשיינונג, און איז במילא געפערלעך פאַר דער עקזיס-טענץ פון אונזער פאָלק אלס אַ אידיש פאָלק.

אַט דאָס דערקלערט טאַקע פאַר וואָס ד״ר ראַזמאַרין איז פון די ערשטע קעגנער פון דער אַזוי-גערופענער „גוד-וויל" באַוועגונג. זיין צוגאַנג איז אַ גאַנץ פּשוט'ער, אָבער אַ געזונט-לאָגישער. זיין אַרגומענט איז אַז ווען אַ ראַביי „פּרעדיגט" אין אַ קלויסטער און לאָדט איין זיינע „צאַן קדשים" אים צו הערן, האָט ער ניט דעם מוט צו ריידן וועגן דער שיינקייט פון אידישקייט. אָנשטאָט דעם זינגט ער לויב-געזאַנגען, אַז דער „אותו האיש" איז געווען אַזוינס און אַזעלכעס. שפּעטער לאָדט דער ראַביי איין דעם גלח צו ריידן אין זיין סינאַגאָג. און יענער, פאַרשטייט זיך, האַלט אין איין באַווייזן, אַז „אותו האיש" איז געווען אַ גרויסער נביא און אַ איד דערצו. די „צאַן קדשים" הערן סיי פון זייער ראַביי און סיי פון דעם גלח אַז „אותו האיש" איז געווען איינס אין דער וועלט, איז צו וואָס גלויבן אין תורת משה און ווערן געיאָגט און געפּלאָגט. עס איז דאָך שוין בעסער צו גלויבן אין אים און זיין אַ מענטש מיט לייטן גלייך.

ד״ר ראַזמאַרין'ס מוטיקער קאַמף קעגן „גוד-וויל" איז גענוג באַקאַנט פון זיין קאַמף קעגן שעכטערס סעמינאַר פאַר איינלאַדן „גוד-וויל" גלחים און מיסיאָנערן. און ווען די סעמינאַר ראַביים האָבן אַרויסגעגעבן קעגן אים אַ פּאַמפלעט אין אידיש און העברעאיש, האָט, פאַרשטייט זיך, ראַזמאַרין געענטפערט מיט אַ פּאַמפלעט, וואָס ווימלט אַגב מיט בקיאות, און אַנגעוויזן אַז זיי שלאָגן ניט אָפּ אפילו איינע פון זיינע באַשולדיגונגען.

אלס רעזולטאַט פון זיין איבערצייגונג אַז נאָר אַ פונדאַ-מענטאַל פּאָזיטיוו-רעליגיעז-נאַציאָנאַל לעבן איז דאָס איינציקע מיטל פאַר אַ געזונטע און דויערהאַפטע אידישע עקזיסטענץ, און דאָס קען דערגרייכט ווערן נאָר דורך באַקענען זיך מיט דער אידישער רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער ליטעראַטור, האָט ד״ר ראַזמאַרין אויף זיך גענומען צו פאַרעפנטלעכן אַ רייע ביכער אין אידיש, העברעאיש און ענגליש, וועלכע וועלן העלפן דעם לייענער זיך באַקענען מיט דער שיינקייט פון דער אידישער לערע און עטיק *).

---

*) לעצטנס זיינען דערשינען ראַזמאַרין'ס ווערק: „די שעהנקייט פון אידענטום" אין אידיש, און Golden Rules אין ענגליש, וועלכע באַהאַנדלען אַזעלכע וויכטיקע טעמעס ווי: אמת און ליגן, אויפריכטיקייט און חנופה, לשון הרע, ליבשאַפט און פיינטשאַפט, רחמנות און גרויזאַמקייט, גמילות חסדים און פראַצענט, צדקה, פאַרגינען

און זאָל דאָ צוגעגעבן ווערן אַז אַ פֿאָלק וואָס האָט געגעבן דער וועלט אַזאַ נאָבעלע, עטישע לערע נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק, ווען די היינטיקע אַזוי־גערופענע ציוויליזירטע פֿעלקער זיינען נאָך געווען ווילדע באַרבאַרן, אַזאַ פֿאָלק מוז און וועט ענדלעך זיגן איבער אַלע זיינע אינערלעכע און אויסערלעכע שונאים. אַזאַ פֿאָלק, ווי ישראל סבא, וועט זיכער איבערלעבן זיינע איצטיקע שונאים, פּונקט ווי עס האָט איבערגעלעבט זיינע המן'ס, היטלערס. וואָרום, אַן אינטענסיוו־רעליגיעז אידיש לעבן, טעאָרעטיש און פּראַקטיש, באַזירט אויף תורה, נביאים, תלמוד, מדרש, ראשונים און אחרונים און אידישער עטיק, איז די שטאַרקסטע און בעסטע גאַראַנטיע פֿאַר אַ געזונטע, דויערהאַפֿטע עקזיסטענץ פֿון דעם אידישן פֿאָלק אַלס אַ אידיש פֿאָלק.

---

און מקנא זיין, אַכטן און באַליידיגן, באַשיידנקייט און חוצפּה, געדולד און אויפרעגונג, איינינקייט און צעשפּליטערטקייט, בילדונג און איגנאָראַנץ, לערער און פירער, אַרבעט, אַרבעטער און אַרבעטסגעבער, דער סטאַטוס פֿון דער אידישער פֿרוי, דעמאָקראַטיע, קריג און פֿרידן. „לכבוד שבת"; „געדאַנק און חכמה"; „אהרן ראָזמאַרין'ס תנ"כ־ענציקלאָפּעדיע", פּערזענלעכקייטן, באַנד א; "Do You Know This One?".

ד"ר ראָזמאַרין האָט געגרינדעט דעם מאָנאַטלעכן זשורנאַל „דהי דזשואיש ספּעקטייטאָר" וועלכן ער האָט רעדאַקטירט אַ צענדליק יאָר. ער האָט אויך געגרינדעט די וואָכנצייטונג „דער איד" וועלכע איז באַרימט געוואָרן דורך זיין קעמפן פֿאַר אַ רעליגיעז אידיש לעבן אין אַמעריקא, און פֿאַר אַן ארץ ישראל על פּי תורת ישראל, זי רעדאַקטירט דריי יאָר, ביז זי איז איבערגעגאַנגען אין אַנדערע הענט.

ד"ר ראָזמאַרין פֿירט אָן וועכנטלעך מיט צוויי פּראָגראַמען אויף דער ראַדיאָ WEVD: — אַ פּראַגעס און ענטפֿער פּראָגראַם, די סדרה פֿון דער וואָך, און מיט דער „אום פּאָבלישינג קאָמפּאַני" וועלכע האָט שוין אַרויסגעגעבן עטליכע צענדליק וויכטיקע ספרים און ביכער.

# די וויכטיקייט פון שבת

(צוליב דער וויכטיקייט פון שבת דרוק איך אין מיינע אלע אידישע ביכער דעם דאזיקן ארטיקל)

**פונקט** ווי דאס סאציאלע לעבן פאדערט געוויסע פארמען פון עטיקעטע, געוויסע קאנווענציאנעלע אויפפירונגען, אזוי אויך פארמאגט אונזער רעליגיע א רייע פון מצוות מעשיות, מנהגים און רעליגיעזע צערעמאניעס וועלכע רעגולירן דאס אידישע רעליגיעזע און נאציאנאלע אלטעגלעכע לעבן. ווען א איד דאווענט, איז אפילו ווען ער פארגייט זיך אין העכסטער התלהבות, בלייבט עס דאך פאר אים בלויז אן אבסטראקטע פארמע פון רעליגיעזן אויסלעבן זיך. דאגעגן אבער ווען ער איז מקיים א מצוה, פירט דורך א רעליגיעזן מנהג, איז עס פאר אים א קאנקרעטע זאך. ער טאפט עס ממש אן מיט די הענט.

זייענדיק אן אלט פאלק, און די ערשטע וועלכע האבן פראקלאמירט דעם מאנאטעאיסטישן גלויבן, דעם גלויבן אין **אחד**, זיינען אונזערע מצוות שוין אלט טויזנטער יארן. און אונזערע מצוות מעשיות, מנהגים און רעליגיעזע צערעמאניעס זיינען ניט גלאט סימבאלן וועלכע דריקן בלויז אויס אונזערע רעליגיעזע געדאנקען און געפילן, נאר זיי העלפן אויך דעם מענטשן צו לעבן רעליגיעז. און שבת איז איינער פון די פונדאמענטאלע זיילן פון אונזער רעליגיעזן און נאציאנאלן לעבן. שבת איז איינער פון די שטארקסטע רינגען אין אידישקייט.

אויב מיר ווילן עקזיסטירן אלס א **אידיש** פאלק מוזן מיר אפהיטן שבת. אהן שבת קען קיין אידיש פאלק זיין, פונקט ווי עס קען ניט זיין א שבת אהן א אידיש פאלק. ווארום שבת איז דער צענטראלער פונקט פון דער גאנצער תורה, פון דעם גאנצן רעליגיעזן און נאציאנאלן לעבן. דער פאקט וואס „בשבת ניתנה תורה לישראל" א), אז שבת איז די תורה געגעבן געווארן די אידן, באווייזט אז שבת איז דער עיקר פון אלע עיקרים אין דער אידישער רעליגיע.

שבת איז אזוי אלט ווי בריאת העולם, ווי דער וועלט־באשאף. און דער באשעפער פון דער וועלט איז געווען דער

---

א) שבת פו, ב.

ערשטער שומר שבת. דערציילט אונז דאָך די תורה, אַז אין זעקס טעג האָט דער אַלמעכטיקער באַשאַפן די וועלט, און דעם זיבעטן טאָג האָט ער גערוט ב). אַז דער אַלמעכטיקער האָט אָנערקענט שבת אַלס דעם טאָג פון רו, קען מען אויך זען דערפון וואָס שבת איז קיין מן אַרונטערגעפאַלן פונעם הימל ג). און ניט נאָר איז אָפּהיטן שבת איז שוין אויך אַזוי אַלט ווי דאָס אידישע פאָלק. האָט דאָך שוין אברהם אבינו מקיים געווען די גאַנצע תורה, אַפילו עירובי תבשילין און עירובי חצירות, און אַפילו אַ „מצוה קלה שבעל פה" ד), אַ לייכטע מצוה וואָס ווערט ניט אויסדריקלעך דערמאָנט אין דער תורה. זאָגן דאָך די חכמים ז"ל בפירוש אַז יעקב אבינו האָט אָפּגעהיט שבת „קודם שניתן" ה), נאָך איידער ער איז געגעבן געוואָרן. אויך די אידן אין מצרים האָבן אָפּגעהיט שבת. ווען משה, וועלכער איז דערצויגן געוואָרן אין דעם עגיפּטישן קעניגס הויף, איז אונטערגעוואַקסן, און ער האָט צום ערשטן מאָל דערזען ווי שווער די אידן שקלאַפן אין מצרים, האָט ער אַפּעלירט צו פרעה'ן ער זאָל זיי באַווילינגן אַ רו־טאָג יעדע וואָך, און ער האָט באַשטימט שבת אַלס דעם טאָג פון רו ו).

נאָך מער, לויט די חכמים ז"ל איז די מצוה פון שבת געגעבן געוואָרן די אידן נאָך פאַר מתן תורה. ווען די אידן זיינען אַריבער דעם ים־סוף, האָבן מאַרשירט דריי טעג אין דער מדבר שור און זיינען אָנגעקומען קיין מרה, זיינען זיי דאָרט געבאָטן געוואָרן אָפּצוהיטן שבת ז). זיינען דאָך די הייליקייט פון שבת און די מצוה פון אָפּהיטן שבת פּראָקלאַמירט געוואָרן אין די עשרת הדברות ח). און ניט נאָר הייסט אונז די תורה רוען שבת, נאָר „שבת הוא לד' בכל מושבותיכם" ט), וואו אַ איד זאָל זיך געפינען דאַרף ער אָפּהיטן שבת. האַלט טאַקע די תורה אין איין וואָרענען: „את שבתותי תשמורו", מיינע שבתות

---

ב) בראשית ב, ב—ד; שמות לא, יז.

ג) שמות טז, כב—ל.

ד) יומא כח, ב; קידושין פב, א; תנחומא לך לך; בראשית רבה פרשיות מט, סד, צה.

ה) בראשית רבה פרשה עט.

ו) שמות רבה פרשה א, פרשה ה.

ז) זעט: שמות טו, כה און רש"י דאָרט; שבת פז, א—ב; סנהדרין נו, ב.

ח) שמות כ, ח—יב; דברים ה, יב.

ט) ויקרא כג, ג.

זאָלט איר אָפּהיטן, „ושמרתם את השבת" י), און היט אָפּ דעם שבת. און ניט נאָר טאָר מען שבת טאָן קיין מלאכה, נאָר אפילו דאָס בית המקדש מעג מען ניט בויען שבת כ). רוט דאָך אפילו דער סמבטיון שבת ל). שבת איז דער אייביקער אָפּמאַך אויף אַלע דורות, צווישן דעם וועלט-באַשעפער און ישראל סבא מ), דעם אַלטן ישראל. און פונקט ווי יום הכפורים, דער הייליקסטער און פאַרכטיקסטער טאָג פון יאָר, ווערט אויך שבת באַצייכנט אַלס „שבת שבתון" נ), דער שבת פון די שבת'ן.

פאַר אַזוי וויכטיק האָבן די אידן אין משך פון אַלע דורות באַטראַכט שבת, אַז אפילו די יעניגע וועלכע האָבן ניט אַזוי שטאַרק מדקדק געווען, זיינען ניט געווען אַזוי פּאַרטיקלע, אין אָפּהיטן די פאַרשידענע אַנדערע מצוות, האָבן זיי דאָך ניט פאַרשוועכט שבת ס). דער נביא ירמיהו וואָרנט אַז דאָס פאַרשוועכן שבת וועט פירן דערצו אַז ירושלים וועט חרוב ווערן ע). און אונזערע חכמים ז"ל זאָגן טאַקע „לא חרבה ירושלים אלא בשביל שחללו בה את השבת" פ), אַז ירושלים איז חרוב געוואָרן נאָר דערפאַר ווייל מען האָט דאָרט פאַרשוועכט דעם שבת. אָבער אַזוי ווי אונזער רעליגיע באַטראַכט דעם מענטשנס לעבן פאַר זעהר טייער, איז טאַקע „פקוח נפש דוחה שבת" צ). אינעם פאַל ווען אַ מענטש איז קריטיש קראַנק, מעג מען, אונטער געוויסע אומשטענדן, פרעגנדיק פריער אַ פרומען רב, מחלל שבת זיין.

די „קעניגין" און די „כלה" שבת ק) איז געגעבן געוואָרן די אידן אַלס „מתנה טובה". דער אַלגעגנוואַרטיקער האָט געזאָגט צו משה'ן: „מתנה טובה יש לי בבית גנזי ושבת שמה ואני מבקש ליתנה לישראל, לך והודיעם" ר), איך האָב אין מיינע אוצרות אַ גוטע מתנה, איר נאָמען איז שבת, און איך וויל זי געבן דעם פאָלק ישראל, גיי און זאָג זיי. און געגעבן געוואָרן איז

---

י) זעט שמות לא, יג—יז.
כ) יבמות ו, א; זעט אויך שבת מט, ב.
ל) בראשית רבה פרשה יא.
מ) שמות לא יג—יז.
נ) שמות לא, טו; ויקרא כג, ג.
ס) זעט: ישעיה א, יג; עמוס ח, ה.
ע) ירמיה יז, כז; יחזקאל כ.
פ) שבת קיט, ב; זעט יחזקאל כב, כו.
צ) מכילתא תשא; יומא פה, א.
ק) שבת קיט, א.
ר) שבת י, ב; ביצה טז, א.

שבת „בצנעא״, שטילערהייט, אָהן טאַראַראַם, אָהן „פּובליסיטי״ ש).
און ווען שבת האָט זיך באַקלאָגט פאַר דעם באַשעפער פון דער וועלט פאַר ניט האָבן אַ בן־זוג, האָט דער אויבערשטער געענטפערט: „כנסת ישראל היא בן זוגך״ ת), דאָס פאָלק ישראל איז דיין חתן.

אויסער דעם וואָס „שכל מי שמשמר את השבת מרוחק מן העבירה״ א), אַז ווער עס היט אָפּ שבת ווערט דערווייטערט פון דער עבירה, פאַרמאָגט שבת אין זיך די אייגנשאַפט וואָס עס איז „מוספת קדושה על ישראל״ ב), עס מאַכט אידן הייליקער. און געגעבן געוואָרן איז שבת בלויז צוליב דעם צוועק אַז מען זאָל פאַרברענגען דעם טאָג אין לערנען ג). און כאָטש דער צוועק פון שבת איז צוליב גייסטיקן פאַרגעניגן, דאַרף מען אָבער גלייכצייטיק ניט איגנאָרירן דעם פיזישן עונג שבת. אדרבה, מען דאַרף עסן און טרינקען פון דעם שענסטן און בעסטן ד), און ווייך דאַרף אויך זיין דערביי ה). אָט זעען מיר, צום ביישפּיל, ווי קיין קלענערער ווי שמאי הזקן האָט שטאַרק מקפיד געווען צו קויפן דאָס בעסטע פלייש אויף שבת. „מצא בהמה נאה אומר זו לשבת, מצא אחרת נאה הימנה מניח את השניה ואוכל את הראשונה״ ו), אַז ער האָט געפונען אַ שיינע קו, האָט ער זי געהאַלטן אויף שבת. האָט ער געפונען אַ שענערע פון איר, פלעגט ער איבערלאָזן די צווייטע אויף שבת און עסן די ערשטע.

און אַז עס לוינט זיך, קען מען זען פון פאָלגענדען: ר׳ חייא בר אבא האָט אַמאָל געהאַלטן שבת ביי אַ בעל הבית אין לודקיא. האָט מען סערווירט טייערע עסנס און געטראַנקען אין קאָסטבאַרע, גאָלדענע און זילבערנע כלים. האָט ר׳ חייא אַ פרעג געטאָן: בני, במה זכית? „מיין קינד, פאַר וועלכע מעשים טובים האָסטו דאָס זוכה געווען?״ האָט דער בעל הבית געענטפערט: „איך בין געווען אַ קצב, פלעג איך האַלטן די בעסטע בהמה אויף שבת״ ז).

זיינען מיר דאָך געבענטשט שבת מיט אַ נשמה יתירה ח),

---

ש) ביצה טז, א.

ת) בראשית רבה פרשה יא.

א) מכילתא בשלח, הוצאת אום.

ב) מכילתא תשא.

ג) ירושלמי שבת פרק טו, הלכה ג; זעט פסיקתא רבתי סוף פיסקא כג.

ד) שבת קיח, ב; דברים רבה פרשה ג.

ה) פסחים קו, א.

ו) ביצה טז, א.

ז) שבת קיט, א.

ח) ביצה טז, א.

האָט טאַקע שבת דאָס עסן אַ גאָר באַזונדערן טעם. און עס איז כדאי צו דערמאָנען אַז אַ קיסר האָט אַמאָל געפרעגט רבי יהושע בן חנניא: „מפני מה תבשיל של שבת ריחו נודף? אמר לו תבלין אחד יש לנו ושבת שמו, שאנו מטילין לתוכו וריחו נודף. אמר לו תן לנו הימנו, אמר לו כל המשמר את השבת מועיל לו ושאינו משמר את השבת אינו מועיל לו" ט) — פאַרוואָס האָט דאָס שבת'דיקע עסן אַזאַ באַזונדערן געשמאַק? האָט ער אים געענטפערט: מיר האָבן אַזאַ מין „פּאַטראָווע" וועלכע הייסט שבת, טוען מיר דאָס אַריין אין עסן, און דאָס גיט עס אַ ספּעציעלן געשמאַק. זאָגט ער צו אים: גיב אונז אַביסל דערפון. האָט ער אים געענטפערט, אַז ווער עס היט אָפּ שבת העלפט עס, און ווער עס היט ניט אָפּ שבת, העלפט עס ניט. נאָך מער, „כל המקיים שלש סעודות בשבת ניצול משלש פורעניות: מחבלו של משיח, ומדינה של גיהנום, וממלחמת גוג ומגוג" י). נעמלעך, ווער עס איז מקיים שבת די מצוה פון „שלוש סעודות", ווערט געראַטעוועט פון דריי אומגליקן: פון די משיח-ווייען, פון דעם גיהנום, און פון דער גוג ומגוג מלחמה.

שבת דאַרף מען זיך קליידן ריין און שיין כ). „צריך אדם להיות לו שני עטפים, אחד לחול ואחד לשבת" ל), אַ מענטש דאַרף האָבן צוויי גאַרניטורן, אַ וואָכעדיקן און אַ שבת'דיקן. זאָגן דאָך די חכמים ז"ל אַז „כל מזונותיו של אדם קצובים לו מראש השנה ועד יום הכפורים, חוץ מהוצאת שבתות..." מ), דעם מענטשנס גאַנצע פּרנסה ווערט באַשטימט צווישן ראש השנה און יום הכפור, אויסער די אויסגאַבן וועלכע אַ מענטש דאַרף אויף שבת. נאָך מער, „כל המענג את השבת נותנין לו נחלה בלי מצרים" נ), „נותנין לו משאלות לבו" ס), ווער עס פאַרשאַפט דעם שבת פרייד, דעם גיט מען אומבאַשרענקט רייכקייט. מען גיט אים אַלץ וואָס זיין האַרץ פאַרלאַנגט. איז דאָך עונג שבת אַ זעכציקסטל פון עולם הבא ע).

וואָרום נאָר דאַן ווען מען היט אָפּ שבת ווי עס באַדאַרף

ט) שבת קיט, א.
י) שבת קיח, ב.
כ) שבת קיג, א; דברים רבה פרשה ג.
ל) רות רבה פרשה ה. פאַרגלייכט: ירושלמי פאה פרק ח, הלכה ז; תנחומא בראשית ב; פסיקתא דעשרת הדברות; שאילתות דרב אחאי גאון אָנהויב בראשית.
מ) ביצה טז, א.
נ) שבת קיח, א.
ס) שבת קיח, ב.
ע) ברכות נז, ב.

צו זיין, קען מען האָבן אַן אמת'ע גייסטיקע הנאה פון אידיש־קייט. און דער נביא שרייט אויס: „אם תשיב משבת רגלך, עשות חפציך ביום קדשי וקראת לשבת עונג... אז תתענג..." פּ), אז דו וועסט רוען שבת, פירן קיין געשעפטן, און פאַרוואַנדלען שבת אין אַן עונג שבת, דאַן וועסטו געפינען פרייד אין דעם אויבערשטן.

אזוי גרויס און וויכטיק איז דער כוח פון שבת אז „כל המשמר שבת כהלכתה, אפילו עובד עבודה זרה כדור אנוש מוחלין לו" צ), ווער עס היט אָפּ שבת ווי עס באַדאַרף צו זיין, אפילו ווען ער איז זינדיק ווי דער דור אנוש, איז מען אים מוחל. נאָך מער, „אלמלי משמרין ישראל שתי שבתות כהלכתן, מיד נגאלין" ק), ווען דאָס אידישע פאָלק זאָל אָפּהיטן צוויי שבת'ן ווי' עס באַדאַרף צו זיין, וואָלטן זיי באַלד אויסגעלייזט געוואָרן. און „אילו היו ישראל משמרין שבת אחת כתיקונה, מיד היה בן דוד בא" ר), ווען אידן זאָלן אָפּהיטן איין שבת ריכטיק, וואָלט משיח בן דוד געקומען. איז דאָך שבת גלייך צו אַלע מצוות ש). זאָגן דאָך אונזערע חכמים ז"ל אַז דער אויבערשטער זאָגט: „אם תזכו לשמור שבת, מעלה אני עליכם כאלו שמרתם כל המצוות שבתורה" ת), ווען איר זאָלט זוכה זיין אָפּצוהיטן שבת, וועל איך דאָס באַטראַכטן גלייך ווי איר וואָלט אָפּגעהיט אַלע מצוות פון דער תורה.

און וויל מען ווירקלעך פאַרשטיין די גרויסע באַדייטונג, די אומגעהויערע וויכטיקייט פון אָפּהיטן שבת, קען מען דאָס אפשר אַמבעסטן זען פון דעם שלאַגיקן זאָג פון אונזערע חכמים ז"ל, אַז ווער עס היט אָפּ שבת איז „כאילו עשה את השבת" א), איז גלייך ווי ער אַליין האָט באַשאַפן דעם שבת.

און טאַקע דערפאַר וואָס שבת איז אַזוי וויכטיק פאַר דעם פאָלק ישראל'ס אייביקער עקזיסטענץ אַלס אַ אידיש פאָלק, האָט שבת געהאַט אויסצושטיין ניט ווייניקער פאַרפאָלגונגען ווי דאָס אידישע פאָלק גופא. אומצייליקע מאָל האָבן די שונאי ישראל, די אידישע פיינט, פאַרבאָטן די אידן אָפּצוהיטן שבת ב). זייענדיק

---

פּ) זעט ישעיה נח, יג—יד.

צ) שבת קיח, ב.

ק) שבת קיח, ב.

ר) ירושלמי תענית פרק א, הלכה א; שמות רבה פרשה כה.

ש) ירושלמי נדרים פרק ג, הלכה ט; שמות רבה פרשה כה.

ת) שמות רבה ענדע פרשה כה.

א) מכילתא תשא.

ב) זעט צום ביישפיל ראש השנה יט, א; מעילה יז, א.

אָבער, איבערצייגט אַז שבת און אידנטום זיינען נשמה און גוף, אַז אָהן שבת קען דאָס אידישע פאָלק ניט אָטעמען, האָבן אידן אין אַלע דורות ממש מקריב געווען, געאַפּפערט, זייערע לעבנס פאַר אָפּהיטן שבת.

אונזער רעליגיע איז דאָך דער איינציקער באַנד וועלכער האַלט צוזאַמען אַלע אידן פון דער גאַנצער וועלט. אַנדערע פעל־קער זיינען פאַרבונדן דורך זייער לאַנד, רעגירונג, שפּראַך. אָבער מיר אידן, צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע ווינקעלעך פון דעם ערד קוגל, אומעטום אַ קליינע מינאָריטעט, זיינען ניט פאַרבונדן איינער מיט דעם אַנדערן דורך פיזישע מיטלען. מיר ריידן כמעט אַזויפיל שפּראַכן וויפל לענדער עס זיינען פאַראַן אויף דער וועלט. געאָגראַפיש זיינען מיר אויך ניט פאַרבונדן. רעליגיע איז דאָס איינציקע וואָס פאַרבינדט דאָס גאַנצע וועלט אידנטום. און שבת איז דער שטאַרקסטער רינג אין דער רעליגיע־קייט וועלכע פאַר־בינדט אַלע אידן פון דער גאַנצער וועלט, און דער שטאַרקסטער ווינקלשטיין אין דעם פונדאַמענט פון אונזער עקזיסטענץ אַלס **אידיש פאָלק**.

און ווען אידן קומען פון שול, באַגלייט פון צוויי מלאכים ג), און אין הויז שמעקט דער שבת אַרום פון אַלע ווינקעלעך, איז עס באמת „בא שבת בא מנוחה" ד), אַ מאָדנע רואיקייט נעמט אַרום דעם אידן. אַלע זיינע דאגות פון דער גאַנצער וואָך ווערן אויסגעוועפּט און פאַרשוואונדן.

און אויב עס געפינען זיך אידן וועלכע זיינען מחללי שבת באונס, זיי ווילן אָפּהיטן שבת נאָר זיי זיינען נעבעך געצוואונגען דערצו דורך פאַרשידענע אומשטענדן, איז טאַקע אַ גרויסער רחמנות אויף זיי. אָבער די מחללי שבת במזיד, די וועלכע פאַר־שוועכן די טייערסטע און הייליקסטע אידישע מתנה ווייל אַזוי ווילט זיך זיי, זיי קען מען בלויז ענטפערן אַז דער פילע־טויזנטער־יאָר אַלטער שבת האָט שוין איבערגעלעבט פילע מחללי שבת פון דעם סאָרט, און וועט אויך זיי איבערלעבן. וואָרום די חכמים ז"ל האָבן שוין געזאָגט: „שאין שבת בטלה מישראל" ה), אַז שבת ביי אידן וועט קיינמאָל בטל ווערן. איז טאַקע ווינטשענס־ווערט אַז אַלע אידן זאָלן זיך אַ נעם טאָן אָפּהיטן שבת ווי עס באַדאַרף צו זיין. און דאָס וועט זיין אַן אומגעהויערער ביישטראַג צו דער פאַרשטאַרקונג פון אונזער עקזיסטענץ אַלס **אידיש פאָלק**.

---

ג) שבת קיט, ב.

ד) תוספות סנהדרין לח, א, ד"ה חצבה.

ה) מכילתא תשא.

# דער שבת בריוו

## דער בריוו וועלכן שבת האָט געשיקט צו ר׳ אברהם אבן עזרא קיין לאָנדאָן, ענגלאַנד

איך, שבת, בין די קרוין פונעם אידישן גלויבן,
דער פערטער פון די עשרת הדברות;
צווישן השם און זיינע קינדער בין איך אַ צייכן,
דער אייביקער בונד אויף דור דורות;
אין מיר האָט דער באַשעפער געענדיקט אַלע זיינע שאַפונגען,
און אַזוי איז געשריבן אין ספר בראשית;
שבת האָט קיין מן אַראָפּגענידערט,
כדי איך זאָל זיין אויף דורות אַ מופת;
איך בין אַ פאַרגעניגן צו די לעבעדיגע אויף דער ערד,
און אַ באַרואיגונג פאַר די טויטע;
איך בין אַ פרייד פאַר מענער און פרויען,
עס פרייען זיך אין מיר יונגע און אַלטע;
און עס טרויערן אין מיר קיינע טרויערנדיקע,
און מען באַקלאָגט ניט דעם טויט פון געהרגעטע;
און רו געפינען קנעכט און דינסט,
און אין די טויערן די פרעמדע.
עס רוען אַלע בהמות ביי יעדער מענטשן,
אייזלען, אָקסן און פערד;
יעדער איינער מאַכט קידוש איבער וויין,
און אויך הבדלה — ווי נזירים איז זייער ווערט;
יעדער טאָג געפינט מען טויערן פון פאַרשטאַנד,
אין מיין טאָג הונדערט מאָל אַזוי פיל אָפן ווערט:
איך בין געערט מען זאָל ניט טאָן מאַטעריעלע זאַכן,
ניט אַלע רייד זאָלן ווערן געהערט.
און איך האָב דיך געהיט אַלע טעג,
ווייל פון דער יוגנט אָן האָסטו זעהר אָבזערווירט;
אָבער אויף דיין עלטער איז ביי דיר אַן אומשולדיק אומרעכט געשען,
מען האָט אין דיין הויז ספרים אַריינגעפירט;
און דאָרטן איז געשריבן מחלל צו זיין דעם זיבעטן טאָג (פרייטיק נאַכט)
ווי זשע קאָנסטו שווייגן און ניט טאָן אַ נדר;
צו פאַרפאַסן אַ בריוו לויטן וועג פון אמונה,
און שיקן אים צו אַלע אונזערע ברידער.

און עס איז געווען אין דעם יאָר פיר טויזנט נייען הונדערט נייענצן אין מיטן פרייטיק־צו־נאַכטס, פערצן טעג אין חודש טבת. און איך אברהם דער ספרדי, וועלכער ווערט אָנגערופן אבן עזרא, בין געווען אין איינער פון די שטעט פונעם אינזל וואָס ווערט אָנגערופן קצה הארץ [עק וועלט] און איז אין דער זיבעטער גרענעץ פון די גרענעצן פונעם באַזעצטן לאַנד, און איך בין געשלאָפן זעהר געשמאַק. און איך האָב געזען אין חלום ווי אייגער [אַ מלאך], ווי דאָס געשטאַלט פון אַ מאַן, שטייט קעגנאיבער מיר, און ער האַלט אַ פאַרמאַכטן בריוו אין זיין האַנט. און ער האָט געזאָגט צו מיר: נעם דעם דאָזיקן בריוו וועלכן דער שבת האָט געשיקט צו דיר. איך האָב זיך פאַרנייגט און זיך געבוקט צו ה׳, און אים געבענטשט פאַר זיין אָנטאָן מיר דעם דאָזיקן גרויסן כבוד. איך האָב אים [דעם בריוו] אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט, און מיינע הענט האָבן געטריפט מור און איך האָב אים געלייענט. איז צום אָנהויב איז ער געווען אין מיין מויל זיס ווי האָניק. אָבער לייענענדיק די לעצטע שורות האָט מיין האַרץ זיך צעהיצט אין מיר, און די נשמה איז כמעט אַרויס פון מיר. איך האָב געפרעגט דעם געשטאַנענעם קעגנאיבער מיר וואָס איז מיין פאַרברעכן און וואָס איז מיין זינד. וואָרום זינט מיר איז באַקאַנט געוואָרן דער פאַרערטער און פאָרכטיקער שם וועלכער האָט מיך באַשאַפן און איך האָב געלערנט זיינע מצוות, האָב איך שטענדיק ליב געהאַט דעם שבת. פאַר זיין אָנקומען בין איך געגאַנגען אים באַגעגענען מיט מיין גאַנצן האַרץ. אויך ביי זיין אַוועקגיין האָב איך אים באַגלייט מיט פרייד און מיט געזאַנג. און ווער צווישן זיינע דינערס איז אַזוי באַגלויבט ווי איך. פאַרוואָס זשע האָט ער מיר געשיקט דעם דאָזיקן בריוו?

האָט דער שליח פונעם שבת מיר געענטפערט און געזאָגט צו מיר: מען האָט דערציילט דעם שבת אַז דיינע תלמידים האָבן געבראַכט נעכטן אין דיין הויז אַריין ספרים וועלכע טייטשן אויס די תורה, און דאָרט איז געשריבן מחלל צו זיין דעם שבת [פרייטיק נאַכט]. זאָלסטו אָנגורטן דיינע לענדן פאַרן כבוד פונעם שבת צו קעמפן די מלחמה פאַר דער תורה קעגן די פיינט פונעם שבת, און דו זאָלסט שאַנעווען קיין מענטש. און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און מיין אָטעם האָט געקלאַפּט, און מיין געמיט איז געוואָרן זעהר צעמישט. איך האָב זיך אויפגעהויבן און מיין גרימצאָרן האָט געברענט אין מיר.

און איך האָב אָנגעטאָן מיינע קליידער, געוואַשן מיינע הענט, אַרויסגעטראָגן די ספרים אויף דער גאַס אין דער ליכטיקייט פון דער לבנה. און אָט דאָרט איז געשריבן אַז „ויהי ערב ויהי בקר" מיינט: ווען עס איז געווען דער פרימאָרגן פונעם צווייטן טאָג, איז עס דענצמאָל געוואָרן אַ גאַנצער טאָג, ווייל די נאַכט גייט נאָכן טאָג.

איך האָב כמעט צעריסן מיינע קליידער, און איך האָב צעריסן דעם פירוש. וואָרום איך האָב זיך געטראַכט בעסער מחלל זיין איין שבת, איידער אידן זאָלן מחלל זיין פילע שבתים [שבתות], אויב זיי וועלן זען דעם דאָזיקן שלעכטן [פאַלשן] פירוש. מיר אַלע וועלן זיין אויך צו געלעכטער און צו שפּאָט אין די אויגן פון די פעלקער. אָבער איך האָב זיך איינגעהאַלטן צוליב דעם כבוד פון שבת. און איך האָב געטאָן אַ נדר ניט צו לייגן זיך שלאָפן נאָכן אַוועקגיין פונעם הייליקן טאָג ביז איך וועל אָנשרייבן אַ לאַנגן בריוו צו דערקלערן דעם אָנהויב פונעם ערשטן טאָג פון דער תורה, צו אָפּראָמען אַ שטרויכלונג און באַזייטיקן אַ נעץ און אַ פּאַסטקע. וואָרום אַלע אידן, די פרושים און די צדוקים מיט זיי, ווייסן אַז די פרשה בראשית איז געשריבן געוואָרן צו דערציילן דעם באַשעפערס שאַפונגען יעדער טאָג בלויז צוליב דעם אַז די וועלכע היטן אָפּ די תורה זאָלן ווייסן ווי אַזוי אָפּצוהיטן שבת פונקט אַזוי ווי השם יתברך האָט גערוט, צו ציילן די טעג פון דער וואָך.

היינט, אויב דער סוף פונעם זעקסטן טאָג וואָלט געווען ביז דעם זיבעטן טאָג [שבת] אין דער פרי, וואָלטן מיר דאָך באַדאַרפט היטן די פאָלגענדיקע [שבת] נאַכט. וועט דאָך דער דאָזיקער פירוש פאַרפירן אַלע אידן אין מזרח און אין מערב, די נאָענטע און די ווייטע, די לעבעדיקע און די טויטע, א).

און דער וועלכער גלויבט אין דעם דאָזיקן פירוש, זאָל השם יתברך זיך נוקם זיין אין אים די נקמה פונעם שבת. און דער וועלכער לייענט אים אויף אַ הויך קול, זאָל זיין צונג ווערן צוגעקלעפּט צו זיין גומען. אויך דער שרייבער וועלכער שרייבט אים אין די פירושים אויף תורה, זאָל זיין האַנט [אָרעם] ווערן פאַרדאַרט, און זיין רעכט אויג זאָל ווערן טונקל. און צו אַלע אידן זאָל זיין ליכטיק.

א) זעט אבן עזרא בשלח טז, כה.

[איבערזעצט פון לשון הקודש אַזוי ווערטערלעך ווי מעגלעך, און אַזוי פריי ווי נויטיק, פון א. ר.].

# אגרת השבת

## אגרת ששלח השבת לרבי אברהם אבן עזרא, ז״ל

אני שבת, עטרת דת יקרים,
ובין השם ובין בניו אני אות
ובי כל מעשיו כלה אלקים
ולא ירד ביום השבת אזי מן,
אני עונג לחיים על האדמה,
אני חדות זכרים וגם נקבות,
ולא יתאבלו בי האבלים,
והשקט ימצאו עבד ואמה,
ינוחון כל בהמות הם ביד איש,
וכל משכיל ביינו הוא מקדש
בכל יום ימצאו שערי תבונה,
מכובד מעשות דרך,
ושמרתיך בכל ימים,
בזקנותך שגגה נמצאה בך,
ושם כתוב לחלל (יום) ליל שביעי,
לחבר אגרת דרך האמונה,
רביעית בעשרת הדברים.
ברית עולם לכל דורים ודורים.
וכן כתוב בראשית הספרים.
למען אהיה מופת להורים, ב).
ומרגוע לעם שוכני קברים.
וששים בי זקנים עם נערים.
ובי לא יספדו של מות ישרים.
והגרים אשר הם בשערים.
כסוסים, כחמורים, כשורים.
וגם מבדיל, חשובים כנזירים.
ביומי נפתחים מאה שערים.
וכן מן מצוא חפץ ודבר כל דברים.
למען שמרתני מאד מימי נעורים.
אשר הובאו אל ביתך ספרים.
ואיך תחשה ולא תדור נדרים,
ותשלחה אל כל העברים.

ויהי בשנת ארבעת אלפים ותשע מאות ותשע עשרה שנה. בארבעה עשר יום לחודש טבת. ואני אברהם, הנקרא אבן עזרא, הייתי בעיר אחת מערי האי הנקרא קצה הארץ [הארגון] א), שהוא [שהיא] בגבול [גבול] השביעי מגבולות הארץ הנושבת. ואני הייתי ישן, ושנתי ערבה עלי. ואראה בחלום [מלאך] והנה עומד לנגדי כמראה גבר ובידו אגרת חתומה. ויען ויאמר אלי: קח זאת האגרת ששלחה אליך השבת. ואקוד ואשתחוה לה׳ ואברך את השם [אשר נתנה לנו ו]אשר כבדני זה הכבוד הגדול. ואתפשנה בשתי ידי. וידי נטפו מור ואקראנה, ותהי בראשיתה בפי כדבש למתוק. אך בקראי הטורים האחרונים, חם לבי בקרבי וכמעט יצאה נפשי. ואשאל את העומד לנגדי: מה פשעי ומה חטאתי, כי מיום אשר ידעתי את ה׳ הנכבד והנורא אשר בראני ולמדתי מצוותיו, לעולם אהבתי את השבת. ובטרם בואה הייתי יוצא לקראתה בכל לבי. גם בצאתה הייתי משלחה בשמחה ובשירים. ומי בכל עבדיה כמוני [נאמן] בארץ. ומדוע שלחה אלי זאת האגרת.

ויען, ויאמר אלי ציר השבת: הגד הוגד לה אשר הביאו תלמידיך אתמול אל ביתך ספרים פירושי התורה, ושם כתוב לחלל ליל שבת. ואתה תאזור מתניך בעבור כבוד השבת להלחם מלחמת התורה עם אויבי השבת ולא תשא פני איש. ואיקץ, ותתפעם רוחי עלי, ונפשי נבהלה מאד, וחמתי בערה בי.

ואלבש בגדי, וארחץ ידי ואוציא הספרים חוצה אל אור הלבנה. והנה כתוב שם פירוש [בפירוש] „ויהי ערב ויהי בוקר״, והוא אומר: כי כאשר היה בוקר יום שני, אז עלה יום אחד שלם [אתמול], כי הלילה הולך אחר היום. וכמעט קט קרעתי בגדי, וגם קרעתי זה הפירוש. כי אמרתי טוב לחלל שבת אחד, ולא יחלל ישראל שבתות הרבה אם יראו זה הפירוש הרע. גם נהיה כולנו ללעג ולקלס בעיני הגוים. ואתאפק בעבור כבוד השבת. ואדור נדר אם אתן שנת לעיני אחר [אחרי] צאת יום הקדוש, עד שאכתוב אגרת ארוכה לבאר מתי ראשית יום התורה, להרים מכשול ולהסיר פח ומוקש. כי כל ישראל, הפרושים גם הצדוקים עמהם, יודעים כי לא נכתבה פרשת בראשית להגיד מעשי השם ב״ה בכל יום, רק בעבור שידעו שומרי התורה איך ישמרו השבת כאשר שבת השם הנכבד לספור ימי השבוע [ימי השבת, ימי בראשית].

והנה, אם היה סוף יום הששי עד בוקר יום השביעי, היה לנו לשמור [לספור] הלילה הבא. והנה זה הפירוש מתעה [מתעתע, מתמה] כל ישראל במזרח ובמערב, גם הקרובים, גם הרחוקים, גם החיים, גם המתים. והמאמין בפירוש הזה, השם ינקום נקמת השבת ממנו. והקורא אותו בקול גדול תדבק לשונו לחכו. גם הסופר הכותב אותו בפירושי התורה, ידו יבוש תיבש, ועין ימינו כהה תכהה. ולכל בני ישראל יהיה אור.

א) זעט: במדבר כא, יג; כב, לו; דברים ב, כד; ג, טז; יהושע קאפיטל יב; שופטים יא, יג-כג, און אלע מפרשים אויפן אָרט. ב) אפשר דארף שטייען לדורים.

פאַרגלייכט די נוסחאות אין: סוף שולחן ערוך פון האר״י ז״ל, פראַנקפורט אַם מאַין, תנ״א; מבחר המאמרים, ר׳ נתן בר׳ שמואל הרופא, ליורנו, תק״ך; תענוג שבת, ניו יארק, תשט״ו; כרם חמד, באַנד 3, זייט 158, 1839; ספר השבת, דביר, תל־אביב, תשי״ב.

# פֿאָרוואָרט

אינעם פֿאַרלויף פֿון אַ פּאָר צענדליג יאָר האָב איך גע־ענטפֿערט אויף פֿראַגעס, מיט וועלכע מען האָט געווענד זיך צו מיר דורך דעם אַמאָלעדיגן „מאָרגען זשורנאַל", דורך אויס־לענדישע אידישע צייטונגען, און דורך מאַנכע אַמעריקאַנער ענגליש־אידישע צייט־שריפֿטן.

זייט פֿיפֿצן יאָר בערך פֿיהר איך אָן מיט דעם פּראָגראַם „דער ענטפֿער אויף אייער פֿראַגע" אויף דער אידישער ראַדיאָ סטאַנציע W.E.V.D. אין ניו יאָרק. די צוהערער שיקן צו דער סטאַנציע זייערע פֿראַגעס, און איך ענטפֿער זיי דורך דער ראַדיאָ.

אין דעם פֿאַרלויף פֿון די יאָרן האָבן אָנגעזאַמלט זיך שעהנע עטליכע צענדליג טויזענט פֿראַגעס און ענטפֿערס מכל המינים, פֿון אַלערליי סאָרטן: תנ"כ׳ישע, תלמוד׳ישע, לומד׳ישע, רעליגיעזע, ליטורגישע (וועגן תפֿילות), עטישע, היסטאָרישע, פֿילאָלאָגישע, שפּראַכליכע, פֿילאָזאָפֿישע, פּסיכאָלאָגישע, מוזיקאַלישע, אַפֿילו הלצות׳דיגע, און אַ מענגע אַנדערע.

עס איז אַן אונגעהויערער הויפֿן פֿון מאַטעריאַל מיט פֿילע מיליאָנען מראה מקומות׳ן, רעפֿערענצן פֿון תנ"ך, תלמוד, מדרש, אגדה, זהר, ראשונים, אחרונים, און פֿון דער דערנאָך־פֿאָלגענדיגער רעליגיעזער און לומד׳ישער ליטעראַטור ביז היינט צו טאָג.

האָב איך סאָרטירט, קלאַסיפֿיצירט די צענדליגע טויזענטע פֿראַגעס און ענטפֿערס לויט רובריקן, ענינים, געגנשטאַנדן, — אויף וויפֿיל אַזאַ קאָלאָסאַלע מאַסע פֿון וואָגיגן און פֿון פֿאַרשידען־אַרטיגן ברייט און טיף צעצווייגטן מאַטעריאַל לאָזט זיך סאָרטירן, — אין:

## תנ"כ׳ישע

**פּערזענלעכקייטן**: פֿון אבגיל ביז תתני, אַלפֿאַבעטיש, לויטן אלף בית.

טייטשן: תלמוד׳ישע, מדרש׳דיגע, תרגומים׳דיגע, מפר־שים׳דיגע, לומד׳ישע, רבי׳שע, דרשה׳דיגע, הלצה׳דיגע אויף תנ״ך.

ליטעראַרישע: וויייניג באַוויסטע טייטשן פון ווערטער; סינאָנימען, אויסדרוקן, מעטאַפאָרס, אַפאָריזמען, רמזים אָנווייזונגען, רעטעניש, נעמען, ווערטלאַך, ראשי תיבות (איניציאַלן, אָנהויב־אותיות), גימטריאות, אַקראָסטיקס, עפיגראַמען, משלים, טיטולס, און נאָך.

הימלישע, ערדישע: הימלען, זון, לבנה, שטערן, פּלאַ־נעטן, מלאכים, גן עדן, גיהנם, ערדן, לענדער, ארץ ישראל, וואַסערן, בעשאַפענישן, פיש, און נאָך.

פּאַסירונגען: דער וועלט־בעשאַף, דער מבול, דער דור הפלגה, סדום... די קנעכטשאַפט אין מצרים, יציאת מצרים דאָס פאַרלאָזן מצרים, קריעת ים סוף די שפּאַלטונג פונעם ים סוף, די פערציג יאָר אין דער מדבר, מתן תורה דאָס גיבן די אידן די תורה, די מלחמות, דאָס עראָבערן, איינגעמען ארץ ישראל, דער ריכטער פּעריאָד, דער מלכים פּעריאָד, דער נביאים פּעריאָד, גלות אשור, דער חורבן די פאַרניכטונג פון דעם ערשטן בית המקדש, גלות בבל, די עליה קיין ארץ ישראל אין עזרא הסופר׳ס צייטן, און נאָך...

## תלמוד׳ישע

געשיכטליכעס;

ניט־פאַראַנענע מאמרים;

לומד׳ישע, רבי׳שע און ווערטעלדיגע טייטשן אויף מאמרי חז״ל;

ווערטלאַך אין פאַרשידענע שפּראַכן וועלכע געפינען זיך אין תלמוד און אין מדרש;

פילאָזאָפישע אַנשויאונגען, וויסנשאַפטליכע בעאָבאַכטונגען, אַבזערוואַציעס, מעדיצינישע, היגיענישע, פיזישע, עקאָנאָמישע, חינוך׳דיגע, און פילע צענדליגע אַנדערע ענינים אין אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען פון אונזער אַלטעגליכן לעבן, וועלכע זיינען שוין רעקאָרדירט און ווערן בעהאַנדלט אין תלמוד, מדרש...

## רעליגיעזע

תפילות, שבת, ימים טובים, ראש חודש, ברית, חתונה, תפילין, ציצית, מזוזה, תשובה, שוהל, שול, הכנסת אורחים, חילול השם, קידוש השם, מאַרטירדום, מנהגים, צערעמאָניעס, און נאָך...

## עטישע

אמת, ליגן, אויפריכטיקייט, חנופה, לשון הרע, ליבשאַפט, פיינדשאַפט, רחמנות, גרויזאַמקייט, צדקה, גמילות חסדים, פּראָצענט, פאַרגינען, קנאה, אַכטן, באַליידיגן, בעשיידענקייט (עניוות), אַראָגאַנץ (חוצפה), געדולד, אויפרעגונג, איינקייט, צעשפליטערטקייט, בילדונג, איגנאָראַנץ (עם הארצות), לעהרער, פיהרער, אַרבעט, אַרבעטער, בעל הבית, די פרוי, דעמאָקראַטיע, מלחמה, שלום, האַנדל, צער בעלי חיים, און נאָך און נאָך פאַרשידענע אַנדערע ענינים און טעמעס.

יעדער ענטפער איז געדעקט מיט מקורות, קוועלן פון תנ״ך, מדרש, זהר, ראשונים, אחרונים...

דער דאָזיגער באַנד איז דאָס ערשטע רעליגיעז און נאַציאָנאַל וויסענשאַפטליך ווערק אין דער אידישער שפראַך אין חכמת ישראל.

א. ר.



# אַפּקירצונגען און ראשי תיבות (אַנהויב־אותיות, איניציאַלן)

**אא** = אברהם אבינו׳ס לעבן און שאַפונג, פון הרב דר. אהרן ראַזמאַרין, אום פּאַבלישינג קאָ., ניו יאָרק תשכ״ד, 1964.

**אב.** = אבודרהם, ערקלעהרט די תפילות, דינים, מנהגים פון ר׳ דוד בר׳ יוסף אבודרהם, דעם בעל הטורים׳ס אַ תלמיד, וואַרשע, תרל״ח; איבער געדרוקט אין ברוקלין, ניו יאָרק.
זעט אב., זייט נ.

**אבדע** = מדרש אלפא ביתא דרבי עקיבא, אין בית המדרש חדר שלישי, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, זייטן 64־12, לייפּציג, 1855.

**אבדע.ב׳** = אלפא ביתא דרבי עקיבא, נוסחא ב׳, אין בית המדרש חדר ג, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, זייטן 64־50, וויען, 1855. זעט: מע, מע.ב׳ זייט מא.

**אבדע.ג׳** = מדרש אלפא ביתות... עדיציע ר׳ אהרן שלמה ווערטהיימער, ירושלים, תרע״ד.
זעט: מע, מע.ב׳, זייט מא.

**אבות** = מסכת אבות עם רש״י ורבינו יונה, ברלין ואַלטונאַ, תר״ח, אַנגעגיבן לויט פּרק.

**אבכיר** = לקוטים ממדרש אבכיר [אמן במהרה כן יהי רצון], עדיציע ר׳ שלמה באָבער, וויען, 1883, תרמ״ג.

**אבר.** = אברבנאל, פּירוש אויף תנ״ך פון דון יצחק אברבנאל, וואַרשע, תרכ״ב; איבער געדרוקט אין ארץ ישראל, אַנגעגיבן לויט סדרה און פּסוק, לויט ספר, קאַפּיטל און פּסוק.
זעט אבר., זייט נ.

**אג** = מדרש אבא גוריון אין בית המדרש חדר א׳, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, זייטן 18־1, לייפּציג, 1853.

**אג.ב׳** = מדרש אבא־גוריון... על מגילת אסתר...אין ספרי דאגדתא, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, זייטן 42־1, ווילנא, 1886, אַנגעגיבן לויט קאַפּיטל און זייט.
זעט סד, זייט מג.

**אגא** = אגדת אסתר... עדיציע ר׳ שלמה באָבער, קראָקא, תרנ״ז, אַנגעגיבן לויט קאַפּיטל און פּסוק.

**אגאג** = אגדת אגדות, עדיציע ר׳ חיים מאיר הורוויץ הלוי, ברלין, תרמ״א.

**אגב** = אגדת בראשית, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, קראָקא, תרס״ג, אַנגעגיבן לויט קאַפּיטל און זייט. פערגלייכט מיט בית המדרש, חדר רביעי, 116־1, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, תרי״ז, לייפּציג.

**אגב.ב׳** = אגדת בראשית, אין בית המדרש חדר רביעי, זייטן 116־1, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק. פערגלייכט מיט אגדת בראשית, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, קראָקא, תרס״ג.

**אגד.** = אגדתא אין ספרי דאגדתא, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, ווילנא, 1886.
זעט סד, זייט מג.

**אגה** = אגדות התנאים מאת מיכאל היגער, ניו יאָרק, תרפ״ט, אַנגעגיבן לויט זייט.

**אד** = אהבת דוד, זיבעצן דרושים וועלכע ר׳ חיים יוסף דוד אזולאי באַוויסט אַלס חיד״א, האָט געהאַלטן אין דער ישיבה פון ר׳ אליעזר חי שאלתיאל ריקאַנטי אין די

**יאַרן** תקנ״ה—תקנ״ט פיר מאָל אין יאָר, שבת שובה, שבת זכור, שבת הגדול, שבת כלה [שבת פאַר שבועות] ליוואָרנו, תקנ״ט.
זעט חיד״א, זייט סא.

**אדרא** = **אדרת אליהו**, אַ פּירוש אויף תורה, פון רבי אליהו ב״ר שלמה זלמן פון ווילנא, באַרימט אַלס ווילנער גאון, הגר״א, געדרוקט אין חומשים.
זעט אדרא, זייט נב.

**אהלי** = **אהל יעקב**, דרושות און אויסטייטשונגען אויף תורה פון ר׳ יעקב בר׳ זאב קראַנץ, באַוויסט אַלס דובנער מגיד.
זעט אהלי, זייט נג.

**אוצה** = **אוצר התפילות**, תש״ו, ניו יאָרק, נ. י.

**אוצמ** = **אוצר מדרשים**, עדיציע ר׳ יהודה דוד אייזענשטיין, ניו יאָרק, תרע״ה, אָנגעגיבן לויט זייט.

**אורח** = **אור החיים**, אַ פּירוש אויף תורה, פון ר׳ חיים ב״ר משה ן׳ עטר, אָנגעגיבן לויט ספר, קאַפּיטל און פּסוק, געדרוקט אין חומשים. זעט זייט קד.

**איכה** = מדרש הנעלם על **איכה**... זהר חדש, אַמשטרדם (אַמסטערדאַם), 1701.

**איכה,ב׳** = ילקוט שמעוני על **איכה**, אין מדרש זוטא, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, 147־171, ברלין, 1894.

**איכז** = מדרש **איכה** זוטא, אין מדרש זוטא, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, ברלין 1894, 59־80.
זעט מז, זייט מא.

**איכז,ב׳** = מדרש **איכה** זוטא נוסחא שניה, אין מדרש זוטא, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, זייטן 114־133, ברלין, 1894.
זעט מז, זייט מא.

**איר** = מדרש **איכה** רבה, ניו יאָרק, תשי״ב, אָנגעגיבן לויט פּרשה און סימן.
פערגלייכט מיט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**אירב** = **איכה רבה**, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, ווילנע, 1899, תרנ״ט, אָנגעגיבן לויט פּרשה און זייט.

**אלש.** = **אלשיך** [תורת משה], אַ פּירוש אויף תורה פון ר׳ משה ב״ר חיים אלשיך, וואַרשע תרל״ט, ניו יאָרק תש״ך, אָנגעגיבן לויט סדרה און זייט.
אויף נ״כ, אויסגאַבע ראַם, ווילנא תרנ״ז, תרס״ג, אָנגעגיבן לויט ספר און זייט.
זעט אלש., זייט נג.

**אמה** = **אגדה** מספר **המ**עשים אין **אגדת אגדות** חלק א, עדיציע ר׳ חיים מאיר הורוויץ הלוי, זייטן 79־77, ברלין, תרמ״א.
זעט אגאג, זייט לג.

**אע** = **אבן עזרא** אויף תנ״כ, פון ר׳ אברהם בר׳ מאיר אבן עזרא, אָנגעגיבן לויט ספר, קאַפּיטל און פּסוק, געדרוקט אין חומשים.
זעט אע, זייט נד.

**אר** = מדרש **א**סתר **ר**בה, ניו יאָרק, תשי״ב אָנגעגיבן לויט פּרשה און סימן.
פערגלייכט מיט ווילנער אויסגאַבעס תרלח, תרצח.

**אר,א׳** = מדרש מגלת **א**סתר, אין **אגדת אגדות**, חלק א׳, עדיציע ר׳ חיים מאיר הורוויץ הלוי, ברלין תרמ״א, זייטן 75־56.
זעט אגאג, זייט לג.

**אר,ב׳** = מדרש על מגלת **א**סתר, אין בתי מדרשות, עדיציע הרב שלמה אהרן ורטהימר, מהדורה חדשה מאת ר׳ אברהם יוסף ורטהימר, כרך ראשון, ירושלים, תשי״ב.
זעט במ,א׳, במ,ב׳, זייט לה.

**ארן** = מסכת **א**בות דרבי **נ**תן בשתי נוסחאות, עדיציע ר׳ שניאור זלמן שעכטער, וויען 1887, אָנגעגיבן לויט פּרק און נוסחא.
פערגלייכט מיט אבות דרבי נתן אין תלמוד בבלי.

**ארן,ב׳** = אגדה מאבות דרבי נתן של בני צרפת, בית עקד האגדות, מחברת ראשונה, שנה ראשונה, תמוז, תרמ״א, עדיציע ר׳ חיים מאיר הורוויץ הלוי, פראַנקפורט על נהר מיין, זייטן 36־34.

**ארץ,א׳** = **ארץ** החיים, פירוש אויף תהלים פון ר׳ חיים כהן, ציק, ניו יאָרק.

**ארץ,ב׳** = **ארץ** ישראל, פירוש אויף ארץ החיים אויף תהלים, פון ר׳ ישראל אהרן האַללער, ציק, ניו יאָרק.

**בב** = מסכת **בבא בתרא**.

**בב ירוש.** = **בבא בתרא ירושלמי**, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אַנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
פערגלייכט קראָטאָשינער אויסגאַבע, איבערגעדרוקט: שולזינגער, ניו יאָרק, 1948; ניו יאָרקער אויסגאַבע תשי״ט מיט די פירושים „קרבן העדה״, „פני משה״, און נאָך.

**בה** = **בית** המדרש, זעקס חדרים, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, לייפּציג 1853, וויען 1877.

**בהיר** = ספר **הבהיר**, מיוחס לר׳ נחוניה בן הקנה. [דער רמב״נ אין זיין פירוש אויף תורה און אין זיין „שער הגמול״ רופט אים אָן מדרש נחוניה בן הקנה]. זעט דעם פירוש אויף תורה פון רבינו מנחם פון רקאַנט.

**בחיי** = מדרש רבינו **בחיי** בר׳ אשר, אַ פירוש אויף חומש, ירושלים תשי״ח, אַנגעגיבן לויט ספר, קאַפּיטל און פסוק, פערגלייכט אויסגאַבע וואַרשע, 1878.
זעט בחיי, זייט נו.

**בינה** = **בינה** לעתים, דרושים פון ר׳ עזריה בן אפרים פיגו, לעמבערג, תקע״ו.
זעט בינה, זייט נו.

**ביצה** = מסכת **ביצה**.

**ביצה ירוש.** = **ביצה ירושלמי**, עדיציע חורב, ברלין תרפ״ט, אַנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש.

**בכור** = מסכת בכורות.

**במ** = מסכת **בבא מציעא**.

**במ. ירוש.** = **בבא מציעא ירושלמי**, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אַנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש.

**במ,א׳** = **בתי מדרשות** עדיציע הרב שלמה אהרן ורטהימר, ירושלים 1897־1893.

**במ,ב׳** = **בתי** מדרשות מאת הרב שלמה אהרן ורטהימר, מהדורה חדשה עם הוספות... מאת אברהם יוסף ורטהימר, כרך ראשון, הוצאת מוסד הרב קוק, ירושלים, תשי״ב, אַנגעגיבן לויט באַנד און זייט.

**במח** = **באר** מים חיים פון ר׳ יעקב בר׳ יצחק הכהן שפירא, פירוש א) אויף רש״י אויף תורה; ב) אויף פסוקים; דרשות, קראָקאָ, שע״ו.

**במר** = מדרש **במדבר** רבה, ניו. יאָרק תשי״ב, אַנגעגיבן לויט פרשה און סימן.
פערגלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**בנאה** = דרשת ר׳ **בנאה** [אין תנא דבי אליהו זוטא, ב׳ נוסחאות], עדיציע ר׳ חיים מאיר הורוויץ הלוי, פראַנקפורט על נהר מיין, תרמ״ב, זייטן 26־7.

**בעהט** = **בעל הטורים**, אַ פירוש אויף תורה, פון ר׳ יעקב בר׳ אשר (דעם ראש׳ס זון), געדרוקט אין חומשים.
זעט בעהט, זייט נו.

**בעשט** = ר׳ ישראל **בעל שם טוב**.
זעט שבחי, זייט צב.

**בק** = מסכת **בבא קמא**.

**בק. ירוש.** = **בבא קמא ירושלמי**, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט. אַנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב, ירוש.

**בר** = מדרש בראשית רבה, ניו יאָרק תשי״ב, אָנגעגיבן לויט פרשה און סימן.
פערגלייכט ווילנער אויסגאַבעס, תרל״ח, תרצ״ח.

**ברכ.** = מסכת ברכות.

**ברכ. ירוש.** = ברכות ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**גדול** = מדרש גדול וגדולה אין בית המדרש חדר שלישי, זייטן 130־121, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, לייפציג, תרט״ו.

**גיטין** = מסכת גיטין.

**גיטין ירוש.** = גיטין ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**געדאַנק** = געדאַנק און חכמה, געדאַנקען אויף אַלע סדרות, אין אידיש, פון אהרן ראַזמאַרין, אום פּאַבלישינג קאָ., ניו יאָרק, תשט״ו, 1954.

**גש** = גנזי שעכטער, מדרש, עדיציע לוי גינזבורג, ניו יאָרק תרפ״ח.

**דא** = מסכתות דרך ארץ, עדיציע דר. מיכאל היגער, „דבי רבנן״, ניו יאָרק, תרצ״ה.
פערגלייכט מיט מסכתות דרך ארץ רבה און זוטא אין ש״ס.

**דאש** = דרשות אבן שואב, קאָנסטאַנטינאָפּאָל, 1523, אָנגעגיבן לויט ספר, סדרה, אַמאָל אויך לויט זייט און שפּאַלט.

**דגל** = דגל מחנה אפרים, אויף תורה פון ר׳ משה חיים אפרים, (דעם בעל שם טוב׳ס אייניקל), לעמבערג תרי״ח, ניו יאָרק תש״ב, אָנגעגיבן לויט סדרה און זייט.
זעט דגל, זייט נז.

**דה,א׳** = דברי הימים, א׳, אָנגעגיבן לויט קאַפּיטל און פסוק.

**דה,ב׳** = דברי הימים, ב׳, אָנגעגיבן לויט קאַפּיטל און פסוק.

**דזמה** = דעת זקנים מבעלי התוספות אויף תורה, געדרוקט אין חומשים.

**דר** = מדרש דברים רבה, ניו יאָרק, תשי״ב אָנגעגיבן לויט פרשה און סימן.
פערגלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**דשט** = דרשות ר׳ שם טוב, ווענעציע, 1552, אָנגעגיבן לויט סדרה, זייט און שפּאַלט.

**הגרא** = הגאון רבינו אליהו, ווילנער גאון.
זעט אדרא, זייט נב.

**הד** = העמק דבר, אַ פירוש אויף חומש, פון ר׳ נפתלי צבי יהודה ברלין, **נציב**, באַוויסט אויך אַלס ר׳ הערש לייב וואָלאָזשיגער.
זעט העמק, זייט נז.

**הדו** = הדרש והעיון אויף ויקרא, פון ר׳ אהרן לעווין, צווייטע אויפלאַגע, בלוך, ניו־יורק, תשי״ד, אָנגעגיבן לויט זייט.

**הוה** = הכתב והקבלה, אַ פירוש אויף תורה פון הרב יעקב צבי מעקלענבורג, עדיציע אום, ניו יורק, תש״ו.

**הור** = מסכת הוריות.

**הור. ירוש.** = הוריות ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט אָנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**הלל** = מדרש הלל הנקרא ספר המעשים, אין בית המדרש, חדר ה׳, זייטן 110־87, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, וויען, 1873, תרל״ג.

**השכם** = לקוטים ממדרש השכם אויף שמות, ויקרא, במדבר, אין ספר הלקוטים, חלק א׳, עדיציע ר׳ אליעזר הלוי דר. גרינהוט, זייטן ב־כ, ירושלים, תרנ״ח.

**והזהיר.א׳** = ספר והזהיר לסדר שמות, עדיציע פריימאַן, לייפּציג, תרל״ג, 1873, אַנגעגיבן לויט פּרשה און זייט.

**והזהיר.ב׳** = ספר והזהיר לסדר ויקרא, במדבר, עדיציע פריימאַן, וואַרשע, 1880, אַנגעגיבן לויט פּרשה און זייט.

**ויט** = מחזור ויטרי לרבינו שמחה, בר׳ שמואל, עדיציע ר׳ שמעון הלוי הורוויץ, נירנבערג, תרפ״ג, אַנגעגיבן לויט סימן.
זעט ויטרי, זייט נט.

**ויקר** = מדרש ויקרא רבה, ניו יאָרק, תשי״ב, אַנגעגיבן לויט פּרשה און סימן.
פּערגלייכט מיט די ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**זבח** = מסכת זבחים.

**זהר** = ספר הזהר על חמשה חומשי תורה, ראָם, ווילנא, תרמ״ב, אַנגעגיבן לויט סדרה דף, עמוד.
פּערגלייכט אויסגאַבע „אור הזהר״, ירו־שלים — ניורק [ניו יאָרק], תשי״ד [1954].

**זח** = זהר חדש, אמשטרדם [אַמסטערדאַם] 1701, ה־מח, אַנגעגיבן לויט ספר, פּרשה, קאַלום.

**זעיר.** = מסכתות זעירות, עדיציע מיכאל היגער, ניו יאָרק 1928, תרפ״ט.

**זר** = זית רענן אויף ילקוט שמעוני, פון ר׳ אברהם אבלי גומבינער, אַנגעגיבן לויט סדרה און רמז.
זעט זר, זייט נט.

**חגי** = מסכת חגיגה.

**חגי. ירוש.** = חגיגה ירושלמי, עדיציע חור־רב, ברלין, תרפ״ט, אַנגעגיבן לויט פּרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**חול.** = מסכת חולין.

**חופת.א׳** = חופת אליהו, עדיציע ר׳ יהודה דוד איזענשטיין, אוצר מדרשים, ניו יאָרק 1915.

**חופת.ב׳** = מאמר מחופת אליהו רבה, כבוד חופה, עדיציע ר׳ חיים מאיר הור־וויץ הלוי, פראַנקפורט על נהר מיין, תרמ״ח.

**חופת.ג׳** = מאמר מחופת אליהו זוטא, כבוד חופה, עדיציע ר׳ חיים מאיר הור־וויץ הלוי, פראַנקפורט על נהר מיין, תרמ״ח.

**חופת.ד׳** = שבע חופות או חופת אליהו, כבוד חופה, עדיציע חיים מאיר הורוויץ הלוי, פראַנקפורט על נהר מיין, תרמ״ח.

**חזק.** = חזקוני אויף תורה, ערקלערונגען אויף רש״י, פון ר׳ חזקיה בר׳ מנוח, געדרוקט אין חומשים.

**חח** = חפץ חיים אויף תורה פון ר׳ ישראל מאיר הכהן, בני ברק, ה׳תשי״ד, אַנגעגיבן לויט סדרה און זייט.
זעט חח, זייט ס.

**חידה** = חידושי הרי״מ, פון ר׳ יצחק מאיר.
זעט חידה, זייט סא.

**חירם.א׳** = ענין חירם מלך צור, אין בית המדרש, חדר חמישי, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, ווילנא, תרל״ג, זייטן 112־111.

**חירם.ב׳** = ענין חירם מלך צור, עדיציע ר׳ חיים מאיר הורוויץ הלוי, פראַנקפורט על נהר מיין, תרמ״ב.

**חלה** = מסכת חלה, אין תלמוד בבלי.

**חלה ירוש.** = מסכת חלה ירושלמי, עדי־ציע הורב, ברלין, תרפ״ט אַנגעגיבן לויט פּרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**חסר** = מדרש חסר ויתירות אין בתי מדרשות, בית ראשון, עדיציע ר׳ שלמה אהרן ורטהימר ירושלים, תרנ״ג.

**חתמ** = חדושי תורת משה, אַ פּירוש אויף תורה פון ר׳ משה סופר.
זעט חתמ, זייט סב.

**יבמ.** = מסכת יבמות.

**יבמ. ירוש.** = **יבמות ירושלמי**, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פּרק און הלכה.

זעט בב ירוש., זייט לה.

**יומא** = מסכת **יומא**.

**יומא ירוש.** = **יומא ירושלמי**, עדיציע חורב, ברלין תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פּרק און הלכה.

זעט בב ירוש., זייט לה.

**ילא** = ילקוט **אליעזר** פון ר׳ אליעזר המכונה זוסמאַן סופר, פּאַקש, תרנ״ז, אָנגעגיבן לויט ערך און זייט.

**ילה** = **ילקוט** המכירי אויף תהלים, פון ר׳ מכיר ב״ר אבא מרי (אבמרי) ב״ר מכיר ב״ר טודרוס ב״ר מכיר בן הרב ר׳ יוסף ב״ר אבא מארי, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, ברדיטשוב תר״ס, ירושלים תשכ״ד, אָנגעגיבן לויט מזמור און פּאַראַגראַף.

זעט: שו״ט, שו״ט.ב׳, שו״ט.ג׳, זייטן מו־מז.

**ילהי** = **ילקוט המכירי** על **ישעיהו**, פון ר׳ מכיר בן אבי, עדיציע ר׳ יהודה זאב כהנא שפּירא, ברלין תרנ״ג. זעט ילה.

**ילהמ.א׳** = קטעים אחדים מילקוט המכירי על משלי, אין ספר הלקוטים, חלק ששי, עדיציע ר׳ אלעזר הלוי ד״ר גרינהוט, זייטן א־יז, ירושלים תרס״ג, אָנגעגיבן לויט פּרק און סימן.

**ילמד.א׳** = מדרש **ילמדנו** אויף בראשית, אין ספר הלקוטים חלק ששי, [העפטן 2, ו] 1־117, עדיציע ר׳ אלעזר הלוי דר. גרינהוט ירושלים 1903, 1904, אָנגעגיבן לויט פּרשה און סימן.

זעט לקוט., זייט לט.

**ילמד.ב׳** = מדרש **ילמדנו** לספר חומש הפּקודים (אויף במדבר), אין ספר הלקוטים 1־85, עדיציע גרינהוט, ירושלים 1900, אָנגעגיבן לויט סדרה און סימן.

זעט לקוט., זייט לט.

**ילמד.ג׳** = מדרש **ילמדנו** לספר משנה תורה [אויף דברים], אין ספר הלקוטים ה׳, 170־86, עדיציע גרינהוט, ירושלים 1901. אָנגעגיבן לויט סדרה און סימן.

זעט לקוט., זייט לט.

**ילמד.ד׳** = מדרש **ילמדנו**, בתי מדרשות עדיציע הרב שלמה אהרן ורטהימר, מהדורה חדשה מאת ר׳ אברהם יוסף ורטהימר, כרך ראשון, זייטן קלז־קעה, ירושלים, תשי״ב.

**ימ** = **ידי משה**, אַ פּירוש אויף מדרש רבה, פון ר׳ יעקב משה ב״ר אברהם העלין אשכנזי.

**יע** = **יפה ענף** פון ר׳ שמואל יפה אשכנזי אויף מדרש דות רבה, אסתר רבה און איכה רבה, ניו יאָרק, תשי״ב.

פערגלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**יער.** = **יערות** דבש, דרושים... פון ר׳ יהונתן אייבשיץ, ירושלים, תשכ״ג.

זעט יער., זייט סד.

**יק** = **יפה** קול, פון ר׳ שמואל יפה אשכנזי, אויף שיר השירים, ניו יאָרק, תשי״ב.

פערגלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**יר** = **ילקוט ראובני** אויף תורה, פון ר׳ אברהם ראובן הכהן סופר, אַמסטערדאַם 1700, אָנגעגיבן לויט סדרה און פּאַראַגראַף.

פערגלייכט מיט דער ירושלים׳ער אויסגאַבע, תשכ״ב.

**ירש** = **יריעות שלמה** פון ר׳ שלמה קלוגר, אין דעם סידור „בית יעקב“ פון ר׳ יעקב עמדין [פון עמדין], לעמבערג, תרס״ד.

**יש** = **ילקוט שמעוני** אויף תנ״כ, ניו יאָרק 1944, אָנגעגיבן לויט סדרה און רמז, אָדער לויט ספר און רמז.

פערגלייכט אויסגאַבע חורב, ברלין, תרפ״ו.

**ישמח** = **ישמח** משה, פון ר׳ משה טייטעלבוים אויף תנ״כ און אויף אגדות אין ש״ס.

זעט ישמח, זייט סה.

**ישר** = ספר הישר אויף תורה, תל־אביב.
פערגלייכט אויסגאַבעס: ליוואָרנא 1870, ווענעציע שפ״ה, ברלין תרפ״ג. אַנגעגיבן לויט סדרה און זייט, אָדער לויט ספר און זייט.

**ית** = יפה תואר פון ר׳ שמואל יפה אשכנזי אויף מדרש רבה אויף תורה, ניו יאָרק, תשי״ב.
פערגלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**כבח** = כבוד חופה... עדיציע ר׳ חיים מאיר הורוויץ הלוי, פראַנקפורט על נהר מיין, תרמ״ח.

**כח** = כלי חמדה, דרושים און אויסטייטשונגען אויף תורה, פון ר׳ שמואל בר׳ אברהם לאַנידו. פראַג, ש״ע.

**כלי** = כלי יקר, אַ פירוש אויף תורה פון רבי שלמה אפרים בר׳ אהרן לונטשיץ, געדרוקט אין חומשים.
זעט: עולל., עמוד., זייט מד.

**כס** = כתב סופר אויף תורה פון ר׳ אברהם שמואל בנימין סופר, סיני, תל־אביב. אַנגעגיבן לויט סדרה און זייט.
זעט חתמ, זייט סב.

**כרית.** = מסכת כריתות.

**כתו.** = מסכת כתובות.

**כתו. ירוש.** = כתובות ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אַנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**לבל** = לקוטי בתר לקוטי ממכילתא לספר דברים [נויע קאָללעקטאַנעען אַאוס איינער מכילתא צו דויטעראָנאָמיאום], עדיציע האָפפמאַנן, ברלין, 1897.

**לט** = מדרש לקח טוב, (פסיקתא זוטרתא) אויף תורה פון רבינו טוביה ב״ר אליעזר:
אויף בראשית און שמות, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, ירושלים, תש״ך, אַנגעגיבן לויט סדרה און פסוק.
אויף ויקרא, במדבר און דברים, עדיציע ר׳ אהרן משה פּאַדוואַ, אַנגעגיבן לויט סדרה און זייט.

**לט,ב׳** = לקח טוב... אין בית המדרש, חדר חמישי, זייטן 191־201, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, וויען, תרל״ג.

**לט,ג׳** = מדרש לקח טוב על אסתר, אין ספרי דאגדתא, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, ווילנא, 1886. אַנגעגיבן לויט פרשה און פסוק.
זעט סד, זייט מג.

**לכש** = לכבוד שבת — דרשות אויף אַלע סדרות, אין אידיש, פון אהרן ראָזמאַרין, אום פּאַבלישינג קאָ., ניו יאָרק, תשי״ט, 1949.

**לקוט.** = ספר הלקוטים, עדיציע ר׳ אלעזר הלוי דר. גרינהוט, ירושלים, תרנ״ח.

**לקוטי** = לקוטי מדרשים אין בית המדרש חדר חמישי, זייטן 155־164, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק וויען, תרל״ג.

**לת** = לקוטי תורה, פון ר׳ מרדכי פון טשערנאָביל, [רבי מאָטעלע טשערנאָבילער] ניו יורק, תשי״ד. אַנגעגיבן לויט סדרה און זייט.
זעט לת און מאור, זייטן סה, סו.

**מא** = מדרש אגדה על חמשה חומשי תורה, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, ניו יאָרק, תש״ך, דרוקעריי פון ר׳ אברהם יצחק פריעדמאַן, אַנגעגיבן לויט סדרה און פסוק.

**מא,א׳** = מעשה אברהם אבינו ע״ה ממה שאירע לו עם נמרוד, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק אין בית המדרש חדר א׳, לייפּציג 1853, זייטן 25־34.

**מא,ב׳** = מעשה אברהם, אין בית המדרש חדר ב׳, זייטן 118־119, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, לייפּציג 1853.

**מא,ג׳** = מעשה אברהם אבינו... אין אגדת אגדות... חלק א׳, זייטן 43־46, עדיציע ר׳ חיים מאיר הורוויץ הלוי, ברלין, תרמ״א.

**מא,ד׳** = מדרש דאברהם אבינו, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, בית המדרש, חדר ה׳, זייטן 41־40, ווין, 1873.

**מאור** = מאור עינים אויף תורה פון רבי מנחם נחום פון טשערנאָביל, לעמבערג 1848.
זעט מאור זייט סו, און לת זייט סה.

**מאוש** = מאור ושמש אויף תורה און ימים טובים פון ר׳ קלונימוס קלמן ב״ר אהרן הלוי, ניו־יאָרק, תשי״ח, אָנגעגיבן לויט סדרה און זייט. געדרוקט אויך אין חומשים.

**מאָזעס** = מאָזעס אים ליכטע דער אגדה, פון אהרן בר׳ משה ראָזמאַרין, ניו יאָרק, 1932.

**מגי.** = מסכת מגילה.

**מגי. ירוש.** = מגילה ירושלמי עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט אָנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**מגית** = מסכת מגילת תענית, עדיציע ר׳ יהודה ליב ב״ר מנחם דיין דק״ק קראָטאָשין, אין דרוקעריי פון ר׳ יצחק גאָלדמאַן, וואַרשא, תרל״ד; איבערגעדרוקט אין תל אביב, אָנגעגיבן לויט פרק און זייט.
פערגלייכט: עדיציע ר׳ מנשה גראָסבערג, לעמבערג, תרס״ו; עדיציע ר׳ אברהם הלוי ב״ר יוסף, הוראדנא, תקס״ג.

**מגלה** = מגלה עמוקות אויף תורה, פון ר׳ נתן נטע שפירא, לעמבערג תרמ״ב, ניו־יורק תשי״ח, אָנגעגיבן לויט סדרה און זייט.

**מגן** = מגן וצנה, אַ פאַרטיידיגונג אויפן תלמוד, פון ר׳ יהודה אריה (לעאָן) דע מודינא, ברעסלוי, תרט״ז.
זעט מגן, זייט סז.

**מגן א** = מגן אברהם אויף תורה, מרבינו... מוהר״ר אברהם (טריסקער מגיד), לובלין, תרמ״ז, 1886, אָנגעגיבן לויט סדרה און זייט.
זעט לת זייט סה.

**מדה** = מדרשי התורה, פון רבינו שלמה אסטרוק, עדיציע „מקיצי נרדמים״, ברלין, 1889, ניו יאָרק, תשי״ט, אָנגעגיבן לויט סדרה און זייט.

**מדר** = מדרש רות אין זהר חדש, זייטן 70־59, אַמסטערדאַם, אָנגעגיבן לויט זייט און שפּאַלט.

**מדרב** = מדרש רבה אויף תורה און אויף די פינף מגילות: אסתר, שיר השירים, רות, איכה, קהלת, ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח און תרצ״ח, חורב אויסגאַבע ברלין, ניו יאָרק אויסגאַבעס תשי״ב און תשי״ג.

**מדרל** = מדרש דברים רבה... שאול ליבערמן, ירושלים, ת״ש.

**מדרת,א׳** = מדרש תמורה, בית המדרש חדר א׳, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, זייטן 114־106, לייפציג, 1853.

**מדרת,ב׳** = מדרש תמורה, אוצר המדרשים, כתבי־יד, חלק ב׳, ר׳ שלמה אהרן ווערטהיימער, ירושלים, תרע״ד, זייטן א־טז.

**מדת** = מדרש תנאים על ספר דברים, חוברת ראשונה ושנייה, עדיציע ר׳ דוד צבי האָפפמאַנן, ברלין 1909, 1908.

**מהג,א׳** = מדרש הגדול... אויף בראשית, עדיציע ר׳ שניאור זלמן שעכטער, קעמברידזש 1902, אָנגעגיבן לויט סדרה און פסוק, אָדער לויט זייט.

**מהג,ב׳** = מדרש הגדול... אויף שמות, עדיציע ר׳ דוד צבי האָפפמאַנן, ברלין 1921־1913, אָנגעגיבן לויט סדרה, אָדער לויט זייט. (חוברת ראשונה, ברלין, תרע״ד; חוברת שנייה, ברלין, תרפ״א).

**מהג,ג׳** = מדרש הגדול... אויף ויקרא, עדיציע ר׳ נחום אליהו ראַבינאָוויץ, ניו יאָרק, תרצ״ב, אָנגעגיבן לויט סדרה און זייט.

**מהרזו** = אַ פירוש אויף מדרש רבה אויף תורה און די מגילות פון ר׳ זאב וואלף ב״ר ישראל איסר איינהאָרן, ניו יאָרק, תשי״ב. פערגלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרלח, תרצח.

**מהרשא** = מהרש״א אויף תורה.
זעט מהרש״א, זייט סח.

**מוק** = מסכת מועד קטן.

**מוק. ירוש.** = מועד קטן ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אַנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**מז** = מדרש זוטא, עדיציע ר׳ שלמה באַבער, ברלין, 1894.

**מטא** = מטה אהרן, אויף תורה און ש״ס, פון ר׳ אהרן אלרבי.

**מכ** = מתנות כהונה, אַ פירוש אויף מדרש רבה אויף תורה און אויף די פינף מגילות.

**מכבה** = מדרש כתפוח בעצי היער עדיציע, ר׳ יהודה דוד אייזענשטיין אין „אוצר מדרשים״, ניו יאָרק, 1915.

**מכות** = מסכת מכות.

**מכות ירוש.** = מכות ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אַנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**מלבימ** = אַ פירוש אויף תנ״ך פון ר׳ מאיר ליבוש בן יחיאל מיכל, ניו יאָרק, תש״ו.
זעט מלבי״מ, זייט סח.

**מלכ.א׳** = מלכים א׳, אַנגעגיבן לויט קאַפּיטל און פסוק.

**מלכ.ב׳** = מלכים ב׳, אַנגעגיבן לויט קאַפּיטל און פסוק.

**ממ** = מדרש משלי, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, ווילנע 1893, אַנגעגיבן לויט פרשה און זייט.

**ממא** = מדרש מגילת אסתר (מדרש אחר על מגילת אסתר), עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק אין בית המדרש חדר א׳, זייטן 24־19, לייפּציג, 1853.

**ממנ** = מחברת מנחם בן סרוק. עס איז די ערשטע אַרבעט וועגן די שורשים, וואורצלען פון די לשון הקודש, און פון די אַראַמעאישע ווערטער אין די תנ״ך ספרים דניאל און עזרא, עדיציע ר׳ צבי הירש פיליפּאָווסקי, לונדון, תרי״ד.
זעט ממנ, זייט סט.

**מנהמ** = ספר מנורת המאור פון ר׳ ישראל בן יוסף בן אלנקאַוה, עדיציע הלל גרשם המכונה הימן ענעלאָו, פיר חלקים, בלוך, ניו־יאָרק, תרפ״ט־תרצ״ב, אַנגעגיבן לויט חלק, פרק, זייט.
זעט מנהמ, זייט ע.

**מנח.** = מסכת מנחות.

**מנחה** = מנחה בלולה, אויף תורה, פון ר׳ אברהם מנחם ב״ר יעקב הכהן רפא מפורט (רפאפורט), ווערונה, שנ״ד, געדרוקט שפּעטער אין חומשים.

**מע** = מדרש אותיות דרבי עקיבא, עדיציע ר׳ שלמה אהרן ורטהימר, ירושלים, תרע״ד.
זעט: אבדע, אבדע,ב׳, אבדע,ג׳, זייט לג.

**מע,ב׳** = מדרש ר׳ עקיבה בן יוסף, אין בית המדרש, חדר חמישי, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, זייטן 33־31, וויען, תרל״ג.
זעט: אבדע, אבדע,ב׳, אבדע,ג׳, זייט לג.

**מפא** = מדרש פטירת אהרן, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק אין בית המדרש חדר א׳, זייטן 95־91, לייפּציג, 1853.

**מצ,א׳** = מצודת דוד, אַ פירוש אויף נביאים און כתובים פון ר׳ דוד ב״ר אריה ליב אַלטשולר וועלכער טייטשט אויס דעם אינהאַלט, געדרוקט אין נ״כ ספרים.
זעט מצ,א׳, זייט ע.

**מצ,ב׳** = מצודת ציון, אַ פירוש אויף נביאים וכתובים פון ר׳ יחיאל הלל ב״ר דוד אַלטשולר וועלכער טייטשט אויס די ווערטער, געדרוקט אין די נ״כ ספרים.
זעט מצ,ב׳, זייט ע.

**מקוה** = מקוה ישראל, דרשות פון ר׳ ישׂ־ראל ב״ר נאַגאַראַ (נאַדזשאַראַ). זעט אויך זיין „מערכות ישראל״, אַ פּירוש אויף תורה.
זעט מקוה, זייט ע.

**מרא** = משנת רבי אליעזר, או מדרש שלשים ושתים מדות, עדיציע ר׳ הלל גרשם ענעלאָו, בלוך, תרצ״ד, אָנגעגעבן לויט פּרשה און זייט.

**מרג.** = מרגניתא דר״ב אויף תורה, טיילען פון נביאים, כתובים, הגדה לפסח, ימים טובים און אגדות, פון ר׳ ברוך תאומים פרענקיל, לונדון, תשי״ז.

**מרג,ב׳** = מרגניתא דבי רב, בית המדרש עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, חדר ב׳, זייטן 120־122, לייפּציג, 1853.

**מרי** = מכילתא דרבי ישמעאל אויף שמות... עדיציע ר׳ מאיר איש שלום (פרידמאַן), הוצאת אום, ניו יאָרק, תש״ח, אָנגעגיבן לויט מסכתא און פּאַראַגראַף, אַמאָל אויך לויט דער זייט.
פּערגלייכט עדיציע אייזיק הרש ווייס, תר״ל, וויען 1865.

**מריש** = מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי אויף שמות... עדיציע ר׳ דוד צבי האָפּפּ־מאַנן, פראַנקפורט אַם מאַין, 1905.
זעט אוצר מדרשים כתבי־יד, חלק א׳, עדיציע ר׳ שלמה אהרן ורטהימר, ירושלים, תרע״ג, זייטן נח־סג.

**מש** = מדרש שמואל, עדיציע ר׳ שלמה באָבער קראָקע, 1893, אָנגעגיבן לויט פּרשה און סימן.

**משך** = משך חכמה אויף תורה פון ר׳ מאיר שמחה כהן, ירושלים, תש״ו, אָנגעג־גיבן לויט סדרה און זייט.
זעט משך, זייט עא.

**משנה** = משנה למלך, אַ פּירוש אויפן רמב״ם פון ר׳ יהודה רוזאַניס, געדרוקט מיטן רמב״ם.
זעט משנה, זייט עב.

**מתנ** = מדרש תנאים על סדר דברים, חוברת ראשונה, ושנייה, עדיציע ר׳ דוד צבי האָפּמאַנן, ברלין, 1909־1908.

**נדה** = מסכת נדה.

**נדה ירוש.** = נדה ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פּרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**נדר.** = מסכת נדרים.

**נדר. ירוש.** = נדרים ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פּרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**נוסח** = הנוסח השומרוני של התורה, העתקה מתוך נוסח המסורה, עדיציע ר׳ חיים העליר, ברלין, תרפ״ט.
זעט פּשיטא, זייט עה.

**נזיר** = מסכת נזיר.

**נזיר ירוש.** = נזיר ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פּרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**נסאז** = נספּחים לסדר אליהו זוטא, והם שלשה פּרקי דרך ארץ, ושבעה פּרקי רבי אליעזר (פּסודאַ, פּסעוודאָ סדר אליהו זוטא), עדיציע ר׳ מאיר איש שלום (פרידמאַן), וויען 1904, אָנגעגיבן לויט פּרק און זייט.
זעט סאר, סאז, מג.

**נצא** = נצוצי אורות, אויפן זהר פון חיד״א, ר׳ חיים יוסף דוד אַזולאַי, געדרוקט אין זהר.
זעט חידא, זייט סא.

**סאז** = סדר אליהו זוטא, און

**סאר** = סדר אליהו רבה המובאים בשם תנא דבי אליהו, עדיציע ר׳ מאיר איש שלום (פרידמאַן), וויען 1902, אָנגעגיבן לויט פּרשה און זייט.

**סאר, סאז** = סדר אליהו רבה וסדר אליהו זוטא המובאים בשם תנא דבי אליהו, עדיציע ר׳ מאיר איש שלום (פרידמאַן) וויען, 1864, אַנגעגיבן לויט פרשה, פיסקא און זייט.
זעט תדאז, תדאר, זייט מח.

**סד** = ספרי דאגדתא, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, ווילנא, 1886.

**סה** = סדר הדורות... פון ר׳ יחיאל הייל־פרין... עדיציע ר׳ נפתלי משכיל לאיתן, וואַרשא, דרוק פון ר׳ יצחק גאָלדמאַן, תרכ״ז, אַנגעגיבן לויט זייט. פערגלייכט אויסגאַבע ירושלים, תשט״ז.
זעט סה, זייט עג.

**סהל** = ספר הלקוטים, עדיציע ר׳ אלעזר הלוי דר. גרינהוט, ירושלים, חלק א׳, תרנ״ח; חלק ב׳, תרנ״ח; חלק ג׳, תרנ״ט; חלק ד׳, תר״ס; חלק ה׳, תרס״א; חלק ו׳, תרס״ג.

**סוטה** = מסכת סוטה.

**סוטה ירוש.** = סוטה ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אַנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**סוכה** = מסכת סוכה.

**סוכה ירוש.** = סוכה ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אַנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**סופרים א׳** = מסכת סופרים.

**סופרים ב׳** = מסכת סופרים, עדיציע ד״ר מיכאל היגער, ניו יאָרק, „דבי־רבנן״, תרצ״ז.

**סח** = ספר חסידים, עדיציע וויסטינעצקי, ברלין, 1891. פערגלייכט: עדיציע ר׳ ראובן מרגליות, ירושלים, תשי״ז; יוזעפאָף אויסגאַבע איבער געדרוקט אין אַרגענטינע, תשי״ב און אין ברוקלין, נ. י., תשכ״ב.
זעט סח, זייט עג.

**סיבי** = סידור בית יעקב... פון ר׳ יעקב מעמדין (פון עמדין), לעמבערג, תרס״ד.
זעט סיבי, זייט עד.

**סנה.** = מסכת סנהדרין.

**סנה. ירוש.** = סנהדרין ירושלמי, הוצאות חורב, ברלין, תרפ״ט, אַנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**סער** = סדר עולם רבה, עדיציע ר׳ בער ראַטנער, ווילנע, 1897, אַנגעגיבן לויט פרק.

**ספה** = ספר המעשים.
זעט הלל, זייט לו.

**ספור.** = ספורנו, אַ פירוש אויף תורה פון ר׳ עובדיה ספורנו, געדרוקט אין חומשים.

**ספרא** = ספרא דבי רב, (תורת כהנים), עדיציע איזק הרש וויס, אום אויסגאַבע, ניו יאָרק, תש״ז, אַנגעגיבן לויט סדרה און זייט. פערגלייכט עדיציע ר׳ מאיר איש שלום (פרידמאַן), ברעסלוי, תרע״ה.

**ספרי** = ספרי דבי רב, אויף במדבר און דברים, עדיציע ר׳ מאיר איש שלום (פרידמאַן), אויסגאַבע אום, ניו יאָרק, תש״ח, אַנגעגיבן לויט סדרה און פיסקא.

**ספרי,א׳** = ספרי זוטא אויף במדבר, עדי־ציע ר׳ חיים שאול האָראָוויץ, לייפּציג, 1917.

**ספרי,ב׳** = ספרי זוטא אויף במדבר, (קובץ מעשי התנאים) Corpus Tannaiticum עדי־ציע ר׳ חיים שאול האָראָוויץ, לייפּציג, תרע״ז, אַנגעגיבן לויט סדרה און זייט.

**סרד** = סדר רבה דבראשית, בתי מדרשות, עדיציע ר׳ שלמה אהרן ורטהימר, מהדורה חדשה... כרך ראשון, מוסד הרב קוק, ירו־שלים, תשי״ב.

**סשה** = סדור שער השמים, תפילות אויף אַ גאַנץ יאָר, פון ר׳ ישעיה ב״ר אברהם הלוי הורוויץ (של״ה) ניו יאָרק, תשי״ד.
זעט שלה, זייט צז.

**עבוד.** = עבודת ישראל אויף תורה, ימים טובים, פּרקי אבות, ליקוטים, חידושי הלכות, פון ר׳ ישראל ב״ר שבתי, פון קאָזשעניץ, אָנגעגיבן לויט זייט.
זעט עבוד., זייט עד.

**עהחל** = על התרגום הירושלמי לתורה פון ר׳ חיים העליר, ניו יאָרק, תרפ״א.
זעט פּשיטא, זייט עה.

**עולל.** = עוללות אפרים, דרשות, אויסטייטשונגען אויף תורה, ימים טובים, שמחות פון ר׳ שלמה אפרים ב״ר אהרן לונטשיץ.
זעט כלי, זייט לט, און עמוד.

**עז** = מסכת עבודה זרה.

**עז ירוש.** = עבודה זרה ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פּרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**עי** = עץ יוסף, אַ פּירוש אויף מדרש תנחומא אויף תורה, פון ר׳ חנוך זונדל.
זעט ענף.

**עיר.** = מסכת עירובין.

**עיר. ירוש.** = עירובין ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פּרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**עמוד.** = עמודי שש, דרשות און אויסטייטשונגען פון ר׳ שלמה אפרים ב״ר אהרן לונטשיץ.
זעט כלי, זייט לט, און עולל.

**ענף** = ענף יוסף, אַ פּירוש אויף מדרש תנחומא אויף תורה, פון ר׳ חנוך זונדל.
זעט עי.

**ערב.** = ערבי נחל, חידושים און אויסטייטשונגען אויף תורה פון ר׳ דוד שלמה איבשיץ, לעמבערג, תרט״ז.

**ערכ.** = מסכת ערכין.

**פּחד** = פּסיקתא חדתא, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, בית המדרש חדר ו׳, 36־38, וויען תרל״ח.

**פּמ.א׳** = מדרש פּטירת משה רבינו ע״ה, אין בית המדרש חדר א׳, זייטן 129־155; עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, לייפּציג, 1853.

**פּמ.ב׳** = מדרש פּטירת משה רבינו ע״ה, נוסחא ב׳ אין בית המדרש חדר ששי, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, ווין 1871, זייטן 71־78.

**פּמ.ג׳** = דרש לפּטירת משה רבינו ע״ה אין ספר דברי הימים של משה רבינו, עדיציע גאָאולמין, פּאַריז, 1628.
פערגלייכט אוצר מדרשים עדיציע ר׳ יהודה דוד אייזענשטיין, ניו יאָרק 1928.

**פּסח** = מסכת פּסחים.

**פּסח. ירוש.** = פּסחים ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פּרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**פּער** = פּענח רזא אויף תורה מיט נוטריקון און גמטריאות, פון ר׳ יצחק ב״ר יהודה הלוי, אַן איניקל פון ר״ש מפּלייזא, מיט הגהות פון ר׳ יצחק ב״ר שמעון כ״ץ, איידעם פון מהר״ל פון פּראַג.

**פּר** = מדרש פּסיקתא רבתי, עדיציע ר׳ מאיר איש שלום (פרידמאַן), וויען, תר״מ, 1880, אָנגעגיבן לויט זייט און אַמאָל אויך לויט פּיסקא.
זעט פּרכ, זייט מה; שפּס, זייט מז.

**פּרא** = פּרקי רבי אליעזר מיט ביאור הרד״ל (ר׳ דוד לוריא), אום אויסגאַבע, ניו יאָרק, תש״ו, אָנגעגיבן לויט פּרק.

**פּרא.א׳** = פּרק האחרון מפּרקי רבי אליעזר, אין בתי מדרשות, מהדורה חדשה מאת הרב אברהם יוסף ורטהימר, כרך ראשון, ירושלים תשי״ב.

**פרא,ב׳** = פרק רבי אליעזר בן הורקנוס, אין אגדת אגדות... חלק א׳, עדיציע ר׳ חיים מאיר הלוי הורוויץ, ברלין, תרמ״א.
זעט אגאג, זייט לג.

**פרהק** = פרקי רבינו הקדוש אין ספר הליקוטים חלק שלישי, זייטן 90־33, עדיציע ר׳ אלעזר הלוי דר. גרינהוט, ירו־שלים, תרנ״ט, אָנגעגיבן לויט פרק און סימן.

**פרכ** = פסיקתא דרב כהנא, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, אויסגאַבע אום, ניו יורק, תש״ט. אָנגעגיבן לויט זייט, אַמאָל אויך לויט פסקא.
זעט: פר, זייט מד; שפס, זייט מז.

**פרשת** = פרשת דרכים, דרושים פון ר׳ יהודה רוזאַניס, מחבר פון „משנה למלך״ אויפן רמב״ם, תש״ז.
זעט משנה, זייט עב.

**פשיטא,א׳** = הוא התרגום הסורי לתנ״ך, בראשית, עדיציע ר׳ חיים העליר, ברלין, תרפ״ח.
זעט פשיטא, זייט עה.

**פשיטא,ב׳** = הוא התרגום הסורי לתנ״ך, שמות, עדיציע ר׳ חיים העליר, ברלין, תרפ״ט.
זעט פשיטא, זייט עה.

**צפנ.** = צפנת פענח, אַ פירוש אויף חומש, פון ר׳ יוסף ראָזין.
זעט צפנ., זייט עט.

**קדל** = קדושת לוי אויף תורה, פון ר׳ לוי יצחק ב״ר מאיר פון בערדיטשעוו.
זעט קדל, זייט פ.

**קהי** = קהלת יצחק אויף תורה... פון ר׳ יצחק ב״ר ניסן, ב״ר שמואל נאמן, כרם, נויורק, תש״ח.

**קהר** = מדרש קהלת רבה. זעט קר.

**קובץ** = קובץ מעשי התנאים.
זעט ספרי ב׳, זייט מג.

**קונד.** = קונדרים אחרון ממדרש ילמדנו לר׳ שמעון הדרשן בעל הילקוט, בית המדרש חדר ששי, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, זייטן 90־79, ווינא, תרל״ח.

**קז** = מדרש קהלת זוטא, אין מדרש זוטא 130־83, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, בער־לין, 1894.
זעט מז, זייט מא.

**קיד.** = מסכת קידושין.

**קיד. ירוש.** = קידושין ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**קר** = מדרש קהלת רבה, ניו יאָרק תשי״ב, אָנגעגיבן לויט פרשה און סימן. פער־גלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**ראבד** = ר׳ אברהם בר׳ דוד, געדרוקט אינעם רמב״ם.
זעט ראב״ד, זייט פא.

**רדל** = ביאור הרד״ל (רבי דוד לוריא), אַ פירוש אויף פרקי רבי אליעזר, אום אויסגאַבע ניו יאָרק, תש״ו.

**רדל,ב׳** = חידושי הרד״ל (רבי דוד לוריא), ניו יאָרק תשי״ב. פערגלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**רדק** = רבי דוד קמחי, אַ פירוש אויף ספרים פון תנ״כ.
זעט רדק, זייט פא.

**רה** = מסכת ראש השנה.

**רה ירוש.** = ראש השנה ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, אָנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**רז** = מדרש רות זוטא, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, אין מדרש זוטא 56־45, ברלין 1894.
זעט מז, זייט מא.

**רלבג** = **ר' לוי בן גרשון**, אַ פּירוש אויף תורה, געדרוקט אין חומש.
זעט רלבג, זייט פּב.

**רמבמ** = משנה תורה... רבינו **משה בן מיימון**, שולזינגר, ניו יאָרק, תש״ז. אָנ־געגיבן לויט ענין, הלכה, פּרק.
זעט רמבמ, זייט פּב.

**רמבנ** = **ר' משה בן נחמן**, אַ פּירוש אויף תורה, געדרוקט אין די חומשים.
זעט רמבנ, זייט פּד.

**רקאַנ.** = **רקאַנטי**, אַ פּירוש אויף תורה פון רבינו מנחם פון רקאַנט, אויסגאַבע פון הרב מרדכי עטיה, ירושלים, תשכ״א.
זעט רקאַנ., זייט פּה.

**רר** = מדרש רות רבה, ניו יאָרק, תשי״ב, אָנגעגיבן לויט פּרשה און סימן.
פּערגלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**ררז** = מדרש רות אין זהר חדש, זייטן נט־ע, אַמשטרדם (אַמסטערדאַם), 1701.

**ררזמ** = מדרש רות זוטא, אין מדרש זוטא עדיציע ר' שלמה באָבער, 45־56, ברלין, 1894.
זעט מז, זייט מא.

**רשבמ** = רבינו **שמואל ב״ר מאיר**, אַ פּירוש אויף תורה, געדרוקט אין חומשים. פּערגלייכט עדיציע ר' דוד ראָזין, ברעסלוי 1881, הוצאת אום, ניו יורק, תש״ט.
זעט רשבמ, זייט פּה.

**רשי** = רבינו **שלמה יצחקי**, אַ פּירוש אויף תנ״כ און תלמוד בבלי. פּערגלייכט מיט ברלינרס אויסגאַבע „רש״י על התורה״, פראַנקפורט אַם מאַין, תרס״ה, 1905.
זעט רשי, זייט פּה.

**רשש** = **ר' שמואל שטראַשון**, חידושים אויף מדרש רבה, ניו יאָרק, תשי״ב.
פּערגלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**רת** = **רבינו תם**, ר' יעקב ב״ר מאיר, פון די „בעלי התוספות״, מחבר פון „ספר הישר״.
זעט ר״ת, זייט צא.

**ש.א'** = **שמואל א'**, אין תנ״כ, אָנגעגיבן לויט קאַפּיטל און פּסוק.

**ש.ב'** = **שמואל ב'**, אין תנ״כ, אָנגעגיבן לויט קאַפּיטל און פּסוק.

**שבו.** = מסכת **שבועות**.

**שבו. ירוש.** = **שבועות ירושלמי**, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פּרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**שבחי** = **שבחי הבעל שם טוב**, פון ר' דוב בער ב״ר שמואל שוחט, זשאָלקווע, 1850.
זעט שבחי, זייט צב.

**שבע** = **שבע** מסכתות קטנות עדיציע דר. מיכאל היגער, בלוך, ניו יאָרק תר״ץ.

**שבת** = מסכת **שבת**.

**שבת ירוש.** = **שבת ירושלמי**, עדיציע חורב, ברלין תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פּרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**שה** = **שרידי הירושלמי**, עדיציע לוי גינצ־בורג, ניו יורק, 1909, תרס״ט, אָנגעגיבן לויט זייט.

**שהק** = **שלשלת הקבלה**... פון ר' גדליה ן' יחייא, ירושלים, תשכ״ב.
פּערגלייכט אויסגאַבע ווענעדיג, 1587.
זעט שהק, זייט צז.

**שוט** = מדרש תהלים המכונה **שוחר טוב**, עדיציע ר' שלמה באָבער, הוצאת אום, ניו יורק, תש״ח, אָנגעגיבן לויט מזמור און פּסוק.
זעט ילה, זייט לח.

**שוט.ב'** = מדרש **שוחר טוב** למזמורי תהלים, עדיציע ר' אהרן יעללינעק, אין בית המדרש חדר ה, 70־86, וויען 1873.
זעט ילה, זייט לח.

**שוט,ג׳** = לקוטים ממדרש שוחר טוב אין בתי מדרשות, עדיציע הרב שלמה אהרן ורטהימר, מהדורה חדשה מאת ר׳ אברהם יוסף ורטהימר, ירושלים תשי״ב.

**שח** = שפתי חכמים, אַ קיצור פון די מפרשים אויף רש״י׳ס פירוש אויף תורה פון ר׳ שבתי משורר ב״ס מפּראַג. געדרוקט אין חומשים.

זעט שח, זייט צז.

**שט** = מדרש שכל טוב אויף בראשית און שמות, פון רבינו מנחם ב״ר שלמה, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, ברלין, 1901־1900, אַנגעגיבן לויט ספר, סדרה, זייט, אויך לויט סדרה און פסוק.

**שיר** = שיר השירים רבה, ניו יאָרק תשי״ב, אַנגעגיבן לויט פרשה און פסוק, אַמאָל אויך לויט סימן. פערגלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**שיה,ב׳** = מדרש שיר השירים אין זהר חדש מח־נט, אַמשטרדם, 1701.

**שיה,ג׳** = מדרש שיר השירים זוטא, אין מדרש זוטא, 41־3, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, ברלין.

זעט מז, זייט מא.

**שיה,ד׳** = אגדת שיר השירים, עדיציע ר׳ שניאור זלמן שעכטער, קעמברידזש, 1896.

**שיה,ה׳** = לקוטי נוסחאות ממדרש שיר השירים רבה, בתי מדרשות, בית ד׳, עדיציע ר׳ שלמה אהרן ורטהימר, מהדורה חדשה, מאת ר׳ אברהם יוסף ורטהימר, כרך ראשון, ירושלים תשי״ב.

**שלה** = שני לוחות הברית... פון ר׳ ישעיה ב״ר אברהם הלוי הורוויץ, וואַרשע, תרי״ב.

זעט סשה, זייט מג, און שלה, זייט צז.

**שלשה** = מדרש שלשה וארבעה אין ספר אוצר מדרשים, כתבי־יד חלק א׳, עדיציע ר׳ שלמה אהרן וירטהימר, זייטן כט־נז, ירושלים תרע״ג.

**שמהג** = שם הגדולים, פונעם חיד״א.

זעט חידא, זייט צח.

**שמחות** = מסכת שמחות עדיציע דר. מיכאל היגער, ניו יאָרק, בלוך, תרצ״א.

**שמחז.** = שמחזאי ועזאל, אין בית המדרש חדר רביעי 128־127, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, לייפּציג, תרי״ז.

**שפא** = שפת אמת אויף תורה, ימים טובים, ספּעציעלע שבתים פון ר׳ יהודה אריה ליב פון גור, ניו־יורק, נ. י., תשי״ג.

זעט שפא, זייט צט.

**שפּם** = שלש פסיקתות, אין בתי מדרשות, מאת הרב שלמה אהרן ורטהימר, מהדורה חדשה עם הוספות... מאת ר׳ אברהם יוסף ורטהימר, כרך ראשון, הוצאת מוסד הרב קוק, ירושלים תשי״ב, אַנגעגיבן לויט דער זייט.

פערגלייכט מיט אויסגאַבע ירושלים, תרנ״ז.

זעט: פר, זייט מד; פר״כ, זייט מה.

**שצ** = שפתי צדיק, אַ פירוש אויף חומש בראשית (לחנוכה), פון ר׳ פנחס מנחם אלעזר פון ווילץ (וויערשוב און טשענסטאָכאָוו), ירושלים תשט״ז, אַנגעגיבן לויט סדרה און סימן.

זעט שצ, זייט ק.

**שקל.** = מסכת שקלים.

**שקל. ירוש.** = שקלים ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אַנגעגיבן לויט פרק און הלכה.

זעט בב ירוש., זייט לה.

**שר** = מדרש שמות רבה, ניו יאָרק, תשי״ב, אַנגעגיבן לויט פרשה און סימן. פערגלייכט ראַם אויסגאַבעס ווילנע, תרל״ח, תרצ״ח.

**שש** = שיח שרפי קודש, גוטע ווערטער פון חסיד׳ישע רביים, געזאַמלט פון ר׳ יועץ קים קדיש ראַקאָץ, אויסגאַבע ירושלים, ברוקלין, נ. י., אַנגעגיבן לויט חלק און זייט.

**תדאז; תדאר** = **תנא דבי אליהו זוטא** און **תנא דבי אליהו רבה**, עדיציע הור־וויץ, פראַנקפורט אַם מאַין, תרמ״ב.
זעט סאז, סאר, זייטן מב־מג.

**תדשא** = מדרש **תדשא**, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, אין בית המדרש חדר ג׳, זייטן 164־193, לייפציג, תרט״ו.

**תוס.** = **תוספות** אויף תלמוד בבלי.

**תוספ.** = **תוספתא** על פי כתבי יד ערפורט, וויען, עדיציע ר׳ משה שמואל צוקער־מאַנדעל, פאַסעוואַלק, 1881, אָנגעגיבן לויט מסכתא, פרק און זייט. פערגלייכט, ליבער־מאַן׳ס אויסגאַבע.

**תיי** = **תולדות** יעקב יוסף, אויף תורה פון ר׳ יעקב יוסף פון פולנאה. ער איז געווען ר׳ ישראל בעל שם טוב׳ס אַ תלמיד.
זעט תיי, זייט קא.

**תנח.** = מדרש **תנחומא** אויף תורה, מיט די פירושים עץ יוסף און ענף יוסף, ירושלים, תש״ך, אָנגעגיבן לויט סדרה און סימן. פערגלייכט: אויסגאַבע חורב, ניו יאָרק, ברלין, תרפ״ז; מדרש תנחומא מיט אידישער איבערזעצונג (עברי טייטש), וואַרשע, תרמ״ד, איבער געדרוקט אין וויליאַמסבורג, ברוקלין, נ. י., תשכ״ג.

**תנח.ב׳** = מדרש **תנחומא** הקדום והישן, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, ווילנע 1885, ניו יאָרק תש״ו, אָנגעגיבן לויט סדרה און סימן.

**תנח.ג׳** = פרשיות ממדרש **תנחומא**, בית המדרש חדר ששי, זייטן 91־105, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, ווינא (וויען), תרל״ח.

**תענ.** = מסכת **תענית**.

**תענ. ירוש.** = **תענית** ירושלמי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָנגעגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט בב ירוש., זייט לה.

**תפילה** = **תפילה** למשה פון ר׳ משה טייטעלבוים אויף תהלים, ניו יאָרק, תשי״ט.
זעט ישמח, זייט לח.

**תר.א׳** = **תרגום** אונקלוס אויף תורה. פערגלייכט עדיציע ר׳ אברהם ברלינער, ברלין, תרמ״ד.

**תר.ב׳** = **תרגום** יונתן בן עוזיאל אויף תורה. פערגלייכט עדיציע ר׳ משה גינז־בורגר, ברלין, תרס״ג.

**תר.ג׳** = **תרגום** ירושלמי אויף תורה. פערגלייכט תרגום ירושלמי לתורה, עדיציע ר׳ משה גינזבורגר, ברלין, 1899.

**תר.ד׳** = **תרגום** אויף מגילת אסתר.

**תר.ה׳** = **תרגום** שני אויף מגילת אסתר.

**תר.ו׳** = **תרגום** אויף שיר השירים.

**תר.ז׳** = **תרגום** אויף רות.

**תר.ח׳** = **תרגום** אויף איכה.

**תר.ט׳** = **תרגום** אויף קוהלת.

**תר.י׳** = **תרגום** יונתן בן עוזיאל אויף תורה.
זעט תר.ב׳.

**תשמע** = **תורת שמעון**, אויף תורה און ימים טובים, פון ר׳ שמעון פון יעריסלוב.

**תת** = **תורה תמימה**, אַ פירוש אויף מאמרי חז״ל און אויף רש״י אויף תורה, פון ר׳ ברוך הלוי עפשטיין ב״ר יחיאל מיכל הלוי, געדרוקט אין חומש.

זכר כולם לברכה

# מחברים (פּערפאַסערס) און ספרים



זכר כולם לברכה

# ביאָגראַפיעדיגס וועגן מחברים וועמענס ספרים עס ווערן דערמאָנט אין דעם דאָזיגן באַנד

## אב. — אבודרהם

ר׳ דוד בר׳ יוסף בר׳ דוד, האָט געלעבט אין דער שטאָט סעוויל. עס איז פאַראַן אַ סברא אַז ער איז געווען דער הויפּט פון דער קהילה אין טולידא, שפּאַניע. ער איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ יעקב׳ן, דער בעל הטורים דעם ראַ״ש׳ס זון. עס איז אָבער פאַראַן אַ מיינונג אַז ער איז ניט געווען דעם בעל הטורים׳ס תלמיד, ווייל ווען ער דערמאָנט „ר׳ יעקב״ רופט ער אים ניט רבי.

ר׳ דוד איז דער מחבר פון דעם ספר אבודרהם (אַבודאַרהאַם). ער האָט פערפאַסט אים אין דעם יאָר 1340, און ער האָט גערופן אים „חבור פירוש הברכות והתפילות״; אָבער דער ספר איז בעקאַנט פּשוט אַלס „אבודרהם״. דער מחבר ערקלערט די תפילות פון אַ גאַנץ יאָר מיט גרויס געשמאַק. זיינע ערקלערונגען זיינען באַזירט אויף תלמוד ירושלמי, תלמוד בבלי, אויף די הלכות פון די גאונים, פון די פריערדיקע פוסקים און פון די חכמים פון זיין צייט, ווי דעם רא״ש און זיינע זין דער בעל הטורים און ר׳ יחיאל, ר׳ אלעזר פון גערמייזא, בעקאַנט אַלס דער „רוקח״, ר׳ אשר פון לוניל, ר׳ יוסף הלוי פון מיגש, דער אב בית דין ר׳ אברהם ב״ר יצחק, אבן ירחי בעקאַנט אַלס „המנהיג״, און נאָך.

דער „אבודרהם״ איז געדרוקט געוואָרן דאָס ערשטע מאָל אין ליסאַבאָן, אין דעם יאָר 1490. ער איז אָנגענומען געוואָרן ביי די אידן פון דער גאַנצער וועלט אַלס דער פוסק אין ענינים פון די תפילות, און ער ווערט בעטראַכט אַלס דער וויכטיקסטער ספר אויף דעם דאָזיקן געביט.

## אבר. — אברבנאל

דון יצחק בן ר׳ דוד יהודה איז געבאָרן געוואָרן אין ליסאַבאָן אין דעם יאָר 1437. זיין פאָטער איז געווען פינאַנץ מיניסטער ביי דעם קעניג פון פּאָרטוגאַל. שוין אין זיין פריעסטער יוגנט האָט ער געוויזן גרויסע גייסטיקע פעאיקייטן. ער האָט געלערנט ביי די גרעסטע געלערנטע אין זיין צייט. אָבער זיין הויפּט רבי איז געווען ר׳ יוסף ב״ר אברהם חיון. ער איז געווען גוט באַקענט מיט די פילאָזאָפישע ווערק וועלכע זיינען געווען באַוויסט אין זיין צייט.

שוין אין זיין פריער יוגנט האָט ער פערפאַסט זיין „עטרת זקנים״. שפּעטער האָט ער געשריבן זיין „מרכבת המשנה״, אַ פירוש אויפן חומש דברים וועלכער ווערט אָנגערופן משנה תורה. אָבער צוליב מסחר אָנגעלעגנהייטן, און דורך דעם וואָס דער קעניג אַלפאָנז דער פינפטער האָט באַשטימט אים אַלס פינאַנץ מיניסטער, האָט ער געמוזט אויפגעבן זיין ליטעראַרישע אַרבעט. זיין רייכקייט און זיין הויכע רעגירונג שטעלע האָבן ניט געמאַכט אים פאַרגעסן זיינע געיאָגטע

און געפּלאָגטע ברידער און שוועסטערס. ווען דער קעניג אַלפאָנז האָט איינגענומען די שטאָט אַרזילאַ אין מאַראָקאָ, און צווישן די געפאַנגענע האָבן זיך געפונען צוויי הונ־דערט און פופציק אידן, האָט דון יצחק באַשטימט צוועלף מענטשן וועלכע זאָלן זאַמ־לען געלט פאַר „פדיון שבויים“, אויסלייזן די געפאַנגענע אידן. ער אַליין האָט זיי אויסגעהאַלטן אַ צוויי יאָר ביז זיי האָבן אויסגעלערנט זיך די שפּראַך פון דעם לאַנד, און האָבן געקאָנט אַליין פאַרדינען זייער פּרנסה.

אין דעם יאָר 1483 האָבן זיך אָנגעהויבן ביטערע צייטן פאַר דון יצחק'ן. דער קעניג יאָהאַן האָט געהאַסט זיין פאָטערס אידישע בעאַמטע. ער האָט אויסגעטראַכט אַ בלבול אַז די אידן און דון יצחק ווילן פאַראַטן אים און זיין לאַנד צום קעניג פון שפּאַניע. ווען דון יצחק איז געוואָר געוואָרן אַז דער קעניג וויל אים הרג'ענען, איז ער אַנטלאָפן קיין טאָלידאָ. ער האָט געשיקט פון דאָרט אַ בריוו צום קעניג צו בעווייזן זיין אומ־שולדיקייט. אָבער דער קעניג האָט אים איגנאָרירט, און ער האָט קאָנפיסקירט זיין גאַנץ פאַרמעגן.

אברבנאל האָט אָנגעהויבן צו שרייבן זיין פּירוש אויף תנ"כ. אין פאַרלויף פון אַ האַלב יאָר האָט ער פערפאַסט זיין פּירוש אויף יהושע, שופטים, שמואל. דערווייל האָט דער קעניג פערדינאַנד באַשטימט אים אַלס פי־נאַנץ מיניסטער. אין דעם יאָר 1492 איז אַרויס די ביטערע גזרה אַז די אידן מוזן פאַרלאָזן שפּאַניע. אברבנאל'ס בקשות און זיין גרייטקייט צו גיבן דעם קעניג וויפל געלט ער וויל, האָט ניט געהאָלפן, ווייל דער קעניגין איזאַבעלאַ'ס האַס צו אידן האָט געזיגט, און אברבנאל מיט אַלע אַנדערע אידן האָבן געמוזט פאַרלאָזן שפּאַניע.

קומענדיק קיין נעאַפּל האָט דער קעניג פערדינאַנד דער ערשטער באַשטימט אבר־בנאל'ן אַלס זיין ראַט גיבער, און ער איז געוואָרן אויך זיין נאָכפאָלגערס עצה גיבער.

אָבער ווען דער פראַנצויזישער קעניג קאַרל דער אַכטער האָט איינגענומען נעאַפּל, האָט דער קעניג אַלפאָנז דער צווייטער געמוזט אַנטלויפן. דער געטרייער אברבנאל איז אַנט־לאָפן מיט אים. די פראַנצויזן האָבן קאָנפיס־קירט, אַוועק גענומען זיין גאַנץ פאַרמעגן. ער האָט געלעבט אין אָרימקייט אין סיציליע, אין קאָרפו. ער וואַנדערט ווייטער, באַזעצט זיך אינעם יאָר 1503 אין ווענעציע, און ער גלייכט אויס דאָרט אַ האַנדל סכסוך צווישן די ווענעציער מיטן קעניג פון פּאָרטוגאַל.

אברבנאל האָט זיך ווידער געווידמעט זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. ער איז דער מחבר פון:

עטרת זקנים אויפן פסוק „הנה אנכי שולח לך מלאך“,

זבח פסח אויף דער פסח הגדה,

ימות עולם וועגן אַלע גזרות און פער־פאָלגונגען פון אדם הראשון'ען ביז זיין צייט,

ישועות משיחו, ענטהאַלט אַלע מאמרי חז"ל וועגן משיח'ן און וועגן דער גאולה,

להקת הנביאים וועגן נבואה,

מפעלות אלקים וועגן דעם וועלט באַשאַף,

מרכבת המשנה אויפן חומש דברים, און נאָך.

אָבער גאָר באַוויסט זיינען זיינע פּירושים אויפן תנ"כ און אויפן רמב"מ'ס מורה נבוכים, און זיין „נחלת אבות“ אויף פרקי אבות. מאַנכע פון זיינע שריפטן זיינען איבער־זעצט אין אַנדערע שפּראַכן. און אויך ער האָט איבערזעצט פון אַנדערע שפּראַכן.

אברבנאל איז נפטר געוואָרן אין דעם יאָר 1508, אין עלטער פון איין און זיבעציק יאָר. די אידן האָבן געטרויערט זעהר אויף זייער גרויסן פאַרלוסט. אַפילו די האַרן און די אַדעליגע פון ווענעציע האָבן זיך באַ־טייליקט אין זיין לויה. זיינע קינדער האָבן געבראַכט אים קיין פּאַדובאַ וואו ער איז געוואָרן באַערדיקט. אַ יאָר שפּעטער, אין 1509, האָט דער שונא בעלאַגערט די שטאָט, פאַרניכטעט דעם בית הקברות, און מען ווייסט ניט מער וואו זיין קבר געפינט זיך.

# אדרא — אדרת אליהו

ר׳ אליהו ב״ר שלמה זלמן, באַרימט אַלס הגר״א (הגאון ר׳ אליהו), אַלס „דער ווילנער גאון״, און אויך פשוט אַלס „דער גאון״, איז געווען, אַ חוץ זיין גאונות אין תנ״כ, תלמוד און אין דער גאַנצער רבנ׳ישער ליטעראַטור ביז זיין צייט, אַ גרויסער מקובל, מאַטעמאַטיקער און גראַמאַטיקער. ער איז געבאָרן געוואָרן אין דער שטאָט סעלץ, נעבן בריסק, דינסטיק, דעם ערשטן טאָג פסח אין דעם יאָר ת״פ, אַפּריל 23, 1720. זיין פאָטער איז געווען ר׳ ישׂשכר בער ב״ר אליה „חסיד״ ב״ר משה קרעמער, אב בית דין אין ווילנא. זיין מוטער איז געווען טריינע, די טאָכטער פון ר׳ פתחיה ב״ר משה רבקש, מחבר פון „באר הגולה״ אויפן שולחן ערוך.

צו זיבן יאָר האָט ער שוין געזאָגט אין שוהל אַ טיפן פלפול וואָס זיין פאָטער האָט אים אויסגעלערנט. ער האָט געלערנט ביי ר׳ משה מרגלית, דער מחבר פון „פני משה״ אויף תלמוד ירושלמי. פון צען יאָר אָן האָט ער שוין ניט געלערנט ביי אַ רבי׳ן און ניט אין אַ ישיבה. עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז זייט דעם אַלפס און דעם רמב״ם איז ניט געווען זיין גלייכן אין תלמוד.

דער גאון האָט געפירט אַ צוריק געצויגן, אַסקעטיש לעבן. בלויז פון צייט צו צייט פלעגט ער לערנען מיט עטלעכע תלמידים. דאָס איינציקע מאָל וואָס ער איז אַרויס געטרעטן עפנטלעך, איז געווען זיין קאַמף געגן חסידות. ווען עס איז אויף געקומען די חסידות באַוועגונג, איז ער געווען שטאַרק דאַגעגן, און ער האָט פאַרעפנטליכט זיין באַוויסטן העפט „זמיר עריצים״. ווען די חסידים האָבן פאַרשפּרייט אַ ידיעה אין זיינע לעצטע יאָרן אַז דער גאון האָט חרטה אויף זיין שטעלונג געגן חסידות, האָט ער געשריבן צוויי בריוו, מיטן נאָמען „גלוי אליהו״, צו שטאַרקן זיין פריערדיקע שטעלונג.

זייענדיק אַ בכור, האָט ער אויסגעלייזט זיך אַליין ביי מערערע כהנים צו זיין זיכער מיט אַן אמת׳ן כהן. אין האַמבורג האָט ער אויסגעלייזט זיך ביי ר׳ נפתלי הכהן, וועלכער האָט געהאַט אַ יחוס בריוו פון עלי הכהן אַן.

זיינע תלמידים זיינען געווען גאונים. זיין באַרימטסטער תלמיד איז געווען ר׳ שלמה זלמן. מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם גאון פאַר וואָס ער נעמט ניט ר׳ שלמה זלמן׳ען פאַר אַן איידעם, זאָל ער האָבן געענטפערט: שלמה זלמן איז אַ הימלישער מלאך, און עס שטייט אין דער תורה „את בתי נתתי לאיש״ (דברים כב, טז) מיין טאָכטער האָב איך געגיבן צו אַ מענטשן, ניט צו אַ מלאך. נאָך ר׳ שלמה זלמן׳ס פרי צייטיקן טויט, איז זיין ברודער ר׳ חיים וואָלאָזשינער בעטראַכט געוואָרן אַלס דעם גאון׳ס תלמיד מובהק, באַרימטסטער תלמיד.

דעם גאון׳ס ווילן צו פאָרן קיין ארץ ישראל איז ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. ער איז געפאָרן, אָבער ער האָט זיך אומגעקערט פון מיטן וועג צוליב געוויסע טעמים. ער איז נפטר געוואָרן אין ווילנא, מאָנטיק דעם דריטן טאָג חול המועד סוכות, אינעם יאָר תקנ״ח, אָקטאָבער 9, 1797, אין עלטער פון זיבן און זיבעציק יאָר.

דער גאון האָט איבערגעלאָזט פילע ווערק:

אדרת אליהו אויף תורה, אַ פירוש אויף משלי לויט נגלה און נסתר, פירושים אויף אַנדערע תנ״כ ספרים, ספר יצירה, תוספתא, משניות, (פרקי אבות), מסכתות קטנות, מכילתא, ספרא, סדר עולם רבא וזוטא, זהר, תיקוני זהר, פסח הגדה, שולחן ערוך, ספרא דצניעותא; הגהות אויף תלמוד ירושלמי, תלמוד בבלי, ספרי, פרקי רבי אליעזר; דקדוק אליהו, קול אליהו, און נאָך.

אגב׳דיגס: עס איז פאַראַן אַ מדרש פליאה: „מה ראה אדם הראשון וחטא? ראה שתים

ולא ראה שלש". וואָס האָט אדם הראשון געזען, און ער האָט געזינדיקט? ער האָט געזען צוויי, און דריי האָט ער ניט געזען. איז דאָס עפּעס אַ מאָדנער מאמר, ממש ניט פאַרשטענדלעך. ערקלערט עס דער ווילנער גאון אַזוי: אין פּרקי אבות שטייט „הסתכל בשלשה דברים, ואין אתה בא לידי עבירה. דע מאין באת, ולאן אתה הולך, ולפני מי אתה עתיד ליתן דין וחשבון". טראַכט שטענדיק פון דריי זאַכן, וועסטו ניט זינדיקן. נעמלעך, פון וואַנען דו ביזט אַרויס געקומען, וואוהין דו געהסט, און פאַר וועמען דו וועסט מוזן אָפּגיבן דין און חשבון. אדם הראשון האָט דאָך געקאָנט זען בלויז צוויי זאַכן: וואוהין ער וועט געהן, און פאַר וועמען ער וועט דאַרפן אָפּגיבן דין און חשבון. אָבער דעם „מאין באת", פון וואַנען דו קומסט אַרויס, האָט ער דאָך ניט געקאָנט זען. ווייל דער אויבערשטער אַליין האָט דאָך בעשאַפן אים. אָט דאָס איז דער פשט פון „ראה שתים", ער האָט געזען בלויז צוויי זאַכן. „ולא ראה שלש", דעם „מאין באת", פון וואַנען ער שטאַמט, דאָס האָט ער ניט געזען. זעט זייט קג. ענדע ת״י.

דער אַלעקסאַנדערער רבי ר' חנוך העניך האָט געזאָגט: דער ווילנער גאון האָט איבערגעלאָזט ספרים, דער בעל שם טוב האָט איבערגעלאָזט מענטשן. זעט ענדע צו.

## אהלי — אהל יעקב

ר' יעקב ב"ר וואָלף קראַנץ איז געבאָרן געוואָרן אין זעטיל, ווילנער גובערניע, אין דעם יאָר 1740, און ער איז נפטר געוואָרן אין זאַמאָשטש, פּוילן, זיבעצן טאָג אין טבת, תקס"ה; דעצעמבער 18, 1804.

ער איז דער מחבר, פערפאַסער פון „אהל יעקב" אויף תורה, „כוכב מיעקב" אויף די הפטרות, „קול יעקב" אויף די פינף מגילות, „אמת ליעקב" אויף דער פסח הגדה, „ספר המדות". ער איז געווען מגיד אין: מעזעריטש, זשאָלקיעוו, דובנאָ, וולאָדאווא, קאַליש, כעלם און זאַמאָשטש. זיינע משלים זיינען וועלט באַרימט, און זיי זיינען ערשינען אין אַ באַזונדער ספר „משלי יעקב". ער פלעגט קומען אָפט קיין ווילנע אויפן פאַרלאַנג פון דעם ווילנער גאון, ער זאָל זאָגן אים „מוסר". און ער איז באַוויסט אַלס „דער דובנער מגיד".

## אלש. — אלשיך

ר' משה ב"ר חיים האָט געלעבט אין דעם זעכצנטן יאָר־הונדערט. ער איז געווען דיין און דרשן אין צפת, ארץ ישראל. ר' יוסף קאַרו, דער מחבר פונעם שולחן ערוך איז געווען איינער פון זיינע רביים. ר' חיים ויטאַל האָט זיך גערעכנט צווישן זיינע תלמידים. זיין הויפט לערנען איז געווען הלכה. ער האָט געלערנט אויך קבלה. אָבער דער עיקר איז ער באַקענט אַלס דרשן. „אלשיך" מיינט עלטסטער פון דער שטאָט אין אַראַביש. און ער איז בעקאַנט אַלס „אלשיך הקדוש".

דער אלשיך איז דער מחבר פון אַ פירוש אויף תורה מיטן נאָמען „תורת משה", אָבער מען רופט אים ניט ביי דעם דאָזיקן נאָמען. עס זיינען פאַראַן פיר ספרים וועלכע מען רופט ניט ביי די נעמען וועלכע די מחברים האָבן זיי געגיבן: „משנה תורה", „שני לוחות הברית" און „תורת משה". נאָר מען רופט זיי: „דער רמב"ם", „דער של"ה", „דער אלשיך", „דער חתם סופר". דאָס נעמט זיך מסתמא דערפון וואָס אידן האַלטן ניט פון אַ צווייטער תורה, פון צווייטע לוחות. מיר אידן זיינען גאַנץ צופרידן מיט דער תורה וועלכע משה רבינו האָט געגיבן אונז. אפילו דעם חומש דברים, וועלכער ווערט באַצייכנט אויך מיט „משנה תורה", רופט מען ניט ביי דעם דאָזיקן נאָמען, נאָר פשוט, „ספר דברים", אָדער „חומש דברים".

ער האָט געמאַכט אויך אַ פירוש אויף נביאים און כתובים, אויף דער פסח הגדה, און שאלות ותשובות.

# אע — אבן עזרא

ר׳ אברהם ב״ר מאיר אבן עזרא איז געבארן געוואָרן אין טודילאָ, שפּאַניע, אַרום דעם יאָר 1092. ער איז געווען אַ גרויסער, פיל־זייטיקער געלערנטער, מפורש, (קאָמענטאַטאָר, פּערטייטשער) דיכטער, קריטיקער, פילאָזאָף, גראַמאַטיקער, מאַטעמאַטיקער, אַסטראָנאָם. אָבער נחת האָט ער ניט געהאַט. ער איז געווען אומגליקלעך אין זיין פאַמיליען לעבן, און אַ גרויסער אָרימאַן דערצו. אין איינעם פון זיינע דיכטונגען באַקלאָגט ער זיין מזל, זיין דאַליע:

לו יהיו נרות סחורתי,
לא יאסוף שמש עדי מותי.
לו אהיה סוחר בתכריכין,
לא יגועו אישים בכל ימי.

ווען איך זאָל האַנדלען מיט ליכט, וואָלט די זון קיינמאָל אונטערגעגאַנגען. ווען איך זאָל האַנדלען מיט תכריכים וואָלט קיין מענטש געשטאָרבן.

דער אבן עזרא אַליין דערמאָנט גאָרניט וועגן זיין פּערזענלעך לעבן. מען ווייסט ניט צי שטאַמט ער פון דער באַרימטער משפּחה „אבן עזרא" פון גראַנאַדאַ. עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז ער האָט געהאַט פינף זין. אָבער פאַקטיש ווייסט מען בלויז פון זיין זון יצחק. לויט אַן אַנדער מיינונג זאָל ער האָבן געווען אַ מטופל מיט אַכט טעכטער. ניט האָבענדיק אַ פּרוטה אויף נדן, זאָל ער האָבן אַמאָל זיך אויסגעדריקט מליצה׳דיק צו זיינעם אַ פריינט: „קצתי בחיי מפני בנות חת" („ח" — אַכט), מיין לעבן איז מיר נמאס וועגן די אַכט טעכטער. ער איז פיל אַרום געפאָרן און האָט פיל געשריבן. מען זאָגט אויף אים אַז ער האָט באַזוכט זעכציק שטעט און האָט אָנגעשריבן זעכציק ווערק, לויט אַן אַנדער מיינונג הונדערט און אַכציק ווערק. ער האָט געקענט די גרעסטע פּערזענלעכקייטן פון זיין צייט, ווי דעם באַרימטן דיכטער און פילאָזאָף ר׳ יהודה הלוי, רבינו תם, הויפּט פון די בעלי התוספות, רש״י׳ס איניקל און דעם רשב״ם׳ס איינגערער ברודער, און פילע אַנדערע.

רבינו תם שרייבט אין אַ שיר וועגן אים:

**אבי** עזרי ישיבוהו סעיפיו
אשר נתן ידידו בין אגפיו.
אני עבד **לאברהם** למקנה
ואקדה ואשתחוה לאפיו.

ר׳ אלי׳ מזרחי באַטיטולט אים מיט „אדון הפשטנים", דער האַר פון די אויסטייטשער, פּערטייטשער, בעשיידער.

דער רייזנדער ר׳ בנימין פון טודילא דערמאָנט אין זיין רייזע־בוך „רבי אברהם החוזה". איז פאַראַן אַ סברה אַז דאָס מיינט דעם אבן עזרא.

ער ווערט דערמאָנט אין תוספות: ראש השנה יג, א אונטערן וואָרט דאקריב; תענית כ, ב אונטערן וואָרט בהכינתו; קידושין לז, ב אונטערן וואָרט ממחרת. ער ווערט אויך דערמאָנט אין רמב״ן, ווי למשל אין שמות לג, יא.

ר׳ גדליה ן׳ יחייא דערציילט: ר׳ יהודה הלוי איז געווען זעהר רייך. ער האָט געהאַט אַ שעהנע בת יחידה, אַן איין און איינציקע טאָכטער. זיין ווייב פלעגט אים דערקוטשען ער זאָל זי חתונה מאַכן ביי זיין לעבּ־צייט. איין מאָל איז עס דערגאַנגען אַזוי ווייט אַז ער האָט געשוואָרן זי חתונה צו מאַכן מיט דעם ערשטן אידן וועלכן ער וועט באַגעגענען.

אין אַ שעהנעם נאָך מיטאָג איז אַריין געקומען צו אים אַ בחור אָנגעטאָן אין אַלטע, צעריסענע שמאַטעס. ווען זיין ווייב האָט דערזען דעם דאָזיקן אָרימען בחור, איז איר געוואָרן „ליכטיק" אין די אויגן. זי איז אַריין געגאַנגען אין איר מאַנס אַרבעטצימער און האָט שטאַרק געווינט. ר׳ יהודה האָט זי געטרייסט און איר געזאָגט אַז ער וועט לערנען מיט אים, און אַז ער וועט מאַכן גרויס זיין נאָמען. דער בחור האָט פאַרהוילן פון אים זיין נאָמען. ר׳ יהודה האָט געלערנט

מיטן בחור תורה, און דער בחור, זייענדיק אַליין אַ גרויסער לַמדן און דיכטער האָט זיך געמאַכט כלומרשט אַז אַ דאַנק ר׳ יהודה׳ן שטייגט ער אין לערנען.

איינמאָל, אין אַן אָוונט, איז ר׳ יהודה זיך פאַרזעסן אין זיין אַרבעט־צימער, ווייל עס איז אים אַנגעקומען שווער צו שאַפן די סטראָפע מיט „ר״ אין זיין פיוט „אדון חסדך״. זיין ווייב האָט אים אַריין גערופן אין עס־צימער. און בעת ר׳ יהודה האָט געגעסן, האָט זיין ווייב געוויזן דעם בחור דעם מאַנוסקריפט, כתב יד. דער בחור האָט אויסגעבעסערט דעם פיוט אויף עטלעכע ערטער, און ער האָט אַנגעשריבן די גאַנצע סטראָפע „ר״. ווען ר׳ יהודה האָט דערזען דאָס, האָט ער זיך שטאַרק געפרייט. ער האָט אַרום גענומען דעם אָרימען בחור און אים געקושט. ער האָט אים געזאָגט: „איצט זע איך אַז דו ביזט עס דער אבן עזרא״. דער בחור האָט מודה געווען אַז דאָס איז ער, און ער איז געוואָרן ר׳ יהודה׳ס איידעם. מען זאָגט אַז ר׳ יהודה האָט געגיבן אים זיין גאַנצן פאַרמעגן, אָבער דער אבן עזרא האָט ניט געוואָלט נעמען, ווייל ער האָט ניט געוואָלט האָבן הנאה פון דער וועלט. לויט „ספר יוחסין״ זיינען ר׳ יהודה הלוי׳ס און דעם אבן עזרא׳ס מוטערס געווען שוועס־טערס, זיי זיינען, אַלזאָ, געווען ערשטע קו־זינעס, א).

דער אבן עזרא דערמאַנט רבי יהודה הלוי׳ן פילע מאָל, ב).

דער אבן עזרא האָט פערפאַסט פילע פאָ־עמעס. ער האָט מחבר געווען פיוטים. זיי געפינען זיך אין די ספרדים׳ס סידורים. ער איז אויך דער מחבר פונעם פיוט „כי אשמרה שבת, אל ישמרני״; אַז איך וועל אָפּהיטן שבת, וועט דער אַלמעכטיגער אָפּ־היטן מיך, וועלכער געפינט זיך אין אונזערע זמירות. ער האָט געשריבן פילע אַפּאָריזמען. לשון הקודש איז געווען ביי אים „כחומר ביד היוצר״, ווי ליים אין דער האַנט פון דעם טעפּער. מען האָט אַמאָל געפרעגט אים זיין מיינונג וועגן ביאת המשיח, משיח׳ס קומען. האָט ער געענטפערט מיט אַ פערז אין וועלכן די פראַגע מיטן ענטפער לייענען זיך אַהין און צוריק דאָס זעלבע.

דער פרעגער פרעגט: „אבי, אל חי שמך, למה המלך משיח לא יבא״?

דער אויבערשטער ענטפערט: „דעו מאביכם כי לא בוש אבוש שוב אשוב אליכם כי בא מועד״.

ער האָט פערפאַסט פילע ספרים אויף פאַרשידענע געביטן:

וועגן דקדוק: מאזנים, ספר היסוד, ספר צחות, שפה ברורה און נאָך.

וועגן רעליגיעזע פילאָזאָפיע: יסוד מורא, ערוגת החכמה און נאָך.

וועגן מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, אַסטראָ־לאָגיע: ספר המספר, ספר הלוחות, כלי נחושת, חקות שמים באיצטגנינות וחזיון, און נאָך.

קלענערע ווערק אויף פאַרשידענע געביטן.

שירים, אַפּאָריזמען, מליצות, רעטעענישן.

אָבער זיין הויפּט און לעבנס־ווערק איז זיין וועלט־באַרימטער פירוש אויף תורה און אויף אַנדערע תנ״כ ספרים.

ווען ער איז אַלט געווען פיר און זעכציק יאָר איז ער געוואָרן שטאַרק קראַנק. ער האָט געטון אַ נדר אַז אויב ער וועט ווערן געזונט, וועט ער איבער אַרבעטן און פאַרגרעסערן זיין פירוש. ער האָט מקיים געווען דעם נדר. און ער האָט געאַרבעט אויף זיין פירוש

---

א) זעט שלשלת הקבלה, זייטן צב־צג.

ב) זעט: אבן עזרא, בראשית א, ג; שמות ד, י; ט, א; יג, יד; כ, א „שאלני רבי יהודה הלוי, מנוחתו כבוד״; כד, יא; במדבר כז, ג; דברים יד, כב; כו, יז; כט, יח; לג, ה. זכריה ח, ו; תהלים יח, ה; ל, ח; מט, כא; עב, כ; עג, כה; פ, טז; פב, ח; קלט, יד; קן, א (און פסוק ו ?), און דעם דיאַלאָג צווישן זיי ביידע אין דניאל ט, ב. זעט „ר׳ יהודה הלוי ור׳ אברהם אבן עזרא״ פון נפתלי בן מנחם אין דעם בוך „ארשת״, יאָר־בוך פון פערבאַנד פון אָרטאָדאָקסישע שרייבער, ירושלים, תש״ד.

ביז צו זיין פטירה, אינעם עלטער פון פינף און זיבעציק יאָר. ביי זיין פטירה זאָל ער האָבן באַמערקט צו די אַנוועזנדע: ואברם בן חמש שנים ושבעים שנה בצאתו מחרון אף העולם, ג).

דער אבן עזרא איז נפטר געוואָרן ראש חודש, אדר א׳, אינעם יאָר 1167 אין דער שטאָט קאַלאַהאָראַ, שפּאַניע, לויט אַן אַנ־דער מיינונג אין ענגלאַנד, לויט נאָך אַן אַנדער מיינונג אין רוים. אויך די צייט פון זיין פטירה איז ניט פעסט געשטעלט מיט זיכערקייט.

## בחיי — רבינו בחיי

רבינו בחיי ב״ר אשר איז געבאָרן געוואָרן אינעם מיטן פונעם דרייצעטן יאָר־הונדערט אין דער שטאָט סאַראַגאָסאַ, שפּאַניע. ער איז נפטר געוואָרן אינעם יאָר 1340. ער איז דער מחבר פון „מדרש רבינו בחיי״; אַ פירוש אויף תורה, וועלכער טייטשט אויס די תורה לויט פשט, מדרש, שכל, קבלה. ער איז געווען דעם רשב״א׳ס אַ תלמיד. זעט אין זיין פירוש ענדע חוקת. ער איז דער מחבר אויך פון: „כד הקמח״ [דרשים]; „שובע שמחות״ אַ פירוש אויף איוב, און נאָך. אָבער עס איז אים ניט געגאַנגען גוט.

## בינה — בינה לעתים

ר׳ עזריה ב״ר אפרים פיגו איז געבאָרן געוואָרן אין ווענעציע אין דעם יאָר 1579, און ער איז נפטר געוואָרן אין רויגו ראש חודש אדר א׳, ת״ז, 1647 אין עלטער פון אַכט און זעכציק יאָר. אינעם יאָר 1607 איז ער געוואָרן רב אין דער שטאָט פיסאַ, טוסקאַנאַ. דאָרט האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן אויף זיין ספר „גדולי תרומה״. אין 1627 איז ער געוואָרן רב אין ווענעציע. דאָרט האָט ער געענדיקט דעם „גדולי תרומה״, און האָט אויך פערפאַסט זיין „בינה לעתים״, דרשות. אין כתב יד, מאַנוסקריפּט, זיינען פאַראַן פון אים שיטות אויף ש״ס, שאלות ותשובות, און נאָך. ער האָט געהאַט פילע און באַרימטע תלמידים, ווי ר׳ משה זכות, ר׳ שמואל אבוהב, און אַנדערע.

## בעהט — בעל הטורים

ר׳ יעקב ב״ר אשר, דעם ראַ״ש׳ס זון, איז געבאָרן געוואָרן אין דייטשלאַנד. די דאַטע פון זיין געבורט איז ניט באַוויסט. אין דעם יאָר 1305 איז ער געקומען מיט זיין פאָטער קיין שפּאַניע. זיין פאָטער האָט באַ־שטימט אים מיט זיין ברודער יהודה אַלס אויפזעהערס איבער דעם צעטיילן די צדקה צו די אָרימע לייט. ער איז ניט געווען אַ רב. נאָך זיין פאָטערס פטירה איז זיין ברו־דער ר׳ יהודה אויסגעקליבן געוואָרן אַלס נאָכ־פאָלגער.

ר׳ יעקב איז געווען אַ קראַנקער, שוואַכער מענטש. ער האָט געלעבט זעהר אָרים. ער איז נפטר געוואָרן אין שפּאַניע. מען ווייסט ניט אין וועלכן יאָר. אויף זיין מצבה שטעהט בלויז אַז ער איז נפטר געוואָרן צוועלף טעג אין תמוז, דאָס יאָר ווערט ניט דער־מאָנט. עס ווייזט אויס אַז ער האָט נאָך געלעבט אין דעם יאָר 1340. אבודרהם דער־מאָנט אים אין זיין ספר אין דעם יאָר 1340 מיט ז״ל, איז מעגלעך אַז ער איז נפטר געוואָרן אינעם יאָר 1340.

ר׳ יעקב איז געווען אַ גרויסער אָרימאַן, דערפאַר אָבער האָט ער איבער געלאָזט אַן אומשאַצבאַרן גייסטיקן פאַרמעג, נעמ־ליך די פיר טורים, וועלכע ענטהאַלטן אַלע דינים פון תלמוד ירושלמי, תלמוד בבלי. פון

---

ג) פערגלייכט בראשית יב, ד מיט זיין וואָרט־שפּיל מחרון . . .

די גאונים, פוסקים און באַזונדערס זיין פאַטערס פסקי הראַ״ש. ער איז אויך דער מחבר פון דעם „בעל הטורים״ אויף חומש. מען זאָגט אַז ער האָט אים פערפאַסט אין איין נאַכט.

ער איז באַקענט אַלס „בעל הטורים״, ווייל ער האָט געשאַפן די פיר טורים: טור אורח חיים וועלכער רעגולירט דעם מענטשנס טעגליכע אויפפירונג פון אַ גאַנץ יאָר; טור יורה דעה וועלכער ענטהאַלט די דינים וועגן שחיטה, טרפות, וואָס מען מעג און וואָס עס איז פאַרבאָטן; טור אבן העזר וועלכער רעגולירט דאָס פאַמיליע לעבן, קדושין, כתובות, גטין, חליצה; טור חושן משפט וועלכער ענטהאַלט די דינים וועלכע רעגולירן דאָס לעבן, די באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש, מסחר, און אַלע אַנדערע אַנגעלעגנהייטן אינעם אַלטעגליכן לעבן.

# בעש״ט

זעט שבחי — שבחי הבעל שם טוב, זייט צב...

# דגל — דגל מחנה אפרים

ר׳ משה חיים אפרים ב״ר יחיאל פון סאַדילקאָוו איז געבאָרן געוואָרן אַרום דעם יאָר תק״ח אין מעזשעבוזש. זיין מוטער איז געווען אַדל, דעם בעל שם טוב׳ס טאָכטער. דער בעל שם טוב האָט אים שטאַרק ליב געהאַט. ער אַליין האָט געגיבן אַכטונג אויף זיין ערציאונג. אין אַ בריוו צו זיין שוואָגער ר׳ אברהם גרשון קוטאָווער באַציכנט ער אים אַלס „גרויסער עילוי״.

נאָך זיין זיידנס פטירה האָט דער „דגל״ געלערנט תורה, ביים זיידנס נאָכפאָלגער, דעם רבין ר׳ דוב בער, מעזעריטשער מגיד און ביי ר׳ יעקב יוסף פון פולנאה. שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין דעם שטעטל סאַדילקאָוו. ער איז געווען דאָרט רב און מגיד אַלע זיינע יאָרן, און ער האָט געפירט אַ זעהר אָרים לעבן. פאַר זיין פטירה איז ער געפאָרן קיין מעזשעבוזש. ער איז נפטר געוואָרן דאָרט זיבעצן טעג אין אייר אינעם יאָר תק״ס, אינעם עלטער פון צוויי און פופציק יאָר. ער איז באַערדיקט געוואָרן נעבן דעם אוהל פון זיין גרויסן זיידן „בעל שם טוב״. זיין זון ר׳ יעקב יחיאל האָט אַרויס געגיבן זיין ספר „דגל מחנה אפרים״ אינעם יאָר תק״ע אין דער שטאָט קאָריץ. דער דאָזיקער ספר איז איינער פון די פונדאַמענטאַלע ספרים פון חסידות. די לערע פונעם „בעל שם טוב״ און פון זיינע תלמידים ווערט דאָרט איבערגעגיבן פּינקטלעך, געטריי, ריכטיק און אויף אַ פאַרשטענדלעכן אופן.

אגב׳דיגס: דער „דגל״ איז, פאַר קיינעם געדאַכט, געווען אַ קבצן אין אַכצן פאַלעס. זיין ווייב פלעגט בענטשן ליכט אין ליימענע לייכטערלעך. נאָכדעם ווי דער אַלמעכטיקער האָט אים געהאָלפן, און ער איז אויפגעריכט געוואָרן אַ ביסל, איז קומענדיק איינמאָל פרייטאָג־צו־נאַכטס פונעם דאַוונען, האָט ער דערזען אויפן טיש זילבערנע לייכטער. האָט ער געטון אַ זאָג צו זיין ווייב: „דיר איז אַ צינד ליכטיק, און מיר איז געווען פריער ליכטיק״. ווייל ניט די לייכטער, דאָס מעטאַל, איז וויכטיק, אַפילו ווען עס איז פון זילבער. נאָר דאָס פילן אַז עס איז שבת איז וויכטיק, מעגן די לייכטער זיין אפילו ליימענע.

# הד — העמק דבר

ר׳ נפתלי צבי יהודה ברלין, דער „נציב״, בעסער באַקענט אַלס ר׳ הערש לייב וואָלאָזשינער, איז געבאָרן געוואָרן אין דער שטאָט מיר, אין דעם יאָר 1817. ער איז נפטר געוואָרן אין וואַרשע זיבעצן טעג אין אָב, תרנ״ג, 1893. צו פערצן יאָר האָט ער חתונה

געהאַט מיט ר׳ יצחק ב״ר חיים׳ס טאָכטער וועלכער איז געווען דער הויפּט פון דער וואָלאָזשינער ישיבה „עץ חיים״. נאָך ר׳ יצחק׳ס פּטירה, אין 1851, איז זיין עלטסטער איידעם ר׳ אליעזר יצחק געוואָרן זיין נאָכפאָלגער, און ר׳ הערש לייב איז געווען זיין געהילף. נאָך ר׳ אליעזר יצחק׳ס פּטירה אינעם יאָר 1854, איז ר׳ הערש לייב ערוויילט געוואָרן ראש הישיבה, און זיין שוואָגער ר׳ יאָשע בער סאָלאָווייטשיק, בריסקער רב, איז געוואָרן זיין געהילף.

ר׳ הערש לייב האָט געווידמעט זיין גאַנץ לעבן צו פאַרגרעסערן און צו פערשטאַרקן די ישיבה. אַ דאַנק זיין אונערמידלעכע באַמיאונגען און געטרייער איבערגעגיבנקייט האָט די ישיבה דערגרייכט אַ גאָר הויכע מדרגה. תלמידים פון אומעטום האָבן געשטראָמט קיין וואָלאָזשין, און די „וואָלאָזשינער ישיבה״ איז געוואָרן וועלט באַרימט.

צווישן ר׳ הערש לייבן און ר׳ יאָשע בערן זיינען אָבער ענטשטאַנען שאַרפע מיינונגס־פאַרשידנהייטן. עס פלעגן פאָרקומען אָפטע סכסוכים וועגן דער הנהגה, וועגן דער שיטה, מעטאָדע, וועגן דעם דרך הלימוד. דער „נציב״, דער תמים און פשטן האָט געהאַלטן מעהר פון בקיאות, פון פשט אויפן אָרט. ר׳ יאָשע בער, דער פקח און חריף, האָט געהאַלטן מער פון שאַרפע סברות, פון חריפות. עס איז ניט געווען אַ קאַמף פאַר פערזענלעכע אַנשויאונגען. גיכער איז דאָס געווען אַ קאַמף צווישן בקיאות און חריפות. און אַזוי ווי יעדער וואָרט זאָגער האָט זיך זיינע אָנהענגער, האָבן זיך, פאַרשטייט זיך, אויך ביי די ישיבה לייט געשאַפן צוויי לאַגערן. און די מחלוקת, אַ מחלוקת לשם שמים, האָט געהאַלטן אין איין צעפלאַקערן זיך.

דאָס האָט געפירט דערצו אַז מען האָט אַראָפּגעבראַכט ר׳ טעוועלע מינסקער, ר׳ יאָסעלע סלוצקער, ר׳ וועלוועלע דער ווילנער שטאָט מגיד, און ר׳ יצחק אלחנן׳ען, זיי זאָלן אויסגלייכןביידע צדדים און איינשטעלן אָרדנונג אין דער ישיבה. בעת די רבנים זיינען געזעסן און געטראַכט פון אַ מיטל, האָט ר׳ וועלוועלע זיך אָנגערופן:

„איר ווייסט, רבותי, ביי מיר גייט איצט די סדרה ,וישב׳״. צו „וישב״ איז נאָך געווען עטלעכע וואָכן, האָבן זיי אים אָנגעקוקט. האָט ר׳ וועלוועלע געזאָגט: „רבותי, מיין דרך אין דרוש איז שטענדיק צו שטעלן דעם צדיק קעגן דעם רשע, דעם גוטן, אָנשטענדיקן מענטשן קעגן דעם שלעכטן, און ווייזן די צדקות, די גוטע מעשים און שיינע מידות פון דעם צדיק, און די שלעכטע מעשים און מיאוס׳ע מידות פון דעם רשע״.

„אין די פריערדיקע סדרות זיינען פאַראַן צוויי אַנטקעגן־געזעצטע כאַראַקטערס. אין ,בראשית׳ זיינען פאַראַן אדם הראשון און דער שלאַנג, קין און הבל. אין דער סדרה ,נח׳ זיינען פאַראַן נח דער צדיק תמים און דער דור המבול, שם און חם. אין ,לך לך׳ זיינען פאַראַן אברהם אבינו און פרעה. אין ,וירא׳ געפינען מיר אברהם אבינו און די איינוואוינער פון סדום, עמורה און פון די אַנדערע שטעט... איז אין יעדער סדרה האָב איך אַ צדיק און אַ רשע. ווי אַ מגיד שטעל איך זיך אַנידער און באַקרוין דעם צדיק מיט אַלע קרוינען, און אויף דעם רשע גיס איך פעך און שוועבל״.

„אָבער ווען עס קומט צו דער סדרה ,וישב׳ וועלכע בעהאַנדלט יוסף׳ן און זיינע ברידער, בלייב איך שטעהן אין דער גרעסטער פאַרלעגנהייט. ביידע זייטן זיינען צדיקים, קדושים, און טהורים. מיט וועלכן צד זשע זאָל איך האַלטן? אין אָט דער דאָזיקער זעלבער פאַרלעגנהייט געפין איך זיך איצט. וואָלט איך בעדאַרפט אויסגלייכן צווישן ר׳ יאָשע בערן מיט דעם און דעם, צווישן ר׳ הערש לייבן מיט דעם און דעם, ווער פון זיי עס איז גערעכט און אומגערעכט, וואָלט איך געקאָנט דאָס טון זעהר גרינג. אָבער ווי קאָן מען באַשטימען ווער עס איז גערעכט צווישן אַזעלכע צוויי גאונים, צדיקים ווען ביידע מיינען עס דאָך בלויז און נאָר לשם שמים!״

אין דעם יאָר 1879 האָבן די משכילים, וועלכע האָבן געוואָלט פּערוואַנדלען די ישיבה אין אַ סעמינאַר, דערלאַנגט אַ מסירה צו דער רעגירונג, און זי האָט געשלאָסן די ישיבה. אַ דאַנק ר' הערש לייב'ס באַמי־אונגען, האָט די ישיבה זיך געעפנט אינעם יאָר 1881. אָבער צען יאָר שפּעטער, אין דעם יאָר 1891 האָט די רוסישע רעגירונג נאָך אַ מאָל זי פאַרמאַכט.

ר' הערש לייב איז דער מחבר פון: „העמק שאלה" אויף די „שאילתות דרב אחאי גאון" פון וועלכן מען זעט זיין גרויסקייט און בקיאות אין ש"ס; פון „העמק דבר" אויף תורה; פון „מיטב השיר", אַ קורצער פירוש אויף שיר השירים. נאָך זיין פטירה זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן זיינע תשובות אונ־טערן נאָמען „משיב דבר".

אגב'דיגס: ער האָט געזאָגט אַ מתמיד איז דער וועלכער עסט אין צייט, שלאָפט אין צייט און לערנט אין צייט.

ר' יאָשע בער האָט געזאָגט אַז ווען עס קומט צו געהן נאָך נדבות, איז:

בכל, זאָל מען ניט זאָגן אַז מיט דעם און דעם פאַסט מיר ניט צו געהן. נאָר בכל. עס דאַרף אָנשטעהן צו געהן מיט יעדן איינעם.

מכל, מען זאָל ניט זאָגן אַז צו דעם און דעם פאַסט מיר ניט צו געהן נאָך אַ נדבה. נאָר מכל, מען דאַרף נעמען ביי יעדן איינעם.

כל, מען זאָל ניט זאָגן איך וויל ניט נעמען, ווייל עס איז צו ווייניק. נאָר כל, אַלץ, ווי פיל מען גיט זאָל מען נעמען.

## ויטרי — מחזור ויטרי

ר' שמחה ב"ר שמואל פון דער שטאָט ויטרי האָט געלעבט אין פראַנקרייך אין דעם עלפטן יאָר הונדערט. ער איז געווען רש"י'ס אַ תלמיד. ער איז געווען אַ פוסק און דער מחבר פון דעם „מחזור ויטרי". רבינו תם דערמאָנט דעם מחזור אין זיין „ספר הישר" (סימן תר"כ). זיין אייניקל ר' יצחק הזקן זאָגט אין איינער פון זיינע תשובות: „איך האָב געזען אין דעם מחזור ויטרי וועלכן מיין זיידע ר' שמחה, רש"י'ס אַ תלמיד, האָט פערפאַסט".

דער מחזור ענטהאַלט: נוסחאות פון די תפילות פון אַ גאַנץ יאָר, די דינים פון שבת, עירובין, די זמירות, אַ פירוש אויף פרקי אָבות. שיר ליל שיכורים לפורים, זייט 583. תשובות פון רש"י זייט 586, תגין, דינים פון שחיטה און טרפות, יין נסך, דער נוסח פון אַ גט, חליצה, פיוטים וועלכע געפינען זיך ניט אין די אַנדערע מחזורים, און נאָך. זעט מחזור ויטרי עדיציע ר' שמעון הלוי איש הורוויץ, וועלכן די מקיצי נרדמים האָט אַרויס געגיבן אין בערלין אינעם יאָר 1893, איבער געדרוקט אין ברוקלין, נ. י.

רבינו שמחה ב"ר שמואל איז נפטר גע־וואָרן אין דעם יאָר 1105, אין דעם יאָר פון רש"י'ס פטירה (?).

## זר — זית רענן

ר' אברהם בן חיים הלוי גומבינער איז געבאָרן געוואָרן אין דער שטאָט גומבין, רוסיש פוילין אינעם יאָר 1635, און ער איז נפטר געוואָרן אין דער שטאָט קאַליש אין עלטער פון אַכט און פערציג יאָר.

די קאָזאַקן האָבן דערמאָרדעט זיין פאָטער אין כמעלניצקעס צייטן, אין דעם יאָר 1655.

ער איז געווען דיין און ראש הישיבה אין דער שטאָט קאַליש. ער האָט זיך אויסגע־צייכענט אין זיין צייט מיט זיין בקיאות אין ש"ס און אין פוסקים.

ער איז דער מחבר פון:

„מגן אברהם", אַ פירוש, חידושים און

פסקי הלכות אויפן שולחן ערוך „אורח חיים", וועלכן זיין זון האָט פאַרעפנטליכט נאָך זיין פאָטערס פטירה, אין דירנפורט, אין דעם יאָר 1692.

„זית רענן" אויפן „ילקוט שמעוני"; „שמן ששון", דרושים אויף תורה ביז דער סדרה חיי שרה;

חידושים אויף אַנדערע טיילן פונעם שולחן ערוך;

פיוטים, און נאָך.

## חח — חפץ חיים

ר' ישראל מאיר ב"ר אריה לייב הכהן איז געבאָרן געוואָרן עלף טעג אין שבט, אינעם יאָר תקצ"ט, אינעם שטעטל זיטל, סלאָנימער קרייז, פוילן. צו צען יאָר איז ער געפאָרן קיין ווילנא לערנען. צו פערצן יאָר איז זיין פאָטער, וועלכער איז געווען אַ גדול בתורה, געשטאָרבן. ער איז גע־בליבן אין ווילנא, און ער האָט געלערנט מיט גרויס התמדה, פלייסיק. זיין מוטער האָט חתונה געהאָט מיט אַן אלמן, אַ בעל הבית פון דער שטאָט ראַדין, און זיי האָבן גע־וואוינט דאָרט. דער מאַן האָט געהאָט זיין אייגנס אַ טאָכטער, האָבן זיי זיך משדך געווען, און זיי האָבן זיי געפירט צו דער חופה. דער שווער האָט געגיבן זיי קעסט, און דער אידעם איז געזעסן און האָט גע־לערנט. עטלעכע יאָר שפּעטער האָט זיין ווייב געעפנט אַ געוועלבל און עס האָט אַריין געבראַכט „וואַסער אויף קאַשע". און אַזוי ווי די פרוי האָט ניט געקאָנט שרייבן, האָט דער מאַן איר געהאָלפן מיט די חשבונות ביינאַכט, נאָך זיין קומען אַ היים פונעם בית המדרש.

ר' ישראל מאיר האָט געלערנט מיט די אָרימע בעלי מלאכות אין בית המדרש „חיי אדם". ער האָט איינגעפלאַנצט אין זיי יראת שמים. שבת פלעגט ער לערנען חומש מיט רש"י מיט זיי. ער האָט געגרינדעט אַ „גמילות חסדים קאַסע" צו לייען געלט די נויט־בעדאַרפטיקע. ער האָט געהאָלפן יעדן מיט געלט, מיט אַ גוט וואָרט, מיט ראָט און מיט טאָט. די מערסטע נעכט פון דער וואָך איז ער געווען אין בית המדרש. ער האָט געהאָט דאָרט צוויי קליינע קישעלעך זיך צו צושפּאַרן ווען עס איז געווען נוי־טיק. האָט זיך געמאַכט אַז מען האָט בעד־דאַרפט חתונה מאַכן אַן אָרימע כלה, און וויבער זיינען אַרום געגאַנגען אין שטאָט צונויף נעמען פעדערן אויף קישנס פאַר דער כלה. ווען ר' ישראל מאיר איז געוואָר געוואָרן דערפון, האָט ער אַוועק געגיבן זיי די קישעלעך.

צו דרייסיק יאָר האָט ער אָנגעהויבן שרייבן זיין ספר „חפץ חיים" וועלכער ענטהאַלט הלכות געגן רעדן לשון הרע און רכילות. ער אַליין איז אַרום געפאָרן זאַמלען פרענומע־ראַנטן צו קאָנען דרוקן דעם ספר. אין דעם יאָר תרל"ג האָט ער אָפּגעדרוקט דעם ספר אין ווילנא אונטערן נאָמען „חפץ חיים". ער אַליין איז אַרום געפאָרן אָפּצוגעבן דעם ספר די פרענומעראַנטן. מיט דער צייט איז מען פאַרשטייט זיך, געוואָר געוואָרן אַז ר' ישראל מאיר הכהן איז דער מחבר פון דעם ספר „חפץ חיים". צוויי יאָר שפּעטער האָט ער פאַרעפנטליכט זיין ספר „שמירת הלשון", אַז מען דאַרף היטן די צונג, די שפּראַך; מען דאַרף רעדן וואָס ווייניקער, און זיין פאַרזיכטיק מיט יעדער וואָרט. צו גלייכער צייט האָט ער געפאָדערט פון די קרעמער אַז זיי זאָלן זיין פאַרזיכטיק מיט דער וואָג און מיט דער מאָס.

אין זומער תרל"ה האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן אויף זיין גרויס ווערק „משנה ברורה" אויפן „אורח חיים". און דאָס האָט גענומען אַכט און צוואַנציק יאָר. אינעם יאָר תר"מ האָט ער פאַרעפנטליכט זיין ספר „מחנה ישראל" אַלס אַ וועג־ווייזער פאַר די אידישע סאָלדאַטן, זיי זאָלן ניט אַראָפּ גיין פונעם גלייכן וועג. דערוויל האָט זיין ווייב פער־מאַכט דאָס קרעמל, און זיי האָבן געצויגן

זייער אָרים שטיקל ברויט פונעם פאַרקויפן זיינע ספרים. ווען דער ראַדינער רב איז אַוועק געפאָרן קיין ארץ ישראל, האָט מען אָנגעבאָטן דעם „חפץ חיים” דעם „כתר הרבנות”. ער האָט עס אָנגענומען מיט דעם באַדינג, אַז זיי מוזן פאָלגן אים שטענדיק, און אין אַלץ. דערווייל האָבן צוויי בעלי בתים זיך צעקריגט, און איינער האָט ניט געוואָלט אָננעמען זיין פסק. האָט ער צוריק געוויזן זייער אָנבאָט, און ער האָט קיינמאָל מער אָנגענומען אַ רבנות.

ער האָט חתונה געמאַכט זיינע צוויי טעכטער צו צוויי גאונישע חתנים, ר׳ אהרן הכהן און ר׳ צבי הירש לעווינסאָן. די „משנה ברורה” האָט אָנגעהויבן צו ערשיינען. עס איז אַרויס זיין ספר „אהבת חסד”, אַ צוגאָב צום ספר „חפץ חיים”. זיינע צוויי איידעמס האָבן געהאָלפן אים פירן די ישיבה, וועלכע ער האָט געגרינדעט. עס זיינען ערשינען זיינע ספרים „נדחי ישראל”, „תורת הבית”.

אין זומער תרפ״ד האָט ער אַנידער געלייגט דעם באַזיס פאַר דער גרינדונג פון די פאַראייניקטע ישיבות אין ווילנא.

דער „חפץ חיים” האָט שטאַרק געוואָלט פאָרן קיין ארץ ישראל. דערווייל איז געשטאָרבן זיין רביצין (די צווייטע פרוי), זיין איינגסטע טאָכטער איז געוואָרן קראַנק. זיין געזונט צושטאַנד איז געוואָרן זעהר שוואַך. און די דאָקטוירים האָבן פאַרבאָטן אים צו פאָרן. און כ״ד אלול אינעם יאָר תרצ״ג איז דער „חפץ חיים” נפטר געוואָרן אין ראַדין.

אגב׳דיגס, ער האָט געזאָגט: ווען אַ גוי טראָגט אַ היטל איז ער נישט אַ איד. ווען אַ איד טראָגט נישט אַ היטל איז ער אַ גוי.

# חיד״א

זעט שמהג — שם הגדולים, זייט צח.

# חידה — חידושי הרי״מ

ר׳ יצחק מאיר, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן באַרימט אַלס „חידושי הרי״מ”, איז געבאָרן געוואָרן אינעם יאָר תקנ״ט. זיין פאָטער ר׳ ישראל ראָטענבערג, רב אין מאַגנישאָוו און אין גער, איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ לוי יצחק פון בערדיטשעוו, און איינער פון דעם קאָזשעניצער מגיד׳ס מקורבים, נאָענטע. ר׳ ישראל האָט געבראַכט דעם יונגן יצחק מאיר צום קאָזשעניצער מגיד ר׳ ישׂראל וועלכער פלעגט רעדן מיט אים אין לערנען. דער גביר ר׳ משה חלפן־ליפשיץ פון וואַרשע האָט גענומען אים פאַר אַן איידעם. זייענדיק ביי דעם שווער אויף קעסט, האָט דער יונגער איידעם געלערנט טאָג און נאַכט. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן זאָגן שיעורים פאַר שאַרפע תלמידים, און ער איז באַלד געוואָרן באַקענט אַלס דער „וואַרשעווער עילוי”.

ווען עס האָט אָנגעהויבן גיין זיין שווער מיט דער פּוטער אַראָפּ, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן שלעכטע צייטן, האָט מען פאָרגעשלאָגן דעם יונגן עילוי פאַרשידענע רבנות שטעלעס, אָבער ער האָט אָפּגעזאָגט אַלע אָנבאָטן. ער האָט אָנגעהויבן האַנדלען מיט ספרים, און ער האָט פאַרדינט „וואַסער אויף קאַשע”. אויך פון וואַרשע פלעגט ער פאָרן צום קאָזשעניצער מגיד, און צייטנווייז אויך צום לובלינער „חוזה”. נאָכן מגיד׳ס פטירה פלעגט ער פאָרן צו זיין זון ר׳ משה אליקים בריעה. שפּעטער האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אָן די חסידים פון דעם פשיסכער רבין ר׳ שמחה בונים, און ער איז געוואָרן זיין תלמיד מובהק, זיין באַרימטסטער תלמיד. נאָכן פשיסכערס פּטירה האָבן די חסידים געוואָלט קרוינען אים פאַר זיין נאָכפאָלגער. ער האָט, אָבער, צוריק געוויזן זייער פערלאַנג, און ער האָט זיי באַוואויגן צו איבערגיבן די רבי׳שע קרוין ר׳ מנחם מענדלען

פון טאַמאַשאָוו, וועלכער איז געוואָרן באַקענט אַלס קאָצקער רבי.

נאָך דעם קאָצקערס פּטירה האָט דער „חידושי הרי"מ" איבער גענומען די רבי'שע קרוין. ער האָט געגרינדעט די גערער דינאַסטיע וועלכע האָט זיך פאַרשפּרייט און פאַרצווייגט ווייט און ברייט. זיינע ספרים „חידושי הרי"מ" אויף ש"ס, און שאלות ותשובות פאַרנעמען אַ הויך אָרט אין דער לומד'ישער וועלט. זיין „ספר הזכות", איז אַ חסידיש ספר. דער סאָכאַטשאָווער רבי ר' אברהם האָט געזאָגט, אַז דער „חידושי הרי"מ" איז געווען זיבן מאָל שטאַרקער אין נסתר ווי אין נגלה.

דער „חידושי הרי"מ" האָט אָבער געהאַט קיין נחת אין זיין פאַמיליען לעבן. זיינע דרייצן קינדער זיינען אויסגעשטאָרבן ביי זיין לעב צייט.

ער איז נפטר געוואָרן דריי און צוואַנציק טעג אין אדר, אין דעם יאָר תרכ"ו. זיין אייניקל ר' יהודה אריה ליב, וועמען ער האָט ערצויגן און וועלכער איז שפּעטער געוואָרן באַרימט אונטערן נאָמען „שפת אמת" האָט איבער גענומען די גערער קרוין וועלכע ער האָט געטראָגן פינף און דרייסיק יאָר. זעט „שפת אמת", זייט צט.

אגב'דיגס: יעדער איד דאַרף זיך אָפּלערנען פון אברהם אבינו מקיים צו זיין די מצוה פון הכנסת אורחים שטענדיק, אין אַלע צייטן און אונטער אַלע אומשטענדן. אברהם איז געווען אונזער שטאַם־פאָטער, אַ מלך, אַ נביא, אַ הונדערט יאָריקער זקן, פונקט דעמאָלט איז ער געווען קראַנק, און דערצו נאָך האָט ער פאַרדעכטיקט די דריי אורחים אַז זיי זיינען אַראַבער, געצן־דינער, און דאָך „וירץ", און דאָך איז ער אַליין געלאָפן מקבל פנים זיין זיי.

אַ שידוך פאַרהערער האָט געפרעגט דעם יונגיטשקן „חידושי הרי"מ":

עס איז פאַראַן אַ מחלוקת וועגן דער צאָל מלקות. איינער האַלט אַז מען דאַרף שלאָגן ניין און דרייסיק, און איינער האַלט פערציק. פרעגט זיך צי עס איז פאַראַן אַ פאַל אַז מען זאָל קאָנען שלאָגן די זעלבע צאָל מלקות לויט ביידע תנאים? און דער יונגער עילוי האָט תיכף געענטפערט:

יאָ, עס איז מעגלעך. ווען איינער, וועלכער איז אַליין אַ שליח בית־דין, האָט עובר געווען אויף ניין און דרייסיק לאו'ן פאַר וועלכע עס קומט צו שלאָגן אים ניין און דרייסיק מאָל מלקות. דערוויל האָט דאָס בית דין געשיקט אים מקיים פּסק זיין אַ צווייטן וועלכער האָט עובר געווען אויף אַ לאו, ער זאָל שלאָגן יענעם מלקות. אָבער אויפן אָרט פון צו גיבן יענעם ניין און דרייסיק מלקות, האָט ער געגיבן אים פערציק. לויט דעם „מאן דאמר" וועלכער האַלט ניין און דרייסיק, האָט דאָך דער שליח עובר געווען אויף אַ נייעם לאו פון „לא יוסף", קומט דאָך שוין צו שלאָגן אים פאַר פערציק לאו'ן, נעמלעך פערציק מאָל ניין און דרייסיק. לויט דעם „מאן דאמר" וועלכער האַלט „פערציק", האָט דאָך דער שליח געטון ריכטיק, און ער האָט ניט עובר געווען אויף „לא יוסיף", און עס קומט צו שלאָגן אים בלויז פאַר די פריערדיקע ניין און דרייסיק לאו'ן, נעמלעך ניין און דרייסיק מאָל צו פערציק מלקות. איז אין אָט דעם פאַל גלייכן זיך אויס ביידע תנאים. ווייל ניין און דרייסיק מאָל פערציק, און פערציק מאָל ניין און דרייסיק באַטרעפן דאָס זעלבע.

## חתם — חדושי תורת משה

ר' משה ב"ר שמואל סופר (שרייבער) באַקענט אַלס „חתם סופר" (ראשי תיבות, די ערשטע אותיות פון זיין ספר חדושי תורת משה סופר), וועמענס פאַרגענגער האָבן געהייסן צערבים, איז געבאָרן געוואָרן אין פראַנקפורט אַם מאַין, דייטשלאַנד, זיבן טעג אין תשרי, תקכ"ג, 1762, און ער איז נפטר געוואָרן פינף און צוואַנציק טעג אין תשרי, אי־

נעם יאָר ת״ר, אָקטאָבער 3, 1839, אינעם על־טער פון זיבן און זיבעציק יאָר. זיין מוטער האָט געהייסן רייזל. ער האָט געשטאַמט פונעם מחבר פונעם „ילקוט שמעוני״ וועלכער האָט אָפּגעשטאַמט פון רש״י. ער איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ נתן אַדלער און פון ר׳ פנחס הורביץ, דער בעל „הפלאה״. ער איז געווען ראש הישיבה אין פּרוסניץ. ווען ער האָט געגעסן קעסט ביי זיין שוועגער, האָט ער אין שבת באַמערקט אַז זיין שוועגערין טראָגט ניט די גאָלדענע קייט. ווי נאָר ער איז געוואָר געוואָרן אַז מען האָט זי „פאַרזעצט״, האָט ער באַשלאָסן צו לערנען אַ מלאכה. ער איז אָבער געצוואונגען געוואָרן צו ווערן רב, צוערשט אין דראזניץ, דערנאָך אין מאַטערסדאָרף און שפּעטער אין פּרעסבורג, וואו ער האָט אָנגעהאַלטן דעם כסא הרבנות דריי און דרייסיק יאָר.

ער האָט געגרינדעט די באַרימטע פּרעס־בורגער ישיבה וועלכע איז געווען פאַרן מערב אייראָפּעאיש אידנטום דאָס וואָס די וואָלאָזשינער ישיבה, וועלכע ר׳ חיים וואָלאָ־זשינער, דעם ווילנער גאון׳ס תלמיד, האָט געגרינדעט, איז געווען פאַר דעם מזרח איירא־פּעאיש אידנטום.

ער איז געווען אַ געוואַלדיגער חובב ציון, ליב האָבער פון ציון, און ער האָט ממש געלעכצט צו באַזעצן זיך אינעם הייליגן לאַנד. ער האָט עס אָבער ניט געקאָנט פאַר־ווירקלעכן צוליב דער ישיבה. ער האָט באַ־וואויגן מאַנכע פון זיינע תלמידים צו באַ־זעצן זיך דאָרט, און די אַנדערע האָבן גע־אַרבעט אין גלות לטובת אונזער לאַנד.

אינעם יאָר 1813 איז ער געוואָרן ר׳ עקיבא איגערס איידעם, די צווייטע פרוי.

ווען די רעפאָרם באַוועגונג האָט זיך אָנ־געהויבן אין דעם יאָר 1819 אין האַמבורג, האָט דער „חתם סופר״ געקעמפט זיין גאַנץ לעבן מיט אַלע כוחות געגן יעדער ענדערונג און נייע זאַך וועלכע די רעפאָרמער האָבן געוואָלט איינפירן אין דעם רעליגיעזן לעבן. ער האָט געזאָגט „חדש אסור מן התורה בכל מקום״. פון אומעטום האָט מען זיך געווענדעט צו אים מיט שאלות, און מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ פוסק אחרון.

דער „חתם סופר״ איז דער מחבר פון מע־רערע וויכטיקע ספרים:

תורת משה אויף חומש, חידושים אויף ש״ס, שאלות ותשובות, „שירת משה״, שירים און פיוטים, „ספר זכרון״, די צרות וועלכע ער האָט דורך געמאַכט, אַ פירוש אויף דער פסח הגדה, און נאָך.

אגב, עס זיינען פאַראַן פיר ספרים וועלכע מען רופט ניט ביי די נעמען וועלכע די מחברים האָבן זיי געגיבן: „משנה תורה״, „שני לוחות הברית״, און „תורת משה״. נאָר מען רופט זיי: „דער רמב״ם״, „דער של״ה״, „דער אלשיך״, „דער חתם סופר״. דאָס נעמט זיך מסתמא דערפון וואָס אידן האַלטן ניט פון אַ צווייטער תורה, פון צווייטע לוחות. מיר אידן זיינען גאַנץ צופרידן מיט דער תורה וואָס משה רבינו האָט אונז געגיבן. אַפילו דעם חומש דברים, וועלכער ווערט באַצייכנט אויך מיט „משנה תורה״, רופט מען ניט ביי דעם דאָזיקן נאָמען, נאָר פשוט ספר דברים, אָדער „חומש דברים״.

אגב׳דיגס, ער האָט געזאָגט: עס איז גאָר קיין חידוש וואָס משה רבינו איז געווען משה רבינו. ווען איך וואָלט האָבן אַזאַ רבי׳ן (דעם אויבערשטן) ווי ער האָט געהאַט, וואָלט אויך איך אַזוי געווען. אַי, פאַר וואָס זשע טאַקע האָב איך ניט אַזאַ רבי׳ן ווי ער האָט געהאַט? ווייל איך בין ניט משה רבינו.

נאָכן „חתם סופר׳ס״ פטירה האָט זיין זון ר׳ אברהם שמואל בנימין איבער גענומען זיין פאָטערס רבנות אין פּרעסבורג. ער איז דער מחבר פון אַ פירוש אויף תורה מיטן נאָמען „כתב סופר״, און ער איז באַקאַנט אונטער דעם דאָזיקן נאָמען.

דעם „חתם סופר׳ס״ זון ר׳ שמעון איז געבאָרן געוואָרן אין פּרעסבורג אין דעם יאָר 1821, און ער איז נפטר געוואָרן אין קראָ־קאָ זעכצן טעג אין אדר ב׳, תרמ״ג, 1883. אין דעם יאָר 1842 איז ער געוואָרן רב אין

מאַטערסדאָרף. אינעם יאָר 1860 איז ער גע־וואָרן רב און אב בית דין אין קראָקא. ער איז געווען גוט באַקענט אין דער הלכה וועלט. ער איז געווען גוט בעהאַוונט אין וועלטלעכע ענינים. אין 1879 איז ער גע־וואָרן ערוויילט אַלס מיטגליד אין דעם פּאַר־לאַמענט אין וויען, עסטרייך. ער איז געווען זעהר אַקטיוו און טיכטיק אין קהל'שע אַנגע־לעגנהייטן. און ער האָט פיל בייגעטראָגן צום פאַרשטאַרקן רעליגיעז אידישקייט און אידנטום. אין דעם יאָר 1840 האָט ער גע־גרינדעט אַ וואָכן צייטונג מיטן נאָמען „מחזי־קי הדת", אַ פלאַטפאָרמע פאַר דעם רעליגיעזן אידנטום אין גאַליציע. אין 1912 איז די צייטונג נאָך ערשינען אין לעמבערג.

אגב'דיגס: פאַר זיין פטירה האָט ר' שמעון געזאָגט צו די ראשי הקהל: יעדער פּאַס־טוך איז זיכער געטריי זיינע שאָף, און ער גיט גוט אַכטונג אויף זיי. אָבער מיר ווייסן דאָך אַז מיט זיין געטריישאַפט איז ער אויסן בלויז זיך. ער מיינט עס ניט לטובת די שאָף, נאָר זיין אייגענער טובה, ווייל עס איז דאָך זיין פאַרמעגן.

ווען דער פאַסטוך איז אַ געדונגענער, גיט אויך ער גוט אַכטונג אויף דער טשערעדע, כדי ער זאָל ניט פאַרלירן זיין שטעלע. אַנדערש, אָבער, דאַרף זיין דער פּאַסטוך פון דער אידישער קהילה. ער מוז האָבן אין זינען בלויז דעם וואוילזיין פון זיין געמיינדע, און קיין שום אייגן־נוצן.

און אָט דאָס מיינט דער פסוק „ולא תהיה עדת ה' כצאן אשר אין להם רועה", א). די קהילה זאָל ניט זיין געגליכן צו שאָף וואָס דער פּאַסטוך איז „אין להם" ניט פאַר זייער וועגן, נאָר ער איז פאַר זיך. ער האָט ניט אין זינען דעם וואוילזיין און דאָס גליק פון דער געמיינדע, נאָר ער איז אויסן בלויז זיין אייגענע פרנסה און זיין אייגענעם כבוד.

ווען מען האָט געפרעגט אים, ווי קומט עס וואָס ער האָט געוואָלט ווערן אַ מיט־גליד אין פּאַרלאַמענט, האָט ער געענט־פערט: נישט ווייל איך האָב געוואָלט זיין אַ מיטגליד, נאָר ווייל איך האָב געוואָלט אַז יענער צד זאָל האָבן אין מיטגליד ווייניגער.

## יער. — יערות דבש

ר' יהונתן אייבשיץ איז געבאָרן געוואָרן אין קראָקא, גאַליציע, אַרום דעם יאָר ת"ן, 1690, און ער איז נפטר געוואָרן אין און צוואַנציק טעג אין אלול, תקכ"ד, סעפּטעמבער 18, 1764, אין אַלטונא, אין עלטער פון פיר און זיבעציק יאָר. זיין פאַמיליע־נאָמען אייב־שיץ נעמט זיך פון דעם וואָס זיין פאַטער ר' נתן נטע, וועלכער האָט אָפּגעשטאַמט פון ר' נתן שאַפּירא, דער מחבר פון „מגלה עמוקות", איז געווען רב אין דער שטאָט אייבענשיץ, מעהרן. ר' יהונתן איז געבליבן אַ יונגער יתום, האָט מהר"מ א"ש, ר' מאיר אייזענשטאַט, פּראָסניצער רב, אים אַדאָפּ־טירט. שפּעטער האָט ער געלערנט אין דער ישיבה פון זיין קרוב ר' אליעזר הלוי עטינגען אין האָלעשאָ, מעהרן. ער האָט חתונה געהאַט אין פּראַג, און שפּעטער איז ער געוואָרן דרשן דאָרט. זיינע געגנער האָבן ניט דער־לאָזט אים ווערן רב אין פּראַג און אויך ניט אין מעץ. ווען די פּראַנצויזן האָבן איינ־גענומען פּראַג, איז ער געוואָרן ערוויילט אַלס רב אין מעץ, אינעם יאָר 1746. אין דעם יאָר 1750 איז ער געוואָרן רב פון די דריי קהילות אַלטונא, האַמבורג, וואַנסבעק, און געוואוינט האָט ער אין אַלטונא. און דענצ־מאָל האָבן זיך אָנגעהויבן ר' יעקב פון עמדין'ס באַשולדיגונגען אויף ר' יהונתן'ען אין שבתי צבי'איזם. ר' יהונתן איז געווען אַ גרויסער חריף, אַ גלענצענדער דרשן, און ער האָט זיך אויסגעקענט אין וועלטליכע וויסנשאַפטן. ער איז דער מחבר פון „כרתי ופלתי" אויף יורה דעה, „יערות דבש" דרו־

---

א) במדבר כז, יז.

שים, „תפארת ישראל״ אויף הלכות נדה, „אורים ותומים״ אויף שולחן ערוך חושן משפט, „בינה לעתים״ אויפן רמב״ם, הלכות יום טוב, און נאָך.

אגב'דיגס: אַ גאַר הויכער רעגירונגס־בעַ־אַמטער, זיינער אַ גוטער באַקענטער, האָט באַגעגנט אים אַמאָל אין גאַס. אויף זיין פראַגע וואוהין ער גייט, האָט ר' יהונתן געענטפערט אים אַז ער ווייסט ניט. דעם בעאַמטן האָט עס פאַרדראָסן, און מען האָט אים איינגעזעצט אין טורמע. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט דער בעאַמטער געשיקט נאָך אים. אויף זיין פראַגע פאַר וואָס ער האָט געענטפערט אים אַז ער ווייסט ניט וואוהין ער גייט, האָט ר' יהונתן געזאָגט צו אים: דו זעסט דאָך אַליין אַז איך האָב ניט געוויסט. איך בין געגאַנגען אין שוהל אַריין דאַווענען, און געקומען בין איך גאָר אין טורמע אַריין.

## ישמח — ישמח משה

ר' משה טייטעלבוים איז געבאָרן געוואָרן אין פּרעמישלא. ער איז געווען רב אין אוהעל. ער איז דער מחבר פון „ישמח משה״ אויף תנ״כ און אויף אגדות אין ש״ס; שאלות ותשובות „השיב משה״; „תפילה למשה״ אויף תהלים.

ווען ער איז געקומען קיין לובלין האָט מען אים באַצייכנט אַלס „דער אייזערנער קאָפּ״. ווען ער איז געוואָרן רב אין שיניווע איז ער שוין געווען באַקענט אַלס גאון און צדיק. ווען ער איז געוואָרן רב אין אוהעל, אונגאַרן, פלעגן טויזנטער מענטשן קומען צו אים. אַפילו ניט־אידן פלעגן קומען צו אים נאָך עצות און הילף. ער איז געווען אַ גרויסער דרשן. חסידים האָבן געזאָגט אַז ער האָט אַ ניצוץ, אַ פינק פון ירמיה הנביא, ווייל ער האָט כסדר געטרויערט אויף חורבן ירושלים. ער איז נפטר געוואָרן כ״ח תמוז, תר״א.

זיין אייניקל ר' זלמן לייב דער מחבר פון „ייטב לב״ האָט פאַרגעזעצט דעם זיידנס טעטיקייטן. דעם „ייטב לב'ס״ ממלא מקום איז געווען זיין זון ר' חנניא יום טוב ליפא, סיגיטער רב, און מחבר פון דעם ספר „קדושת יום טוב״. דער איצטיקער סאַטמאַ־רער רבי ר' יואל טייטעלבוים שליט״א איז דער זון פון „קדושת יום טוב״, אַן אייניקל פון „ייטב לב״ אַן אור־אייניקל פון ר' אלעזר ניסן, רב אין דרוביטש, גאַליציע, און אַן אור־אור אייניקל פון „ישמח משה״. ער איז דער מחבר פון „ויואל משה״ וועלכער איז ערשינענע אין ניו יאָרק ניט לאַנג צוריק.

## כם — כתב סופר

זעט חתם — חדושי תורת משה, זייט סב.

## לת — לקוטי תורה

ר' מרדכי (מאָטעלע) טשערנאָבילער איז געבאָרן געוואָרן אין דעם יאָר תק״ל. ער איז געווען ר' מנחם נחום'ס (נחום'טשעס) טשער־נאָבילערס זון און ר' אהרן הגדול'ס פון קאַר־לין אידעם. נאָך ר' נחום'טשעס פטירה איז ר' מאָטעלע געוואָרן זיין נאָכפאָלגער. בעת ר' נחום'טשע האָט געפירט אַן אָרים לעבן, האָט ר' מאָטעלע איינגעאָרדענט זיך מעהר הרחבה'־דיג, ברייטליך. אין זיין צייט האָט מען איינ־געפירט „מעמדות״, אַ יאָרליכער שטייער וואָס אַ חסיד פלעגט צאָלן זיין רבי'ן.

ר' מאָטעלע האָט געהאַט טויזנטער חסידים. ער איז געווען זעהר באַליבט און פאַר־היילגט ביי די מאַסן. אָבער אויך גדולי התורה זיינען געווען צווישן זיינע תלמידים

און חסידים, ווי למשל דער מחבר פון „שארית ישראל".

ר' מאטעלעס תורה איז געדרוקט אין זיין ספר „ליקוטי תורה". עס איז א „מועט המחזיק את המרובה", ווינציג אין בלעטלאך אבער פיל אין חכמה. עס ענטהאלט מוסר, פשט, דרש, רמזים אויף תורה און ימים טובים. עס איז ערשינען אין טשערנאוויץ, אינעם יאר תר"כ, און איז איבער געדרוקט געווארן אין ניו יארק אין דעם יאר תשי"ד.

ר' מאטעלע איז נפטר געווארן כ' אייר, אינעם יאר תקצ"ז, אין דעם עלטער פון זיבן און זעכציק יאר אין דעם שטעטל אנאטאווקא, נעבן קיעוו. חסידים זאגן אז עטליכע יאר פאר זיין פטירה האט ער אויסגעקליבן דאס דאזיגע שטעטל פאר זיין קבורה, ווייל מען האט ניט געהערט דארט דאס קלינגען פון קלויסטער גלעקער וואס שטערט אין קבר.

זיינע אכט זין זיינען געווען בארימטע רביים. זיין בכור ר' אהרן אין טשערנאבל, ר' משה אין קאריסטאשאוו, ר' יעקב ישראל אין הארנאסטייפול און שפעטער אין טשער־קאסי, ר' נחום אין מאקאריוו, ר' אברהם אין טריסק, ר' דוד אין וואסילקאוו שפעטער אין טולנע, ר' יצחק אין סקווער, ר' יוחנן אין ראכמעסטריווקע.

## מאור — מאור עינים

ר' מנחם נחום פון טשערנאבל איז געבארן געווארן אינעם יאר ת"ץ. זיין פאטער איז געווען ר' צבי ב"ר נחום גאון אין גארינסק, וואלינער גובערניע, רוסלאנד. זייענדיק נאך א קינד איז געשטארבן זיין פאטער, האט ער זיך געהאדעוועט ביי זיין פאטערס ברו־דער ר' נחום. ווען זיין פעטער האט איינ־געזען זיינע גרויסע פעאיקייטן, האט ער אים אוועק געשיקט אין איינע פון די בא־רימטסטע ישיבות אין ליטע, וואו ער איז געווען פון די בעסטע תלמידים. נאך זיין חתונה האט ער געלעבט פון מלמדות. עס האט אים געצויגן זעהר צו נסתר, צו קבלה, צו דער סודות'דיקער לערע, האט ער זיך פארטיפט אין דער לערע פון דעם אר"י און זיינע תלמידים. ער האט אנגעהויבן זיך צו פירן ווי זיי. ער האט זיך געפייניקט, גע־פראוועט סיגופים, און אזוי ווייטער.

ווען דעם בעל שם טוב'ס שיטה האט אנגעהויבן צו ווערן באקענט, איז ער געפארן קיין מעזשעבוזש, און ער איז געווארן זיין תלמיד. נאכן בעל שם טוב'ס פטירה, איז ער געווארן אן אנהענגער פון דעם מעזערי־טשער מגיד, דעם בעל שם טוב'ס נאכפאלגער. זייענדיק א גלענצענדער דרשן איז ער ארום געפארן פארשפרייטן חסידות, דעם בעל שם טוב'ס לערע. אויף זיינע רייזעס האט ער פיל געהאלפן אויך צו פארבעסערן די עקא־נאמישע לאגע פון די וועלכע האבן זיך גענויטיקט אין דעם. זייענדיק אליין אן ארי־מאן, אפילו ווען ער איז געווען רב אין טשערנאבל, פלעגט ער אוועק גיבן זיינע עטלעכע מטבעות ארימעלייט. באזונדערס פלעגט ער זיך אפגיבן מיט פדיון שבויים, אויסלייזן געפאנגענע. ר' נחום'טשע, דער גרינדער פון דער טשערנאבילער דינאסטיע, איז נפטר געווארן עלף טעג אין מרחשון, אינעם יאר תקנ"ה אין טשערנאבל.

ר' נחום'טשע איז דער מחבר פון „ישמח לב" אויף תלמודישע אגדות, און פון זיין וויכ־טיגן ספר „מאור עינים" אויף תורה וועלכער האט געמאכט א גרויסן איינדרוק אין דער וועלט פון חסידות. זיין זון ר' מרדכי (מאטע־לע) איז געווארן זיין נאכפאלגער. ר' מאטע־לעס זון ר' אברהם, מחבר פון „מגן אברהם" אויף תורה, איז געווארן טריסקער מגיד.

מיין פאטער ר' משה פלעגט פארן צום מגיד. ער האט מיר דערציילט אמאל אז דער מגיד האט אים געזאגט אז יעדער פרי מארגן פארן דאווענען גייען אים דורך „פ אלפים חסי־דים דורכן קאפ". דעם „מגן אברהם'ס" זון ר' יעקב לייבעניו איז געווארן זיין נאכפאלגער

אַלס טריסקער רבי. מיין פאָטער פלעגט מיך מיט נעמען אויף ראש השנה קיין טריסק. אויף זיינע יאָרליכע רייזעס פלעגט דער רבי איינשטעהן ביי אונז אין הויז אין אוסטילע, א) אַ וואָך יעדער יאָר. דעם מגיד'ס זון ר' מאָטעלע איז באַקענט געוואָרן אַלס בלאָדאַווקער רבי און אַלס ר' מאָטעלע קוזמירער. פאָרזעצונג אויף זייט קג.

## מגן — מגן וצנה

ר' יהודה אריה (לעאָן) דע מודינא איז געבאָרן געוואָרן אַכט און צוואָנציק טעג אין ניסן, אינעם יאָר של"א, אַפּריל 23, 1571 אין דער שטאָט ווענעציע, און ער איז נפטר געוואָרן דאָרט זיבן און צוואָנציק טעג אין אדר, מאַרטש 24, 1648, אין עלטער פון זיבן און זיבעציק יאָר. ער איז איינער פון די כאַראַקטעריסטישסטע טיפּן אין דער אידישער געשיכטע. ער איז כמעט אַן אַניגמאַ, אַ רעטעניש, אַ מענטש מיט אָהן אַ שיעור שאַרפע ווידער שפּרוכן. ער איז אַ גרויסער תלמודיסט; בעהאַוונט אין אַנדערע ליטעראַטורן; האָט געקענט לאַטיין, שפּאַניש, איטאַליעניש; ער איז אַ מאמין, און גלייכצייטיק אַ ראַציאָנאַליסט; ער שרייבט אַ בוך אין וועלכן ער פערדאַמט קאָרטן־שפּילעריי, און איז אַליין אַ ליידנשאַפטליכער קאָרטן־שפּילער (דאָס בוך האָט געהייסן „סור מרע", און איז שפּעטער ערשינען אונטערן נאָמען „צחקן מוסרי"), און ווען די ווענעצישע קהילה לייגט אים אַריין אין חרם פאַר קאָרטן־שפּילן, פאַרעפנטליכט ער אַ פּסק דאַגעגן. ער איז אַ רב, אַ דיין, אַ דרשן, אַ חזן און איז גלייכצייטיק דער דירעקטאָר פון דעם טעאָטער אין דער ווענעצישער געטאָ, און ער פאַרפאַסט קאָמעדיעס פאַרן טעאָטער. ער איז געוועזן דיריגענט פון דער מוזיק אַקאַדעמיע אין דער געטאָ. ער גלויבט אין מזלות און אין סגולות, און שרייבט אַ בוך געגן זוהר, און קבלה, מיטן נאָמען „ארי נוהם". ער שרייבט אַ בוך „מגן וצנה", אין וועלכן ער פאַרטיידיקט דעם תלמוד, און גיט אַרויס אַ ספר „קול סכל", אין וועלכן ער אַטאַקירט דעם תלמוד נאָך שאַרפער ווי די קראים האָבן עס געטון. ער האָט אונטעריכטעט אידישע און ניט אידישע תלמידים. ער האָט פערפאַסט דרשות פאַר אַנדערע. איז געווען אַ סעקרעטאַר פון חברות, האָט געשריבן בריוו פאַר אַנדערע, לידער צו חתונות, עפּיטאַפן אויף מצבות, סאָנעטן אין איטאַליעניש, איבערזעצט ביכער, געלייענט קאָרעקטורן, געשריבן קמיעות, פאַרקויפט סגולות, געווען אַ מעקלער, אַ שדכן און נאָך. ער האָט געהאַט פילע מלאכות, אָבער זעהר ווייניק ברכות. דער דלות האָט געפייפט אין אַלע ווינקעלעך.

אגב'דיגס, ער האָט געזאָגט אויף ר' ישראל נאַגאַראַ [נאַדזשאַראַ]: „אין בישראל כישראל", עס איז ניטאָ ביי אידן אַזעלכער ווי ישראל.

זעט מקוה — מקוה ישראל, זייט ע.

## מגן א — מגן אברהם

זעט לת — לקוטי תורה, זייט סה, און מאור — מאור עינים, זייט סו.

---

א) אין אוסטילע איז פאָרגעקומען די באַרימטע חתונה, אויף וועלכער עס האָבן זיך באַטייליגט אַרום צוויי הונדערט רביים אין „ווייסע זיידענע זשופּיצעס". דאָס שטעטל געפינט זיך צען וויאָרסט פון לודמיר, וולאָדימיר וואָלינסק. וואו די „לודמירער מויד" חנה רחל בת ר' מוניש ווערבענמאַכער האָט „געפּראַוועט ראַביסטווא". זי פלעגט לייגן תפילין. אויך רביים פלעגן פאָרן צו איר.

# מהרש"א — מורינו הרב שמואל אידלש

ר' שמואל אליעזר אידלש איז געבאָרן געוואָרן אין פּאָזן, דייטשעש פּוילן אין דעם יאָר 1555. זיין פאָטער ר' יהודה הלוי האָט געשטאַמט פון גרויסן יחוס. זיין מוטער האָט געשטאַמט פונעם מהר"ל פון פראַג. זיין שווער ר' משה איז דער מחבר פון „זכרון משה". ער פלעגט זיך חתמ'ענען שמואל אידלש, אויף זיין שוויגערס נאָמען אידל, אַלס אַנער־קענונג פאַר איר שטיצן זיין גרויסע ישיבה אין פּאָזן צוואַנציק יאָר נאָכאַנאַנד. מיט איר טויט איז אָפּגעשטאָרבן אויך די ישיבה.

דער מהרש"א האָט געהאַלטן פון שכל'דיקן פלפול. ער האָט געהאַלטן אַז מען דאַרף לער־נען אויך אַנדערע וויסנשאַפטן: פונקט ווי מעל איז אַן הקדמה צו ברויט, אַזוי זענען אַסטראָ־נאָמיע, מאַטעמאַטיק,א) אַן הקדמה צו אונזער תורה. ער האָט געקענט קבלה, פילאָזאָפיע. אַלס פירער האָט ער ניט גע'חנפ'עט גבירים. ער האָט געקעמפט געגן נישט ערלעכע גבירים און האָט ניט געלאָזט מכבד זיין זיי מיט „פעטע" עליות, וכדומה. ער איז געווען אַ גרויסער מכניס אורח. אויפן רשאָק פון זיין טיר איז געווען אויסגעקריצט מיט גרויסע אותיות דער פסוק: „בחוץ לא ילין גר, דלתי לאורח אפתח",ב) אויף דער גאַס זאָל ניט נעכטיקן אַ פרעמדער, מיינע טירן זיינען אָפן פאַר אורחים.

זיין פירוש אויף ש"ס איז וועלט באַרימט, און איז געדרוקט אין יעדער ש"ס. ער האָט געשריבן שאלות און תשובות. ער האָט איינ־געפירט אַן אייגנאַרטיקן דרך צו פאַרשטעהן די אגדות אין תלמוד. ער ערקלערט שווערע ערטער אין תוספות. ער האָט אויך אַ פירוש אויף תורה.

דער מהרש"א איז געווען רב און אב בית דין אין כעלם, אב בית דין און ראש הישיבה אין לובלין, אב בית דין אין טיקטין, רב און ראש הישיבה אין אוסטרא, וואָלינער גובערניע, וואו ער איז נפטר געוואָרן פינף טעג אין כסלו, אינעם יאָר שצ"ב, 1631, אין דעם עלטער פון זעקס און זיבעציק יאָר.

אגב'דיגס: אַ למדן האָט זיך באַרימט אַמאָל אין בית המדרש אַז ער האָט צוגע־טראָפן אַ מהרש"א. האָט אַ צווייטער למדן געזאָגט אים: דער מהרש"א איז גרויס דאָרט וואו דו טרעפסט אים ניט צו.

# מלבי"ם

ר' מאיר לייב בן ר' יחיאל מיכל, באַרימ־טער רב, געלערנטער, דרשן, איז געבאָרן געוואָרן אין וואָלאָטשיסק, וואָלינער גובערניע, רוסלאַנד, אין דעם יאָר 1809. זיין ערשטער רבי איז געווען זיין פאָטער, און דאַן זיין שטיף־פאָטער ר' לייב וואָלאָטשיסקער. פון 1838 ביז 1845 איז ער געווען רב אין ווּרע־שען, פּאָזען, שפּעטער אין קעמפּען ביז 1860, און מען האָט דערפאַר גערופן אים „דער קעמפּענער". נאָך דעם איז ער געוואָרן רב הכולל פון בוקאַרעסט, רומעניע. די דאָרטיקע רייכע דייטשע אידן האָבן געוואָלט איינפירן רעפאָרם, האָט ער שטאַרק געקעמפט דאַ־געגן, האָבן זיי אינטריגירט געגן אים. און אין אַ שבת אין מיטן דער דרשה האָט מען אים אַרעסטירט און איינגעזעצט אין תפיסה. אַ דאַנק דער באַמיאונג פון ר' משה מאָנטעפיאָרע, איז ער באַפרייט געוואָרן, אָבער מיט דעם תנאי, אַז ער מוז פאַרלאָזן רומעניע. אין 1866 האָט ער איבער גענומען דעם כסא הרבנות פון זיין פאַרשטאָרבענעם שווער ר' חיים אויערבאַך, אין לענטשיץ, קאַלישער גובערניע (רוסיש פוילן). אַ ביסל שפּעטער איז ער געוואָרן רב אין כערסאָן, און אין 1870 אין מאָגילעף, ביים דניעפּר. אויך דאָרט זיינען די רייכע אידן ניט געווען צופרידן מיט אים, האָבן זיי אים דערקלערט אַלס „פּאָליטישער פאַרברעכער", און אויף

---

א) מהרש"א, הוריות י, א.

ב) זעט דעם טייטש אין איוב לא, לב.

דעם גובערנאַטאָרס באַפעל האָט ער פאַר־לאָזט די שטאָט. ער איז געוואָרן רב הכולל פון דער פוילישער קהילה אין קעניגסבערג, פּרייסן. אָבער אויך דאָרט האָבן די דייטשע אידן אים פאַרפאָלגט. ווילנע האָט אים גע־וואָלט אַלס נאָכפאָלגער פון ר׳ יצחק אליהו לאַנדוי, אָבער דער גובערנאַטאָר האָט ניט דערלאָזט. האָט די קרעמענטשוגער קהילה אים אויפגענומען אַלס רב. אויפן וועג אַהין איז ער קראַנק געוואָרן און איז נפטר גע־וואָרן אין קיעוו דעם ערשטן טאָג ראש השנה תר״ם, סעפּטעמבער 18, 1879.

ער איז דער מחבר פון: „ארצות החיים״, „ארצות השלום״, „התורה והמצוה״ אויף תורה, און „מקראי קודש״ אויף נביאים וכתובים, וועלכע ערקלערן סאַי די ווערטער, סאַי דעם געדאַנק, „משל ומליצה״. זיין פירוש אויף תנ״ך איז וועלט באַרימט.

אגב׳דיגס: זייענדיק אין בערלין, איז דער מלבי״ם געווען שטאַרק נייגעריק צו וויסן וואָס אַ רעפאָרם ראַבינער זאָגט אין זיינע „פּרעדיגטן״ (סוירמענס). איז ער אַריין גע־גאַנגען אין דער בערלינער „סינאַגאָגע״. דעם ראַבינערס „פּרעדיגט״ האָט געדויערט איבער אַ שעה, אָבער עס האָט געהאַט קיין אינהאַלט און קיין טעם.

אַרויסגייענדיק פון דער „סינאַגאָגע״, האָט ער באַמערקט צו זיינע פריינט: „קהלת דערכנט אויס אַכט און צוואַנציק ציטן. עס איז פאַראַן, למשל, אַ צייט צו צעשטערן און אַ צייט צו בויען. איז דער מיטל וועג ניט צו צעשטערן און ניט צו בויען. עס איז פאַראַן אַ צייט צו וויינען און אַ צייט צו לאַכן. איז דער מיטל וועג ניט צו וויינען און ניט צו לאַכן. עס איז פאַראַן אַ צייט צו האָבן ליב, און אַ צייט צו האָבן פיינט. איז דער מיטל וועג ניט צו האָבן ליב און ניט צו האָבן פיינט. קהלת זאָגט דאָך אָבער אויך אַז עס איז פאַראַן אַ צייט צו שווייגן און אַ צייט צו רעדן, וואָס זשע איז דער מיטל וועג? עס איז דאָך איינס פון די צוויי, אָדער מען רעד אָדער מען שווייגט! נאָר דער דאָזיגער „פּרעדיגט״ האָט עס מיר פאַרענטפערט. דער מיטל וועג פון ,אַ צייט צו שווייגן און אַ צייט צו רעדן׳ איז אַ רעפאָרם ראַבינערס פּרעדיגט. עס איז ניט געשוויגן און ניט גערעדט״.

דער מלבי״ם איז געקומען אַמאָל קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, איז די גאַנצע שטאָט גע־קומען מקבל פנים זיין אים. צווישן דעם עולם האָבן זיך געפונען אויך משכילים. ווען ער האָט זיי געפרעגט ווער זיי זיינען, און זיי האָבן געענטפערט אַז זיי זיינען די „משכילים״ פון דער שטאָט, האָט ער זיך אָנגערופן: „הייסט עס, אַז איר זייט ,קאָ־נערס׳ ״.

באַמערקנדיק אַז זיי „כאַפּן״ ניט וואָס ער מיינט, האָט ער געזאָגט: איר זייט קאָנערס, ווייל וואָס איך און אַנדערע פרומע אידן קאָנען ניט, קאָנט איר יאָ. איך, ווען איך שטיי אויף אין דער פרי און וויל טרינקען אַ גלאָז טיי, קאָן איך ניט, ווייל איך האָב נאָך ניט אָפּגעגאָסן די נעגל, ניט געזאָגט נאָך ברכות השחר. אַז איך האָב שוין גע־טרונקען טיי, און איך וויל עסן, קאָן איך ניט, ווייל איך האָב נאָך ניט געדאַווענט. און אַז איך האָב שוין אָפּגעדאַווענט, קאָן איך נאָך אַלץ ניט עסן, ווייל איך מוז זיך וואַשן צוערשט, מאַכן אַ המוציא. אָבער איר משכי־לים, קאָנט דאָס וואָס איך און מיין גלייכן קאָנען ניט.

## ממנ — מחברת מנחם

ר׳ מנחם בן סרוק, באַרימטער פילאָלאָג, בעל דקדוק, איז געבאָרן געוואָרן אין דעם צענטן יאָר־הונדערט אין טורטוסא, שפּאַניע. אַלס אינגערמאַן איז ער אַוועק קיין קורדאָ־ווירא. דאָרט האָט ר׳ יצחק, ר׳ חסדאי אבן שאַפּרוט׳ס זון, אים מקרב געווען. ער איז דער פערפאַסער פון דעם „מחברת״, וואָס בע־האַנדלט די שרשים פון לשון הקודש און

לשון ארמית, פון העברעאיש און אַראַמעאיש.
עס איז דער ערשטער ספר אויף דעם דאָזיגן געביט. זיין שיטה איז, אַז עס זיינען פאַראַן שרשים וועלכע באַשטעהען פון איין אות, צווי, דריי, פיער אָדער פינף אותיות. זיין תלמיד חיוג׳ (חיודזש) האַלט, אַז די שרשים באַשטעהען בלויז פון דריי אותיות. רש״י האָט געהאַלטן ר׳ מנחם׳ען פאַר אַ גרויסען מדקדק, און ער ציטירט אים מערערע מאָל. אויך תוספות ברענגט אים. דונאַש בן לאַבראַט האָט שטאַרק אַטאַקירט ר׳ מנחם׳ס סיסטעם. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז ר׳ חסדאי אבן שאַפּרוט איז געוואָרן אויס פריינד און פאַרערער פון ר׳ מנחם׳ן. אָבער זיינע תלמידים, און דער עיקר חיוג׳, זיינען אַרויס מיט קריטיקען געגן דונאַש׳ן.

## מנחם — מנורת המאור

ר׳ ישראל בן ר׳ יוסף (בן) אלנקאוה, האָט געלעבט אין שפּאַניע אין דעם פערצענטן יאָר־הונדערט. אין דעם יאָר 1391 איז ער פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט ר׳ יהודה ב״ר אשר אויפ׳ן שייטער הויפן אויף קידוש השם.
דער „מנורת המאור״ באַצוועקט צו באַקענען דעם פּשוט׳ן אידן מיט די פּערל פון תלמוד און מדרש. עס איז אַ זאַמלונג פון אגדות, גוטע ווערטער, עטישע לערעס, אַראַנזשירט אין אַ באַשטימטער אָרדנונג, און עס לערנט דעם לייענער גוטע מידות, באַשיידענקייט און נאָך. דער ספר איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין דעם יאָר 1514. עס איז פאַראַן אַ אידישע איבערזעצונג פון ר׳ משה פראַנקפורט, דיין אין אַמסטערדאַם, געדרוקט אין 1701, און איז פיל מאָל איבער געדרוקט געוואָרן. אין דעם יאָר 1880 איז ערשינען אין ווילנע אַ נייע אידישע איבערזעצונג. זעט עדיציע הלל גרשם, המכונה הימן ענעלאָו, בלוך, ניו יאָרק, תרצ״ב.

## מצ,א׳; מצ,ב׳ — מצודת דוד מצודת ציון

ר׳ דוד ב״ר אריה ליב אלטשול [אַלטשולער] אַן אייניקעל פון ר׳ פתחיה, רב אין פּראַג, און אַן אייניקל פון ר׳ יצחק חיות, מחבר פון „אפי רברבי״, רב אין לעמבערג, קראָקאָ, פּראַג, האָט אָנגעהויבן דעם פירוש אויף נביאים און כתובים. זיין זון ר׳ יחיאל מיכל האָט אים געענדיגט, רעדאַקטירט און איינגעשטעלט אין צווי באַזונדערע פירושים. „מצודת ציון״ פערטייטשט די ווערטער. „מצודת דוד״ ערקלערט דעם פּשט. ר׳ יחיאל האָט געלעבט אין מיטן פון דעם אַכטצענטן יאָרהונדערט, און ער איז געווען רב אין יאוואָראָוו, גאַליציע. טיילען פון דעם פירוש האָבן זיך שוין געדרוקט אין דעם יאָר 1753. ר׳ יחיאל איז אויך דער מחבר פון דעם ספר „בנין הבית״.

## מקוה — מקוה ישראל

ר׳ ישראל בן ר׳ משה נאַגאַראַ (נאַדזשאַראַ), דיכטער, פּייטן, מקובל, דרשן און מפורש, איז געבאָרן געוואָרן אין דאַמאַסקוס (דמשק) אַרום מיטן פון דעם זעכצענטן יאָר־הונדערט, און ער איז נפטר געוואָרן אין גאַזאַ (עזה), וואו ער איז געווען רב. (עס איז פאַראַן אַן אַנדער מיינונג וועגן דעם). ער איז געווען אַ פיל זייטיגער געלערנטער. ער האָט געקענט מערערע שפּראַכן. ער האָט געשריבן פיוטים, פּזמונים, סליחות, וידוים און לידער פאַר דעם אינגוואָרג, זיי זאָלן ניט דאַרפן אָנקומען צו ניט־אידישע לידער. ר׳ חיים וויטאַל האָט אים אַטאַקירט פאַר זיין פּזמון וועגן דעם אויבערשטנס „חתונה״ האָבן מיט די אידן. אָבער ר׳ יצחק לוריא, ר׳ חיים וויטאַל׳ס רבי, האָט דערקלערט אַז ר׳ ישראל׳ס „זמי־

רות" ווערן געהערט אין הימל מיט שמחה. ער האָט פיל געדיכטעט אין אַראַמעאיש. און דער פּאָפּולערסטער פון זיינע פּיוטים איז „יה רבון עלם", וואָס אידן אין אַלע לענדער זינגען שבת. פילע פון זיינע פּיוטים און פזמונים געפינען זיך אין די מחזורים אין פאַרשידענע לענדער. ער האָט אויך גע־שריבן אַ פּירוש אויף תורה „מערכות ישראל".

אַ פּירוש אויף איוב (פּצעי אוהב), דרשות (סוירמאָנס) מיט דעם נאָמען „מקוה ישראל", און אַנדערע ווערק.

אגב'דיגס, ר' יהודה אריה [לעאָן] דע מודינאַ האָט געזאָגט אויף אים: „אין בישראל כישראל", עס איז ניטאָ ביי אידן אַזעלכער ווי ישראל.

זעט מגן — מגן וצנה, זייט סז.

# משך — משך חכמה

ר' מאיר שמחה הכהן איז געבאָרן געוואָרן אין דעם יאָר תר"ג אין דעם שטעטל לעטרו־מענץ, ווילנער גובערניע. זיין פאָטער ר' קלונימוס קלמן איז געווען אַן אָנגעזעהענער סוחר און אַ תלמיד חכם. זיין הויז איז געווען אַ „בית ועד לחכמים", אַ הויז וואו תלמידי חכמים פלעגען פאַרקעהרן. ווען דער גאון ר' מאיר טיקטין איז איינגעשטאַנען ביי אים אין הויז אַ לענגערע צייט, האָט ער אים געבענטשט אַז אים זאָל געבאָרן ווערן אַ זון וועלכער זאָל בעלייכטן די אויגן פון דעם פאָלק ישראל אין זיין תורה. ר' מאיר'ס ברכה איז מקוים געוואָרן. דער זון איז געבאָרן געוואָרן. זיי האָבן געגיבן אים דעם נאָמען מאיר שמחה. און שוין אין זיין פריסטער יוגענד איז ער געוואָרן באַוויסט אַלס עילוי. ווען ער איז אַלט געווען דרייצן יאָר איז אַ באַוויסטער רב געווען זייער גאַסט. און ער האָט געהאַט דעם כתב יד, מאַנוסקריפּט, פון זיין'ס אַ ספר מיט זיך. איין טאָג האָט ער דערזעהן ווי דער מאַנוסקריפּט איז אָנגעפּי־קעוועט מיט הערות, נאָטן. ווען דאָס בחור'ל האָט געזאָגט אים אַז די נאָטן זיינען זיינע, האָט ער אים שאַרף פירגעהאַלטן. אָבער, ווי גרויס איז געווען זיין ערשטוינונג ווען ער האָט דערזעהן די ווערטפולע חידושים. ער האָט געגיבן אים אַ קוש, און ער האָט פאַר־אויס געזאָגט אַז ער וועט זיין גרויס אין לערנען.

צו זיבעצן יאָר איז ער געפאָרן קיין איישי־שאָק, און ער האָט געלערנט דאָרט ביי ר' משה דאַנישעווסקי. ער האָט חתונה געהאָט אין ביאַליסטאָק, און האָט מערערע יאָרן געגעסן קעסט ביים שווער. זיין ווייב האָט צו געהאַנדלט אַ ביסל, און ער האָט געלערנט תורה טאָג און נאַכט.

ווען דער דווינסקער רב ר' ראובן איז נפטר געוואָרן, און ר' יאַנקעלע חריף האָט אים מספּיד געווען, האָט ער באַלד נאָכן הספּד אויפגעפאָדערט די דווינסקער קהילה אַז זיי זאָלן אויפנעמען ר' מאיר שמחה'ן אַלס דעם נפטר'ס נאָכפאָלגער. אויך ר' יאָשע בער בריסקער האָט זיי געראָטן דאָס זעלבע. און אין דעם יאָר תרמ"ח איז ער אויפגע־נומען געוואָרן אַלס רב פון דווינסק. ער האָט אָנגעהאַלטן די שטעלע אַרום פערציג יאָר, און ער איז געווען געשעצט און באַליבט ביי אַלע קרייזן פון דער שטאָט.

אין דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען די מעהרסטע איינוואוינער האָבן פאַרלאָזט די שטאָט, און עס זיינען געבליבן בלויז די אָרימערע, איז ר' מאיר שמחה געבליבן מיט זיי. און ווען זיי האָבן געבעטן אים ער זאָל פאַרלאָזן די שטאָט, האָט ער זיי געענטפערט: „אַזוי לאַנג ווי עס וועלן זיין ניין אידן אין שטאָט, וועל איך זיין דער צענטער צום מנין". און ער האָט נאָך צוגעגיבן: יעדע קויל האָט אַ ספּעציעלע שליחות. יעדע פולי האָט אַ באַשטימטן אַדרעס.

אין דעם יאָר תרס"ו האָט מען אָנגעבאָטן אים דאָס רבנות אין ירושלים. אָבער ווען זיין קהילה האָט געבעטן אים ניט צו פאַרלאָזן זיי, האָט ער צוריק געוויזן דעם אָנבאָט. כאַראַקטעריסטיש איז דער פאָלגענדיגער

בריוו וועלכן די דווינסקער אידן האָבן געשיקט קיין ירושלים: „מיר, די גלות קינדער אין רוסלאַנד, אין דער שטאָט דווינסק, „קמנו ונתעודד, א*), הויבן אויף זיך און שטעלן זיך ווידער דער ידיעה, וועלכע האָט דערגרייכט אונז אַז די ירושלים'ער אידן ווילן אַוועק נעמען אונזער רבי'ן... וואָס דערמיט וועלן זיי צעשטערן ניט בלויז אונז, נאָר אַלע גלות אידן... עס איז ניט פאַר אייך, קינדער פון ירושלים, צו טון אַזאַ זאַך"...

ר' מאיר שמחה האָט געהאַלטן זיך ווייט פון מחלוקת, פון פאַרטייאישקייט. געלד וואָס מען פלעגט שיקן אים דורך פאָסט פלעגט ער שיקן צוריק. ווען ער האָט ניט געוויסט דעם שיקערס אַדרעס, האָט ער אַוועק געגיבן דאָס געלד אויף צדקה.

זיין ספר „אור שמח" (פון מאיר שמחה) אויפן רמב"ם ווערט בעטראַכט ווי אַ קלאַסיש ווערק אין דער לומד'ישער ליטעראַטור. ער האָט געמאַכט אויך אַן „אור שמח" אויף ש"ס, אָבער ער איז ניטאָ. גוט באַוויסט איז אויך זיין ספר „משך חכמה" אויף תורה.

ער איז נפטר געוואָרן פיר טעג אין אלול, אינעם יאָר תרפ"ו, אין עלטער פון דריי און אַכציג יאָר. (זעט „אישים ושיטות", פון הרב שלמה יוסף זוין).

## משנה — משנה למלך

ר' יהודה רוזאַניס איז געבאָרן געוואָרן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, טערקיי, אינעם יאָר 1657. ער פלעגט לערנען אַזוי פיל אַז מען האָט אים אַזש גערופן „דער קליינער תנא". ער איז געווען אַ סוחר, ער האָט געפירט מסחרים מיט דער טערקישער אַרמיי, מיטן סולטאַנס פּאַלאַץ, און ער איז געוואָרן באַשטימט אַלס „געשעפטס־אַטאַשעי".

איין מאָל איז ער אָנגעקומען אין אַנדריאַ־נאָפּאָל אין אַן אַוועגד אין מיליטערישע קליי־דער, מיט אַ שווערד אויף דער זייט, רייטענ־דיג אויף אַ פערד, און ער איז אַריין אין אַ שוהל דאַוונען מנחה מעריב. זיצענדיג ביי דער טיר האָט ער געהערט ווי איינער אַ למדן האָט געפרעגט אַן אייזערנע קשיא אין הלכה, און די אַנדערע לומדים האָבן ניט געקאָנט זי פאַרענטפערן, האָט ער זיי ער־קלערט דעם ענין. זיין ערקלערונג איז זיי שטאַרק געפעלן, און זיי האָבן זיך געוואונ־דערט: ווי קומט עס אַז אַן אָפיציער מיט אַ שווערד, זאָל זיין אַזאַ גרויסער בקי אין תלמוד. האָבן זיי געזאָגט אים הלצה'דיג דעם מאמר, „אי סייפא לא ספרא, ואי ספרא לא סייפא", א) אויב שווערד איז ניט ספר; אויב ספר איז ניט שווערד. נעמליך די דאָזיגע צוויי פאַרן זיך דאָך ניט! האָט אויך ער געענטפערט זיי הלצה'דיג, מיט דעם מאמר: „ספר וסייף ירדו כרוכים מן השמים", ב) אַז דער „ספר" און די „שווערד" האָבן אַראָפּ געגידערט פון דעם הימל צוזאַמען געוויקלט.

ר' יהודה איז דער מחבר פון: „משנה למלך" אויפן רמב"ם; „דרך מצוותיך" וואָס דערקלערט דעם אונטערשייד אין דעם ציילן די תרי"ג מצוות צווישן רמב"ם, סמ"ג און רמב"ן; „פרשת דרכים" (דרשות): הגהות אויף די „טורים", וועלכע דער חיד"א (ר' חיים יוסף דוד אזולאי) האָט געזעהן אין כתב יד; און דריי ספרים האָט מען אַוועק גע'גנב'ט ביי אים. ער האָט ניט געוואָלט אָננעמען אַ כסא הרבנות, און ער האָט שטאַרק געקעמפט געגן דער שבתי צבי באַוועגונג. ער איז נפטר געוואָרן אחרון של פסח תפ"ז, 1727.

אגב, „משנה למלך' מיינט ניט די ווערטער „משנה למלך" אין מגילת אסתר. עס מיינט: משנה למגיד משנה, לחם משנה, כסף משנה, געהערט פון הגאון ר' חיים העליר.

א*) תהלים כ, ט.
א) עבודה זרה יז, ב.

ב) ספרי עקב ענדע פיסקא מ. פערגלייכט: ויק"ר לה, ו; ד"ר ד, ב; י"ש עקב תתס.

## נוסח — הנוסח השומרוני

זעט פשיטא, זייט עה.

## נצא — נצוצי אורות

זעט חידא, זייט סא.

## סה — סדר הדורות

ר׳ יחיאל בר׳ שלמה היילפרין, וועלכער האָט געשטאַמט פון זיין מוטערס זייט פונעם מהרש״ל, מורינו הרב שלמה לוריא, איז געבאָרן געוואָרן אַרום דעם יאָר ת״כ. מען ווייסט זעהר ווייניג וועגן זיין לעבן. ער איז געווען אב בית דין אין דער שטאָט מינסק. ער האָט געהאַט צוויי זין: ר׳ משה איז געווען אב בית דין אין מינסק; ר׳ יצחק אייזיק איז געווען אב בית דין אינם שטעטל קאַידאַ־נאָוו, נעבן מינסק. ווי עס ווייזט אויס האָט דער מחבר פערפאַסט דעם ערשטן טייל פונם סדר הדורות אין זיינע אינגערע יאָרן. אַ חוץ דעם סדר הדורות, איז ער דער מחבר פון: ספר המספרים, ספר דרוש, ספר הטעמים, ספר לקוטים, ספר כללים אויף ש״ס, כללים אויף קבלה־ספרים, אַ פירוש אויף פרקי אבות, אַ ווערק אויף די פיר שולחן ערוך׳ס, שאלות ותשובות, אבן הטועים, און נאָך. דער חיד״א, ר׳ חיים יוסף דוד אזולאי באַצייכענט אים אַלס אַ זעהר גרויסן בקי אין תלמוד בבלי, ירושלמי, מדרש. מער איינצעל־הייטן זעט אין הקדמה אינעם „סדר הדורות״.

## סח — ספר חסידים

ר׳ יהודה החסיד, ב״ר שמואל, ב״ר קלו־נימוס, ב״ר יצחק, ב״ר אליעזר הגדול האָט געלעבט אין דעם צוועלפטן יאָר הונדערט. ער איז נפטר געוואָרן אין חודש אדר תתקע״ז, 1217. זיינע עלטערן האָבן אימיג־רירט קיין דייטשלאַנד, זיך באַזעצט אין דער שטאָט ספּירא, און ר׳ יהודה און זיין ברודער אברהם זיינען געבאָרן געוואָרן דאָרט.

ר׳ יהודה האָט זיך געלאָזט קיין ארץ ישר־ראל, ווייל ער האָט געוואָלט זען דעם „בית יוסף״ אין צפת. אָבער דורך דער מגפה וועלכע האָט געבושעוועט דענצמאָל אין צפת, איז ער געבליבן אין רעגענסבורג. ער האָט געגרינדעט דאָרט אַ שוהל און אַ ישיבה און פאַרשפרייט תורה. צווישן זיינע תלמידים זיינען געווען: ר׳ אליעזר פון גערמיזא „דער רוקח״; ר׳ יצחק ב״ר משה פון וויען, „דער אור זרוע״; ר׳ ברוך פון מגנצא, מחבר פון „ספר החכמה״.

ער ווערט דערמאַנט אין תוספות: אין כתובות יח, ב אונטערן וואָרט ובכולו, אין בבא מציעא ה, ב אונטערן וואָרט דחשיד, און נאָך.

ר׳ יהודה האָט אויסגעלעבט זיינע יאָרן אין רעגענסבורג וואו ער איז נפטר געוואָרן. ער האָט איבער געלאָזט אַ בן יחיד ר׳ משה זאַלטמאַן, וועלכער האָט פערפאַסט עטליכע ספרים אויף תנ״כ.

ר׳ יהודה החסיד איז דער מחבר פון „ספר חסידים״ וועלכער איז אַן אוניקום, דער איינציגער פון דעם מין, אין דער רבנ׳ישער ליטעראַטור, סאַי אין אינהאַלט, סאַי אין סטיל. דער ספר בעהאַנדעלט מוסר, גוטע מידות, מנהגים, באַציאונג צווישן מענטש און מענטש, צווישן מענטש און זיין בעשאַפער. דער ספר איז איבער געדרוקט געוואָרן מעהרערע מאָל.

ער האָט פערפאַסט נאָך ספרים, פירושים, פיוטים, רעליגיעזע פּאָעזיע. עס איז פאַראַן אַ סברה אַז ער האָט געמאַכט אַ פירוש אויפן „ספר יצירה״, און אַז ער איז דער מחבר פון „אנעים זמירות״.

מען זאָגט אַז ביז אַכצן יאָר האָט ער ניט געקאָנט אַפילו דאַוונען.

דער מהרש״ל, מורינו הרב שלמה לוריא באַצייכנט אים אַלס „חסיד, קדוש ונורא״.

## סיבי — סידור בית יעקב

**ר׳** יעקב ישראל, בר׳ צבי (יעבץ) אשכנזי איז געבאָרן געוואָרן אין אַלטונא יוני 4, 1697. ער האָט געלערנט ביי זיין פאָטער „חכם צבי״. צו פינף יאָר האָט ער געענדיגט מסכתא ברכות. שפעטער האָט ער געלערנט אין זיין שווערס ישיבה. ער האָט געלערנט קבלה, פילאָזאָפיע, לאַטיין, האָלענדיש. ניט וועלענדיג זיין אַ רב, האָט ער געהאַנדלט מיט צירונג. אין 1728 איז ער דאָך געוואָרן רב אין עמדען, דערפון דער נאָמען ר׳ יעקב (פון) עמדין. אין 1733 איז ער צוריק אין אַלטונא. ער גרינדעט דאָרט, מיט דער ערלויבעניש פון דעם קעניג פון דענעמאַרק, אַ דרוקעריי, גיט אַרויס זיין סידור „עמודי שמים״. ער האָט שטאַרק געקעמפט געגן אַלע וועמען ער האָט חושד געווען אין שבתי צבי׳איזם, באַזונדערס געגן ר׳ יהונתן אייבשיץ. ער ווערט געצווינגען צו פאַרלאָזן אַלטונא, פאָרט קיין אַמסטערדאַם, קערט זיך שפעטער אום צוריק קיין אַלטונא, וואו ר׳ יהונתן׳ס אָנהענגער האָבן אים שפעטער ווידער פאַרפאָלגט. האָבענדיג געווען אַ פרוכטבאַרער שרייבער און קריטיקער, האָט ער געשאַפן פילע לומדישע ווי אויך פאָלעמישע ווערק: לחם שמים, אַ פירוש אויף משנה; אגרת בקורת (תשובות), שאלות יעב״ץ, דריי הונדערט און צוויי און זיבעציג תשובות; סידור בית יעקב מיט אַ פירוש; עץ אבות, אַ פירוש אויף פרקי אבות; אַ קריטישע אויסגאַבע פון סדר עולם רבה וזוטא; מור וקציעה אויף אורח חיים; ציצים ופרחים (אַ קאָלעקציע קבלה מאמרים); עדות ביעקב (געגן ר׳ יהונתן אייבשיץ); שבורת לוחות האבן; אם לבינה, הערות און נאָך.

ניט וועלענדיג זיין אַ רב, האָט ער געזאָגט „ברוך שלא עשני אב״ד״.

ער איז נפטר געוואָרן אין אַלטונא אַפריל 19, 1776.

## עבוד. — עבודת ישראל

**ר׳** ישראל, באַרימט אַלס קאָזשעניצער מגיד, איז געבאָרן געוואָרן אינעם יאָר ת״ך. זיין פאָטער ר׳ שבתי איז געווען אַן אָרימער איינבינדער. ער האָט געלערנט ביי דעם מעזעריטשער מגיד ר׳ דוב בער דעם בעל שם טוב׳ס נאָכפאָלגער, ביים ניקעלסבורגער אב בית דין ר׳ שמואל שמעלקי, ביים רבין ר׳ אלימלך פון ליזענסק, און ביי רבי לוי יצחק פון בערדיטשעוו. די גדולים פון זיין דור האָבן געהאַלטן אים פאַר אַ גדול בתורה. ר׳ חיים וואָלאָזשינער, דעם ווילנער גאון׳ס תלמיד מובהק, האָט געזאָגט אַז זייענדיג אין קאָזשעניץ האָט ער פערבראַכט אַ גאַנצן טאָג מיטן מגיד אין לערנען, און ער האָט איינגעזעהן אַז ער איז אַ בקי אין גאַנץ תלמוד בבלי מיט תוספות אויף אויסווייניג, אין תלמוד ירושלמי, ראשונים און אחרונים. ער איז געווען באַרימט אַלס בעל מופת, ווינדעררבי. ער איז געווען אַ קראַנקער, שוואַכער מענטש. אָבער ניט געקוקט דאַרויף האָט ער פאַרשפרייט תורה אַן ערך פון אַ האַלבן יאָר־הונדערט. זיינע דרשות האָבן אָנגעציינדן די הערצער פון זיינע צוהערער. ער האָט געשריבן אַ ספר „גבורת ישראל״ וועגן דעם מהר״ל׳ס ווערק, און אין זיינע שריפטן מערקט זיך אַז דער מהר״ל האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף אים.

זיין ספר „עבודת ישראל״ אויף תורה, אויף פרקי אבות... איז גוט באַוויסט. ער האָט פערפאַסט „אור ישראל״ אויף די תיקונים, „נזר ישראל״ אויפן זהר, „תהלות ישראל״ אויף תהלים, „שארית ישראל״, און נאָך. ער איז געווען באַזונדערס בעפריינדעט מיטן „חוזה״ פון לובלין, מיט ר׳ מנחם מענדיל רימאַנאָווער.

מען דערציילט: ווען ער איז געקומען אַמאָל אויף אַ באַזוך אין זיין געבורטסשטעטל שוין אַלס דער באַרימטער קאָזשעניצער מגיד, האָט ער באַזוכט זיין דרדקי׳ן מלמד. אויף דער פראַגע פאַר וואָס

ער בעזוכט ניט אויך זיין גמרא מלמד, זאָל ער האָבן געענטפערט: אַ שטיקל גמרא קאָן מען אָפּפרעגן, אָבער אַלף בית ניט. ער איז נפטר געוואָרן פערצן טאָג אין תשרי, אינם יאָר תקע״ה, אינם עלטער פון פינף און זיבעציג יאָר. זיין נאָכפאָלגער איז געווען זיין זון ר׳ משה אליקים בריעה.

אגב׳דיגס: אַ איד איז געקומען אַמאָל צום מגיד ער זאָל בעטן רחמים פאַר זיין קריטיש־קראַנקער פרוי, זי זאָל האָבן אַ רפואה שלמה. דער מגיד האָט גוט בעטראַכט דעם אידן, און ער האָט אים חושד געווען, אַז ער מיינט עס ניט מיטן גאַנצן האַרץ. האָט ער אים געזאָגט: „רבות מחשבות בלב איש״, דער מאַן טראַכט אין האַרצן מיט וועלכער פרוי ער זאָל חתונה האָבן אַזוי גיך ווי זיין ווייב וועט אַוועק אויף דעם עולם האמת. אָבער איך זאָג, „ועצת השם היא תקום״, דער אַלמעכטיגער וועט העלפן, און זי וועט אויפשטעהן און ווערן געזונד״.

אַ איד איז געקומען אַמאָל צו לויפן צום מגיד, און ער האָט אים געבעטן אַ סגולה ער זאָל געפינען דאָס בייטעלע געלט וואָס ער האָט פאַרלאָרן. דער מגיד האָט געהייסן אים געהן אַהיים און זאָגן דריי מאָל „איזהו״. איז דער איד געגאַנגען אַהיים און ער האָט גע־זאָגט דריי מאָל „איזהו מקומן של זבחים...״ מיט גרויס כונה.

נאָכדעם ווי עס זיינען פאַראיבער אַ פּאָר טעג און ער האָט ניט געפונען דאָס בייטעלע, איז ער ווידער געקומען צום מגיד, און ער האָט אים געזאָגט אַז ער האָט געזאָגט דריי מאָל „איזהו״ און דוקא מיט גרויס כונה, אָבער ער האָט נאָך ניט געפונען דאָס געלד.

„וועלכן ,איזהו׳ האָסטו געזאָגט״? האָט דער מגיד געפרעגט אים. וואָס הייסט וועלכן? דעם ,איזהו מקומן של זבחים׳ וועלכער שטעהט אין סידור״, האָט דער איד גע־ענטפערט.

„ניט דעם ,איזהו׳ האָב איך געמיינט״, האָט דער מגיד אים געזאָגט, „נאָר דעם מאמר חז״ל: אי זהו שוטה, זה המאבד כל מה שנותנים לו, ג) אַ נאַר איז דער וועלכער פאַרלירט וואָס מען גיט אים״.

## עהחל — על התרגום הירושלמי לתורה

זעט פשיטא.

## פרשת — פרשת דרכים

זעט משנה למלך, זייט עב.

## פשיטא,א׳; פשיטא,ב׳ — פשיטא בראשית; פשיטא שמות

ר׳ חיים העליר איז געבאָרן געוואָרן אין דעם חודש תמוז, אינם יאָר תר״מ אין דער שטאָט ביאַליסטאָק. זיין פאָטער איז געווען ר׳ ישראל פינסקער. ר׳ חיים האָט מיר אַמאָל געזאָגט אַז זיין פאָטער האָט דורך געלערנט זיבעציג מאָל ש״ס, און ער באַצייכנט אים אַלס גאון און צדיק. זיין פריסטע יוגנד האָט ער פערבראַכט ביי זיין פעטער, אָנקעל, ר׳ יעקב ברודא אין וואַרשע. ער האָט געלערנט אין קיין ישיבה. ער האָט געהאַט קיין רבי׳ן. און שוין אַלס צען יאָריג בחור׳ל איז ער געווען באַוויסט אַלס „וואַרשעווער עילוי״. עס איז כמעט ניט געווען אַ גדול, וועלכער איז געקומען אין יענע יאָרן קיין וואַרשע, ער זאָל ניט רעדן מיט דעם אינגן עילוי אין לערנען. ר׳ חיים חזקיהו מדיני האָט שוין מיט העכער זיבעציג יאָר צוריק דערמאָנט דעם דענצמאָל זעכצן יאָריגן וואַרשעווער עילוי אין זיין באַרימטן צען בענדעדיגן ווערק „שדי חמד״, אין אַ צייט ווען מזרח אייראָפּע האָט געווימלט מיט גאונים און גדולי התורה.

---

ג) חגיגה ד, א.

ר׳ חיים העליר איז געווען ניט איין גאון, נאָר אַ קאָלעקציע פון גאונים. ער איז געווען אַ גאון ניט בלויז אין אונזער יתום׳דיגן דור, נאָר אויך אין די צייטן פון ר׳ חיים בריסקער, ר׳ הערש לייב וואָלאָזשינער, דעם ראָגאַטשאָווער, און אַזוי ווייטער.

אין זיין לעב־צייט איז ניט געווען איינער וועלכער האָט געקאָנט זיך פאַרמעסטן מיט אים אין תנ״כ. ער איז געשווימען אין די תרגומים, אין דער סעפּטואַגינטא (גריכישע איבערזעצונג פון תנ״כ), אין דער פשיטא (סירישע איבערזעצונג), וואולגאטא (לאַטייניש איבערזעצונג), דעם נוסח השומרוני, אין ר׳ סעדיה גאון׳ס אַראַבישער איבערזעצונג און אַנד., ווי אַ פיש אין וואַסער.

איך וויס פון קיין איינעם וועלכער האָט געקאָנט זיך פאַרמעסטן מים ר׳ חיים׳ן אין רמב״ם. ועל כולם איז ער געווען לויטער בליץ. איך האָב אַמאָל אים געפרעגט: קאָן מען הונדערט גרויסע לומדים באַטראַכטן ווי איין גאון? האָט ער געענטפערט אַז ניין. ווייל גאונות מיינט בליץ. מען קען וויסן ווייניג און זיין אַ גאון, און מען קען באַזיצן פיל וויסן און זיין קיין גאון. און ר׳ חיים׳ס וויסן איז געווען ברעגלאַז, און זיין מוח האָט כסדר געבליצט מיט בליצן. ווען ר׳ חיים האָט גערעד צו איינעם, איז ער געווען אונטער דעם איינדרוק אַז עס רעדן צו אים אַ טוץ מוחות. און נאָך עטליכע מינוטן האָט ער שוין ניט געקאָנט אים נאָכפאָלגן, ווי דאָס האָבן באַוויזן זיינע תנ״כ לעקציעס אין ניו־יאָרק.

ר׳ אלחנן וואַסערמאַן דערציילט אַז ר׳ חיים בריסקער האָט אים אַמאָל געזאָגט: „היינט איז געווען ביי מיר אַ משונה׳דיגער עילוי״. דער דאָזיגער משונה׳דיגער עילוי איז געווען דער מייטשעטער. ר׳ חיים בריסקער האָט אין זיין לעבן געזען גענוג עילוים. אָבער אין דעם מייטשעטער האָט ער געזען משונה׳דיקייט, אַנדערשקייט. אונזער ר׳ חיים איז געווען אַ משונה׳דיגער גאון. ער איז געווען אַנדערש פון אַנדערע גאונים. און אָט די אַנדערשקייט האָט אים געמאַכט פאַר אַן אוניקום אין די לעצטע דורות. אָט די אַנדערשקייט האָט געמאַכט מען זאָל אים רופן דער „איינשטיין פון תנ״כ און תלמוד״.

און זאָל דאָ נאָטירט ווערן אַז איניגע הויכע ישראל בעאַמטע האָבן מערערע מאָל אים איינגעלאַדן זיך צו באַזעצן מיט דער פאַמיליע אין ארץ ישראל און אויסגעהאַלטן ווערן פון דער רעגירונג אָהן צו טון עפּיס, נאָר בלויז וואוינען דאָרט און טון זיין אייגענע אַרבעט אין תנ״כ און אין תלמוד.

ר׳ חיים איז דער מחבר פון אַ טוץ עפּאָכעמאַכנדיגע ספרים אויפ׳ן תנ״כ־תלמוד׳ישן געביט. מיט זעכציג יאָר צוריק איז ערשינען זיין קונטרס „פרי חיים״, אָנגעפיקעוועט מיט חידושים און דערקלערונגען אויף פאַרשיידענע הלכות אין חושן משפט וועלכע האָבן איבערראַשט די לומד׳ישע וועלט.

שפּעטער דערשיינט פון אים דעם רמב״מ׳ס „ספר המצות״. ווי באַוואוסט, האָט דער רמב״ם געשריבן דעם ספר אין אַראַביש, און ר׳ משה אבן תיבון האָט אים איבערזעצט אויף לשון הקודש. דער ערשטער „ספר המצוות״ איז געדרוקט געוואָרן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל פון אַ פערגרייזטן כתב יד, מאַנוסקריפּט, און די שפּעטערדיגע אויפלאַגעס זיינען נאָך מעהר פאַרגרייזט געוואָרן, אַזוי אַז ווען דער רמב״ם זאָל געווען זען אַ ספר המצוות, וואָלט ער אַליין ניט געווען דערקענט אים. איז געקומען ר׳ חיים מיט זיין ברעגלאָזער חריפות און בקיאות אין דער רבני׳שער ליטעראַטור און מיט זיין פולקאָמען באַהערשן די רמב״ם ליטעראַטור, און ער האָט אַרויסגעגיבן אַן אמת׳ן אבן תיבון טעקסט פונעם „ספר המצוות״, און ער האָט אים באַלויכטן מיט הערות, פאַרגלייכנדיג אים מיט דעם אַראַבישן אָריגינאַל און מיט ר׳ שלמה בן יוסף אבן איוב׳ס איבערזעצונג.

„על התרגום הירושלמי לתורה״ וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין גלות אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און פאַרעפענטליכט אין ניו־יאָרק, אינעם יאָר תרפ״א.

דאָס דאָזיגע ספר'ל האָט ר' חיים געשאַפן אין דער שטאָט האָמעל. פאַר אַזוי וויכטיג האָט ער עס געהאַלטן, אַז ער האָט געזאָגט: איצט אַז דער „על התרגום הירושלמי לתורה" איז פאַרטיג, אַרט מיך שוין ניט וואָס עס זאָל פאַסירן מיט מיר. אַזוי האָט ער געזאָגט מיר.

זיינע צוויי חלקים „לחקרי הלכות" האָבן קלאָר געמאַכט זעהר פיל אין חושן משפט וואָס ביז אים איז שוין גאָרניט געווען אַזוי קלאָר. יעדער איינער פון די פיר הונדערט און פערציג סימנים שפרודלט מיט אונפאַר־גלייכלעכער גאונות.

לעבן מיר דאָך אין אַ צייט פון „ביבעל קריטיק". ביבעל פּראָפעסאָרן האָבן זיך אַ נעם געטון צו אונזער תנ"ך און טוען מיט אים וואָס זייער האַרץ גלוסט. פאַרשטייען זיי ניט דעם טייטש פון אַ וואָרט, „פאַרריכטן" זיי עס. מען האָט שוין אַזוי צעפּאַלמעסט דעם תנ"ך, אַז עס איז אין אים שוין ניט געבליבן אַ גאַנצער פסוק.

דערזעענדיג ווי פרעמדע און אויך אונזערע אייגענע אידעלאַך, זאָלן געזונד זיין, רייסן שטיקער פון אונזער תורה־פעסטונג, האָט ר' חיים זיך אַ נעם געטון מיט זיין גאַנצן גאונ'ישן אַפּאַראַט און אויסערגעוויינלעכן שפּראַך־חוש, אומצוקערן די קרוין פון דער תורה צו איר אַמאָליגן הויך.

די מעטאָדע פון די ביבעל־קריטיקער איז אַ גאַנץ פּשוט'ע. ווען זיי דערזעהען אין אַן איבערזעצונג פון דעם תנ"ך אַ וואָרט וואָס איז איבערגעזעצט אַנדערש ווי אין אונזער תנ"ך, דרינגען זיי באַלד דערפון אַז דער העברעאישער תנ"ך טעקסט וועלכן די איבער־זעצער האָבן געהאַט איז געווען אַנדערש פון אונזער תנ"ך טעקסט. קומט ר' חיים און באַווייזט אַז עס הויבט זיך ניט אָן, און עס לאָזט זיך ניט אויס. „לא יער הוה, ולא דובים הוו" [דער אויסדרוק „לא דובים ולא יער" געפינט זיך ניט אין גמרא, ניט אין מדרש].

ר' חיים'ס שטאַנדפּונקט איז אַז אַלע איבער־זעצער האָבן געהאַט פאַר זיך דעם זעלבן תנ"ך טעקסט וועלכן מיר האָבן. זיין קאַר־דינאַלער גרונד־זאַץ איז „כל המתרגם פסוק כצורתו הרי זה בדאי" (תוספתא סוף מגילה; קידושין מט, א) ווער עס איבערזעצט ווער־טערליך איז אַ פעלשער. ווען ר' האי גאון, דער לעצטער פון דעם גאונים פּעריאָד, האָט געוואָלט אַנווייזן אויף דער שוועריקייט פון דער איבערזעצונג־קונסט, האָט ער זיך גע־שטעלט אויף דעם דאָזיגן פּרינציפּ.

און ניט מיט שטערן־געקנייטשטע השערות, אָדער פּילפּול'יסטישע האָר־שפּליטעריי, נאָר מיט עוקר־הרים'דיגע פאַקטן און פאַלשטענ־דיגער פּרעציזקייט בעווייזט ר' חיים, אַז אַלע ביבעל איבערזעצער האָבן געהאַט פאַר זיך אונזער תנ"ך־טעקסט; אַז אַלע האָבן גע־שעפּט פון איין קוואַל. און די טעאָריע אַז מאַנכע תרגומים זענען אַ „תולדה", אַן אָפּ־שטאַמונג פון אַן אַנדער איבערזעצונג איז אַבסאָלוט גרונדלאָז און פאַלש.

שוין אין זיין דייטשעש ווערק „אונטער־זוכונגען איבער די פשיטא", האָט ר' חיים אָנגעהויבן צו צעקלאַפּן די ביבל־קריטישע טעאָריעס, און ער באַווייזט אַז אויב די תרגומים האָבן אַמאָל אָפּגעווייכט פון דעם תנ"ך־טעקסט, איז דאָס ניט ווייל זיי האָבן געהאַט פאַר זיך אַן אַנדער טעקסט, נאָר ווייל זיי זענען ניט אויסן געווען צו גיבן אַ ווערטערליכע איבערזעצונג. זיי האָבן גע־וואָלט איבערגיבן דעם גייסט, ניט דאָס וואָרט, פון דעם תנ"ך.

דערפאַר טאַקע האָבן זיי אַריינגעבראַכט אין זייערע איבערזעצונגען פילע תלמוד'ישע שטעלעס אָדער טראַדיציעס וועלכע זענען געווען פּאָפּולער ביי דעם פאָלק. און דערצו נאָך ווייזט אָן ר' חיים אַז אויך ר' סעדיה גאון האָט אָפטמאָל אָפּגעווייכט פון דעם תנ"ך־טעקסט. און ר' סעדיה, וועלכער איז נפטר געוואָרן מיט בלויז 1022 יאָר צוריק, האָט דאָך זיכער געהאַט דעם זעלבן טעקסט וועלכן מיר האָבן.

נאָכמער איבערצייגנדיג באַווייזט ר' חיים די גרונדלאָזיקייט פון דער ביבעל־קריטיק אין זיין מאָנומענטאַל ווערק „פשיטא" אויף בראשית און שמות (ויקרא, במדבר, דברים

זענען איצט אין דרוק), און אין זיין „הנוסח השומרוני". און ווען די ביבעל קריטיקער זאָגן, למשל, אַז דער חומש „דברים" איז פערפאַסט געוואָרן אין עזרא הסופר׳ס צייטן, גיט אייך ר׳ חיים אַ צייל־אָפּ עטלעכע טוצן פסוקים פון ירמיה, וועמענס סטיל באַווייזט קלאָר אַז ירמיה הנביא האָט געהאַט פאַר זיך ניט נאָר דעם חומש „דברים" נאָר גאַנץ תורה ווי מיר האָבן זי היינט.

ווי באַוויסט, שפּילט די „סעפּטואַגינטא" אַן אונגעהויערע ראָליע אין דער קייט פון די תנ"כ איבערזעצונגען. לויט אַ בריף פון אַריסטעאוס זאָל פּטאָלאָמעאוס פילאַדעלפוס דער צווייטער האָבן איינגעלאַדן צו זיך זיבעציק תלמידי חכמים פון ארץ ישראל זיי זאָלן איבערזעצן דעם תנ"כ אויף גריכיש, א). די דאָזיגע איבערזעצונג איז די הויפּט פּעסטונג פון די ביבעל קריטיקער. און אין זיין דייטשעש ווערק „אונטערזוכונגען צור סעפּטואַגינטא", באַווייזט ר׳ חיים ווידער אַמאָל קלאָר אַז די „טראַנסקריפּציע טעאָריע" פון פּראָפעסאָר וואוץ און זיינע קאָלעגן איז גרונדלאָז פונעם אָנהויב ביזן סוף. האָט דאָך דער באַרימטער פאַך־געלערנטער פּראָפעסאָר באַלאָ פון דער מאַרבורגער אוניווערזיטעט געזאָגט אַז ר׳ חיים׳ס סעפּטואַגינטא ווערק צעקאַליעטשעט אַלע ווערק וועלכע זענען געשריבן געוואָרן וועגן דער גריכישער איבערזעצונג.

ר׳ חיים באַווייזט קלאָר פון אַ ריין וויסשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט, מיט געזונטער אַנאַליטישער לאָגיק, אַז די גאַנצע ביבעל קריטיק איז באַזירט אויף ניט־פאַרשטעהן דעם גייסט פון דעם תנ"כ. די ביבל־קריטיקער האָבן פּשוט קיין חוש פאַר דער תנ"כ־שפּראַך.

און מען קאָן אויך ניט האָבן פאַראיבל אויף די ביבעל קריטיקער פאַר זייער האַלטן זיך ביים זייעריגן. אַניט וואָלטן זיי דאָך געמוזט אָפּן צוגיבן אַז אַלץ וואָס זיי האָבן געשריבן איז פאַלש, אַז זייערע טעאָריעס און השערות זענען הבל הבלים. און ווער וויל עס צעוואַרפן מיט די אייגענע הענט אַ בנין וועלכן ער האָט געבויט אַ גאַנץ לעבן, אַפילו ווען דער בנין איז אַ פּאַפּירענער?

אין די ווערטער פון דעם היסטאָריקער ר׳ זאב יעבץ: „מרנא ורבנא ר׳ חיים העליר האָט געראַטעוועט דעם ספר הספרים פון אַ חורבן וואָס איז גרעסער פון די חורבנות פון די צוויי בתי מקדש. ווייל דאָרט האָט דער שונא פאַרניכטעט האָלץ און שטיין, בעת מיט ביבעל קריטיק צילן זיי צו פאַרניכטען דעם גייסט פון דעם אידישן פאָלק. און אָט געגן דער דאָזיגער קללה האָט זיך אַוועקגעשטעלט ר׳ חיים וועמענס וויסן איז ענדלאָז, און ער בעווייזט קלאָר און דייטליך די גרונדלאָזיקייט און פאַלשקייט פון דער משונה׳דיגער בריה וואָס הייסט „ביבעל־קריטיק".

שטודירנדיג אין דער בערלינער אוניווערזיטעט פלעג איך כמעט טעגלעך באַזוכן דר. שמעון בערענפעלד און ר׳ חיים׳ן. ווען איך בין געוואויר געוואָרן אַז דער פייערדיגער ביבעל קריטיקער דר. בערענפעלד, און דער פלאַם־פייערדיקער תנ"כ־פאַרטיידיקער ר׳ חיים קענען זיך ניט פערזענליך, כאָטש זיי וואוינען ביידע אין בערלין, האָב איך פאָרגעשלאָגן דר. בערענפעלד׳ן צו בעזוכן ר׳ חיים׳ן ניט געקוקט דאַרויף וואָס ער איז מיט איין און צוואָנציק יאָר עלטער פון אים און נאָך בלינד דערצו. און מיר זענען אַוועקגעפאָרן צו ר׳ חיים׳ן.

איבער צוויי שעה האָט ר׳ חיים גערעדט אין העברעאיש און געהאַלטן אין איין באַווייזן די גרונדלאָזיקייט פון דער ביבעל־קריטיק. דר. בערענפעלד האָט די גאַנצע צייט זיך צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט.

אויך ביים צווייטן וויזיט, דאָס מאָל ביי דר. בערענפעלד׳ן אין הויז, איז ר׳ חיים געווען דער „לעקטאָר" און דר. בערענפעלד דער סטודענט. דר. בערענפעלד האָט מיר דאָן

א) מגילה ירושלמי פרק א, הלכה ט; מגילה ט, א; מסכת סופרים פרק א, הלכה ז; מכילתא בא מסכתא דפסחא, פרשה יד; שמות רבה ה, ה; תנחומא שמות יט, עדיציע באָבער; תנחומא שמות כב; רש"י שמות יב, מ.

געזאָגט, אַז דעם גאַנצן פערטן באַנד פון זיין „מבוא לכתבי הקודש" וועט ער ווידמען ר' חיים'ס טעאָריע. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט ער מיר געזאָגט אַז עס הויבט אים אָן טומ־לען, זשומען אין קאָפּ פון די טויזנטער מקו־רות וועלכע ר' חיים ברענגט, און אַז מער ווי איין דרוק בויגן וועט ער ניט קאָנען שאַפן. און אָט די צוויי און דרייסיק זייטן געפינען זיך אין דעם פערטן באַנד „מבוא".

אויסער „על התרגום השבעים בקונקר־דנציאה היכל הקודש" און אַנדערע ווערק, תנ"כ'ישע און תלמוד'ישע, האָט ר' חיים איבערגעלאָזט אַן אונשאַצבאַרן אוצר מיט כתבי יד וועלכע גאַנצע אַקאַדעמיעס וואָלטן ניט באַוויזן צו שאַפן אין צענדליגער יאָרן. זאָל דאָ דערמאָנט ווערן בלויז זיין מסורה צום תנ"כ וואָס וואָלט ליכטיג געמאַכט די אויגן פון אַלע אמת'ע תנ"כ ליבהאָבער.

אגב'דיגס: איך האָב געזעהן לעצטענס אין ענגליש־אידישע צייט־שריפטן אַז דר. שמעון בערענפעלד האָט חרטה געהאַט אויף זיין „ביבעל־קריטיק", און ער האָט אַזש געוויינט. איך האָב ביידע מאָל צוזאַמען געפירט ר' חיים'ן און דר. בערענפעלד'ן. איך בין געווען דער איינציגער אַנוועזנדער ביי ביידע צוזאַ־מענקונפטן. דר. בערענפעלד האָט נישט גע־וויינט. עס איז נישט געשטויגן און נישט געפלויגן.

## צפנ — צפנת פענח

ר' יוסף ראָזין, באַרימט אין דער לומד'י־שער וועלט אַלס דער „ראָגאַטשאָווער", איז געבאָרן געוואָרן אין דעם יאָר תרי"ח אין דער שטאָט ראָגאַטשאָוו, מאָגילאָווער גובער־ניע, רוסלאַנד. זיין פאָטער ר' פישל איז געווען אַ לומד'ישער איד.

שוין פון זיין פריעסטער יוגנט אָן האָט מען געזען אַז ער איז געבאָרן געוואָרן פאַר גרויסע זאַכן. צו אַכט יאָר האָט ער שוין געקענט גוט גאַנץ סדר נזיקין. די מלמדים אין שטאָט האָבן געזאָגט אַז זיי האָבן שוין קיין תורה פאַר אים. זיין פאָטער האָט אָנ־געהויבן צו לערנען מיט אים, אָבער דאָס אינגל האָט שוין געקענט מער פונעם טאַטן. צו ניין יאָר האָט ער שוין גע'שם'ט אַלס עילוי. ווען ער איז געוואָרן בר מצוה, האָט דער פאָטער אַוועק געשיקט אים קיין סלוצק צו ר' יאָשע בערן. אַ יאָר צייט האָט ר' יאָשע בער געלערנט מיט אים און מיט זיין אייגן אינגל חיים, וועלכער איז געוואָרן שפּעטער דער באַרימטער ר' חיים בריסקער. פון סלוצק איז ער געפאָרן קיין שקלאָוו, און ער האָט געלערנט דאָרט ביי ר' יהושע לייב דיסקין. פון שקלאָוו פלעגט ער זיך אָפּט צו כאַפּן קיין קאַפּוסט צום רבין וועל־כער האָט געשטאַמט פונעם „בעל התניא".

צו אַכצן יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ מיידל גורפינקל, פון וואַרשע. ער האָט געגעסן קעסט אַכט יאָר, און האָט געלערנט תורה. ער איז דענצמאָל שוין געווען זעהר באַרימט, און די גדולים פלעגן קומען צו אים צו רעדן אין לערנען.

איינעם יאָר תרמ"ט איז נפטר געוואָרן דער רב פון די חסידים אין דווינסק. דער קאַפּוס־טער רבי, מחבר פון „מגן אבות", האָט גע'עצה'ט די חסידים אויף צו נעמען ר' יוסף'ן פאַר רב. זיין נאָמען האָט געהאַלטן אין איין ווערן גרעסער. און פון אַלע עקן וועלט האָט מען זיך געווענד צו אים מיט שאלות. אין דער ערשטער וועלט מלחמה איז ער אַנטלאָפן קיין פעטערבורג. ער איז געווען דאָרט רב צען יאָר און דערנאָך האָט ער אומגעקערט זיך קיין דווינסק.

זיין גאַנץ לעבן איז געווען איין לאַנגע קייט פון כסדר'דיגן לערנען. עס איז פאַראַן אַ סברה אַז זיין ניט אָפּשערן זיך איז געווען כדי ער זאָל ניט דאַרפן זיצן מיט אַן ענט־בלויזטן קאָפּ און ניט קאָנען לערנען די דאָזיגע עטליכע מינוט.

ער איז ניט געזעסן אַ מינוט אָהן תורה. אַפילו ווען זיין ערשטע פרוי איז געשטאָרבן און מען איז געקומען מנחם אבל זיין אים,

האָט ער געהאַלטן אין איין זאָגן תורה. ווען מען האָט אויפמערקזאַם געמאַכט אים אַז מען טאָר ניט, האָט ער געענטפערט אַז אַוודאי טאָר מען ניט. אָבער תורה איז כדאי מען זאָל באַשטראָפט ווערן פאַר איר.

ער האָט אַמאָל געזאָגט אַז פאַרענדיג פון דווינסק קיין ראָגאַטשאָוו לערנט ער אויס האַלב ש״ס אויסענווייניג. און אויפן וועג צוריק לערנט ער די צווייטע העלפט אויף אויסענווייניג. און ר׳ מאיר שמחה, דער מחבר פון „אור שמח״, „משך חכמה״ און רב פון דער אשכנזי׳ישער קהילה אין דווינסק האָט אַמאָל באַמערקט: מען זאָגט אַז דער ראָגאַטשאָווער איז אַ געוואַלדיגער בעל זכרון, און דאָס איז ניט אמת. ווייל אַ גוטער בעל זכרון מיינט דאָך אַז ער געדענקט וואָס ער האָט געלערנט אַמאָל, אָבער ביי דעם ראָגאַטשאָווער איז דאָך ניט פאַראַן אַ זאַך, אַן ענין וועלכן ער האָט נישט געלערנט אָט ערשט, נאָר וואָס!

פאַר זיין פטירה האָט ער געליטן שרעקליכע ווייטאָגן. האָט ער געבעטן מען זאָל איינשטעלן זיינע ווייטאָגן כאָטש אויף איין טאָג אין דער וואָך ער זאָל קאָנען לערנען תורה, וועט ער מסכים זיין צו ליידן יסורים די אַנדערע זעקס טעג.

ר׳ יוסף איז נפטר געוואָרן אין וויען נאָך אַן אָפּעראַציע, אין חדש אדר, תרצ״ו, אין עלטער פון אַכט און זיבעציג יאָר. מען האָט געבראַכט אים צו קבורה אין דווינסק. [זעט אישים ושיטות פון הרב שלמה יוסף זוין].

# קדל — קדושת לוי

רבי לוי יצחק פון בערדיטשעוו איז געבאָרן געוואָרן אינעם יאָר ת״ק (1740) אין דעם שטעטל הוסקאָוו, גאַליציע. זיין פאָטער ר׳ מאיר ב״ר משה האָט געשטאַמט פון זאַמאָשטש, פוילען. ער שטאַמט פון אַ משפחה פון זעקס און צוואַנציג דורות רבנים. ער איז געווען באַקענט אַלס יאַראָסלאַווער עילוי. ער איז געוואָרן אַן איידעם ביים גביר ר׳ ישראל פּרץ אין לובאַרטאָוו. ער האָט פערבראַכט מערערע יאָרן ביים מעזעריטשער מגיד און האָט דאָרט געלערנט חסידות. ער איז געוואָרן רב אין ראָטשוועל, דערנאָך אין זשעליכאָוו. די מתנגדים פאַרפאָלגן אים, ציט ער זיך אַרויס קיין פינסק און ווערט דאָרט רב און ראש מתיבתא.

אינעם יאָר תקמ״ה ווערט ער רב און ראש מתיבתא אין בערדיטשעוו און ווערט באַרימט אַלס דער בערדיטשעווער רבי, און פאַר אַ געוואַלדיגן אוהב ישראל. דער קאָזשעניצער מגיד ר׳ ישראל איז געווען זיינער אַ תלמיד. ער איז דער מחבר פון דעם ספר „קדושת לוי״. ער האָט געהאַט דריי זיהן. ער איז נפטר געוואָרן כ״ה תשרי, תק״ע.

אגב׳דיגס: מען דערציילט אַז זיין רבי׳צן האָט גערופן אים לדין פאַר ניט גיבן איר געגוג אויף הוצאות. ווען דאָס בית דין האָט אויפמערקזאַם געמאַכט אים אַז אַ מאַן איז פערפליכטעט לויט דער כתובה אויסצוהאַלטן דאָס הויז־געזינד, האָט ער געענטפערט: אמת, אָבער אין דער כתובה שטעהט דאָך „בקושטא״ מיט עהרליך־פאַרדינט געלט, און היינטיגע צייטן איז עס זעהר שווער.

מען זאָגט אַז אין די תנאים פון זיין אייניקל האָט רבי לוי יצחק אַריין געשריבן פאָלגענדן תנאי: החתונה תהיה איה״ש למזל טוב בירושלים עיר הקודש. ובאם חלילה משיח צדקנו לא יבוא בזאת השנה, תהיה החתונה בבאַרדיטשעוו, — די חתונה וועט זיין אם ירצה השם למזל טוב אין ירושלים די שטאָט פון הייליקייט. טאָמער, אָבער, וועט משיח צדקנו נישט קומען אין דעם יאָר, וועט די חתונה זיין אין בערדיטשעוו.

רבי לוי יצחק פון בערדיטשעוו האָט אַמאָל באַגעגענט אין גאַס אַ יונגן מאַן וועלכער איז געלאָפן אָהן אַן אָטעם. האָט ער אים אָפּגעשטעלט און געטון אים אַ פרעג: „וואוהין לויפ־

סטו עס אַזוי, אײנגערמאַן״? און דער אײנגערמאַן האָט אים געענטפערט: „וואָס הייסט וואוהין, איך לויף זוכן פּרנסה״.

„איז פון וואַנען ווייסטו״, האָט דער רבי באַמערקט, „אַז דיין פּרנסה לויפט פאַר דיר, און דו יאָגסט זי נאָך. אפשר איז דיין פּרנסה גאָר הינטער דיר, און מיט דיין גיכן לויפן אַנטלויפסטו גאָר פון איר!״.

## ראב״ד

ר׳ אברהם בר׳ דוד, דער בעל השגות אויפן רמב״ם, איז געבאָרן געוואָרן אין דער שטאָט פּאָסקוויערעי, פראַנקרייך, אינעם יאָר 1125. ער איז נפטר געוואָרן ערב שבת חנוכה, נאָוועמבער 27, 1198 אין עלטער פון דריי און זיבעציג יאָר. די גרעסטע גאונים פון זיין צייט זיינען געווען זיינע רבי׳ס, און אַ דאַנק זיינע אויסער געוויינליכע פעהיגקייטן איז ער געוואָרן „דער ראש המדברים״ אומעטום. אַלע האָבן זיך צוגעהערט צו אים. אויך פון אַנדערע לענדער האָט מען זיך געווענד צו אים וועגען פּסקי הלכות. זייענדיג רייך האָט ער אויסגעהאַלטן די תלמידים פון זיין ישיבה, וועלכע פלעגן קומען אויך פון וויטע לענדער לערנען תורה ביי אים. ווען ער האָט אָפּגעזאָגט דעם הויפט פון דער שטאָט פּאָסקוויערע צו געבן אים זיין געלט, האָט ער אים איינגעשפּאַרט אין טערמע, אינעם יאָר 1172. נאָך זיין בעפרייאונג האָט ער פערלאָזט זיין געבורטס־שטאָט, און ער האָט זיך באַזעצט אין דער שטאָט נימעס.

דער ראב״ד האָט געענטפערט פילע תשובות. מאַנכע פון זיי ווערן דערמאָנט אין פאַרשידענע ספרים. ער איז דער מחבר פון: אַ פּירוש אויפן ספרא [תורת כהנים], אַ פּירוש אויף תלמוד בבלי, פּסקי אסור והיתר, הלכות לולב, הלכות נטילת ידים, בעלי הנפש, ראשי פּרקי סודות, קבלה, דרשה פאַר פּסח און נאָך. דער עיקר איז ער באַרימט דורך זיינע השגות אויפן רמב״ם. און כאָטש זיינע השגות אויפן רמב״ם זיינען זעהר שאַרף, האָט דער רמב״ם פאַרט געהאַלטן פון אים. אין זיין בריף צו ר׳ שמואל אבן תבון דערמאָנט דער רמב״ם דעם ראב״ד מיט כבוד. ער באַטיטולט אים מיט „דער גרויסער רב פון פּאָסקוויערעי״. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ הייליגן מענטש. דער רקאַנטי האָט אפילו געשריבן אויף אים אַז אליהו הנביא האָט זיך אַנטפּלעקט צו אים. און דער ראב״ד אַליין האָט געזאָגט אַז דער רוח הקודש האָט זיך באַוויזן אין זיין בית המדרש.

צווישן זיינע תלמידים זיינען געווען ר׳ יצחק הכהן פון נאַרבונא, דער ערשטער מפרש אויף תלמוד ירושלמי, און נאָך.

דער ראב״ד ווערט דערמאָנט אין תוספות: תענית כה, א, אונטערן וואָרט הא; יומא יח, ב, אונטערן וואָרט יחודי; עבודה זרה לח, א, אונטערן וואָרט אלא; תמורה יב, ב אונטערן וואָרט יוסף, און אין מעהרערע אַנדערע ערטער.

## רד״ק

ר׳ דוד קמחי, באַרימטער בעל דקדוק, איז געבאָרן געוואָרן אין נאַרבאָן, פראַנקרייך, אין דעם יאָר 1160, און איז נפטר געוואָרן דאָרט אין 1235. ער איז דער מחבר פון „מכלול״; דער ערשטער טייל איז אַ דקדוק, און דער צווייטער טייל איז אַ תנ״כ׳ישער ווערטערבוך. דער צווייטער טייל איז שפּעטער באַקענט געוואָרן אַלס „ספר השורשים״. ער האָט געשריבן אַ פּירוש אויף עטליכע תנ״כ ספרים. זיין פּאָלעמיק געגן קריסטענטום וואָס געפינט זיך אין זיין פּירוש אויף תהלים איז ערשינען אונטער׳ן טיטול „תשובות לנוצרים״. זיין ויכוח געגן קריסטענטום געפינט זיך אין „מלחמת חובה״.

מען זאָגט אויף אים „אם אין קמח אין תורה״.

# רלב"ג

ר' לוי בן גרשון איז געווען אַ פילאָזאָף, מפורש, מאַטימאַטיקער, אַ דאָקטאָר. ער איז געבאָרן געוואָרן אין דעם יאָר 1288, און איז נפטר געוואָרן אינם יאָר 1344. ער איז דער מחבר פון: אַ פילאָזאָפיש ווערק „מלחמת ה'", אַ פירוש אויף תנ"כ, „ספר היקש הישר" (אַן אָפּהאַנדלונג וועגן סילאָגיזימס), „ספר ה־מספר", (ספר מעשה חושב) וועגן אַלגעברא, ספרים וועגן אַסטראָנאָמיע, אַסטראָלאָגיע, „שערי צדק" וועגן די שלש עשרה מידות שהתורה נדרשת בהן, אַ פירוש אויף ברכות, צוויי תשובות, איינע וועגן „כל נדרי" און נאָך און נאָך. כאָטש ער איז געווען אַ גרוי־סער תלמוד'יסט, האָט ער קיינמאָל אָנגע־נומען אַ כסא הרבנות. און ווי עס ווייזט אויס האָט ער זיך ערנערט פון זיין מעדיציני־שער פּראָפעסיע, ווי עס האָבן זיך געפירט אַנדערע גדולים אין יענע צייטן.

# רמב"ם

ר' משה בר' מימון איז געבאָרן געוואָרן אין דער שטאָט קאָרדאָווא, שפּאַניע, פערצן טעג אין חודש ניסן, 1:20 אַ זייגער נאָך מיטאָג, אין דעם יאָר ד'תתצ"ה, פיר טויזנט אַכט הונדערט פינף און ניינציג יאָר נאָך דעם וועלט בעשאַף [1135], דרייסיג יאָר נאָך רש"י'ס פטירה. ער איז נפטר געוואָרן אין דער שטאָט פאַסטאַט, מצרים (עגיפּטן) צוואַנציק טעג אין חודש טבת ד'תתקס"ו, פיר טויזנט ניין הונדערט זעקס און זעכציג [1206, 1208 ?], און ער רוהט אין טבריא, [חברון ?].

דעם רמב"מ'ס יחוס ציט זיך פון רבי יהודה הנשיא . . . פון דוד המלך, און ער שטאַמט פון דורות לומדים. צום ענד פון זיין פירוש אויף משניות שרייבט ער: „אני משה בן מיימון הדיין ברבי יוסף החכם בר' יצחק הדיין בר' יוסף הדיין בר' עובדיה הדיין ברבי שלמה הרב רבי עובדיה הדיין". צום סוף ספר מלחמת מצוה שטעהט בן הרשב"ץ. זיין פאָטער, דיין אין דער שטאָט קאָרדאָווא, האָט געמאַכט פירושים אויף גמרא. אין דער הקדמה צו זיין פירוש אויף משניות, אָנהויב סדר זרעים שרייבט דער רמב"מ „וקבצתי כל אשר בא לידי מפירושי אדוני אבי ז"ל", און איך האָב צונויף געזאַמלט אַלץ וואָס איז געקומען מיר אין האַנד פון מיין פאָטערס פירושים. זיין ברודער דוד איז אומגעקומען אין אַ שטורם אויפן ים. ער האָט געהאַט אַ בן יחיד אברהם פון זיין צווייטער פרוי. אגב, זיין פרוי'ס ברודער האָט חתונה געהאַט מיט זיין שוועס־טער.

דער „נאָמען" רמב"מ ווערט שוין באַנוצט ביי די בעלי התוספות. זעט צום ביישפיל תוספות כתובות פו. א אונטערן וואָרט „לאשה".

דעם רמב"מ'ס ערשט ווערק איז זיין פירוש אויף משניות. דער הויפּט צוועק פון זיין פירוש איז געווען צו קאָנדענסירן אין עטליכע שורות אַן הלכה וועלכע ווערט ערקלעהרט אין גמרא אויף מעהרערע זייטן. זי אַרויס שיילען פון די חלוקי דעות'ן, פון די מיינונס־פאַרשידענ־הייטן, און אַרויס זאָגן לויט וועמען די הלכה איז, לויט וועמענס מיינונג מען דאַרף פסק'ענען.

דער רמב"מ האָט אָנגעהויבן זיין פירוש ווען ער איז אַלט געווען דריי און צוואַנציג יאָר. ער האָט געאַרבייט אויף אים אויף זיינע כסדר'דיגע וואַנדער־וואָגלענישן, און ער האָט געענדיגט אים זיבן יאָר שפּעטער אין מצרים. ער האָט געשריבן דעם פירוש אין דער אַראַ־בישער שפּראַך, און מען האָט איבער געזעצט אים אויף לשון הקודש.

ר' יהודה אלחאריזי האָט איבער געזעצט דעם סדר זרעים;

ר' יוסף אלפועלי דעם סדר מועד;

ר' יעקב עכסאי דעם סדר נשים;

ר' שלמה ב"ר יוסף דעם סדר נזיקין;

ר' נתנאל הרופא דעם סדר קדשים;

אַן אומבעקאַנטער איבערזעצער דעם סדר טהרות;

ר׳ שמואל אבן תיבון האָט איבערזעצט זיין פירוש אויף פרקי אבות און די שמונה פרקים לרמב״ם.

דעם „ספר המצוות״ האָט דער רמב״ם פערפאַסט אין אַראַביש. דער רמב״ן האָט געשריבן השגות אויף אים. ר׳ שמואל אבן תבון האָט אים איבער געזעצט אויף לשון הקודש. אין פאַרלויף פון די יאָר־הונדערטער האָבן די קאָפּירער אים אַזוי פיל פערגרייזט, אַז דער רמב״ם אַליין וואָלט אים ניט דערקענט. האָט דער גאון ר׳ חיים העליר, אויפן סמך פון ר׳ משה אבן תבון׳ס איבערזעצונג לויט דעם מינכענער מאַנוסקריפּט און לויט דעם לאָנדאָנער כתב יד און מיט נאָטן, בעלייכטונגען און ערקלעהרונגען, לויט דעם אַראַבישן אָריגינאַל און ר׳ שלמה אבן איוב׳ס איבערזעצונג, פאַרריכט די גרייזן, קאָרעגירט די ענדערונגען, בעזייטיגט אַלץ וואָס געהערט ניט דאָרט; און מיר האָבן איצט אַ ריכטיגן טעקסט פונעם רמב״מ׳ס „ספר המצוות״.

זיין הויפט און באַרימטעסט ווערק רופט דער רמב״ם אָן: משנה תורה הוא יד החזקה. אָבער געוויינליך רופט מען עס ניט „משנה תורה״. עס זיינען פאַראַן פיר ספרים וועלכע מען רופט ניט ביי די נעמען וועלכע די מחברים האָבן זיי געגיבן: „משנה תורה״, „שני לוחות הברית״, און „תורת משה״. נאָר מען רופט זיי: „דער רמב״ם״, „דער של״ה״, „דער אלשיך״, „דער חתם סופר״. אפילו דעם חומש דברים וועלכער ווערט באַצייכנט אויך מיט „משנה תורה״, רופט מען ניט ביי דעם דאָזיגן נאָמען, נאָר פשוט ספר דברים, אָדער חומש דברים. דאָס נעמט זיך מסתמא דערפון וואָס אידן האַלטן ניט פון אַ צווייטער תורה, פון צווייטע לוחות. מיר זיינען גאַנץ צופרידן מיט דער תורה וועלכע משה רבינו האָט אונז געגיבן. צען יאָר האָט דער רמב״ם געאַרבייט אויף דעם דאָזיגן ריזן־ווערק. ער האָט געשריבן אים אין לשון הקודש, און ער האָט אים געענדיגט אין עלטער פון זיבן און פערציג יאָר. ער האָט אים געגיבן דעם אונטער טיטול „יד החזקה״, ווייל דאָס ווערק איז איינגעטיילט אין „יד״, פערצן טיילן. אגב, אויך אין זיין ספר „מורה נבוכים״ פאָרמולירט ער די מצוות אין פערצן טיילן.

פילאָזאָפיע האָט דער רמב״ם געלערנט ביים פילאָזאָף אבן רושד פון שפּאַניע. דעם „מורה נבוכים״ האָט ער געשריבן אין אַראַביש. ר׳ שמואל אבן תבון האָט איבער געזעצט אים אויף לשון הקודש. ער האָט אים געענדיגט אין דעם יאָר 1195. דער רמב״ן ברענגט דעם מורה נבוכים. זעט, למשל, רמב״ן בראשית ג אָנהויב פסוק ח. ר׳ יעקב פון עמדין באַמיט זיך צו בעווייזן אַז דער רמב״ם איז ניט דער פערפאַסער פונעם „מורה נבוכים״.

דער רמב״ם האָט פערפאַסט פיוטים, ווי צום ביישפּיל „שערי עת רצון להפתח ...״ וואָס געפינט זיך אין די ספרדים׳ס תפילות.

אַ חוץ די אויבן דערמאָנטע ספרים האָט דער רמב״ם געמאַכט: אַ פירוש אויף ש״ס. ער דערמאָנט אים אין זיין הקדמה צום משניות. אָבער בלויז דער פירוש אויף ראש השנה איז געדרוקט [הלבנון שנה ח זייט 199 ...]; אַ זאַמלונג פון תשובות, שאלות ותשובות „פאר הדור״, „פרקי משה״ אויף מעדיצין, מגלת סתרים וועגען קבלה, „ספר הנפש״, טעאָלאָגיע און נאָך. גוט באַוויסט איז זיין „אגרת השמד״ וועלכער האָט באַצוועקט צו שטאַרקן אידישקייט. ערמוטיגן די אידן געגן די ביטערע גזרות, ראָטן די פרומע ניט צו דערווייטערן די זינדיגע, נאָר פאַרקעהרט זיי צו דערנעהנטערן און אויף ווייזן זיי אַז זיי געהען אויפן פאַלשן וועג.

דער רמב״ם איז געווען אַ מקובל. ער האָט אפילו געוויסט וועגן „קץ״. דער „מגדול עוז״, רמב״ם, הלכות יסודי התורה, פרק א׳ דערצעהלט אַז ער האָט געזעהן אַן אַלטע פאַרמעטענע מגילה אויף וועלכער עס איז געווען געשריבן: „אני משה ב״ר מימון כשירדתי לחדרי המרכבה, בינותי בענין הקץ...״, איך משה ב״ר מיימון, ווען איך האָב אַריין געדרונגען אין די פאַרבאָרגענע סודות פון הימלישקייט, האָב איך פערשטאַנען דעם ענין פון דער גאולה, פון דער אויסלייזונג.

דער רמב״ם ווערט דערמאָנט מערערע מאָל אין תוספות, ווי למשל אין: ברכות מד, א

אונטערן וואָרט על, „ובספר המיימוני״; אין ברכות מה, א אונטערן וואָרט דחנקתיה „ורבינו משה פירש״; און אַז עס מיינט דעם רמב״מ זעט דעם „מרדכי״ אויף ברכות סימן קנא; אין כתובות פו, א אונטערן וואָרט לאשה שטעהט ... ורמב״מ; אין תוספות מנחות מב, ב אונטערן וואָרט תפילין „וכן פירש הרב משה ב״ר מיימון״.

דער רמב״מ איז געווען דער דאָקטאָר אין דעם עגיפּטישן קעניגליכן הויף. לויט אַן אַראַבישן היסטאָריקער האָט ער צוריק געוויזן אַן איינלאַדונג צו ווערן דער לייב־דאָקטאָר פון דעם קעניג ריטשאַרד דעם ערשטן פון ענגלאַנד. ער איז געווען אויך אַ בעדייטענדער אַסטראָנאָם, און ער האָט זיך אויסגעקענט אויך אין אַנדערע וויסנשאַפטן.

ר׳ משה אלאשקאר, באַרימטער פּוסק וועלכער האָט געלעבט אין שפּאַניע מיט אַ פינף הונדערט יאָר צוריק, זאָגט אין זיינע „שאלות ותשובות״ סימן עט און סימן קיז אויפ׳ן רמב״מ אַזוי: „יסוד הדת והאמונה, שורש המדע והתבונה, עמוד התורה והחכמה, ים הדעת והמזימה, דגל התעודה, הנודע בישראל וביהודה, הרב המובהק, החסיד הגדול, אור העולם ופלאו, הוא הקדוש הרמב״ם ז״ל ... שאין בדבריו כושל״, פונדאַמענט פון רעליגיע און גלויבן, וואָרצל פון וויסנשאַפט און פערשטאַנד, זייל פון דער תורה און פון דער חכמה, ים פון וויסן און געדאַנק, פאָן פון עדות, באַוויסט אין ישראל און אין יהודה, באַרימטער רב, גרויסער חסיד, ליכט פון דער וועלט און זיין וווּנדער... דאָס איז דער הייליגער רמב״מ ז״ל...., אין וועמענס ווערטער עס איז פאַראַן קיין שטרויכלונג.

# רמב״ן

ר׳ משה בן נחמן איז געבאָרן געוואָרן אין גרענאַדאַ, שפּאַניע, אין דעם יאָר 1194, ער איז נפטר געוואָרן אין ארץ ישראל אַרום דעם יאָר 1270. זיין קבר איז אין חברון, ניט ווייט פון דער מערת המכפלה ער איז דער מחבר פון מעהרערע וויכטיגע תלמוד׳ישע און רעליגיעז־פילאָזאָפישע ווערק: חידושים אויף תלמוד; וועגן אמונה; פּאָלעמישע ספרים ווי „ספר מלחמות ה׳״ אין וועלכן ער נעמט זיך אָן פאַר׳ן רי״ף געגן די השגות פון בעל המאור; פּירושים אויף דעם ספר יצירה, אויף איוב; ספר המצוות מיט השגות אויף דעם רמב״מ׳ס ספר המצוות; שאלות ותשובות. ער האָט אויך פערפאַסט פּיוטים, סליחות, געפירט ויכוחים מיט גלחים אין געגענוואַרט פון קעניגע און האָט זיי באַזיגט. איז געווען אַ דאָקטאָר מעדיצין. זיין תלמיד דער רשב״א האָט געזעהן אים אָפּנעמען אַ קינד ביי אַ גויה.

וועלט־באַרימט איז זיין פירוש אויף תורה. זיין פילאָזאָפישע שיטה איז געבויט אויף דריי הויפּט עיקרים: דער בעשאַפער האָט בעשאַפן די וועלט פון גאָרניט, דער אַלמעכטיגער ווייסט און זעהט אַלץ, השגחה העליונה.

דער ריב״ש אין זיין תשובה סימן תט״ו זאָגט, אַז ער איז געווען „סיני ועוקר הרים, וכל דבריו כגחלי אש ועליו סומכין כמשה מפי הגבורה״, ער איז געווען אַ בקי און אַ חריף. אַלע זיינע רייד זיינען ווי פייערדיגע קוילן. און מען פאַרלאָזט זיך אויף אים ווי אויף משה רבינו וועלכער האָט מקבל געווען פונעם אויבערשטן.

דער חתם סופר זאָגט אַז דעם רמב״ן׳ס ספר איז „יסוד אמונה ושרש הדת״, דער פונדאַמענט פון אונזער גלויבן, דער וואָרצל פון אונזער רעליגיע. אין זיין צוואה הייסט ער זיינע קינדער זיי זאָלן אַליין לערנען חומש מיטן רמב״ן, און זיי זאָלן לערנען עס זייערע קינדער.

אגב׳דיגס: אין איינעם פון די ויכוחים האָט אַ גלח געזאָגט אַז ער קאָן ווייזן אַ רמז פונעם וואָרט „בראשית״ אויף זייער רעליגיע. נעמליך, די ערשטע דריי אותיות „ברא״ מאַכן בן, רוח, אב. האָט דער רמב״ן געענטפערט באַלד אויפן אָרט אַז די לעצטע דריי אותיות „שית״, לייענענדיג צוריק־וועגס מאַכן, תורת אותו האיש שקר.

# רקאַנטי

ר׳ מנחם ב״ר בנימין רקאַנטי (פון דער איטאַליענישער שטאָט רקאַנטי), האָט געלעבט אין איטאַליע אינעם סוף פונעם דרייצענטן יאָר־הונדערט און אינעם אָנהויב פון דעם פערצענטן יאָר־הונדערט.

ער האָט געמאַכט אַ פּירוש אויף תורה לויט קבלה (ווענעציע, 1523). דער פּירוש איז געוואָרן איבער געזעצט אויף איטאַליעניש. ער איז געוואָרן איבער געדרוקט מיט אַ פּירוש פון ר׳ מרדכי יפה אין לובלין אינעם יאָר 1595.

ער האָט געמאַכט אַ פּירוש אויף די תפילות, טעמים פון די מצוות, אויך לויט קבלה; „פּסקי הלכות״, און נאָך. ער האָט זיך באַמיט צו ערקלערן קבלה פון דעם פילאָזאָפישן שטאַנד־פּונקט. ער איז געווען דער איינציגער מקובל אין איטאַליע אין זיין לעב צייט.

# רשב״ם

ר׳ שמואל ב״ר מאיר איז געבאָרן געוואָרן אַרום דעם יאָר 1085 נעבען דער שטאָט טראָי (טרויש), פראַנקרייך. ער איז געווען רש״י׳ס אַ טאָכטערס אַ זון, און אויך זיינער אַ תלמיד. ער איז געווען דעם רבינו תם׳ס אַן עלטערער ברודער. רבינו תם זאָגט אויף אים אַז ער איז געווען גוואַלדיג פרום; ער פלעגט אַפילו ניט אויפהויבן די אויגן. זיין זון רבינו יוסף פורת האָט מקבל געווען פון אים. ער האָט געהאַט אָנגעזעענע תלמידים. זיין דרך אין לערנען איז געווען פּשט. און אַז מען מוז אָננעמען אַלץ וואָס די חכמים ז״ל זאָגן, אַפילו ווען עס איז נישט פאַראַן אין תנ״ך אַ רמז, אַן אָנווינק, אָדער אַן אסמכתא, אַן אָנלעהנאָכץ אויף זייערע רייד. אַ חוץ זיין פּירוש אויף תורה און אויף טיילן פון נביאים און כתובים, האָט ער פאַרגעזעצט רש״י׳ס פּירוש אויף פּסחים פון צט, ב ביז ענדע, אויף בבא בתרא פון דף כט, עמוד א ביז צום סוף, און נאָך; הוספות אויפן אלפס, און נאָך. ער איז דער ערשטער אויפמערקזאַם צו מאַכן אַז ניט די ברידער נאָר די מדינים האָבן פאַרקויפט יוסף׳ן. ער ווערט דערמאָנט אין תוספות אַן ערך פון דריי הונדערט פינף און צוואַנציק מאָל. ער איז נפטר געוואָרן אַרום דעם יאָר 1158. זעט רשב״ם על התורה עדיציע דוד ראָזין, הוצאת אום, ניו יאָרק.

# רש״י — ר׳ שלמה יצחקי

רש״י און רמב״ם זיינען די צוויי ליכטיגע גייסטער וועלכע האָבן געהאַט אפשר דעם גרעסטן איינפלוס אויף דעם אידישן רעליגיעזן לעבן און קולטור, אויף אידישקייט און אידענטום זינט דער אָפּשליסונג פון דעם תלמוד ביז היינט צו טאָג; רש״י אַלס דער גרעסטער, בעסטער און וויכטיגסטער קאָמענטאַטאָר, מפורש, אויסטייטשער פון דעם תנ״ך און דעם תלמוד בבלי, און דער רמב״ם אַלס דער גלענצענדסטער איינאָרדענער, רעגולירער פון דעם אידישן געזעץ. רש״י׳ס פּירושים אויף תנ״ך און אויף ש״ס, גמרא, ערמעגליכען דעם תלמיד, דעם לערנער צו פאַרשטעהן די שווערסטע שטעלעס אין תנ״ך, און די קאָמפּליצירסטע ענינים אין תלמוד. זיינע קורץ־געפאַסטע, אָבער קרישטאָל־קלאָרע אויסטייטשונגען און ערקלערונגען שיילען אַרויס דעם תמצית פון דעם שווערסטן פּסוק, די יאָדערע, דעם עיקר פון דער שווערסטער סוגיא, און אַלץ ווערט קלאָר, פאַרשטענדליך, און אָפט מאָל אַפילו „אַזוי פּשוט״, אַזוי איינפאַך פאַר דעם לערנער.

עס איז אַ מאָדנע זאַך, און ווי מאָדנע עס זאָל ניט קלינגען איז עס אָבער אַן אַקסיאָמאַטישער, אַן אונבעשטרייטלעכער פאַקט, אַז ווי נאָר דאָס אינגעלע הויבט אָן

צו לערנען חומש מיט רש״י, האָט ער דאָס געפיל, כאָטש ער קאָן ניט עס אַרויס זאָגן, אָבער ער פילט ווי עפּיס אַן אַלטיטשקער, ליבער, גוטער זיידע נעמט אָן אים ביים הענטעלע און פירט אים אַריין אין עפּיס אַ וואונדער־לאַנד, אין אַ וואונדערליכער פאַר־גאַנגענהייט, און ער האַלט אין איין דער־ציילן אים מיט זיידישער גוט־מוטיקייט און האַרציגער ליבשאַפט אַזעלכע שעהנע מעשיות, פון דעם גאַר, גאַר אַלטן אַמאָל, וועגן דעם וועלט באַשאַף, וועגן דעם מבול, וועגן דער עקידה, וועגן יעקב׳ן מיט עשו׳ן, וועגן יוסף׳ן מיט די ברידער, וועגן משה רבינו, וועגן ארץ ישראל, און נאָך און נאָך. דאָס אינגעלע מאַכט צו די אויגעלאַך, און ער זעט דאָס ממש בעשיינפּערליך. זיין יונג פאַנטאַזיעלע שטרעקט זיך אויס, און ער זעט ניט בלויז ווערטער אין רש״י, און ער הערט ניט בלויז רש״י׳ס טייטש. נאָר ער זעט ממש יעקב׳ן און ער הערט אים אויסזינגען מיט דעם האַרץ רייסענדיגען, דראַמאַטישען ניגון דעם „ואני בבואי מפדן ארם...״ און ער דער־זעט די ליבע גוט־האַרציגע, צניעות׳דיגע רחל, און ער הערט איר מוטערליכן וויי געשריי, דעם „רחל מבכה על בניה״. ער דערזעט ווי נבוזראדן טרייבט זיינע ברידער־אידן אין גלות אַריין. ער זאַפּט אַריין אין זיך די ליידן פון זיינע ברידער פון דעם גאַר פאַרצייטיגן אַמאָל, און זייערע פריידן פון דעם קומענדיגן מאָרגן. ער הויבט אָן ליב האָבן דאָס וואונדערליכע לאַנד ארץ ישראל, וואָס דערציילט אים אַזוי פיל שעהנע, פאַנ־טאַזיע רייצענדיגע געשעענישן, פריילעכע, דערקוויקענדיגע, און אויך דראַמאַטישע, טרויעריגע, און ער ווערט פול מיט בענק־שאַפט. עס נאָגט אים ביי זיין יונג הערצעלע, און ער לעכצט צו זען דאָס צוגעזאָגטע וואונדערליכע לאַנד, וועגן וועלכן דער גו־טער זיידע דערציילט אים אַזוי פיל שפּאַ־נענדיגס. האָט ער ליב דעם אַלטיטשקן, גו־טיגן זיידן. ער האָט ליב זיינע ברידער־אידן, ער לייד זייערע ליידן, און פרייד זיך מיט זייערע פריידן. ער האָט ליב ארץ יש־ראל. עס זיינען טייער אים אפילו די ניט ארץ ישראל׳דיגע שטעט אין וועלכע דער באַליבטער זיידע רש״י פירט אים אַריין אין די לאַנגע, פראָסטיגע ווינטער אָוונטן אין חדר. ווי נאָר דאָס אינגעלע הויבט אָן צו לערנען אַ פסוק חומש מיט רש״י, הויבט רש״י אָן איינפלאַנצען אין אים אידישקייט, און אַ ליבשאַפט און אַ בענקשאַפט צו אידיש־קייט. אָט דאָס, און טויזנט מאָל אַזוי פיל, איז רש״י. איך האָב געפרעגט אַ מאָל דעם גאון ר׳ חיים העליר ווי אַזוי ער וואָלט „דעפינירט״ רש״י, האָט ער מיר געענטפערט „רש״י איז אידישקייט״.

עס איז קיין גוזמא, קיין איבער טרייבונג צו בעהויפּטן אַז דער וועלכער האָט ניט געלערנט חומש מיט רש״י׳ס פירוש, דער וועט קיינמאָל באַזיצן דאָס אמת׳ע פאַר־שטענדניש פאַר דעם חומש. ער וועט קיינ־מאָל פילן דעם אמת׳ן גייסט פון דעם חומש. און אויב דער תלמוד בבלי, דער באַבילאָני־שער ש״ס וועלכער איז געשריבן אין אַראַ־מעאיש, איז זעהר גרויס, און ווערט געלערנט פיל, זעהר פיל מעהר פון דעם תלמוד ירו־שלמי וועלכער איז עלטער, פיל קלענער און איז געשריבן אין לשון הקודש, איז עס אפשר אַ סך דערפאַר ווייל אויף תלמוד בבלי האָט רש״י געמאַכט אַ פירוש, און אויף תלמוד ירושלמי נישט.

ווי עס איז געוויינלאַך דער פאַל מיט גרויסע פערזענליכקייטן, אַזוי אויך איז די געשיכטע פון רש״י׳ס לעבן באַצירט מיט לעגענדעס. עס ווערט דערציילט אַז זיין פאָטער ר׳ יצחק האָט פאַרמאָגט אַ קאָסט־באַרן דימענט. ניט־אידן האָבן געגירט שטאַרק צו ערוועבן זיך דעם דאָזיגן דימענט. זיי האָבן געוואָלט קויפן אים פאַר רעליגיעזע צוועקן. אָבער ר׳ יצחק האָט ניט געוואָלט זיך שיידן מיט אים.

איין מאָל האָבן זיי פערלאָקט אים אין אַ שיף אַריין, און זיי האָבן געפאָדערט פון אים ער זאָל פאַרקויפן זיי דעם דימענט. ער האָט ניט געטראַכט לאַנג, און ער האָט

אַריין געוואָרפן דעם דימענט אין וואַסער אַריין. אַ מיסטעריעזע, אַ געהיימנישפולע שטימע האָט אויסגערופן: „אָה, יצחק, דיר וועט געבאָרן ווערן אַ זון וועלכער וועט בעלייכטן די אויגן פון אַלע אידן".

ווען רש״י׳ס מוטער האָט געשוואַנגערט מיט אים, איז זי געגאַנגען אַ מאָל אין די שמאָלע גאַסן פון דער שטאָט וואָרמס, דייטשלאַנד. צווי וואָגנס [וועגענער] זיינען אַנגעקומען פון ביידע אַנטקעגן געזעצטע ריכטונגען, און איר לעבן איז געשטאַנען אין געפאַר. זי האָט זיך צוגעדריקט צו דער וואַנט. די וואַנט האָט זיך אויסגעהוילט, און האָט זי באַשיצט. געשיכטליך, אגב, וויסן מיר בלויז אַז רש״י האָט געלערנט אין וואָרמס.

דער פּאָפּולערער נאָמען רש״י מיינט רבינו שלמה יצחקי, אונזער רבי שלמה, יצחק׳ס זון. רש״י איז געבאָרן געוואָרן אין דער שטאָט טראָי, צפון פראַנקרייך, אין דעם יאָר 1040. מיט אַ הונדערט יאָר צוריק פלעגט מען נאָך וויזן דאָרט פליש יאַטקעס וועלכע האָבן זיך געפונען נעבן רש״י׳ס וואוינונג, און אין וועלכע מען זאָל קיינמאָל האָבן געזען אַ פליג.

רש״י שטאַמט פון אַ גאָר יחוס׳דיגער משפּחה. זיין פאָטער ר׳ יצחק איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם. רש״י דערמאָנט אים מיט גרויס כבוד. רש״י דערמאָנט אים אין זיין פירוש: „זהו לשון אבא מורי, מנוחתו כבוד". ער ווערט דערמאָנט אין תוספות: „לכך נראה לרש״י בענין אחר שפירש אביו", אַזוי זעט עס אויס רש״י׳ן אין אַן אַנדער ענין, וועלכן זיין פאָטער האָט ערקלערט ... זיין מוטער, זאָגט מען, האָט אַנגעפירט מיט אַ ישיבה, און אַז זי פלעגט לערנען מיט די תלמידים פון הינטער אַ פאָרהאַנג (פוירינג).

זיין פעטער ר׳ שמשון הזקן, זיין מוטערס ברודער, איז געווען אַ באַרימטער תלמוד׳יסט. זיין שוועסטער חיליט איז געווען אַ מלומדת, אַ געלערנטע. רש״י׳ס ערשטע רביים זיינען געווען זיין פאָטער און זיין פעטער.

רבי יעקב בן יקיר איז געווען איינער פון זיינע רביים וועלכע ער דערמאָנט מיט גרויס כבוד.

רש״י האָט געהאַט דריי (?) טעכטער וועלכע האָבן געקענט גוט די רבנ׳ישע ליטעראַטור. ווען ער איז געוואָרן קראַנק, האָט זיינע אַ טאָכטער גע׳חתם׳עט דברי הלכה און שאלות ותשובות אין זיין נאָמען. רש״י שרייבט: „כי תש כוחי, אזלת ידי מלמשוך בשבט סופר, ולכן בתי קראתי", ווען מיין כוח איז געוואָרן שלאַבעריג, און איך האָב ניט געקאָנט האַלטן מער אַ פען אין מיין האַנט, האָב איך אַריין גערופן מיין טאָכטער.

זיין טאָכטער מרים האָט חתונה געהאַט מיט זיין תלמיד ר׳ יהודה ב״ר נתן, וועלכער איז באַקאַנט אַלס ריב״ן. זיין טאָכטער יוכבד האָט חתונה געהאַט מיט זיין תלמיד ר׳ מאיר ב״ר שמואל. זיין טאָכטער רחל האָט חתונה געהאַט מיט ר׳ אלעזר׳ן (ר׳ אפרים?), אָבער זיי האָבן זיך גע׳גט.

יוכבד האָט געבאָרן ר׳ שמואל׳ן ב״ר מאיר באַרימט אַלס רשב״ם, און ר׳ יעקב באַוויסט אַלס „רבינו תם", איינער פון די באַרימטסטע בעלי התוספות, וועמענס גרויס און טיף וויסן האָט שטאַרק בעאיינפלוסט דאָס אידישע לעבן און געזעץ. ר׳ יוסף ב״ר מאיר, באַוויסט אַלס ריב״מ, (און ר׳ שלמה?). אָט אַזוי איז רש״י׳ס פאַמיליע געוואָרן די פאָרשטייערין פון לומדות אין פראַנקרייך.

צו פינף און צוואַנציק יאָר האָט רש״י פאַרלאָזט זיינע רביים מיט וועלכע ער איז געשטאַנען שטענדיג אין קאָנטאַקט, אין די פריינדליכסטע באַציאונגען, און ער האָט אומגעקערט זיך קיין טראָי. ער איז שוין דעמאָלט געווען באַקאַנט אין דער לומד׳ישער וועלט. זיין אומקערן זיך קיין טראָי האָט סיגנאַלירט, אָנגעזאָגט דעם אויפקום פון אַ נייער עפּאָכע אין דער לומד׳ישער וועלט. ווייל פון איצט אָן האָבן די תלמוד אַקאַדעמיעס אין פראַנקרייך איבער גענומען די אויטאָריטעט פון די ישיבות אין די רהיין פּראָווינצן.

אין דעם יאָר 1070 האָט רש״י געגרינ־דעט זיין אייגענע ישיבה, וועלכע האָט צו געצויגן פילע תלמידים. ער האָט אָנגעהאַלטן אויך אַ כסא הרבנות, אָבער ער האָט אָפּ־געזאָגט שכירות, געהאַלט. ער האָט געצויגן פרנסה פון זיין וויין גאָרטן.

רש״י האָט שטאַרק מורא געהאַט טאָמער וועלן דער תנ״כ און דער תלמוד ווערן „פאַר־שלאָסענע ספרים״ פאַר די מאַסן. זייענדיק „דעמאָקראַטיש״, אַ פאָלקס מענטש פון נאַ־טור, איז ער געווען אייפעריג צו באַקענען דעם פשוט׳ן איד, „עמך״, מיט אונזערע רייכע גייסטיגע אוצרות. ער האָט געוואָלט אַז יעדער איד זאָל פאַרשטעהן דעם תנ״כ ווי אונזערע חכמים ז״ל טייטשן אים אויס. האָט ער גענומען שרייבן פירושים אויף תנ״כ און אויף גמרא. און זיין אונטערנעמונג איז געלונגען אים אויסער געוויינלאַך. ווייל זיינע אויסטייטשונגען און פערטייטשונגען מאַכן קלאָר דעם תנ״כ און ש״ס פאַרן פשוט׳ן אידן און פאַרן תלמיד חכם, פאַר יונג און אַלט.

אין זיין פירוש אויף תנ״כ באַנוצט רש״י זעהר פיל די מדרשים און דעם אגדה׳שען טייל פון ש״ס. ער נוצט אויס באַזונדערס די שטעלעס וועלכע ענטהאַלטן אַ מאָראַלישן, אָדער אַן עטישן פונקט. זייענדיג אַן אויסער געוויינליכער מייסטער פון לשון הקודש, און באַזיצענדיג אַן אויסער געוויינליכן חוש, גע־פיל פאַר שפּראַך אין אַלגעמיין, איז עס געלונגען אים צו ערקלערן קלאָר דעם קאָמפּ־ליצירסטן, פאַרוויקלטסטן ענין אין עטליכע קורץ געפאַסטע אָבער פיל זאָגענדיגע ווער־טער.

רש״י׳ס פירוש איז אַזוי פּאָפּולער ביי אַלע קלאַסן אידן, ווייל ער איז תוך׳איג, אינער־ליך אידיש. די הויפּט מעלות פון רש״י׳ס פירוש זיינען: פולשטענדיגע, פערפעקטע קלאָרקייט, עקזאַקטער, פונקטליכער אויסדרוק, קורץ געפאַסטקייט, פשוט׳ער, לייכטער און קלאָרער סטיל. ער נוצט קיינמאָל דריי ווער־טער ווען צוויי גענוגן. דער פירוש ציט צו דעם תלמיד דורך זיין פשוט׳קייט, לעבע־דיקייט, און נאַטירליכקייט.

רש״י אויף חומש גלאָריפיצירט דעם היי־ליגן קווינט עסענץ פון תורת משה. ער פלאַנצט איין ליבשאַפט, ערפורכט פאַרן אוי־בערשטנס וואָרט אין דעם תלמיד׳ס געדאַנק און האַרץ.

אַזוי ווערטפול איז רש״י אויף חומש, אַז זיין אייניקל, דער באַרימטער רבינו תם, האָט זיך אויסגעדריקט אַז ער וואָלט גע־קאָנט שרייבן אַ פירוש אויף ש״ס ווי רש״י. אָבער ער וואָלט ניט געקאָנט שאַפן אַ פירוש ווי רש״י׳ס אויף חומש. דער של״ה (שני לוחות הברית אין מסכתא שבועות) זאָגט אַז רש״י איז געוואָרן געשריבן ברוח הקודש.

רש״י אויף תנ״כ און ש״ס דינען דעם תלמיד ניט בלויז אַלס מיטל צו פאַרשטעהן אמת׳ער און בעסער דעם אינהאַלט, נאָר עס פילט אים אָן גלייך צייטיג מיט דעם גייסט פון אידישקייט.

רש״י׳ס קאָמענטאַר, פירוש איז געוואָרן פאַרשפרייט גיך און ווייט. זיין באַרימטקייט האָט דערגרייכט אויסער האַלב די גרעניצן פון צפון פראַנקרייך און די רהיין פראָ־ווינצן.

די קאָלאָסאַלע וויכטיקייט פון רש״י אויף תורה האָט געפירט דערצו אַז ניט אידישע געלערנטע אין מיטעלאַלטער האָבן איבער־זעצט אים אויף לאַטיין. רש״י אויף חומש איז געדרוקט געוואָרן צו ערשט אָהן דעם חומש, אין רעגיאָ, אינעם יאָר 1475. דאָס איז דער סאַמע ערשט־דאַטירטער געדרוקטער ספר. מיט דעם טעקסט איז רש״י געדרוקט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין באָלאָנאַ, אינעם יאָר 1582. דער פירוש איז איבערזעצט אין פילע שפראַכן, אידיש און ענגליש אַריינ־גערעכנט.

אויף רש״י אַליין זיינען פאַראַן אַן ערך הונדערט און פיפציק קאָמענטאַרן, פירושים. און אויף די דאָזיגע פירושים זיינען פאַראַן נאָך פירושים, און אויף די נאָך, און אַזוי ווייטער.

עס איז, אגב, כדאי צו באַמערקן: ר' יעקב פון עמדין זאָגט אין דער הקדמה צו זיין ספר „לחם שמים" אַז רש"י אויף דברי הימים איז ניט רש"י'ס. אַמאָליגע יאָרן, ווען געוויסע מחברים האָבן געוואָלט אַז זייערע ווערק זאָלן ווערן פּאָפּולער און אויטאָריטע־טיוו, פלעגן זיי אַרויף שטעלן אויף דעם ספר דעם נאָמען פון אַ באַרימטן מחבר. זיינען פאַראַן פאַרשידענע פירושים מיטן נאָמען פון רש"י, און זיי זיינען ניט פון רש"י, ווי צום ביישפּיל רש"י אויף נדרים, אויף מסכתא אבות, אויף מדרש רבה...

אין זיין פירוש אויף תורה דערמאָנט רש"י פאָלגענדע מחברים און ספרים, וועלכע ווערן אָנגעגיבן דאָ אַלפאַבעטיש, לויטן „אלף בית":

אגדת ספר שמואל, אגדת תהלים, בראשית רבה, ר' ברוך בר' אליעזר, ברייתא של רבי אליעזר בנו של ר' יוסי הגלילי מל"ב מדות, ברייתא דמלאכת המשכן, ברייתא דמ"ט מדות, דברים רבה, דונש בן לברט, הבבלי (דאָס איז ר' שלמה בן ר' יהודה מרומא), הפייטן (ר' אלעזר הקליר), ויקרא רבה, רבי יהודה הדרשן מטולושא, ר' יעקב בר מנחם אָדער מנחם בן סרוק, מסורה גדולה, רבי משה הדרשן (אויך הדרשן), סדר עולם, רבי סעדי', ספרא, ספרי, ספרי של פנים שני, פירושי א"ב של רבי מכיר, פסיקתא גדולה, פרקי דבי אליעזר, רבי קלונימוס, תוספתא, תורת כהנים (ספרא), תלמוד בבלי, תלמוד ירושלמי, תנחומא, תנ"כ, תרגום אונקלוס, תרגום יונתן אָדער תרגום ירושלמי, תרגום של נביאים, תרגום של הכתובים. פאַראַן כתבי יד אין וועלכע עס ווערן אויך דער־מאָנט תלמידים פון רש"י.

און עס איז כדאי צו באַמערקן אַז כאָטש רש"י'ס פירוש אויף תורה איז דער בעסטער און וויכטיגסטער פון אַלע אַנדערע פירו־שים, פונדעסטוועגן, האָט ער אַליין צוגעגיבן אַז ווען ער וואָלט געהאַט צייט, וואָלט ער געמאַכט אַ נייעם פירוש אויף תנ"כ. דער רשב"ם זאָגט אין זיין פירוש אויף חומש, אָנהויב סדרה וישב: „וגם רבנו שלמה, אבי אמי, מאיר עיני גולה, שפירש תורה נביאים וכתובים, נתן לב לפרש פשוטו של מקרא. ואף אני שמואל ב"ר מאיר חתנו זצ"ל נתווכחתי עמו ולפניו, והודה לי שאילו היה לו פנאי, היה צריך לעשות פירושים אחרים, לפי הפשטות המתחדשים בכל יום". און אויך רבינו שלמה, מיין מוטערס פאָטער, וועלכער בעליכטט די אויגן פונעם גלות אי־דענטום, האָט געמאַכט אַ פירוש אויף תורה, נביאים און כתובים, לויטן פּראָסטן פשט. און איך, שמואל, דער זון פון זיין איידעם ר' מאיר זצ"ל, האָב אַרגומענטירט מיט אים, און ער האָט מיר מודה געווען אַז ווען ער וואָלט געהאַט צייט, וואָלט ער בעדאַרפט מאַכן נייע פירושים...

רש"י אויף ש"ס העלפט דעם תלמיד צו אויף כאַפּן, צו אויף פאַסן די לעגאַלע מע־טאָדיק, די פּקח'דיגע, שאַרפע דורך דרינגענ־דיגע אַרגומענטן פון די חכמי התלמוד און די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמעס פון הלכה, געזעץ. ער טרעט אויס אַ סטעשקע צו אונזערע גייסטיגע אוצרות אויף וועלכע דער דורך שניטליכער איד קאָן שפּאַנען גרינג און מיט זיכערקייט. רש"י'ס פירושים זיינען אַזוי וויכ־טיג, אַזוי אויטענטיש און אויטאָריטעטיש אַז זיי זיינען אָהן שיידבאַר פונעם טעקסט. זיי זיינען ווי אַ טייל פונעם טעקסט. ניט איין מאָל מאַכט זיך וואָס מען כאַפּט אַ בליק אין רש"י נאָך איידער מען האָט גוט אַריין געקוקט אינעם טעקסט.

רש"י אויף ש"ס באַנוצט די אַזוי גערופענע עקספּערימענטאַלע מעטאָדע. אין אויסטייטשן די גמרא באַנוצט ער די אינדוקטיווע און דעדוקטיווע מעטאָדע, טראַנירענדיג דעם תל־מיד צו דערגרייכן אונאָפּהענגיג די לייזונג פון אַ פּראָבלעם. רש"י איז געווען אַ „געבאָ־רענער" פּעדאַגאָג. זיין בענוצן זיך מיט ביי שפּילן, אילוסטראַציעס, מעטאַפאָרס באַ־שטעטיגן זיין פּעדאַגאָגישע פעאיגייט. ער באַנוצט זיך אַפילו מיט צייכנונגען צו אי־לוסטרירן תלמוד'ישע שטעלעס, ווען ער האָט געהאַלטן אַז אָהן דעם וועט עס זיין שווערער פאַר דעם לערנער צו פאַרשטעהן. פאַר אַט

דעם דאָזיגן צוועק פלעגט ער באַזוכן וואָר־שטאָטן און לייענען מעדיצין ביכער. ער איז געווען אַזוי בעהאַוונט אין מעדיצין, אַז עס איז פאַראַן אַפילו אַ מיינונג אַז ער איז געווען אַ דאָקטאָר.

רש״י האָט ניט געשריבן זיין פירוש אויפן תלמוד כסדר, נעמליך אָנגעהויבן מיט מסכתא ברכות און געענדיגט מיט מסכתא נדה. אָט ווייזן מיר דאָך צום ביישפיל אַז זיין פירוש אויף פסחים צט, ב און ווייטער און אויף בבא בתרא פון כט, א און ווייטער האָט געענדיגט זיין איניקל דער רשב״ם.

שוין ביי זיין לעב צייט איז דער „פרשן דתא״, רש״י, געוואָרן אָנערקענט אין דער גאַנצער אידישער וועלט אַלס דער מפורש. דער אבן עזרא וועלכער איז געווען אַלט דרייצן יאָר ביי רש״י׳ס פטירה האָט באַ־זינגען אים:

„כוכב דרך מצרפתה,
פירוש נורא
שם לתורה,
על כן נקרא פרשן דתא״.

אַ שטערן האָט באַוויזן זיך פון צרפת (פראַנקרייך), אַ פורכטיגן פירוש האָט ער געמאַכט אויף תורה, דערפאַר ווערט ער אָנגערופן דער באַשיידער, דער ערקלערער פון דער תורה.

ר׳ בצלאל אשכנזי, דער מחבר פון די „שיטות מקובצות״ רופט אָן רש״י׳ן אין זיינע תשובות סימן כח: „אביהן ורבן של ישראל...״ דער פאָטער און דער רבי פון די אידן וועלכער דעקט אויף אַלץ וואָס איז פאַרבאָרגן, און אָהן אים וואָלט די גמרא געבליבן אַ פער׳חתם׳עטער, אַ פאַרזיגלטער ספר״.

דער „צידה לדרך״ זאָגט אין דער הקדמה צו זיין ספר: פאַר רש״י׳ן איז ניט געווען אַזאַ וועג ווייזער וועלכער זאָל בעלייכטן די סטעשקעס פון דעם ים התלמוד ווי רש״י׳ס קלאָרער און קורץ געפאַסטער פירוש. און ווען ניט רש״י וואָלט דער דרך פון תלמוד בבלי געווען געוואָרן פאַרגעסן פון די אידן.

ר׳ משה דאַנון זאָגט:

„כל פירושי צרפתה
השלך לאשפתה,
חוץ מפרשן דתא
ובן פורתא״.

אַלע פירושים פון פראַנקרייך וואַרף אַריין אין דער טעקע, אויסער דעם פרשן דתא (רש״י), און דעם פירוש פון ר׳ יוסף טוב עלם, רש״י׳ס אַן איניקל.

רש״י האָט באַשיצט דאָס רעכט פון פרוי־ען. ער האָט גע׳פסק׳ענט אַ מאָל צו באַ־שטראָפן שטאַרק אַ מאַן פאַר ברעכן זיין צוזאָג צו אַ פרוי צו חתונה האָבן מיט איר („ברידזש אָף פראָמיס״). ער האָט אויך באַשטראָפט שטרענג איינעם פאַר אַרויס טרייבן זיין ווייב אָהן אַ גענוגענדיגער אור־זאַכע. ער האָט אַרויס געוויזן גרויס טאָלע־ראַנץ צו זיינע ניט אידישע שכנים, און ער האָט געגלויבט יעדן איינעם.

אויסער זיינע באַרימטע פירושים, האָט רש״י געשריבן פאַרשידענע „שאלות ותשו־בות״, לעגאַלע מיינונגען וועגן מיינונגס־פאַר־שידענדיגע פראָבלעמעס אינעם תלמוד׳ישן גע־זעץ. ער איז דער מחבר פון: „ספר הפרדס״, „ספר האורה״, „סדור רש״י״, „איסור והיתר״, סליחות אויף וועלכע זיינע תלמידים האָבן געשריבן הערות. ער האָט פערפאַסט פיוטים, ליטורגישע, רעליגיעזע פאָעזיע, וועלכע איז אינקאָרפאָרירט אין אונזער ליטורגישער לי־טעראַטור. רש״י איז באַרימט אַלס „פרשן דתא״, דער אויסטייטשער און פערטייטשער פון דער תורה און פון דעם תלמוד. און ער איז אָנערקענט אַלס אויטאָריטעט אין אידישן געזעץ.

רש״י פאַרנעמט אַ ספעציעלן פלאַץ אין דער אידישער געשיכטע. ער איז איינער פון די בויער פון אידישקייט, און אפשר די באַרימטסטע, פאָפולערסטע פערזענליכקייט ביי אידן. זיין איינגעבוירענע עניוות, באַשיידנ־קייט, פשוט׳קייט, איינפאַכקייט און פולקאָמע צדקות, גערעכטיקייט האָט געמאַכט אים פאַר די קרוין פון די אידן שוין אין זיין צייט.

רש"י'ס לעצטע יאָרן זיינען געוואָרן פאַרביטערט דורך די שחיטות פון דעם ערשטן קרייץ צוג (1096 — 1099), אין וועלכן עס זיינען אומגעקומען פילע פון זיינע אייגענע און פריינט.

רש"י'ס פטירה ווי זיין געבורט איז פאַרוויקלט אין אַ לעגענדע. עס ווערט דערציילט אַז גאָדפרי פון בואילאָן, דער פירער פונעם ערשטן קרייץ צוג האָט גערופן רש"י'ן צו זיך פאַר זיין צוג קיין ארץ ישראל ער זאָל אים זאָגן מיט וואָס דער צוג וועט זיך ענדיגן. רש"י האָט אָפּגעזאָגט צו גיין. דער אויף גערעגטער ריטער איז אַוועק צו רש"י'ן צו באַשטראָפן אים. ווען ער איז געקומען אין ישיבה אַריין איז זי געווען ליידיג, אָבער ער האָט געהערט אַ שטימע. „שלמה וואו ביזטו"? האָט ער געפרעגט. און דאָס קול האָט געענטפערט אים „אָט בין איך", אָבער ער האָט געזען קיינעם.

דער ריטער איז אַוועק זעהר אין כעס. אויפן וועג האָט ער באַגעגנט רש"י'ס אַ תלמיד וועמען ער האָט צוגעזאָגט נישט צו באַשטראָפן רש"י'ן אויב ער וועט בלויז זיך בעוויזן צו אים. רש"י האָט צוגעשטימט. דער ריטער האָט געזאָגט צו רש"י'ן: „איך ווייס אַז דו ביזט אַ קלוגער מענטש, בעט איך דיך, זאָג מיר צי מיין עקספּעדיציע אין הייליגן לאַנד וועט זיין ערפאָלגרייך, צי נישט".

און רש"י האָט געענטפערט אים: „דו וועסט איינגעמען די הייליגע שטאָט ירושלים, און דו וועסט הערשן איבער איר דריי טעג, דעם פערטן טאָג וועלן די מוסולמענער אַרויס טרייבן דיך, און דו וועסט אומקערן זיך אַהיים מיט דריי פערד. דערצאָרענט פון דער דאָזיגער נבואה, האָט דער ריטער אויסגעשריען: „טאָמער קער איך זיך צוריק אַהיים מיט בלויז איין פערד מער, וועל איך וואַרפן דיין קערפער צו די הינט, און איך וועל אויס הרג'ענען אַלע אידן אין פראַנקרייך".

דער ריטער האָט אומגעקערט זיך מיט פיר פערד. ער איז געווען ענטשלאָסן דורך צו פירן זיין נדר צו נעמען נקמה. אָבער ווען ער איז אַריין געפאָרן אין דער שטאָט טראָי, איז אַראָפּ געפאַלן אַ פעלז און האָט געטויט איינעם פון זיינע ריטערס מיטן פערד.

גערירט פון דער דאָזיגער געשעעניש, האָט ער בעשלאָסן צו באַעהרן דעם דאָזיגן חכם. אָבער ער איז געוואָרן געוואָר אַז רש"י איז שוין נפטר געוואָרן. געשיכטליך, אָבער, איז אָנגענומען אַז דער ריטער האָט זיך קיינמאָל אומגעקערט קיין פראַנקרייך, און אַז ער איז געשטאָרבן אין ירושלים אינעם יאָר 1100.

רש"י איז דער באַרימטסטער רבי פון אַלע אידן. ער איז דער מייסטער אויסטייטשער פון תנ"כ און תלמוד, אויף וועלכער ער האָט אַוועק געלייגט דעם שטעמפּל פון זיין ברילליאַנטענעם מוח.

רש"י איז נפטר געוואָרן ניין און צוואַנציג טעג אין תמוז, אינעם יאָר 1105 אין דער שטאָט טראָי, פראַנקרייך, אינעם עלטער פון פינף און זעכציג יאָר.

# רת — רבינו תם

ר' יעקב ב"ר מאיר איז געבאָרן געוואָרן אין פראַנקרייך אינעם יאָר 1100, און ער איז נפטר געוואָרן פיר טעג אין תמוז, יוני 9, אינעם יאָר 1171, אין עלטער פון איין און זיבעציג יאָר אין טראָי, פראַנקרייך. ער איז געווען רש"י'ס אַן איניקל, און דעם רשב"מ'ס איגגערער ברודער.

זיין הויפּט ווערק איז זיין „ספר הישר" וועלכער ענטהאַלט ביאורים, ערקלערונגען, אויף דרייסיג מסכתות, און חידושים. ער ווערט בעטראַכט אַלס הויפּט פון די פראַנצויזישע בעלי התוספות. ער האָט פערפאַסט פיוטים, רעליגיעזע פּאָעזיע, און סליחות, אַ דקדוק ספר „ספר הקראות", קבלה ספרים, און נאָך. ער ווערט דערמאַנט הונדערטער מאָל אין תוספות.

דער נאָמען „תם" נעמט זיך מסתמא פון „ויעקב איש תם", א). דער ר"נ רופט אָן אים „פה קדוש", ב) הייליג מויל. רבינו תם האָט נישט איינגעשטימט מיט זיין זיידן רש"י וועגן דעם סדר פון די פרשיות אין די תפילין. רש"י האַלט פון דעם סדר לויט דער תורה: קדש, והיה כי יביאך, שמע, והיה אם שמוע. רבינו תם האַלט אַז והיה אם שמוע קומט פאַר שמע. זיינען פאַראַן אידן וועלכע לייגן צוויי פאָר תפילין צו שטעלן צופרידן ביידע מיינונגען.

און עס איז כדאי צו באַמערקן: ער האָט געזאָגט אַז אַ פירוש ווי רש"י אויף גמרא וואָלט ער יאָ געקאָנט מאַכן, אָבער אַ פירוש ווי רש"י אויף חומש נישט. ער איז געווען פינף יאָר אַלט ביי רש"י'ס פטירה.

## שבחי — שבחי הבעל שם טוב

אינעם אַכצענטן יאָר־הונדערט איז די חסידות באַוועגונג ענטשטאַנען. אין מזרח אייראָפּע איז זי פאַרזייט געוואָרן. דאָרט האָט זי געשפּראָצט. אָבער ניט גראַד, ניט גלייך, ניט אָהן שטערונגען. זי איז געוואָקסן אין אַ זיג־זאַג, אָבער אַלץ העכער און העכער, ברייטער און ברייטער, שטאַרקער און שטאַרקער.

אַפילו דעמאָלט ווען חסידות איז שוין אויפגעוואָקסן צו אַ באַוועגונג מיט וועלכער מען האָט זיך שוין געמוזט רעכענען, ווען זי האָט שוין געהאַט זיך פערצווייגט אין כמעט יעדער שטאָט און שטעטל; אויך דענצמאָל איז איר קאַמף פאַר עקזיסטענץ, פאַר אַלגעמיינע אַנערקענונג, געווען אַ שווערער.

ווי יעדע נייע באַוועגונג אָדער אידייע האָט חסידות זיך ערוואָרבן אָנהענגער. דער הילף־לאָזער מענטש, דער מענטש מיט אַ שוואַכער נאַטור, דער איד וועלכער האָט קיין גלויבן אין זיין אייגענעם איך, אין זיינע אייגענע כוחות, ווען אָט דער סאָרט מענטש געפינט זיך אין אַ יאוש'דיגן, אין אַ פאַרצווייפלטן צושטאַנד, ווען זיינע אייגענע הילפס־קוואַלן זיינען פליטקע, אָדער גאָר אויסגעשעפּט, זוכט ער הילף, אָדער לכל הפחות ערמוטיגונג פון אַנדערע מענטשן. די אידישע געשיכטע איז רייך אין אַזעלכע ביישפילן. עס איז גענוג צו דערמאַנען די פאַרשידענע משיח־באַוועגונגען אין דער אידישער געשיכטע. כמעט אַלע זיינען זיי ענטשטאַנען אין עפּאָכן, אין וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט זיך געפונען אין אַ יאוש'דיגן צושטאַנד. אָבער אין דער צייט ווען די משיח באַוועגונגען האָבן געהאַט אַ קאָלעקטיווע טענדענץ, אַ טענדענץ צו לייזן דאָס פּראָבלעם פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק, האָט די חסידות באַוועגונג אויך אַן אינדיווידועלן הינטערשלאַג.

אמת, גרינדער פון גרויסע באַוועגונגען, פאָטערס פון גרויסע אידייען האָבן אין זינען דאָס גאַנצע אידישע פאָלק. זיי זיינען אַלטרואיסטיש. אָבער ווען עס קומט צו די אָנהענגער, קאָן מען געפינען צווישן זיי עגאָאיסטן. עס דאַכט זיך זיי, און זיי האָפן, אַז עס וועט זיי פּערזענליך טון גוטס, ווערן זיי אָנהענגער. איז בעת די אָנהענגער פון די משיח־באַוועגונגען זיינען אפשר געווען מעהר פון דעם אַלטרואיסטישן סאָרט מענטשן, כאָטש זיי האָבן געוויסערמאָס אפשר אויך זיך אַליין געהאַט אין זינען, זיינען די אָנהענגער פון חסידות אפשר מעהר עגאָאיסטיש, כאָטש זיי ווילן אָהן ספק אַז אויך אַנדערע זאָלן געהאָלפן ווערן.

האָט חסידות זיך ערוואָרבן אין אַ פאַרהעלטניסמעסיג קורצער צייט אַ היפּשע צאָל אָנהענגער. און דאָרט וואו עס זיינען פאַראַן אָנהענגער, מוזן פריער אָדער שפּעטער זיין אויך אָפּאָנענטן, געגנער. האָט טאַקע גלייך מיט דער גרינדונג פון חסידות זיך געשאַפן התנגדות, אַ געגנערשאַפט. און וואָס שטאַרקער חסידות איז געוואָקסן, אַלץ מעהר

---

א) בראשית כה, כז.

ב) נדרים ב, א, אונטערן וואָרט ושבועות.

אין צאָל זיינען געוואָרן די געגנער, די מתנגדים. און ניט נאָר זיינען די מתנגדים געוואָקסן אין כמות, אין קוואַנטיטעט, נאָר טאַקע אויך אין איכות, אין קוואַליטעט.

חסידות האָט געציילט צווישן אירע גרינדער און אָנהענגער גרויסע פּערזענליכקייטן. אָבער אויך די אָפּאָזיציע האָט פאַרמאָגט אין אירע רייען אָנגעזעענע פירער. עס גענוגט צו דערמאָנען דעם ווילנער גאון וועלכער האָט שטאַרק געקעמפט געגן חסידות. און געשיכטע ווידערהאָלט זיך. אויך היינט צוטאָג פאַרמאָגן ביידע צדדים וויכטיגע פּערזענליכקייטן.

ווי יעדע באַוועגונג פאַרמאָגט אויך חסידות זעהר פיינע שטריכן. דער פאַקט אַליין וואָס אַן אָנגעזעענע, אַ באַדייטנדע צאָל אידן האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דער באַוועגונג, בעוויזט שוין אַז דאָס פאָלק האָט זיך גענויטיגט אין איר, אָדער אין אַן ענליכער באַוועגונג.

ווען אַ באַוועגונג ווערט געגרינדעט, די גרינדער שטאַרבן און זי הויבט אָן געפירט ווערן פון נאָכפאָלגער, פאַסירט עס גאַנץ אָפט אַז די גרונד פּרינציפּן פון דער באַוועגונג ווערן ביסלעכווייז אָפּגעווישט און פאַרגעסן. די פירער הויבן אָן זי אויסנוצן פאַר פּערזענליכע צוועקן. דער עגאָאיזם הויבט אָן הערשן אונטער דער מאַסקע פון אַלטרואיזם.

האָבן טאַקע די מתנגדים געקוקט אַ ביסל ווייטער. זיי האָבן מסתמא געזען אויך געוויסע גוטע עלעמענטן אין דער באַוועגונג. אָבער זיי האָבן מורא געהאַט אַז די ניט־געווינטשטע שטריכן וועלכע דער עגאָאיזם קאָן ברענגען מיט זיך, וועלן מיט דער צייט אַריינדרינגען, און ווערן שעדליך פאַר די גרונד פּרינציפּן פון אידישקייט און אידענטום.

איינער פון די קאַרדינאַלע פּרינציפּן פון דער אידישער רעליגיע איז אַז יעדער אינדיווידועלער מענטש, תלמיד חכם אָדער עם הארץ, רייך אָדער אָרעם, אינג אָדער אַלט, מאַן אָדער פרוי, פרום אָדער פריי, דאַרף קיין פאַרשטעהער, קיין פאַרמיטלער צווישן אים און דעם בעשאַפער. ער נויטיגט זיך ניט אין אַ שתדלן וועלכער זאָל פאַרטרעטן זיינע אינטערעסן ביי דעם בעשאַפער פון דער וועלט. יעדער איד קאָן אַליין אויסגיסן זיין האַרץ וואָס ער וויל ביי דעם באַרמהערציגן, קאָן אַליין דאַנקען דעם אַלמעכטיגן, און זיינע תפילות, תהילות און תשבחות וועלן ווערן געהערט און אָנגענומען.

האָבן די מתנגדים מורא געהאַט אַז חסידות וועט שאַפן „הייליגע" אדעליגע וועלכע וועלן צושרייבן זיך אַ פאַרצוג אין די אויבערשטע ספערען. זיי האָבן געהאַט מורא אַז חסידות וועט שאַפן מיט דער צייט אַ פּריווילעגירטן קלאַס אידן אַלס שתדלנים ביים אויבערשטן. זיי האָבן ניט געוואָלט „הימלישע" מענטשן אויף דער וועלט. זיי האָבן ניט געוואָלט מלאכים אויף דער ערד, און דאָס איז אַ געזונטער שטאַנד־פּונקט, קלאָרע לאָגיק.

און אָט דער דאָזיגער שטאַנד־פּונקט איז קיין נייער. ער איז דורך געוועבט אין די גרונד־פּרינציפּן פון דער אידישער רעליגיע. אויף דער פראַגע פאַר וואָס מיר וויסן ניט וואו עס געפינט זיך משה רבינו'ס קבר, ענטפערט דער מדרש: דער אויבערשטער האָט ניט געוואָלט אַז די אידן זאָלן וויסן וואו משה'ס קבר איז כדי זיי זאָלן ניט געהן אויף דעם קבר בעטן; וויל מיט דער צייט קאָנען זיי נאָך מאַכן פון אים אַ גאָט. די אידישע אמונה וויל קיין מענטשן־געטער. און אַז דער אויבערשטער זאָגט משה'ן „ראה נתתיך אלהים לפרעה", טייטשט דער מדרש „לפרעה". איך באַשטים דיך אַלס גאָט איבער פרעה'ן, אָבער ניט מעהר.

פאַרשטעהט זיך אַז דאָס איז ניט דער איינציגער גרונד פאַר וואָס די מתנגדים באַקעמפן אַזוי שטאַרק חסידות. עס זיינען פאַראַן נאָך אורזאַכן. אַזוי צום ביישפּיל האַלטן מתנגדים פיל פון לערנען. חסידות האַלט אַ סאַך פון „עבודה", תפילה טון. איז עס אָבער אויסער דעם ראַם פון אַ קורצער אָפּהאַנדלונג אויסצורעכענען אַלע גרונדן פון די מתנגדים'ס געגנערשאַפט צו חסידות און זיי בעהאַנדלען אין אַלע דעטאַלן, אין אַלע איינצעלהייטן.

עס דאַרף אָבער באַמערקט ווערען אַז די וועלט־מלחמה יאָרן זיינען אין דעם פּרט געווען גינסטיג פאַר די מתנגדים. אין דער צייט פון די צוויי וועלט־מלחמות איז חסידות אין איראָפּע געוואָרן שוואַכער. פילע רביים זיינען אַוועק פון זייערע היימען, און זייערע חסידים האָבן ניט געקאָנט פאָרן צו זיי. דערוויל איז אונטער־געוואַקסן אַ אינגער דור אָהן אַ רבי'ן. און פון דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז דאָך אָפּגערעדט.

אָבער וואָס די מלחמות האָבן געטון אין דעם פּרט פאַר די מתנגדים, טוט דאָס איצטיגע אַמעריקא פאַר חסידות.

אַמעריקא פאַרמאָגט היינט צו טאָג דעם גרעסטן קיבוץ אידן, כן ירבו. רביים האָבן אָנגעהויבן קומען אַהער. עס האָבן אָנגעהויבן קומען אַהער אויך חסידים. עס זיינען פאַראַן דאָ אין לאַנד חסידים אויך פון פריער. און אַמעריקא איז שוין היינט צו טאָג אַ שטאַרקער, אויב ניט דער שטאַרקסטער צענטער פון חסידות. ער נעמט אָן דאָ אַ ביסל אַן אַנדער פאָרמע. ער איז מעהר מאָדערניזירט, מעהר צוגעפּאַסט צו דעם אידישן לעבן אין אַמעריקא, אַ מאָדערניזירטער חסידות. ער דרינגט שוין אַריין אַפילו אין רעפאָרמירטע קרייזן. קאָנסער־וואַטיווע און רעפאָרם־ראַבאַיס שרייבן געשיכטע וועגן חסידות, איבערזעצן אויף ענגליש חסיד'ישע ליטעראַטור, און מען קאָן אַפילו הערן רעפאָרמירטע ראַבאַיס האַלטן היציגע „סוירמאָנס״ וועגן חסידות מיט אַזאַ פּאַטאָס וואָס נאָר אַ הונדערט פּראָצענטיגער חסיד קאָן באַזיצן ווען ער רעדט וועגן זיין רבי'ן.

צי חסידות וועט ווערן אין אַמעריקא אַ גאָר שטאַרקע באַוועגונג בלייבט, נאַטירליך, צו זעהן. וועלן מיר זעהן אין די עטליכע פאָלגענדיגע פּאַראַגראַפן אין קורצן די געשיכטע פון דעם גרינדער פון חסידות, רבי ישראל **בעל שם טוב** [בעש״ט]. און אַזוי ווי די געשיכטע פון יעדער גרויסן מענטשן, פון יעדער עפּאָכע־מאַכענדיגער פּערזענליכ־קייט איז רייך אין לעגענדעס, אַזוי האָבן זיך אויך אַרום דעם לעבן פון דעם בעל שם טוב געוועבט פאַרשידענע לעגענדעס. די פאַנ־טאַזיע פון חסידות איז געגאַנגען אַזוי ווייט אַז זי האָט שוין אָנגעהויבן צו וועבן די לעגענדעס מיט דעם לעבן פון דעם בעל שם טוב'ס עלטערן.

אַרום דעם ענד פון דעם זיבעצענטן יאָר־הונדערט האָבן געלעבט ביי דער פּוילישער גרעניץ אַ איד ר' אליעזר און זיין פרוי. איינ־מאָל, אַזוי דערצעהלט די לעגענדע, זיינען רויבער בעפאַלן די שטאָט. זיי האָבן געכאַפּט ר' אליעזר'ן און האָבן אים פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט צו אַ געוויסן פּרינץ.

ר' אליעזר איז געווען אַ זעהר קלוגער איד, אַ מענטש מיט אַ געזונטן שכל הישר. האָט דער פּרינץ אָנגעהויבן צו האַלטן פון אים. איבערצייגענדיג זיך אין זיין חכמה, האָט דער פּרינץ אַוועק געשענקט ר' אליעזר'ן צום קעניג, ער זאָל אים מאַכן פאַר אַ מיניסטער.

אין יענער צייט האָט דער קעניג געפירט מלחמה, און עס האָט געהאַלטן פאַר אַ גרויסער שלאַכט וועלכע זאָל ענטשיידן דעם אויסגאַנג פון דעם קריג. ר' אליעזר האָט געגיבן דעם קעניג אַן עצה אַ דאַנק וועלכער ער האָט געזיגט, און ער האָט אים געמאַכט פאַר אַ גענעראַל. אַזוי דאַנקבאַר איז דער קעניג געווען פאַר דער גוטער עצה, אַז ער האָט זיך ניט באַגיגנט דערמיט אַליין וואָס ער האָט אים געמאַכט פאַר אַ גענעראַל, נאָר ער האָט אים באַשטימט אויך אַלס פּרעמיער מיניסטער; און נאָך מעהר, ער האָט אים געגיבן דעם וויצע קעניג'ס טאָכטער פאַר אַ ווייב.

ר' אליעזר האָט „חתונה״ געהאַט מיט איר אָבער, פאַרשטעהט זיך, אַז בלויז אויף פּאַפּיר. געלעבט מיט איר האָט ער ניט. די פּרינצעסן האָט ניט פערשטאַנען וואָס דאָס זאָל בעדייטן. נאָך אַ היבשער צייט האָט זי זיך אָנגענומען מיט מוט און אים געפרעגט פאַר וואָס ער פירט זיך אויף מיט איר עפּיס אַזוי מאָדנע. ווען ר' אליעזר האָט איר דערצעהלט ווי אַזוי ער איז געקומען אַהער, און אַז ער האָט איבערגעלאָזט אין דער היים אַ ווייב, האָט

די פרינצעסן אים באשאנקען מיט קאסטבארע מתנות, און זי האט געהאלפן אים אנטלויפן פון איר און זיך אומקעהרן צו זיין ווייב.

אויפן וועג אהיים האט אליהו הנביא זיך בעוויזן צו אים און געזאגט: „דערפאר וואס דו ביזט אזוי פרום, וועט דיר געבארן ווערן א זון וועלכער וועט באלויכטן די אויגן פון כל ישראל, און זיין נאמען וועט זיין ישראל, ווייל אין אים וועט מקוים ווערן דער פסוק (ישעיה מט, ג) „עבדי אתה, ישראל אשר בך אתפאר", מיין קנעכט ביזטו, ישראל, וואס מיט דיר רים איך זיך.

אבער ניט געקוקט אויף אליהו הנביא'ס ברכה האבן ר' אליעזר און זיין ווייב זיך טאקע געעלטערט, אבער קינדער איז זיי ניט געבארן געווארן. ערשט ווען דאס פארל איז אלט געווארן כמעט הונדערט יאר, איז דער צוגעזאגטער זון געקומען אויף דער וועלט ארום דעם יאר 1700.

באלד נאך דעם ווי דאס קינד האט דערזעהן די ליכטיגע שיין איז ר' אליעזר געשטארבן. די איינציגע ירושה וואס דער טאטע האט איבערגעלאזט דעם יתום איז בעשטאנען אין די ווערטער: „דיין גאנץ לעבן זאלסטו גע־דענקען אז דער אויבערשטער איז מיט דיר, און דו זאלסט מורא האבן פאר גארניט.

נאכדעם ווי דער קליינער ישראל'יק איז געבליבן א קיילעכדיגער יתום, האט די קהילה גענומען אכטונג געבן אויף אים. ער האט אבער געהאסט דעם „חדר". ער האט ליב געהאט די נאטור, עס האט זיך אים געוואלט זיין שטענדיג אין וואלד, אין פעלד, אויף דער לאנקע, הערן דאס פישטשען פון די פייגעלאך, דאס שעלעשטשען פון די בלעטער, די סודות וועלכע די לויפענדיגע ריטשקעלאך דער־צעהלן. ער האט פיינד געהאט די קינסטליכע שטאט, און ליב געהאט דאס נאטירליכע פעלד. פלעגט ער אנטלויפן פון חדר און זיך אויפהאלטן גאנצע טעג אין וואלד.

זעהענדיג אז א „רב" וועט ער שוין ניט ווערען, האבן זיינע אפעקונען אויפגעגיבן די האפנונג. זיי האבן געמאכט אים פאר א בא„העלפער" וועלכער ברענגט די קינדער אין חדר אריין און פירט זיי אהיים. פון באהעלפער איז ער געווארן א שמש. ווען ער איז אלט געווארן אכטצן יאר, האט ער חתונה געהאט. זיין פערהייראט לעבן איז אבער ניט געווען מזל'דיג. עס האט ניט גענומען לאנג, און זיין איינגע פרוי איז געשטארבן. האט דער איינגער ישראל געביטן זיין פראפעסיע און איז געווארן א לעהרער.

זייענדיג א זעהר עהרליכער און אמת'דיגער מענטש, האט ער געמאכט אזא טיפן איינדרוק אויף דעם רייכן און געלערנטן ר' אפרים פון קוטא, אז ער האט אזש צוגעזאגט ישראל'ן צו גיבן אים זיין טאכטער חנה פאר א ווייב. אונגליקליכערוויז איז אבער ר' אפרים גע־שטארבן אידער ער האט נאך געהאט די מעגליכקייט מודיע צו זיין זיין טאכטער אז זי איז פער'קנס'ט.

אנגעטון אין פשוט'ע, גוי'אישע קליידער איז ישראל ערשינען פאר חנה'ס ברודער ר' אברהם גרשון מיט א דאקומענט וואס באש־טעטיגט אז ער איז זיין שוועסטערס חתן. ר' אברהם גרשון'ען איז אבער דער שידוך ניט אנגעשטאנען, און ער האט זיך געוועהרט מיט אלע מעגליכקייטן געגען „באפלעקן" דעם יחוס פון זיין משפחה. חנה האט זיך אבער ניט גערעכענט מיט איר ברודערס ארגומענטן זי זאל ניט חתונה האבן מיט דעם „עם הארץ". ביי איר איז איר פאטערס ווינטש געווען א געבאט, און זיי האבן חתונה געהאט.

נאך דער חתונה האבן זיי זיך באזעצט אין א דערפעל אין די קארפאטען. זייער פארמעגן איז בעשטאנען פון א פערד און וועגעלע. און פרנסה האבן זיי געצויגן דערפון וואס חנה פלעגט ארום פירן לעהם צו פארקויפן אין די שכנ'ישע שטעטלאך. ר' ישראל אליין איז געווארן א שוחט. אבער ער האט גיך אויפ־געגיבן די פראפעסיע און איז געווארן א שענקער אין דער קרעטשמע וועלכע זיין שוואגער האט אים געקויפט.

זייענדיג א גרויסער ליבהאבער פון דער נאטור, האט ער פאמעליך זיך אויסגעלערנט

באַנוצן פאַרשידענע געוואוקסן פאַר רפואות. דאַן האָט ער אָנגעהויבן אַרום פאָרן אין פּאָדאָליע און אין וואָלין. ער האָט אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן זיינע אידייען, און אַלס וואוינ־אָרט האָט ער אויסגעקליבן דאָס שטעטל מעזשעביזש. זיין נאָכפאָלגערשאַפט האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן. צום אָנהויב זיינען געקומען הערן אים בלויז די אָרימע. אָבער ביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבן געווינען אויך תלמידי חכמים.

דער ווינקל־שטיין פון חסידות, לויט דער בעל שם טוב האָט אים אָנידער געלעגט, איז זיין קאָנצעפּסיע פונם בעשאַפער: אַזוי ווי דער אַלמעכטיגער איז אַלצדינג, דערפאַר מוז יעדע זאַך באַזיצן עפּעס גוטס, אין וועלכן דער אויבערשטער מאַניפעסטירט זיך אַלס קוואַל פון גוטסקייט. דער רעזולטאַט דערפון איז לויט דעם בעל שם טוב אַז יעדער מענטש מוז בעטראַכט ווערן אַלס גוט. און אויב ער איז זינדיג, טאָר מען ניט פערדאַמען זיינע זינד, נאָר מען דאַרף זוכן זיי צו ער־קלערן. ער האָט אויך אָפּגעלייקענט אַז דער אויבערשטער איז צופרידן מיט אַסקעטיזם, מיט פּייניגן זיך. ער איז דורכאויס בעשטאַנען אַז די ערדישע וועלט איז ווערט זעהר פיל, מען דאַרף זיך ניט פּייניגן. אדרבה מען דאַרף געניסן אויך די וועלט, אָבער מען דאַרף וויסן ווי אַזוי. מען דאַרף זיך האַלטן אין דער מאָס, אין דער גרעניץ.

אָבער בעת די רבנים פון יענער צייט האָבן געלעגט דאָס הויפּט געוויכט אויף לערנען, האָט דער בעל שם טוב געהאַלטן אַז דאַוונען איז די הויפּט זאַך. אונטער דאַוונען האָט דער בעל שם טוב פערשטאַנען דבקות, דאָס געפיל צו ווערן, צו זיין איינס מיט דעם בעשאַפער פון דער וועלט. דער מענטש דאַרף אַריין אין אַזאַ עקסטאַז, אַז ער דאַרף זיין בלויז נשמה. ער דאַרף פאַרגעסן אַז ער עקזיסטירט פיזיש, און זיך „באַהעפטן" מיט דעם אייביגן. דער פועל יוצא, דער רעזולטאַט דערפון איז אויסערגעוויינליכע פרייד וואָס איז אַבסאָלוט נויטיג פאַר דעם אמת'ן דינען דעם בעשאַפער פון דער וועלט. און פאַר נאָך וויכטיגער פון דאַוונען האָט ער געהאַלטן דאָס פריינדליכע בעהאַנדלען זינדיגע מענטשן.

ר' ישראל בעל שם טוב רעכענט זיך ניט צווישן די באַרימטע וועלט גאונים. אָבער ער איז געווען אַ גרויסער למדן. מען דערצעהלט אַז אַ גרופּע פון גרויסע רבנים האָבן אים גערופן צו זיך. עס איז געווען ראש החדש. זיי האָבן געזאָגט צו אים: „דו זאָגסט אַז דער רוח הקודש רוט אויף דיר, אָבער מיר ווילען וויסען צי דו ביזט אַ בקי אין אידישע דינים. ווי איז דער דין ווען איינער פאַרגעסט צו זאָגן „יעלה ויבוא"? דאַרויף זאָל דער בעל שם טוב האָבן געענטפערט: „דער דאָזיגער דין איז אייגענטליך איבערפליסיג פאַר אונז אַלע. ווייל ווען איר זאָלט אפילו אָנהויבן די תפילה איבערסניי, וועט איר סאַי ווי נאָכאַמאָל פאַרגעסן צו זאָגן „יעלה ויבוא". און איך וועל באַשטימט ניט פאַרגעסן ביים ערשטן מאָל.

זיין הויפּט ערפאָלג איז זיין פאָלשטענדיגע איבערצייגונג אַז דער אויבערשטער האָט אים פאַרטרויט אַ ספּעציעלע מיסיע. ער האָט אויך געגלויבט מיט אַן אמת אַז דער רוח הקודש רוט אויף אים, און אַז הימלישע וויזיעס בעווייזן זיך צו אים.

דער בעל שם טוב האָט געהאַט אַ טאָכטער אדל [אש דת למו] די מוטער פונעם „דגל מחנה אפרים" און אַ זון צבי.

ז' סיון, תק"כ [דעם 22טן מאַי, 1760] איז ר' ישראל בעל שם טוב, דער גרינדער פון חסידות, נפטר געוואָרן אין מעזשעביזש. זיין נאָכפאָלגער איז געוואָרן ניט זיין זון ר' צבי, נאָר ר' דוב בער פון מעזעריטש. ר' בער האָט אויסגעקליבן די שטאָט מעזעריטש אַלס זיין רעזידענץ, וואוין־אָרט. און ווי די חסידים זאָגן: די שכינה איז איבער געגאַנגען פון מעזשעביזש קיין מעזעריטש.

אגב'דיגס: דער אַלעקסאַנדערער רבי ר' חנוך העניך האָט אַמאָל באַמערקט: דער ווילנער גאון האָט איבער געלאָזט ספרים, דער בעל שם טוב האָט איבער געלאָזט מענטשן. זעט אדרא זייט נג.

## שהק — שלשלת הקבלה

ר׳ גדליה בן יוסף ן׳ יחייא שטאַמט פון אַ גאָר אָנגעזעהענער משפחה וועלכע אור־שפּרונגט פון פּאָרטוגאַל און שפּאַניע. דער הויפּט פון דער יחייא משפחה איז „השר הגדול והנורא מאד דון יחייא ן׳ יעיש״. ער האָט געלעבט אַרום דעם יאָר 1055. ער איז געווען אַ גרויסער חכם, אַ גרויסער גביר, און האָט געשטאַמט פון מלכות בית דוד. ער איז געווען זעהר אָנגעזעהן ביים מלך פון פּאָרטוגאַל, וועלכער האָט באַשטימט אים אַלס אויפזעהער איבער אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט.

ר׳ גדליה׳ס פאָטער, וועלכער איז געווען דער עלפטער דור פון דעם פאָטער פון דער יחייא משפחה, האָט מען גערופן דון יוסף בן הגאון דון דוד. ער איז געווען אַ גרויסער חכם און ער האָט פאַרשפּרייט תורה אין דער איטאַליענישער שטאָט אימולה, אַרום דעם יאָר 1515. ער האָט פערפאַסט ספרים.

דער פּאָרטוגאַלער קעניג האָט געבעטן דון יוסף׳ן ער זאָל אָננעמען זיין גלויבן, איז ער אַנטלאָפן מיט זיין פאַמיליע. ער האָט דורך געלעבט פילע מאַטערנישן. און ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון פינף און פערציג יאָר. מען האָט געהאַלטן אים אין אַן ארון צען יאָר. דערנאָך האָט מען אים איבערגעפירט קיין צפת, און מען האָט אים באַערדיגט נעבן ר׳ יוסף קאַרו, דער מחבר פון „בית יוסף״.

ר׳ גדליה איז געווען אַ גרויסער חכם, אַ גרויסער תלמוד׳יסט, ער איז געבאָרן געוואָרן אין דער שטאָט אימולה אין איטאַליע, אין דעם יאָר 1515. ווי עס ווייזט אויס איז ער נפטר געוואָרן אין אלכסנדריא, אַרום דעם יאָר 1587. אויך ער האָט דורך געמאַכט פילע מאַטערנישן. ער האָט פאַרלוירן זיין געלט, איז געווען פאַרוואָגעלט. אָבער דאָס אַלץ האָט אים ניט אָפּגעהאַלטן פון צו שרייבן ספרים. ער האָט געשריבן פילע ספרים אויף פילע טעמעס, פירושים, דרושות, געשיכטע, זיין בעסט־באַרימט ספר איז „שלשלת הקבלה״.

## שח — שפתי חכמים

ר׳ שבתי משורר ב״ס פון פראַג איז געבאָרן געוואָרן אין דעם שטעטל שעברעשין אין דער געגענט פון רובעשויב, טאָמאַשאָוו, פוילן. ער איז דער מחבר פון דעם פּאָפּולערן פירוש אויף רש״י. דער פירוש איז אַ קיצור פון כמעט אַלע מפרשים אויף רש״י און איז צוערשט געדרוקט געוואָרן אין די חומשים.

ר׳ יעקב ב״ר משה אברהם טריויס פון בריסק האָט שפּעטער אַרויס געגיבן דעם פירוש באַזונדער אין ספר־פאָרם.

## של״ה — שני לוחות הברית

ר׳ ישעיה ב״ר אברהם הלוי הורוויץ, באַוויסט אַלס של״ה, באַרימטער מחבר און מקובל וועלכער ווערט אָנגערופן „של״ה הקדוש״, איז געבאָרן געוואָרן אין פראַג אין דעם יאָר 1558, און ער איז נפטר געוואָרן אין צפת, ארץ ישראל, אין דעם יאָר 1628.

ער האָט געלערנט אין דעם מהרש״ל׳ס, מורינו הרב שלמה לוריא, ישיבה אין לובלין.

ער איז געווען רב אין: פראַג, דובנע, אוסטרא, פּאָזן, פראַנקפורט אַם מאַין, וויען, קראָקע. אויף די עלטערע יאָרן איז ער געפאָרן קיין ארץ ישראל. די אשכנז׳ישע קהילה אין ירושלים האָט אויף גענומען אים אַלס זייער רב. ער איז געווען דער ערשטער רב הראשי פון דער אשכנז׳ישער קהילה אין ארץ ישראל.

ער האָט אָנגעהויבן דאָרט צו שרייבן זיין ספר „שני לוחות הברית״ ווי אַ צוואה פאַר זיינע קינדער און באַנטע.

ווען אבן פּאַרוק, בלינד אויף איין אויג, האָט איבער גענומען די הערשאַפט איבער

---

א) שם הגדולים, חיד״א.

ירושלים, האָט ער אַרעסטירט שבת, י״א אלול, שפ״ה אין די שוהלן פופצן ספרד׳ישע און אשכנז׳ישע רבנים, צווישן זיי אויך דעם של״ה, און ער האָט איינגעזעצט זיי אין טערמע. עס האָט געקאָסט פיל מי און געלד ביז מען האָט זיי אַרויס געראַטעוועט.

ער האָט זיך באַזעצט אין צפת, דערנאָך אין טבריה. ער האָט דאָרט געענדיגט זיין גרויס ווערק „שני לוחות הברית״, וואָס איז אָנגענומען ביי דער גאַנצער לומד׳ישער וועלט. ער איז נפטר געוואָרן דריי יאָר שפּעטער, און ער רוט אין טבריה נעבן די קברים פון ר׳ יוחנן בן זכאי און זיינע תלמידים, און פון דעם רמב״ם (?).

דער מחבר האָט גערופן זיין ווערק „שני לוחות הברית״. אָבער דער ספר ווערט ניט גערופן ביי דעם דאָזיגן נאָמען.

עס זיינען פאַראַן פיר ספרים וועלכע מען רופט ניט ביי די נעמען וועלכע די מחברים האָבן געגיבן זיי: „משנה תורה״, שני לוחות הברית״, און „תורת משה״. נאָר מען רופט זיי: „דער רמב״ם״, „דער של״ה״, „דער אלשיך״, דער „חתם סופר״. דאָס נעמט זיך מסתמא דערפון וואָס אידן האַלטן ניט פון אַ צווייטער תורה, פון צווייטע [דריטע] לוחות. מיר אידן זיינען גאַנץ צופרידן מיט דער תורה וועלכע משה האָט געגיבן אונז. אפילו דעם חומש דברים, וועלכער ווערט באַצייכענט אויך מיט „משנה תורה״, רופט מען ניט ביי דעם דאָזיגן נאָמען. מען רופט אים פשוט „ספר דברים״, אָדער „חומש דברים״.

דער של״ה איז געווען אַ גרויסער מכניס אורח. זיין זון ר׳ שעפטל סג״ל זאָגט אין דער הקדמה צו זיין ספר „ווי העמודים״ אַז ביי זיין פאָטער פלעגן עסן אַכציג מענטשן יעדער טאָג אין דער וואָך, שבת און ימים טובים.

מקובלים האַלטן אַז זיין נשמה איז געווען אַ ניצוץ פון רות. דערפאַר האָט ער אַזוי געגירט צו באַזעצן זיך אין ארץ ישראל. א).

דער ב״ח שרייבט אין זיין הסכמה אויפן של״ה׳ס סדור „שער השמים״ אַז דער של״ה איז געווען „איש קדוש ונורא המדבר מתוך האש״, אַ הייליגער און פורכטיגער מענטש וועלכער רעדט פון צווישן פייער.

דער של״ה האָט פערפאַסט אויך סליחות.

## שמהג — שם הגדולים

ר׳ חיים יוסף דוד אזולאי איז געבאָרן געוואָרן אין ירושלים אין דעם יאָר תפ״צ (1727) און איז נפטר געוואָרן אין ליוואָרני, איטאַליע, עלף טעג אין אדר, אין דעם יאָר תקס״ו, מאַרטש 12, 1806. ער איז געווען אַ גרויסער בקי, אַ גלענצענדער בעל סדר, אַ באַרימטער ביבליאָגראַף, וועלכער האָט געוויסט ניט נאָר די נעמען פון ספרים נאָר טאַקע אויך דעם אינהאַלט. ער איז באַוויסט אַלס חיד״א. זיינע הערות „נצוצי אורות״ אויפן זהר זיינען באַרימט.

ער איז דער מחבר פון העכער הונדערט ספרים, פירושים און חידושים אין הלכה און אין אגדה; שאלות ותשובות, מוסר, כללים אין תלמוד, „עבודת הקודש״ וועגן תפילות און מנהגים, און „מעגל טוב״ וואָס באַשרייבט זיינע פילע רייזעס. באַזונדערס באַרימט איז זיין ביבליאָגראַפיש ווערק „שם הגדולים״. עס איז אַ זעהר וויכטיג ווערק וועגן דער געשיכטע פון אונזער ליטעראַטור. עס ענטהאַלט ביאָגראַפיעס, לעבענס־בעשרייבונגען, פון אַרום דרייצן הונדערט אידישע גדולים, און ביבליאָגראַפישע ידיעות וועגן ספרים און כתבי יד, מאַנוסקריפּטן. ער האָט עס, אגב, מסדר געווען צום דרוק אין משך פון די זעקס וואָכן, ווען ער איז געווען איינגעשפּאַרט אין דעם ליוואָרניער פּאָרט.

אַלס ניין און צוואַנציג יאָריגער אינגערמאַן האָט די חברון׳ער קהילה געשיקט אים קיין אייראָפּע זאַמלען געלט. ער האָט באַזוכט מצרים, איטאַליע, האָלאַנד, ענגלאַנד, פראַנקרייך, טערקיי. די רייזע האָט געדויערט פינף יאָר. שפּעטער איז ער געפאָרן נאָך אַ פּאָר מאָל אין עהנליכע מיסיעס.

# שפא — שפת אמת

ר׳ יהודה אריה ליב, ר׳ אברהם מרדכי אַל־טערס זון און דעם „חידושי הרי״מ׳ס״ אייניקל איז געבאָרן געוואָרן דאָנערשטאָג ניין און צוואַנציג טאָג אין דעם חודש ניסן, ערב ראש חודש אייר אין דעם יאָר תר״ז, אין וואַרשע. צו אַכט יאָר איז זיין פאָטער אים אָפּגעשטאָרבן. זיין גרויסער זיידע, זיין פאָטערס פאָטער, דער „חידושי הרי״מ״ האָט אים ערצויגן.

שוין אין זיין גאָר אינגער יוגענד האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שטאַרקן ווילן צו לערנען, און ער פלעגט פאַרברענגען די נעכט ווי די טעג אין לערנען. דער „חידושי הרי״מ״ פלעגט שטאָלצירן מיט זיין געראָטן אייניקל, און ער פלעגט וויזן זיינע נאָענטע ווי זיין אייניקל זיצט און לערנט „תורה לשמה״. צו צוועלף יאָר איז ער געוואָרן דער חתן פון ר׳ יודיל קאַמינערס טאָכטער.

צו צוועלף יאָר האָט דער „חידושי הרי״מ״ אויסגעלערנט אים אַלע הלכות וועגן טרפות לויט קבלה. צו דרייצן יאָר האָט ער געוויסט דריי הונדערט טייטשן אויפן פסוק „שמע ישראל״. צו פופצן יאָר, אין תרכ״ב, האָט ער חתונה געהאַט.

נאָך דעם „חידושי הרי״מ׳ס״ פטירה האָבן זיינע חסידים געוואָלט אַז זיין ניינצן יאָריג אייניקל „שפת אמת״ זאָל איבער נעמען די גערער קרוין. ער האָט, אָבער, צוריק געוויזן זייער פערלאַנג, און ער אַליין פלעגט פאָרן צום אַלעקסאַנדערער רבי׳ן ר׳ חנוך העניך, גלייך מיט אַלע חסידים.

נאָכ׳ן אַלעקסאַנדערער רבי׳ן׳ס פטירה אין דעם יאָר תר״ל, זיינען די חסידים ווידער צוגעטרעטן צו אים ער זאָל איבער נעמען די פירערשאַפט, און דאָס מאָל האָט ער ערפילט זייער פערלאַנג. זיין קלוגשאַפט, זיין טיף פאַרשטענדניש פאַר דעם מענטשענס פראָבלע־מעס, זיין אַנגענעמע באַציאונג צו מענטשן, זיין גרויס לומדות און זיין דרך אין חסידות האָבן געצויגן צו אים טויזענטער מענטשן.

און אונטער זיין פינף און דרייסיג יאָריגער פירערשאַפט איז דער גערער הויף געגאַנגען מחיל אל חיל, געשטיגן צו אַ קאָלאָסאַלער הויך, צו פענאָמענאַלער באַרימקייט.

זיין „לקוטים על תורה״, זיין „שפת אמת״ אויף תורה, תהלים, הגדה, פרקי אבות, די סדרים מועד און קדשים פאַרנעמען אַ הויך אָרט אין דער לומד׳ישער ליטעראַטור. זיינע ספרים טראָגן דעם נאָמען „שפת אמת״, ווייל די לעצטע ווערטער וועלכע ער האָט אָנגעשריבן אַ פאָר טעג פאַר זיין פטירה זיינען געווען „שפת אמת תכון לעד״, די ליפּ פון אמת וועט באַשטעהן אויף אייביג [משלי יב, יט].

דער „שפת אמת״ איז נפטר געוואָרן אין גער פינף טאָג אין שבט, אינעם יאָר תרס״ה, אינעם עלטער פון אַכט און פופציג יאָר. זיין עלצטער זון ר׳ אברהם מרדכי [געבוירן אין גער ז׳ טבת, תרכ״ו, נפטר געוואָרן ו סיון, ערשטער טאָג שבועות, תש״ח, אין ירושלים], איז געוואָרן זיין נאָכפאָלגער, און איז געוואָרן באַרימט אַלס „גערער רבי״. און עס איז כדאי צו באַמערקן אַז דער גערער רבי האָט אַמאָל געזאָגט צו זיין ברודער ר׳ משה בצלאל: דעם טאַטענס לעבן איז געווען קורץ אין יאָרן אָבער לאַנג אין טעג. נעמליך, ער האָט פערבראַכט די נעכט ווי די טעג אין תורה ועבודה. זעט חידה — חידושי הרי״מ, זייט סא.

אגב׳דיגס: דער „שפת אמת״ איז אַמאָל געזעסן מיט זיין חבר אַ גאַנצע נאַכט און זיי האָבן געלערנט. ערשט פאַרטאָג האָט ער זיך צוגעלעגט שלאָפן. ווען זיין זיידע דער „חידושי הרי״מ״ האָט דערזעהן אין דער פרי אַז דאָס אינגל שלאָפט נאָך, האָט ער אים אויפגעוועקט, און אים אויסגע׳מוסר׳ט פאַר שלאָפן אַזוי שפּעט, בעת ער וואָלט שוין געוועזן בעדאַרפט האָבן אָפּגעלערנט אַ פאָר שעה ביז איצט. דאָס אייניקל האָט אויסגעהערט דעם זיידענס האַרבע רייד. און נאָכדעם ווי דער זיידע האָט

## שצ — שפתי צדיק

גענענדיגט, האָט ער געענטפערט מיט גרויס באַשיידענקייט אַז ער האָט געלערנט אַ גאַנצע נאַכט, און אַז ער האָט זיך צוגעלייגט ערשט מיט אַ שעה צוריק. האָט דער זיידע זיך אָנגערופן: „סטייטש, פאַר וואָס האָסטו ניט באַלד מיר געזאָגט, וואָלט איך דאָך געוועזן פאַרשפּאָרט דיך צו מוסר'ן אומזיסט און אומ־נישט". האָט דאָס אייניקל געענטפערט אים:

אין דער סדרה מטות ווערט געזאָגט אַז ווען די בני גד און די בני ראובן האָבן געוואָלט דעם עבר הירדן, האָט משה זיי דערלאַנגט אַ גרויסע פאַרציע מוסר „האחיכם יבואו למלחמה ואתם תשבו פה". וואָס מיינט איר עס עפּעס, אייערע ברידער וועלן פירן מלחמה, און איר וועט זיך זיצן אָט דאָ! נאָכדעם ווי משה האָט געענדיגט דאָס זאָגן מוסר, איז „ויגשו אליו ויאמרו ... ואנחנו נחלץ חושים לפני בני ישראל", א) האָבן זיי געזאָגט אים: מיר וועלן זיין די ערשטע צו קעמפן פאַר די אידן. איז דאָך די קשיא, אַז ווי באַלד זיי האָבן געהאַט אין זינען צו זיין די ערשטע צו קעמפן פאַר דעם לאַנד ישראל, פאַר וואָס זשע האָבן זיי באַלד נישט געזאָגט עס משה'ן, זיי וואָלטן דאָך געוועזן איינגעש־פּאָרט אים צו שטראָפן זיי מיט די שטרענגסטע ווערטער. נאָר דער תירוץ איז, אַז ווען משה רבינו האָט אָנגעהויבן צו מוסר'ן זיי, איז געוועזן זיי אַ שאָד איבער צו שלאָגן זיינע רייד. זיי האָבן געוואָלט הערן וואָס מעהר מוסר...

ר' שמעון האָט געוואָלט זיך משדך זיין מיט זיין ברודער דעם „שפת אמת", האָט ער פּרובירט אַליין רעדן מיט אים. האָט דער „שפת אמת" געענטפערט אים דאַרויף: אַזוי ווי עס איז אַ שידוך אָהן אַ שדכן, האָט ער מורא אַז עס וועט ווערן גאָרנישט דערפון. וואָרום אַזוי געפינען מיר אויך ביי קבלת התורה. דער אויבערשטער האָט גע'שדכן'ט די אידן די תורה דורך אַ מעקלער, דורך אַ שדכן, משה רבינו, איז דער שידוך געקומען צו שטאַנד. דאַגעגן צו די אומות העולם, צו די פעלקער פון דער וועלט איז ער געגאַנגען אַליין אָהן אַ שדכן אָנביטן זיי די תורה, האָט זיך טאַקע אויסגעלאָזט גאָרנישט דערפון.

## שצ — שפתי צדיק

ר' פנחס מנחם אלעזר ב"ר בנימין אליעזר יוסטמאַן, דעם חידושי הרי"מ'ס איידעם איז געבאָרן געוואָרן אין דעם יאָר תר"ט. ער איז ערצויגן געוואָרן ביי זיין זיידן, דעם „חידושי הרי"מ" פון וועמען ער האָט געלערנט תורה און חסידות. ער האָט חתונה געהאַט מיט הענדיל לאה'ן, זיין פעטער ר' אברהם מרדכי'ס טאָכטער, און דעם „חידושי הרי"מ'ס" אייניקל. זיין גאַנץ לעבן האָט ער פערבראַכט אין תורה ועבודה, פריער ביים „חידושי הרי"מ", נאָך זיין פטירה ביים אַלעקסאַנדערער רבי'ן, און נאָך זיין פטירה ביים „שפת אמת". ווען ער האָט אין זיינע אינגע יאָרן באַזוכט דעם רבי'ן ר' אברהם טשעכינאָוו האָט ער געזאָגט אויף אים: דער אינגערמאַן האָט אויף זיך דעם גאַנצן צלם אלקים אַזוי ווי מען האָט אים געגיבן אים, און ער האָט אים גאָרניט קאַליע געמאַכט. נאָך דעם ווי זיין שוואָגער דער „שפת אמת" איז נפטר געוואָרן, האָבן פילע חסידים זיך באַהעפט אין אים. אויף זייער פערלאַנג האָט ער זיך באַזעצט אין דער שטאָט פּילץ. און ער איז געוואָרן דאָרט אב בית דין, און פילע חסידים פלעגן שטראָמען צו אים. שפעטער האָט ער זיך איבער געצויגן קיין וויערשאָוו. זיינע לעצטע יאָרן האָט ער אָפּגעלעבט אין טשענסטאָכאָוו, וואו ער איז נפטר געוואָרן צען טעג אין כסלו, אין דעם יאָר תרפ"א. דער גערער רבי האָט געזאָגט אויף אים: ער האָט געבעטן, און ער איז געענטפערט געוואָרן.

---

א) במדבר לב, פסוקים ו, טז, יז.

# תיי — תולדות יעקב יוסף

עס איז ניט באַוויסט ווען ר' יעקב יוסף איז געבאָרן געוואָרן. מען ווייסט, אָבער, אַז ער שטאַמט פון אַן אָנגעזעהענעם יחוס: פון אַ מקובלים משפחה, ר' שמשון אָסטראָפּאָלער, ר' יוסף כ"ץ מחבר פון „יסוד יוסף", ר' יום טוב ליפּמאַן העליר, דער „תוספות יום טוב".

דעם בעל שם טוב איז געלינגען צו צוציען אים צו דער חסידות באַוועגונג. ער האָט עס בעטראַכט פאַר אַ גרויס געווינס. ער זאָל האָבן זיך אַמאָל אויסגעדריקט: רבונו של עולם, ניט פאַר די מעשים וועלכע איך האָב געטון בעט איך שכר אויף יענער וועלט, נאָר פאַר דעם וואָס איך האָב געגיבן יאָסעלען דיר.

ווען ר' יעקב יוסף וועלכער איז, אגב, געווען עלטער פון דעם בעל שם טוב, איז „געכאַפּט" געוואָרן אין חסידות, האָט זיין קהילה פאַרטריבן אים פון שטאָט, און ער איז געוואָרן רב אין ראַשקאָוו. אַ ביסל שפּעטער איז ער געוואָרן אויפגענומען אַלס רב אין נעמיראָוו. דאָרט האָט ער געקאָנט אַרבייטן פאַר דער חסיד'ישער באַוועגונג עפנטליך.

כאָטש ר' יעקב יוסף איז געווען דעם בעל שם טוב'ס נאָענטסטער תלמיד, איז ער דאָך ניט געוואָרן זיין נאָכפאָלגער. דאָס איז דערפאַר ווייל לויט זיין נאַטור, בייגונגען, געדאַנקען גאַנג, ספר-מענטש איז ער ניט געווען גע-אייגנט פאַר פירערשאַפט.

ווען ר' דוב בער, דער מעזעריטשער מגיד, איז געוואָרן דעם בעל שם טוב'ס נאָכפאָלגער האָט ר' יעקב יוסף ניט גענומען עס פאַר אומגוט. ער אַליין האָט אָנגעהויבן צו פאָרן צו אים, ווי אַ תלמיד-חבר. ער האָט איינגע-זעהן אַז די שכינה איז איבער געגאַנגען פון מעזשעביזש קיין מעזעריטש. נאָכדעם ווי וואָלין איז געוואָרן דער צענטער פון דער חסידות באַוועגונג, איז ער געוואָרן רב אין פּאָלנאָ.

ר' יעקב יוסף איז נפטר געוואָרן אין פּאָלנאָ ענדע דעם יאָר תקמ"ד.

ר' יעקב יוסף איז דער מחבר פון: „תולדות יעקב יוסף" אויף תורה; „בן פורת יוסף"; „צפנת פענח". זיין ספר „כתונת פסים" איז ערשינען נאָך זיין פטירה אין לעמבערג, אינעם יאָר תרכ"ו.

אגב'דיגס: ווען דער „תולדות יעקב יוסף" איז דערשינען, האָט דער „נודע ביהודה", דער גאון ר' יחזקאל לאַנדוי ניט געהאַלטן פון אים. ער האָט געהאַט צוויי האַרבע קוש-יות אויף אים. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט אַז אין דער שטאָט פּראָג וואו דער „נודע ביהודה" איז געווען רב, האָבן פּשוט'ע מענטשן אַפילו פאַרברענט דעם ספר. ווען ר' יעקב יוסף'ס תלמידים אין ארץ ישראל זיינען געוואָרן געוואויר דערפון, האָבן זיי געוואָלט פאַרהיטן אַז עס זאָל ניט אָנקומען צו זייער רבי'ן. האָבן זיי געשיקט ר' יעקב שמשון שעפּיטאָווקער, וועלכער איז געווען אַ גאון אין לערנען און אַן עקספּערט אין אַרגומענ-טירן, צום „נודע ביהודה".

ר' יעקב שמשון האָט אָנגעטון זיך אין אָרימע, צעריסענע מלבושים און איז געקומען צום „נודע ביהודה" וועלכער איז געווען רייך, און האָט געוואוינט רחבות'דיג. ער האָט ווי עס איז זיך דערשלאָגן צום „נודע ביהודה'ס" לערן-צימער. ער איז געשטאַנען אַ לענגערע צייט ביי דער טיר, אָבער דער „נודע ביהו-דה" האָט ניט באַמערקט אים, ווייל ער איז געווען פאַרטיפט אין אַ האַרבער „שאלה ותשובה".

ר' יעקב שמשון: פאַר וואָס קוקט איר זיך נישט אום אויף דעם וועלכער שטעהט דאָ?

„נודע ביהודה": ווער איז דער וועלכער שטעהט דאָ?

ר' יעקב שמשון: ווייסט איר דען ניט אַז עס שטעהט געשריבן „כי יעמוד לימין אב-יון", א) ער שטעהט ביי דער רעכטער האַנד פון דעם בעדאַרפטיגן?

---

א) תהלים קט, לא.

„נודע ביהודה״: איז וואָס זשע ווילט איר?

ר׳ יעקב שמשון: איך דאַרף אַ נדבה.

„נודע ביהודה״: געהט צו דער צווייטער טיר, דאָרט זיצט מיין רביצין און טיילט אויס צדקה.

ר׳ יעקב שמשון: טמא מענטשן שטיפּט מען אָפּ צו דער צווייטער טיר.

„נודע ביהודה״: איז וואָס זשע ווילט איר?

ר׳ יעקב שמשון: איך דאַרף אַן אָנגעזעהע־נע נדבה אויף פּדיון שבויים, צו אויסליזן געפאַנגענע אידן. און איך פערלאַנג נישט אַז איר זאָלט גיבן דאָס נויטיגע פון אייער קעשענע. נאָר איר זאָלט שיקן אָנגעזעהענע מענטשן זיי זאָלן צונויף נעמען אַ גרעסערע סומע.

„נודע ביהודה״: געהט אַריין אינעם צווייטן חדר. דאָרט זיצן מיינע דריי דיינים. זאָגט זיי אין מיין נאָמען, אַז זיי זאָלן צוזאַמען נעמען פאַר אייך אַן אָנגעזעהענע נדבה.

איז דער שליח געגאַנגען, און ער האָט אומגעקעהרט זיך אין אַ קורצער ווײלע אַרום.

„נודע ביהודה״: וואָס האָבן די דיינים געזאָגט אייך?

ר׳ יעקב שמשון: אייערע דיינים קליגלען איבער שלמה המלך עליו השלום.

„נודע ביהודה״: וואָס מיינט עס?

ר׳ יעקב שמשון: שלמה המלך זאָגט: „רודף צדקה וחסד, ימצא חיים, צדקה וכבוד״,ב) דער וועלכער יאָגט זיך נאָך צדקה און גע־נאָד, וועט געפינען לעבן, צדקה און גענאָד. איינער האָט געזאָגט אַז ער איז ניט בקו הבריאה, ער פילט ניט גוט. ער האָט מורא טאָמער וועט עס אים מאַכן ערגער. און שלמה המלך האָט געזאָגט „ימצא חיים״, ער וועט געפינען לעבן. דער צווייטער האָט געזאָגט אַז ער האָט מורא טאָמער וועט מען ניט גיבן אים גענוג, וועט ער ניט וועלן נעמען. און שלמה המלך האָט געזאָגט „ימצא חיים, צדקה״, ער וועט געפינען די צדקה וואָס ער דאַרף. דער דריטער האָט געזאָגט אַז עס איז ניט פאַר זיין כבוד, עס איז ניט פּאַסיג פאַר אים צו געהן נאָך נדבות. און שלמה המלך עליו השלום האָט געזאָגט „ימצא חיים, צדקה וכבוד״, אַז ער וועט געפינען לעבן, צדקה און כבוד.

„נודע ביהודה״: איך זעה אַז איר זענט אַ למדן. פאַר וואָס זשע טראָגט איר אַזעלכע צעריסענע מלבושים?

ר׳ יעקב שמשון: ווייל „וה׳ ענה בי, ושדי הרע לי״,ג) ווייל דער אויבערשטער האָט געזאָגט עדות אַז איך האָב געזינדיגט, און דער אַלמעכטיגער האָט געמאַכט מיר ביטער.

„נודע ביהודה״: איך זעה אַז איר זענט אַ חסיד. ערקלעהרט מיר וואָס אייגענטליך מיינט חסידים, און ווי הייסט אייער רבי?

ר׳ יעקב שמשון: איך בין קיין חסיד. אָבער איך בעט אייך איר זאָלט ערקלעהרן מיר וואָס עס מיינט חסיד.

„נודע ביהודה״: ... אויך איך בין קיין חסיד.

ר׳ יעקב שמשון: מיט וועלכן צדיק האָט איר פאָרט עפּעס אַ פאַרבינדונג?

„נודע ביהודה״: איך בין קיין חסיד. איך בין פאַרבינדען מיט קיין צדיק. איך בין אַ געגנער, אַ דיספּוטאַנט, אַן אַרגומענטירער.

ר׳ יעקב שמשון: אַזאַ באַציהונג פּאַסט דאָך, אָבער, ניט פאַר אַזאַ תלמיד חכם ווי איר זענט. אין גמרא ווערט עס דאָך דער־מאָנט לגנאי, צו שאַנד,ד).

„נודע ביהודה״: איך בין דער רב פון דער שטאָט, באַפעהל איך אייך צו זאָגן מיר אייער רבין׳ס נאָמען.

ר׳ יעקב שמשון: ווי קאָן איך אַרויס זאָגן מיין היילגן רבין׳ס נאָמען. איך האָב זיך דאָך ניט גע׳טובל׳ט היינט. אָבער אויפן רב׳ס באַפעהל האָט ער אים געענטפערט אַז דער „תולדות יעקב יוסף״ איז זיין רבי.

דערוויל האָט ר׳ יעקב שמשון באַמערקט ווי דער ספר „תולדות יעקב יוסף״ שטעהט

ב) משלי כא, כא.

ג) רות א, כא.

ד) זעט גיטין לא, ב.

איבער געקעהרט. ער האָט געמאַכט אויפמערקזאַם דעם „נודע ביהודה" דאַרויף, האָט ער אים געזאָגט אַז אויב ער וועט פאַרענטפערן די קושיות וועלכע ער האָט אויפן ספר, וועט ער מכבד זיין דעם ספר גלייך מיט אַלע אַנדערע ספרים. דער „נודע ביהודה" האָט געפרעגט די קושיות. ר' יעקב שמשון האָט אַלץ פאַרענטפערט. און דער „נודע ביהודה" איז געוועזן צופרידן.

„נודע ביהודה": האָט איר געזעהן עפּעס מופתים פון אייער רבין?

ר' יעקב שמשון: מיין רבין'ס מופתים זיינען אונצייליג. אָבער איך וועל דערציילן איין מופת וועלכען איך האָב געזעהן מיט מיינע אייגענע אויגן. איין מאָל ביי שלש סעודות איז דער טיש פלוצים איינגעבראָכן. אַלע כלים מיטן וויין זיינען געבליבן גאַנץ. בלויז איין כלי איז געוואָרן צעבראָכן. גלייך דאַרויף איז געקומען צולויפן דער קרעמער, און ער האָט געזאָגט אַז ער האָט געשיקט על פי טעות איין כלי מיט יין נסך, ניט אידישער וויין, און דאָס איז געוועזן די צעבראָכענע כלי.

דער „נודע ביהודה" האָט אים דאַן געבעטן ערקלעהרן אַ מדרש פליאה. און ער איז געוועזן אַזוי נתפעל פון ר' יעקב שמשון'ס אויסטייטשונג אַז ער האָט געטון אַ זאָג: „ניט אַנדערש, נאָר איר זענט עס דער שעפּיטאָווקער גאון". ר' יעקב שמשון האָט מודה געוועזן. דער „נודע ביהודה" האָט זעהר מכבד געוועזן אים. ער האָט צוגעזאָגט אים אַז מען וועט ניט פאַרברענען מעהר דעם ספר „תולדות יעקב יוסף", וואָרום ער איז אַ הייליג ספר.

זעט מעהר איינצעלהייטן אין „דברי נועם" און אין „דברי צדק".

(באַמערקונג: די אויסטייטשונג פון דעם מדרש פליאה ווערט געבראַכט אויך אינעם נאָמען פון דעם ווילנער גאון. זעט אדרא — אדרת אליהו, זייט נב).

## מאור — מאור עינים

פאַרזעצונג פון זייט סז

אגב'דיגס: ר' נחום'טשע וועלכער האָט געאַרבעט מיט מסירת נפש פאַר „פדיון שבויים", אויסלייזן געפאַנגענע אידן, איז אַמאָל אַליין געוואָרן איין געזעצט אין טערמע, ווען ער האָט זיך באַמיט אַרויס צו ראַטעווען אַן איינגעזעצטן אידן. ר' זאב פון זשיטאָמיר האָט באַקומען די ערלויבעניש צו באַדינען זיין רבי'ן אין זיין קעמערל.

איינמאָל האָט זיך אויסגעדאַכט אים אַז ער זעט אין קעמערל אַ פרוי אין אַ זיידן טיכעל. זי פרעגט דעם רבי'ן „זו תורה, וזו שכרה"? איז דאָס דער שכר פאַר לערנען תורה. און דער רבי ענטפערט „יאָ, דאָס איז דער שכר פאַר לערנען תורה".

נאָך דער פרויס פאַרשווינדען האָט ער געבעטן דעם רבי'ן ער זאָל אים באַשיידן, ערקלעהרן דעם מיסטעריעזן, נישט־פאַרשטענדליכן שמועס. האָט דער רבי אים דערצעהלט אַז די פרוי איז געוועזן אונזער מוטער רחל. זי האָט אים געפרעגט צי דאָס איז דער שכר, דער לוין פאַר אויסלייזן אונשולדיגע אידן פון טערמעס. און אַז ער האָט איר געענטפערט: „יאָ, פונעם הימל האָט מען אַריין געבראַכט מיך אַהער, כדי איך זאָל זעהן ווי גרויס עס איז דער צער, די ליידן, פון די איינגעזעצטע, און ווי גרויס עס איז די מצוה פון אויסלייזן זיי, כדי איך זאָל עוסק זיין זיך אין דער דאָזיגער מצוה נאָך שטאַרקער, מיט נאָך מעהר איבערגעגיבנקייט ווי ביז איצט.

אידער ר' נחום'טשע איז געוואָרן דעם בעל שם טוב'ס אַ חסיד, פלעגט ער זיך פייניגן... דערצעהלן חסידים אַז איין מאָל איז געקומען אַ מלאך פון הימל צו אים, און ער האָט געוואָלט ענטפּלעקן די סודות פון דער תורה צו אים. אָבער דער רבי האָט ניט געוואָלט. ער האָט געזאָגט: „דאָס וואָס איך וועל דערגרייכן, וויל איך דערגרייכן מיט מיין אייגענער מי".

# אורה — אור החיים

ר׳ חיים ב״ר משה ן׳ עטר איז געבאָרן געוואָרן אין דער שטאָט סאַלי, מאַראָקאָ, אין דעם יאָר 1696. ער האָט געשטאַמט פון אַ זעהר רייכער, לומד׳ישער און אָנגעזעהענער פאַמיליע. זיין זיידע איז געווען זעהר רייך, און פלעגט שטיצן תלמידי חכמים. ער איז געווען אַ גרויסער למדן, און ער פלעגט לערנען תורה מיט אידן אין דעם „בית הכנסת בן עטר״ אין דער שטאָט סאַלי. ער האָט געלעבט אַן ערך איבער הונדערט יאָר.

דאָס אייניקל האָט געפירט זיך ווי זיין זיידע. ער האָט געלערנט תורה מיט גרויס התמדה, פלייס. ער איז געווען באַשיידן, זעהר פרום, און האָט אַפילו געפראַוועט סיגופים, זיך געפייניגט. ער פלעגט אַמאָל פאַסטן אַ צוויי דריי טעג נאָכאַנאַנד. ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין קוזינע פּצויניא. זי איז געווען די טאָכטער פון זיין רייכן פעטער ר׳ משה בן עטר. זי פלעגט דאַוונען אין טלית און תפילין.

דער „אור החיים״ פלעגט זאָגן אַז דער „רוח הקודש בעוויזט זיך אין זייער בית המדרש״. אָבער ניט געקוקט אויף זיין גרויס לומדות און צדקות האָט ער געהאַט קיין גרויסן איינפלוס אויפן דאָרטיגן אידענטום. ווייל ער האָט געהאַט שטענדיג פּריוואַטע סכסוכים, געקריגערייען, מיט אָנגעזעהענע פּערזענליכקייטן פון דער שטאָט. די דאָזיגע געקריגערייען האָבן געפירט דערצו אַז מען האָט איינגעזעצט אים אין טערמע עטליכע מאָל, און מען האָט קאָנפיסקירט, אַוועק גענומען זיין פאַרמעגן. און ער האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

ער האָט געוואַגלט, געוואַנדערט געווילט אין פאַרשידענע שטעט. אין דער שטאָט ליוואָרני האָבן זיך געפונען גבירים וועלכע האָבן געהאָלפן אים דרוקן זיינע ספרים. זיי האָבן אַפילו געהאָלפן אים גרינדען אַ ישיבה אין ירושלים.

אין דעם יאָר 1742 האָט ער געגרינדעט די ישיבה אין ירושלים. דאָרט האָט ער מחבר געווען, פערפאַסט זיין ספר „ראשון לציון״, חידושים אויף די מסכתות: ברכות, סוכה, ביצה, תענית, מגילה, מועד קטן, חגיגה, אויף די לשונות פונעם רמב״ם, אויף די פינף מגילות, נביאים, תהלים, משלי, און אויף אַנדערע ענינים. אין ירושלים איז זיין נאָמען געוואָרן באַלד גרויס אין די לומד׳ישע און פרומע קרייזן, און אַפילו אין רוסלאַנד, פוילין איז זיין נאָמען געוואָרן באַרימט. ער האָט אָבער ניט מאריך ימים געווען. ער האָט ניט געלעבט לאַנג דאָרט. ער איז נפטר געוואָרן דאָרט פיפצן טעג אין תמוז, אין דעם יאָר תק״ג, 1743. ער איז באַערדיגט געוואָרן אויפן „הר הזיתים״, און אויך זיינע צוויי פרויען רוען דאָרט. ער האָט איבער געלאָזט קיינע קינדער, א). די אשכנז׳ישע קהילה האָט איבער גענומען זיין ישיבה. דער חיד״א, ר׳ חיים יוסף דוד אַזולאַי איז געווען איינער פון זיינע תלמידים. ער איז אויך דער מחבר פון „חפץ ה׳״ אויף די מסכתות ברכות, שבת, הוריות, און אויף אַנהויב מסכ־תא חולין; „פרי תואר״, חידושים אויפן שולחן ערוך יורה דעה. אָבער זיין באַרימט ווערק איז „אור החיים״ אַ פירוש אויף תורה וועלכער איז געדרוקט אין די חומשים, און אויך אין ספר־פאָרם.

א) די וועלט זאָגט אַז דער „אור החיים״ האָט געהאַט דריי טעכטער און קיין זין. פלעגט ער לערנען מיט זיינע טעכטער חומש מיט זיינעם אַן אייגענעם פירוש, און אַזוי זאָל האָבן געשאַפן גע־וואָרן דער פירוש „אור החיים״. וואָלטן היסטאָריקער בעדאַרפט דאָס קלאָר מאַכן.

זכר כולם לברכה

# אהרן ראָזמאַריןס תנ"כ-ענציקלאָפּעדיע
## פּערזענלעכקייטן
### לויט תלמוד, מדרש, זוהר, ראשונים און אחרונים

קוצותיו תלתלים (שיר השירים ה, יא)...מלמד שיש לדרוש על כל קוץ וקוץ תילי תילים של הלכות. (עירובין כא, ב)

אל יהי המשל הזה קל בעיניך שעל ידי המשל הזה אדם יכול לעמוד בדברי תורה.
(שיר השירים רבה, פרשה א)

# דרוש וקבל שכר (סנהדרין עא, א)

לשעבר כשהיתה הפרוטה מצויה, היתה נפש האדם מתאוה לשמוע דבר הלכה, ועכשיו שאין הפרוטה מצויה, נפש האדם מתאוה לשמוע דבר אגדה. (סופרים פרק טז)

רצונך שתכיר מי שאמר והיה העולם, למוד הגדה שמתוך כך אתה מכיר את הקדוש ברוך הוא ומדבק בדרכיו.
(ספרי עקב, פיסקא מט)

# אהרן ראַזמאַרין׳ס תנ״כ-ענציקלאָפּעדיע

## פּערזענלעכקייטן

### אבגיל

**ווער איז געווען אבגיל?**
זעט אביגיל.

### אבגתא

**ווער איז געווען אבגתא?**
איינער פון אחשורוש׳ס זיבן באַדי־נער וועלכע ער האָט געשיקט ברענגען זיין קעניגין ושתי צו דער סעודה וואָס ער האָט געמאַכט פאַר זיינע האַרן, א).

### אבי

**ווער איז געווען אבי?**
זי איז געווען זכריהו׳ס טאָכטער, דעם קעניג אחז׳ס ווייב און דעם קעניג יחז־קיהו׳ס מוטער. זי ווערט אויך אָנגע־רופן אביה, ב).

### אבי עלבון

**ווער איז געווען אבי עלבון?**
איינער פון דוד המלך׳ס העלדן, ג).

### אביאל

**וואָס ווייסט מען וועגן אביאל׳ן?**
עס זיינען געווען צוויי. איינער איז געווען צרור׳ס זון, קיש׳ס פאָטער און שאול המלך׳ס זיידע, ד).

דער צווייטער איז געווען איינער פון דוד המלך׳ס העלדן, ה).

### אביאסף

**ווער איז געווען אביאסף?**
ער איז געווען דער זון פון קרח וועלכער האָט געמאַכט דעם אויפשטאַנד, די רעוואָלוציע קעגן משה רבינו, ו).

### אביגיל

**וואָס מיינט אביגיל?**
אבי גיל, דער פאָטער פון פרייד.

**וואָס ווייסט מען וועגן אביגיל׳ן?**
עס זיינען געווען צוויי:

דוד המלך׳ס אַ שוועסטער. איר פאָ־טער האָט געהייסן ישי, וועלכער ווערט אויך אָנגערופן נחש. איר מאַן איז גע־ווען יתרא הישראלי, וועלכער ווערט אויך אָנגערופן יתר הישמעאלי, ווייל ער האָט געוואוינט אינעם לאַנד ישמע־אל. איר זון עמשא איז געווען אב־שלום׳ס מיליטער-הויפּט, ז).

די צווייטע אביגיל איז געווען איינע פון דוד המלך׳ס ווייבער. ער האָט חתו־נה געהאַט מיט איר נאָך איר מאַן נבל׳ס טויט, ח).

**איז אביגיל, דוד המלך׳ס ווייב, גע־ווען אַ פרומע?**
זי ווערט אָנגערופן צדיקת, ט).

**איז אביגיל געווען אַ נביאה?**
יאָ. זי איז געווען איינע פון די זיבן נביאות וועלכע זיינען געווען ביי אידן.

---

א) מגילת אסתר א, י.
ב) מלכים ב׳, יח, ב; דברי הימים ב׳, כט, א. זעט אביה זייט 3, ו.
ג) שמואל ב׳, כג, לא.
ד) שמואל א׳, ט, א און יד, נא.
ה) דברי הימים א׳, יא, לב.
ו) שמות ו, כד. אין דברי הימים א׳, ו, כב, און אין ט, יט שטייט אביסף.
ז) דברי הימים א׳, ב, טז. פאַרגלייכט מיט שמואל ב׳, יז, כה, און די מפרשים אויף ביידע ערטער. זעט: אבשלום.
ח) זעט שמואל א׳, קאַפּיטל כה.
ט) זעט תוספות מגילה יד, ב אונטערן וואָרט שגלתה.

די אַנדערע זעקס זיינען: שרה, מרים, דבורה, חנה, חולדה, אסתר, י).

**האָט אביגיל אַמאָל נביאות געזאָגט?**

יאָ. זי האָט נביאות געזאָגט אַז איר מאַן נבל וועט שטאַרבן, און זי האָט גלייכצייטיק אָנגעדייטעט דוד המלך'ן ער זאָל געדענקען איר שענקייט, כ).

**האָט אביגיל געזען ברוח הקודש?**

יאָ, ל).

**איז אביגיל געווען אַ שיינע?**

יאָ. זי איז געווען איינע פון די פיר שענסטע פרויען אין דער וועלט, מ).

זי איז געווען אַזוי שעהן אַז ווען דוד המלך האָט זי באַגעגנט ביינאַכט רייטנדיק אויף אַן אייזל און זי האָט אויפגעדעקט איר ענקל, האָט ער אַזוי געלויכטן אַז דוד איז געגאַנגען דריי מייל אין דעם שיין פון דער ליכטיקייט, נ).

**ווען דוד האָט פאַרגעשלאָגן אביגיל'ן זי זאָל ווערן זיין ווייב, וואָס האָט זי אים געענטפערט?**

„הנה אמתך לשפחה, לרחוץ רגלי עבדי אדוני", אָט איז דיין דינסט פאַר אַ דינערין צו וואַשן מיין האַרס קנעכטס פיס, און זי איז געוואָרן זיין ווייב, ס).

**האָט אביגיל געבוירן דוד'ן קינדער?**

יאָ, אַ זון מיטן נאָמען כלאב. ער איז אויך באַקאַנט אַלס דניאל, ע).

**פאַרוואָס האָט אביגיל'ס זון געהייסן כלאב?**

ווען דוד המלך האָט גענומען נבל'ס אַלמנה פאַר אַ ווייב, האָט ער זיך אָפּגעשיידט פון איר דריי חדשים, און ערשט דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן לעבן מיט איר. ווען זי האָט אָנגעהויבן טראָגן, האָבן לצים געמורמלט אַז זי שוואַנגערט פון נבל'ן. וואָס זשע האָט געטאָן דער אַלמעכטיקער, ער האָט באַשאַפן דעם קינד'ס פּנים ענלעך צו דוד'ס. דערפאַר האָט מען אים גערופן כלאב — כל אב, ער זעט אויס אינגאַנצן ווי זיין פאָטער, פ).

**וואָס פאַר אַן אָרט האָט אביגיל פאַרנומען אין דוד המלך'ס לעבן?**

זי איז געווען פאַר אים בעסער פון אַלע קרבנות אין דער וועלט, צ).

## אבידן

**ווער איז געווען אבידן?**

גדעוני'ס אַ זון, שבט בנימין'ס נשיא, ק).

---

י) מגילה יד, א און זעט רש"י דאָרט יד, ב אונטערן וואָרט לפוקה; מדרש הגדול, בראשית יא, כט; מדרש הגדול, שמות 9; בחיי בשלח כה, ב. זעט זייט 103, צ; 151, ז.

כ) רש"י בבא קמא צב, ב אונטער די ווערטער כאשר ייטב (עס וואָלט באַדאַרפט שטעהן והטיב, ווי אין פסוק שטייט „והטיב ה'", זעט שמואל א', כה, לא).

אגב, זעט: בבא מציעא קטו, א; סנהדרין כא, א; תוספתא סנהדרין פרק ד, 5; ספרי שופטים, פיסקא קנט וועגן „לא ירבה לו נשים", אפילו כאביגיל.

אין תרגום יונתן און אין רש"י דברים יז, יז שטייט אַז אַ מלך טאָר ניט האָבן מער פון אַכצן ווייבער, די צאָל ווייבער וויפל דוד המלך האָט געהאַט.

ל) ספרי פינחס פיסקא ז. עס זיינען פאַראַן נאָך מקורות.

מ) מגילה טו, א. די אַנדערע דריי זיינען געווען שרה, רחב, אסתר המלכה (לויט אַן אַנדער מיינונג דאָרט — ושתי אויפן אָרט פון אסתר). זעט זייטן 80, ל; 141, ע.

נ) זעט מגילה יד, ב און רש"י, תוספות אונטערן וואָרט שגלתה; י"ש שמואל א' קלד; שלשה ב, מט־ן.

ס) שמואל א', כה, פסוקים מא און מב.

ע) שמואל ב' ג, ג; דברי הימים א', ג, א.

פ) תנחומא תולדות ו; רבינו בחיי אָנהויב פרשה תולדות.

צ) זעט אין י"ש שמואל א' קלה וואָס דאָס מיינט.

ק) במדבר א, יא און ב, כב.

## אבידע

**פון וועמען האָט אָפּגעשטאַמט אבי־דע?**

קטורה האָט געבוירן אברהמ׳ן זעקס זין. איינער פון זיי איז געווען מדין. אבידע איז געווען מדינ׳ס אַ זון. איז ער אַלזאָ געווען אברהם אבינו׳ס אַן אייניקל פון זיין ווייב קטורה, ר).

## אביה

**ווער איז געווען אביה?**

עס ווענדט זיך וועלכער. עס זיינען געווען אַכט, זעקס מענער און צוויי פרויען:

בנימינ׳ס זון בכר האָט געהאַט אַ זון אביה, ש).

שמואל הנביא׳ס צווייטער זון האָט געהייסן אביה, ת).

אין דוד המלכ׳ס צייטן איז געווען אַ כהן מיטן נאָמען אביה, א).

שלמה המלכ׳ס זון רחבעם האָט גע־האַט אַ זון אביה, ב).

ירבעם, דער קעניג פון ישראל, האָט געהאַט אַ זון אביה, ג).

אין נחמיה׳ס צייטן איז געווען אַ כהן מיט דעם דאָזיקן נאָמען, ד).

חצרונ׳ס (יהודה׳ס אייניקל) ווייב האָט געהייסן אביה, ה).

זכריה׳ס טאָכטער, וועלכע איז געווען דעם קעניג אחז׳ס ווייב און דעם קעניג חזקיהו׳ס מוטער האָט געהייסן אביה, ו).

## אביה, קעניג

**האָט דער קעניג אביה געהאַט נאָך נעמען?**

יאָ. ער ווערט אויך אָנגערופן אביהו און אבים, ז).

**ווי האָט געהייסן דעם קעניג אביה׳ס פאָטער?**

רחבעם, שלמה המלכ׳ס זון, ח).

**ווי האָט געהייסן אביה׳ס מוטער?**

מעכה, ט). זי איז געווען אבשלומ׳ס, י) טאָכטער, און דוד המלכ׳ס אייניקל.

**וויפל ווייבער האָט אביה געהאַט?**

פערצן, כ).

**וויפל קינדער האָט אביה געהאַט?**

צוויי און צוואַנציק זין און זעכצן טעכטער, ל).

**איבער וועמען האָט אביה געקיניגט?**

ער איז געווען דער צווייטער קעניג פון יהודה, מ).

**ווי לאַנג און וואו האָט אביה געקי־ניגט?**

דריי יאָר, אין ירושלים, נ).

**האָט דער קעניג אביה געפירט מלח־מות?**

---

ר) בראשית כה, א־ה; דברי הימים א׳, א, לג.

ש) דברי הימים א׳, ז, ח.

ת) שמואל א׳, ח, ב.

א) דברי הימים א׳, כד, י.

ב) דברי הימים ב׳, יב, טז.

ג) מלכים א׳, יד, א.

ד) נחמיה י, ח.

ה) דברי הימים א׳, ב, כד.

ו) דברי הימים ב׳, כט, א.

ז) דברי הימים ב׳, יב, טז און יג, כ; מלכים א׳, יד, לא.

ח) מלכים א׳, יד, לא; דברי הימים ב׳, יא, כ.

ט) דברי הימים ב׳, יא, כ. אין קאַפּיטל יג, ב שטייט אַז זי האָט געהייסן מיכיהו בת אוריאל. זי האָט געהאַט צוויי נעמען. זעט רש״י און רד״ק אין קאַפּיטל יג, פסוק ב.

י) אין מלכים א׳, טו, ב שטייט אבישלום.

כ) דברי הימים ב׳, יג, כא.

ל) דברי הימים ב׳, יג, כא.

מ) מלכים א׳ טו, א; דברי הימים ב׳, יג, א.

נ) מלכים א׳, טו, ב; דברי הימים ב׳,

יאָ, קעניג ירבעם'ן דער מלך פון ישראל. איינמאָל האָט ער גענומען אַן אַרמיי פון פיר הונדערט טויזנט אויסגעקליבענע העלדישע סאָלדאַטן, זיך אַוועקגעשטעלט אויפן בארג צמרים, אין הר אפרים, און האָט געהאַלטן אַ פלאַם פייערדיקע רעדע קעגן ירבעם'ען. ער האָט אָנגעוויזן אַז ירבעם איז געווען שלמה המלך'ס אַ קנעכט, און ער האָט באַטריגן זיין האַר, און ער שטאַמט ניט פון מלכים. ער חבר'ט זיך מיט אויסוואורפן און שאַלגאַוואטיקע מענטשן. ווייל זיין פאָטער רחבעם איז דאַן נאָך געווען אַ יונג קינד, האָט ער ניט געקאָנט זיך שטעלן קעגן אים. אַז זיין דינאַסטיע וועט ניט גליקן, ווייל זיי דינען פרעמדע אָפּגעטער, און זייערע גאָלדענע קעלבער וועלן זיי גאָרניט העלפן.

זיין פייערדיקע רעדע האָט דערמוטיקט און געשטאַרקט זיין אַרמיי, און אַנטמוטיקט ירבעם'ס אַרמיי. אביה האָט פאַרניכטעט ירבעם'ס אַרמיי, און ער האָט איינגענומען אַלע זיינע שטעט און שטעטלעך און פאַראומעכטיקט ירבעם'ן, ם).

**איז אביה, דעם קעניג רחבעם'ס זון און שלמה המלך'ס אייניקל, געגאַנגען אינעם אויבערשטנס וועגן?**

ניין. ער איז באַגאַנגען די זעלבע זינד וועלכע זיין פאָטער, קעניג רחבעם, איז באַגאַנגען, ע).

**ווען איז אביה געשטאָרבן?**

אַרום דעם יאָר 956 פאַר דער איצטיקער צייט־רעכענונג, פ).

**וואו איז אביה באַערדיקט געוואָרן?**

אין עיר דוד, צ).

**ווער איז געווען אביה'ס נאָכפאָלגער?**

זיין זון אסא, ק).

## אביהוא און נדב

**ווער זיינען געווען אביהוא און נדב?**

אהרן הכהן'ס זין, ר).

**ווי האָט געהייסן אביהוא'ס און נדב'ס מוטער?**

אלישבע, ש).

**האָבן אביהוא און נדב געהאַט נאָך ברידער?**

יאָ, נאָך צוויי, אלעזר און איתמר, ת).

**ווער איז געווען עלטער אביהוא צי נדב?**

נדב איז געווען דער בכור, דער עלצטער פון אהרן הכהן'ס פיר זין, א).

**זיינען אביהוא און נדב געשטאָרבן אַ נאַטירלעכן טויט?**

ניין. זיי האָבן גענומען זייערע פייערפאַנען, אַריינגעלייגט פייער אין זיי און אַרויפגעטאָן ווייררויך, און זיי האָבן געבראַכט פאַרן אויבערשטן פרעמד פייער, וואָס ער האָט זיי ניט געבאָטן. איז אַרויס אַ פייער פון פאַרן אויבערשטן און עס האָט זיי פאַרצערט, און זיי זיינען געשטאָרבן, ב).

**פאַרוואָס זיינען אביהוא און נדב פאַרברענט געוואָרן?**

פאַר מערערע אורזאַכן:

---

ם) דברי הימים ב׳, יג, פסוקים ג־כא. זעט מלכים א׳, טו, ו.

ע) מלכים א׳, טו, ג.

פ) זעט ס"ה נה, ב.

צ) מלכים א׳ טו, ח; דברי הימים ב׳, יג, כג.

ק) מלכים א׳, טו, ח; דברי הימים ב׳, יג, כג.

ר) שמות ו, כג.

ש) שמות ו, כג.

ת) שמות ו, כג.

א) שמות ו, כג.

ב) ויקרא י, א־ג.

ווייל זיי האָבן באַנוצט פרעמד פייער ביים מקריב זיין די קרבנות, ג).

ווייל זיי האָבן גע'פסק'נט אַ הלכה ניט פרעגנדיק פריער זייער רבי'ן משה, ד). וואָרום דער וועלכער פסק'נט אַ הלכה אין געגנוואַרט פון זיין רבי'ן קומט אים טויט-שטראָף, ה).

ווייל זיי האָבן זיך ניט באַראַטן איינער מיט דעם צווייטן, ו).

ווייל זיי האָבן געטרונקען וויין פאַר זייער אריינגיין אין אהל מועד, ז).

ווייל זיי זיינען אריינגעגאַנגען אין קדש קדשים אָהן וואַשן פריער די הענט און די פיס, ח).

ווייל זיי זיינען אריינגעגאַנגען אין קדשי קדשים אָנגעטאָן ניט אין די בגדי כהונה, ט).

ווייל זיי האָבן זיך געגרויסט. פילע פרויען זיינען געזעסן און האָבן געוואַרט אויף זיי. אָבער זיי האָבן געזאָגט: אונזער פאָטערס ברודער (משה רבינו) איז אַ מלך. אונזער מוטערס ברודער (נחשון בן עמינדב) איז אַ נשיא. אונזער פאָטער איז אַ כהן גדול. מיר ביידע זיינען געהילפס-כהנים. וועלכע זשע פרוי איז פּאַסיק פאַר אונז?! י).

ווייל זיי האָבן ניט חתונה געהאַט, כ).

ווייל זיי האָבן ניט געהאַט קינדער, ל).

ווייל ווען משה און אהרן זיינען געגאַנגען אין וועג, נדב און אביהוא נאָך זיי, און אַלע אידן נאָך זיי, האָט נדב געזאָגט צו אביהוא'ן: ווען וועלן שוין די צוויי אַלטע לייט שטאַרבן און איך און דו וועלן פירן דעם דור. האָט כביכול געזאָגט צו זיי: נו, מיר וועלן זען ווער עס וועט באַגראָבן וועמען, מ).

---

ג) ויקרא י, א־ג.

ד) עירובין סג, א; מ"א שמיני י, ב; תנח"ב אחרי ו; פר"כ קעב, א, הוצאת אום; ספרא שמיני סימן לב, הוצאת אום; ויק"ר כ, ו; תנחומא אחרי ו; לקח טוב, שמיני כז, א; זעט יומא נג, א.

ה) זעט: פר"כ פיסקא אחרי קעב, א; ירושלמי שביעית פרק ו, הלכה א; ירושלמי גיטין פרק א, הלכה ב; יומא נח, א; י"ש ויקרא תקכד; רש"י ויקרא י, ב.

אַז מען טאָר ניט פסק'נען אַ הלכה סיידן דער רבי געפינט זיך צוועלף מייל ווייט זעט: ירוש. שביעית פרק ו, הלכה א; ירוש. גיטין פרק א, ענדע הלכה ב; תנח. אחרי ו; תנח"ב אחרי ו; פר"כ קעב, א; ויק"ר כ, ז.

אַז זיי האָבן ניט אָפּגעגעבן אהרן'ען כבוד, זעט: מ"א שמיני אָנהויב י; ל"ט שמיני כז, א.

ו) ויק"ר כ, ח; תנח. אחרי ו; י"ש שמיני תקכד. אין ל"ט שמיני כז, א שטייט אַז זיי האָבן זיך ניט באַראַטן מיט משה'ן. זעט פר"כ קעב, ב, הוצאת אום.

ז) ויק"ר פרשה יב, ענדע א און ענדע ה, און פרשה כ, ט, און זעט דאָרט ווער עס זאָגט עס; תנח"ב אחרי ז; פר"כ קעב, ב; תנח. שמיני יא; י"ש ויקרא תקכד; רש"י ויקרא י, ב. זעט תוספות יומא נג, א אונטערן וואָרט שהורו.

ח) פר"כ קעב, ב; תנח. אחרי ו; תנח"ב אחרי ז; ויק"ר כ, ט; י"ש ויקרא תקכד.

ט) פר"כ קעב, ב; תנח. אחרי ו; תנח"ב אחרי ז; ויק"ר כ, ט; י"ש ויקרא תקכד.

י) ויק"ר כ, י; תנח. אחרי ו; י"ש ויקרא תקכד.

כ) פר"כ קעב, ב; תנח. אחרי ו; תנח"ב אחרי ז; ויק"ר כ, ט; י"ש ויקרא תקכד.

ל) פר"כ קעב, ב; תנח. אחרי ו; תנח"ב אחרי ז; ויק"ר כ, ט; מ"א אחרי טז, א; י"ש ויקרא תקכד.

מ) סנהדרין נב, א, אונטן; ספרא אָנהויב שמיני סימן כא; תנח. אחרי ו; ויק"ר כ, י; י"ש שמות שסא, און ויקרא תקכד; מ"א שמיני י, ב; ל"ט שמיני כז, ב. זעט במדבר רבה ב, כג, און זעט איבערבאַל ווער עס זאָגט וואָס.

ווייל זיי האָבן אָפּגעקערט זייערע אויגן פון דער שכינה, מ*).

**זיינען אביהוא'ס און נדב'ס קערפּערס פאַרברענט געוואָרן אינגאַנצן?**

יאָ. צוויי פייערדיקע פעדים זיינען אַרויס פון קודש הקדשים און זיינען צעטיילט געוואָרן אויף פיר. צוויי זיינען אַריין אין אביהוא'ס און צוויי אין נדב'ס נאָז לעכער און האָבן זיי פאַרצערט, אָבער ניט זייערע קליידער, נ).

עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז בלויז זייערע נשמות זיינען פאַרברענט געוואָרן, ס).

לויט אַן אַנדער מיינונג האָט אַ מלאך זיי געטויט, ע).

**אין וועלכן חודש זיינען אביהוא און נדב פאַרברענט געוואָרן?**

דעם ערשטן טאָג אין ניסן, פּ).

**זיינען אביהוא און נדב געווען צדיקים?**

יאָ, צ).

**זיינען אביהוא און נדב געווען גרויסע פּערזענלעכקייטן?**

יאָ. משה רבינו האָט געזאָגט צו אהרן הכהן אַז אביהוא און נדב זיינען גרעסער פון זיי, ק).

**אביהוא און נדב זיינען דאָך געווען צדיקים און גרעסער נאָך פון משה'ן און אהרן'ען, ווי זשע קומט עס מאַקע זיי זאָלן באַנוצן פרעמד פייער ביים מקריב זיין די קרבנות?**

זיי האָבן געזען אַ ניי פייער וואָס האָט אַראָפּגענידערט פונעם הימל און געלעקט דעם מזבח, זיינען זיי געפאַלן אויף זייערע פּנים'ער און געזאָגט שירה, און זיי האָבן באַנוצט דאָס פייער אָהן דערלויבעניש, ר).

**פאַרוואָס דערמאָנט מען אביהוא'ן און נדב'ן יום הכפור?**

דאָס איז צו לערנען אונז אַז פונקט ווי יום הכפור איז מכפר אויף די זינד, אַזוי איז אויך די פטירה פון צדיקים מכפר אויף זינד, ש).

## אביהוד

**ווער איז געווען אביהוד?**

בלע'ס זון, בנימין'ס אייניקל און יעקב אבינו'ס אור־אייניקל, ת).

## אביהיל

**איז אביהיל אַ מאַנ'ס אָדער אַ פרוי'ס נאָמען?**

אַ פרוי'ס. זי איז געווען אליאב'ס

---

מ*) תנח"ב אחרי ו און יג; פר"כ קעב, ב, הוצאת אום.

נ) סנהדרין נב, א; ספרא שמיני סימן כג; י"ש ויקרא תקכד און דניאל ענדע תתרסא; ל"ט שמיני כז, ב און כח, א; רש"י ויקרא י, ה. פאַרגלייכט: מ"א שמיני י, ב; ל"ט שמיני כז, ב.

מערקט: אין חומש (ויקרא י, ה) שטייט „וישאום בכתנותם", אַז מען האָט זיי אַרויסגעטראָגן אין זייערע העמדער.

ס) שבת קיג, ב אונטן; סנהדרין נב, א; מ"א שמיני י, ב; ל"ט שמיני כז, ב; און זעט רש"י ויקרא י, ה.

ע) מ"א שמיני י, ב, און זעט ל"ט שמיני כז, ב.

פּ) מגילת תענית יט, ב; ויק"ר סוף פרשה כ; י"ש ויקרא תקכה און שמואל ב', קנה. זעט: ירוש. יומא פרק א' הלכה א; פר"כ קעד, ב; תנח"ב אחרי י.

צ) ספרא שמיני סימן כ, הוצאת אום; י"ש ויקרא תקכה; ל"ט שמיני כז, ב.

ק) ספרא שמיני סימן כג; י"ש שמיני תקכה; ל"ט שמיני כז, ב.

ר) מ"א שמיני י, ב; ספרא שמיני סימן כ; ל"ט שמיני כז, א; י"ש שמיני תקכה.

ש) מו"ק כח, א; פר"כ קעד, ב; תנח. אחרי י; ויק"ר ענדע פרשה כ; מ"א אחרי טז ענדע א; ל"ט אחרי מז, א; י"ש ויקרא תקכה און שמואל ב', קנה. זעט תוספתא ענדע יומא.

ת) דברי הימים א', ח, ג.

מאַכטער, ישי׳ס אייניקל, און איינע פו־נעם קעניג רחבעם׳ס ווייבער, א).

## אביחיל

**ווער איז געווען אביחיל?**

מען ווייסט פון פיר, דריי מענער און א פרוי, מיטן דאָזיקן נאָמען:

צוריאל׳ס פאָטער האָט געהייסן אבי־חיל. צוריאל איז געווען דער נשיא פון דער משפחה מררי אין משה רבינו׳ס צייטן, ב).

אין שבט גד איז געווען אַן אביחיל, ג).

אסתר המלכה׳ס פאָטער האָט געהייסן אביחיל, ד).

אבישור׳ס ווייב האָט געהייסן אבי־חיל. זי האָט אים געבוירן צוויי זין אחבן און מוליד, ה).

## אביטוב

**פון וועמען האָט אָפּגעשטאַמט אבי־טוב?**

פון דעם שבט בנימין, ו).

## אביטל

**ווער איז געווען אביטל?**

איינע פון דוד המלך׳ס ווייבער. זי איז געווען שפטיה׳ס מוטער, ז).

## אבים

**וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש איז גע־ווען אבים?**

זעט אביה, זייט 21, נאָטע ז.

## אבימאל

**פון וועמען האָט אָפּגעשטאַמט אבי־מאל?**

פון נח׳ס זון שם, ח). אבימאל בן יקטן, בן עבר, בן ארפכשד, בן שם.

## אבימלך

**ווען האָט געלעבט דער קעניג אבי־מלך?**

אבימלך, פונקט ווי פרעה, אגג, און נאָך, איז ניט אַ נאָמען פון אַ מאַן, נאָר עס איז אַ טיטול.

אַלע מלכים פון מצרים ווערן אָנגע־רופן פרעה. אַלע מלכים פון די פלשתים ווערן אָנגערופן אבימלך. די מלכים פון ירושלים ווערן אָנגערופן מלכי צדק; אין יהושע׳ס צייטן — אדני צדק מלך שלם. די מלכים פון עמלק ווערן אָנגע־רופן אגג. פונקט ווי די קיסרים פון רוס־לאַנד ווערן אָנגערופן צאַר. דער הויפּט־פירער פון אַמעריקע ווערט אָנגערופן פּרעזידענט. ס׳ווענדעט זיך וועלכן אבי־מלך מען מיינט, ט).

**וויפל אבימלך׳ס זיינען געווען?**

פיר.

אבימלך, דער קעניג פון גרר אינעם לאַנד פלשתים, אין אברהם אָבינו׳ס צייטן.

אבימלך, דער קעניג פון פלשתים, אין גרר, אין יצחק אבינו׳ס צייטן.

אבימלך, גדעון׳ס זון.

אבימלך, אין דוד המלך׳ס צייטן, י).

## אבימלך א

(זעט אברהם און אלימלך זייטן 141...).

**וואָס ווייסט מען וועגן אבימלך׳ן וועל־**

---

א) דברי הימים ב׳, יא, יח, און זעט דאָרט רד״ק.
ב) במדבר ג, לה.
ג) זעט דברי הימים א׳, ה, יד, און יד, יז.
ד) מגילת אסתר ב, טו.
ה) דברי הימים א׳, ב, כט. זעט אבישור, זייט 36.
ו) דברי הימים א׳, ח, יא.
ז) שמואל ב׳, ג, ד; דברי הימים א׳, ג, ג.
ח) זעט: בראשית י, כב־כט; דברי הי־מים א׳, א, כב.
ט) זעט: רש״י תהלים לד, א; רשב״ם בראשית מא, פסוקים י, און מג; רמב״ן בראשית כו, א; ספר הישר, ויחי, 66.
י) בראשית כ, ב און כו, א; שופטים ח, לא; תהלים לד, א.

**כער האָט געלעבט אין אברהם אבינו'ס צייטן?**

ווען אברהם איז געקומען קיין גרר, האָט אבימלך אַוועקגענומען שרה'ן וועלכע איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך שיינע, ווייל ער האָט געמיינט אַז זי איז אברהם'ס שוועסטער, אָבער ער האָט ניט פאַרקערט מיט איר. אַ הימלישע שטימע האָט אים געוואָרנט אין אַ חלום אַז זי איז פאַרהייראַט, און ער זאָל זי באַפרייען. אבימלך האָט זי באַפרייט. ער האָט געגעבן אברהם'ן שאָף, רינדער, קנעכט, דינסטן און טויזנט זילבער־שטיק. ער האָט פאָרגעשלאָגן אברהם'ן זיך צו באַזעצן אין זיין לאַנד, וואו נאָר ער וויל.

אַזוי ווי אבימלך, זיין ווייב, זיין דינערשאַפט און זיינע בהמות זיינען געשלאָגן געוואָרן מיט פאַרשטאָפּונג פון אַלע קאַנאַלן אינעם קערפּער, מאָגן פאַרשטאָפּונג, געבורט פאַרשטאָפּונג, נאָז פאַרשטאָפּונג און אַזוי ווייטער, און אפילו זיינע הינער האָבן ניט געקאָנט לייגן די אייער, פאַר זיין אַוועקנעמען שרה'ן פון אברהם'ן, האָט אברהם תפילה געטאָן צום רופא חולים פאַר זיי, און זיי זיינען געהאָלפן געוואָרן, כ).

אגב, ביז אברהם'ן ווערט ניט דערמאָנט אין דער תורה דאָס לשון תפילה, כ*).

**איז אבימלך טאַקע באַשטראָפט געוואָרן מיט פאַרשטאָפּונג?**

אַזוי שטייט אין פסוק. און אויך די חכמים ז"ל האַלטן אַזוי. אָבער רבינו סעדיה גאון ז"ל האַלט אַז ער האָט בלויז בעדאַרפט באַשטראָפט ווערן. וואָלט ער באַשטראָפט געוואָרן, וואָלט ער דאָך געווען באַרויבט געוואָרן פון גערעכטיקייט. ער האָט דאָך שרה'ן ניט אָנגערירט; און קיין פאַרברעכן, קיין שטראָף. אַז דער פסוק זאָגט דאָך דאָרט „וירפא", דער אויבערשטער האָט אויסגעהיילט אבימלך'ן? — מיינט עס ניט אַז אבימלך איז קראַנק געוואָרן, און ער איז אויסגעהיילט געוואָרן. נאָר ער איז פאַרהיט געוואָרן ניט באַשטראָפט צו ווערן מיט דער קראַנקייט. פאַרהיטן אַ קראַנקייט הייסט אויך רפואה, ל).

**האָט אבימלך אַוועק גענומען שרה'ן מיט געוואַלד, צי איז זי געגאַנגען צו אים פרייוויליק?**

---

כ) בראשית קאַפּיטל כ; ספר הישר וירא; ב"ר מא, ב און נב, יג; בבא קמא צב, א; פ"ר פיסקא מב; י"ש וירא צא; רש"י בראשית כ, ט; בחיי בראשית כ, יח.

זעט: פר"א פרק כו; תנח"ב וירא לו.

לויט ספר הישר וירא 54 איז ער געשלאָגן געוואָרן מיט מכות נמרצות.

אַז שרה איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך שיינע, אַז זי איז געווען איינע פון די פיר שענסטע פרויען וואָס די וועלט האָט געזען, און אַז אַלע מענטשן קעגן איר זיינען געווען ווי אַ מאַלפּע (אַפּע) קעגן אַ מענטש, זעט: מגילה יד, א און טו, א; בבא בתרא נח, א; תנחומא לך לך ה; מ"א בראשית יא, כט; ל"ט נח יא, כט; י"ש בראשית טו; י"ר בראשית כ, א; רש"י בראשית יא, כט.

די אַנדערע דריי שיינע פרויען זיינען געווען אַביגיל (דוד המלך'ס אַ ווייב), רחב און אסתר המלכה. לויט אַן אַנדער מיינונג — ושתי אויפן אָרט פון אסתר, מגילה טו, א. זעט אביגיל, זייט 20, נאָטע מ.

לויט ספר הישר 53 האָט אבימלך געחלום'ט אַז אַ מלאך, מיט אַ בלויזער שווערד אין האַנט, שטייט פאַר אים און וואָרנט אים אַז אויב ער שיקט ניט שרה'ן צו איר מאַן אברהם, וועט ער טויטן אים און אַלע זייניקע. זעט מער איינצלהייטן דאָרט.

כ*) ב"ר נב, יג און זעט דאָרט רד"ל סימן יז.

ל) בראשית כ, יח און פסוק יז. בחיי, בראשית, יב, יז.

ער האט זי אוועקגענומען מיט געוואלד, מ).

**ווען אבימלך האט אוועקגענומען שרה'ן פון אברהם'ן ווען זיי זיינען געקומען קיין גרר, האט ער פארקערט מיט איר?**

ניין, ער האט געוואלט, אבער דער מלאך האט אים ניט געלאזט. זי איז ארויס ריין פון אים, נ).

**האט אבימלך געוואלט פארקערן מיט שרה'ן פשוט אויס קערפערלעכער לוסט?**

ניין. אלע פרויען אין זיין הויז זיינען געווען עקרות, קינדערלאז, האט ער געוואלט האבן קינדער פון שרה'ן, ס).

**האט אבימלך אנגערירט שרה'ן?**

ניין, ע).

**וואס אייגנטלעך איז גערעדט געווארן צווישן דער הימלישער שטימע און אבימלך'ן אין זיין חלום?**

די שטימע האט אים געזאגט: שוטה אין דער וועלט וואס דו ביזט, עס גייט דיר אזוי גוט, ווילסטו שטארבן צוליב דער דאזיקער פרוי. האט אבימלך געענטפערט: אברהם האט מיר געזאגט אז זי איז זיין שוועסטער. האב איך עס ניט געגלויבט ביז איך האב זי געפרעגט. האט אויך זי מיר געזאגט דאס זעלבע. האב איך אויך איר ניט געגלויבט און האב געפרעגט זייערע אייזל און קעמל טרייבער. האבן אויך זיי מיר געזאגט דאס זעלבע.

האט די שטימע אים געענטפערט: אויך איך ווייס אז דו האסט עס געטאן אין דיין הארצנס ערלעכקייט. הערצלעכע ערלעכקייט איז טאקע דא פאראן, אבער האנט־ריינקייט איז דא ניטא. דו האסט געוואלט זינדיקן, זי אנרירן מיט דער האנט, אבער איך האב עס דיר פארמיטן, פ).

**פארוואס האט דער אויבערשטער גערעדט צו אבימלך'ן גראדע ביינאכט?**

מען קען עס פארגלייכן צו א קעניג וועלכער האט געהאט א ווייב און א קעבס־ווייב. ווען ער גייט צו זיין ווייב, גייט ער בפרהסיא, עפנטלעך, יעדער איינער מעג זען. ווען ער גייט צו דער דינסט, גייט ער באהאלטענערהייט.

אזוי אויך דער אויבערשטער; צו די פעלקער פון דער וועלט אנטפלעקט ער זיך נאר ביינאכט. צו בלעם'ן איז ער געקומען ביינאכט. צו לבן'ען איז ער געקומען אין חלום ביינאכט. צו אבימלך'ן איז ער געקומען אין חלום ביינאכט, פ*).

**איז אבימלך טאקע געווען אזא צדיק וואס ער האט ניט געטשעפעט שרה'ן די גאנצע נאכט, כאטש זי איז געווען איינע פון די פיר שענסטע פרויען וואס די וועלט האט געזען?**

ער האט יא געוואלט, כאטש שרה האט געהאלטן אין איין אים זאגן אז זי האט א מאן. אבער א מלאך איז געשטאנען דארט מיט א קאנטשיק אין

---

מ) י"ש וירא פח.

נ) ב"ר נג, ו; רש"י בראשית כ, ד.

לויט פר"א פרק כו איז עס געווען דער מלאך מיכאל. זעט י"ש לך לך סח.

ס) פר"א ענדע פרק כו; פ"ר פיסקא מב.

ע) ש"ר אנהויב פרשה כ; תנח"ב וירא כה. לויט: ב"ר נב, ו; י"ש וירא צ האט ער זי אנגערירט מיט דער האנט. לויט: ב"ר נג, ו; ל"ט וירא כא, א; י"ש וירא צא איז זי אריינגעגאנגען ריין, און איז ארויסגעקומען ריין.

פ) בראשית כ, פסוקים ה און ו; תנח"ב וירא ענדע כה; ב"ר נב, ו און ז; ל"ט וירא כ, ו; י"ש וירא צ.

לויט תנח"ב וירא כה: כשר היה, שלא נגע בה, ער האט זי ניט אנגערירט. פארגלייכט מיט שמות רבה אנהויב פרשה כ.

פ*) במדבר כב, כ; בראשית לא, כד; בראשית כ, ג.

דער האָט די גאַנצע נאַכט. אַז שרה האָט אים געזאָגט „שלאָג", האָט ער געשלאָגן; „הער אויף", האָט ער אויפ־געהערט, צ).

**וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש איז אבי־מלך געווען?**

אַ רשע, ק).

**מיט וואָס איז אבימלך געווען אַזוי זיכער אַז אברהם וועט אים גלויבן אַז ער האָט ניט געטשעפּעט שרה'ן?**

אבימלך האָט דאָס טאַקע געפרעגט דעם אויבערשטן, האָט ער אים געענט־פערט אַז אברהם איז אַ נביא, ר).

**וואָס איז געווען אבימלך'ס אַנטשול־דיקונג צו אברהם'ן פאַר זיין אַוועק־נעמען שרה'ן?**

ער האָט גע'טענה'ט: איך האָב פון זיך אַליין ניט געוואוסט אַז זי איז דיין ווייב. און דו האָסט עס מיך ניט געלאָזט וויסן דורך אַ שליח, ש).

**אבימלך האָט געגעבן אברהם'ן שאָף, רינדער, קנעכט, דינסטן, טויזנט זילבער־שטיק, האָט ער אויך שרה'ן געגעבן אַ מתנה?**

יאָ. ער האָט זי אויסגעקליידט אין קעניגלעכער רעגאַליע, זי געמאַכט פאַר אַ מאַטראָנע, כדי מענער זאָלן זיך ניט טשעפּען צו איר, ת).

**ווען פרעה האָט באַפרייט שרה'ן נאָך זיין אַוועקנעמען זי פון אברהם'ן, האָט ער איר געגעבן זיינע אַ טאָכטער אַ מתנה פאַר אַ דינסט, און ער האָט גע־זאָגט: ליבער זאָל מיין טאָכטער זיין אַ דינסט ביי שרה'ן, איידער אַ בעל הבית'טע אין אַן אַנדערנס הויז, א).**
**פאַרוואָס האָט אבימלך איר ניט געגעבן זיינע אַ טאָכטער פאַר אַ דינסט?**

ער האָט איר יאָ געגעבן, ב).

אַלץ וואָס פרעה האָט געגעבן שרה'ן, האָט אבימלך געגעבן אברהם'ן, ב*).

---

ב"ר נב, ה און עד, ז; ויק"ר א, יג; במ"ר כ, יב; י"ש וירא פח, משלי תתקנג, איוב תתצז.

זעט אומעטום ווער עס זאָגט וואָס.

צ) ב"ר ענדע פרשה נב; פאַרגלייכט מיט: ב"ר מא, ב; תנחומא לך לך ה; ספר הישר וירא; י"ש לך לך פט. זעט פאָרגייענדיקע פראַגע און ענטפער.

אַז דאָס איז געווען דער מלאך מיכאל, זעט: פר"א ענדע פרק כו; י"ש לך לך סח.

ק) תנחומא וירא יד; תנח"ב וירא לב.

לויט מדרש לקח טוב וירא כ, טו איז ער געווען איינער פון די חסידי אומות העולם.

לויט: מדרש שוחר טוב לד, א; רש"י תהלים לד, א — אַ צדיק. לויט רמב"ן בראשית כ, ב איז ער געווען אַ „תם וישר".

לויט תנח"ב וירא כה — כשר היה.

לויט ל"ט וירא כ, טו איז ער געווען חסיד שבאומות, אַ חסיד, אַ פרומער צווישן די פעלקער.

ר) בראשית כ, ז. ב"ר נב, ח; תנח"ב וירא כה; מ"א בראשית כ, ו; י"ש וירא צ.

ש) ל"ט וירא כא, כו. אין ב"ר נד, ג שטייט דורך אַ מלאך, אָבער עס מיינט אויך אַ שליח. זעט דאָרט חדושי הרד"ל.

ת) בראשית כ, פסוקים יד, טז, און רש"י דאָרט פסוק טז.

זעט: ב"ר נב יב; אגדת בראשית פרק כו; מ"א וירא כ, טז; תנח"ב וירא כז; ל"ט וירא כ, טז; י"ש וירא צא; בחיי בראשית כ, טז.

א) ב"ר אָנהויב פרשה מה; ספר הישר לך לך 42 און 44; מ"א לך לך טז, א; ל"ט לך לך טז, א; י"ש לך לך סח און עח; פאַרגלייכט סדר הדורות חלק א, יז, ב. אגב, אין מאַנכע ערטער שטייט „גבירה" און אין אַנדערע „מטרוניתא".

ב) ב"ר מה, א. אגב, אין פר"א פרק כו שטייט אַז אַלע פרויען אין אבימלך'ס הויז זיינען געווען עקרות, קינדערלאָז, האָט ער דאָך געהאַט קיין טאָכטער.

ב*) פר"א פרק כו, הוצאת אום. זעט זייט 143, נאָטע ל.

**ווי אזוי האט אבימלך זיך איבער־צייגט אין אברהם׳ס גערעכטיקייט?**

אברהם׳ס פאסטוכער האבן גע׳טענה׳ט אז זיי האבן געגראבן דעם ברונעם. אבימלך׳ס פאסטוכער האבן גע׳טענה׳ט אז זיי האבן אים געגראבן. האבן אב־רהם׳ס פאסטוכער פארגעשלאגן: ווע־מענס שאף דאס וואסער וועט פון זיך אליין אנטרינקען, דעמס ברונעם איז עס. ווען דאס וואסער האט דערזען אברהם׳ס שאף, האט עס פון זיך אליין באלד אנגעהויבן אויפגיין זיי אנצוטרינ־קען, ג).

**פארוואס עפעס האט דער קעניג אבי־מלך שפעטער געוואלט שליסן א בונד מיט אברהם אבינו?**

ווייל ער האט געהערט אז אברהם איז ארויס א גאנצער פון דער סדום־געגנט. ער האט באזיגט די מלכים. און אז שרה האט אים געבוירן א זון אויף די עלטערע יארן. ער האט, אלזא, גע־זען אז דעם אויבערשטנס צוזאג צו אברהם׳ן איז פארפולט געווארן, און „געבן א שווערן וואגן איז לייכטער צו־פוס צו גיין״, ד).

**ווי קוקט דער מדרש אויף אבימלך׳ס באציאונג צו שרה׳ן?**

דער פסוק זאגט „וידעו כל עצי השדה כי אני ה׳ השפלתי עץ גבוה, הגבהתי עץ שפל, הובשתי עץ לח, והפרחתי עץ יבש״, ה) און אלע מענטשן וועלן וויסן אז איך, ה׳, האב געמאכט נידע־ריק דעם הויכן בוים, איך האב געמאכט הויך דעם נידעריקן בוים, איך האב פאר־טריקנט (פארדארט) דעם פייכטן בוים, און געמאכט בליען דעם פארדארטן בוים. טייטשן די מדרשים אויס דעם פסוק פארשידנארטיק:

איך האב געמאכט נידעריק דעם הויכן בוים מיינט אבימלך׳ן. איך האב גע־מאכט הויך דעם נידעריקן בוים מיינט אברהם׳ן. איך האב פארטריקנט דעם פייכטן בוים מיינט אבימלך׳ס ווייבער. איך האב געמאכט בליען דעם פארדארטן בוים מיינט שרה׳ן, ו).

פרעה׳ן און אברהם׳ן, אבימלך׳ן און שרה׳ן, ז).

אשור און די אידן, אבימלך׳ן און שרה׳ן, ח).

נמרוד׳ן וועלכער האט אריינגעווארפן אברהם׳ן אין קאלך־אויוון אריין און אב־רהם׳ן; די געצנדינערישע פרויען (אבי־מלך׳ס ווייבער) און שרה׳ן, ט).

איך האב נידעריק געמאכט דעם הויכן בוים — אבימלך׳ן. איך האב געמאכט בליען דעם פארדארטן בוים — שרה׳ן, י).

סנחריב׳ן און די אידן, אבימלך׳ן און שרה׳ן, כ).

נבוכדנצר׳ן, און חנניה, מישאל און עזריה וועלכע זיינען אריינגעווארפן גע־ווארן אין קאלך־אויוון און זיינען ארויס לעבעדיק; בלשאצר׳ן, און דניאל׳ן וועל־כער איז אריינגעווארפן געווארן אינעם לייבן גרוב און איז ארויס לעבעדיק, ל).

---

ג) בראשית כא, כה. ב״ר נד, ה; י״ש וירא צה; רש״י בראשית כא, ל.

ד) זעט רש״י בראשית כא, כב. עדיציע אברהם ברלינר און הערה ז דארט און פאר־גלייכט מיט ב״ר נד, ב; ל״ט וירא כא, כב; י״ש וירא צה.

ה) יחזקאל יז, כד.

ו) ב״ר אנהויב פרשה נג; י״ש יחזקאל שנז; אג״ב פרק כט.

ז) תנח״ב וירא לג; י״ש יחזקאל שנז.

ח) תנחומא וירא טו.

ט) פרקי דרבי אליעזר אנהויב פרק נב, און זעט דארט רד״ל.

י) י״ש וירא צא.

כ) רבינו בחיי, בראשית כא, א.

ל) תנח״ב וירא לג; י״ש יחזקאל שנז.

קרח'ן און אהרן'ען, אדער המן'ען און מרדכי'ן, מ).

**פאַרוואָס האָט אבימלך'ס פעלדמאַר־שאַל, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין שליסן דעם בונד צווישן אברהם'ן און אבימלך'ן, געהייסן פיכול?**

פיכול מיינט פי כול. אבימלך'ס אַלע אַרמייען פלעגן אים קושן אויפן מויל; אַלץ איז געטאָן געוואָרן על פיו — אויף זיין באַפעל, נ).

**ווי לאַנג האָט אבימלך געלעבט?**
הונדערט ניין און דרייסיק יאָר, ס).

## אבימלך ב

**וואָס ווייסט מען וועגן דעם קעניג אבימלך וועלכער האָט געלעבט אין יצחק אבינו'ס צייטן?**

ווען יצחק האָט זיך באַזעצט אין גרר האָט אבימלך געוואָלט אַוועקנעמען רב־קה'ן ווייל זי איז געווען אַ זעהר שיינע, און ער האָט געמיינט אַז זי איז געווען יצחק'ס שוועסטער. ווען ער איז גע־וואָר געוואָרן אַז זי איז יצחק'ס ווייב האָט ער זיך צוריקגעהאַלטן, און ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז קיינער זאָל טשעפּען יצחק'ן און רבקה'ן.

יצחק'ס און אבימלך'ס פאַסטוכער פלעגן כסדר זיך אַרומקריגן וועגן די ברונעמס. ווען יצחק איז געוואָרן רייך, האָט אבימלך אים אַוועקגעשיקט פון גרר, און יצחק האָט זיך באַזעצט ביים טייך גרר. שפּעטער איז אבימלך געקו־מען צו יצחק'ן, און זיי האָבן געשלאָסן אַ פריינטשאַפטס בונד, ע).

**איז אבימלך וועלכער האָט געלעבט אין יצחק אבינו'ס צייטן דער זעלבער אבימלך וועלכער האָט פאַרהאַלטן ש־רה'ן?**

עס איז שווער צו ענטפערן. די פאַ־סירונגען צווישן אברהם'ן און אבימלך'ן, און יצחק'ן און אבימלך'ן זיינען פאָר־געקומען אין גרר. נאָר אַזוי ווי צווישן די צוויי פאַסירונגען זיינען פאַרלאָפן אַן ערך פון אַכציק יאָר, און ביי אבי־מלך'ן מיט יצחק'ן ווערן ניט דערמאָנט די פאַסירונג מיט שרה'ן און דער בונד מיט אברהם'ן, איז מעגלעך אַז דאָס זיינען געווען צוויי אבימלך'ס, פ). אגב, אבימלך איז ניט אַ נאָמען, נאָר אַ טיטול ווי קעניג, פּרעזידענט, צ).

## אבימלך ג

**וואָס ווייסט מען וועגן אבימלך'ן וועל־כער האָט געלעבט אין דער צייט פון די שופטים (ריכטער)?**

ער איז געווען ירובעל'ס, נעמלעך גדעון'ס, זון. זיין מוטער איז געווען גדעון'ס קעבס־ווייב. נאָך ירובעל'ס (גד־עון'ס) טויט, איז ער געגאַנגען קיין שכם צו די קרובים פון זיין מוטערס זייט, און ער האָט זיי געהייסן פרעגן די מענער פון שכם וועלאָכס איז בע־סער פאַר זיי, צי עס זאָלן געוועלטיקן איבער זיי זיבעציק מאַן, דאָס הייסט ירובעל'ס אַלע זיבעציק זין, צי איין מאַן, נעמלעך טאַקע ער, און „געדענקט אַז איך בין אייער ביין און פלייש". זיי האָבן מסכים געווען, האָבן אים גע־געבן געלט פאַר וועלכן ער האָט גע־

מ) י״ש יחזקאל שנז.
זעט און פאַרגלייכט רש״י, רד״ק און מצודת דוד, יחזקאל יז, כד, און זעט אין אַלע קוועלן (מקורות) ווער עס זאָגט וואָס.
נ) ב״ר נד, ב. זעט: ל״ט וירא כא, כב; י״ש וירא צה; מ״א וירא כא, כב.

ס) ספר הישר, חיי שרה, 65.
ע) בראשית קאַפּיטל כו.
פ) זעט בראשית קאַפּיטלעך כ און כו.
צ) זעט: רש״י תהלים לד, א; רשב״ם בראשית מא, פסוקים י און מג; רמב״ן בראשית כו, א; ספר הישר ויחי 166.

דונגען אויסוואורפן. זיי האָבן אויסגע־הרג׳ט זיינע אַלע זיבעציק ברידער. לעבן געבליבן איז בלויז ירובעל׳ס אינגסטער זון יותם וועלכער האָט זיך אויסבאַהאַלטן. און אבימלך איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס קעניג.

ווען יותם איז דאָס געוואָר געוואָרן האָט ער זיך געשטעלט אויפן שפּיץ פונעם באַרג גריזים און האָט אויסגערופן: „מענער פון שכם הערט מיך צו, וועט דער אויבערשטער אייך צוהערן. די בוימער זיינען געגאַנגען זאַלבן אַ מלך, האָבן זיי געזאָגט צום אוילבירט־בוים: „קיניג איבער אונז״. האָט ער זיי געענטפערט: „זאָל איך פאַרציכטן אויף מיין פעט מיט וועלכן מען עהרט דעם אויבערשטן און לייט און גיין זיך שאָקלען איבער די בוימער!״

האָבן זיי זיך געווענדעט צום פייגנבוים, האָט ער זיי געענטפערט: „זאָל איך אויפגעבן מיין זיסקייט און גוטע פּרוכט און גיין זיך וויגן איבער די בוימער!״

האָבן זיי זיך געווענדעט צום וויינשטאָק, האָט ער זיי געענטפערט: „זאָל איך אויפגעבן מיין וויין וואָס דערפרייט דעם אויבערשטן און לייט און גיין זיך שאָקלען איבער די בוימער!״

האָבן אַלע בוימער זיך געווענדעט צום דאָרן, האָט ער געזאָגט צו זיי: „אויב איר ווילט מיט אַן אמת מיך זאַלבן פאַר קעניג איבער אייך, טאָ קומט און שיצט אייך אין מיין שאָטן, און אויב ניט זאָל אַרויס אַ פייער פונעם דאָרן און פאַרצערן די צעדער־בוימער פון לבנון״.

„און איצט אויב איר האָט מיט אמת און ערלעכקייט פּראָקלאַמירט אבימלך׳ן פאַר מלך, און איר האָט אויסגעמאַרדעט מיין פאָטערס זיבעציק זין און געמאַכט אבימלך׳ן, זיין דינסט׳ס זון, פאַר קעניג ווייל ער איז אייערער אַ ברודער, טאָ פרייט זיך מיט אבימלך׳ן, און זאָל ער זיך פרייען מיט אייך. אויב אָבער ניט, זאָל אַרויס אַ פייער פון אבימלך׳ן און פאַרצערן אייך, און אַ פייער זאָל אַרויס פון אייך און פאַרצערן אבימלך׳ן״.

האָבן די מענער פון שכם געפעלשט אין אבימלך׳ן. עס זיינען פאָרגעקומען שלאַכטן אין וועלכע אבימלך האָט געזיגט. אָבער אין דער שלאַכט ביי מגדל האָט אַ פרוי אַראָפּגעוואָרפן אַ מילשטיין וואָס האָט אים צעשפּאַלטן דעם קאָפּ. ער האָט געהייסן זיין וואָפן־טרעגער אים טויטן מיט דער שווערד מען זאָל ניט זאָגן אַז אַ פרוי האָט אים געטויט, און דער יונג האָט אים דערשטאָכן. דערמיט האָט זיך געענדיקט זיין דריי יאָריקע מלוכה, און ער האָט ניט איבערגעלאָזט אַ נאָכפאָלגער, ק).

אגב ער איז געווען דער ערשטער מלך איבער די אידן, ר).

**וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש איז אבימלך געווען?**

דער אויבערשטער אַליין האָט אים גערופן רשע, ש).

**דער וויפלטער קעניג ביי אידן איז אבימלך געווען?**

דער ערשטער. ער האָט געקיניגט דריי יאָר איבער די אידן, ת).

---

פאַרגלייכט רשב״ם אויף בראשית מא, פסוקים י און מג, עדיציע ראָזין, הוצאת אום.

ק) שופטים ז, א; ח, לא; דאָס גאַנצע קאַפּיטל ט.

ר) שופטים ט, פסוקים ו און כב און תרגום דאָרט.

ש) תנח״ב וירא כח, כט; י״ש שופטים סה.

ת) שופטים ט, פסוקים ו און כב און תרגום דאָרט. לויט רד״ק דאָרט פסוק כב, האָט ער געקיניגט ניט איבער אַלע אידן.

## אבימלך ד

**ווער איז געווען אבימלך וועלכער האָט געלעבט אין דוד המלך'ס צייטן?**

אכיש, דער זון פון מעוך, קעניג פון גת, פלשתים. צו אים איז דוד המלך געקומען ווען ער איז אַנטלאָפן פון שאול המלך, א).

**דער קעניג פון גת צו וועמען דוד המלך איז אַנטלאָפן פון שאול המלך האָט דאָך געהייסן אכיש, פאַרוואָס זשע האָט מען אים גערופן אבימלך?**

ער איז געווען מלך אין פלשתים און אַלע קעניגע פון פלשתים האָט מען גערופן אבימלך, ב) פונקט ווי אין אַמע־ריקע רופט מען דעם הויפּט פונעם לאַנד פּרעזידענט.

לויט אַן אַנדער מיינונג: מען האָט אים גערופן אבימלך ווייל ער איז גע־ווען אַ צדיק ווי אבימלך וועלכער האָט געלעבט אין אברהם אבינו'ס צייטן, ג).

## אבינדב

**ווער איז געווען אבינדב?**

עס זיינען געווען דריי.

אבינדב, צו וועמען מען האָט גע־בראַכט דעם ארון הקודש, נאָכדעם ווי די פלשתים האָבן אים אומגעקערט. זיין זון אלעזר איז באַשטימט געוואָרן אַכ־טונג צו געבן אויף אים. דער ארון איז געווען דאָרט ביז דוד המלך האָט אים אומגעקערט אויף זיין אָרט אין עיר דוד, ד).

ישי'ס אַ זון און דוד המלך'ס אַ ברודער, ה).

שאול המלך'ס אַ זון און יהונתן'ס אַ ברודער. ער איז אומגעקומען מיט זיין פאָטער און זיינע ברידער יהונתן און מלכי־שוע אין אַ שלאַכט מיט די פלשתים, ו).

**האָט אבינדב, שאול המלך'ן זון, גע־האַט נאָך אַ נאָמען?**

יאָ, ישוי, ז).

## אבינעם

**ווער איז געווען אבינעם?**

ער איז געווען ברק'ס פאָטער. ברק איז געווען דער גענעראַל וועלכער האָט צוזאַמען מיט דבורה הנביאה באַזיגט יבין'ען דעם קעניג פון כנען, ח).

## אבינר

**ווער איז געווען אבינר?**

זעט אבנר, זייטן 43-41.

## אביסף

**ווער איז געווען אביסף?**

זעט אביאסף, זייט 18.

## אביעזר

**ווער איז געווען אביעזר?**

מנשה'ס אַ זון און יוסף הצדיק'ס אַן אייניקל. ער האָט געלעבט אין יהושע'ס צייטן, ט).

אביעזר פון ענתות, איינער פון דוד המלך'ס העלדן און איינער פון זיינע

---

א) תהלים לד, א. זעט: שמואל א', כא, פסוקים יא־טז; כז, ב־יב; כח, פסוקים א און ב.

ב) רש"י תהלים לד, א; רשב"ם בראשית מא, פסוקים י און מג; רמב"ן בראשית כו, א; ספר הישר ויחי 166.

ג) שו"ט לד, א; רש"י תהלים לד, א. זעט אבימלך א, זייט 28, נאָטע ק.

ד) שמואל א', ז, א; שמואל ב' ו, א־ח.

ה) שמואל א' טז, ח און יז, יג.

ו) שמואל א' לא, פסוקים ב, י, און יב.

ז) שמואל א', יד, מט און רד"ק דאָרט.

ח) שופטים ד, ו און זעט דאָס גאַנצע קאַפּיטל.

ט) יהושע יז, ב.

גענעראלן, וועלכער האָט געהאַט צו זאָגן איבער פיר און צוואַנציק טויזנט סאָל־דאַטן, י).

עס איז דער נאָמען פון דער יואש משפחה. יואש איז געווען גדעון׳ס פאָ־טער, כ).

## אבירם

**וואָס ווייסט מען וועגן אבירם׳ן?**

עס זיינען געווען צוויי.

איינער איז געווען דתן׳ס ברודער. ביידע האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין קרח׳ס אויפשטאַנד קעגן משה רבינו. זעט פאָלגענדע פראַגעס און ענטפערס וועגן אבירם און דתן.

דער צווייטער איז געווען חיאל׳ס זון. ער האָט געלעבט אין די צייטן פון אחאב׳ן, קעניג פון ישראל, און ער איז געשטאָרבן פאַר זיין פאָטערס זינד. זיין פאָטער האָט גענומען ווידער אויפבויען די שטאָט יריחו. און דאָס איז געווען קעגן דעם אויבערשטנס פאַרבאָט צו יהושע׳ן ווידער אויפצובויען די שטאָט, ל).

## אבירם און דתן

**האָבן אבירם און דתן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין קרח׳ס אויפשטאַנד קעגן משה רבינו, זיך אָנגעקערט?**

יאָ, זיי זיינען געווען ברידער, א).

---

י) שמואל ב׳, כג, כז; דברי הימים א׳, כז, יב.

כ) שופטים ח, ב.

ל) מלכים א׳, טז, לד.

א) במדבר טז, א.

ב) במדבר טז, א.

ג) במדבר טז, א.

ד) סנהדרין קט, ב און זעט דאָרט רש״י אונטערן וואָרט שאיבר... לויט מ״א קרח טז א: ווייל ער האָט זיך געשטאַרקט ניט צו פאָלגן משה רבינו.

**ווי האָט געהייסן אבירם׳ס און דתן׳ס פאָטער?**

אליאב, ב).

**פון וואָס פאַר אַ שבט האָבן די ברי־דער אבירם און דתן געשטאַמט?**

פונעם שבט ראובן, ג).

**פאַרוואָס האָט ער געהייסן אבירם?**

ווייל אביר, ער האָט זיך געשטאַרקט ניט צו טאָן תשובה, ד).

**פאַרוואָס האָט ער געהייסן דתן?**

ווייל ער האָט עובר געווען אויפן הימלישן „דת״ — געזעץ, ה).

**ווי אַזוי פלעגן אבירם און דתן זיך באַציען צו משה רבינו?**

זעהר פיינטלעך. זיי פלעגן שטענדיק זידלען, לעסטערן און מבזה זיין משה׳ן און אהרן׳ען, ו).

**איז אבירם׳ס און דתן׳ס פיינטלעכע באַציאונג צו משה׳ן באַשטאַנען בלויז פון ווערטער, צי אויך פון מעשים, טאַטן?**

אויך פון מעשים, פון קאָנקרעטע טאַטן, און געפערלעכע דערצו. זיי האָבן גע־וואוסט אַז משה האָט געטויט דעם מצרי פאַר זיין שלאָגן אַ אידן, ז). האָבן זיי אים גע׳מסר׳ט צו פרעה׳ן. צו ראַטעווען זיין לעבן האָט משה געמוזט אַנטלויפן פון מצרים, ח).

---

ה) סנהדרין קט, ב אונטן.

ו) זעט: ש״ר ה, כ; במ״ר יח, ד; ד״ר ב, כו; תנחומא וארא ו און קרח ג; תנח״ב קרח ו; מ״א ב, יב.

ז) פר״א פרק מח און רד״ל סימן נח; מ״א שמות ב, יב; ש״ט שמות ב, יג; ל״ט שמות ב, יג; י״ש שמות קסז; רש״י שמות ב, יג; בחיי שמות ג, ג.

ח) זעט: תרגום יונתן שמות ב, יג־יד; ש״ר א, לא; מ״א יתרו יח, א; מה״ג, ב׳ 16; י״ש שמות קסז; רש״י שמות ב, פסוקים

זיי זיינען געווען די יעניגע וועלכע האָבן אַגיטירט און געזאָגט „נתנה ראש ונשובה מצרימה", ט) לאָמיר באַשטימען אַן עלצטן, אַ מלך און זיך אומקערן קיין מצרים. לויט אַן אַנדער מיינונג: זיי האָבן אַגיטירט: לאָמיר מאַכן אַן אָפּ־גאָט, י).

זיי האָבן ווידערשפּעניקט ביים ים סוף, כ).

זיי האָבן איבערגעלאָזט פונעם מן וואָס איז געווען קעגן משה'ס באַפעל, ל).

**זיינען אבירם און דתן אַרויסגעגאַנגען מיט די אידן פון מצרים?**

ניין. זיי זיינען געבליבן אין מצרים, מ). זיי זיינען געקומען צום ים סוף מיט פּרעה'ן, מ*).

**ווען דער אויבערשטער האָט געהייסן משה'ן אין מדין זיך אומקערן קיין מצ־רים, ווייל די יעניגע וועלכע האָבן אים געוואָלט אומברענגען זיינען שוין גע־שטאָרבן, ווען טויט, זאָגן די חכמים ז"ל אַז דאָס האָט געמיינט דתן און אבירם. אָבער זיי האָבן דאָך דאַן נאָך געלעבט?**

דתן און אבירם זיינען אין מצרים געווען רייך. שפּעטער זיינען זיי אָרעם געוואָרן. און אַן אָרעמאַן איז גליך ווי אַ טויטער, נ).

**ווי קומט עס טאַקע וואָס אבירם און דתן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין קרח'ס אויפשטאַנד קעגן משה רבינו?**

זיי האָבן געשטאַמט פונעם שבט ראו־בן, ס). די פאַן פון שבט ראובן'ס לאַגער איז געווען צו דרום, ע). די משפחות פון די קינדער פון קהת (קרח אריינ־גערעכנט) האָבן אויך געלאַגערט צו דרום, פ). זיינען זיי דאָך געווען שכ־נים. און „אוי לרשע, אוי לשכנו", צ) אַז עס איז ווי צום רשע, איז ווי צו זיין שכן.

---

יג און טז און יתרו יח, ד; רבינו בחיי שמות ג, ד.

ט) במדבר יד, ד, תרגומים אונקלוס, יונתן, ירושלמי, און רש"י דאָרט; ש"ר א, כט; תנח. שמות י; מ"א שמות ב, יב; מה"ג,ב' 16.

י) זעט: אותיות דרבי עקיבא; רש"י במדבר יד, ד; לקוט.; רש"י על התורה פון אברהם ברלינר זייט 427. אין סנהדרין קז, א זאָגט די גמרא „ואין ראש אלא עבודה זרה", אַז „ראש" מיינט עבודה זרה, אַן אָפּגאָט.

כ) ש"ר א, כט; תנחומא שמות י; מה"ג, ב' 16.

ל) ש"ר א, כט און כה, י; תנחומא שמות י און תצוה יא; תנח"ב בשלח כד און תצוה ז; מ"א שמות ב, יב; תרגום יונתן שמות טז, כ; מר"ש 78; מה"ג,ב' 16; אבכיר לג; רש"י שמות טז, כ.

מ) תרגום יונתן שמות יד, ג; ש"ט בשלח יד, לא, 188.

מ*) ש"ט בשלח יד, לא, 188.

נ) ירושלמי נדרים פרק ט, הלכה ב; נדרים סד, ב; עבודה זרה ה, א; ב"ר עא, ו; ש"ר ה, ד; פר"א פרק מ און זעט דאָרט רד"ל סימן לב; מ"א שמות ד, יט; ל"ט קרח קטו, א; רש"י שמות ד, יט; רש"י נדרים ז, ב אונטערן וואָרט שנאמר...; נסא"ז 54; מה"ג,ב' 39; י"ש שמות קעג; חופת ב, 50; פרא"א ח, 24.

ס) במדבר טז, א.

ע) תנח. קרח ד; תנח"ב קרח ח; י"ש במדבר תרפו און קרח תשנ; רש"י במדבר טז, א.

פ) במדבר ג, כט.

צ) סוכה נו, ב, ענדע; תנח. קרח ד; תנח"ב קרח ח; במ"ר ג, יב; נגעים ענדע פרק יב; ספרא מצורע פרשה ו, פרק ד; אר"ן פרק ט; י"ש ויחי קסא, במדבר תרפו און תשנ; רש"י במדבר טז, א.

אַז זיי זיינען געווען בעלי מחלוקת ווי קרח, זעט רמב"ן במדבר טז, יב.

**זיינען אבירם און דתן געווען קלוגע מענטשן?**

זיי זיינען געווען קלוג אויף צו טאָן שלעכטס, ק).

**זיינען אבירם און דתן געווען גלויביקע?**

ניין. דערפאַר האָבן זיי דאָך איבער־געלאָזט פון דעם מן, ר).

**זיינען אבירם און דתן געשטאָרבן אַ נאַטירלעכן טויט?**

ניין. די ערד האָט געעפנט איר מויל און האָט איינגעשלונגען זיי, זייערע פאַ־מיליעס, זייערע הייזער, און אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, ש).

**ווי אַזוי ווערן דתן און אבירם כאַ־ראַקטעריזירט אין תלמוד און אין מד־רש?**

אַלס רשעים, ת).

## אבישג

**וואָס ווייסט מען וועגן אבישג'ן?**

ווען דוד המלך איז געוואָרן אַלט און עס איז אים געווען קאַלט, האָבן זיינע דינערס אים געראָטן מען זאָל געפינען פאַר אים אַ מיידל, אַ יונג־פרוי וואָס זאָל אים באַדינען און ליגן אין זיין שויס, וועט אים זיין וואַרעם. האָט מען געזוכט אין גאַנץ ארץ ישראל און מען האָט געפונען אבישג'ן פון שונם וועלכע איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע שיינ־הייט. מען האָט זי געבראַכט צום מלך. זי האָט אים באַדינט. אָבער פאַרקערט האָט ער ניט מיט איר, ווייל אַ בתולה וואַרעמט מער, ל). און אויך ווייל די תורה פאַרבאָט אַ מלך צו האָבן צופיל ווייבער, מ) און ער האָט דאָך שוין געהאַט אכצן, נ).

**איז אבישג טאַקע געווען דאָס שענס־טע מיידל אין גאַנץ ארץ ישראל?**

יאָ, ס).

**איז אבישג געווען אַזוי שעהן ווי אונ־זער מוטער שרה?**

אַפילו ניט אַ העלפט אַזוי שעהן. ביי אבישג'ן זאָגט דער פסוק אַז זי איז געווען „יפה עד מאד", ע) שעהן ביז גאָר. אָבער ביי שרה'ן זאָגט דער פסוק אַז זי איז געווען „מאד", פ) זעהר שעהן, אָהן „ביז", צ), ניט באַשרענקט.

**ווי אַלט איז אבישג געווען ווען מען האָט זי געבראַכט צו דוד'ן?**

צוועלף יאָר, ק).

---

ק) שו"ט מט, ג, הוצאת אום.

ר) ש"ר א, כט און כה, י; תנחומא שמות י און תצוה יא; תנח"ב בשלח כד און תצוה ז; מ"א שמות ב, יב; תרגום יונתן שמות טז, כ; מר"ש 78; מה"ג.ב' 16; אבכיר לג; רש"י שמות טז, כ.

ש) זעט: במדבר קאַפּיטל טז; דרך ארץ 59; זעירות 73, 82; כלה 230.

ת) מגילה יא, א; ש"ר א, כט; מ"א שמות ב, יב; פר"כ פיסקא ל, קץ, ב; סא"ר 106־107; תנחומא שמות י; תנח"ב קרח טו; מה"ג.ב' 16; אג"א א, א, 5.

ל) מלכים א', א־ה, רש"י דאָרט פסוק ד און רד"ק פסוק ב.

מ) דברים יז, יז.

נ) סנהדרין כא, א.

ס) בבא בתרא טו, ב.

ע) מלכים א', א, ד.

פ) בראשית יב, יד.
ב"ר מ, ה; י"ש מלכים א', קסו.

צ) סנהדרין לט, ב די לעצטע שורה.
ב"ר מ, ה; י"ש מלכים א', קסו.

ק) זעט רד"ל, פרקי דרבי אליעזר פרק לג, הערה כח.

**האָט אבישג געשטאַמט פון אַן אַנ־געזעענער פאַמיליע?**

יאָ. איר שוועסטער וועלכע ווערט אָנגערופן „אשה גדולה", ר) אַ חשוב'ע, הויכגעשעצטע פרוי, איז געווען עדוא הנביא'ס ווייב, ש).

## אבישוע

**פון וועמען האָט אָפּגעשטאַמט אבי־שוע?**

עס זיינען געווען צוויי.

בלע'ס אַ זון און בנימין'ס אַן איי־ניקל, א).

פינחס'עס אַ זון, אלעזר'ס אַן אייניקל און אהרן הכהן'ס אַן אור־אייניקל, ב).

## אבישור

**פון וועמען האָט געשטאַמט אבישור?**

ער איז געווען שמי'ס אַ זון פון דער משפחה ירחמיאל. ער האָט געהאַט פון זיין ווייב אביחיל צוויי זין אחבן און מוליד, ג).

## אבישי

**האָט אבישי געהאַט נאָך אַ נאָמען?**

יאָ, אבשי, ד).

**ווער איז געווען אבישי?**

צרויה'ס זון. זי איז געווען דוד המלך'ס אַ שוועסטער, ה). זעט פאָלגענדע פראַ־גע און ענטפער.

**האָט אבישי זיך אָנגעקערט מיט דוד המלך?**

יאָ. זיין מוטער צרויה איז געווען דוד'ס אַ שוועסטער, ו).

**האָט אבישי זיך אָנגעקערט מיט דוד המלך'ס פעלד־מאַרשאַל יואב?**

יאָ. זיי זיינען געווען ברידער, ז).

**וואָס ווייסט מען וועגן אבישי'ס באַ־ציאונג צו דוד המלך?**

ער איז געווען איינער פון דוד'ס אי־בערגעגעבנסטע און געטרייסטע פריינט נאָך איידער דוד איז געוואָרן קעניג. ווען דוד איז אַנטלאָפן פון שאול המלך, האָט ער באַגלייט דוד'ן. ווען שאול המלך האָט געלאַגערט אויפן בערגל חכי־לה, ביי ישימון, און ער איז געשלאָפן אין לאַגער־רינג, און זיין שפּיז איז גע־ווען אריינגעשטעקט אין דער ערד אים צוקאָפּנס, האָט אבישי געוואָלט אים טויטן. אָבער דוד האָט אים ניט גע־לאָזט אומברענגען דעם „אויבערשטנס געזאַלבטן". ער האָט אים געהייסן בלויז אַוועקנעמען שאול'ס שפּיז און דאָס קריגל וואַסער פון זיין צוקאָפּנס, און זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען, ח).

**וואָס פאַר אַ פּאָזיציע האָט אבישי פאַרנומען אין דוד המלך'ס אַרמיי?**

ער איז געווען דער הויפּט פון דוד'ס דריי העלדן. אין דער מלחמה מיט די בני עמון האָט יואב זיך פאַרלאָזט אינ־גאַנצן אויף אבישי'ן. אין דער מלחמה קעגן אדום האָט ער אומגעבראַכט אַכצן טויזנט מאַן. אין דער מלחמה קעגן אבשלום'ן האָט דוד אים באַשטימט אַלס הויפּט איבער אַ דריטל פון זיין מילי־

ר) מלכים ב', ד, ח.

ש) פר"א פרק לג און רד"ל הערות כח און כט. רש"י, מלכים ב', ד, ח ברענגט דעם פרקי דרבי אליעזר, אָבער זאָגט בלויז אַז אבישג און די שונמית זיינען געווען שוועס־טער. לויט י"ש שמואל ב' אָנהויב רכח און דד"ק אין מלכים דאָרט איז זי געווען עדוא הנביא'ס מוטער.

א) דברי הימים א', ח, ד.

ב) דברי הימים א', ו, לה.

ג) דברי הימים א', ב, כח און כט.

ד) שמואל ב', י, י; דברי הימים א', יח, יב.

ה) שמואל א', כ, ו; שמואל ב', כא, יז; דברי הימים א', יא, ו.

ו) דברי הימים א', ב, פסוקים יג־יח.

ז) שמואל ב', ג, ל; קאַפּיטל י, פסוקים ט און י, און קאַפּיטל כג פסוק יח.

ח) זעט איינצלהייטן אין שמואל א', כו, פסוקים א־יג.

טער. שפעטער האָט ער אים באַשטימט אַלס הויפּט פון זיין מיליטער אויף יואָב׳ס אָרט, אין דער מלחמה קעגן שבע בן בכרי, ט).

**איז אמת אַז אבישי האָט געראַטעוועט דוד המלך פון אַ זיכערן טויט?**

יאָ. אין אַ מלחמה קעגן די פלשתים האָט ישבי בנוב, וועלכער האָט געשטאַמט פון ריזן, און וועמענס שפּיז האָט געוואויגן דריי הונדערט קופּערנע שקלים און מיט אַ נייער שווערד, געוואָלט טויטן דוד׳ן וועלכער איז געווען זעהר מיד. האָט אבישי געטויט דעם ריז און געראַטעוועט דוד׳ן פון אַ זיכערן טויט, י).

**איז אמת אַז אבישי האָט געהאַט קפיצת הדרך, דער וועג איז אים אַנטקעגן געשפּרונגען, אַז אַ שטרעקע וואָס האָט באַדאַרפט נעמען זעהר לאַנג האָט אים גענומען אַ גאַרנישט?**

יאָ. ער איז געווען איינער פון די דריי וועלכע האָבן געהאַט קפיצת הדרך, די ערד איז זיי אַנטקעגן געשפּרונגען. די אַנדערע צוויי זיינען געווען אברהם אבינו׳ס קנעכט אליעזר און יעקב אבינו, כ).

**וואָס האָט פאַראורזאַכט אבישי׳ס קפיצת הדרך?**

ישבי בנוב וועלכער האָט געשטאַמט פון ריזן, מיט אַ שפּיז וואָס האָט געוואויגן דריי הונדערט קופּער־שקלים, אַנגעגורט מיט אַ נייעם פאַנצער האָט געוואָלט הרג׳נען דוד׳ן. ישבי בנוב מיינט אַ מאַן וועלכער איז געקומען וועגן דעם וואָס איז געשען מיט די איינוואוינער פון דער שטאָט נוב. נעמלעך, דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו דוד המלך: ווי לאַנג נאָך וועסטו האַלטן די דאָזיקע זינד אין דיין האַנט? דורך דיר איז חרוב געוואָרן נוב, די שטאָט פון די כהנים. דורך דיר איז געקומען די צרה אויף דואג האדומי. און דורך דיר זיינען געטויט געוואָרן שאול און זיינע דריי זין. ווילסטו איך זאָל פאַרלענדן דיינע קינדער, צי זאָל איך דיך איבערגעבן אינעם פיינטס האַנט? האָט דוד געזאָגט פאַר אים: האַר פון דער וועלט, עס איז בעסער איך זאָל איבערגעגעבן ווערן אין דער האַנט פונעם פיינט און מיינע קינדער זאָלן ניט פאַרלענדט ווערן.

איינמאָל איז דוד געגאַנגען אין אַ דערפל אַריין. האָט אים באַגעגנט דער שטן אינעם געשטאַלט פון אַ הירש. דוד האָט געצילעוועט אַ פייל צו אים, אָבער זי האָט אים ניט דערגרייכט. האָט דוד אים נאָכגעיאָגט ביז ער איז אַריבער די גרעניץ פונעם לאַנד פלשתים.

ווען ישבי בנוב האָט דערזען דוד׳ן, האָט ער געזאָגט: אָט דאָס איז דער וועלכער האָט דער׳הרג׳ט מיין ברודער גלית.

ער האָט אים געבונדן און אים גע־

---

ט) שמואל ב׳, כג, יח; ב, יח; י, י; דברי הימים א׳, יח, יב.

י) שמואל ב׳, כא, פסוקים טז און יז.

כ) סנהדרין צה, א אונטן; ב״ר ענדע נט, און ס, ו, טו; תנח״ב ויצא ח; שו״ט יח, ל; י״ש חיי שרה קז און שמואל ב׳ קנה; יל״ה יח, עג; רמב״ן בראשית כח, יז, און מג, ג; מה״ג,א׳ כד, מב; חופת ב, 52; בחיי ויצא מז, ג.

לויט: תנחומא ויצא ג; תנח״ב ויצא ח; שו״ט קי, ג; ילה״י מא, ג; י״ר לך לך לד, ד איז אויך ביי אברהם׳ן פאַרגעקומען קפיצת הדרך.

אַז אברהם׳ס אַ טריט איז געווען דריי מייל, לויט אַן אַנדער מיינונג אַ מייל, זעט: ב״ר מג, ג; י״ש לך לך עג, און פאַרגלייכט מיט י״ש יהושע כג. זעט אברהם זייט 92, נאָטע ק; אויך זייטן 193, ו; 194, ע.

לייגט אונטער דעם מילשטיין וואָס פרעסט אוילבירטן. אָבער עס איז גע־שען אַ נס. די ערד אונטער אים האָט זיך געזעצט, און ער איז ניצול געוואָרן.

פּאַסירט האָט דאָס אין אַ פּריוואַטיק פאַרנאַכט. אבישי בן צרויה האָט זיך דאַן געוואַשן מיט פיר לאָגלען וואַסער. ער האָט באַמערקט אינעם וואַסער עפּעס וואָס האָט אים אויסגעזען ווי בלוט פלעקן. לויט אַן אַנדער מיינונג: אַ טויב איז געקומען און האָט זיך גע־קאַטשעט, געריסן די פעדערן, געבריטשט טרויעריק. האָט ער זיך געטראַכט די כנסת ישראל איז דאָך געגליכן צו אַ טויב, ווי אין פּסוק שטייט, „כנפי יונה נחפה בכסף", ל) דער טויבס פליגל זיינען באַדעקט מיט זילבער. און ער האָט גע־דרונגען דערפון אַז דוד דער מלך פון ישראל געפינט זיך אין אַ צרה.

איז ער געגאַנגען צו דוד'ן אַהיים און האָט אים ניט געפונען. האָט ער געשיקט אין בית המדרש אַריין, איז ער דאָרט ניט געווען. האָט ער גע־זאָגט: מיר האָבן געלערנט אַז קיינער מעג רייטן אויפן קעניגס פערד; קיינער מעג זיצן אויפן קעניגס שטול; קיינער מעג באַנוצן דעם קעניגס צעפּטער. אָבער ווי איז עס אין אַ צייט פון געפאַר? איז ער געגאַנגען אין בית המדרש אַריין פרעגן, און מען האָט אים געענטפערט אַז אין אַ צייט פון געפאַר מעג מען. האָט ער זיך אַרויפגעזעצט אויפן קע־ניגס מויל־אייזל, און דער וועג איז אים אַנטקעגן געשפּרונגען.

דערווייל האָט ער דערזען ערפּה'ן, ישבי בנוב'ס מוטער, וועלכע איז גע־זעסן און האָט געשפּינט. ווי נאָר זי האָט אים דערזען, האָט זי איבערגע־ריסן דעם פאָדעם און געוואָרפן דאָס שפּינדל אויף אבישי'ן אים צו טויטן, אָבער עס האָט אים ניט געטראָפן. האָט זי געזאָגט צו אים: יונגערמאַן, דער־לאַנג מיר דאָס שפּינדל. האָט ער עס געצילעוועט אין איר קאָפּ אַריין און האָט זי געטויט.

ווען ישבי בנוב האָט דערזען אבי־שי'ן, האָט ער געזאָגט: „איצט זיינען זיי צוויי, וועלן זיי דאָך מיך הרג'ענען". האָט ער געכאַפּט דוד'ן אים אַ שליי־דער געטאָן אין דער הויך, און האָט אונטערגעשטעלט זיין שפּיז כדי דוד זאָל פאַלן אויף אים, און דערשטאָכן ווערן. אָבער אבישי האָט אַרויסגעזאָגט דעם שם המפורש, און דוד איז גע־בליבן שטעהן אין דער לופטן. אַי פאַר־וואָס האָט דוד אַליין ניט אַרויסגעזאָגט דעם שם המפורש? ווייל „אין חבוש מתיר עצמו מבית האסורים", מ) אַן אַרעסטאַנט קען ניט אַליין זיך באַפריי־ען פון טורמע.

אבישי האָט דאַן געפרעגט דוד'ן וואָס האָט אים געבראַכט אַהינצו. און דוד האָט אים דערציילט וואָס דער אויבערש־טער האָט אים געזאָגט, און וואָס ער האָט אים געענטפערט. האָט אבישי געזאָגט צו אים: דרעה איבער דיין תפי־לה (זאָלן בעסער דיינע קינדער פאַר־לענד ווערן, איידער דו זאָלסט איבער־געגעבן ווערן אינעם פיינטס האַנט), ווי זאָגט דאָס ווערטל: זאָל דיין איי־ניקל פאַרקויפן וואַקס (זיין אָרעם) אָבי דו זאָלסט ניט ליידן (זיי ניט מקריב די געגנוואָרט פאַר דער צוקונפט). און דוד האָט אים געענטפערט „אויב אַזוי, בעט צוזאַמען מיט מיר". און דאָס מיינט דער פּסוק „ויעזר לו אבישי בן צרו־

ל) תהלים סח, יד און רש"י דאָרט.

מ) ברכות ה, ב; נדרים ז, ב; שו"ט יח, ל, הוצאת אום; י"ש שמואל ב', קנה.

אגב אין סנהדרין צה, א שטייט אין חבוש מוציא . . .

יה", נ) און אבישי האט אים געהאלפן בעטן. אבישי האט ארויסגעזאגט נאכא־מאל דעם שם המפורש און דוד האט אראפגענידערט.

ווען ישבי בנוב האט זיי דערזען, האט ער זיי נאכגעיאגט. ווען זיי זיי־נען צוגעקומען צום דארף קובי, וואס איז געווען אויף דער גרעניץ צווישן ארץ ישראל און דעם לאנד פלשתים, האבן זיי געזאגט איינער צום אנדערן: לאמיר זיך אפשטעלן און קעמפן קעגן אים. אבער זיי זיינען דאך ווייטער געלאפן, ביז זיי זיינען געקומען צום דארף בי תרי. זיי האבן געזאגט: קע־נען דען צוויי (תרי) קליינע לייבעלעך טויטן דעם לייב?!

אבער איידער דער קאמף האט זיך אנגעהויבן האבן זיי א זאג געטאן צו אים: גיי צוריק וועסטו געפינען דיין מוטער אין איר קבר. ווי נאר זיי האבן דערמאנט זיין מוטערס נאמען, איז זיין כוח אפגעשוואכט געווארן, און זיי האבן אים גע'הרג'עט. און אט דאס מיינט דער פסוק: „אז נשבעו אנשי דוד לו לאמר, לא תצא עוד אתנו למל־חמה, ולא תכבה את נר ישראל", ס) דאן האבן דוד'ס לייט אים געשוואוירן אזוי צו זאגן: דו זאלסט מער ניט ארויס־גיין מיט אונז מלחמה האלטן, דו זאלסט ניט אויסלעשן דאס ליכט פון ישראל.

**ווי קומט עס וואס אבישי און יואב האבן געטויט אבנר'ן אפילו אהן א גע־ריכטלעכן פראצעס, בפרט נאך ווען דוד המלך האט אזוי שטארק געהאלטן פון אבנר'ן?**

עס איז יא פארגעקומען א פראצעס. דער סנהדרין האט אים גע'משפט.

צוויי אינצידענטן האבן גורם געווען אבנר'ס טויט. ווען דוד האט אוועק־גענומען פון שאול'ס צוקאפנס זיין שפיז און קריגל וואסער ווען ער איז גע־שלאפן, האט אבנר געווען באדארפט זאגן שאול'ן: „זע וואס פאר א צדיק דוד איז, ער האט דאך געקאנט דיך טויטן, און ער האט דיך געלאזט לעבן". אבער אבנר האט אים ניט אויפמערקזאם גע־מאכט אויף דוד'ס צדקות. שאול האט זיך גאר געטראכט אפשר האט איינער פון די סאלדאטן זיי איבערגעגעבן דוד'ן.

ווען שאול איז געווען אין דער הייל און דוד האט אפגעשניטן א שטיק פון שאול'ס מאנטל, האט אבנר באדארפט מלמד זכות זיין אויף דוד'ן און זאגן שאול'ן: „זע וויפל רחמנות דוד האט אויף דיר. ער האט דאך געקאנט דיך טויטן, אבער ער האט דיך געלאזט לעבן", און אבנר האט עס ניט געטאן..., ע).

לויט אן אנדער מיינונג איז אים גע־קומען טויט־שטראף פאר זיין ניט וועהרן שאול'ן אויסצו'הרג'נען נוב, די שטאט פון די כהנים. אבער די יעניגע וועל־כע האלטן אז ער האט פרובירט אפ־האלטן שאול'ן, נאר ער האט אים ניט געפאלגט, זיינען מיט דער מיינונג אז עס איז אים געקומען טויט־שטראף, ווייל דורך זיין פראקלאמירן איש בושת'ן, שאול המלך'ס זון, אלס קעניג האט ער אויפגעהאלטן מלכות דוד צוויי און א האלב יאר, פ).

---

נ) שמואל ב', כא, יז און רש"י דארט.

ס) שמואל ב', כא, יז. זעט פארגייענ־דיקע פראגע און ענטפער, און פארגייענדיקע נאטע מ.

ע) שמואל א', כו, ז־כג און כד פסוקים ה, ו; סנהדרין מט, א און רש"י דארט; י"ש שמואל ב' ענדע קמא; רש"י און רד"ק שמואל ב', ג, כו אונטערן ווארט מבור הסירה.

פ) סנהדרין כ, א און רש"י דארט; י"ש שמואל ב' אנהויב קמב.

**איז אבישי געשטאָרבן אַ נאַטירלעכן טויט?**

ווען כביכול האָט געשיקט דעם נביא גד צו דוד המלך ער זאָל זיך אויסקלייבן איינס פון די פאָלגענדיקע דריי זאַכן: זאָלן קומען אויף דיר זיבן הונגער יאָרן אין דיין לאַנד; אָדער זאָלסט לויפן דריי חדשים פאַר דיינע פיינט, און זיי זאָלן דיך נאָכיאָגן; אָדער אַ מגפה זאָל זיין דריי טעג אין דיין לאַנד, האָט דוד אים געענטפערט: לאָמיר פאַלן אין אויבערשטנס הענט, ווייל זיין רחמנות איז גרויס, און לאָמיר ניט פאַלן אין אַ מענטשנס האַנט.

ווען דער מלאך האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו פאַרניכטן ירושלים, האָט כביכול חרטה געקראָגן אויף דעם בייז, און ער האָט אַ זאָג געטאָן צום מלאך: גענוג, לאָז אָפּ דיין האַנט, נעם אַוועק דעם אָנגעזעענסטן פון זיי. אין דעם מאָמענט איז געשטאָרבן אבישי בן צרויה וועלכער איז געווען געגליכן צו אַ מערהייט פונעם סנהדרין, צ).

**איז אבישי געווען אַ גרויסע פּערזענלעכקייט אויסער זייענדיק אַ גרויסער גענעראַל?**

יאָ. ער איז געווען גלייך צו אַ מערהייט פונעם סנהדרין, ק). אין מעשים טובים און אין תורה איז ער געווען גלייך צו זיבעציק טויזנט אידן, ר).

## אבישלום

זעט אבשלום, באַנד צוויי.

צ) זעט: שמואל ב׳, כד, יא־יז און רד"ק דאָרט פסוק טז; ברכות סב, ב.

ק) ברכות סב, ב; י"ש שמואל ב׳, קסה; רד"ק שמואל ב׳, כד, טז.

ר) פר"א פרק מג (קא, ב); שו"ט יז, ד; י"ש שמואל ב׳, קסה; ילקוט המכירי, אויף תהלים, מזמור יז, ז. עדיציע באָבער; מדרש שמואל פרשה לא.

## אביתר

**וואָס ווייסט מען וועגן אביתר'ן?**

ער האָט געלעבט אין די צייטן פון שאול המלך, דוד המלך און שלמה המלך. ווען דואג האָט פאַרניכטעט נוב, די שטאָט פון די כהנים, איז ער אַנטלאָפן צו דוד'ן מיטן אפוד אין האַנט. ער האָט דערציילט דוד'ן אַז שאול המלך האָט אומגעבראַכט די כהנים. זינט דאַן איז ער געווען מיט דוד'ן אומעטום, אין קעילה, אין צקלג, אין חברון, אין ירושלים. ווען אבשלום האָט געמאַכט דעם אויפשטאַנד קעגן זיין פאָטער דוד המלך, האָט אביתר באַגלייט דוד'ן מיטן הימלישן ארון. ער האָט געדינט דוד'ן אַלס כהן גדול. ווען דוד האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, האָט אביתר גענויגט צו האַלטן אַז דוד'ס זון אדוניה דאַרף ווערן קעניג. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, פאַרדראָסן שלמה'ן. האָט שלמה געזאָגט צו אביתר'ן: גיי קיין ענתות צו דיינע פעלדער. דיר קומט טויט שטראָף. אָבער איך וועל דיך ניט טויטן ווייל דו האָסט געטראָגן דעם הימלישן ארון פאַר מיין פאָטער דוד, און ווייל דו האָסט געליטן צוזאַמען מיט מיין פאָטער, און ער האָט אים אַראָפּגעזעצט פון דער כהונה, ש).

**האָט אביתר געדינט דוד המלך בלויז אַלס כהן גדול, צי אויך אויף אַנדערע אופנים?**

ער איז אויך געווען דוד המלך'ס אורים ותומים, ראַטגעבער. דוד פלעגט ביי

ש) שמואל א׳, כב, ב; כג, ו און ט; ל, ז; שמואל ב׳, טו, פסוקים כד־ל; מלכים א׳, א, ז און קאַפּיטל ב פסוקים כו־כח.

לויט רש"י ברכות ד, א אונטערן וואָרט „ואביתר", האָט אביתר זיך צוריקגעצויגן (רעזיגנירט) פון דער כהונה נאָך אונטער דוד המלך'ס הערשאַפט. זעט פאָלגנדיקע פראַגע און ענטפער.

אים אָנפּרעגן ביז זיין מלחמה מיט אב־שלום׳ן. ביי דער מלחמה מיט אבשלום׳ן האָט ער אים געפּרעגט, און אביתר׳ן איז ניט געלונגען דער ענטפער, האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון דער כהונה, ת).

**איז אמת אַז ווען ניט אביתר וואָלט ניט געווען איבערגעבליבן פון דוד׳ס קינדער אַ שריד און פּליט?**

אַזוי זאָגן אונזערע חכמים ז״ל, א).

## אבנר

**האָט אבנר געהאַט נאָך אַ נאָמען?**

יאָ. ער ווערט אָנגערופן אויך אבי־נר, ב).

**ווי האָט געהייסן אבנר׳ס פאָטער?**

נר, ג).

**ווי האָט געהייסן אבנר׳ס מוטער?**

צפניה, ד).

**האָט אבנר זיך אָנגעקערט מיט שאול המלך?**

יאָ. אבנר׳ס פאָטער נר און שאול׳ס פאָטער קיש זיינען געווען ברידער. קומט אויס אַז אבנר און שאול זיינען געווען ערשטע קוזינען, ה).

**ווער און וואָס איז אבנר געווען?**

ער איז געווען שאול המלך׳ס אַן ערשטער קוזין, און געטרייער, איבערגעגעבענער הויפּט פון זיינע אַרמייען. נאָך שאול׳ס טויט איז ער ניט איבערגעגאַנגען צו דוד׳ן, נאָר ער האָט פּראָקלאַמירט שאול׳ס זון איש בושת אַלס קעניג. דורך אינטריגעס האָט, ווייזט אויס, איש בושת אים חושד געווען אין קאָנספּיראַציע. אויס פאַרדרוס איז אבנר איבערגעגאַנגען צו דוד׳ן, אָבער דוד׳ס פלימעניק (נעפע) און גענעראַל יואב האָט אים גע׳הרג׳ט. אבנר האָט איבערגעלאָזט אַ זון יעשיאל, הויפּט פון שבט בנימין אין דוד׳ס צייטן, און ער האָט זעהר פיל בייגעשטייערט צום בויען דעם בית המקדש, ו).

**וואָס איז געווען אבנר׳ס באַשעפטיקונג?**

ער איז געווען דער הויפּט פון שאול המלך׳ס אַרמייען, ז).

**וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש איז אבנר געווען?**

ער איז געווען אַ גאַר אָנגעזעענע פּערזענלעכקייט. דוד המלך האָט אים געזאָגט „ומי כמוך בישראל", און ווער איז דיין גלייכן אין ישראל, ח).

**ווי אַזוי איז געווען אבנר׳ס באַציאונג צו שאול המלך?**

ער איז אים געווען זעהר געטריי און

---

ת) ברכות ד. א און רש״י אונטערן וואָרט ואביתר. זעט סנהדרין טז, ב.
לויט מלכים א׳, ב, כז האָט שלמה המלך אים אַראָפּגעזעצט פון דער כהונה.

א) סנהדרין צה, ב; י״ש שמואל א׳ קלא.

ב) זעט שמואל א׳, יד פסוקים נ און נא.

ג) שמואל א׳, פסוקים יד, נ, נא. זעט רש״י, רלב״ג פסוק נ דאָרט.

ד) פר״א פרק לג; י״ש שמואל א׳ קמ.
לויט רד״ק שמואל א׳, כח, ז איז צפניה הנביא׳ס ווייב געווען אבנר׳ס מוטער. דער רד״ל אין פר״א פרק לג סימן עב זאָגט אַז דער רד״ק דאָרט רעדט דערפון, אָבער דער רד״ק זאָגט דאָך אַנדערש ווי דער פרקי דרבי אליעזר. קוקט אַריין אין ביידע ערטער.

ה) שמואל א׳, יד פסוקים נ און נא, און זעט דאָרט רש״י און רלב״ג פסוק ב.

ו) שמואל א׳, יד, נא; יז, נה־נז; כ, כה; כו, טו; שמואל ב׳ קאַפּיטל ג; דברי הימים א׳, כז, כא־כט.

ז) שמואל ב׳, ב, ח און ג, לח.

ח) שמואל א׳, כו, טו. אין שמואל ב׳ ג, לח ווערט ער אָנגערופן „גדול".

איבערגעגעבן. ער איז שטענדיק געווען מיט אים און האָט אים קיינמאָל פאַר־לאָזט. ווען שאול האָט פאַרפאָלגט און נאָכגעיאָגט דוד'ן, איז ער אויך געווען מיט אים. אַפילו נאָך שאול'ס טויט איז אבנר געבליבן אים געטריי. ער האָט גע־קרוינט שאול'ס זון איש־בושת אַלס מלך, און איז ניט איבערגעגאַנגען צו דוד'ן, ט).

**האָט אבנר מלחמה געהאַלטן קעגן דוד'ס אַרמיי?**

יאָ. ער האָט עס געטאָן זעהר אומ־גערן. ער האָט אַפילו פאַרגעשלאָגן אויס־צוקלייבן צוועלף סאָלדאַטן, זיי זאָלן זיך שלאָגן. אָבער אַזוי ווי זיי זיינען אַלע אומגעקומען און פאָלגלעך גאַרניט אָנט־שידן, האָט אויסגעבראָכן אַ שווערע שלאַכט. אבנר און זיין אַרמיי האָבן צוריקגעטראָטן. ניט ווילנדיק, כמעט גע־צוואונגענערהייט, האָט ער גע'הרג'ט עשהאל'ן, דוד'ס פעלדמאַרשאַל יואב'ס ברודער. ערשט ווען אבנר האָט אויס־געשריען צו יואב'ן „הלנצח תאכל חרב"?! זאָל די שווערד טאָקע אייביק פאַרצערן, ערשט דאַן האָט די מלחמה אויפגעהערט, י).

**ווי אַזוי זיינען געווען די באַציאונגען צווישן אבנר'ן און דעם קעניג איש־בושת?**

זעהר גוטע. אָבער ווען איש בושת האָט פאַרדעכטיקט אבנר'ן אין האָבן באַ־ציאונגען מיט שאול'ס קעבס־ווייב רצפה בת איה, האָט דאָס אבנר'ן שטאַרק פאַר־דראָסן, און ער האָט אויסגעשריען: „צי בין איך דען אַ הונטס קאָפּ פון יהודה?! איך טו היינט צו טאָג גנאָד מיט דיין פאָטער שאול'ס הויז, מיט דיינע פאַר־וואַנדטע און פריינט. איך האָב דיך ניט איבערגעגעבן אין דוד'ס האַנט, און דו וואַרפסט מיר היינט פאָר אַ זינד מיט אַ פרוי"!...

„אַזוי ווי דער אויבערשטער האָט גע־שוואוירן צו דוד'ן, אַזוי וועל איך אים טאָן — אַריבערצופירן די מלוכה פון שאול'ס הויז און אויפשטעלן דוד'ס טראָן איבער ישראל און איבער יהודה פון דן ביז באר שבע".

גערעדט און געטאָן. ער איז אַוועק צו דוד'ן; האָט מיטגעבראַכט צו אים זיין ווייב מיכל, און האָט געשלאָסן מיט דוד'ן אַ בונד. אָבער אויפן וועג צוריק האָבן דוד'ס פעלדמאַרשאַל יואב און זיין ברודער אבישי גע'הרג'ט אבנר'ן פאַר זיין טויטן זייער ברודער עשהאל.

דוד המלך האָט עס שטאַרק פאַר־דראָסן. ער האָט אויסגערופן אַז ער און זיין מלוכה זיינען ריין פון אבנר'ס בלוט. עס זאָל פאַלן אויף יואב'ס קאָפּ. ער האָט געהייסן דעם גאַנצן פאָלק צו צע־רייסן זייערע קליידער, אַנגאַרטלען זיך און קלאָגן אויף אבנר'ן. ער אַליין איז געגאַנגען נאָך דער מטה, און מען האָט באַערדיקט אבנר'ן אין חברון. דוד המלך האָט שטאַרק געוויינט ביים קבר, און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געוויינט מיט אים, כ).

**איז אבנר געשטאָרבן אַ נאַטירלעכן טויט?**

ניין. די ברידער אבישי און יואב האָבן אים דערמאָרדעט, ל).

**ווי אַזוי האָט דוד באַוויזן אַז ער איז געווען אינגאַנצן אומשולדיק אין אבנר'ס טויט?**

---

ט) שמואל א', יז, נה־נח און כ, כה; קאַפּיטל כו, פסוקים ה, יד, טו; שמואל ב', ב, ח־יב.

י) שמואל ב', יב ביז ענדע קאַפּיטל.

כ) שמואל ב', ג, פון פסוק ז ביז ענדע קאַפּיטל.

ל) שמואל ב', ג, ל.

ווען ער איז נאָכגעגאַנגען נאָך אבנר'ס מטה ביי דער לויה, איז ער געגאַנגען פון צווישן די מענער צו די פרויען און פון צווישן די פרויען צו די מענער, דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זען אַז ער האָט געהאַט גאָרניט צו טאָן מיט אבנר'ס מאָרד, מ).

**פאַרוואָס איז אבנר גע'הרג'ט געוואָרן?**

ווייל ער האָט ניט געלאָזט שאול'ן איבערבעטן דוד'ן, און פאַר נאָך אור־זאַכן, נ).

**האָט אבנר איבערגעלאָזט קינדער?**

יאָ, אַ זון יעשיאל, ער איז געווען דער הויפּט פון שבט בנימין אין דוד המלך'ס צייטן, ס).

## אבצן

**ווער איז געווען אבצן?**

דער צענטער שופט (ריכטער) ביי די אידן און יפתח'ס נאָכפאָלגער. ער האָט געהאַט דרייסיק זין און דרייסיק טעכטער. ער האָט גע'משפט די אידן זיבן יאָר. ער איז געשטאָרבן אינעם יאָר 1169 פאַר דער איצטיקער צייטרעכע־נונג. לויט די חכמים ז"ל איז ער געווען בועז, ע). ער ווערט אויך באַצייכנט מיט יהודה, פ). אגב, שופט אין יענע צייטן האָט געמיינט דער פירער פונעם פאָלק ווי, צום ביישפּיל, אַ פּרעזידענט אין אַמעריקע, צ).

**וואָס מיינט אבצן?**

אינעם חלק פון שבט יששכר איז גע־ווען אַ געגנט מיטן נאָמען אבץ, קען זיין אַז עס נעמט זיך דערפון, ק).

## אברהם

**איז אמת אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן אין אברהם אבינו'ס זכות?**

אַזוי זאָגן אונזערע חכמים ז"ל. עס ווערט אָפּגעלערנט פונעם וואָרט „בהבר־אם", ווען זיי זיינען באַשאַפן געוואָרן, וואָס האָט די זעלבע אותיות ווי אב־רהם, א).

מ) סנהדרין כ, א; י"ש שמואל ב', אַנהויב קמב.

נ) פאַרגלייכט: ויק"ר כו, ב; י"ש שמואל א', קלג און זעט קלו.

ס) דברי הימים א', כז, כא.

ע) בבא בתרא צא, א; תרגום רות א, א און ו; ד, כא; ר"ר ג, יט, ו; י"ש שופטים סח און רות תרא; רש"י שופטים יב, ח; סדר הדורות מט, ג.

פ) שי"ר ד' אויפן פסוק ז, און פאַר־גלייכט מיט י"ש ויחי קנט.

צ) שופטים יב, ח־ט. זעט: אלימלך, בועז.

ק) יהושע יט, כ.

א) בראשית ב, ד. ב"ר יב, ט; יד, טו; מה, ח; פתיחתא רות רבה ז; תנח"ב בראשית טז און לך לך ד; חיי שרה ו; פר"כ ר, ב, הוצאת אום; שו"ט קד, טו; סרד כא; מה"ג,א' סז; ל"ט בראשית ב, ד. זעט אומע־טום ווער עס זאָגט עס.

זעט: ירוש. חגיגה פרק ב', הלכה א; מנחות כט, ב; פ"ר פיסקא כא, זייט קט, ב; ב"ר יב, י; שו"ט סב, א, הוצאת אום.

אגב, לויט: ב"ר א, ד און י; יב, ב; ויק"ר כג, ג; במ"ר יד, ענדע יב און יג, טו; שי"ר ה, יא, ד און ז, א, א; פתיחתא ר"ר א; תנח. יתרו יד און ראה א; תנח"ב ראה ב; פ"ר פיסקא כא, זייט קט, ב; י"ש בראשית ב און יז איז די וועלט באַ־שאַפן געוואָרן צוליב דער תורה.

לויט תנח. בראשית א, צוליב די שומרי תורה, צוליב די וועלכע היטן אָפּ די תורה.

לויט ק"ר ג, יד צוליב יראה, מורא צו האָבן פאַרן וועלט־באַשעפער.

לויט: ב"ר א, ד; י"ש בראשית ב אינעם זכות פון די שבטים.

לויט: ש"ר מה, א; זהר שמות יד, ב, אונטן; י"ש בראשית ב און יז, צוליב די אידן.

לויט: ב"ר א, ד און יז; י"ש בראשית ב, אין משה רבינו'ס זכות.

**איז אמת אַז די וועלט עקזיסטירט אין אברהם אבינו׳ס זכות?**

אזוי זאָגן די חכמים ז״ל, ב).

**די חכמים ז״ל זאָגן אַז אברהם איז געווען ראוי באַשאַפן צו ווערן פאַר אָדם הראשון׳ען. פאַרוואָס זשע טאַקע ניט?**

צוליב צוויי טעמים:

דער באַשעפער האָט זיך געטראַכט טאָמער זינדיקט אברהם (ווערט קאַליע), ווער דאָך ניט זיין ווער עס זאָל קומען נאָך אים און מתקן זיין, פאַרריכטן. האָט ער באַשלאָסן צו באַשאַפן פריער אדם הראשון׳ען. אויב ער וועט קאַליע ווערן, וועט קומען אברהם און ער וועט אַלץ גוט מאַכן.

דער באַשעפער האָט אים געבראַכט אויף דער וועלט אין דערמיטן פון די דורות, ער זאָל טראָגן אויף זיינע פּלייצעס די דורות פון פאַר אים און די דורות פון נאָך אים, ג).

**זיינען אויך נסים געשען אין אברהם׳ס זכות?**

**יא.** יציאת מצרים, ד) די אידן האָבן פאַרלאָזט מצרים.

קריעת ים סוף, דער ים סוף האָט זיך געשפּאָלטן ווען די אידן זיינען אַרויסגע-גאַנגען פון מצרים, ה).

קריעת ירדן, ו) דער ירדן האָט זיך געשפּאָלטן אין יהושע׳ס צייטן.

אַפילו שיפן אינעם גרויסן ים זיינען ניצול געוואָרן אין זיין זכות, ו*).

**איז אמת אַז די שבטים האָבן באַ-דאַרפט אַרויסקומען פון אברהם׳ן?**

אזוי זאָגן די חכמים ז״ל. זיי לערנען עס אָפּ פונעם פסוק „לכן כה אמר ה׳ אל בית יעקב אשר פדה את אברהם״, ז) דערפאַר האָט דער אויבערשטער געזאָגט צום הויז פון יעקב וועלכער האָט אויס-געלייזט אברהם׳ן (פון צער גידול בנים). ווייל די טרחה פון ברענגען אויף דער וועלט די שבטים, האָט אייגענטלעך באַ-דאַרפט אַרויפגעלייגט ווערן אויף אַב-רהם׳ן. איז געקומען יעקב און ער האָט אים אויסגעלייזט, ח).

---

לויט: ב״ר א, ד; י״ש בראשית ב אינעם זכות פון חלה, מעשר, בכורים.

לויט נדרים לא, ב צוליב ברית מילה.

זעט אומעטום ווער עס זאָגט וואָס.

ב) זהר לך לך פו, ב. זעט זהר וירא קיח, ב.

אגב, לויט: חולין פט, א; י״ש ברכה תתקסד, צוליב משה רבינו און אהרן הכהן.

אַפילו צוליב איין צדיק, יומא לח, ב; י״ש שמואל א׳, פו.

אינעם זכות פון די קליינע קינדערס לער-נען, שבת קיט, ב.

אינעם זכות פון די אידן, ש״ר מח, א.

אינעם זכות פון דער תורה, פסחים סח, ב.

זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

פאַרגלייכט מיט זייט 114, נאָטע ק ביז זייט 123 נאָטע צ**.

ג) ב״ר יד, ו; קה״ר ג, ב; שו״ט לד, א; י״ש יהושע ענדע כג. זעט איבעראַל ווער עס זאָגט עס.

ד) ש״ר טו, י; מ״א בשלח טו, א; מדרש ילמדנו; י״ש יהושע טו.

ה) מר״י בשלח מסכתא ב, פרשה ג; מר״ש 48 און 119; ב״ר נה, ח; ש״ר כא, ח; קה״ר י, ט; זהר תרומה קע, ב; ש״ט בשלח יד, לא; שו״ט לד, א; מה״ג,ב׳ 142; י״ש וירא צח; בשלח רלג; יהושע טו; חבקוק תקסה; תהלים ענדע תתסג; יל״ה קה, מו. און זעט איבעראַל ווער עס זאָגט וואָס.

ו) מדרש ילמדנו; י״ש יהושע טו.

לויט: ב״ר עו, ה; שי״ר ד, פסוק ד, אות ה; מה״ג, א׳ לב, יא; י״ש וישלח קלא, און אַן אַנדער מיינונג אין י״ש יהושע טו זיינען די אידן אַריבער דעם ירדן אין יעקב׳ס זכות.

ו*) ב״ר לט, יא. זעט יבמות סג, א.

ז) ישעיה כט, כב.

ח) סנהדרין יט, ב און רש״י אונטערן וואָרט שפדאו.

אבער דער מדרש טייטשט דעם פסוק: ... וועלכער האט אויסגעלייזט אברהם׳ן פונעם קאלך אויוון, ט).

**איז אמת אז דניאל איז געענטפערט געוואָרן אין אברהם׳ס זכות?**

אזוי זאָגן אונזערע חכמים ז״ל, י).

## באצייכענונגען און טיטולן

**פאַרוואָס ווערט א׳ אָנגערופן אברהם אבינו?**

ווייל ער איז אונזער פאָטער. ער איז דער פאָטער פונעם אידישן פאָלק.

ער איז אויך דער ערשטער פון די „אבות העולם״, פון די פאָטערס פון דער וועלט, נעמלעך: אברהם, זיין זון יצחק און יצחק׳ס זון יעקב, כ).

אגב, אויך יוסף הצדיק, משה רבינו, אהרן הכהן, דוד המלך (לויט אנדערע גירסאות, ווערסיעס, פנחס אויפן אָרט פון יוסף) ווערן באַצייכנט אָלס אָבות מיט וועלכע דער אויבערשטער האָט געשלאָסן אַ בונד, ל).

**איז א׳ געווען דער ערשטער צו רופן דעם אויבערשטן „אדון״, האַר?**

יאָ. זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, ביז אברהם איז געקומען האָט אים קיינער גערופן „אדון״, מ).

**אברהם ווערט אָנגערופן „אבינו״, אונזער פאָטער. האָט ער נאָך באַצייכענונגען, טיטולן?**

יאָ. ער ווערט באַצייכנט אָלס:

**אב המון גוים, נ).**

און די אותיות פון **אב המון** מאַכן:

**א**ב נתתיך לאומות, ווי אין פסוק שטייט „והיית לאב המון גוים״, ס) איך האָב דיך געמאַכט פאַרן פאָטער פון פילע פעלקער.

**ב**חור נתתיך באומות, ווי אין פסוק שטייט „אתה הוא ה׳ האלקים אשר בחרת באברם״, ע) דו ביזט דער אויבערשטער וועלכער האָט אויסדערוויילט אברם׳ן.

**ח**ביב נתתיך באומות, ווי אין פסוק שטייט „זרע אברהם אוהבי״, פ) די זאָמען פון אברהם מיין ליבהאָבער.

**מ**לך נתתיך באומות, ווי אין פסוק שטייט „נשיא אלקים אתה בתוכנו״, צ) אַ געטלעכער פירשט ביזטו צווישן אונז.

---

ט) ב״ר סג, ב; ויק״ר לו, ד; תנחומא תולדות ד און שמות ד; מה״ג,א׳ תקנה; אגדת בראשית, בראשית פרק לז און פרק סד; י״ש אָנהויב תולדות; רש״י ישעיה כט, כב.

לויט תנח״ב אָנהויב תולדות מיינט דער פסוק אַז אין יעקב׳ס (אויך אין יצחק׳ס) זכות איז אברהם גרויס געוואָרן.

י) ברכות ז, ב; מה״ג,א׳ טו, ב; י״ש לך לך עז.

כ) תנחומא מקץ אָנהויב ט.

ל) כלה 243; דרך ארץ 65; זעירות 74; זהר האזינו תוספת שא, ב — שב, א, סימן ח; י״ש פינחס תשעב; יל״ה לא, ל און פט ז; תורה 100.

מ) ברכות ז, ב, ערשטע דריי שורות און זעט דאָרט תוספות; מה״ג, א׳ טו, ב; י״ש לך לך עז.

נ) בראשית יז, פסוקים ד און ה.

ס) בראשית יז, ה. זעט 108, נאָטע ל.

ע) נחמיה ט, ז און זעט טיטול „בחור״ זייט 47, נאָטע ח*.

פ) ישעיה מא, ח, און זעט טיטול „אוהבי״, זייט 46, נאָטע ג.

די גמרא דרש׳נט פיל מאָל אַ „ה״ ווי אַ „ח״. צום ביישפיל בהדרת קודש — בחרדת קודש (ברכות ל, ב); קודש הלולים — קודש חלולים (ברכות לה, א); בהלה — בחלה (שבת לב, ב); אין שבת נה, ב דרש׳נט די גמרא פחז כמים ווי אַ „ה״; גיהנם — על עסקי חנם (עירובין יט, א); מהיות משה — מחיותי׳ דמשה (פסחים פט, א); בית השלחין — ... ואת משלהי (מועד קטן ב, א, און רש״י דאָרט זאָגט אַ „ה״ פאַרבייט זיך אויף

**ותיק** נתתיך באומות, אַן עניו אַ ליבהאָבער פון מצוות האָב איך דיך געגעבן צווישן די פעלקער: און אברהם איז דאָך געווען בײדע. ער האָט געזאָגט אויף זיך „ואנכי עפר ואפר", **ק)** איך בין ערד און אַש; און „וישכם אברהם בבקר",**ר)** און אברהם האָט זיך געפעדערט אין דערפרי צו טאָן די מצוה, **ש)**.

**נאמן** נתתיך באומות, ווי אין פסוק שטייט „ומצאת את לבבו נאמן לפניך", **ת)** און דו האָסט געפונען זײן האַרץ געטריי פאַר דיר.

**אב הגרים, א)** דער פאָטער פון די גרים;

**אב לכל העולם, א1)** דער פאָטער פון דער גאַנצער וועלט;

**אדיר, א*)** שטאַרק, גרויס, מעכטיק;

**אדם, ב)** מענטש;

**אוהבי, ג)** מײן ליבהאָבער, מײן פרײנט. דער אויבערשטער האָט אים אַזוי גערופן, **ד)**;

**אור, ד*)** ליכט;

**אור היום, ה)** דאָס ליכט פון טאָג; (נהורא דיומא);

**אחד, ה*)** אײנציקער;

**אחות, ה**)** פאַראײניקער, ווײל ער האָט פאַראײניקט די וועלט פאַרן באַשעפער פון דער וועלט.

**איש, ה***)** מענטש;

---

אַ „ח"); תהיה — תחיה (מנחות נג, א); מהונך — מחונך (ירושלמי פאה פרק א, הלכה א); אלה — „א" איז אײנס, „ל" איז דרײסיק און „ה" איז אַכט (ירושלמי שבת פרק ז, הלכה ב); זונה — זונח (פסיקתא רבתי פיסקא מא).

**צ)** בראשית כג, ו. אַז אברהם האָט זוכה געווען צו מלכות, און אַז ער האָט געקיניגט פינף און דרײסיק יאָר בײ זײן פאָטער תרח'ס לעב־צײט, זעט טיטול „מלך", זײט 49, נאָטע צ.

**ק)** בראשית יח, כז.

**ר)** בראשית כב, ג.

**ש)** זעט: טיטול עניו, זײט 49, נאָטע ב*; וישכם... זײט 164, נאָטן נ און ס; רש"י ברכות ט. ב אונטערן וואָרט ותיקין.

**ת)** נחמיה ט, ח; שבת קה, א. זעט תורה תמימה בראשית יז, ד, סימנים יא־טז.

**א)** תנחומא לך לך ו; תנח"ב לך לך ו. זעט: תחילה לגרים, זײט 51, נאָטע ג.

**א1)** ילקוט ראובני, בראשית 67.

**א*)** אר"ן נוסחא א, פרק ד.

**ב)** זעט האדם הגדול בענקים, זײט 47.

**ג)** ישעיה מא, ח. זעט זײט 48, נאָטע ב.

**ד)** זעט: תנח"ב וירא לו און שלח ג; תנח. שלח ג און כי תצא ד; ב"ר מא, ח; ויק"ר יא, ז און כט, יא; במ"ר טז, ג; א"ר פתיחתא דף ג; אר"ן ב, מג; מר"ש ע; מר"י יתרו, בחודש ו; ספרי שלח קטו, הוצאת אום; זהר תזריע נב, א; פר"כ קנה, א, הוצאת אום; פ"ר קסה, ב; שו"ט עו, ג, הוצאת אום; י"ש וירא צא; ילקוט א', פרק ב' פסוק ג, עמוד כא; פרק ז, פסוק א, עמוד נט; מה"ג,א' קכג. פאַרגלײכט ב"ב ק, א.

זעט „רע אביך", זײט 51, נאָטע ל**.

**ד*)** ב"ר ב, ד; ש"ר טו, כו; זהר לך לך עח, ב.

**ה)** זהר תולדות קמא, ב.

**ה*)** זעט די פאַרשידענע נוסחאות און ווער עס זאָגט זײ אײן: פר"כ קנג, ב; פ"ר מה, א קה, א און קסט, א; ויק"ר כט, ו; במ"ר י, ה; י, יב און יד, יא; שי"ר ו, יג און ח, ט; ק"ר ד, ח; תנח"ב נח, כד; שו"ט נג, ב, הוצאת אום; אג"ב ג, קא; מה"ג,א' 307.

**ה**)** שיר השירים ח, ח. ב"ר לט, ג; שי"ר ח, אויפן פסוק ח; תנח. לך לך ב; תנח"ב לך לך ב; י"ש אַנהויב לך און שי"ר תתקצד. אחות איז פונעם וואָרט אחה, פאַרבינדן, באַהעפטן, פאַרלאַטן. זעט רש"י שיר השירים ח, ח און אויך „נתאחו" אין פר"כ מז, א, ערשטע שורה. זעט 115, ג.

**ה***)** בראשית רבה נד, א. זעט ע"ז יח, ב־יט, א, וואו עס ווערט געזאָגט אַז „אַשרי האיש אשר לא הלך בעצת רשעים" (אָנהויב תהלים), ווײל דעם מענטשן וועלכער איז ניט געגאַנגען אין דער עצה פון

**איש טוב, ו)** אַ גוטער מענטש;
**איתן האזרחי, ו*)**;
(נשיא) **אלקים, ז)** הימלישער פירשט;
**אשכול, ח)** אַ הענגל;
**בחור, ח*)** אויסדערוויילטער;
**בחור מעם, ט)**; אויסדערוויילטער פו־נעם פֿאָלק.
**בעל תורה, י)**;
**בר לבב, י*)** אַ לויטער האַרץ;
**גבור, כ)** העלד;
**גבעה, כ*)** שפּיץ באַרג;
**גדול, ל)** אַ גרויסער, וויכטיקער מענטש;
**גדול בגרים, ל*)** דער גרעסטער פון די גרים;
**גדול הדור, מ)**;
**גדול העולם, נ)** דער גרויסער מענטש פון דער וועלט, וועלטבאַרימטע פּערזענ־לעכקייט;
**גדול שבאבות, ס)** דער גרעסטער פון די אבות;
**האדם הגדול בענקים, ס*)** דער גרעס־טער מענטש צווישן די ריזן;
**הולך צדקות, ע)** ער גייט אין רעכט־פֿאַרטיקייט;
**הולך תמים, פ)** ער גייט ערלעך;

---

די רשעים מיינט אברהם'ן. עס זיינען פֿאַראַן מערערע סינאָנימען אין לשון הקודש פֿאַר „מענטש", און „איש" ווערט באַטראַכט אַלס וויכטיקסטער.

אגב, עס זיינען פֿאַראַן צען סאָרטן מלאכים. חיות הקודש זיינען פון דער סאַמע העכס־טער מדרגה. די פון דער צענטער, לעצטער מדרגה הייסן „אישים", ווייל זיי זיינען די יעניקע וועלכע האָבן גערעדט מיט די נביאים, מיט אישים, מענטשן. זעט רמב"ם, מדע, הלכות יסודי התורה פרק ב, סימן ז.

ו) במדבר רבה יד, ב.

ו*) בבא בתרא טו, א; תרגום, רש"י תהלים פט, א; תנחומא חוקת ו; תנח"ב חוקת יב; ויק"ר ט, א; במ"ר יט, ג; ק"ר ז, כג, א; פר"כ פיסקא ד, לד, ב; פ"ר פיסקא יד, ס, א; רש"י בבא בתרא ענדע יד, ב.

זעט: ש"ר ט, א; תנח"ב קרח יג; רש"י, רד"ק מלכים א', ה, יא; רש"י ד"ה א', ב, ו.

ז) בראשית כג, ו. שו"ט א, ד.

ח) תנחומא שלח ט. זעט: נחמיה ט, ז; תנח"ב לך לך, יב.

ח*) אר"ן ב, מג; ויק"ר א, ד; תנח. לך לך יד; במ"ר ג, ב; ילקוט א, מא, ז, קכ; מה"ג,א 225.

ט) תהלים פט, כ און זעט דאָרט אבן עזרא. תנח"ב לך לך יח; תנחומא לך לך י; ויק"ר א, ד; י"ש תהלים תתמ. זעט שבת קה, א.

י) מדרש אגדה לך לך יד, טו.

י*) תהלים כד, ד. ב"ר נט, ה. זעט איינצל־הייטן אין שו"ט כד, ח, הוצאת אום.

כ) זעט: תהלים פט, כ; תנח"ב לך לך יח און וירא כד; תנחומא לך לך י; י"ש תהלים תתמ.

כ*) פר"א פרק מח, הוצאת אום און זעט דאָרט רד"ל סימן כ; ספרי הברכה שנג. פֿאַר־גלייכט: ר"ה יא, א; י"ש שיר השירים תתקפו אויפן פסוק מדלג על ההרים. זעט טיטול הר, זייט 48, נאָטע צ.

ל) י"ש יהושע כג.

ל*) שמות רבה פרשה א, ענדע מב.

מ) קידושין לב, ב.

נ) סיפרי עקב פיסקא לח; מר"י נט, א; מה"ג,א' 1271.

ס) ש"ר פרשה א, ענדע מב. זעט „ראש לאבות", זייט 50, סימן י.

ס*) יהושע יד, טו און רש"י דאָרט. מסכת סופרים פרק כא, הלכה ט; ב"ר יד, ו; מג, ג; ק"ר ג, יא; י"ש יהושע כג; משלי תתקסא. זעט זייט 55, נאָטע ר.

זעט מגנ"א וירא י, א.

ע) ישעיה לג, טו; מכות כד, א; ב"ר מח, ו; י"ש ישעיה שד. זעט: תנח. חיי שרה ד; מה"ג,א' 261־262; צדיק, זייט 50, ז.

פ) מכות כד, א. זעט: בראשית יז, א; תהלים טו, ב; זהר ויצא קסא, א; שו"ט טו, ו; י"ש תהלים תרסה. זעט „תמים" זייט 51, נאָטע ס.

**הולם, פ*)** קלאַפּער; **הר, צ)** באַרג;

**הר הגדול, צ*)** דער גרויסער באַרג;

**ותיק, ק)** נעמלעך אַן עניו, באַשיידן, און האָט ליב צו טאָן מצוות. און אברהם איז געווען ביידע. ער האָט געזאָגט אויף זיך „ואנכי עפר ואפר", **ר)** איך בין ערד און אַש, און „וישכם אברהם בבֿקר", **ש)** און אברהם האָט זיך געפּעדערט אין דערפרי צו טאָן די מצוה, **ת)**.

**זהב, א)** גאָלד;

**זורע צדקה, א*)** זייט גערעכטיקייט;

**חביב, ב)** באַליבטער;

**חכם, ג)** קלוגער;

**חכם לב, ד)** קלוג האַרץ;

**חן, ה)** גראַציע; **חסיד, ו)** פרומער;

**טהר לב, ו*)** ריין האַרץ;

**טוב, ז)** גוטער;

**ידיד, ז*)** פריינט;

**יונתי תמתי, ח*)** מיין טויב, מיין אומשולדיקע, (מיין פּערפעקט טייבעלע);

**יחיד, ח)** איינציקער;

**יחידו של עולם, ט)** דער איינציקער אויף דער (ערדישער) וועלט;

**ירא אלקים, י)** האָט מורא פאַרן אויבערשטן (אויבערשטנס־פאַרכטיקער);

**ירא חטא, י*)** זינד־פאַרכטיקער;

**ירא שמים, כ)** הימלס־פאַרכטיקער;

**ישר, ל)** רעכטפאַרטיקער;

**ישר מן הישרים, מ)** רעכטפאַרטיקער פון די רעכטפאַרטיקע; **ישראל, מ*)**;

**כבוד, נ)** ערע;

**כהן, כהן גדול, ס)** דער אויבערשטער האָט אוועקגענומען די כהונה פון שם בן

---

**פ*)** ב"ר מד, ז; י"ש ישעיה תמט; רש"י ישעיה מא, ז.

**צ)** ב"ר נ, יא; פ"ר פיסקא ג; י"ש וירא פד און מלכים א' רט; ספרי הברכה שנג; תנח. וירא ג און תצוה יג; תנח"ב וירא ד און תצוה י; שי"ר ד, ו. זעט פסחים פח, א. זעט זייט 47, נאָטע כ*.

**צ*)** פ"ר י, א.

**ק)** רש"י ברכות ט, ב אונטערן וואָרט ותיקין. **ר)** בראשית יח, כז.

**ש)** בראשית כב, ג.

**ת)** זעט עניו זייט 49, און וישכם, זייט 164, נאָטן נ און ס.

**א)** שמות רבה מט ענדע ב.

**א*)** משלי יא, יח. ב"ר מד, ג; תנח. לך לך יב. זעט: ילקוט א' פרק נו, פסוק א, 221; „רודף צדקה" זייט 50, נאָטע כ*.

**ב)** שבת קה, א. זעט תנח. וירא ה; פר. קו, א; זעט חביב זייט 45; אוהבי, 46.

**ג)** תנחומא באבער וירא ז. זעט תנח"ב צו, יב; תנח. שמות א; ש"ר א, א; ק"ר ז, יט; פ"ר קג, א.

**ד)** בראשית רבה נב, יג.

**ה)** שו"ט (מדרש תהלים) א, ד; תנח"ב וירא ז. זעט תנח. וירא ה.

**ו)** זעט: תהלים פט, כ. תנח"ב לך לך יח; תנחומא לך לך י; י"ש תהלים תתמ; תנח. ויצא ג; זהר בראשית מא, א און וירא קיב, ב; ויק"ר יא, ה; ב"מ,א קמט.

אגב, רש"י תהלים פט, כ באַציט „בחזון לחסידיך" אויף נתן הנביא און גד החוזה.

דער אבן עזרא דאָרט באַציט עס אויף די משוררים ווי הימן און איתן וועלכע ווערן אָנגערופן חוזים און נביאים.

**ו*)** בראשית רבה מא, ח. זעט: במ"ר יט, א; תנח. חוקת ג; שי"ר ד, ו.

**ז)** ל"ט אָנהויב תולדות.

**ז*)** אר"ן ב, מג; ספרי שנב; מנחות נג, א־ב, תוספות דאָרט; רש"י שבת קלז, ב „מבטן"; תוספות אונטערן וואָרט ידיד.

**ח*)** שיר השירים ה, ב. ב"ר צ, א; צד, א.

**ח)** תנחומא באבער לך לך יב און ויקרא ה; תנח. ויקרא ג.

**ט)** תנח"ב לך לך כו. אין: ב"ר ל, י; י"ש נח נ שטייט שהיה כוחו יפה. זעט אומעטום ווער עס זאָגט וואָס.

**י)** בראשית כב, יב. זעט שו"ט כה, יב.

**י*)** זהר תזריע נב, א; מה"ג,א' 259.

**כ)** י"ש לך לך ענדע עו און וירא פב.

**ל)** ילקוט שמעוני וירא פב.

**מ)** ב"ר מט, ב. **מ*)** י"ש תולדות קי.

**נ)** שו"ט (מדרש תהלים) א, ד.

**ס)** נדרים לב, ב; פרקי דרבי אליעזר

נח און האט זי איבערגעגעבן אברהם'ן;
**מגדל, ע)** טורעם;
**מגן, ע*)** פאנצער, באשיצער;
**מור, פ)** מירע; **מחליק פטיש, פ*)**;
**מלך, צ)** ער האט זוכה געווען צו מלכות;
**מנהיג, ק)** פירער;
**מציאה, ר)** דער אויבערשטער האט געפונען דריי מציאות: אברהם'ן, דוד'ן און די אידן;
**נאמן, ש)** באגלויבט, געטריי, איבערגעגעבן; **נביא, ת)**;
**נדיב, א)** אדלמאן, אדעליגער, וואוילטעטיקער, פרייגיביקער, גרויסמוטיקער;
**נהורא דיומא, זעט אור היום, זייט 46;**

פרק ח; פסיקתא רבתי פיסקא בחדש השביעי קע, א; ב"ר מו, ה און נה, ו; ש"ר ענדע פרשה ב; ויק"ר כה, ו; במ"ר ד, ח; ד"ר ב, ז; תנחומא שמות יט; תנח"ב תולדות יב; מדרש הגדול לך לך ריח; י"ש לך לך סג, עד און וירא אנהויב צו; רש"י בראשית יד, כ.

זעט זייטן: 70 נאטע ד, 71 נאטע ה, 170 נאטע ק.

ע) אגדת בראשית.

ע*) שו"ט א, ד.

פ) תנחומא וירא ב; תנח"ב וירא ד; אג"ב יט, לט; שי"ר א פסוק יג, און ג, ה.

פ*) זעט: ב"ר מד, ז און רד"ל; י"ש ישעיה תמט; רש"י ישעיה מא, ז.

צ) ב"ר מב, ה; מג, ה; אנהויב נה און סימן ו; ש"ר ענדע פרשה ו; במ"ר טו, יד; ד"ר ב, ז; ק"ר ב, טו און ד, יג; תנחומא לך לך יג; שמות יח און בהעלותך ט; תנח"ב בהעלותך יז; סא"ר פרק ב, כח; מה"ג,א' לך לך קצז און ריח; ל"ט לך לך יד פסוקים ג און יז; י"ש לך לך עב, וירא צו; רש"י בראשית כג, יז.

אז אברהם האט געקיניגט פינף און דרייסיק יאר ביי זיין פאטער תרח'ס לעבצייט, זעט י"ש לך לך אנהויב עז, און זית רענן דארט.

**נקי כפים, א*)** ריינע הענט;
**עבדי, א**)** מיין (דעם אויבערשטנס) קנעכט;
**עברי, א***);**
**עיקר היחוס, א*****);**
**עמוד, ב)** זייל, איינער פון די דריי זיילן אויף וועלכע די וועלט שטייט. די אנדערע צוויי זיינען יצחק און יעקב;
**עניו, ב*)** באשיידענער. ער האט דאך געזאגט „ואנכי עפר ואפר", **ג)** און איך בין ערד און אש.

אגב, אויך משה רבינו און דוד המלך זיינען געווען ענוים. דער סימן איז **אד"ם**, אברהם, דוד, משה.

**און איצט — א שיינעם טייטש פון ר' יונתן אייבישיץ ז"ל:**

„עפר" איז טאקע בלויז ערד. אבער ווען מען בעארבעט עס, ברענגט עס

ק) ב"ב צא, ב ערשטע שורה.

ר) ב"ר כט, ג; י"ש הושע תקכה און נחמיה תתרעא.

לויט מ"א נח, יא, י צוויי מציאות, אברהם'ן און דוד'ן.

ש) נחמיה ט, ח. זעט שבת קה, א. אז אפילו דער שטן האט עס באשטעטיקט זעט בבא בתרא טו, ב.

ת) בראשית כ, ז. זעט זייט 143, נאטע ח.

א) סוכה מט, ב; חגיגה ג, א; שי"ר ז, ב, ג.

א*) תהלים כד, ד. ב"ר נט, ה; ש"ר א, א; תנח. שמות א. זעט שו"ט כד, ח.

א**) בראשית כו, כד.

א***) בראשית יד, יג. וועגן דער באדייטונג פונעםווארט זעט: ב"ר ענדע מב; י"ש לך לך עב; ל"ט לך לך יד, יב (יג); רש"י בראשית יד, יג.

א*****) במדבר רבה יג, יד.

ב) שו"ט א, טו; שי"ר ז, ח.

ב*) זעט: רש"י ברכות ט, ב אונטערן ווארט ותיקין; ברכות ו, ב; תנח. לך לך יג; תנח"ב לך לך טז; מדרש גדול וגדולה קכב.

ג) בראשית יח, כז.

פּרוכט, תבואה, גראָז. עפר, אַלזאָ, האָט אַ גלאָררייכע צוקונפט. „אפר", אַש, האָט קיין צוקונפט. אָבער עס האָט אַ פאַרגאַנגענהייט, איידער עס איז דערפון געוואָרן אַש, איז עס דאָך געווען עפּעס. און אָט דאָס האָט אברהם גע'טענה'ט אין זיין עניוות: ער איז „עפר ואפר", נעמלעך זיין פאַרגאַנגענהייט איז „עפר", און זיין צוקונפט איז „אפר", — זיין אייגענע פּערזאָן האָט געהאַט און וועט האָבן קיין שום באַדייטונג. דער עיקר איז זיין לערע.

**עיקרו של עולם, ד*)** דער הויפּט, דער וואָרצל פון דער וועלט;

**עקרן של ישראל, ד)** דער הויפּט, דער וואָרצל פון די אידן;

**עשיר, ה)** רייך;

**פּרי עץ הדר, ו)** פּרוכט פון אַ שיינעם בוים;

**צדיק, ז)** גערעכטער;

**צדיק יסוד עולם, ח)** צדיק, דער פונדאַמענט פון דער וועלט;

(**אהבת) צדק, ח*)** (האָסט ליב געהאַט) גערעכטיקייט;

**צור, ח**)** אַ פעלז;

**צורף, ח***)** אַ שמעלצער;

**קברינטא, ט)** (קברניטא?), פירער, שיפס־קאַפּיטאַן;

**קדוש, ט*)** הייליקער;

**ראש אמנה, ט**)** דער ערשטער גלויביקער;

**ראש לאבות, י)** ערשטער פון די אבות;

**ראש למולין, י*)** דער ערשטער פון די גע'מל'טע;

---

ד) פסיקתא דרב כהנא פיסקא ב' יז, ב, הוצאת אום.

ה) ב"ר נה, א און ו; זעט פ"ר ט, ב. אין סא"ר פרק ה, עמוד כח שטייט „עשיר גדול", אַ גרויסער גביר.

ו) ויקרא כג, מ. פר"כ קפד, א, הוצאת אום; ויק"ר ל, י.

ז) ברכות ט, ב ערשטע שורה; מגילה יא, א; סוטה יא, א; סנהדרין צו, א; מכות כד, א; ירושלמי עבודה זרה אָנהויב פרק ב; פר"א פרק כז; ספרי תצא פיסקא רפו; סא"ר 59; ב"ר יט, ז; לה, ב; ענדע פרשה מט; נה, י; נח, ד און ז; ס, ז; ש"ר כה, ה; במ"ר ב, יב; יט, לג; שי"ר יא, ד; תנח. לך לך ה און יג; וירא ענדע יג און כא; מקץ ו; צו יג; שמיני ב; אחרי א; תצא ד און ה; תנח"ב לך לך ח, און כו; שו"ט ה, ה; לד, א און עו; מ"א וירא יח, טז; ל"ט וירא יח; יח און כב, יד; י"ש נח סא, וירא פב און קב; אָנהויב חיי שרה; זכריה תקעט; תהלים תשלא, תתיד; פר"כ י, א, הוצאת אום, און אין נאָך פילע ערטער.

זעט: שו"ט קיח, יא; תנח"ב נח, א.

לויט במדבר רבה ב, יב איז אין די צוואַנציק דורות פונעם וועלט באַשאַף ביז אברהם'ן ניט געווען אַ צדיק. עס מיינט פאַרשטייט זיך אַזאַ צדיק ווי אברהם. ווייל נח ווערט דאָך אָנגערופן „צדיק תמים" (בראשית ו, ט), און דער אויבערשטער האָט דאָך אים געזאָגט „אותך ראיתי צדיק" (בראשית ז, א), דיך האָב איך געזען גערעכט. (זעט מהרז"ו במדבר רבה ב, יב). זעט זייט 47, סימן ע.

ח) משלי י, כה. שו"ט לד, א. אגב, אויך אדם הראשון, נח ווערן דאָרט אַזוי באַצייכנט.

ח*) פ"ר לג, קנ, א. תהלים מה, ח און זעט דאָרט אבן עזרא.

ח**) ב"ר נב, א; תנח. וירא כג; תנח"ב פקודי ה; שו"ט נג, ב.

ח***) ב"ר מד, ז; י"ש ישעיה תמט; רש"י ישעיה מא, ז.

ט) ב"ב צא, ב, ערשטע שורה.

ט*) כלה, ב' ב; זעט נדרים לא, א.

ט**) ל"ט לך לך יג, יא.

י) בראשית רבה נט, ו. זעט טיטול גדול שבאבות, זייט 47, סימן ס.

י*) פתיחתא אסתר רבה י; ישעיה מא, ד.

כ) שי"ר א, יג, א; ג, ה; ה, ב; ד, ו, א. זעט ענדע נאָטע ז.

**ראש לצדיקים, כ)** דער הויפּט (דער ערשטער) פון די צדיקים;
**רודף צדקה, כ*)** יאָגט זיך נאָך גע־רעכטיקייט;
**רועה, ל)** פּאַסטוך (פונעם פאָלק ישראל אינעם רעליגיעזן און גייסטיקן זין);
**רחם, ל1)**;
**רחמן שבאבות, ל*)** דער באַרעמהער־ציקער פון די אבות;
**רע אביך, ל**)** כביכול'ס פריינט;
**שלם, ל***)** גאַנץ, פּערפעקט;
**שמש, מ)** זון;
**שר, מ*)** האר;
**שריג, מ**)** צווייג;
**תאנה, מ***)** פייג;
**תחילה לגרים, נ)** דער סאַמע ערשטער פון די גרים;
**תמים, ס)** פּערפעקט;

## געבורט

**אין וועמענס זכות איז אברהם גע־קומען אויף דער וועלט?**

אין יעקב אבינו'ס, זיין אייניקל, **ס*).**

**ווי האָט געהייסן אברהם'ס פאָטער?**
תרח, **ע).**

**ווי אַלט איז תרח געווען ווען א' איז געבוירן געוואָרן?**
זיבעציק יאָר, **פ).**

**פאַרוואָס האָט תרח גערופן זיין זון אברם?**
ווייל דער קעניג נמרוד האָט אים דער־הויבן (רם) איבער אַלע זיינע הארן, **צ).**

**האָט א' געהאַט נאָך אַ נאָמען?**
יאָ. צוערשט האָט ער געהייסן אב־רם, **ק).**

שפּעטער האָט דער אויבערשטער צו־געגעבן אַ „ה" צו זיין נאָמען, און ער האָט אָנגעהויבן הייסן אברהם, **ר).**
ער ווערט אויך אָנגערופן ישראל, **ש).**

**ווי האָט געהייסן אברהם'ס מוטער?**
אמתלאי בת כרנבו, **ת).**

---

**כ*)** ב"ר נט, ד; נח, ט; מה"ג,א' 352. י"ש חיי שרה ענדע קג. אין ל"ט חיי שרה כג, יט שטייט „רודף צדקה וחסד". זעט: משלי כא, כא; ילקוט א' פּרק נו, פּסוק א, 221; „זורע צדקה" זייט 48, נאָטע א*.

**ל)** סוכה נב, ב; שי"ר ח, יא.
אגב, אויך אדם, שת, מתושלח, יעקב און משה ווערן דאָרט אַזוי באַצייכנט.

**ל1)** זעט: חבקוק ג, ב; מחזור ויטרי כב; פערגלייכט מו"ק יז, א.

**ל*)** בראשית רבה עח, יא.

**ל**)** משלי כז, י. ש"ר אָנהויב פּרשה יתרו; תנח. יתרו ה; זעט: טיטול „אוהבי", זייט 46, ג; רש"י משלי כז, י.

**ל***)** נדרים לא, ב; מר"י נח, א. זעט טיטול תמים.

**מ)** שו"ט א, ד; תרגום, רש"י, רד"ק ישעיה מא, ב.

**מ*)** תנח. חוקת כא; במ"ר יט, כו.

**מ**)** חולין צב, א.

**מ***)** תנח"ב וירא לא.

**נ)** סוכה מט, ב; חגיגה ג, א. זעט „אב הגרים", זייט 46, נאָטע א.

**ס)** שו"ט א, ד. זהר ויצא קסא, א. זעט ב"ר אָנהויב פּרשה סב. זעט „שלם".
זעט: ב"ר מא, ח; ש"ר כה, ה; ויק"ר יא, ה; נדרים לב, א; פ"ר קצה, א; מד"ה קי, יג; זייט 47 סימן פ.

**ס*)** ויק"ר לו, ד. פאַרגלייכט אָבער מיט: סא"ר פּרק ד, קיד; סא"ז פּרק ב, קעד און י"ש נח, סא.

**ע)** בראשית יא, כו.

**פ)** בראשית יא, כו. זעט: ספר הישר נח 21; סדר הדורות יד, א.

**צ)** ספר הישר נח 21. לויט ל"ט נח יא כז, ווייל ער איז געווען אב לארם נהרים, דער פאָטער פון ארם נהרים.

**ק)** בראשית יא, כו.

**ר)** בראשית יז, ה.

**ש)** ב"ר און י"ש אָנהויב תולדות.

**ת)** ב"ב צא, א; פר"א פּרק כו, הוצאת אום; ספר הישר נח 21. אין ספר הישר יח, א — אמתלא; אין סדר הדורות יד, א און שה"ק יב — אמתלאה.

**אין וועלכן יאָר איז א' געבוירן גע־וואָרן?**

אינעם יאָר 1948 נאָכן וועלט־באַשאַף, א).

**אין וואָס פאַר אַ חודש איז א' גע־בוירן געוואָרן?**

רבי אליעזר האַלט אין תשרי, ב).

רבי יהושע האַלט אין ניסן, ג).

**איז אברהם געווען אַ גלגול פון עמיצן?**

יאָ, פון אדם הראשון'ען, ג*).

**וואו איז א' געבוירן געוואָרן?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידענ־הייטן:

אין אַ הייל אין דער מדבר, ד);

אין דער שטאָט כותא, ארם נהרים (מעסאָפּאָטאַמיע), אויף דער אַנדערער זייט טייך, ה).

**וואָס דערציילן אונז די ספרים וועגן אברהם'ס געבורט:**

אָט וואָס:

נמרוד, נח'ס אַן אור־אייניקל, האָט זיך פּראָקלאַמירט אַלס גאָט, ו) און אַלס הערשער פון דער וועלט. און אַלע פעל־קער פלעגן קומען און זיך בוקן צו אים, ז). ווען ער האָט געזען אין די שטערן אַז עס וועט געבוירן ווערן אַ מענטש וואָס וועט אים מאַכן פאַר אויס גאָט, האָט ער שטאַרק געציטערט. ער האָט זיך בעראָטן מיט זיינע קלוגע לייט. זיי האָבן אים געראָטן צו אויפ־שטעלן אַ גרויסע געביידע, און אַרויס־געבן אַ באַפעל אַז אַלע מעוברת'ע פרוי־ען מוזן קומען אַהין און דאָרט געבוירן זייערע קינדער, און די אינגעלעך זאָל מען שעכטן אויפן אָרט. האָט ער גע־פאָלגט זייער עצה און איבער זיבעציק טויזנט אינגעלעך זיינען אומגעבראַכט געוואָרן.

אין יענער צייט איז נמרוד'ס פעלד־מאַרשאַל תרח'ס פרוי געוואָרן שוואַנגער. ווען די צייט פון געבורט איז געקומען, האָט זי פאַרלאָזט די שטאָט און איז געגאַנגען דורך דער מדבר ביז זי איז געקומען צו אַ טייך נעבן וועלכן עס

---

א) סדר הדורות יד, א. זעט ע"ז ט, א, רש"י און תוספות דאָרט.

ב) ראש השנה י, ב; יא, א.

אין ירושלמי ראש השנה פרק א, הלכה ב (פאַרגלייכט תוספות ראש השנה ז, א אונטערן וואָרט „מדברי") זיינען די אָבות געבוירן געוואָרן בירח האיתנים, און דאָס מיינט תשרי.

לויט פסיקתא רבתי פיסקא ו, כד, ב איז בלויז אברהם געבוירן געוואָרן אין תשרי.

ג) ראש השנה יא, א.

ג*) סדר הדורות ט, ג; ילקוט ראובני.

ד) מעשה אברהם אבינו, אין בית המד־רש, עדיציע יעללינעק.

ה) זעט: רמב"ן און רבינו בחיי בראשית יא, כח; סדר הדורות יד, א.

ו) ישר נח 20-19; זעט בראשית י, ח; מה"ג,א' נח, קפח; מעשה אברהם אבינו כח. אגב, לויט פאָלגענדיקע קוועלן האָבן בלויז חירם דער קעניג פון צור, פרעה דער קעניג פון מצרים, נבוכדנצר דער קעניג פון בבל און יואש דער מלך פון יהודה זיך גע־האַלטן פאַר געטער, און נמרוד ווערט ניט דערמאָנט. זעט:

יחזקאל כח, ב און תרגום, רש"י, רד"ק דאָרט; סע"ר יח, לח; חולין פט, א און רש"י דאָרט; תרגום יונתן שמות ז, טו און ח, טז; ב"ר ט, ה און צו, ה; ש"ר ח, ב; תנחומא ויחי ג, וארא ט, און שופטים יב; תנח"ב וארא ח און טז; מ"א ואתחנן ז, ז; יל"ה ט, כה און י, כז; ל"ט ח, טז; מה"ג,ב' 57; י"ש ויחי קנו, וארא קפ, ירמיה של, יחזקאל שסז און תהלים תרמו; ילקוט המכירי על ישעיה יד, יד און טו; יט, טז; סא, ז; י"ר וארא פג, ג-ד; רש"י שמות ז, טו.

ז) זהר נח, עד, א; מדרש הגדול נח קפח.

ח) ישר נח 21; מעשה אברהם אבינו כה-כז, אין בית המדרש, עדיציע יעללינעק.

לויט: רמב"ן און בחיי בראשית יח, כא

האט זיך געפונען א הייל. איז זי אריין אהין און האט דארט געבוירן א אינגל, ח) אינעם זכות פון יעקב אבינו, ט) און ער איז געווען א ניצוץ פונעם מלאך מיכאל, י). ווען די מוטער האט דערזען ווי די הייל לייכט ווי די זון פונעם קינדס פנים, האט זי זיך שטארק געפרייט און געזאגט:

צוליב דיר האט נמרוד אומגעבראכט זיבעציק טויזנט אינגעלעך. איז בעסער דו זאלסט דא שטארבן איידער מיינע אויגן זאלן דיך זען א געקוילעטן אויף מיין ברוסט, און זי האט זיך געלאזט גיין אהיים. דאס קינד האט געוויינט, איז געקומען דער מלאך גבריאל, פון וועמענס פינגער דאס קינד האט געזויגן מילך צען טעג. עס האט אנגעהויבן צו גיין, האט פארלאזט די הייל און האט שפאצירט אויפן ברעג פונעם טייך, כ).

דאס בחור'ל האט אנגעהויבן טראכטן וועגן ווער עס פירט אן מיט דער וועלט. און האט באשלאסן אז די ערד, ווייל זי שפייזט דאך אונז. אבער ווען ער האט איינגעזען אז ווען דער הימל זאל ניט געבן רעגן וועט גארניט וואקסן, האט ער גערעכנט אז מען דארף זיך בוקן צום הימל. ווען ער האט איינגעזען אז אהן דער זון קענען געוואוקסן ניט וואקסן, און זי באלייכט דאך די וועלט, האט ער געמיינט אז מען דארף זיך בוקן צו איר. ווען ער האט אבער געזען ווי די זון זעצט זיך און די לבנה און די שטערן לייכטן ביינאכט, האט ער געמיינט אז זיי פירן אן מיט דער וועלט. זעענדיק אבער ווי דער מארגן־שטערן גייט אויף, האט ער באשלאסן אז די אלע זאכן זיינען קיין געטער, נאר עס מוז זיין א פירער וועלכער פירט אן מיט און רעגולירט אט די אלע זאכן. ער איז געקומען צום באשלוס אז עס איז פאראן אן אויבערשטער וועלכער האט באשאפן אט די אלע זאכן און די גאנצע וועלט, און אים דארף מען דינען, ל).

און די מוטער האט דאך געווייטיקט נאך איר קינד, איז זי געגאנגען זען וואס עס איז געשען מיט דעם. באגעגנט זי אויפן ברעג פון טייך א יונגן מאן, און דאס איז געווען איר זון. זי האט אים דערציילט וועגן נמרוד'ס באפעל, און אז ער איז גאט. דער זון האט איר געזאגט אז קיין מענטש איז א גאט, אז עס איז פאראן בלויז איין אויבערשטער, נעמלעך דער וועלכער האט באשאפן דעם גאנצן אוניווערס. ער האט איר געהייסן גיין אהיים, און ער האט אנגעהויבן פרעדיקן די אידעע אז דער באשעפער פון דער וועלט איז דער איין און איינציקער הערשער איבער און פון דער גאנצער וועלט, מ).

לויט אנדערע קוועלן איז זיין געבורט צוגעגאנגען אזוי:

---

איז ער געבוירן געווארן אין דער שטאט כותא, ארם נהרים, אויף דער אנדערער זייט טייך.

ט) ויק"ר לו, ד. פארגלייכט אבער מיט: סדר אליהו רבה פרק כ, קיד; סדר אליהו זוטא פרק ב, קעד און י"ש נח סא.

י) סדר הדורות יד, א.

כ) מעשה אברהם אבינו כו. עס זיינען פאראן אנדערע נוסחאות. זעט: פר"א פרק כו; יוצר פון צווייטן טאג ראש השנה; רש"י אבות פרק ה, אונטערןווארט „עשר נסיונות".

ל) זעט: מדרש הגדול לך לך קצה־קצז; ספר הישר 24־23; זהר לך לך פו, ב; מעשה אברהם אבינו כו; רבינו בחיי, בראשית טו, ז.

מ) מעשה אברהם אבינו כז; זעט ישר 23־22.

**ווען א' איז געבוירן געוואָרן** האָט זיך באַוויזן אַ שטערן אין מזרח זייט, און ער האָט איינגעשלונגען פיר שטערן אין אַלע פיר זייטן פונעם הימל. האָבן נמרוד'ס קלוגע לייט געזאָגט צו אים אַז אין דער מינוט איז ביי תרח'ן געבוירן געוואָרן אַ זון פון וועמען עס וועט אַרויסקומען אַ פאָלק וואָס וועט ירש'נען ביידע וועלטן. אויב דו ווילסט, גיב תרח'ן אַ פול הויז מיט זילבער און גאָלד, און לאָמיר טויטן דאָס קינד. האָט נמרוד געשיקט נאָך תרח'ן און געמאַכט צו אים דעם דאָזיקן פאָרשלאָג. האָט תרח אים געענטפערט: איך וועל דיר געבן אַ משל. עס איז געגליכן צו אַ פערד צו וועלכן מען זאָגט: לאָז אונז אָפּשניידן דיין קאָפּ, און מיר וועלן דיר געבן אַ שפּייכלער פול מיט גערשטן (האָבער). האָט דאָס פערד געענטפערט: נאַראָנים וואָס איר זייט, אַז איר וועט אָפּשניידן מיין קאָפּ ווער זשע וועט עסן דעם גערשטן (האָבער). אַז איר וועט טויטן מיין זון, ווער זשע וועט ירש'נען מיין זילבער און גאָלד.

תרח האָט באַהאַלטן זיין קינד אין אַ הייל דריי יאָר. דער אויבערשטער האָט אים אָנגעגרייט צוויי פענצטער: פון איינעם האָט געפלאָסן בוימל און פונעם צווייטן האָבן זיך געשאָטן זע־מעל. ווען ער איז אַלט געוואָרן דריי יאָר, האָט ער פאַרלאָזט די הייל, און ער האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן ווער עס האָט באַשאַפן הימל, ערד און אים. ער האָט געבעטן אַ גאַנצן טאָג צו דער זון. נאָך דער זון־זעצונג האָט ער געבעטן צו דער לבנה און די שטערן. ער האָט געמיינט אַז די לבנה איז דער באַשעפער און די שטערן זיינען האָרן און קנעכט... ביז ער האָט זיך דערטראַכט אַז עס איז פאַראַן אַ באַשעפער וועלכער האָט באַשאַפן די גאַנצע וועלט און אַלץ וואָס עס איז פאַראַן אין דער וועלט, נ).

**ווי לאַנג איז א' געווען אין דער הייל?**

צען יאָר, לויט אַן אַנדער דעה דריי יאָר, ס).

**איז א' געווען די גאַנצע צייט אַליין אין דער הייל?**

ניין. תרח האָט באַהאַלטן אים, זיין מוטער און זיין אַם, ע).

**וואוהין איז א' געגאַנגען פון דער הייל?**

ער איז אַוועק צו נח'ן און האָט געדינט (געלערנט ביי) נח'ן און זיין זון שם נייען און דרייסיק יאָר, פ).

**ווי אַלט איז א' געווען אין דער צייט פונעם דור הפלגה, ווען דער אַלמעכטי־קער האָט צעשפּרייט איבער דער גאַנ־**

---

נ) ישר נח 22; בחיי, בראשית טו, ז; ס"ה יד, ב. לויט ישר 23, האָט תרח געבראַכט צו נמרוד'ן אַ אינגעלע וואָס זיינע אַ דינסט האָט אים געבוירן דעם זעלבן טאָג ווען אברהם איז געבוירן געוואָרן. מען האָט עס גע'הרג'ט, מיינענדיק אַז מען האָט געטויט אברהם'ן.

ס) ישר נח 23; ס"ה יד, ב.

לויט: פר"א פרק כו; י"ש לך לך אָנהויב סח; און פיוט פון צווייטן טאָג ראש השנה האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן „מתחת לארץ", אונטער דער ערד, דרייצן יאָר. זעט שה"ק יג.

ע) ישר נח, 23; ס"ה יד, ב.

פ) ישר נח 23; ס"ה טו, א.

לויט: ב"ר סא, א און צה, ג; אר"ן פרק לג; שו"ט א, יג און טז, ז; תנחומא ויגש יא; תנח"ב ויגש יב; י"ש חיי שרה קט, תהלים תריד און תרסז האָט דער אויבערשטער אָנגעגרייט פאַר אים צוויי נירן ווי אַ שטייגער צוויי רבי'ס. זיי האָבן געקוועלט און אים געלערנט תורה (ווי צוויי וואַסער־קרוגן וועלכע האָבן געקוועלט מיט תורה). און לויט אַן אַנדער מיינונג האָט ער געלערנט פון זיך אַליין. לויט נאָך אַ מיינונג האָט דער אויבערשטער אַליין אים

**צער וועלט די מענטשן וועלכע האָבן זיך גענומען בויען אַ טורם צו דער־גרייכן צום הימל?**

אכט און פערציק יאָר, צ).

**האָט אברהם זיך באַטייליקט אינעם בויען דעם טורעם וואָס זאָל דערגרייכן צום הימל, וועלכן דער דור הפלגה האָט אָנגעהויבן צו בויען?**

עס איז פאַראַן אַ סברא אַז יאָ, צ*).

לויט אַן אַנדער מיינונג האָבן ער, שם און עבר זיך אויסבאַהאַלטן, צ**).

**ווי אַלט איז א' געווען ווען ער האָט פאַרלאָזט נח'ן, און וואוהין איז ער גע־גאַנגען?**

ער איז אַלט געווען פופציק יאָר, און ער האָט זיך אומגעקערט צו זיין פאָ־טער, ק).

**ווי אַלט איז אברהם געווען ווען ער האָט אָנגעהויבן צו פּרעדיקן עפּענטלעך אחדות הבורא, מאָנאָטעאיזם, דעם גלויבן אין אחד, אין דעם איין און איינציקן באַשעפער פון דער וועלט?**

אַרום זעכציק יאָר, ק*).

**ווי הויך, שטאַרק איז א' געווען?**

ער איז געווען הויך ווי פיר און זיבע־ציק מענטשן. ער האָט געגעסן ווי פיר און זיבעציק מענטשן. ער איז געווען שטאַרק ווי פיר און זיבעציק מענטשן, ר).

**אברהם איז געווען אַזוי הויך ווי פיר און זיבעציק מענטשן, ווי זשע גרויס איז געווען זיינער אַ טריט?**

לויט איין מיינונג אַ מייל, לויט אַן אַנדער מיינונג דריי מייל, ש).

**משה רבינו'ס פּנים איז געווען ווי די זון; יהושע'ס ווי די לבנה. מיט וואָס ווערט אברהם'ס פּנים פאַרגליכן?**

מיט דער זון, ת).

**וואָס פאַר אַ שפּראַך האָט א' גע־רעט?**

לשון הקודש, א).

**ווי אַלט איז א' געווען ווען ער האָט דערקענט דעם באַשעפער?**

לויט איין דעה דריי יאָר, לויט אַן אַנדער מיינונג אַכט און פערציק יאָר, ב); לויט אַ דריטער סברא פופציק יאָר, ג); לויט אַ פערטער מיינונג פערציק

---

געוויזן די תורה. זעט: ב"ר מד, יח; ש"ר נא, ז; שו"ט טז, ז; לח, ב און נב, ח; פר"כ מב, ב; פ"ר פיסקא טו; י"ש לך לך עז און תהלים תשלז; מנורת המאור סימנים צב און קלח. זעט אין אַלע דערמאָנטע קוועלן ווער עס זאָגט וואָס.

צ) בראשית יא, א־ט; סע"ר פרק א; י"ש נח, סב; שה"ק יא.

צ*) זעט: א"ע בראשית יא, א; שה"ק יב.

צ**) ב"מ,א קמט.

ק) ספר הישר נח 28.

ק*) שה"ק יד.

ר) מסכת סופרים פרק כא, הלכה ט. דער פסוק „האדם הגדול בענקים", דער גרעסטער מענטש צווישן די ריזן ווערט באַצויגן אויף אברהם'ן. זעט: יהושע יד, טו און רש"י דאָרט; טיטול „האדם הגדול בענקים", זייט 47, נאָטע ס*).

ש) ב"ר מג, ג; י"ש לך לך עג און פאַרגלייכט מיט י"ש יהושע כג. זעט פאָר־גייענדיקע פראַגע און ענטפער.

ת) במ"ר ב, יג; פ"ר פיסקא יא.

א) פר"א פרק כו; י"ש לך לך אָנהויב סח; שה"ק יד, ערשטע שורה.

ב) נדרים לב, א ענדע; תנחומא לך לך ג און בהר א; וירא כב; (זעט ענדע ויגש); תנח"ב לך לך ד, בהר א און ויגש ב; ב"ר ל, ח און מו, ב; (און פאַרגלייכט פרשיות סד, ד און צה, ג); במ"ר יח, כא; שי"ר ו, טז, א אויפן פסוק חכו ממתקים; פ"ר פיסקא כה; י"ש נח מה, לך לך פ, חיי שרה קו, מגילת אסתר תקכח און תתרנג; ישר נח 23; מ"א וירא כב, יח; סד, ד; ל"ט חיי שרה כד, מד; מה"ג, א' לך לך און תולדות נח; ס"ה טו, א.

ג) פ"ר פיסקא כא.

יאָר, ד); און לויט אַ פינפטער איין און פופציק יאָר, ד*).

**פון וואַנען איז געדרונגען אַז א' האָט דערקענט דעם באַשעפער פון דער וועלט ווען ער איז אַלט געווען דריי יאָר?**

אין פסוק שטייט „עקב אשר שמע אברהם בקולי", ה) ווייל אברהם האָט זיך צוגעהערט צו מיין קול. די אותיות פון „עקב" באַטרעפן הונדערט צוויי און זיבעציק. אברהם האָט געלעבט הונ-דערט און פינף און זיבעציק יאָר, ו). אַלזאָ, אברהם האָט געפאָלגט דעם אויי-בערשטן „עקב" יאָר, נעמלעך הונדערט און צוויי און זיבעציק יאָר. קומט אויס אַז ער האָט דערקענט דעם אויבערשטן אין עלטער פון דריי יאָר, ז).

**ווער האָט געבראַכט אברהם'ן אויפן געדאַנק די אידייע פון מאָנאָטעאיזם, פון אחד, אַז עס איז פאַראַן בלויז איין אויבערשטער, דער באַשעפער פון דער וועלט?**

קיינער. ער איז איינער פון די פיר וועלכע האָבן פון זיך אַליין זיך דער-טראַכט דערצו, ח).

**אברהם האָט געגעבן דער וועלט דעם מאָנאָטעאיסטישן גלויבן, דעם גלויבן אין אחד, אין איין באַשעפער. האָט ער אויך באַאיינפלוסט, באַווירקט די באַציאונג צווישן דעם באַשעפער און די מענטשן?**

יאָ. ביז אים האָט דער אַלמעכטיקער גע'משפט די וועלט מיט דער גרעסטער האַרבקייט: דעם דור המבול האָט ער פאַרניכטעט. דעם דור, וועלכער האָט געבויט דעם טורם אַרויפצוגיין אין הימל אַריין, האָט ער צעשפּרייט פון איין עק וועלט צום אַנדערן. די סדומים האָט ער פאַרפלייצט מיט פייער און שוועבל. אָבער ווען אברהם איז געקומען אויף דער וועלט, האָט ער זוכה געווען מקבל צו זיין יסורים, ט).

## אברהם, שרה און זייער משפחה

**האָט אברהם געהאַט ברידער?**

יאָ, צוויי, נחור און הרן, י).

**ווער איז געווען עלטער אברהם צי נחור?**

אברהם איז געווען עלטער פון נחור'ן מיט אַ יאָר, כ).

**ווער איז געווען עלטער א' צי זיין ברודער הרן?**

אברהם איז געווען עלטער פון הרן'ען מיט צוויי יאָר, ל).

---

ד) רמב"ם מדע, הלכות עבודת כוכבים, פרק א, סימן ג און זעט דאָרט דעם ראב"ד.

אין פאַרשידענע אַנדערע ערטער שטייט בלויז „וילד בכל דרכיו מעודו קטן" — ער איז געגאַנגען אינעם אויבערשטנס וועגן זינט קינדווייז אָן, אָבער יאָרן זיינען ניט אָנגעגעבן.

ד*) שה"ק יג-יד.

ה) בראשית כו, ה.

ו) בראשית כה, ז.

ז) נדרים לב, ב אונטן און רש"י, תוספות דאָרט. זעט די קוועלן צו דער פאָרגייענדי-קער פראַגע.

ח) במ"ר יד, אָנהויב ב. די אַנדערע דריי זיינען איוב, חזקיהו המלך און דער מלך המשיח.

ט) אין ספרי האזינו פיסקא שיא שטייט אַז דער אויבערשטער האָט גע'משפט די וועלט „כאכזרי". אין י"ש האזינו ענדע תתקמב שטייט „באכזריות".

י) בראשית יא, כז.

כ) סע"ר ב; זעט: סנהדרין סט, ב; י"ש ענדע נח, און לך לך עח.

ל) בראשית יא, כו. סע"ר פרק ב; סנ-הדרין סט, ב; ב"ר ענדע לח און אָנהויב מה; י"ש ענדע נח און לך לך עח.

לויט: ספר הישר נח 23; סדר הדורות יד, א איז הרן געווען עלטער פון אברהם'ן

**זיינען א' און הרן געווען ברידער פון איין טאַטע־מאַמע?**

ניין. זיי זיינען געווען ברידער פון איין טאַטן, מ).

**האָט אברהם געהאַט נאָך ברידער אויסער נחור און הרן?**

יאָ. נאָך זיין מוטער אמתלאי'ס טויט האָט זיין פאָטער תרח חתונה געהאַט מיט פּלילה'ן, און זי האָט אים געבוירן אַ זון מיטן נאָמען צובא, נ).

**ווי האָט געהייסן אברהם'ס ווייב?**

שרי, ס).

**האָט שרה געהאַט נאָך אַ נאָמען?**

יאָ. יסכה, ע). מען האָט זי גערופן „יסכה" ווייל אַלע „סוכין" ביפיה, אַלע האָבן געקוקט און באַוואונדערט איר שיינקייט, פּ).

לויט אַן אַנדער מיינונג האָט מען זי גערופן „יסכה" „שסכה" (שסכתה) ברוח הקודש, זי האָט געזען מיט רוח הקו־דש, צ). עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז „יסכה" איז אַ לשון „נסיכות", וואָס באַ־דייט הערשאַפט, הארענטע, ווי שרה איז אַ לשון שררה וואָס באַדייט דאָס זעלבע, ק).

מיט צוויי און דרייסיק יאָר. און לויט אַן אַנדער מיינונג אין ספר הישר דאַרט שטייט בלויז אַז הרן איז געווען עלטער פון אברהם'ן.

מ) רש"י בראשית כ, יב. זעט סדר הדו־רות יד, א.

נ) ספר הישר וירא 58.

ס) בראשית יא, כט.

ע) זעט: תרגום יונתן בראשית יא, כט; י"ש ענדע פרשת נח; תוספות בכורות מג, ב אונטערן וואָרט „סכי"; א"ע בראשית יא, כט; ת"ת בראשית יא, כט סימן יד.

פּ) מגילה יד, א; סנה. סט, ב; סע"ר פרק ב; ספרי במדבר כד; מ"א נח יא, כט; ל"ט נח יא, כט; רש"י בראשית יא, כט.

צ) זעט פאַרגייענדיקע נאָטן ע און פּ.

**ווי אַזוי האָט שרה אויסגעזען?**

זי איז געווען איינע פון די פיר שענס־טע פרויען וועלכע די וועלט האָט גע־זען. די אַנדערע דריי זיינען אביגיל (דוד המלך'ס אַ ווייב), רחב, אסתר המלכה. לויט אַן אַנדער מיינונג — ושתי אויפן אָרט פון אסתר'ן, ר).

אַלע מענטשן קעגן שרה'ן האָבן אויס־געזען ווי אַ מאַלפּע (אַפּע) קעגן אַ מענטש, ש).

**ווער איז געווען עלטער א' צי שרה?**

אברהם איז געווען עלטער פון שרה'ן מיט צען יאָר, ת).

**האָט אברהם געהאַט שוועסטער?**

יאָ. שרה איז געווען זיין שוועסטער פון איין טאַטן. אברהם האָט דאָך גע־זאָגט צו אבימלך'ן „בת אבי היא", א) זי איז מיין פאָטערס טאָכטער.

עס איז אָבער פאַראַן אַ מיינונג אַז שרה איז געווען הרן'ס טאָכטער. די תורה זאָגט אַז הרן איז געווען יסכה'ס פאָטער, ב). און די חכמים ז"ל זאָגן אַז יסכה איז געווען שרה, ג).

אי, פאַרוואָס זשע זאָגט דער פסוק

ק) רש"י בראשית יא, כט.

ר) מגילה טו, א; אגדת אסתר, באָבער, ה, א.

ש) ב"ב נח, א; תנח. לך לך ה; י"ש בראשית טו; י"ר בראשית כ, א.

ת) בראשית יז, יז.

א) בראשית כ, יב. זעט אויך בראשית יב, פסוקים י־יד.

ב) בראשית יא, כט.

ג) סנהדרין סט, ב; תרגום יונתן, רש"י (זעט אבן עזרא) בראשית יא, כט; י"ש ענדע פרשה נח.

אַז שרה איז געווען הרן'ס טאָכטער זעט: שו"ט קיח, יא; ישר נח 23 און וירא 58

„בת אבי", ד) מיין פאָטערס טאָכטער, נעמלעך תרח'ס טאָכטער? איז דער ענט־פער אַז אייניקלעך ווערן אָנגערופן קינ־דער, ה). (אויב ווידער „בת אבי" מיינט מיין פאָטערס אייניקל, צו וואָס זשע האָט אברהם געזאָגט „אך לא בת אמי" — אָבער זי איז ניט מיין מוטערס טאָכ־טער? תיקו, בלייבט די קשיא.)

לויט נאָך אַ מיינונג איז שרה געווען שם בן נח'ס טאָכטער, ו).

**אברהם איז דאָך געווען שרה'ס אַ ברודער פון איין טאַטן, ווי זשע האָט ער געמעגט חתונה האָבן מיט איר?**

זיי זיינען געווען ברודער און שוועס־טער בלויז פון איין טאַטן. אברהם איז געווען אַ בן נח ווייל ער איז ניט געווען ביי מתן תורה. און אַ בן נח האָט גע־מעגט נעמען זיין פאָטערס טאָכטער פאַר אַ ווייב. ווייל ביי געצנדינער (כנענים) איז ניט פאַראַן אַ פאָטערשאַפט, ווייל מען ווייסט ניט ווער עס איז געווען דער פאָטער, ז).

**ווי אַלט איז א' געווען ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט שרה'ן?**

לויט איין חשבון פינף און צוואַנציק יאָר, ח) לויט אַ צווייטן חשבון פופציק יאָר, ט).

**ווי האָט געהייסן אברהם'ס שווער?**

אברהם האָט געזאָגט אבימלך'ן „בת אבי היא", י) זי (שרה) איז מיין פאָ־טערס טאָכטער. אויב מען נעמט עס ווערטערלעך, איז זיין פאָטער תרח גע־ווען זיין שווער.

די תורה זאָגט אַז הרן איז געווען יסכה'ס פאָטער, כ). און די חכמים ז"ל זאָגן אַז יסכה איז געווען שרה, ל). קומט אויס אַז אברהם'ס שווער האָט געהייסן הרן.

אַי אברהם האָט דאָך געזאָגט „בת

---

צווייטע שורה; י"ש לך לך עז; רש"י און רבינו בחיי בראשית כ, יב; ס"ה יד, ב.

ד) בראשית כ, יב.

ה) יבמות סב, ב און ע, א; תוספתא יב־מות פרק ח; קידושין ד, א; י"ש אמור תרלז און ד"ה א' תתרעד; רש"י, רשב"ם בראשית כ, יב. פאַרגלייכט ב"ב קמג, ב. זעט: ירוש. יבמות פרק ו, הלכה ו; פר"א פרק לו; הערה ג, זייט 59.

ו) מדרש ילמדנו. זעט סדר הדורות יח, א.

ז) רש"י בראשית כ, יב; רש"י עבודה זרה ג, א אונטערן וואָרט נמרוד. זעט: תנח"ב וירא כו; ב"ר נב, יא; י"ש וירא צא; ירושלמי יבמות פרק יא, הלכה ב; יבמות צח, א און תוספות אונטערן וואָרט נשא; סנהדרין נח, ב; ל"ט וירא כ, יב הערה כז.

לויט דער מיינונג אַז שרה איז געווען זיין ברודער הרן'ס טאָכטער, איז אויס קשיא.

אגב, זין פון טעכטער זיינען ניט ווי זין, ירוש. יבמות פרק ו, הלכה ו; ב"ר צד, ו און יפה תואר דאָרט; מ"א ויגש אָנהויב מו; ל"ט בראשית מו, ז; י"ש ויגש קנב. זעט רש"י סוטה מט, א אונטרן וואָרט בר ברתך אנא.

זין פון טעכטער זיינען יאָ ווי זין, פר"א פרק לו.

טעכטער פון זין זיינען יאָ ווי זין, ב"ר צד, ו און יפה תואר דאָרט; מ"א ויגש מו, א; ל"ט בראשית מו, ז; י"ש ויגש קנב.

די אַלע באַהויפּטונגען זיינען נוגע לעגאַלע פראָצעדורן ווי ירושה, און אַנדערע.

אין יהושע ז, יח שטייט עכן בן כרמי בן זבדי בן זרח, און אין יהושע ז, כד שטייט עכן בן זרח. זעט מען דאָך דערפון אַז אַפילו זין פון זינס זין ווערן אָנגערופן זין.

ח) סדר הדורות טו, א.

ט) סדר הדורות טז, ב.

י) בראשית כ, יב.

כ) בראשית יא, כט.

ל) סנהדרין סט, ב; תרגום יונתן, רש"י (זעט אבן עזרא) בראשית יא, כט; י"ש עגדע פרשה נח. זעט פאַרגייענדיקן סימן ג.

אבי היא", מ) אז שרה איז זיין פאטער תרח'ס טאכטער. און אויב שרה איז געווען הרן'ס טאכטער, איז זי דאך געווען תרח'ס אן אייניקל! איז דער ענטפער אז אייניקלעך ווערן באטראכט ווי קינדער, נ).

און לויט דער מיינונג אז שרה איז געווען שם בן נח'ס טאכטער, ס) האט אברהם'ס שוואגער געהייסן שם.

**פון וואנען איז א ראיה אז הרן איז געווען שרה'ס פאטער?**

דער שטייגער פון דער וועלט איז אז ווען מען וויל דערציילן עמעצענס יחוס, אויב ער האט ניט יחוס עצמו, זאגט מען דער און דער איז זיין זון, אדער קאזין, וכדומה. אזוי למשל ווען דער פסוק וויל דערציילן דעם יחוס פון קיש אדער אבנר זאגט ער „וקיש אבי שאול", ע) קיש איז געווען שאול המלך'ס פאטער; צי „נר אבי אבנר" — נר איז געווען אבנר'ס פאטער, פ). ווייל שאול און אבנר זיינען געווען מער בארימט פון זייערע טאטעס.

אז די תורה וויל אונז דערציילן הרן'ס יחוס, זאגט זי אז הרן איז געווען „אבי מלכה ואבי יסכה", הרן איז געווען מלכה'ס און יסכה'ס פאטער. מילא מלכה איז געווען א באקאנטע פערזענלעכקייט. זי האט אויפגעשטעלט פילע משפחות,צ). גיט עס הרן'ען פרעסטיזש. אבער יסכה איז דאך גלאט אזוי א פרוי, אינגאנצן אומבאקאנט. דאס איז דאס איינציקע מאל וואו זי ווערט דערמאנט אין גאנץ תנ"ך. וואס זשע פאר א יחוס איז עס פאר הרן'ען אז ער איז יסכה'ס פאטער? מוז מען דאך אננעמען אזביידע מלכה און יסכה זיינען געווען גרויסע פערזענלעכקייטן. זאגן אונז די חכמים אז יסכה איז שרה, ק).

**די חכמים ז"ל זאגן אז שרה האט געהייסן יסכה שסכתה ברוח הקודש, ווייל זי האט געזען ברוח הקודש. לויט אן אנדער מיינונג שהכל סוכין ביפיה, אלע האבן געקוקט אויף איר שיינקייט, ר). וועלכע פון די צוויי מיינונגען איז עיקר'דיקער?**

עס איז פאראן א דעה וועלכע האלט די מיינונג אז מען האט זי גערופן יסכה צוליב איר שיינקייט פאר א שטארקערע. ווייל איר שיינקייט האט דאך יעדער איינער געזען. אבער ווער האט דען געקענט וויסן אז זי וועט זען ברוח הקודש, ש).

**האט א' געהאט נאך ווייבער א חוץ שרה'ן, ת)?**

יא, הגר'ן, א) און קטורה'ן, ב). לויט דער מיינונג אז הגר און קטורה זיינען

מ) בראשית כ, יב.

נ) יבמות סב, ב און ע, א; קידושין ד, א; תוספתא יבמות פרק ח; י"ש אמור תרלז; רש"י, רשב"ם בראשית כ, יב. פארגלייכט בבא בתרא קמג, ב. זעט הערה ה, זייט 58.

ס) סדר הדורות יח, א.

ע) שמואל א', יד, נא.

פ) שמואל א', יד, נא.

צ) בראשית כב, כ־כג.

ק) סנהדרין סט, ב; תרגום יונתן, רש"י (זעט אויך אבן עזרא) בראשית יא, כט; י"ש ענדע פרשה נח. און זעט הכתב והקבלה בראשית יא, כט, הוצאת אום.

ר) מגילה יד, א; סנה, סט, ב; סע"ר פרק ב; ספרי במדבר כד; מ"א נח יא, כט; ל"ט יא, כט; רש"י בראשית יא, כט.

ש) הכתב והקבלה בראשית יא, כט, הוצאת אום.

ת) בראשית יא, כט.

א) בראשית טז, פסוקים ג און ד.

ב) בראשית כה, א.

איינע און די זעלבע, ג) האָט ער גע־האַט בלויז איינע אַ חוץ שרה'ן.

לויט אַן אַנדער מיינונג האָט א' גע־האַט שרה'ן, הגר'ן און צוויי פלגשים, קעבס־ווייבער, ד).

עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז „אשה אחרת נטל”, ער האָט גענומען אַן אַנ־דער פרוי פאַר אַ ווייב, ה).

לויט רבינו בחיי איז הגר געווען אַ כנענית, ניט אַ מצרית, ניט פרעה'ס אַ טאָכטער. און זי ווערט אָנגערופן פּיל־גש, ו) קעבס־ווייב, ווייל זי האָט גע־שטאַמט פון קנעכט. און זי ווערט אָנ־גערופן אשה, ז) ווייל אברהם האָט איר געגעבן אַ כתובה, ח).

אָבער, עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז שרה איז געווען שם'ס טאָכטער. הגר איז געווען חם'ס טאָכטער. קטורה איז געווען יפת'עס טאָכטער. דאָס הייסט אַז אברהם האָט חתונה געהאַט מיט דריי שוועסטער, נח'ס דריי אייניקלעך, ט).

און נאָכאַמאָל אָבער, פילגש מיינט אַ קעבס־ווייב, אָהן כתובה און קידושין, י).

**ווער איז געווען העכער אין מעשים טובים א' צי שרה?**

דער אלשיך האַלט אַז זיי זיינען גע־ווען ביידע גלייך. אַז אברהם האָט דאָך געלעבט הונדערט און פינף און זיבעציק יאָר, כ) און שרה האָט געלעבט בלויז הונדערט און זיבן און צוואַנציק יאָר, ל) האָט אברהם דאָך געטאָן מער מעשים טובים פון שרה'ן. איז דער תירוץ: עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז אברהם האָט דערקענט דעם אויבערשטן ווען ער איז אַלט געווען אַכט און פערציק יאָר, מ). אַז מען נעמט אַראָפּ אַכט און פערציק פון הונדערט און פינף און זיבעציק בלייבט הונדערט און זיבן און צוואַנציק יאָר. קומט אויס אַז מעשים טובים האָט ער געטאָן בלויז הונדערט און זיבן און צוואַנציק יאָר, גלייך ווי שרה.

דער מדרש טייטשט „יודע ה' ימי תמימים”, נ) דער אויבערשטער ווייסט די טעג פון די פּערפעקטע, מיינט שרה'ן וועלכע איז געווען „תמימה במעשיה”, ס) פּערפעקט אין אירע מעשים. זי איז

---

ג) פר"א פרקים כו און ל; ב"ר מה, א; מז, ב און סא, ד; תנח. חיי שרה ח; תנח"ב חיי שרה ט; מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי א'; זהר חיי שרה קלג, ב; מה"ג,א' לך לך רח און רמא; ל"ט בראשית טז, א און כה, א; ש"ט לך לך טז, א; י"ש לך לך עח, חיי שרה קט; תרגום יונתן און רש"י בראשית טז א און ה; כא, יד; יונתן, ירושלמי, רש"י בראשית כה, א און רש"י פסוק ו; זעט מ"א חיי שרה כה, ט. לויט ישר חיי שרה 67 איז קטורה גאָר געווען אַ כנענית. זעט זייט 199, נאָטע ז.

ד) זהר חיי שרה קלג, ב ערשטע שורה.

ה) תנח"ב חיי שרה ט.

ו) דברי הימים א' א, לב; זעט בראשית כה, ו.

ז) בראשית טז, ג.

ח) בחיי בראשית כה, ו.

ט) מדרש ילמדנו; סדר הדורות יח, א.

י) י"ש אָנהויב שמואל ב'; בחיי בראשית כה, ו.

כ) בראשית כה, ז.

ל) בראשית כג, א.

מ) נדרים לב, א, ענדע; תנח. לך לך ג בהר א, און וירא כב (זעט ענדע ויגש); תנח"ב לך לך ד, בהר א און ויגש ב; ב"ר ל, ח און מו, ב; (און פאַרגלייכט פרשיות סד, ד און צה, ג); במ"ר יח, כא; שי"ר ו, טז, א אויפן פסוק חכו ממתקים; פ"ר פיסקא כה; י"ש נח מה, לך לך פ; חיי שרה קו, מגילת אסתר תקכח און תתרנג; ישר נח 23; מ"א וירא כב, יח און סד, ד; ל"ט חיי שרה כד, מד; מה"ג, א' לך לך און תולדות נח; ס"ה טו, א.

נ) תהלים לז, עד.

ס) ב"ר אָנהויב חיי שרה; י"ש אָנהויב חיי שרה.

זעט שי"ר א, ג, ג.

געווען „כהדא עגלתא” ווי אַ קעלבעלע וואָס ווי נאָר עס ווערט געבוירן גייט עס, עסט און אַזוי ווייטער פּונקט ווי אַ גרויסע. דאָס הייסט אַז שרה איז געווען פּערפעקט אין אירע מעשים פון איר סאַמע געבורט אָן. האָבן זיי דאָך ביידע געטאָן מעשים טובים הונדערט און זיבן און צוואַנציק יאָר.

**ווער איז געוואָרן אָנגעזען, חשוב, דורך וועמען, אברהם דורך שרה'ן, צי שרה דורך אברהם'ן?**

אברהם דורך שרה'ן, ע).

**די תורה רופט אָן אברהם'ן נביא, פ). איז פאַראַן אַ ראיה אַז ער איז געווען אַ נביא?**

יאָ. ווען דער מלאך האָט געזאָגט הגר'ן אַז זי וועט געבוירן אַ זון, און זי זאָל אים רופן ישמעאל, איז דאָך אברהם דערביי ניט געווען. פון וואַנען זשע האָט ער געוואוסט צו געבן אים אַ נאָמען ישמעאל. איז דער תירוץ אַז ער איז געווען אַ נביא, און ער האָט עס געזען ברוח הקודש, צ).

**האָט דער אויבערשטער גערעדט מיט אברהם'ן פּונקט ווי ער האָט גערעדט מיט די אַנדערע נביאים?**

ניין. מיט אַלע נביאים האָט ער גע־רעדט „בחזון”. מיט אברהם'ן האָט ער גערעדט במראה ובחזון, בדיבור ובח־זון, ק), דורך זעאונג, וויזיע, וואָרט.

**ווער איז געשטאַנען העכער אין נבי־אות, אַ' צי שרה?**

שרה, ר).

**פאַרוואָס איז אַ' געווען אַ בן נח?**

ווייל ער איז ניט געווען ביי מתן תורה, ש).

## אברהם, און תרח'ס אָפּגעטער

**איז אמת אַז תרח, אברהם'ס פאָטער, איז געווען אַ פאַבריקאַנט פון געטשקעס און אַ געצנדינער?**

יאָ, ת).

**אברהם'ס פאָטער תרח איז געווען אַ פאַבריצירער פון געטשקעס און אַ געצנדינער. האָט אויך אברהם אַמאָל געדינט די עבודה זרה?**

---

ע) ב”ר אָנהויב פרשה מז און נב ענדע סימן ה; י”ש משלי תתקמז.

פ) בראשית כ, ז.

צ) מ”א לך לך טז, טו; רש”י בראשית טז, טו.

ק) פר”א אָנהויב פרק כח, הוצאת אום; ויק”ר א, ד; י”ש לך לך עו. לויט: ב”ר מד, ו; שי”ר פרשה ג, ד, ב; אגדת בראשית יד, לא; ילקוט א, א, עמוד ג; י”ש ישעיה שפה; ל”ט לך לך טו, א איז חזון די שטאַרקסטע פאָרמע פון נבואה.

לויט אַנדערע מיינונגען אין די זעלבע קוועלן איז דבור די שטאַרקסטע פאָרמע. אַנדערע האַלטן משאָ פאַר די שטאַרקסטע. וועגן דבור זעט: מכות יא, א, פערטע שורה; ספרי בהעלותך צט.

אַז נבואה ווערט באַצייכנט מיט צען פאַר־שידענע ווערטער, זעט די פאַרשידענע ווער־סיעס, נוסחאות, גירסאות אין: ב”ר מד, ו; שי”ר ג, פסוק ד, ב; אבות דרבי נתן פרק לד; אגדת בראשית פרק יד; לא; ל”ט לך לך טו, א; י”ש לך לך עו און ישעיה שפה.

ר) תנחומא אָנהויב שמות; ש”ר אָנהויב פרשה א; מ”א וירא כא, יב; רש”י בראשית כא, יב; בחיי בראשית יח, טו.

זעט: ב”ר מה, ב; ל”ט לך לך טז, ב; י”ש לך לך אָנהויב עט.

אַז שרה ווערט גערעכנט צווישן די זיבן נביאות זעט מגילה יד, א. די אַנדערע זעקס זיינען: מרים, דבורה, חנה, אביגיל, חולדה און אסתר.

ש) רש”י עבודה זרה ג, א אונטערן וואָרט נמרוד.

ת) ב”ר ענדע לח; במ”ר יט, לג; תנחומא לך לך ב; תנח”ב לך לך ב; מה”ג,א', יא, כז־כח; י”ש נח סב; סדר הדורות טו, א.

עס זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

ניין. און אַפילו זיינע קעמלען זיי־נען ניט אַריינגעגאַנגען אין אַ געביידע וואו עס האָט זיך געפונען אַ געטש־קע, א).

יאָ, ב).

**ווי איז געווען אברהם'ס באַציאונג צו זיין פאָטערס אָפּגעטער?**

ער האָט אָפּגעשפּאָט פון זיי.

אברהם האָט געבעטן זיין מוטער צו מאַכן גוטע שפּייזן אפשר וועלן די אָפּ־געטער „אָננעמען" זיין קרבן. האָט זי געמאַכט, אָבער זיי האָבן עס ניט אָנגע־נומען. האָט ער זי געבעטן צו מאַכן נאָך בעסערע פּאַטראַוועס. זי האָט גע־מאַכט אָבער די אָפּגעטער האָבן זיך ניט גערירט, ניט אַ פינטל געטאָן מיטן אויג. האָט אברהם זיי פאַרברענט, און אַריינגעטאָן דאָס פייער אין דער האַנט פונעם גרעסטן אָפּגאָט... ווען תרח האָט דאָס דערזען, האָט ער עס דערציילט נמרוד'ן, ב*). פאַראַן נאָך נוסחאות.

**אברהם'ס פאָטער תרח איז דאָך גע־ווען אַ פאַבריצירער פון געטשקעס. האָט אברהם אַמאָל פאַרקויפט געטשקעס?**

תרח פלעגט מאַכן אָפּגעטער און זיי פאַרקויפן. איינמאָל איז תרח אַוועקגע־גאַנגען פון הויז, און ער האָט געהייסן אברהם'ן זיצן אויף זיין אָרט און זיי פאַרקויפן. איז איינער געקומען קויפן אַ געטשקע. אברהם האָט אים געפרעגט ווי אַלט ער איז, און יענער האָט אים גע־ענטפערט פופציק אָדער זעכציק יאָר. האָט אברהם געזאָגט צו אים: „אַז ווי איז צו דיר. דו ביזט אַלט זעכציק יאָר און דו ווילסט זיך בוקן צו אַ גאָט וואָס איז אַלט ערשט איין טאָג. האָט דער מענטש זיך פאַרשעמט און איז אַוועק־געגאַנגען.

איז געקומען אַ פרוי מיט אַ שיסל מעל, און האָט עס געגעבן אברהם'ן ער זאָל אָפּפערן צו די געטער. האָט אברהם גענומען אַ שטעקן און צעבראָכן אַלע געטשקעס אויסער דעם גרעסטן, און דעם שטעקן האָט ער אַריינגעשטעקט אין אָט דעם גרעסטנס האַנט. ווען תרח איז צוריקגעקומען, און האָט געפרעגט אברהם'ן ווער עס האָט עס געטאָן, האָט ער אים געענטפערט: אַ פרוי האָט גע־בראַכט אַ שיסל מיט מעל, און האָט מיר געהייסן אָפּפערן צו די געטער. האָט דער גאָט געזאָגט אַז ער וויל עסן פריי־ער, און דער גאָט האָט געזאָגט אַז ער וויל עסן פריער, האָט דער גרעסטער פון זיי גענומען דעם שטעקן און האָט זיי צעשמעטערט.

האָט תרח געזאָגט צו אברהם'ן וואָס לאַכסטו פון מיר. ווייסן דען די דאָזיקע געטער עפּעס?! רופט זיך אָן אברהם צו אים: הערן דען ניט דיינע אויערן וואָס דיין מויל זאָגט. אויב די געטער ווייסן גאָרניט, פאַרוואָס זשע דינסטו זיי.

האָט תרח געבראַכט אברהם'ן צו נמ־רוד'ן. און נמרוד האָט געזאָגט צו אב־רהם'ן לאָמיר זיך בוקן צום פייער. האָט אברהם אים געענטפערט לאָמיר זיך בוקן צום וואַסער, עס פאַרלעשט דאָך פייער. האָט נמרוד זיך אָנגערופן, נו, לאָמיר זיך בוקן צום וואַסער. האָט אב־רהם געזאָגט לאָמיר זיך בוקן צו די וואָלקנס וועלכע טראָגן אין זיך דאָס וואַסער. רופט זיך אָן נמרוד, גוט, לאָמיר זיך בוקן צו די וואָלקנס. זאָגט צו אים אברהם, לאָמיר זיך בעסער בוקן צום

---

א) ע"ז ג, א; אר"ן א, ח, זייט 38.
ב) ב"ר לט, ח; רמב"ם, מדע, הלכות עבודת כוכבים, פרק א, סימן ג.
ב*) בחיי, בראשית, טו, ז.

ווינט וואָס פאַרשפרייט די וואָלקנס. זאָגט נמרוד וועלן מיר זיך בוקן צום ווינט. רופט זיך אָן אברהם: לאָמיר זשע זיך בוקן צום מענטש וואָס טראָגט אין זיך דעם ווינט. זאָגט צו אים נמרוד, דו רעדסט פוסטע רייד. איך בוק זיך בלויז צום פייער, און איך וועל דיך אַריינוואַרפן אין פייער, און זאָל קומען דער אויבערשטער צו ווענען דו בוקסט זיך און דיך ראַטעווען פונעם פייער, ג).

## אברהם אין טורמע, אינעם קאַלך-אויוון

**ווען תרח האָט דערציילט נמרוד'ן אַז אברהם האָט צעשמעטערט אַלע זיינע אָפּגעטער, ווי האָט ער רעאַגירט?**

נמרוד האָט געהייסן איינשפּאַרן אברהם'ן אין טורמע. צען טעג שפּעטער, האָט ער אויפן ראַט פון זיינע הארן אים פאַראורטיילט פאַרברענט צו ווערן אין קאַלך-אויוון, ד).

**אין אמת אַז א' איז געזעסן אין טורמע?**

יא, דריי יאָר אין כותא און זיבן יאָר אין קרדו. לויט אַן אַנדער מיינונג פאַרקערט, דריי יאָר אין קרדו און זיבן יאָר אין כותא, ה).

**ווי אַלט איז אברהם געווען ווען ער איז אַרויס פון טורמע?**

זיבעציק יאָר, ה*).

**נמרוד האָט דאָך געהייסן אַריינוואַרפן אברהם'ן אין קאַלך אויוון, פאַרוואָס זשע ווערט ער אָנגערופן אמרפל?**

ווייל אמר פול (שהפיל), ווייל ער האָט געהייסן אים אַריינוואַרפן אין קאַלך אויוון, ו).

**פון וואַנען אורשפּרונגט דער נאָמען כשדים?**

נחור'ס זון עוץ האָט געהאַט אַ זון מיטן נאָמען כשד. כשד'ס אָפּשטאַמיקע האָבן זיך באַזעצט אין אַ טאָל קעגן איבער דעם לאַנד שנער (בבל). זיי האָבן אויסגעבויט אַ שטאָט און איר אַ נאָמען געגעבן כשדים אויף זייער פאָטערס נאָמען כשד, ז).

---

ג) ב"ר ענדע לח; י"ש נח, סב; מה"ג.א' יא, כח.

פאַרגלייכט אַן אַנדער ווערסיע אין ספר הישר נח 31-29. זעט שה"ק יג.

ד) אין ספר הישר נח 32 שטייט „ימים עשרה", קען עס מיינען צען יאָר, אָדער צען טעג. זעט פאָלגענדיקע פראַגע און ענטפער. אַז נמרוד האָט פאַרפאָלגט אברהם'ן, זעט: פר"כ עו, א, הוצאת אום; ויק"ר כז, ה; ק"ר ג אויפן פסוק טו; תנח. אמור, ט; י"ש אמור תרמג; קהלת תתקסח.

ה) ב"ב צא, א; פרקי דרבי אליעזר פרק כו; י"ש לך לך סח און אָנהויב עז; לויט מעשה אברהם אבינו לב-לג — אַ יאָר.

לויט ספר הישר נח 32 — „ימים עשרה", קען עס מיינען צען טעג אָדער צען יאָר.

אגב, דער ערוך שרייבט כרדו. זעט רבינו בחיי נח יא, כח.

ה*) שה"ק יד, פאַראַן אַן אַנדער מיינונג.

ו) עירובין נג, א; תנחומא לך לך ו; פ"ר פיסקא לג, קנא, א, ענדע. רש"י בראשית יד, א; רש"י פסחים קיח, א לעצטע שורה; רש"י עבודה זרה ג, א אונטערן וואָרט נמרוד.

אַז נמרוד האָט געהאַט דריי נעמען, זעט: עירובין נג, א; פסחים צד, ב ערשטע שורה; חגיגה יג, א; ב"ר מב, ד; תנחומא באבער לך לך ב און וירא ב; ישר נח 19 און תולדות 71; מ"א בראשית יד, א; ליקוטים ממדרש ילמדנו לבראשית אין ספר הלקוטים חלק ששי, עדיציע גרינהוט, לך לך יג; מה"ג.א', יד, א; י"ש לך לך עב און ישעיה תקיא; בחיי לך לך יד, א; ס"ה טז, א.

ז) ספר הישר וירא 58.

**פאַרוואָס ווערט דער קאַלך־אויוון אין וועלכן מען האָט אַרײַנגעוואָרפן אברהם'ן אָנגערופן אור (כשדים)?**

אור מיינט בקעה, הר, אש — טאָל, באַרג, פייער, ח).

**וואו האָט זיך געפונען דער קאַלך־אויוון אין וועלכן מען האָט אַרײַנגעוואָרפן אברהם'ן?**

אור (כשדים) איז דער טייטש אַ לאָך, אַן אויסהוילונג אין דער ערד. און דאָרט איז געווען דער קאַלך־אויוון, ט).

**ווי לאַנג האָט מען געהייצט דעם קאַלך־אויוון איידער מען האָט אַרײַנגעוואָרפן אברהם'ן אין אים?**

דריי טעג און דריי נעכט, י).

**ווי אַזוי איז צוגעגאַנגען דאָס אַרײַנוואַרפן אברהם'ן אין קאַלך־אויוון?**

מען האָט אים געבונדן און אַנידערגעלייגט אויף דער ערד. אין אַלע פיר זייטן האָט מען אים אַרומגעלייגט מיט האָלץ פינף איילן די ברייט און פינף איילן אין דער הויך. ווען אברהם איז געלעגן אַ געבונדענער, זיינען געקומען תרח'ס שכנים און די איינוואוינער פון זיין שטאָט צו אים, און זיי האָבן אים געקלאַפּט אויפן קאָפּ און געזאָגט צו אים: „שעמען זאָלסטו זיך אין ווייסן (וויטן) האַלז אַריין. דו האָסט געזאָגט אַז דיין זון וועט ירש'נען די וועלט און יענע וועלט, און צום סוף פאַרברענט אים גאָר נמרוד!?" כ).

**ווער איז געווען אַנוועזנד ווען מען האָט אַרײַנגעוואָרפן אברהם'ן אין קאַלך־אויוון?**

דעם קעניג נמרוד'ס אַלע קנעכט, האַרן, העלדן, ריכטער, און ערך פון נייען הונדערט טויזנט. אַלע איינוואוינער פונעם לאַנד זיינען געשטאַנען אויף די דעכער, אויף די טורעמס. עס איז ניט געווען אַ מענטש וועלכער איז ניט געווען דערביי, ל).

**ווי לאַנג איז א' געווען אינעם קאַלך־אויוון?**

דריי טעג און דריי נעכט איז ער אַרומגעגאַנגען אינעם פייער. ווען מען האָט דערציילט נמרוד'ן אַז אברהם שפּאַצירט אַרום אינעם פייער אין די הויזן, און בלויז די שטריק מיט וועלכע מען האָט אים געבונדן זיינען פאַרברענט געוואָרן, האָט ער זיך געוואונדערט און איז געגאַנגען אַליין זיך איבערצייגן. ווען ער האָט עס דערזען מיט זיינע אייגענע אויגן, האָט ער באַפוילן אַרויסנעמען אברהם'ן פונעם קאַלך־אויוון.

ווען נמרוד'ס קנעכט האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַרויסצונעמען אברהם'ן, האָט דער ברענענדיקער פלאַם ניט דערלאָזט זיי זיך צו דערנענטערן. ווען זיי האָבן, אויף נמרוד'ס באַפעל, זיך געלאָזט לויפן אין פלאַם אַריין, זיינען אַכט פאַרברענט געוואָרן אויפן אָרט. ווען נמרוד האָט דאָס דערזען, האָט ער אויסגעשריען: אברם, גיי אַרויס און דין דעם אויבערשטן אין הימל. און אברהם איז אַרויסגעגאַנגען פונעם קאַלך־אויוון אין די הויזן, מ).

**וואָס האָט דער אויבערשטער געטאָן ווען א' איז געווען אין קאַלך־אויוון?**

ער האָט געשמעקט דעם ריח פון

---

ח) רבינו בחיי בראשית יא, כח.

ט) אַזוי טייטשט ר' מנחם בן סרוק, ז"ל. זעט: רש"י בראשית יא, כח; הגהות הרד"ל אין פרקי דרבי אליעזר פרק כו, הגהה ב.

י) ספר הישר נח, 32.

כ) תדב"א; י"ש לך לך אָנהויב עז.

ל) ישר נח 32.

מ) ספר הישר נח 33־34. זעט סדר הדורות טז, א.

אברהם׳ן וואָס איז אַרויפגעגאַנגען פונעם קאַלך אויוון, נ).

**ווער האָט אַרויסגעראַטעוועט אבר־הם׳ן פונעם קאַלך־אויוון אין וועלכן מען האָט אים אַריינגעוואָרפן אויף דעם רשע נמרוד׳ס באַפעל?**

דער מלאך מיכאל האָט גע׳טענה׳ט אַז ער וויל אַראָפּנידערן, אַרויסראַטעווען אברהם׳ן. דער מלאך גבריאל האָט גע־טענה׳ט אַז ער וויל אים אַרויסראַטעווען. האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו זיי: איך בין דער איינציקער אין מיין וועלט. אברהם איז דער איינציקער אין זיין וועלט. פּאַסט עס פאַר דעם איינציקן צו ראַטעווען דעם איינציקן. ווען איינער פון אייך וואָלט זיך געפונען אינעם קאַלך־אויוון, וואָלט איר באַדאַרפט אים ראַ־טעווען. ער אָבער איז דאָך דאָרט צוליב מיין נאָמען, דאַרף איך אים מציל זיין. און ער האָט אַראָפּגענידערט און אים געראַטעוועט, ס).

**אין וועמענס זכות איז א׳ ניצול גע־וואָרן פונעם קאַלך־אויוון?**

אין יעקב אבינו׳ס, ע).

**פון וואַנען איז געדרונגען אַז א׳ איז געראַטעוועט געוואָרן פונעם קאַלך־אויוון אין יעקב אבינו׳ס זכות?**

דער מדרש לערנט עס אָפּ פונעם פּסוק „לכן כה אמר ה׳ אל בית יעקב אשר פדה את אברהם", פ) דערפאַר האָט דער אויבערשטער געזאָגט צום הויז פון יעקב וועלכער האָט אויסגעלייזט אב־רהם׳ן (פונעם קאַלך־אויוון), צ).

אָבער די גמרא טייטשט דעם פּסוק „אל בית יעקב אשר פדה את אבר־הם", וועלכער האָט אויסגעלייזט אבר־הם׳ן פון צער גידול בנים. ווייל די טרחה פון ברענגען אויף דער וועלט די שבטים האָט אייגענטלעך באַדאַרפט אַרויפגע־לייגט ווערן אויף אברהם׳ן. איז געקו־מען יעקב און ער האָט אים אויסגע־לייזט, ק).

---

נ) בראשית רבה לד, י.

ס) פסחים קיח, א; משנת רבי אליעזר יד, 276; תנח. נח י, תולדות ד און תצוה יב; תנח״ב תצוה ח; ב״ר מד, יג; ש״ר יח, ה; ד״ר ב, כט; שי״ר א, יב; זהר לך לך עז, ב; שו״ט קיז, ג; מה״ג,א׳ תקנה; ל״ט לך לך טו, ז׳

זעט: סא״ר פרק ה; נסא״ז 49; מ״א,ג 45; י״ש לך לך עז, ויחי קנה, תהלים תתמ און תתעז; ספר הישר 33.

לויט מאַנכע פון די אַנגעגעבענע קוועלן האָט דער מלאך מיכאל אים געראַטעוועט. זעט דאָרט די פאַרשידענע נוסחאות.

אגב, דער רמב״ם אין מדע הלכות עבודת כוכבים פרק א׳ זאָגט: בקש המלך להרגו, ונעשה לו נס ויצא לחרן — דער מלך (נמרוד) האָט געוואָלט טויטן אברהם׳ן, איז אים געשען אַ נס און ער האָט אויסגעוואַנ־דערט קיין חרן. אָבער ער דערמאָנט ניט דעם קאַלך אויוון. פאַרגלייכט וועגן דעם מדרש הגדול אויף בראשית קסה.

זעט פראַגע און ענטפער סימן מ.

ע) ב״ר סג, ב; ויק״ר לו, ד; תנח. תולדות ד און שמות ד; מדרש הגדול אויף בראשית תקנה; אגדת בראשית פרק לז אות ב׳, און פרק סד; י״ש אנהויב תולדות; רש״י ישעיה כט, כב.

פ) ישעיה כט, כב.

צ) ב״ר סג, ב; ויק״ר לו, ד; תנח. תולדות ד און שמות ד; מה״ג,א׳ תקנה; אגדת בראשית, בראשית פרק לז און פרק סד; י״ש אנהויב תולדות; רש״י ישעיה כט, כב.

לויט תנח״ב אנהויב תולדות מיינט דער פסוק אַז אין יעקב׳ס (און אויך אין יצחק׳ס) זכות איז אברהם גרויס געוואָרן.

ק) סנהדרין יט, ב און רש״י דאָרט אונ־טערן וואָרט שפדאו. זעט זייט 75 נאָטן צ—א.

**ווי אַלט איז א׳ געווען ווען ער איז ניצול געוואָרן פונעם קאַלך־אויוון?**

פופציק יאָר, ר).

**ווי ווערט באַטראַכט אברהם׳ס ניצול ווערן פונעם קאַלך־אויוון?**

אַלס דער ערשטער פון די זיבן וואונדער וועלכע די וועלט האָט געזען זינט הימל און ערד זיינען באַשאַפן געוואָרן, ש).

**איז נאָך עמיצער אַריינגעוואָרפן געוואָרן מיט אברהם׳ן אין קאַלך־אויוון?**

יאָ, זיין ברודער הרן. און די מעשה איז געווען אַזוי. הרן האָט זיך געטראַכט אויב אברהם וועט אַרויס אַ לעבעדיקער וועט ער האַלטן מיט אים. אויב נמרוד וועט געווינען, וועט ער האַלטן מיט נמרוד׳ן. נאָך אברהם׳ס ניצול ווערן האָט מען געפרעגט הרן׳ען מיט וועמען ער האַלט, האָט ער געענטפערט מיט אברהם׳ן. האָט מען אים אַריינגעוואָרפן אין קאַלך־אויוון, און ער איז פאַרברענט געוואָרן, ת).

עס זיינען פאַראַן אַנדערע מיינונגען וועגן ווי אַזוי הרן איז פאַרברענט געוואָרן:

ווען דער אַלמעכטיקער האָט זיך אַנטפּלעקט און אַרויסגעראַטעוועט אברהם׳ן פונעם קאַלך־אויוון, איז דאָרט אַנוועזענד געווען אברהם׳ס ברודער הרן. האָבן די כשדים געזאָגט אַז אברהם איז ניצול געוואָרן אין הרן׳ס זכות. איז אַרויס אַ פלאַם פייער און האָט אים פאַרברענט.

לויט אַן אַנדער מיינונג: עס זיינען געווען אַזעלכע וועלכע האָבן געזאָגט אַז פייער איז ניט שולט איבער תרח׳ס קינדער. כדי זיך צו איבערצייגן אין דעם, האָבן זיי אַריינגעוואָרפן הרן׳ען אין קאַלך־אויוון, און ער איז באַלד פאַרברענט געוואָרן. יענעם טאָג האָט די גאַנצע וועלט זיך איבערצייגט אַז דער אַלמעכטיקער האָט געראַטעוועט אברהם׳ן, א).

לויט אַ דריטער מיינונג איז הרן אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין קאַלך־אויוון צוזאַמען מיט אברהם׳ן, און ער איז פאַרברענט געוואָרן, ב).

**וואָס איז געוואָרן מיט די מענטשן וועלכע האָבן אַריינגעוואָרפן אברהם׳ן אין קאַלך־אויוון?**

אַ פלאַם איז אַרויס פונעם אויוון און האָט זיי פאַרברענט, אַן ערך צוועלף מענטשן, ג).

**ווי קומט עס טאַקע וואָס דאָס פייער האָט ניט פאַרצערט אברהם׳ן?**

ביים באַשאַפן די וועלט האָט דער באַשעפער אויסגענומען פינף תנאים (געשטעלט פינף באַדינגונגען): דאָס פייער זאָל ניט שעדיקן אברהם אבינו, און חנניה, מישאל, עזריה; דער ים סוף זאָל זיך שפּאַלטן ביי יציאת מצרים; די לייבן זאָלן ניט שעדיקן דניאל׳ן אינעם לייבן־גרוב; בלעם׳ס אייזל זאָל ריידן; די וואָראָנעס (ראָבעס) זאָלן שפּייזן אליהו הנביא, ג*).

---

ר) ישר נח 34. פאַראַן אַן אַנדער מיינונג.

ש) פר״א אָנהויב פרק נב און זעט דאָרט רד״ל הערה ג; י״ש לך לך עז.

ת) שו״ט קיח, יא. פאַרגלייכט די פאַרשידענע ווערסיעס אין: מ״א בראשית ענדע נח; ב״ר ענדע פרשה לח; פר״א פרק כו; סדר אליהו זוטא פרק כח; ל״ט נח, יא, כח; מעשה אברהם אבינו אין בית המדרש, חדר ב׳, יעללינעק זייט 118; תרגום יונתן און רש״י בראשית יא, כח; י״ש ענדע פרשה נח; שה״ק יג.

א) זהר לך לך עז, ב. זעט ז״ח, א, עז.

ב) ספר הישר נח, 33.

ג) ספר הישר נח 33.

ג*) מדרש חסר ויתר.

**ווי אַזוי האָבן דער קעניג נמרוד און זיינע הארן רעאַגירט אויף אברהמ'ס ניצול ווערן פונעם קאַלך־אויוון?**

זיי האָבן זיך געבוקט צו אברהמ'ען. אָבער אברהם האָט זיי געהייסן זיך בוקן צום אויבערשטן, זיי זאָלן גיין אין זיינע וועגן. נמרוד האָט געגעבן אברהמ'ען פילע קאָסטבאַרע מתנות און צוויי וויכטיקע קנעכט, איינער מיטן נאָמען עוני, און דער צווייטער האָט געהייסן אליעזר. אויך נמרוד'ס הארן האָבן געגעבן אים פילע מתנות, זילבער, גאָלד, קרישטאָל, ד).

## נמרוד וויל טויטן אברהמ'ען

**ווי אַזוי איז געווען די באַציאונג צווישן אברהמ'ען און נמרוד'ן נאָך אברהמ'ס ניצול ווערן פונעם קאַלך־אויוון?**

צוויי יאָר נאָך אברהמ'ס ניצול ווערן פונעם קאַלך־אויוון האָט נמרוד, קעניג פון בבל, גע'חלומ'ט ווי ער שטייט מיט זיינע אַרמייען אינעם טאָל קעגן איבער דעם קאַלך־אויוון. אברהמ'ס געשטאַלט קומט אַרויס פונעם קאַלך־אויוון מיט אַ בלויזער שווערד אין האַנט און לאָזט זיך קעגן אים. נמרוד אַנטלויפט, און דאָס געשטאַלט וואַרפט אויף זיין קאָפּ אַן איי וואָס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן טייך. אַלע זיינע אַרמייען ווערן דערטרונקען אין דעם דאָזיקן טייך. און נמרוד אַנטלויפט מיט דריי מענטשן. ער גיט אַ קוק אויף די דריי מענטשן, זיי זיינען אָנגעטאָן אין קעניגלעכער רעגאַליע, הויך געוואַקסן, און זייער געשטאַלט איז ווי דאָס געשטאַלט פון אַ מלך. נאָך זייער אַנטלויפן איז פונעם טייך געוואָרן צוריק אַן איי. פונעם איי איז אַרויסגעקומען אַ יונג פייגעלע. עס איז אַרויפגעפלויגן אויף נמרוד'ס קאָפּ, און עס האָט אים אויסגעפּיקעט אַן אויג. נמרוד איז דערציטערט געוואָרן פון דער דאָזיקער וויזיע. זיין האַרץ האָט געקלאַפּט. און ער האָט שטאַרק מורא געהאַט.

באַלד אינדערפרי האָט ער געשיקט רופן אַלע זיינע קלוגע לייט און כשופמאַכער, און ער האָט זיי דערציילט דעם חלום. האָט דער קלוגער מאַן אנוקי געזאָגט אַז ער זעט אין דעם דאָס שלעכטס וואָס וועט קומען אויפן קעניג פון אברהמ'ען און זיינע קינדער, וועלכע וועלן מלחמה האַלטן מיט אים און פאַרניכטן זיינע אַרמייען.

„און דאָס וואָס דו ביסט אַנטלאָפן מיט דריי מענטשן וועלכע האָבן אויסגעזען ווי מלכים, באַדייט עס אַז דו אַליין וועסט ניצול ווערן מיט די דריי מלכים וועלכע וועלן זיך באַטייליקן מיט דיר אין דער מלחמה. און דאָס וואָס דער טייך איז צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן איי און אַ יונג פייגעלע האָט דיר אויסגעפּיקעט אַן אויג, מיינט עס אַז אברהמ'ס אָפּשטאַמיקע וועלן דיך טויטן. דאָס איז דער חלום מיין האַר קעניג, און דאָס איז זיין באַשייד. דער חלום איז אמת. זיין באַשייד איז ריכטיק. שוין צוויי און פופציק יאָר ווי דיינע קלוגע לייט וואָרענען דיך אַז אברהמ'ס עקזיסטענץ איז אַן אומגליק פאַר דיר. אַזוי לאַנג ווי אברהם לעבט, זיינען דו און דיין מלוכה ניט זיכער. טויט אים, וועט זיך ענדיקן די געפאַר". נמרוד האָט געפאָלגט אנוקי'ן, און ער האָט געשיקט מענטשן צו כאַפּן אברהמ'ען און אים ברענגען צו טויטן אים.

אליעזר, אברהמ'ס קנעכט, וועלכן נמרוד האָט אים געגעבן, איז געווען דער־

---

ד) ישר נח 34; ס"ה טז, ב. פאַרגלייכט מיט פר"א פרק טז און רד"ל הערות ג און נא; י"ש ענדע פרשת חוקת. פאַרגלייכט די נוסחאות אין אַלע ערטער.

ביי. האָט ער געאיילט, איז אָוועק צו אברהם׳ן און איז אָנגעקומען אַהין פאַר נמרוד׳ס לייט. ער האָט דערציילט אב־רהם׳ן די גאַנצע מעשה. אברהם איז אָנטרונען צו נח׳ן און זיין זון שם און האָט זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן, ה).

**וואָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישסטע אין נמרוד׳ס שלעכטקייט?**

זיין אָפּטאָן אַלדאָס בייז אונטער דער מאַסקע פון „לפני ה׳", אַז אַלץ וואָס ער טוט איז לשם שמים, ה*).

## אברהם דאַוונט, לערנט, פערפאַסט ספרים

**האָט אברהם געדאַוונט?**

געוויס. ער האָט דאָך מתקן געווען תפילת שחרית, ו).

**אברהם האָט מתקן געווען תפילת שח־רית, דאָס דאַוונען אינדערפרי. האָט ער אויך באַשטימט אַן אָרט צום דאַוונען?**

יאָ, ז).

**האָט אברהם געלערנט תורה?**

יאָ, ז*).

**האָט אברהם געלערנט גמרא?**

יאָ. זיין מסכת עבודה זרה אַליין האָט געהאַלטן פיר הונדערט פרקים. און עס איז ניטאָ אַ טאָג אין וועלכן דער אויבערשטער זאָל ניט מחדש זיין אַן הלכה אינעם הימלישן געריכט, און אברהם האָט זיי אַלע געוואוסט.

ער האָט געוואוסט אַפילו דעם נייעם נאָמען וואָס דער אויבערשטער וועט געבן דער שטאָט ירושלים, ח).

**אברהם האָט דאָך געלערנט גמרא, האָט ער געקענט אויך נסתר?**

„ואברהם הלך אחר הנגלה, ולא הבין הרמז הנכלל בדבריו של הקדוש ברוך הוא", אברהם האָט נאָכגעפאָלגט די אָפן דערקלערטע לערע (נגלה), אָבער ער האָט ניט פאַרשטאַנען די „אָנדייטונגען" אינעם אויבערשטנס ווערטער. קומט אויס אַז אין נסתר, אין פאַרבאָרגענע, פאַרהוילענע ענינים וועלכע זיינען ניט אַרויסגעזאָגט געוואָרן קלאָר און אָפן, נאָר זיי זיינען בלויז אָנגעדייטעט גע־וואָרן, האָט ער ניט פאַרשטאַנען, ט).

**אברהם׳ס פאָטער תרח האָט דאָך אים ניט געלערנט תורה. אַ רבי׳ן האָט ער דאָך אויך ניט געהאַט. פון וועמען זשע האָט ער געלערנט תורה?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידענ־הייטן:

דער אויבערשטער האָט אים אָנגע־גרייט צוויי נירן ווי אַ שטייגער צוויי רבי׳ס. זיי האָבן געקוועלט און אים גע־

ה) ישר נח 34־35. זעט ס״ה טז, ב.

ה*) בראשית י, ט און אור החיים דאָרט.

ו) ברכות כו, ב; ע״ז ז, ב; ירושלמי ברכות פרק ד, הלכה א; ירושלמי פסחים פרק ה, הלכה א; פר״א פרק טז; מכילתא בשלח ויהי ב; מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי מה; ב״ר סח, ט; במ״ר ב, א און יג, ד; תנחומא מקץ אָנהויב ט, תשא כג און צו יד; תנח״ב מקץ יא; שו״ט יט, ב; נה, ב און ו; קב, ב; זהר נח עב, א; חיי שרה קלב, ב און קלג, א; פינחס רכד, א, רעיא מהימנא; אונקלוס, יונתן, רש״י ברא־שית כד, סג; ל״ט וירא יט, כז; ויצא כח, יא; ואתחנן ו, א; י״ש וירא פו, תהלים תשעא און תתנה, און משלי תתקס; ילקוט א׳ פרק מא, פסוק יג.

ז) ברכות כו, ב. זעט ת״ת ענדע יתרו, סימנים קכ־קכד.

ז*) תנח״ב תולדות א; תנח. לך לך יא; סא״ר 35; פרש. 100.

ח) ע״ז יד, ב; ב״ר מט ענדע ב; י״ש וירא פב און איוב תתקכא. זעט ילקוט ראובני.

ט) רבינו בחיי בראשית טו, א.

לערנט תורה (ווי צוויי וואסער קרוגן, וועלכע האבן געקוועלט מיט תורה). לויט אן אנדער מיינונג, האט ער געלערנט פון זיך אליין, י).

דער אויבערשטער אליין האט דאך אים געוויזן די תורה, כ).

ער האט געלערנט ביי נח'ן און ביי זיין זון שם, ל).

ער האט געלערנט אין א ישיבה, מ).

עס זיינען אים אנטפלעקט געווארן דברי תורה און דברי סופרים, מ*).

**האט אברהם פערפאסט ספרים?**

ער איז איינער פון די עלף וועלכע האבן פארפאסט תהלים, נ).

ער האט אויך פארפאסט א „טעא־לאגישן" ספר וועגן דעם אז עס איז פאראן בלויז איין אויבערשטער, נעמלעך

---

י) אר"ן פרק לג; שו"ט א, יג און טז, ז; ב"ר צה, ב; תנחומא ויגש יא; תנח"ב ויגש יב; י"ש חיי שרה קט און תהלים תריד און תרסז; ב"מ,א קנג; פרש. 100.

כ) ב"ר מד, יח; ש"ר נא, ז; שו"ט טז, ז; לח, ב; נב, ח; פר"כ מב, ב; פ"ר פיסקא טו; י"ש לך לך עז; תהלים תשלז; מנורת המאור סימנים צב און קלח.

זעט אומעטום ווער עס זאגט וואס.

ל) ישר נח, 23. זעט ס"ה טו, א.

מ) יומא כח, ב.

מ*) תוספתא קידושין ה, כא; אר"ן א, לג; שו"ט טז, ז.

נ) לויט בבא בתרא יד, ב לעצטע שורה האט דוד המלך געשריבן ספר תהלים על ידי עשרה זקנים, צוזאמען עלף.

לויט: שו"ט א, ו, הוצאת אום; שי"ר ד, פסוק ד, און זעט מהרז"ו דארט; רש"י אנהויב תהלים האבן צען „בני אדם", צען מענטשן פארפאסט תהלים.

אין ק"ר ז, פסוק יט, סימן ד שטייט... מעשרה זקנים.

זעט אומעטום ווער עס זאגט וואס. און ניט אלע גיבן אן די זעלבע נעמען פון די מחברים פון תהלים.

דער באשעפער פון דער וועלט, ס).

**אברהם האט דאך געלעבט פאר מתן תורה וועלכע זשע מצוות האט ער אפ־געהיט?**

ער האט אפגעהיט די גאנצע תורה, אלע מצוות, נאך איידער זי איז גע־געבן געווארן, ע).

ער האט אפגעהיט אפילו דקדוקי תו־רה, ע*) און ער האט זיי געלערנט זיינע קינדער, ע**).

קיינער האט זיך עוסק געווען אין מצוות אזוי ווי אברהם, ע***).

ער האט זעהר מדקדק (פארטיקלע) געווען אין מצוות, פ).

ער האט אפגעהיט אפילו עירובי תב־שילין, מאכן אן עירוב תבשילין מען זאל מעגן קאכן יום טוב אויף שבת, צ);

---

זעט ויק"ר יז, א וועגן אסף'ן.

ס) רמב"ם מדע, הלכות כוכבים פרק א', סימן ג.

ע) ירושלמי קידושין פרק ד, הלכה ב; יומא כח, ב; קידושין פב, א; אר"ן נוסחא ב 21; תנחומא בהר א; תנח"ב לך לך יד (כל המצוות וכל התורות); ויק"ר ב, י; זהר תצא רעו, ב; מה"ג,א' 402.

אין שי"ר א, ג, ג שטייט הרבה, פילע מצוות.

ע*) ב"ר צה, ג; תנח"ב ויגש יב. זעט: מה"ג,א' 226; מר"א ג, נד.

ע**) ב"ר צה, ג; תנח"ב ויגש יב.

זעט: נדרים לב, א; תנח. לך לך א; ילקוט א', מא, נ, קכא; תנח"ב בהר ג; ש"ר ל, ט; אג"ב יג, כח; קונד. 80.

לויט ספרי ואתחנן לא איז ער געבאטן געווארן בלויז איין מצוה (מצות מילה). לויט תוספתא סוטה ו, ט און מה"ג,א' 30 איז ער געבאטן געווארן בלויז איינציקע מצוות.

ע***) נדרים לב, א.

פ) תנחומא, באבער, לך לך, א; ב"מ,א, קנ.

צ) יומא כח, ב; ב"ר צה, ג; תנח. לך לך א און יא, און בהר א; תנח"ב לך לך א און יד, ויגש יב; בהר ג; שו"ט א, יג;

אפילו עירובי חצרות, לייגן אַן עירוב צו מעגן טראָגן שבת, ק);

אפילו אַ מצוה קלה שבעל פּה, אפילו אַ לייכטע מצוה, וועלכע געפינט זיך ניט בפירוש, אויסדריקלעך אין דער תורה, ר);

אפילו דקדוקי תורה, אַלץ האָט ער אָפּגעהיט, ש).

**האָט א' מקיים געווען כיבוד אב?**

ער האָט דאָך מקיים געווען די גאַנצע תורה, אַלע מצוות, האָט ער געווים מקיים געווען אויך די דאָזיקע מצוה, ת).

**פון וואַנען איז די ראיה אַז א' האָט מקיים געווען די מצוה פון כיבוד אב?**

דער פּסוק זאָגט „ויקח תרח", א) תרח האָט גענומען אברם'ן, לוט'ן און שרי'ן און זיי האָבן פאַרלאָזט אור כשדים. אברהם איז דאָך געווען דער עיקר. ער איז געווען דער בעל הבית. און פאַרלאָזט אור כשדים האָט מען דאָך צוליב אים. פאַרוואָס זשע עפּעס „ויקח תרח"? נאָר ווייל ער האָט מכבד געווען זיין פאָטער, גייט עס אויף זיין נאָמען, ב).

**איז א' געווען אַ כהן, צי אַ לוי, צי אַ ישראל?**

ער איז דאָך געווען אַ גר, ג) נאָר דער אויבערשטער האָט אָוועקגענומען די כהונה פון שם'ן, נח'ס זון, און האָט זי איבערגעגעבן אברהם'ן, ד).

**איז א' געווען אַ כהן צי אַ כהן גדול?**

---

אגדת בראשית אָנהויב פּרק יג; י"ש תולדות קיא; בחיי בראשית יב, א; ב"מ,א, קנ.

זעט: קידושין פּב, א; זהר רעו, ב; תוספות יבמות עא, ב אונטערן וואָרט לא ניתנה; ילקוט א', מא, ח, קכא; מה"ג,א' 402; פּרש. 100. און זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

יום טוב טאָר מען ניט קאָכן אויף שבת. ווען יום טוב פאַלט אויס פרייטיק, טאָר מען ניט קאָכן דאָס עסנוואַרג אויף שבת, סיידן מען מאַכט אַן עירוב תבשילין. מען נעמט ערב יום טוב אַ שטיקל חלה, וואָס מען האָט אָנגעגרייט אויף שבת און אַ כזית געקאָכטע פיש, אָדער פליש, אָדער אַן איי און מען מאַכט די ברכה ברוך אתה ה' אלקינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו על מצות ערוב. מען זאָגט אויך „בדין יהא שרא לנו". זעט אין אָנהויב מחזור.

ק) ב"ר פּרשיות מט, ב און סד, ד; שו"ט א, יג; י"ש וירא פּד.

אין שה"ק יב שטייט אַז די חז"ל דערמאָנען בלויז עירובי תבשילין?!

ר) בראשית רבה סד, ד. זעט ויק"ר כה, ו.

ש) ב"ר צה, ג; תנח. ענדע ויגש.

ת) בחיי בראשית יא, לא. אָבער זעט: רש"י, רמב"ן ענדע פּרשה נח; זייט 71, סימן ע.

א) בראשית יא, לא.

ב) רבינו בחיי בראשית יא, לא.

ג) סוכה מט, ב; חגיגה ג, א; תנח. לך לך ו; תנח"ב לך לך ו.

אַז אברהם און שרה זיינען געווען גרים זעט: במ"ר ח, י; סא"ר 146.

אַז אברהם אַליין האָט זיך גערופן גר, זעט בראשית כג, ד; מכילתא משפּטים, נזיקין אָנהויב יח. אָבער דאָרט אין חומש מיינט דאָס וואָרט גר, אַ פרעמדער, אַ מענטש פון אַ פרעמד לאַנד, אַן אויסלענדער. זעט: רש"י, רשב"ם, רמב"ן, א"ע אין בראשית כג, ד.

אַז דער אויבערשטער האָט אים באַצייכנט אַלס גר, זעט ילקוט א', פּרק מט, פּסוק ג.

ד) זעט די פאַרשידענע נוסחאות, און ווער עס זאָגט זיי אין:

נדרים לב, ב; ב"ר מו, ה און נה, ז; ש"ר ענדע פּרשה ב; ויק"ר כה, ו; במ"ר ד, ח; ד"ר ב, ז.

פאַרגלייכט: תנח. שמות יט; תנח"ב תולדות יב; פּר"א פּרק ח; זהר לך לך פּז, א; פּ"ר קע, א; י"ש לך לך סג, עד, פּא; און וירא צו; מה"ג,א' ריח; רש"י בראשית יד, כ.

לויט: ב"ר מו, ה; ויק"ר כה, ו און נאָך

פאַראַן אַ מיינונג אַז ער איז געוועזן אַ כהן גדול, ה).

**האָט א' געגעבן מעשר, תרומה?**

ער האָט דאָך מקיים געווען די גאַנצע תורה, האָט ער אויך געגעבן מעשר און אָפּגעשייט תרומה.

אגב, ער איז געווען דער ערשטער צו געבן מעשר, ו).

**איז אמת אַז א' פלעגט היילן קראַנקע?**

די גמרא זאָגט אַז אַ טייערער שטיין (אַ פּערל) פלעגט הענגען אויף זיין האַלז, און יעדער קראַנקער וועלכער האָט אים געזען איז באַלד געזונט געוואָרן, ז).

**איז א' באַגאַנגען עפּעס אַ זינד?**

עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז יאָ:

ווען עס האָט אויסגעבראָכן דער הונגער, האָט ער פאַרלאָזט דאָס לאַנד כנען וועגן וועלכן ער איז געבאָטן געוואָרן, ח). ער האָט זיך דאָך באַדאַרפט פאַרלאָזן אויפן אַלמעכטיקן.

ער האָט געהייסן שרה'ן זאָגן אין מצרים, ט) אַז זי איז זיין שוועסטער. און אין פאַל מיט אבימלך'ן האָט ער אַליין געזאָגט אַז שרה איז זיין שוועסטער, י). ער האָט דאָך באַדאַרפט האָבן בטחון אינעם אַלמעכטיקן, אַז ער וועט ראַטעווען אים און זיין ווייב.

ווען דער אויבערשטער האָט אים צוגעזאָגט דאָס לאַנד, האָט ער גאָר געפרעגט „במה אדע כי אירשנה", כ) ווי אַזוי וויים איך אַז איך וועל עס ירשענען, ל).

**וואו האָבן אברהם און שרה זיך באַזעצט נאָך אברהם'ס ניצול ווערן פונעם קאַלד־אויוון?**

זיי האָבן פאַרלאָזט אור כשדים, זייענען געצויגן אינעם לאַנד כנען און האָבן זיך באַזעצט אין חרן, מ).

**ווי לאַנג האָט א' געוואוינט אין חרן?**

דריי יאָר, נ).

**דער פסוק זאָגט „וימת תרח בחרן", ס) אַז תרח איז געשטאָרבן אין חרן. אָבער ער האָט דאָך געלעבט ווען אברהם האָט פאַרלאָזט חרן?**

דער אויבערשטער האָט אים גערעכנט אַלס טויטער כדי אברהם זאָל זיין פּטור פון דער מצוה פון כבוד אב ואם. מען זאָל ניט זאָגן אַז ער האָט איבערגעלאָזט אַן אַלטן טאַטן. און רשעים ווערן דאָך אָנגערופן טויט אַפילו ביי זייער לעבן, ע).

---

קוועלן, איז אברהם געוועזן אַ כהן גדול. זעט זייטן: 48, נאָטע ס; 170, נאָטע ק.

ה) ב"ר מו, ה; ויק"ר כו. פאַראַן נאָך קוועלן. זעט פאָרגייענדיקע פראַגע און דעם ענטפער.

ו) זעט: זייט 69, ע; בראשית יד, כ. פר"א פרק כז; מה"ג,א' רכב (יד, כ).

זעט: ב"ר יב, יג; תנח. חיי שרה ענדע סימן ד; תנח"ב ראה יב; פ"ר פיסקא כה, ג (קכז, ב); פר"כ צח, א, הוצאת אום; ל"ט בראשית א, א און לך לך יד, כ.

ז) בבא בתרא טז, ב; תוספתא קידושין ה, 17; י"ש חיי שרה קו.

ח) בראשית יב, י.

ט) בראשית יב, יג.

י) בראשית כ, ב.

כ) בראשית טו, ח.

ל) זעט איינצלהייטן אין: בחיי בראשית יב, יג; פראַגעס און ענטפערס אויף זייטן 98, נאָטע א; 99, נאָטן ב, ג, ד.

מ) בראשית יא, לא.

נ) ספר הישר נח 36.

ס) בראשית יא, לב.

ע) ברכות יח, ב; ב"ר לט, ז; תנח. יתרו א און ענדע וזאת הברכה; תנח"ב יתרו א; מ"א נח יא, לב; ל"ט אַנהויב לך לך;

ענדע פרשת נח, אויפן פסוק „וימת תרח בחרן”, זאָגט רש״י „נון הפוכה”, נעמלעך אַז „בחרן” שטייט מיט אַ פאַרקערטע נון. אָבער די „נ” איז דאָך ניט פאַרקערט, ניט אין דער תורה און ניט אין חומש?

דער „מנחת ש״י” ז״ל אויפן אָרט באַהאַנדלט די פראַגע. ער גיט אָן מקורות און זאָגט אַז אין ספר תאגי, און „בתיקון ספר תורה ישן” האָט ער געזען אַ פאַרקערטע נון, ע*). זעט אויך דעם רד״ק אַ חוץ די מקורות אין „מנחת שי”.

**ווי אַלט איז א׳ געווען ווען זיין פאָטער תרח איז געשטאָרבן?**

תרח איז געשטאָרבן צוויי יאָר פאַר שרה׳ן. שרה האָט געלעבט הונדערט זיבן און צוואַנציק יאָר, פ). איז זי ביי תרח׳ס טויט אַלט געווען הונדערט פינף און צוואַנציק יאָר. אברהם איז געווען עלטער פון שרה׳ן מיט צען יאָר, צ). איז ער אַלט געווען הונדערט פינף און דרייסיק יאָר ביי זיין פאָטערס טויט, ק).

**ווי אַלט איז אברהם געווען ווען זיין זיידע נחור איז געשטאָרבן?**

הונדערט און צען יאָר, ק*).

**ווי אַלט איז א׳ געווען ווען ער האָט פאַרלאָזט חרן?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידענהייטן. פינף און פופציק יאָר. ער האָט שפּעטער זיך צוריק אומגעקערט צו באַזוכן זיין פאָטער און איז דאָרט געבליבן, ר).

אַ׳ עס שטייט דאָך אַז ער איז אַלט געווען פינף און זיבעציק יאָר ווען ער האָט פאַרלאָזט חרן, ש). איז דער ענטפער אַז ער האָט פאַרלאָזט חרן צוויי מאָל, איינמאָל ווען ער איז אַלט געווען זיבעציק יאָר, און דאָס צווייטע מאָל ווען ער איז אַלט געווען פינף און זיבעציק יאָר, ת).

**ווי אַלט איז אברהם געווען ווען נח איז געשטאָרבן?**

אַכט און פופציק יאָר, א).

**פון נח׳ן ביז אברהם׳ן זיינען פאַרלאָפן צען דורות, א*). האָט דער אויבערשטער גערעדט צו וועלכן פון זיי ביז אברהם׳ן?**

ניין, א**).

## מיטן וואַנדער־שטעקן אין האַנט

**פאַרוואָס האָט דער אויבערשטער געהייסן אברהם׳ן וואַנדערן?**

צוליב עטלעכע אורזאַכן:

ער זאָל אים מאַכן פאַר אַ גרויס פאָלק,

---

י״ש אָנהויב לך לך; רש״י, רמב״ן, ענדע נח; בחיי בראשית יא, לב. און זעט אין אַלע ערטער די פאַרשידענע ווערסיעס.

ע*) בראשית יא, לב און רש״י דאָרט.

פ) בראשית כג, א.

צ) בראשית יז, יז.

ק) ב״ר נח, ה; סדר עולם רבה; י״ש חיי שרה קב.

לויט מדרש שכל טוב לך לך טו, טו איז ער אַלט געווען הונדערט דרייסיק יאָר.

ק*) שלשלת הקבלה יא־יב.

ר) ישר נח 36 און 37; ס״ה טז, ב.

ש) בראשית יב, ד; סע״ר פרק א.

ת) בחיי בראשית טו, יד.

א) ספר הישר נח 37; שה״ק יב, אָבער אויף זייט יא דאָרט שטייט זיבן און פופציק.

א*) אבות אָנהויב פרק ה, אר״ן א׳, לג, ב; ב״ר מט, ב; ויק״ר י, א; ק״ר ז, יט; שו״ט כה, און קה, ג, הוצאת אום; תנח. לך לך יא; וישב א; ויחי יד; בהעלותך ז; תנח״ב חיי שרה ג און תולדות ז; י״ש לך לך פב, עמוס תקמא, תהלים תשב; תדשא קעד; מה״ג,א׳ 197; ל״ט בראשית א, א (דף ג, א); רש״י בראשית לז, א.

א**) ב״ר לט, ד און ו; י״ש קהלת תתקעו; ל״ט לך לך יב, א. זעט די מקורות צו דער פאַרגייענדיקער פראַגע.

ווייל דאָ איז ער ניט זוכה צו האָבן קינדער, ב).

צו מאַכן באַקאַנט זיין כאַראַקטער, זיינע גוטע מעשים אין דער וועלט, ג).

ווייל ער איז געווען געגליכן צו אַ פלעשעלע שמעקענדיקן פּאַרפיום וואָס איז פאַרזיגלט און ליגט (אויפן הייליקן אָרט) אין אַ ווינקעלע און דער דופט קען ניט אַרויס. האָט דער אויבערשטער געוואָלט ער זאָל אַרויס אין דער ברייטער וועלט און פאַרשפּרייטן דעם גלויבן אין דעם וועלט-באַשעפער, ד).

**דער פּסוק זאָגט: „לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך", גיי אַוועק פון דיין לאַנד, פון דיין געבורטס-שטאָט, און פון דיין פאָטערס הויז. עס וואָלט דאָך אייגנטלעך באַדאַרפט שטיין פאַרקערט: פון דיין פאָטערס הויז, פון דיין געבורטס-שטאָט און פון דיין לאַנד?**

דער שטייגער פון דעם מענטשן איז, אַז ווען ער פאַרלאָזט זיין היים, איז דאָס וואָס ער האָט ליבער, בלייבט אים לענגער אין דעם געדעכעניש. צוערשט הויבט ער אָן פאַרגעסן דאָס לאַנד, דערנאָך די געבורטס-שטאָט, און ערשט דערנאָך דעם פאָטערס הויז, די אייגענע, ד*).

**פאַרוואָס האָט דער אויבערשטער גענוצט דעם אויסדרוק „לך לך", און ניט בלויז „לך" — גיי, ווען ער האָט געהייסן אברהמ'ן וואַנדערן?**

די אותיות פון „לך לך" באַטרעפן הונדערט. ער האָט אים אָנגעוואונקען אַז צו הונדערט יאָר וועט אים געבוירן ווערן אַ כשר'ער זון, ה).

אגב, דער „עוללות אפרים" זאָגט דערויף אַז דער וועלכער גייט קיין ארץ ישראל, גייט צו זיך אַליין. ווייל, זאָגט דער „כלי חמדה", דאָס לאַנד ישראל איז באַשטימט געוואָרן פון דער השגחה העליונה פאַר דעם פאָלק ישראל. עס איז אַ זיווג, און איינער קען ניט לעבן אָהן דעם צווייטן. דאָס פאָלק ישראל און ארץ ישראל קענען ניט לעבן איינער אָהן דעם צווייטן. ווען דאָס פאָלק ישראל זיצט אינעם לאַנד ישראל, איז עס „מצא מין את מינו". ווען אַ איד קומט קיין ארץ ישראל, געפינט ער זיין אייגענעם „איך". דעריבער האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אברהמ'ן: אויב דו ווילסט קומען צו זיך, אויב דו ווילסט געפינען זיך אַליין, איז „לך לך", גיי צו דיין אייגענעם שורש; מוזטו גיין „אל הארץ אשר אראך", אין דעם לאַנד וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר דיר. נאָר אין דעם לאַנד ישראל, אין דיין אייגן לאַנד קענסטו געפינען זיך אַליין. נאָר אין דיין לאַנד ישראל וועסטו געפינען דיין תיקון, און זיין אַן עם ישראל.

לך לך, גיי פאַר דיין אייגענעם וואוילזיין; צו פאַרבעסערן דיין אייגן מזל, ה*).

**ווען דער אויבערשטער האָט געהייסן אברהמ'ן נעמען דעם וואַנדער שטעקן**

---

ב) בראשית יב פסוקים א און ב און רש"י אויפן אָרט. פאַרגלייכט דאָרט רמב"ן און זעט ראש השנה טז, ב.

ג) תנח. לך לך ג; רש"י אָנהויב לך לך און פאַרגלייכט מיט תנח"ב לך לך ג.

ד) ב"ר לט, ב; שי"ר א, פסוק ג סימן ג; תנחומא לך לך ג; תנח"ב לך לך ג. ל"ט לך לך יב, א; י"ש אָנהויב לך לך און שיר השירים תתקפא; ילקוט א' פרק מא, פסוק ח; בחיי, בראשית, יב, א.

זעט אין די אַלע מקורות די אויסדרוקן פאַר פאַרפיום (אָדער באַלזאַם) אפופילסימון, אפרסמון, פלסמון, פליטון, פוליטון, פלייטין און ווער עס זאָגט זיי.

ד*) בראשית יב, א; אלשיך, אָנהויב לך לך.

ה) תנחומא לך לך ג; תנח"ב לך לך ד; במ"ר יח, כא; מ"א אָנהויב לך לך; ל"ט אָנהויב לך לך; י"ש לך לך סג.

ה*) זהר ח' א, עז.

**אין האַנט, האָט ער אים געהייסן גיין אין דעם לאַנד אַריין וואָס ער וועט אים ווייזן, ו). פאַרוואָס האָט ער ניט באַלד אים געזאָגט אין וועלכן לאַנד אַריין ער זאָל ציען?**

כדי צו מאַכן דאָס לאַנד באַליבט אין זיינע אויגן, און ער זאָל אים געבן שכר פאַר יעדער טריט, פונקט אַזאַ שטייגער ווי ער האָט געזאָגט אים שפּעטער ביי דער עקידה: „נעם דיין זון, דיין איינ־ציקן, וועלכן דו האָסט ליב, יצחק'ן" . . . ער האָט דאָך געקענט אים זאָגן נעם יצחק'ן, נאָר כדי ער זאָל אים געבן שכר פאַר יעדער וואָרט, ז).

**קען מען דרינגען פונעם נאָמען אַב־רהם אַז דער אויבערשטער וועט אים בענטשן?**

יאָ. אברהם באַטרעפט צוויי הונדערט אַכט און פערציק פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון „אברככה", ח).

**מיט וויפל ברכות האָט דער אויבער־שטער געבענטשט אברהם'ן ווען ער האָט אים געהייסן פאַרלאָזן זיין גע־בורטס־לאַנד?**

מיט זיבן:

„ואעשך לגוי גדול", און איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ גרויס פאָלק.

„ואברכך", און איך וועל דיך בענטשן.

„ואגדלה שמך", און איך וועל מאַכן גרויס דיין נאָמען.

„והיה ברכה", און דו וועסט זיין אַ בענטשונג.

„ואברכה מברכיך", און איך וועל בענטשן די וועלכע בענטשן דיך.

„ומקללך אאור", און די וועלכע שעלטן דיך וועל איך שעלטן.

„ונברכו בך כל משפחות האדמה", און עס וועלן זיך בענטשן אין דיר אַלע משפחות פון דער ערד.

דאָס איז קעגן די זיבן פּסוקים ביים וועלט־באַשאַף, אין וועלכע עס שטייט „כי טוב", ט).

**דער אויבערשטער האָט געזאָגט אַב־רהם'ן „ואעשך לגוי גדול", י) און איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ גרויס פאָלק. אין וועמענס זכות איז אברהם געוואָרן גרויס?**

אין יעקב'ס, און אין יצחק'ס. ווייל ווען אַ פאָטער, זיין זון און זיין זונס זון זיינען בני תורה, וועט די תורה זיך מער ניט אויסלאָזן פון אים, כ).

אברהם האָט געקענט די גאַנצע תו־רה, ל) און ער האָט געלערנט גמרא, מ).

יצחק האָט געלערנט ביי אברהם'ן און נאָך דער עקידה (נאָך שרה'ס פּטירה)

---

ו) בראשית יב, א.

ז) אין: ב"ר לט, ט; ל"ט בראשית יב, א; י"ש לך לך סב שטייט „על כל פסיעה ופסיעה", פאַר יעדער טריט.

אין: ב"ר נה, ז; רש"י בראשית יב, א שטייט „על כל דבור ודבור", פאַר יעדער וואָרט. זעט: 163, א; 164, ל.

ח) ב"ר לט, יא; י"ש לך לך סד. אָבער אין פּסוק (בראשית יב, ב) שטייט דאָך „ואברכך" וואָס באַטרעפט צוויי הונדערט נייען און פערציק!

ט) בראשית יב, פּסוקים ב, ד. זהר, סתרי תורה, לך לך, עח, א; במ"ר יא, ב.

זעט בראשית א, פּסוקים ד, י, יב, יח, כא, כה, לא. מאָנטיק שטייט ניט „כי טוב", ווייל דער אויבערשטער האָט ניט געענדיקט. דינס־טיק האָט ער עס געענדיקט, און אָנגעהויבן און געענדיקט אַ נייע שאַפונג. דערפאַר שטייט ביי דינסטיק צוויי מאָל „כי טוב". אגב דער־פון נעמט זיך וואָס מען זאָגט אַז מאָנטיק איז קיין גוטער טאָג און דינסטיק איז אַ „גאָר וואַזשנער" טאָג. ביים זעקסטן טאָג שטייט צוויי מאָל טוב, דעקט עס אויך שבת. זעט פּירוש מהרז"ו במ"ר יא, ב.

י) בראשית יב, ב.

כ) תנח"ב תולדות א.

ל) זעט זייטן 68, 69, נאָטן י־מ*.

האָט ער געלערנט אין דער ישיבה פון שם און עבר, נ).

יעקב האָט געלערנט ביי יצחק'ן תורה, ס). ער האָט געלערנט אין די ישיבות פון שם ועבר, ע). ער איז געווען אַ בקי אין תורה, פ).

דער מדרש לערנט עס אָפּ פונעם פסוק „כה אמר ה' אל בית יעקב אשר פדה את אברהם", צ) דער אויבערשטער האָט געזאָגט צום הויז פון יעקב וועלכער האָט אויסגעלייזט אברהם'ן. ווי אין פסוק שטייט „והודעתם לבניך ולבני בניך, יום אשר עמדת", ק) און דו זאָלסט זיי לאָזן וויסן דיינע קינדער און דיינע קינדס־קינדער, דעם טאָג ווען דו ביסט געשטאַנען. פונקט ווי דער טאָג פון מתן תורה ווערט ניט בטל, אַזוי אויך: ווער עס לערנט זיין זון און זיין זונס זון תורה, ווערט די תורה זיך מער ניט אויסלאָזן פון אים, ר).

לויט פאַרשידענע מדרשים מיינט דער פסוק „לכן כה אמר ה' אל בית יעקב אשר פדה את אברהם", ש) אַז יעקב האָט אויסגעלייזט אברהם'ן פונעם קאַלך־אויוון, ת).

לויט דער גמרא מיינט דער פסוק אַז יעקב האָט אויסגעלייזט אברהם'ן פון צער גידול בנים. ווייל די טרחה פון ברענגען די שבטים אויף דער וועלט, האָט אייגנטלעך באַדאַרפט אַרויפגעלייגט ווערן אויף אברהם'ן, איז געקומען יעקב און ער האָט אים אויסגעלייזט, א).

**ווען דער אויבערשטער האָט געזאָגט אברהם'ן „ואברכך . . והיה ברכה", ב) מיט וואָס אייגנטלעך האָט ער אים געבענטשט?**

ואברכך — איך וועל דיך בענטשן מיט געלט, מיט רייכקייט. והיה ברכה — איך גיב איבער די ברכות דיר אין דער האַנט אַריין. ביז איצט זיינען זיי געווען אין מיין האַנט. איך האָב געבענטשט אדם הראשון'ען, נח'ן און דיך. פון איצט אָן און ווייטער וועסטו בענטשן וועמען דו וועסט וועלן, ג).

**האָט דער אויבערשטער געבענטשט אברהם'ן מיט נאָך ברכות אויסער רייכקייט?**

יאָ. ער האָט אים געזאָגט: דיין ברכה וועט פאַראויסגיין מיין ברכה. מען וועט זאָגן פריער „מגן אברהם" און דער־

---

מ) ע"ז יד, ב; ב"ר מט, ענדע ב; י"ש וירא פב און איוב תתקכא. זעט 68, ח.

נ) זעט: תנחומא אָנהויב שמות; ב"ר נו, יא; ישר מח, א און ב; תרגום יונתן בראשית כב, יט און כד, סב.

ס) תנחומא אָנהויב שמות.

ע) יומא כח, ב; מגילה טז, ב און יז א; ב"ר סג, י; סח, ה און יא; ש"ר א, א; תנחומא אָנהויב שמות; ל"ט ענדע חיי שרה; י"ש חיי שרה ק; תוספות יבמות סא, ב אונטערן וואָרט וכן; רש"י בראשית כה, כז.

פ) פר"א פרק לב. עס זיינען פאַראַן נאָך קוועלן.

צ) ישעיה כט, כב.

ק) דברים ד, פסוקים ט און י.

ר) תנח"ב אָנהויב תולדות.

ש) ישעיה כט, כב.

ת) ב"ר סג, ב; ויק"ר לו, ד; תנח. תולדות ד און שמות ד; מה"ג, א' תקנה; אגדת בראשית, בראשית פרק לז און פרק סד; י"ש אָנהויב תולדות; רש"י ישעיה כט, כב.

א) סנהדרין יט, ב און רש"י אונטערן וואָרט שפדאו. זעט זייט 65 נאָטן ע—ק.

ב) בראשית יב, ב.

ג) ב"ר לט, יא; במ"ר יא, ב; פר"כ קצט, א, הוצאת אום; תנח. לך לך ד, נשא ט און אָנהויב וזאת הברכה; שו"ט א, ה; רש"י און רבינו בחיי בראשית יב, ב. זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

נאָך „מחיה המתים" (אין דער שמונה עשרה), ד). און מען וועט חתמ'ענען, ענדיקן מיט דיין נאָמען, מיט „מגן אברהם". ווי דער אויבערשטער האָט אים געזאָגט „אנכי מגן לך", ה).

**וואָס פאַר אַ ברכה איז „ונברכו בך", ו) מען וועט זיך בענטשן מיט דיר, וואָס דער אויבערשטער האָט געגעבן אברהם'ן?**

עס מיינט אַז רעגן און טוי (ראָסע) וועלן אַראָפּנידערן אין זיין זכות, ז).

לויט אַן אַנדער מיינונג מיינט עס, דער אויבערשטער האָט אים געזאָגט אַז ער האָט פאַר אים צוויי גוטע ברכות: רות און נעמה. פון רות'ן האָט אָפּגעשטאַמט דוד המלך. פון נעמה'ן, דעם מלך רחבעם'ס מוטער, האָבן אָפּגעשטאַמט די מלכים אסא, יהושפט, חזקיהו און ישעיה הנביא, ח).

**איז אמת אַז דער אויבערשטער האָט איבערגעגעבן אברהם'ן די ברכות?**

אַזוי זאָגן אונזערע חכמים ז"ל, איז דאָס געוויס אמת. אגב, דאָס וואָרט אמת אַליין באַשטעטיקט עס. אמת מאַכט תתברך מברכת אברהם, דו זאָלסט געבענטשט ווערן פון אברהם'ס ברכה, ט).

**וועמען פון די אבות אברהם, יצחק, יעקב האָט דער אויבערשטער געבענטשט מער?**

יעקב'ן.

אברהם'ן האָט ער געזאָגט „קום, התהלך בארץ לארכה ולרחבה", י) שטיי אויף, גיי דורך דאָס לאַנד אין דער לייגג און אין דער ברייט.

יצחק'ן האָט ער געזאָגט „כי לך ולזרעך אתן את כל הארצות האל", כ) ווייל דיר און דיינע קינדער וועל איך געבן די דאָזיקע אַלע לענדער.

יעקב'ן האָט ער געזאָגט „ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה", ל) און דו וועסט זיך אויסשפּרייטן קיין מערב און קיין מזרח און קיין צפון און קיין דרום. יעקב'ס ברכה האָט ער ניט באַגרענעצט, מ).

**איז א' טאַקע באַקאַנט געוואָרן אין דער וועלט?**

יאָ. ער איז איינער פון די פיר וועלכע זיינען באַערט געוואָרן מיט אַ (מטבע) מעדאַל. אויף איין זייט פון זיין מעדאַל איז געווען אַ זקן און אַ זקנה, און אויף דער אַנדערער זייט איז געווען אַ בחור און אַ בתולה, נ).

---

ד) תנח"ב לך לך ד; תנח. נשא ט; ב"ר לט, יא; במ"ר יא, ב; שו"ט א, ה.

זעט פסחים קיז, ב; מ"א אָנהויב לך לך; י"ש לך לך סד. זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

ה) פסחים קיז, ב; רש"י בראשית יב, ב און תורה תמימה דאָרט סימן ד; בראשית טו, א.

ו) בראשית יב, ג.

ז) מ"א בראשית יב, ג; ב"ר לט, יב; ל"ט לך לך יב, ג; י"ש לך לך סה. זעט רש"י בראשית יב, ג און רמב"ן דאָרט פסוק ב.

ח) יבמות סג, א; ת"ת בראשית יב, ג, סימן ח.

ט) זעט: פאַרגייענדיקע צוויי פראַגעס און ענטפערס; „מגן אברהם" פונעם טריסקער מגיד זצ"ל, יתרו יז, ב, לעצטע שורה.

י) בראשית יג, יז.

כ) בראשית כו, ג.

ל) בראשית כח, יד.

מ) שבת קיח, א־ב. זעט: מ"א ויצא כח, יד; ל"ט ויצא כח, יד.

נ) אין ב"ר לט, יא שטייט מוניטין. אין בבא קמא צז, ב שטייט מטבע. פאַרגלייכט: סדר אליהו רבא פרק ה, כט; ל"ט לך לך יב, ב; מה"ג.א' לך לך; י"ש לך לך סד. און יהושע יז; שה"ק יב־יג.

די אַנדערע דריי וועלכע זיינען באַ־ערט געוואָרן מיט מעדאַלן זיינען יהו־שע, ס) דוד, ע) מרדכי, פ).

**די חכמים ז״ל זאָגן אַז א׳ איז באַ־ערט געוואָרן מיט אַ מעדאַל, אויף איין זייט איז געווען אַ זקן און אַ זקנה, און אויף דער אַנדערער זייט אַ בחור און אַ בתולה. סטייטש, עס איז דאָך פאַר־באָטן צו מאָלן בילדער פון מענטשן?!**

עס איז געווען בלויז אויפגעשריבן אויף איין זייט די ווערטער „זקן״ און „זקנה״, און אויף דער אַנדערער זייט די ווערטער „בחור״ און „בחורה״, צ).

אגב, פאַרוואָס עפּעס גראַדע דער סימ־באָל פון יונג און אַלט? ווייל דעם מענטשנס תאוות ענדערן זיך לויט די יאָרן. האָט אברהם געוואָלט ווייזן אַז די תאוה פון געלט איז ליידער גלייך ביי יונג און אַלט, ק).

**אברהם האָט טאַקע פּראָקלאַמירט דעם גלויבן אין אחד, אינעם איינציקן באַשעפער פון דער וועלט. האָט ער פּראַקטיצירט וואָס ער האָט געפּרעדיקט. נעמלעך, האָט ער זיך מגייר געווען?**

יאָ. ער איז געווען תחילה לגרים — דער סאַמע ערשטער גר, ר). און ער איז געווען אב הגרים — דער פאָטער פון די גרים, ש).

**אַלס וואָס האָט אברהם אַליין זיך באַ־טראַכט?**

ער אַליין האָט זיך גערופן גר, ת).

**ווי אַזוי האָט דער אויבערשטער באַ־צייכנט אברהם׳ן?**

ער האָט אים באַצייכנט אַלס גר, א).

**האָט אברהם מגייר געווען אויך אַנ־דערע?**

יאָ. „ואת הנפש אשר עשו בחרן״, ב) טייטשן די חכמים ז״ל אַז אברהם האָט מגייר געווען די מענער, און שרה האָט מגייר געווען די פרויען, ג).

**ווי אַלט איז א׳ געווען ווען ער האָט מגייר געווען די מענטשן אין חרן?**

צוויי און פופציק יאָר, ד).

---

ס) ב״ר לט, יא; י״ש יהושע יז.

ע) ב״ר לט, יא; י״ש יהושע יז.

פ) ב״ר לט, יא; א״ר י, יב; י״ש יהושע יז און אסתר תתרנט. זעט פאָלגענדיקע פראַגע און ענטפער.

צ) תוספות בבא קמא צז, ב אונטערן וואָרט „מטבע״. אָבער זעט דאָרט רש״י.

ק) פרדס יוסף.

ר) סוכה מט, ב; חגיגה ג, א; זייט 51, ב.

ש) תנחומא לך לך ו; תנח״ב לך לך ו; זייט 46, א.

אַז אברהם און שרה זיינען געווען גרים זעט: במדבר רבה ח, י; סא״ר 146. זעט פאָלגענדיקע צוויי פראַגעס און ענטפערס.

ת) בראשית כג, ד. מכילתא משפטים, נזיקין אָנהויב יח. אָבער דאָרט אין חומש מיינט דאָס וואָרט גר, אַ פרעמדער, אַ מענטש פון אַ פרעמד לאַנד, אַן אויסלענדער. זעט: רש״י, רשב״ם, רמב״ן, אבן עזרא דאָרט.

א) ילקוט א׳, פרק מט, פסוק ג.

ב) בראשית יב, ה.

ג) ב״ר ד, ד; לט, יד און טז; פד, ד; במ״ר ב, יב און יד, יא; שי״ר א, פסוק ג, ג; תנח. לך לך יב; אר״ן סוף פרק כו; תרגום יונתן, תרגום ירושלמי און רש״י בראשית יב, ה; ספרי ואתחנן פיסקא לב; פ״ר פיסקא מג, קפא, א; זהר לך לך עט, א, אונטן; מ״א לך לך יב, ה; מה״ג,א׳ לך לך רד; ל״ט לך לך יב, ה און ח; י״ש לך לך סו און וישב קמ; בחיי, בראשית, יב, ה; מד״ה כה, ה. זעט תרגום ירוש. בראשית כא, לג; שה״ק יד.

אַז אברהם פלעגט אָנטראָגן דעם אידישן גלויבן יעדן איינעם, זעט סוטה י, ב, ערשטע שורה. זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

ד) בראשית יב, ה. עבודה זרה ט, א און זעט דאָרט רש״י אונטערן וואָרט וגמירי; י״ש לך לך ענדע סו.

**אברהם האָט מתקן געווען תפילת שחרית, ה). ער האָט מגייר געווען גרים, ו). ער האָט מקיים געווען די גאַנצע תורה נאָך איידער זי איז גע־געבן געוואָרן, ז). נו, וואָס מכוח אַ ישי־בה פאַר אַנדערע צו לערנען?**

דעם פסוק „ואת הנפש אשר עשו בחרן", ח) טייטשט אונקלוס דאָרט דשע־בידו לאורייתא, זיי האָבן „פאַרקנעכט" די מענטשן פון זייער דור צו תורה. זיי (אברהם און שרה) האָבן זיי באַוואויגן צו לערנען תורה, ט).

**וואָס פאַר אַ מיטלען האָט א' באַ־נוצט ביים מגייר זיין די מענטשן, ביים ברענגען די מענטשן אונטער די פליגל פון דער שכינה?**

ער פלעגט גיין פון שטאָט צו שטאָט, פון פראָווינץ צו פראָווינץ און האָט געפּרעדיקט די אידייע פון אחד, איין באַשעפער, און ער האָט געשריבן ספ־רים וועגן דעם, י).

**וואָס האָט אברהם געלערנט די גרים?**

אחדות הבורא, אַז עס איז פאַראַן בלויז איין אויבערשטער אין דער גאַנ־צער וועלט, כ).

יראת שמים, מורא האָבן פאַרן אוי־בערשטן, ל).

צדקות, מ) טאָן גערעכטיקייט.

**ווי אַלט איז א' געווען ווען ער האָט פאַרלאָזט חרן דאָס צווייטע מאָל?**

פינף און זיבעציק יאָר, נ).

**וועמען האָט א' מיטגענומען ביי זיין פאַרלאָזן חרן?**

זיין ווייב שרה, זיין נעפע (פלימע־ניק) לוט, און די גרים וועלכע ער און שרה האָבן מגייר געווען, ס).

**וואָס איז געוואָרן פון די גרים וועל־כע א' און שרה האָבן מגייר געווען?**

דער אַלעקסאַנדערער רבי ר' העניך ז"ל האַלט אַז דער „פחד יצחק", ע) יצחק'ס שטרענגקייט האָט זיי אָפּגע־שראָקן, האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן. זיי האָבן זיך ניט צוגעפּאַסט צו יצחק'ס עבודה.

לויט אַן אַנדער סברא: זיי זיינען ניט געווען גרי צדק. זיי האָבן זיך מגייר געווען צוליב פּערזענלעכע צוועקן. איז ווען דער ווינט האָט געבלאָזן אַביסל אַנדערש, האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן.

**ווען א' האָט פאַרלאָזט חרן איז ער געצויגן קיין כנען, און ער איז געקומען „עד מקום שכם", פ). איז שכם דער נאָמען פון אַן אָרט, צי פון אַ מאַן?**

פון אַ מאַן, ווייל אין גאַנץ תנ"ך גע־

ה) זעט זייט 69, נאָטע ו.

ו) זעט פאַריקע צוויי פּראַגעס און ענט־פערס.

ז) זעט זייט 69, נאָטע ע.

ח) בראשית יב, ה.

ט) זעט: סנהדרין צט, ב; מגן אברהם, פונעם טריסקער מגיד ז"ל, נח ה, ב.

י) רמב"ם מדע הלכות עבודת כוכבים פרק א, סימן ג.

כ) פר"א פרק כה; ל"ט לך לך יד, יט. זעט: רש"י, אבן עזרא בראשית יב, ה.

ל) תנחומא לך לך יב, ב.

מ) תנח. לך לך יב און פאַרגלייכט ב"ר מג, ז און נד, ו.

נ) בראשית יב, ד. ישר לך לך 38; י"ש לך לך אַנהויב סו. לויט ישר כח, ב פינף און פופציק יאָר. לויט מה"ג.א' לך לך רד — זיבעציק יאָר. זעט זייט 72, נאָטן ר, ש, און ת.

ס) בראשית יב, ה און די תרגומים יונתן און ירושלמי, רש"י דאָרט; ב"ר לט, יד; שי"ר א' אויפן פסוק לריח שמניך; תנח. לך לך יב; י"ש לך לך סו און וישב קמ.

ע) בראשית לא, מב און זעט דאָרט יונתן, אונקלוס, רש"י, א"ע, רמב"ן.

פ) בראשית יב, ו.

פינט זיך ניט דער נאָמען פון אַן אָרט צי פון אַ שטאָט מיטן וואָרט מקום, ווי צום ביישפּיל מקום ירושלים, צי מקום ציון. אי שכם האָט דאַך נאָך ניט געלעבט דאַן, איז דער ענטפער אַז משה רבינו האָט עס אַזוי אַ נאָמען געגעבן, צ).

**פאַרוואָס האָט א׳ זיך אָפּגעשטעלט אין שכם?**

צו בעטן פאַר יעקב׳ס קינדער וועלכע וועלן מלחמה האַלטן דאָרט, ק).

**פאַרוואָס האָט א׳ געבויט אַ מזבח אין שכם?** ר).

פאַר דער בשורה אַז עס וועט אים געבוירן ווערן אַ זון, און אַז דער אויבערשטער וועט געבן זיינע קינדער דאָס לאַנד כנען, ש).

**איז א׳ געבליבן וואוינען אין שכם?**

ניין. ער האָט געצויגן פון דאָרט קיין בית-אל, ת).

**איז אמת אַז א׳ האָט אויפגעשטעלט צוערשט שרה׳ס געצעלט און דערנאָך זיינס?**

אַזוי זאָגן די חכמים ז״ל, א).

אגב, ווי איר זעט איז „ליידים פוירסט“ (פרויען ערשט) ניט אַן אַמעריקאַנער דערפינדונג. אברהם אבינו האָט עס שוין פּראַקטיצירט מיט אַן ערך פיר טויזנט יאָר צוריק.

**צו וואָס האָט א׳ געבויט אַ מזבח אויך אין בית אל?**

ער האָט געזען בנביאות אַז זיינע קינדער וועלן דאָרט געשטרויכלט ווערן דורך עכן׳ס זינד, האָט ער דאָרט געבעטן פאַר זיי, ב).

**נאָך דעם ווי א׳ האָט אויפגעשטעלט זיין געצעלט צווישן בית אל און עי — „ויקרא בשם ה׳“, ג) האָט ער גערופן צום אויבערשטן. וואָס, אייגענטלעך האָט זיין תפילה אויסגעפועל׳ט?**

ווען יהושע האָט מלחמה געהאַלטן מיט די איינוואוינער פון עי, זיינען פילע אידן געפאַלן אין דער שלאַכט דורך עכן׳ס פעלשן אינעם חרם, ד). ווען ניט אברהם׳ס תפילה אויף אָט דעם זעלבן אָרט, וואָלט ניט געווען געבליבן פון די אידן אַ שריד ופליט, ה).

## דער הונגער

**האָט אברהם זיך איינגעאָרדענט אינעם לאַנד כנען?**

ניין. עס האָט דאָרט אויסגעבראָכן אַ הונגער, האָט ער פאַרלאָזט דאָס לאַנד, ו).

**איז דער הונגער אין אברהם׳ס צייטן געווען אין דער גאַנצער וועלט?**

ניין, נאָר אין דעם לאַנד כנען. דער אויבערשטער האָט עס אומישנע אַזוי געטאָן כדי אים אויסצופּרובירן צי ער

---

צ) א״ע, און הכתב והקבלה, בראשית יב, ו, הוצאת אום.

ק) רש״י בראשית יב, ו; זעט מ״א לך לך יב, ז.

ר) בראשית יב, ז.

ש) רש״י בראשית יב, ז.

לויט: ב״ר לט, טו; מ״א לך לך יב, ח — נאָר פאַר דער בשורה וועגן ארץ ישראל.

זעט אויך: ב״ר לט, טז; י״ש לך לך סז; ל״ט לך לך יב, ח.

ת) בראשית יב, ח.

א) בראשית יב, ח און רש״י דאָרט. ב״ר לט, טו; ל״ט לך לך יב, ח; מה״ג.א׳ רו; י״ש לך לך סז.

ב) בראשית יב, ח און רש״י דאָרט. ב״ר ענדע פרשה לט; מ״א לך לך יב, ח.

וועגן עכן׳ס זינד זעט יהושע קאַפּיטל ז.

ג) בראשית יב, ח.

ד) יהושע קאַפּיטל ז.

ה) סנהדרין מד, ב; רש״י בראשית יב, ח; ת״ת בראשית יב, ח סימן יב.

ו) בראשית יב, י.

וועט נאָכטראַכטן נאָך זיינע רייד: פריי־ער הייסט ער מיר ציען אין לאַנד כנען און איצט צווינגט ער מיך עס צו פאַרלאָזן, ז).

**איז דער הונגער אין אברהם'ס צייטן געווען דער סאַמע ערשטער הונגער אין דער וועלט?**

זינט הימל און ערד זיינען באַשאַפן געוואָרן ביז אברהם'ס צייטן איז ניט געווען אַ הונגער. און דער הונגער אין אברהם'ס צייטן איז געווען בלויז אינעם לאַנד כנען, ח).

אָבער לויט אַנדערע מיינונגען זיינען געווען הונגערס פאַר אברהם'ס צייטן, און דער הונגער אין זיינע צייטן איז איינער פון די צען וועלט־הונגערס. די צען הונגערס זיינען געווען אין די צייטן פון: אדם הראשון, למך, אברהם, יצחק, יעקב, די שופטים, דוד המלך, אליהו הנביא, אלישע, און איינער וועט זיין לעתיד לבוא, ט).

**וואוהין האָט א' געצויגן פונעם לאַנד כנען?**

קיין מצרים, י).

## אברהם ציט קיין מצרים

**פאַרוואָס האָט א' מורא געהאַט אַז די מצריים וועלן אַוועקנעמען שרה'ן?**

ווייל זי איז געווען אויסערגעוויינלעך שיין, און אַלע האָבן געקוקט און באַוואונדערט איר שיינקייט, כ).

זי איז געווען איינע פון די שענסטע פיר פרויען וואָס די וועלט האָט געזען. די אַנדערע דריי זיינען געווען אביגיל, רחב, אסתר. לויט אַן אַנדער מיינונג: ושתי אויפן אָרט פון אסתר, ל). אַלע מענטשן קענען איר האָבן אויסגעזען ווי אַ מאַלפּע (אַפּע) קעגן אַ מענטש, מ). און די מצריים זיינען געווען זעהר אויסגעלאַסן, האָט ער מורא געהאַט, נ).

**קומענדיק נאָענט צו מצרים האָט אברהם געזאָגט צו שרה'ן, „הנה נא ידעתי...״ ס) איך ווייס איצט אַז דו ביסט שיין... נו, און ביז איצט האָט ער ניט געוואוסט?**

ניין. און דאָס איז געווען דורך די גרויסע צניעות וואָס האָט געהערשט צווישן זיי. לויטן פּראָסטן פשט: ער האָט איר געזאָגט אַז ער ווייסט שוין פון לאַנג אַז זי איז אַ שיינע, אָבער איצט איז געקומען די צייט זיך צו זאָרגן וועגן איר שיינקייט. ווייל זיי קומען איצט אַריין אין אַ לאַנד פון שוואַרצע, מיאוס'ע, אויסגעלאַסענע לייט, וועלכע זיינען ניט געוואוינט צו זען אַ שיינע פרוי, ע).

---

ז) פר"א פרק כו; רש"י בראשית יב, י.

ח) פר"א פרק כו און זעט דאָרט רד"ל סימן כא; רש"י בראשית יב, י.

ט) ב"ר כה, ג; מ, ג; סד, ב; ר"ר א, ד; אגודת שמואל פרשה כח; אַנהויב תרגום אויף רות א, א; מה"ג,א' יב, י; ל"ט בראשית ה, כט און לך לך יב, י; י"ש בראשית מג און שמואל ב' קנג; מנה"מ ג, ג"ח 545. זעט אומעטום די פאַרשידענע נוסחאות, גירסאות, ווערסיעס, און ווער עס זאָגט זיי.

י) בראשית יב, י.

כ) מגילה יד, א; סנה. סט, ב; סע"ר פרק ב; מ"א נח, יא, כט; ל"ט נח יא, כט; רש"י בראשית יא, כט.

ל) מגילה טו, א; אגדת אסתר, באָבער, ה, א. זעט: זייטן 20, סימן מ; 141, ע.

מ) ב"ב נח, א; תנח. לך לך ה; י"ש בראשית טו; י"ר בראשית כ, א.

נ) תנח. לך לך ה; תנח"ב לך לך ח; מ"א לך לך יב, יז; זהר לך לך פא, ב; ל"ט לך לך יב, יב; רש"י בראשית יב, יט. זעט יחזקאל כג, כ און די מפרשים דאָרט.

ס) בראשית יב, יא.

ע) ב"ב טז, א; ב"ר מ, ד; תנח. לך

**לויט דער מיינונג אַז א׳ האָט ביז דאַן ניט געוואוסט ווי שיין שרה איז, פּ) ווי זשע אַזוי איז ער פּלוצים דאָ עס גע־וואָר געוואָרן?**

ווען זיי זיינען געקומען צום טייך נעבן מצרים, האָט ער געזען אין וואַסער אַן אָפּשפּיגלונג פון איר וואָס האָט געשיינט ווי די זון, צ).

**אויפן פסוק „הנה נא ידעתי כי אשה יפת מראה את", ק) איך ווייס אַז דו ביסט אַ פרוי פון שיינעם אויסזען, זאָגן די חכמים און רש״י ז״ל אַז אבר־הם האָט ניט געקוקט אויף שרה׳ן. אברהם האָט דאָך מקיים געווען די גאַנצע תורה, ר) האָט ער דאָך זיכער געוואוסט אַז מען טאָר ניט מקדש זיין אַ פרוי איידער מען זעט זי?**

דער טעם פון דעם איסור ניט צו קוקן אויף דער פרוי איז דאָך בלויז „שמא יראה בה דבר מגונה, ותתגנה עליו", טאָמער וועט ער זען אין איר עפּעס אַ פעלער, וועט זי פאַר׳מיאוס׳ט ווערן ביי אים. און ביי אברהם׳ן איז דאָך דאָס ניט שייך געווען, ווייל ער האָט דאָך קיינמאָל געקוקט אויף איר, ש).

**פאַרוואָס האָט א׳ געבעטן שרה׳ן זי זאָל זאָגן אַז זי איז זיינע אַ שוועס־טער?**

כדי מען זאָל אים ניט הרג׳נען, ת).

**ווי קומט עס וואָס א׳ האָט זיך פאַר־לאָזט אויף דעם אַז שרה וועט זאָגן אַז זי איז זיין שוועסטער וועט שוין אַלץ זיין אין אָרדנונג?**

ער האָט זיך טאַקע ניט פאַרלאָזט. ער האָט באַהאַלטן שרה׳ן אין אַ קאַסטן (קופערט), און אים באַהאַלטן צווישן די אַנדערע זאַכן וועלכע ער האָט מיט־געפירט. ביי די טויערן פון דער שטאָט זיינען די וועכטער דורכאויס באַשטאַ־נען ער זאָל עפענען דעם קאַסטן צו וויסן וויפל שטייער צו פאָדערן. אבער אברהם האָט בשום אופן ניט געוואָלט עפענען דעם קופערט.

„האָסטו דאָרט גערשטן?" האָבן זיי געפרעגט.

„נעמט אייך אָפּצאָל פאַר גערשטן", האָט ער געענטפערט.

„אפשר האָסטו דאָרט ווייץ?"

„נעמט אייך צאָל פאַר ווייץ".

„טאָמער האָסטו דאָרט בעבלעך?"

„נעמט אייך צאָל פאַר בעבלעך".

„דו מוזט אוודאי האָבן דאָרט כלים?"

„וועל איך באַצאָלן שטייער פאַר כלים".

„עס קען דאָך דאָרט זיין גאָלד?"

„וועל איך אייך באַצאָלן שטייער פאַר גאָלד".

„פון וואַנען ווייסן מיר אַז דאָרט גע־פינט זיך ניט זייד?"

„בין איך בארייט צו באַצאָלן שטייער פאַר זייד".

„אפשר האָסטו גאָר דאָרט פערל?"

„וועל איך אייך געבן צאָל פאַר פערל".

„נו, און וויבאַלד עס זיינען פאַראַן דאָרט דימענטן, קרישטאָלן?"

„וויפל און וואָס איר וועט מיר הייסן

---

לך ה; מ״א לך לך יב, יא; ל״ט לך לך יב, יא; י״ש לך לך סז; רש״י און רבינו בחיי בראשית יב, יא.

זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

פּ) זעט פאַרגייענדיקע פראַגע און ענטפער.

צ) זעט: מ״א לך לך יב, יד און הערה טו; תנח. לך לך ה; תרגום יונתן און רש״י יב, יא; ישר לך לך 40; ל״ט לך לך יב, יד; ס״ה יז, ב.

ק) בראשית יב, יא.

ר) זעט זייט 69, ע; 78, ז.

ש) מרגניתא דרב, לך לך זייט כו.

ת) בראשית יב, יג.

באַצאָלן, בין איך גרייט צו באַצאָלן, אַבי עפּנט ניט אויף דעם קופערט.

אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן. די וועכטער האָבן אים אָפּגעשטופּט אין אַ זייט און אויפגעעפנט דעם קופערט מיט געוואַלד. גאַנץ מצרים האָט גע־בליאַסקעט פון איר לויטערקייט וואָס האָט געשיינט ווי די זון, און זיי האָבן זי געבראַכט צו פּרעה, א).

## אברהם, שרה אין מצרים

**ווען איז שרה גענומען געוואָרן צו פּרעה'ן?**

פּסח ביינאַכט, ב).

**וואָס האָט אברהם געטאָן ווען פּרעה האָט אַוועקגענומען שרה'ן?**

ער האָט געוויינט און תפילה גע־טאָן, ג).

**דער פּסוק זאָגט „וינגע...", ד) אַז דער אַלמעכטיקער האָט געפּלאָגט פּר־עה'ן און זיין הויזגעזינד מיט גרויסע פּלאָגענישן. מיט וואָס אייגנטלעך זיי־נען זיי געפּלאָגט געוואָרן?**

מיט „ראתן". פון אַלע פיר און צוואַנ־ציק הויט־קראַנקייטן וועלכע זיינען פאַ־ראַן, איז ראתן די שווערסטע פאַר גע־שלעכטלעכן פאַרקער, ה).

**דער פּסוק זאָגט „וינגע... את פּרעה ...ואת ביתו", דער אַלמעכטיקער האָט געפּלאָגט פּרעה'ן און זיין הויזגעזינד. האָט ער געפּלאָגט אַלע גלייך?**

ניין. פּרעה'ן האָט ער געפּלאָגט מיט גרעסערע פּלאָגענישן, כדי אַלע זאָלן איינזען אַז דאָס איז פאַר זיין אַוועק־נעמען שרה'ן, ו).

**וואָס האָט פּאַסירט מיט שרה'ן ווען פּרעה האָט זי אַוועקגענומען פון אַב־רהם'ן?**

זי האָט תפילה געטאָן די גאַנצע נאַכט. זי האָט געהאַלטן אין איין זאָגן פּרעה'ן אַז זי איז אַן אשת איש, פאַרהייראַט, אָבער ער האָט ניט געוואָלט אָפּטרעטן פון איר. און דער מלאך, וועלכער האָט געוואַכט איבער איר מיט אַ קאַנטשיק (נאַגייקע), האָט געזאָגט צו איר: אויב דו זאָגסט „שלאָג" וועל איך שלאָגן. ווע‏סטו זאָגן „הער אויף" וועל איך אויפ־הערן. און פּרעה און זיין גאַנץ הויז־געזינד, אַפילו די ווענט, די זיילן און די כלים זיינען געשלאָגן געוואָרן מיט קרעץ, ז).

**איז פּרעה טאַקע געשלאָגן געוואָרן מיט הויט קראַנקייטן?**

אַזוי שטייט אין פּסוק, און אַזוי האַלטן די חכמים. אָבער רבינו סעדיה גאון ז"ל

---

א) בראשית יב, יד־טז. ב"ר מ, ה; תנח. לך לך ה; תנח"ב לך לך ח; מ"א לך לך יב, יד; זהר לך לך פּב, א שורה ג; השמטות רנה, א סימן יד (בגדי משי); ישר לך לך 40־41; מה"ג,א' רח; ל"ט לך לך יב, יד; י"ש לך לך סז; רש"י בראשית יב, יד; זעט ס"ה יז, ב און איבעראַל די פאַרשידענע נוסחאות, און ווער עס זאָגט זיי.

ב) פר"א פּרק כו; מה"ג,א' לך לך רח; זעט י"ש לך לך סח.

ג) תנח. לך לך, פאַרגלייכט דאָרט סימן ח; תנח"ב לך לך ח; ישר לך לך 41.

ד) בראשית יב, יז.

ה) כתובות עז, ב; ירושלמי כתובות ענדע פּרק ז; תוספתא כתובות פּרק ו; ב"ר מא, ב; ויק"ר טז, א; י"ש לך לך סט; רש"י בראשית יב, יז.

ו) בראשית יב, יז און ספורנו דאָרט.

ז) ב"ר מא, ב; תנח. לך לך ה; תנח"ב לך לך ח; זהר לך לך פּב, א; מ"א לך לך יב, יז; ל"ט לך לך יב, ז; ישר לך לך 42; י"ש לך לך סט; רש"י בראשית יב, יז.

האלט אז ניט, נאר ער האט געזאלט געשלאגן ווערן. ווייל ווען ער וואלט געפלאגט געווארן, וואלט ער דאך געווען באַרויבט געווארן פון גערעכטיקייט. ערשטנס האט ניט ער דאך אוועקגענומען שרה'ן. צווייטנס האט ער דאך זי ניט אנגערירט. וואס זשע פאר א זינד איז דא פאראן. און: קיין פארברעכן, קיין שטראף.

די חכמים ז"ל האלטן אז ער איז באשטראפט געווארן, ווייל ער האט אין זינען געהאט צו טאן שלעכטס, ח).

**האט פרעה באַרירט שרה'ן?**

ניין. זי איז ארויס ריין פון אים, ט).

**האט פרעה באַפרייט שרה'ן?**

יא. ער האט געזאגט צו אברהם'ן: אט האסטו דיין ווייב, נעם זי און גיי, י). און גיי וואס גיכער ווייל די מצריים זיינען אויסגעלאסענע מענטשן, כ).

**ווי אזוי האט פרעה באהאַנדעלט אברהם'ן נאכן ניט באַרירן שרה'ן?**

צוליב שרה'ן האט ער געגעבן אברהם'ן שאף, רינדער, אייזלען, קנעכט, דינסטן, מויל-אייזלען און קעמלען, ל). שרה'ן האט ער געגעבן הגר'ן, זיינע א טאכטער פון א קעבס-ווייב, פאר א דינסט. זעענדיק די נסים וועלכע זיינען געשען מיט שרה'ן, האט ער געזאגט: „ליבער זאל מיין טאכטער זיין א דינסט ביי שרה'ן, איידער א בעל הבית'טע אין אן אנדערנס הויז". און ער האט איר אפגעשריבן די פראווינץ גשן, מ).

**פאַרוואס האט פרעה געגעבן שרה'ן דוקא זיין טאכטער הגר?**

ער האט איר געזאגט דאס איז „אגריד", דיין שכר פאר דיין צניעות, נ).

**פרעה האט באַפוילן זיינע לייט מען זאל באַגלייטן אברהם'ן, שרה'ן און זייער האב און גוטס, ס). איז פרעה באַלוינט געווארן מיט עפעס פאַר דער דאזיקער האַנדלונג?**

יא. פאר די פיר טריט וואס ער האט באגלייט אברהם'ן, האט ער זוכה געווען אז אברהם'ס אפשטאמלינגע זאלן זיין פארשקלאפט אין מצרים פיר הונדערט יאר, ע).

פון יצחק'ס געבורט ביז יציאת מצרים איז געוועז פיר הונדערט יאר. יצחק איז אלט געוועזן זעכציק יאר ווען יעקב איז געבוירן געווארן. ווען יעקב האט גענידערט קיין מצרים איז ער אלט געוועזן הונדערט און דרייסיק יאר, צוזאמען הונדערט און נייענציק יאר, „קץ". צוויי הונדערט און צען יאר ווי די צאל פון די אותיות „רדו", האבן די אידן געשקלאפט אין מצרים. הונדערט נייענ-

---

ח) בראשית יב, יז. רבינו בחיי בראשית יב, יז.

ט) תנח"ב לך לך ח; ב"ר נג, ו; תרגום יונתן בראשית יב, יט; ל"ט וירא כא, א; י"ש וירא צא.

י) בראשית יב, יט.

כ) תנח. לך לך ה; תנח"ב לך לך ח; מ"א לך לך יב, יז; זהר לך לך פא, ב; ל"ט לך לך יב, יב; רש"י בראשית יב, יט.

אז די מצריים זיינען פאַרשאַרט, אויסגעלאַסן זעט יחזקאל כג, כ און רש"י דארט.

ל) בראשית יב, טז און רש"י דארט.

לויט מדרש משלי איז אברהם רייך געווארן צוליב שרה'ן.

מ) ב"ר אנהויב פרשה מה; י"ש לך לך סח און עח. זעט: ל"ט לך לך טז, א; מ"א לך לך טז, א; ישר לך לך 42 און 44. פאַרגלייכט ס"ה יז, ב.

אין מאַנכע ערטער שטייט גבירה, אין אַנדערע מטרוניתא.

נ) ב"ר מה, א; בחיי, בראשית, טז, א.

ס) בראשית יב, כ.

ע) בראשית טו, יג. סוטה מו, ב; ש"ר ל, ז; י"ש לך לך אנהויב סט.

ציק און צוויי הונדערט און צען איז פיר הונדערט יאָר, ע*).

לויט פאַרשידענע דעות זיינען די אידן געווען פאַרשקלאַפּט אין מצרים נאָר צוויי הונדערט און צען יאָר, ווי די צאָל פון „רדו", פּ).

וה' חשב את הקץ. די אותיות פון קץ באַטרעפן הונדערט נייענציק. אז מען נעמט אראָפּ הונדערט נייענציק פון „ארבע מאות שנה", נעמלעך פון פיר הונדערט, בלייבט צוויי הונדערט און צען, ווי די צאָל פון די אותיות רד"ו, צ).

לויט אַנדערע מיינונגען זיינען די אידן געווען פאַרשקלאַפּט אין מצרים זעקס און אכציק יאָר, ק).

עס איז פאַראַן אפילו א סברא אז זיי זיינען געווען פאַרשקלאַפּט דאָרט אכציק יאָר, ר).

נאָר אַזוי ווי די הויפּט מצוה פון באַגלייטן איז פיר טריט (איילן), נוצט ער די צאָל פיר הונדערט, די צאָל יאָרן וואָס די אידן זיינען געווען אין מצ־רים, ש).

אגב, לויט יוסיפוס זיינען די אידן ארויס פון מצרים צוויי הונדערט און פופצן יאָר נאָך יעקב אבינו'ס קומען קיין מצרים, ת).

**פאַרוואָס איז א' באַשטראָפט געוואָרן אַז זיינע אָפּשטאַמלינגע זאָלן שקלאַפן אין מצרים צוויי הונדערט און צען יאָר?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנ־הייטן:

דער קעניג פון סדום האָט אים גע־זאָגט „תן לי הנפש", א) גיב מיר די נפשות (וועלכע דו האָסט געפאַנגען). אברהם האָט מסכים געווען. ווען ער וואָלט געווען געהאַלטן די נפשות, וואָלט ער דאָך געווען געקאָנט זיי מגייר זיין.

ווייל ער האָט געזאָגט „במה אדע",ב). ער האָט געוואָלט דער אויבערשטער זאָל אים געבן א צייכן, א סימן, וועגן זיין צוזאָג אַז ער וועט ירש'נען דאָס לאַנד.

ווייל ער האָט געפירט תלמידי חכמים מלחמה האַלטן, ג).

**איז אמת אַז א' איז אַנוועזנד געווען ביי יציאת מצרים, ווען די אידן זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים?**

---

ע*) בראשית כה, כו; בראשית מז, ח; זעט: פר"א פרק מח; פאָלגענדיקע הערה פּ; רש"י מגילה ט, א אונטערן וואָרט ובשאר; און פאַרגלייכט: רש"י בראשית טו, יג און שמות יב, מ; ב"ר מד, יח, מהרז"ו און יפה תואר דאָרט; ל"ט לך לך טו, יג.

פּ) נדרים לב, א; ב"ר צא, ב; ש"ר יח, יא; במ"ר יג, כ; כג, ז; תנח. מקץ ח; תנח"ב בא ז; פר"א פרקים מח און מט; פר"כ פיסקא ה, ג, א; ישר פרשה בא; זהר מקץ קצח, א; מה"ג,א' מב, ב; ל"ט בא יב, מ; י"ש מקץ קמח; רש"י בראשית מב, ב; תרגום יונתן, רש"י און רמב"ן שמות יב, מ; רשב"ם שמות יב, מא.

צ) זעט „יריעות שלמה" אינעם סידור בית יעקב פון ר' יעקב מעמדין, אין דער הגדה, אויף די ווערטער שהקדוש ברוך הוא חשב את הקץ, זייט רלז, א־ב.

ק) סע"ר פרק ג; פר"כ פיסקא ה, ג, א; פ"ר פיסקא טו, עג, ב; תנח"ב בא ז; ש"ר טז, א; שי"ר פרשה ב' יא, א; מה"ג,ב' זייט 6; זעט י"ש אָנהויב שמות.

ר) ש"ר ענדע פרשה טז.

ש) בראשית טו, יג און זעט ת"ת בראשית יב, סימן כ.

ת) יוסיפוס, אַלטערטום בוך 2, קאַפּיטל 15, זייט 2.

א) בראשית יד, כא.

ב) בראשית טו, ח.

ג) נדרים לב, א, רש"י אונטערן וואָרט תן און תוספות אונטערן וואָרט שעשה; סא"ר 65; מה"ג,א' יד, יד; י"ש לך לך עד און עו.

אזוי זאָגן אונזערע חכמים ז"ל, ד). אויך יצחק און יעקב זיינען דאָרט גע־ווען.

**וואוהין האָט א' געצויגן פון מצרים? קיין דרום זייט פון ארץ ישראל, ה).**

דער פסוק זאָגט „וילך למסעיו", ו) **אברהם איז געגאַנגען אויף זיינע צי־אונגען. וואָס מיינט עס?**

עס מיינט אז ווען אברהם האָט זיך אומגעקערט פון מצרים קיין כנען, האָט ער געצויגן אויפן זעלבן וועג, און ער האָט גענעכטיקט אין די זעלבע סטאַנ־ציעס אין וועלכע ער איז איינגעשטאַ־נען אויף זיין רייזע קיין מצרים. און דאָס האָט ער געטאָן צוליב צוויי טע־מים:

ערשטנס אונז צו לערנען דרך ארץ, אז א רייזנדער זאָל ניט ענדערן זיין סטאַנציע, ז).

צווייטנס, אויף זיין רייזע קיין מצ־רים האָט ער געמאַכט חובות אויפן וועג. האָט ער זיך אומגעקערט אויפן זעלבן וועג אָפּצוצאָלן די חובות, ח).

אגב, דער „כתב סופר" ז"ל באַ־מערקט: אויפגעקומענע גבירים זיינען זיך געוויינלעך נוהג, אז ווען זיי ווערן פלוצים רייך, הויבן זיי באַלד אָן ענדערן זייער לעבנס־שטייגער. זיי הויבן אָן זיך פירן רייכער. אָבער אברהם אבינו נישט. צי אָרעם צי רייך, ער האָט שטענדיק געפירט דעם זעלבן לעבנס־שטייגער. איז דאָס טאַקע זעהר אמת. נעמט אונזער ניו יאָרק. ווערט א איד אין בראָנזוויל, צי אין וויליאַמסבורג רייך, ציט ער זיך באַלד אַרויס קיין בראָנקס פּאַרק צי פלעט־בוש. העלפט אים דער אויבערשטער נאָך א ביסעלע, ציט ער זיך אַרויס קיין וועסט ענד עוועניו, פון דאָרט קיין סענטראַל פּאַרק וועסט. דאָס זעלבע מיט האָטעלן. פריער פאָרט ער קיין ספרינג וואַלי, דערנאָך קיין לייקוואוד, דאַן גאָר קיין פלאָרידא. אָבער אברהם האָט זיך כסדר געפירט אויף דעם זעלבן שטייגער.

און נאָך אַמאָל אגב, „וילך למסעיו מנגב ועד בית אל". באַמערקט דערויף דער „מטה אהרן" ז"ל אַן אמת'דיק וואָרט: דער שטייגער פון היינטיקע גבירים איז, אז וואָס רייכער זיי ווערן, אַלץ מער דערווייטערן זיי זיך פון דער אידישער סביבה. זיי הערן אויף גיין אין שול אַריין. הערן אויף שיקן די קינדער אין א תלמוד תורה צי א ישיבה, דערווייטערן זיך פון א בית המדרש. אָבער אברהם, ווי רייך ער איז געוואָרן און וואו ער האָט געוואַנדערט, איז עס אַלץ געווען „ועד בית אל", איז עס אַלץ געווען מיט דעם בית מדרש.

## אברהם שיידט זיך פון לוט'ן

**איז אמת אַז לוט האָט אויסגעזען ווי אברהם?**

אזוי זאָגן אונזערע חכמים ז"ל, ט).

**איז לוט שטענדיק געווען ביי אבר־הם'ן?**

---

זעט: שי"ר אויף אַנהויב פסוק ג; ק"ר ד, ב.

ד) זהר בשלח נג, א; רש"י דברים ד, לז; רש"י, א"ע, מצודת דוד תהלים עח, יב, און לויט תרגום דאָרט — אויך די שבטים; תהלים עח, יב מיט די פירושים „ארץ החיים" און „ארץ ישראל".

ה) בראשית יג, א. אונקלוס, יונתן און רש"י דאָרט.

ו) בראשית יג, ג.

ז) ערכין טז, ב.

ח) ב"ר מא, ג; רש"י בראשית יג, ג. י"ש לך לך סט; ל"ט לך לך יג, ג.

ט) ב"ר מא, ו; זהר לך לך פו, ב. ל"ט לך לך יג, ח און יד, יד; י"ש לך לך ע און עג; מדרש ילמדנו; רש"י בראשית יג, ח; ב"מ,א' קנא. זעט ווייטער סימן ש.

ער איז דערצויגן און אויפגעוואַקסן געוואָרן ביי אברהם'ן אין הויז, ט*).

**ווען א' האָט פאַרלאָזט מצרים, האָט לוט מיטגעצויגן מיט אים?**

יא, י).

**ווען א' האָט פאַרלאָזט מצרים איז לוט מיטגעצויגן מיט אים. האָט לוט פאַרדינט עפּעס דערפון?**

יא. זיין גיין מיט אברהם'ן האָט גורם געווען אַז ער זאָל האָבן שאָף, רינדער און געצעלטן, כ).

ווי זאָגן די ווערטלעך:

קרב לגבי דהינא ואידהן, ל) ריר אָן אַ באַשמירטן מיט בוימל, וועסטו אויך ווערן באַבוימלט.

בתר מרי ניכסי ציבי משוך, מ) וואָס דריקט אוים דעם געדאַנק: האַלט זיך נעבן אַ גביר, וועסטו אויך רייך ווערן.

הדבק לשחוור וישתחו לך, נ) באַהעפט זיך, חבר זיך מיט אַן עלצטן, וועט מען זיך בוקן צו דיר.

---

ט*) תנח"ב וירא טו. פאַרגלייכט די נוסחאות אין: תנח. וירא יא; ב"ר ג, ד; פר"א פרק כה; ל"ט וירא יט, ג; י"ש וירא פד.

אגב, אין זיינע הערות אויף ל"ט וירא יט, ג באַמערקט ר' שלמה באָבער ז"ל אַז אין י"ש וירא פד איז די גירסא „גידול בית אברהם היה". אָבער איך זע עס ניט דאָרט. אין מיין ילקוט שמעוני פד איז די גירסא „בביתו של אברהם היה".

י) בראשית יג, ה.

כ) בראשית יג, ה און רש"י דאָרט. פ"ר פיסקא „ויהי ביום השמיני".

ל) שבועות מז, ב און רש"י אונטערן וואָרט קרב; ב"מ,א קנד, ערשטע שורה; י"ש דברים תתא. אין ל"ט בראשית יב, ב שטייט „זיל לגבי" . . .

מ) בבא קמא צג, א. זעט חולין קכד, א „הנוגע בציב". פאַרגלייכט ת"ת בראשית יג, ה, סימן ג.

עבד מלך מלך, ס) אַ קעניגס קנעכט איז קעניג.

**פאַרוואָס האָט אברהם זיך באַהעפט צו לוט'ן?**

ווייל ער האָט געזען ברוח הקודש אַז דוד המלך וועט אַרויסקומען פון אים, ס*).

**פאַרוואָס האָבן אברהם'ס פאַסטוכער זיך געקריגט מיט לוט'ס פאַסטוכער?**

לוט'ס פאַסטוכער זיינען געווען רשעים. זיי פלעגן פאַשן זייערע בהמות אין פרעמדע פעלדער. אברהם'ס פאַסטוכער פלעגן זיי פירהאַלטן פאַרוואָס זיי טוען דאָס. עס איז דאָך גזלה. לוט'ס פאַסטוכער האָבן גע'טענה'ט אַז אַזוי ווי דאָס לאַנד כנען איז דאָך געגעבן געוואָרן אברהם'ן, און ער האָט דאָך קיין יורש, וועט דאָך זיין פלימעניק (נעפע) לוט אים ירש'נען. איז עס, אַלזאָ, קיין גזלה. אָבער דער פסוק זאָגט דאָך „והכנעני והפריזי אז יושב בארץ", ע) אַז די כנענים האָבן דעמאָלט נאָך געוואוינט אינעם לאַנד, און אברהם האָט נאָך ניט געהאַט זוכה געווען דערצו, פ).

**פון וואַנען ווייסט מען אַז אברהם'ס בהמות פלעגן גיין געצוימט, זיי זאָלן**

---

נ) ספרי דברים ו; ב"ר טז, ג; י"ש דברים תתא און יהושע ד; רש"י בראשית טו, יח; בחיי בראשית ענדע טו.

ס) ספרי דברים ו; שבועות מז, ב; ב"ר טז, ג; י"ש דברים תתא; רש"י בראשית טו, יח; בחיי בראשית ענדע טו. אין תוספות בכורות נה, ב אונטערן וואָרט הוא: עבד מלך כמלך. אין ל"ט בראשית יב, ב: עבדא דמלכא כמלכא.

ס*) זעט: יבמות עז, א און רש"י אונטערן וואָרט נעמה; י"ש וירא פד.

ע) בראשית יג, ז און רש"י דאָרט.

פ) ב"ר מא, ה; פ"ר פיסקא ג, ט, ב; י"ש לך לך ע; מ"א לך לך יג, ז.

אַז לוט איז געווען אברהם'ס פלימעניק זעט בראשית יא, לא.

**זיך ניט פּאַשען אין פרעמדע לאַנקעס?**
אַזוי זאָגן די חכמים ז"ל, צ).

**אין פּסוק שטייט „והכנעני והפּריזי אז יושב בארץ, ויאמר אברם אל לוט אל נא תהי מריבה ביני ובינך". איז דערפאַר וואָס דער כנעני און דער פּריזי וואוינען אינעם לאַנד, טאָרן דעריבער אברם און לוט זיך ניט קריגן?**

עס איז ניט געזונט. ווייל ווען צוויי צדדים רייסן זיך אַרום, געווינט שטענדיק דערפון דער פרעמדער, דער דריטער צד. האָט אברהם אָבינו עס גוט פאַרשטאַנען, צ*).

**אברהם האָט געזאָגט צו לוט'ן „אנשים אחים אנחנו", ק) מיר זיינען ברידער. זיי זיינען דען געווען אחים, ברידער?**

ניין. ער האָט געמיינט צו זאָגן דערמיט: מיר זיינען דאָך קרובים. לוט איז דאָך געווען אברהם'ס פּלימעניק (נעפע), ר). עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז זיי האָבן אויסגעזען גליַיך, ש).

**פאַרוואָס האָט א' געוואָלט זיך אָפּטיילן פון לוט'ן?**

לוט'ס פי פלעגן זיך פּאַשען אין פרעמדע פעלדער און לאַנקעס, און די אָרטיקע איינוואוינער פלעגן זיך באַקלאָגן פאַר אברהם'ן. אברהם האָט מערערע מאָל געבעטן לוט'ן דאָס אויפצוהערן. עס מאַכט אים אַ שלעכטן נאָמען צווישן די איינגעזעסענע. לוט האָט ניט געפאָלגט. האָט אברהם צו אים געזאָגט: קלויב אויס וועלכע געגנט דו ווילסט פאַר דיר און פאַר דיין פי, און באַזעץ זיך דאָרט. שייד זיך אָפּ פון מיר, ווייל דו ביסט ניט ראוי צו זיין צוזאַמען מיט מיר, ת).

**אברהם האָט געזאָגט צו לוט'ן: „אם השמאל ואימנה, ואם הימין ואשמאילה", א) גייסטו לינקס וועל איך גיין קיין דרום זייט; גייסט קיין דרום זייט, וועל איך גיין לינקס. ווי קען דאָס זיין. אברהם'ס פּלאַן און ציל זיינען דאָך געווען „הלוך ונסוע הנגבה", ב) צו ציען קיין דרום זייט. ווי זשע האָט ער געקאָנט זאָגן לוט'ן אויב דו ציסט קיין דרום זייט, וועל איך גיין לינקס?**

רבינו בחיי פרעגט עס און ענטפערט אַז „ואשמאילה" מיינט ניט אַז איך וועל גיין לינקס, נעמלעך, קיין צפון ווי רש"י טייטשט. נאָר אויב דו ווילסט ציען קיין דרום זייט, וועל איך דיך צווינגען צו ציען קיין צפון זייט.

רבינו בחיי ז"ל באַמערקט אויך אַז ער האָט געהערט אַז אין קאָרעגירטע טעקסטן איבערזעצט אונקלוס „ואם הימין ואשמאילה" מיט ואם את לדרומא, טאָמער ווילסטו ציען קיין דרום זייט ואצפינך, וועל איך דיך צווינגען צו ציען קיין צפון זייט, און ניט מיט לצפונא,

---

צ) ב"ר מא, ה; נט, יא; פ"ר פיסקא ג, ט, ב; תרגומים יונתן, ירושלמי בראשית יג, ז און זעט דאָרט רש"י; מ"א לך לך יג, ז; ש"ט חיי שרה כד, י; ל"ט בראשית יג, ז און כד, י; מה"ג, א' לך לך ריא־ריב; י"ש לך לך ע און חיי שרה קז; רש"י בראשית כד, י.

צ*) בראשית יג, ז־ח. „עוללות אפרים".

ק) בראשית יג, ח און רש"י דאָרט.

ר) בראשית יא, לא.

ש) ב"ר מא, ו; זהר לך לך פו, ב; פ"ר ג, ט, ב; ל"ט לך לך יג, ח און יד, ד; י"ש לך לך ע און עג; מדרש ילמדנו; ב"מ,א קנא; רש"י בראשית יג, ח.

ת) פ"ר פיסקא ג, ט, ב און פיסקא ג, י, א; תרגומים יונתן, ירושלמי בראשית יג, ז און רש"י דאָרט; זהר לך לך פד, א; ל"ט לך לך יג, ז; מה"ג, א' ריא; י"ש לך לך ע; ישר לך לך 42.

א) בראשית יג, ט.

ב) בראשית יב, ט.

נעמלעך אַז אויב דו ציסט קיין דרום זייט, וועל איך ציען קיין צפון זייט,ג).

דער מדרש טייטשט: אברהם האָט געזאָגט לוט'ן, גייסטו לינקס, צי איך קיין דרום זייט; צי איך קיין דרום זייט, גייסטו לינקס. קומט אוים אַז אַזוי צי אַזוי ציט אברהם אַלץ קיין דרום זייט.

דער מדרש אילוסטרירט עס נאָך מיט אַ משל: איינער האָט געהאַט אַ קאָרב ווייץ, און דער אַנדערער האָט געהאַט אַ קאָרב גערשטן. זאָגט דער צו דעם: אויב דער ווייץ איז מיינער, איז דער גערשטן דיינער, אויב דער גערשטן איז דיינער, איז דער ווייץ מיינער, ד).

**ווען א' האָט געהייסן לוט'ן זיך דערווייטערן פון אים, האָט ער אָפּגעבראָכן מיט אים אַלע באַציאונגען?**

ניין. ניט געקוקט אויף די שטרייטיקייטן, האָט ער אים גערופן „ברודער", ה). און ער האָט צוגעזאָגט אים צו העלפן ווען ער וועט זיך נויטיקן אין דעם, ו).

**וואָס האָט פּאַסירט מיט אברהם'ן נאָך לוט'ס אָפּשיידן זיך פון אים?**

אַזוי לאַנג ווי דער רשע לוט איז געווען מיט אברהם'ן, האָט דעם אויבערשטנס וואָרט זיך אָפּגעהאַלטן פון אברהם'ן. ווי נאָר לוט האָט זיך אָפּגעשיידט פון אים, האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אברהם'ן אַז ער וועט געבן דאָס לאַנד אים און זיינע קינדער, און ער וועט מערן זיינע קינדער ווי שטויב פון דער ערד, ז).

**אברהם איז געבענטשט געוואָרן מיט דער ברכה „ושמתי את זרעך כעפר הארץ", ח) און איך וועל מאַכן דיינע קינדער אַזוי ווי שטויב פון דער ערד. וואָס מיינט עס?**

עס מיינט אַז פּונקט ווי מען קען ניט איבערציילן דעם שטויב פון דער ערד, אַזוי וועט מען ניט קענען איבערציילן זיינע קינדער. אונזערע חכמים ז"ל טייטשן אַזוי: פּונקט ווי די ערד איז פון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן, אַזוי וועלן די אידן זיין צעשפּרייט פון איין עק וועלט ביזן אַנדערן. פּונקט ווי די ערד ווערט געבענטשט נאָר דורך וואַסער, אַזוי אויך וועלן די אידן געבענטשט ווערן נאָר אין זכות פון דער תורה וואָס איז געגליכן צו וואַסער. פּונקט ווי די ערד פאַרדאַרבט מעטאַלענע כלים ווען מען לייגט זיי אַריין אין איר, און זי עקזיסטירט אייביק, אַזוי וועלן אַלע געצנדינער פאַרשווינדן, און די אידן וועלן זיין אייביק. פּונקט ווי מען טרעט אויף דער ערד, אַזוי וועלן די געצנדינער טרעטן אויף די אידן. אָבער אויך דאָס וועט זיין לטובת די אידן, ט).

אגב, ר' צבי הירש קאַלישער ז"ל האָט שוין באַמערקט וועגן דעם, אַז די אידן זיינען געגליכן צו ערד, ווייל: פּונקט ווי פון דער ערד האָט מען דאָך די

ג) אונקלוס, יונתן, רש"י און רבינו בחיי בראשית יג, ט.

ד) ב"ר מא, ו און זעט דאָרט: רש"י (?), מתנות כהונה, מהרז"ו, יפה תואר; י"ש לך לך ע.

ה) בראשית יג, ח.

ו) זעט: תנח. לך לך יג; תנח"ב לך לך טז; רש"י בראשית יג, ט.

ז) בראשית יג, יד־יח, תנחומא ויצא י; ב"ר מא, ח; תנח"ב ויצא כא; מ"א לך לך יג, יד; פ"ר פיסקא ביום השמיני; י"ש לך לך ע; רש"י בראשית יג, יד; בחיי, בראשית, יג, יד.

ח) בראשית יג, טז.

ט) תענית ז, א; ב"ר מא, ט; סט, ה; מ"א לך לך יג, טז; ל"ט לך לך יג, טז; י"ש לך לך עא.

אַז די תורה איז געגליכן צו וואַסער (און

גרעסטע נוצן, און דאָך טרעט מען זי מיט די פיס, אַזוי אויך די אידן. אַלע פעלקער האָבן פון די אידן די גרעסטע נוצן, און זיי טרעטן זיי מיט די פיס.

„לויט „מנחה בלולה" ווייל אַלע טרעטן אויף איר, און צום סוף איז זי אויף אַלע, אַזוי אויך די אידן. אַלע גלות'ן זיינען אויף איר, איין גלות נאָכן אַנדערן. אָבער צום סוף וועט קומען זייער גלות.

**פאַרוואָס האָט דער אויבערשטער געהייסן אברהם'ן גיין „לארכה ולרחבה", י) אין דער לייננג און אין דער ברייט פונעם לאַנד?**

ווייל קונה זיין אַ פעלד קען מען נאָר ביז וואַנען מען גייט. און דאָס זעלבע איז אויך מיט קונה זיין אַ לאַנד, כ).

**ווען האָט דער אויבערשטער צוגעזאָגט מער, אברהם'ן, יצחק'ן צי יעקב'ן?**

אברהם'ן האָט ער געבענטשט „קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה", ל) שטיי אויף, גיי דורך דאָס לאַנד אין דער לייננג און אין דער ברייט.

יצחק'ן האָט ער צוגעזאָגט „כי לך ולזרעך אתן את כל הארצות האל",מ) ווייל דיר און דיינע קינדער וועל איך געבן די דאָזיקע אַלע לענדער.

---

אויך צו וויין, בוימל, האָניק, מילך) זעט: תענית ז, א; קידושין מ, ב אונטן; בבא קמא יז, א און פב, א; סנהדרין ז, א; עבודה זרה ה, ב; מכילתא בשלח, ויסע א'; ספרי עקב פיסקא מח; ב"ר סו, א און סט, ד; שי"ר א, פסוק ב, אָנהויב סימן ג; שו"ט א, יח; תנחומא תבא ג; י"ש תשא תו; עקב תתעג און ישעיה שמא.

י) בראשית יג, יז.

כ) בבא בתרא ק, א; ב"ר ענדע פרשה מא; ר"ר ז, יא; י"ש לך לך עא.

ל) בראשית יג, יז.

מ) בראשית כו, ג.

יעקב'ן האָט ער צוגעזאָגט „ופרצת ימה וקדמה וצפנה ונגבה", נ) און דו וועסט זיך אויסשפרייטן קיין מערב און קיין מזרח און קיין צפון און קיין דרום.

זיין צוזאָג צו יעקב'ן האָט ער ניט באַגרענעצט, קומט אויס אַז יעקב'ן האָט ער צוגעזאָגט מער, ס).

**וואו האָט א' זיך באַזעצט נאָך לוט'ס אָפּשיידן זיך פון אים?**

ביי ממרא'ס אייכענביימער, אין חברון, ע).

**ווען איז א' געוואָר געוואָרן אַז לוט איז געפאַנגען געוואָרן?**

ערב פסח, פ).

**פון וואַנען האָט א' געוואוסט אַז לוט איז געפאַנגען געוואָרן**

עוג, דער קעניג פון בשן וועלכער איז ניצול געוואָרן פונעם מבול, האָט אים מודיע געווען, צ).

---

נ) בראשית כח, יד.

ס) שבת קיח, א־ב. זעט: מ"א ויצא כח, יד; ל"ט ויצא כח, יד.

ע) בראשית יג, יח און רש"י דאָרט. ב"ר ענדע פרשה מב; פ"ר פיסקא לג; י"ש לך לך עג.

פ) בראשית יד, יג. ב"ר מב, ח; דברים רבה א, כה; שו"ט קלו, יב; מה"ג,א' לך לך רטז; י"ש לך לך עב און תהלים תתפד.

צ) בראשית יד, יג און תרגום יונתן, רש"י דאָרט. נדה סא, א; ב"ר מב, ח; נג, ט; במ"ר יט, לב; ד"ר א, כה; תנחומא חקת כה; תנח"ב חוקת נה; שו"ט קלו, יב; מ"א לך לך יד, יג; מה"ג,א' לך לך רטז; י"ש לך לך עב; חקת תשסה; תהלים תתפג; בחיי, בראשית, יד, יג.

לויט נדה סא, א, זעט רש"י דאָרט אונטערן וואָרט בני אחיה און פאַרגלייכט מיט י"ש חוקת תשסה; שה"ק ט, זיינען עוג און סיחון געווען די אייניקלעך פונעם מלאך שמחזאי וועלכער איז אַראָפּגעפאַלן מיטן מלאך עוזיאל

אגב, עוג איז ניט אויסן געווען לוט'ס טובה. ער האָט געהאָפּט אַז אברהם וועט אומקומען אין דער שלאַכט פאַרטיידענדיק לויט'ן, וועט ער נעמען שרה'ן, ק).

**די תורה זאָגט דאָך אויסדריקלעך „וישאר אך נח", ר) אַז נאָר נח און די וועלכע זיינען געווען מיט אים אין דער תיבה זיינען געבליבן. פון וואַנען זשע האָט זיך גענומען עוג?**

„אך נח" באַטרעפט נייען און זיבעציק פונקט ווי עוג, אַ רמז, אַן אָנדייט פון דער תורה אַז אויך עוג איז געבליבן, ש).

**פאַרוואָס ווערט אברהם אָנגערופן עברי, ת)?**

עס זיינען פאַראַן וועגן דעם מיינונגס־פאַרשידנהייטן:

ווייל די גאַנצע וועלט איז געווען פון איין זייט, און ער איז געווען פון דער אַנדערער זייט.

ער האָט אָפּגעשטאַמט פון עבר'ס קינדער.

ער איז געקומען „מעבר הנהר", פון יענער זייט טייך, א).

כל העולם כולו מעבר אחד, והוא מעבר אחד, די גאַנצע וועלט איז געווען פון איין זייט און אברהם פון דער אַנדערער זייט. דאָס מיינט אַז ער איז געווען שקול כנגד כולם. ער איז געווען גלייך ווי זיי אַלע צוזאַמען, ב).

די גאַנצע וועלט איז געווען אויף איין זייט, זיי זיינען געווען געצנדינער. אברהם איז געווען אויף דער אַנדערער זייט, ער האָט געדינט דעם אויבערשטן, ב*).

---

פונעם הימל און האָבן גענומען פרויען וועלכע האָבן זיי געבוירן קינדער. זעט בראשית ו פסוקים ב און ד און תרגום יונתן דאָרט פסוק ד.

לויט: פר"א פרק טז און זעט דאָרט רד"ל סימן נג; ענדע מסכת סופרים; שה"ק יב; ס"ה כא, א איז עוג מלך הבשן געווען אליעזר, אברהם'ס קנעכט.

לויט ישר לך לך 43 איז עוג געווען אברהם'ס אַ קנעכט.

דאָס איז, אגב, קעגן דער שיטה, טעאָריע אַז אליעזר האָט ניט פאַרזוכט דעם טעם פון טויט, און אַז ער איז אַריין לעבעדיקערהייט אין גן עדן, אר"ן; ד"א 68; זעירות 74; י"ש בראשית מב, לך לך עו, יחזקאל שסז. וואָרום משה רבינו האָט דאָך גע'הרג'ט עוג'ן, ב"ר נד, ב; תר"ב במדבר כא, לה; י"ש תהלים תרכו, און תתפג; יל"ה, ג, יח, זעט: זהר חוקת קפד, א־ב; מיין בוך „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה" זייט 127, הערה, באַמערקונג 524. זעט ד"ר ענדע פרשה א.

לויט: ת"ב בראשית יד, יד; מ"א לך לך טז, א; ישר נח 34; ס"ה טז, ב און כא א איז אליעזר געווען נמרוד'ס זון, און נמרוד האָט אים געגעבן אַלס מתנה אברהם'ן.

לויט: ב"ר מד, ט; ס"ה כא, א איז אליעזר געווען כנען, חם'ס זון.

ער האָט געהייסן עוג, ווייל ער האָט געטראָפן אברהם'ן באַקן עוגות הפסח, מצות, ד"ר ענדע פרשה א; י"ש תהלים תתפג.

לויט: ד"ר ענדע פרשה דברים; י"ש תהלים תתפג האָט ער געהייסן פליט.

לויט: פר"א פרק כז; י"ש לך לך סח האָט דער מלאך מיכאל אים געלאָזט וויסן. זעט: מדרש הגדול לך לך רטז און תנח"ב חוקת נה.

ק) ב"ר מב, ח; במ"ר יט, לב; ד"ר א, כה; תנחומא חקת כה; תנח"ב חוקת נה. זעט: תרגום יונתן, רש"י יד, יג; י"ש לך לך עב און חקת רמז תשסה.

ר) בראשית ז, כג.

ש) בעל הטורים בראשית ז, כג. זעט תורה תמימה יד, יג, סימן ו.

ת) בראשית יד, יג.

א) ב"ר מב, ח; פ"ר פיסקא לג; ל"ט לך לך יד, יב; י"ש לך לך עג.

ב) מתנות כהונה, ב"ר מב, ח.

ב*) מהרז"ו, בראשית רבה מב, ח.

## אברהם ראַטעוועט לוט'ן פון דער געפאַנגענשאַפט

**וואו האָט א' זיך געפונען ווען ער איז געוואָר געוואָרן אַז לוט איז געפאַנגען?**

די תורה זאָגט „באלוני ממרא", ג). זיינען פאַראַן צוויי טייטשן:

ממרא איז דער נאָמען פון אַן אָרט. דאָס הייסט ער האָט זיך געפונען ביי די אייכענבוימער פון ממרא.

ממרא איז דער נאָמען פון אַ מאַן, ענר'ס און אשכול'ס אַ ברודער. און אברהם איז דעמאָלט געווען אין ממרא'ס פּאַלאַץ, ד).

**ווען א' האָט געהערט אַז זיין פּלימעניק (נעפע) לוט, ה) איז געפאַנגען געוואָרן, ו) וועמען האָט ער מיטגענומען צו העלפן אים ראַטעווען לוט'ן פון דער געפאַנגענשאַפט?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס-פאַרשידנהייטן:

דריי הונדערט אַכצן טרענירטע מענער, וועלכע זיינען געבוירן געוואָרן אין זיין הויז.

די יונגע לייט וועלכע ער האָט טרענירט צו האַלטן מלחמה. אָבער נאָך זיין רעדע אַז די ווייך-האַרציקע, זינדיקע, שרעקענדיקע, וכדומה זאָלן בלייבן אין דער היים, איז געבליבן מיט אים בלויז אליעזר.

ער האָט מיטגענומען בלויז אליעזר'ן. די אותיות פון אליעזר באַטרעפן דריי הונדערט אַכצן, ז).

**איז פאַראַן אַ סברא אַז א' האָט מיטגענומען זיינע דריי תלמידים, ח) די צדיקים, ט) ענר, אשכול און ממרא, און זיין פאַרוואַלטער אליעזר. ער האָט נאָכגעיאָגט דעם פיינט ביז דן. דאָרט איז ער פאַרהאַלטן געוואָרן, ווייל ער האָט געזען אַז דאָרט וועלן זיינע קינדס קינדער דינען די עבודה זרה. ער האָט דאָרט איבערגעלאָזט די דריי תלמידים. און ער מיט אליעזר'ן (אליעזר באַטרעפט 318) האָבן נאָכגעיאָגט דעם שונא ביז דמשק?**

יא, י).

**ווען א' איז געגאַנגען ראַטעווען לוט'ן פון דער געפאַנגענשאַפט, האָט ער נאָכגעיאָגט דעם שונא ביז דן. פאַרוואָס נישט ווייטער?**

ווייל ער האָט געזען אַז דאָרט וועלן זיינע קינדס קינדער דינען די עבודה זרה, איז זיין כוח געוואָרן אָפּגעשוואַכט, כ).

---

ג) בראשית יד, יג.

ד) ב"ר מב, ח; פ"ר פיסקא לג; י"ש לך לך עג; ל"ט לך לך יד, יב.

ה) בראשית יג, ח.

ו) בראשית יד, יד.

ז) זעט: בראשית יד, יד און תרגום יונתן, רש"י, א"ע דאָרט. נדרים לב, א; פר"א פרק כז; משנת רבי אליעזר ב, כט; ב"ר מג, ב; מד, ט; ויק"ר כח, ד; במ"ר יח, כא; תנח. לך לך יג; תנח"ב לך לך טז; פ"ר פיסקא העומר צא, ב; פר"כ פיסקא העומר ע, א (הוצאת אום); שו"ט קי, ד (הוצאת אום); לב מדות, מדה כט; אגדת בראשית יג, כט; מ"א לך לך יד, יד און טו, ב; מה"ג,א' ריז; ל"ט לך לך יד, יז; י"ש לך לך עג; בחיי, בראשית, יד, יד.

ח) י"ש לך לך סח. פאַרגלייכט פר"א פרק כז און רד"ל דאָרט סימן יא. דער רמב"ן בראשית יד, יג באַצייכנט זיי אַלס אברהם'ס „בעלי ברית", אַליאירטע, פאַרבינדעטע.

ט) ב"ר נח, ד; י"ש אַנהויב חיי שרה.

י) זעט די קוועלן צום פאָרגייענדיקן ענטפער.

כ) בראשית יד, טו און תרגום יונתן, רש"י דאָרט; מלכים א', יב פסוקים כח-לא; שבת סז, ב; תוספתא שבת פרק ח; פר"א פרק כז; ב"ר מג, ב; תנח. לך לך יג;

און ווייל דן איז דער נאָמען פון אַן עבודה זרה. און דאָס איז אַ מכה פון פאַר איר און פון נאָך איר, ל).

**קעגן וויפל מלכים האָט א' געקעמפט אַרויס צו ראַטעווען לוט'ן פון דער געפאַנגענשאַפט?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנהייטן:

קעגן פיר, מ).
קעגן פינף, נ).
קעגן נייען, ס).
קעגן פופצן, ע).
קעגן זעכצן, פ).

**ווען איז פאָרגעקומען די שלאַכט צווישן אברהם'ן און די מלכים וועלכע האָבן געפאַנגען לוט'ן?**

אין מיטן דער נאַכט, צ).

**ווי אַזוי איז צוגעגאַנגען די מלחמה צווישן אברהם'ן און די מלכים?**

ערשטנס האָט אברהם געהאַט קפיצת הדרך. זיינער אַ טריט איז געווען דריי מייל, לויט אַן אַנדער מיינונג איין מייל, ק).

צווייטנס, ער האָט געוואָרפן ערד איז דערפון געוואָרן שווערדן, פיילן. ער האָט געוואָרפן שטרוי איז דערפון געוואָרן בויגנס, ר).

דריטנס, דער מלאך לילה האָט אים געהאָלפן, ש).

---

תנח"ב לך לך יז; מ"א לך לך יד, יד; מה"ג,א' עג; ל"ט לך לך יד, יד; אגדת בראשית יג, כט; סדר אליהו רבה (פה) פו, כח; רש"י ירמיה ד, טו; בחיי, בראשית, יד, יד.

ל) זעט: סנה. צו, א; י"ש לך לך עג.

מ) ישר 43; משנת רבי אליעזר ה 104; ויק"ר א, ד; תנח. לך לך ט.

נ) תנח"ב לך לך יח; י"ש תהלים תתמ. אין תנחומא לך לך יד שטייט בלויז אַז דער אויבערשטער האָט אים געהאָלפן „על המלכים", אָבער עס שטייט ניט וויפל מלכים.

ס) תנח. לך לך ט; תנח"ב לך לך יא; שו"ט יח, כה, הוצאת אום.

ע) אגדת בראשית טז, לג.

פ) אגדת בראשית יג, כט; סא, קכב; תנח. עקב ג; תנח"ב לך לך יז; ויצא ג, ה; עקב ה; מה"ג,א' יד, ה און כג; משנת רבי אליעזר יד 267; ילקוט א' פרק ב, פסוק ב, עמוד כ.

זעט: סנהדרין צה, ב און רש"י אונטערן וואָרט על; זהר וירא קיב, ב; תנח. לך לך ז און יט; וירא ז; תנח"ב לך לך ז; וירא ח; תרגומים ירושלמי און יונתן בראשית טו, א. אין תנח"ב שמיני ג' — במה מלכים; אין אגדת בראשית לד, סז: באו עליו פירטין, און אין ביידע ערטער שטייט ניט וויפל.

צ) בראשית יד, טו, תרגום יונתן און רש"י דאָרט. זעט: ברכות ג, ב; ב"ר מג, ג; מכילתא פסחא בא, יג, מב; תנח. לך לך ט; בא אָנהויב סימן ז און ט; תנח"ב לך לך יא און יז; פ"ר פיסקא ויהי בחצי הלילה פו, ב; פר"כ, הוצאת אום, ויהי בחצי הלילה סג, ב; אגדת בראשית יג, כט; שו"ט (מדרש תהלים) יט, ט; מ"א לך לך יד, טו; ל"ט בראשית יד, טו; י"ש בא רח.

ק) ב"ר מג, ג; מד, ט; י"ש יהושע ענדע כג; תנח. ויצא ג; תנח"ב לך לך יז; ויצא ח; פר"א פרק כז; זהר וירא קיב, ב; פ"ר קצו, ב; שו"ט קי, ג; י"ר לך לך לד, ד. זעט אבישי, זייט 37, נאָטע כ.

ר) ב"ר מג, ג; תענית כא, א; סנהדרין קח, ב־קט, א; משנת רבי אליעזר ט, קס; תנח. לך לך טו און יט; תנח"ב לך לך יט; שו"ט קי, ב; מ"א לך לך יד, כד; מה"ג,א' לך לך ריח; ילקוט שמעוני לך לך עג; ל"ט לך לך טו, ב; ילקוט א' מא, פסוק ג, קיח; זעט רמב"ן בראשית יד, טו. און זעט אין אַלע ערטער די פאַרשידענע נוסחאות, און ווער עס זאָגט זיי.

ש) סנהדרין צו, א און רש"י אונטערן וואָרט מלאך; זעט: מה"ג,א' יד, טו; סא"ר פרק ה' כח; זהר וירא קיב, ב; י"ש לך לך עג.

**האָט אברהם באַפרייט לוט'ן פון זיין געפאַנגענשאַפט?**

יאָ. ער האָט באַזיגט די אַלע מלכים. און ער האָט באַפרייט לוט'ן מיט אַלע זיינע מענטשן און פאַרמעגן, ת).

**ווי קומט עס וואָס א' האָט ניט געדאַנקט דעם אַלמעכטיקן פאַר זיין באַזיגן דעם שונא?**

ער האָט יאָ אים באַדאַנקט. ער האָט געזאָגט: „האַר פון די וועלטן, ניט מיט דעם כוח פון מיין האַנט האָב איך באַוויזן דאָס צו טאָן, נאָר מיט דעם כוח פון דיין רעכטער האַנט. דו ביסט דאָך מיין שוץ, מיין פאַנצער אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט. און די „אויבערשטע" האָבן אים געענטפערט און געזאָגט: „ברוך אתה ה' מגן אברהם", א).

**ווען א' האָט זיך אומגעקערט פון דער מלחמה קעגן די מלכים, איז דער מלך פון סדום געגאַנגען אים אַנטקעגן ביז עמק שוה. פאַרוואָס האָט עס געהייסן עמק שוה?**

שוה איז די טייטש גלייך. דאָרט האָבן אַלע געצנדינער זיך אויסגעגלייכט. זיי האָבן אויסגעהאַקט צעדערבוימער, אויפגעשטעלט אַ גרויסע בימה, אַרויפגעזעצט אברהם'ן אויבן, אים געלויבט און געזאָגט צו אים: הער אונז צו, האַר, קיניג איבער אונז. ווער אונזער פירער, אונזער גאָט. אָבער אברהם האָט זיי געענטפערט: די וועלט האָט איר מלך און איר אויבערשטן, ב).

## אברהם און שם, נח'ס זון

**ווער איז דער מלכי צדק וועלכער איז אַנטקעגן געגאַנגען אברהם'ן מיט ברויט און וויין נאָך זיין באַפרייען לוט'ן פון דער געפאַנגענשאַפט?**

ער איז געווען שם, נח'ס זון, ג).

**פאַרוואָס איז שם אַנטקעגן געגאַנגען אברהם'ן מיט ברויט און וויין?**

ערשטנס, אַזוי איז דער שטייגער צו באַהאַנדלען מלחמה-אויסגעמאַטערטע.

צווייטנס, שם איז אויסן געווען דערמיט צו ווייזן אברהם'ן אַז ער האָט קיין פאַרדרוס אויף אים וואָס ער האָט גע'הרג'ט זיינע קינדער.

דריטנס, ער האָט דערמיט אים אָנגעדייט אויף די קרבנות, מנחות און נסכים וועלכע זיינע קינדער וועלן דאָרט מקריב זיין, ד).

**פאַרוואָס האָט אברהם געגעבן שם'ן מעשר?**

ווייל שם איז געווען אַ כהן, ה).

**איז אמת אַז שם איז געווען אַ כהן, און די כהונה איז אַוועקגענומען געוואָרן פון אים און איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אברהם'ן?**

אַזוי זאָגן אונזערע חכמים ז"ל, ו).

---

ת) בראשית יד, טו־יז.

א) פר"א ענדע פרק כז; י"ש לך לך ענדע סח.

ב) בראשית יד, יז און רש"י דאָרט.

ב"ר מב, ה; מג, ה; נה, ו; במ"ר טו, יד; ק"ר ד, פסוק יג; תנח. בהעלותך ט; מ"א לך לך יד, יז; ל"ט בראשית יד, ג און יז; כג, ו; י"ש לך לך עב.

פאַרגלייכט: ב"ר כג, ו; ל"ט חיי שרה כג, י; י"ש חיי שרה כג, און זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

ג) בראשית יד, יח, תרגום יונתן, רש"י און זעט רד"ק דאָרט. פר"א פרק כז; ב"ר נו, י; שו"ט עו, ג; מ"א לך לך יד, יח; י"ש תהלים תתיד; ל"ט לך לך יד, יח; רש"י סוכה נב, ב אונטערן וואָרט וכהן.

אגב, אַז שם איז געווען מלך פון ירושלים זעט מ"א לך לך יד, יח.

ד) זעט: ב"ר מג, ו; נדרים לב, ב; מ"א לך לך יד, יח; ל"ט לך לך יד, יח; ב"ר מד, ז; י"ש ישעיה תמט; רש"י ישעיה מא, ח.

ה) בראשית טו, כ און רש"י דאָרט.

ו) נדרים לב, ב און רש"י אונטערן וואָרט

**איז אברהם געווען דער ערשטער צו געבן מעשר?**

יאָ, ז).

**איז אברהם באַלוינט געוואָרן פאַר זיין געבן מעשר, תרומה?**

יאָ. דערפאַר וואָס ער האָט געגעבן מעשר „מכל“, ח) פון אַלץ, איז ער געבענטשט געוואָרן „בכל“, ט) מיט אַלץ, י).

ווען דער קעניג פון סדום האָט געזאָגט צו אברהם׳ן „תן לי הנפש, והרכוש קח לך“, כ) גיב מיר די מענטשן און דאָס פאַרמעגן נעם דיר, האָט אברהם אים געענטפערט „אם מחוט ועד שרוך נעל“, ל) אַז ער וועט ניט נעמען אַפילו אַ פאָדעם אָדער אַ שנורוואַדלע (אַ שוך בענדל), פאַרוואָס?

ווייל דער אויבערשטער האָט צוגעזאָגט אברהם׳ן רייכקייט. ווי אין פסוק שטייט „ואברכך“, מ) און איך וועל דיך בענטשן — מיט געלט, נ).

**איז א׳ געוואָרן באַלוינט פאַר זיין ניט וועלן נעמען אַפילו אַ פאָדעם, אַ שנורוואַדלע (שוך־בענדל) פונעם קעניג פון סדום? ס).**

יאָ. פאַר ניט נעמען אַפילו אַ פאָדעם, איז זיינע קינדער געגעבן געוואָרן די מצוה פון ציצית. און פאַרן ניט נעמען אַפילו אַ שנורוואַדלע זיינען זיינע קינדער געגעבן געוואָרן די מצוות פון יבמה און חליצה.

לויט אַנדערע מיינונגען — די מצוות פון ציצית און תפילין.

לויט נאָך אַ מיינונג: תכלת, ארגמן... עורות אילים ועורות תחשים פונעם משכן, בלויע וואָל, פורפל וואָל, די פעלן פון ווידער און פון תחשים, ע).

דו האָסט געזאָגט אַז דו וועסט ניט נעמען אַפילו אַ פאָדעם, איז דערפאַר וועל איך רייניקן דיינע קינדער מיט דעם מזבח וואָס וועט זיין אַרומגערינגלט מיט אַ רויטן פאָדעם, ע1).

דערפאַר וואָס דו האָסט געזאָגט אַז דו וועסט ניט נעמען „חוט“, אַפילו אַ פאָדעם, וועל איך לויבן דיינע קינדער מיט אָט דעם דאָזיקן זעלבן לשון, „כחוט

---

וועל; ב״ר פּרשיות מו, ה, און נה, ז; ש״ר ענדע פרשה ב; ויק״ר כה, ו; במ״ר ד, ח; ד״ר ב, ז; תנח. שמות יט און פאַרגלייכט מיט נח, ד; תנח״ב תולדות יב; פר״א פרק ח; זהר לך לך פז, א; פ״ר פיסקא בחודש השביעי קע, א; מה״ג.א׳ לך לך ריח; מ״א לך לך יד, יח און יט; י״ש לך לך סג, עד, אַנהויב פא און וירא צו; רש״י בראשית יד, כ. זעט: זייטן 48, 70, 71, 170.

ז) פר״א פרק כז; פ״ר כה, ג; ל״ט בראשית א, א און לך לך יד, כ.

אַז אברהם האָט געגעבן תרומה גדולה זעט: פר״כ פיסקא עשר תעשר, צא, א; הוצאת אום; י״ש לך לך עה.

ח) בראשית יד, כ.

ט) בראשית כד, א.

י) ב״ר מג, ח; ל״ט לך לך יד, כ; י״ש לך לך עד.

כ) בראשית יד, כא.

ל) בראשית יד, כג.

מ) בראשית יב, ב.

נ) ב״ר לט, יא; רש״י בראשית יב, ב.

ס) בראשית יד, כג.

ע) ב״ר ענדע פרשה מג; סוטה יז, א; חולין פח, ב־פט, א; תנחומא לך לך יג; אגדת בראשית פרשה יג; מ״א לך לך יד, כג; ל״ט לך לך יד, כג; י״ש לך לך עו; בחיי, בראשית, יד, כג. זעט נאָך אַ מיינונג אין: ב״ר ענדע פרשה מג; ש״ר מא, ב; מדות פרק ג, משנה א. זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

ע1) תנח. לך לך יג. פאַרגלייכט: תנח״ב לך לך יז; י״ש לך לך עו.

וועגן חוט של סיקרא, רויטן פאָדעם, זעט: מדות פרק ג, משנה א; זבחים נג, א; מנחות צז, ב; בכורות יז, ב.

אין אג״ב יג, כט־ל: חוט של צדקה, אַ פאָדעם פון צדקה.

השני שפתותיך", דיינע לעפצן זיינען ווי אַ רויטער פאָדעם, ע2).

דו האָסט געזאָגט „שרוך נעל", אַ שוך-בענדל, איז מיט אָט דעם זעלביקן לשון וועל איך לויבן דיינע קינדער, „מה יפו פעמיך בנעלים", ווי שיין זיינען דיינע טריט אין די שיך, ע3).

דערפאַר וואָס דו האָסט דערמאָנט „נעל", שוך, וועל איך געבן דיינע קינ־דער די מצוה פון עסן דעם קרבן פסח, וועלכן מען דאַרף עסן בעת „נעליכם ברגליכם", ווען די שיך זיינען אויף די פיס, ע4).

דו האָסט פאַר'מיאוס'ט די באַלוינונג פון אַ בשר ודם, פון אַ מענטשן וואָס איז פלייש און בלוט. דו האָסט עס גע־האַלטן פאַר אומווירדיק. דערפאַר וועט דיין שכר זיין זעהר פיל פון איצט אָן און ווייטער. זע וואָס פאַר אַ שכר עס איז אָנגעגרייט פאַר דיינעטוועגן פון מיר ! ע5).

**ווען דער מלך פון סדום האָט געזאָגט צו אברהם'ן „תן לי הנפש, והרכוש קח לך", פ) גיב מיר די נפשות און דאָס פאַרמעגן נעם דיר, האָט אברהם אים געענטפערט „אם מחוט ועד שרוך נעל, ואם אקח מכל אשר לך, צ) אַז ער וועט ניט נעמען אַפילו אַ פאָדעם ביז אַ שנורוואַדלע (אַ שוך בענדל). געוויינט־לעך זאָגט מען פון אַ נישטיקע זאַך ביז אַ ווערטפולע, ווי צום ביישפיל פון אַ פאָדעם ביז אַ דימענט, אָדער פאַרקערט. אָבער אַ פאָדעם און אַ שוך בענדל זיינען דאָך כמעט פונעם זעלבן ווערט. וואָס זשע איז אברהם אויסן געווען דער־מיט ?**

לויט רבינו סעדיה גאון ז"ל מיינט דער־מיט דער פסוק געוויקסן, לעבעדיקע זאכן און ניט-לעבעדיקע געגנשטאַנדן: „אם מחוט" מיינט וואַקסנדיקע זאכן, תבואה און פירות. „ועד שרוך נעל" מיינט לעבעדיקע זאכן, בהמות און עו־פות (געפליגל). „ואם אקח מכל אשר לך" מיינט ניט-באַוועגנדיקע זאכן, זיל־בער, גאָלד, דימענטן און פערל, ק).

**נאָך דער מלחמה מיט די מלכים האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אברהם'ן: האָב קיין מורא, איך בין דיין באַשי־צער, דיין שכר איז זעהר פיל. פאַר־וואָס אייגנטלעך האָט אברהם מורא געהאָט ?**

נאָך דעם ווי עס איז אברהם'ן גע־שען דער נס, און ער האָט גע'הרג'ט די מלכים, האָט ער זיך געטראַכט, אפ־שר איז דאָס שוין דער שכר פאַר זיינע גערעכטיקייטן. האָט דער אויבערשטער צו אים געזאָגט: „אל תירא אברם, אנכי מגן לך", האָב קיין מורא אברם, איך בין דיין באַשיצער קעגן דער שטראָף, דו זאָלסט ניט באַשטראָפט ווערן פאַר די נפשות וועלכע דו האָסט אומגע־בראַכט. און דאָס וואָס דו זאָרגסט זיך טאָמער האָסטו שוין דערמיט אָפּגענו־מען דיין שכר, זאָלסטו ניט זאָרגן, ווייל „שכרך הרבה מאד", ר) דיין שכר איז זעהר פיל.

---

ע2) זעט: שיר השירים ד, ג; תנח"ב לך לך יז; אג"ב יג, ל; י"ש לך לך עו.

ע3) ש"ר מא, ב. זעט תנח. לך לך יג; תנח"ב לך לך יז; אג"ב יג, ל; שיר השירים ז, ב.

לויט מה"ג.א' רכג זיינען זיינע קינדער געגעבן געוואָרן די דריי ימים טובים. פאַר־גלייכט: ב"ר מג, ט; י"ש לך לך עו.

ע4) תנח. לך לך יג. פאַרגלייכט: תנח"ב לך לך יז; אג"ב יג, ל; שמות יב, יא.

ע5) תנח. לך לך יג; תנח"ב יז; אג"ב יג, ל.

פ) בראשית יד, כא.

צ) בראשית יד, כג.

ק) רבינו בחיי בראשית יד, כג.

ר) בראשית טו, א.

ער האָט אויך מורא געהאַט טאָמער איז זיין ניצול ווערן פונעם קאַלך אויוון שוין זיין שכר. האָט דער אויבערשטער אים פאַרזיכערט אַז זיין שכר וועט ער באַקומען לעתיד לבא, ש).

און דאָס וואָס אברהם האָט זיך געזאָרגט, אַז ווען ער וואָלט ניט געווען גע׳הרג׳ט די מענטשן, וואָלט ער דאָך געווען געקאָנט זיי מגייר זיין. אויך וועגן דעם האָט דער אויבערשטער אים באַרואיקט און פאַרזיכערט אַז ער דאַרף זיך ניט זאָרגן, „שכרך הרבה מאד״, ת) דיין שכר איז זעהר פיל, א).

## אברהם׳ן ווערט צוגעזאָגט אַ זון

**ווען דער אויבערשטער האָט צוגעזאָגט אברהם׳ן „שכרך הרבה מאד״, ב) דיין שכר איז זעהר פיל, האָט אברהם אים געענטפערט: וואָס קומט מיר אַרויס דערפון „ואנכי הולך ערירי״, ג) אַז איך בין דאָך קינדערלאָז. ווי אַזוי האָט דער אויבערשטער רעאַגירט דערויף?**

אברהם האָט געזאָגט צום אויבערשטן אַז ער זעט אין די שטערן אַז ער וועט ניט האָבן קינדער. דערויף האָט דער אויבערשטער אים געענטפערט: „אין מזל לישראל״, אַסטראָלאָגיע, שטערן־זעעריי איז ניט פאַר אַ אידן. דו ביסט אַ נביא און קיין אַסטראָלאָג, קיין שטערן־זעער. לאָז אָפּ דיין שטערן־זעעריי. אברם האָט קיין זון. אָבער אברהם וועט יאָ האָבן אַ זון. שרי האָט קיין זון. אָבער שרה וועט יאָ האָבן אַ זון. איך וועל ענדערן אייערע נעמען וועט זיך ענדערן אייער מזל, ד).

**דער אויבערשטער האָט געזאָגט אברם וועט ניט ברענגען קינדער אויף דער וועלט, אָבער אברהם וועט יאָ. ער האָט דאָך געבראַכט ישמעאל׳ן אויף דער וועלט ווען ער האָט נאָך געהייסן אברם, ה)?**

די גמרא זאָגט אַז דאָס קינד פון אַ דינסט, גייט נאָך דער מוטער. אברהם האָט געוואָלט האָבן אַ קינד פון שרה׳ן. דאָס קינד זאָל גיין נאָך אים, ו).

**פאַרוואָס האָט אברהם באַצייכנט זיין הויז־פאַרוואַלטער אליעזר אַלס „בן־משק״, ז)?**

עס זיינען פאַראַן עטלעכע דערקלערונגען:

---

ש) יונתן, ירושלמי, רש״י בראשית טו, א; ב״ר אָנהויב פרשה מד, א און פאַרגלייכט מיט: פר״א פרק כז; תנחומא לך לך טו; מ״א לך לך טו, א; ל״ט לך לך טו, א; י״ש לך לך עו און ישעיה שיג.

ת) בראשית טו, א.

א) זהר לך לך פח, ב.

ב) בראשית יד, א.

ג) בראשית יד, ב.

ד) בראשית טו, ג און רש״י דאָרט פסוק ה. בראשית יז פסוקים טו און טז. ב״ר מד, ו און יב; ש״ר לח, ו; במ״ר ב, יב; תנח. שופטים יא; זהר לך לך צ, א; ל״ט לך לך טו, ה; שבת קנו, א; נדר. לב, א; יומא כח, ב; ב״ב טז, ב; פר״א פרק כז; פּסיקא מג, כי פקד ה׳; מ״א לך לך טו, ה; מה״ג,א׳ רכט; י״ש לך לך עו און ישעיה תמז; בחיי בראשית טו, ה.

זעט שאלות ותשובות הרשב״א סימנים קמח און תט. און זעט אין אַלע קוועלן ווער עס זאָגט וואָס.

לויט שה״ש זוטא א, א איז ער יאָ געווען אַן אַסטראָלאָג.

אגב, דער מר״א באַמערקט אַז די ערשטע אותיות פון „לי לא נתתה זרע״ (בראשית טו, ג), מיר האָסטו ניט געגעבן זאָמען, באַטרעפן זיבן און אַכציק ווי דאָס וואָרט מזלי, מיין מזל.

ה) בראשית טז, טו.

ו) בראשית טו, ה, רש״י דאָרט און תורה תמימה, סימן ב; קידושין סח, ב.

ז) בראשית טו, ב.

ווייל, משתוקק, ער גלוסט צו ירש׳־נען מיך, ח).

ווייל אליעזר האָט געשטאַמט פון דמשק (די הויפט־שטאָט פון סיריע).

ווייל ער האָט נאָכגעיאָגט די מלכים ביז דמשק, ט).

ווייל דמשק מאַכט דלה ומשקה... אליעזר האָט געשעפּט תורה פון זיין רבי׳ן (אברהם) און האָט אָנגעטרונקען אַנדערע, י).

**דער פּסוק זאָגט „ויוצא אותו החוצה", כ) און ער האָט אים אַרויסגעפירט אויף דער גאַס. מיינט עס טאַקע פשוט אַז דער אויבערשטער איז געווען מיט אברהם׳ן אין געצעלט, און ער האָט אים אַרויסגעפירט אין דרויסן?**

עס מיינט אַז דער אַלמעכטיקער האָט אים אַרויסגעפירט פון דעם חלל פון דער וועלט. ער האָט אים אַרויפגענומען אויבן, הויך, איבער דעם הימל, איבער די שטערן, ל) אין די אויבערשטע ספערן, אויסערהאַלב אונזער וועלט.

אגב, ווי מיר זעען איז אברהם אבינו געווען דער סאַמע ערשטער „אַסטראָנאָט", און מיר זעען אויך אַז אונזערע חכמים ז״ל האָבן שוין מיט אַ צוויי טויזנט יאָר צוריק געוואוסט וועגן פלאַץ אויסערהאַלב אונזער וועלט, Outer Space.

**די תורה זאָגט „והאמין בה׳ ויחשבה לו צדקה", ער האָט געגלויבט אין אויבערשטן, און ער האָט עס אים גערעכנט פאַר אַ גערעכטיקייט. ווער וועמען האָט עס גערעכנט פאַר אַ גערעכטיקייט, דער אויבערשטער אברהם׳ן, צי אברהם דעם אויבערשטן?**

רש״י, רבינו בחיי, לקח טוב, ספורנו טייטשן אַז דער אויבערשטער האָט עס גערעכנט פאַר אַ מעלה, פאַר אַ פלוס פאַר אברהם׳ן.

דער רמב״ן האַלט אַז אברהם האָט עס באַטראַכט אַלס צדקה פון דעם אויבערשטנס זייט, אַז דער אויבערשטער וועט אים געבן אַ זון אויס זיין גערעכטיקייט, ניט אין אברהם׳ס זכות.

דער תורה תמימה טייטשט אַז אברהם האָט עס גערעכנט דעם אויבערשטן פאַר אַ צדקה, וואָס צוליב אים ענדערט ער דעם גאַנג פון דער נאַטור, מ).

**די תורה זאָגט „והאמין בה", אברהם האָט געגלויבט אינעם אויבערשטן. האָט ער באַקומען עפּעס דערפאַר?**

יאָ. ער האָט גע׳ירש׳נט ביידע וועלטן, מ*).

**ווי אַזוי האָט דער אויבערשטער געלאָזט וויסן אברהם׳ן אַז ער וועט האָבן קינדער?**

דורך נבואה.

אגב, עס זיינען פאַראַן צען אויסדרוקן פאַר נבואה: נבואה, חזון, הטפה, דבור,

---

ח) מ״א לך לך טו, ב. אַז משק איז תשוקה, גלוסטן, זעט: ב״ר מד, ט און מתנות כהונה דאָרט; י״ש לך לך עו: שנפשו שוקקת, זיין האַרץ גלוסט.

ט) בראשית יד, טו.

י) די תרגומים אונקלוס, יונתן און ירושלמי, רש״י, רד״ק בראשית טו, ב. ב״ר מד, ט; ל״ט לך לך טו, ב; י״ש לך לך עו; יומא כח, ב און מהרש״א דאָרט.

כ) בראשית טו, ה.

ל) ב״ר מד, יב; מח, ו; ש״ר לח, ו; במ״ר ב, יב; תנחומא חיי שרה ו; שופטים יא; אגדת בראשית כח, נח; מדרש הגדול לך לך רל און וירא רסב; י״ש לך לך רמז עו; רש״י בראשית טו, ה. זעט אין אַלע ערטער ווער עס זאָגט וואָס.

מ) זעט: רש״י, רמב״ן, רבינו בחיי, ספורנו, מדרש לקח טוב, בראשית טו, ו און ת״ת דאָרט סימן ג.

מ*) בראשית טו, ו. מר״י בשלח לג, ב, הוצאת אום; י״ש בשלח רם.

אמירה, צווי, משא, משל, מליצה, חי־דה, נ).

**מיט וואָס פאַר נבואה־אויסדרוק האָט דער אויבערשטער גערעדט מיט אבר־הם'ן?**

מיט דיבור און מיט חזון, ס), מיט ריידן און מיט וויזיע.

**וועלכע פאָרמען פון נבואה איז די שטאַרקסטע?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנ־הייטן: לויט איין מיינונג חזון; לויט אַ צווייטער דיבור; לויט אַ דריטער מיינונג משא, ע).

## דער בונד צווישן די שטיקער (ברית בין הבתרים)

**אין וואָס פאַר אַ טאָג און אין וועלכן חודש האָט דער אויבערשטער גערעדט מיט אברהם'ן בין הבתרים — „צווישן די שטיקער"?**

פופצן טעג אין ניסן, פּ).

**ווי אַלט איז א' געווען ביים ברית בין הבתרים, ביים „בונד צווישן די שטיקער"?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנ־הייטן:

זיבעציק יאָר, צ);
פינף און אַכציק יאָר, ק);
פינף און זיבעציק יאָר, ר);
זעקס און זיבעציק יאָר, ש);
אַכט און פערציק יאָר, ת).

**אברהם איז דאָך געווען דער סאַמע ערשטער מענטש צו אָנערקענען דעם באַשעפער פון דער וועלט. ווי זשע קומט עס וואָס ווען דער אויבערשטער האָט אים צוגעזאָגט קינדער און ארץ ישראל, האָט ער גאָר געפרעגט „במה אדע", א) פון וואַנען וועל איך וויסן (אַז עס וועט זיין אַזוי)?**

ווען דער אויבערשטער האָט גזאָגט

נ) פאַרגלייכט די פאַרשידענע נוסחאות און גירסאות אין: ב"ר מד, ו; שי"ר פרשה ג, פסוק ד, סימן ב; זהר לך לך פח, ב; אר"ן נוסח ב פרק לז, און נוסחא א' פרק לד; אגדת בראשית יד, לא; ילקוט א', א זייט ג; ל"ט לך לך טו, א; מדרש הגדול לך לך רכד; י"ש ישעיה שפה.

ס) ב"ר מד, ו; ויק"ר א, ד; ל"ט לך לך טו, א.

לויט פר"א פרק כח מיט חזון און מיט מראה, און פאַרגלייכט: זהר לך לך פט, א; י"ש לך לך עו (במראה ובחזון... בדיבור ובחזון); מה"ג.א' לך לך רכד.

לויט שי"ר א, אויפן פסוק יד, סימן ג במחזה.

ע) ב"ר מד, ו; שי"ר פרשה ג, פסוק ד, סימן ב; אגדת בראשית יד, לא; ילקוט א', א זייט ג; ל"ט לך לך טו, א; י"ש ישעיה שפה.

זעט: מכות יא, א; ספרי בהעלותך פיסקא צט, הוצאת אום; זכריה ט, א.

פּ) סע"ר פרק ה; מכילתא בא פרשה יד; תנח. בא ט. אין פר"א פרק כח שטייט פסח ביינאַכט, און זעט דאָרט דעם רד"ל בנוגע דעם רמב"ם; אין י"ש לך לך אָנ־הויב עו שטייט „בליל יום טוב של פסח".

צ) סע"ר פרק א; פ"ר פיסקא מב, קעה, א; במ"ר יד, א; תוספות ברכות ז, ב; תוספות שבת י, ב אונטערן וואָרט „ושל"; תוספות עבודה זרה ט, א; בחיי, בראשית טו, יד.

לויט מה"ג.א' יא, לא און יב, ד איז ער אַלט געווען זיבעציק יאָר ביים אַוועקציען פון און ביים אַריינקומען קיין כנען.

ק) ב"ר מו, ב.

אגב, דער סדר הדורות יז, א גיט אָן אַז אין „י"ש קהלת" שטייט אויך פינף און אַכציק. אָבער אין י"ש קהלת תתקסח אויפן פסוק „לכל זמן" שטייט פינף און זיבעציק.

ר) י"ש לך לך פּ, און קהלת אויפן פסוק „לכל זמן". זעט רש"י בראשית כד, א.

ש) שלשלת הקבלה יד.

ת) תנח"ב חיי שרה ו; י"ש חיי שרה קו; סדר הדורות חלק א', טו, ב.

א) בראשית טו, ח. זעט זייט 71, ח־ל.

צו אברהם'ן אַז מען וועט ניט קאָנען איבערציילן זיינע קינדער פּונקט ווי מען קאָן ניט איבערציילן די שטערן, „והאמין בה'", ב) האָט ער אים געגלויבט.

ווען דער אויבערשטער האָט אים צוגעזאָגט דאָס לאַנד, האָט ער געזאָגט צו אים „במה אדע", ווי אַזוי וועל איך וויסן אין וועלכן זכות מיינע קינדער וועלן האָבן אַ קיום אינעם לאַנד. דערויף האָט דער אויבערשטער אים געענטפערט: אין דעם זכות פון די קרבנות, ג).

**האָט א' ביים ברית בין הבתרים אַליין אָנגעוואונקען אַז די אידן וועלן זיין אין מצרים פיר הונדערט יאָר?**

יאָ. דאָס וואָרט „במה אדע" לויט את בש גר דק... מאַכט שיץ. אויפן אָרט פון דער „ב" אַ „ש"; אויפן אָרט פון דער „מ" אַ „י"; אויפן אָרט פון דער „ה" אַ „צ". און שיץ באַטרעפט פיר הונדערט, ד).

**ביים ברית בין הבתרים האָט דער אויבערשטער געהייסן אברהם'ן נעמען דריי קעלבלעך, דריי ציגעלעך, דריי ווידער, אַ טורטל־טויב און אַ יונגע טויב, ה). וואָס עפּעס גראָדע די דאָזיקע צאָל?**

די דריי קעלבלעך סימבאָליזירן די דריי מלכים פון בבל: נבוכדנאצר, אויל מרודך, בלשצר. די דריי ציגעלעך סימבאָליזירן די דריי מלכים פון מדי: כורש, דריוש, אחשורוש. (לויט אַן אַנדער דעה: כורש, אחשורוש, דריוש בן אחשורוש). די דריי ווידערס סימבאָליזירן די דריי מלכים פון יון: אלכסנדר מוקדון, גסקלנס, אנטונינוס. (לויט אַן אַנדער מיינונג מיינט עס יון וועלכע האָט איינגענומען אַלע זייטן פון דער וועלט אויסער די מזרח זייט. עס זיינען פאַראַן נאָך מיינונגען). די טורטל־טויב רעפּרעזענטירט אדום. די יונגע טויב מיינט די אידן. און עס זיינען פאַראַן אַנדערע מיינונגען, ו).

אַנדערע טייטשן ניט דריי נאָר דריי־יאָריקע — אַ דריי יאָריק קעלבל, אַ דריי יאָריק ציגעלע, אַ דריי יאָריקער ווידער, ז).

**פאַרוואָס האָט א' צעשניטן די בהמות, און די פייגל נישט?**

ווייל די בהמות זיינען אַן אָנדייט אויף די אָפּגעטער וועלכע זיינען געגליכן צו בהמות. אָבער די אידן זיינען געגליכן צו אַ טויב, אַן אָנדייט אַז די אידן וועלן עקזיסטירן אייביק, ח).

**די תורה דערציילט אַז די רויב־פייגל האָבן אַראָפּגענידערט אויף די פגרים**

---

ב) בראשית טו, ו.

ג) ב"ר מד, יד; מגילה לא, ב; תענית כז, ב; מ"א לך לך טו, ח; ל"ט לך לך טו, ח; רש"י בראשית טו, ו; י"ש לך לך עז; בחיי בראשית טו, ט. און זעט אומעטום וועמ עס זאָגט עס.

ד) בראשית טו, ח. ל"ט, לך לך טו, טז.

ה) בראשית טו, ט.

ו) ב"ר מד, טו; מ"א לך לך טו, יא; ל"ט לך לך טו, י; י"ש לך לך עו און עז; אונקלוס און רש"י בראשית טו, ט. אַז די אידן זיינען געגליכן צו אַ טויב, זעט: שיר השירים ב, יד, תרגום און רש"י דאָרט; תהלים סח, יד, רש"י, א"ע, מצודת דוד דאָרט; שי"ר ד, פסוק א; ברכות נג, ב; שבת מט, א און קל, א; שי"ר פרשיות א, און ו; רש"י בראשית טו, י; ב"ק צג, א. פאַרגלייכט: ש"ט בשלח יד, לא; י"ש בשלח רלב; ויושע 35.

ז) תרגום יונתן און א"ע בראשית טו, ט. אָבער דער רמב"ן דאָרט פרעגט עס אָפּ. זעט רד"ק דאָרט.

ח) רש"י און רבינו בחיי בראשית טו, י; ל"ט לך לך טו, י; מ"א לך לך טו, י.

**„וישב אותם אברם", ט) און אברהם האָט זיי אַוועקגעיאָגט. פאַרוואָס?**

עס איז געווען אַ רמז, אַז אַנדייט אַז דוד המלך וועט קומען זיי פאַרניכטן, אָבער פונעם הימל וועט מען אים ניט לאָזן ביז משיח וועט קומען, י).

לויט אַן אַנדער מיינונג: עס איז אים אָנגעדייט געוואָרן אַז די פעלקער וועלן קומען בטל מאַכן די קרבנות, וועלן אַב־רהם׳ס אָפּשטאַמלינגע זיי פאַרטרייבן, כ).

**די תורה דערציילט אונז „ותרדמה נפלה על אברם", ל) אַ׳ איז איינגע־שלאָפן. וואָס אייגנטלעך לאָזט זי אונז דערמיט הערן?**

עס מיינט ניט סתם שלאָפן, נאָר אַ נבואה שלאָף, מ).

עס זיינען, נעמלעך, פאַראַן דרייער־ליי שלאָפן: אַ געוועגלעכער שלאָף, אַ נבואה שלאָף, און אַ לאַנגער שלאָף, פּאָפּן־לאַנג, אַ פּאָפּער; און לויט נאָך אַ מיי־נונג אויך אַ שלאָף פון שטות, נ).

אגב, דער דובנער מגיד ז״ל באַמערקט: דער אויבערשטער האָט געוויזן אַבר־הם׳ן דעם גלות, אַז זיינע קינדער וועלן זיין אין אַ פרעמד לאַנד און וועלן דאָרט דורכמאַכן פאַרשידענע צרות. און איינע פון זיי וועט זיין „תרדמה", דאָס דרעמ־לען, דאָס גאָרניט טאָן. דאָס וואָס אידן וועלן אָפּשלאָפן דאָס ביסל יאָרן אין גלות. זיי וועלן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און גאָרניט טאָן.

**וואָס האָט אַ׳ געזען אין זיין נבואה־שלאָף אין וועלכן אַ שרעק, אַ גרויס פינצטערניש זיינען אָנגעפאַלן אויף אים, ס)?**

עס זיינען אים געוויזן געוואָרן די גלות׳ן בבל, יון, פרס, מדי, אדום, מצ־רים, וועלכע האָבן פאַרפינצטערט די אויגן פון די אידן מיט זייערע ביטערע גזרות. עס זיינען אים אויך געוויזן גע־וואָרן די צען מכות, יציאת מצרים, קרי־עת ים סוף, מתן תורה, קרבנות, גי־הנם, ע).

**פאַרוואָס איז געזאָגט געוואָרן אַבר־הם׳ן אַז די אידן וועלן געפּייניקט ווערן אין מצרים פיר הונדערט יאָר, פ)?**

ווייל די אותיות פון ׳עין רע" באַ־טרעפן פיר הונדערט, ווי דער אות „ת". „ת" איז דער לעצטער אות אינעם אלף בית. און „עין רע" מאַכט אַן ענד צו אַלצדינג. צו אברהם׳ס נאָמען איז דאָך צוגעזעצט געוואָרן אַ „ה", מידת הדין.

---

ט) בראשית טו, יא.

י) רש״י בראשית טו, יא.

כ) רמב״ן בראשית טו, יא.

זעט די צוויי פאַרגייענדיקע פּראַגעס און ענטפערס.

ל) בראשית טו, יב.

מ) ב״ר יז, ה און מד, יז; שו״ט טו, ב; מה״ג,א׳ ט, ב; י״ש בראשית כג, לך לך עז און שמואל א׳ קלט; א״ע בראשית טו, יב און פאַרגלייכט דאָרט די תרגו־מים יונתן און ירושלמי.

נ) ב״ר יז, ה און מד, יז; י״ש בראשית כג, לך לך עז און שמואל א׳ קלט.

ס) בראשית טו, יב.

ע) זעט די פאַרשידענע נוסחאות אין: ב״ר מד, יז און כא; מט, ב; ש״ר נא, ז; ויק״ר יג, ה; תנח״ב פקודי ה; שו״ט מזמורים טז, ז; יח, כה; לח, ב; נב, ח; מכילתא יתרו, בחודש פרשה ט; די תרגו־מים יונתן און ירושלמי בראשית טו, יב; פר״כ נב, ב, הוצאת אום; פ״ר פיסקא החודש, סז, א; מה״ג,א׳ רלד, רלו און רלז; מ״א לך לך טו, יא; ל״ט לך לך טו, יב און יז; י״ש לך לך עז; רש״י בראשית טו, יד. פאַרגלייכט פר״א פרק כח הוצאת אום, און אויך הוצאת קושטנדינה.

אַז עס איז אים געוויזן געוואָרן קריעת ים סוף, זעט אויך: מר״א, ח 148; י״ש יתרו ש; מנה״מ ג, ענוה, 182.

פ) בראשית טו, יג.

דערפאַר האָט שולט געווען אין אים דער עין רע, וואָס איז פונעם כח הדין, צ).

אגב רבינו בחיי באַמערקט אַז קיינער פון די מפרשים אויף תורה דערקלערט פאַרוואָס די אידן האָבן באַדאַרפט זיין אין מצרים גראַדע פיר הונדערט יאָר. „טעם המספר הזה בגלות מצרים לא נודע ואחד ממפרשי התורה אין מגיד ואין משמיע בזה דבר", דער טעם פאַרוואָס גראַדע די דאָזיקע צאָל (יאָרן) אין גלות מצרים איז ניט באַוואוסט, און קיין איינער פון די מפרשים, דערקלערער, אויסטייטשער פון דער תורה זאָגט און לאָזט הערן אַ וואָרט וועגן דעם, צ*).

די חז"ל זאָגן דאָך אַז דאָס איז דערפאַר ווייל פרעה האָט באַגלייט אברהם'ן פיר איילן! ק).

**אין זיין נבואה־שלאָף איז אברהם'ן אָנגעזאָגט געוואָרן „ואתה תבוא אל אבותיך בשלום, תקבר בשיבה טובה", ר) דו וועסט קומען צו דיינע עלטערן בשלום, וועסט באַערדיקט ווערן אין אַ גוטער עלטער. וואָס איז דאָס אויסן געווען?**

עס איז אים אָנגעזאָגט געוואָרן די גוטע בשורה אַז זיין פאָטער תרח האָט געטאָן תשובה, האָט עולם הבא און איז אין גן עדן, ש).

אַז ישמעאל וועט טאָן תשובה.

אַז עשו וועט ניט זינדיקן ביי זיין לעבּ־צייט, און נאָך, ת).

**איז אמת אַז א' איז איינער פון די דריי ביי וועמען דער פסוק זאָגט „בשיבה טובה", אַ גוטע עלטער?**

יאָ. די אַנדערע צוויי זיינען דוד המלך און גדעון, א).

**דער אויבערשטער האָט צוגעזאָגט אברהם'ן „ואתה תבוא אל אבותיך בשלום", ב) און דו וועסט קומען צו דיינע עלטערן בשלום. מילא תרח האָט טאַקע**

צ) בחיי בראשית טו, יג.

צ*) בחיי בראשית טו, יג.

ק) סוטה מו, ב; ש"ר ל, ז; י"ש לך לך אָנהויב סט.

ר) בראשית טו, טו.

ש) בראשית טו, טו, און רש"י דאָרט. זעט די פאַרשידענע נוסחאות, און ווער עס זאָגט זיי אין:

ב"ר ל, ד; לח, יב; תנחומא שמות יח; תנח"ב שמות טו; מ"א לך לך טו, טו; ל"ט נח יא, כז; לך לך טו, טו; ויקרא ד, ב; ש"ט חיי שרה כה, ח; מה"ג,א' קפו; מה"ג,א' יא, טז; טו, טו; י"ש אָנהויב נח ענדע מז; לך לך עז; דברי הימים ב' תתרעב; בחיי בראשית יא, לב; י"ר לך לך טו, טו.

אַז תרח איז אין גן עדן, זעט ל"ט לך לך טו, טו. אַז ער האָט עולם הבא אין אברהם'ס זכות, זעט רבנו בחיי בראשית יא, לב.

ת) בבא בתרא טז, ב; תוספתא קידושין פרק ה; ב"ר ל, ד; לח, יב; מ"א לך לך טו, טו און חיי שרה כה, ט; מה"ג,א' כד, א און כה, יז; ל"ט לך לך טו, טו; ש"ט תולדות כח, ט; י"ש אָנהויב נח מח, לך לך עז און חיי שרה קי; תרגום יונתן בראשית כה, ח; רש"י בראשית טו, טו און כה, ט; בחיי בראשית כה, ט.

אַז עשו האָט ניט געזינדיקט ביי אברהם'ס לעבּ־צייט, זעט: ב"ב טז, ב; תוספתא קידושין פרק ה; ש"ר אָנהויב פרשה א; תנחומא אָנהויב שמות; ב"ר ענדע סג; שו"ט ט, ז; פ"ר פיסקא יב, סימן ד; פר"כ פיסקא ג, כב, ב; תנח. תצא ד; י"ש תולדות קי, תצא תתקלח, תהלים תתסח.

לויט מ"א חיי שרה כה, ט האָט עשו ניט געטאָן תשובה.

א) אין ב"ר מד, כ אמר ריש לקיש; אין ב"ר סב, ב אר"ל; אין י"ש שופטים סד ארשב"ל; ל"ט חיי שרה כה, יח. אין מאַנכע אויסגאַבן שטייט אמר ר' לוי אויפן אָרט פון אר"ל.

ב) בראשית טו, טו.

געטאן תשובה. אבער דער אויבערשטער האט דאך ניט געזאגט אל „אביך", צו דיין פאטער, נאר אל „אבותיך", צו דיינע עלטערן. און זיי זיינען דאך געווען געצנדינער. **וואס זשע פאר א מין צוזאג, אדער טרייסט איז דאס געווען פאר אברהם'ן?**

„אבותיך" דארט מיינט ניט דיינע עלטערן, נאר דיין וואונטש. אזוי ווי „אבי יבחן איוב", ג) איך ווינטש איוב זאל אייביק געפרואווט ווערן, ד).

**אין זיין נבואה-שלאף האט א' געזען ווי די זון איז אונטערגעגאנגען; עס איז געווארן שטאק-פינצטער, און אויוון מיט רויך און א פלאם פייער זיינען דורכגעגאנגען צווישן די שטיקער (פלייש), ה). וואס איז די באדייטונג דערפון?**

עס זיינען אים געוויזן געווארן פיר זאכן: גיהנם, מלכיות, מתן תורה און בית המקדש, לויט אן אנדער מיינונג אויך קריעת ים סוף, און עס איז אים געזאגט געווארן: אזוי לאנג ווי דיינע קינדער וועלן אפהיטן צוויי (תורה און בית המקדש), וועלן זיי ניצול ווערן פון צוויי (גיהנם און גלות). קלויב אויס פאר דיינע קינדער וועלכס דו ווילסט, גיהנם אדער גלות. איז אברהם געזעסן א גאנצן טאג, האט זיך געוואונדערט און געטראכט וואס ער זאל אויסקלויבן, גיהנם צי גלות, און ער האט ניט געקאנט באשליסן. האט דער אויבערשטער געזאגט צו אים: „האק אפ די מטבע פון דאנען". קלער ניט וועגן גיהנם. און ער האט אויסגעקליבן פאר אים גלות, ו).

**איז פאראן א מיינונג אז א' אליין האט אויסגעקליבן גלות?**

יא, און דער אויבערשטער האט מסכים געווען מיט אים, און ער האט געזאגט צו אים: דו האסט גוט אויסגעקליבן, ז).

**אין יענעם טאג ווען דער אויבערשטער האט געשלאסן דעם בונד מיט אברהם'ן אז ער גיט זיינע קינדער דאס לאנד, ח) האט ער אים געוויזן נאך עפעס?**

עס איז פאראן וועגן דעם א מיינונגס-פארשידנהייט:

ער האט אים געוויזן בלויז די וועלט.

ער האט אים געוויזן די וועלט און יענע וועלט.

ער האט אים געוויזן אלץ וואס עס וועט פארקומען אין דער צוקונפט, ט).

**דער אויבערשטער האט געזאגט אברהם'ן „לזרעך נתתי את הארץ", י) דיינע קינדער האב איך געגעבן דאס לאנד. עס וואלט דאך באדארפט שטייען „אתן", איך וועל געבן?**

די גמרא זאגט אז ער האט עס שוין לאנג צוריק געגעבן די אידן אלס ירושה פון זייערע אבות, כ).

**ביים שליסן דעם בונד מיט אברהם'ן, האט דער אויבערשטער אים אויסגע-**

---

ג) איוב לד, לו, תרגום און רש"י דארט.

ד) הכתב והקבלה בראשית טו, טו, הוצאת אום.

ה) בראשית טו, יז.

ו) ב"ר מד, כא; ש"ר נא, ז; תנחומא פקודי ט; מכילתא יתרו מסכתא דבחודש פרשה ט; פ"ר פיסקא טו; פר"כ פיסקא החודש, מב, ב, הוצאת אום; שו"ט מ, י; נב, ח און זעט ענדע מזמור לח; מ"א לך לך טו, יא; ל"ט לך לך טו, יז; י"ש לך לך ענדע עז; תהלים תשלז; מר"א ח, 148.

ז) מ"א לך לך טו, יז און זעט די קוועלן צו דער פארגייענדיקער פראגע.

ח) בראשית טו, יח.

ט) ב"ר טו, כב.

י) בראשית טו, יח.

כ) ירושלמי חלה פרק ב, הלכה א. זעט ת"ת בראשית טו, יח, סימן יא.

**רעכנט צען לענדער וועלכע ער גיט זיינע קינדער, ל). אָבער ער האָט דאָך זיי געגעבן בלויז זיבן?**

די אנדערע דריי וועט ער אפּגעבן ווען משיח וועט קומען, מ).

**וועלכע דריי לענדער וועט דער אויבערשטער אָפּגעבן אברהם'ס קינדער?**

קיני, קנזי, קדמוני, נעמלעך אדום, מואב און עמון, נ).

## אברהם און הגר

**דער פּסוק זאָגט אַז שרה האָט געגעבן אברהם'ן איר דינסט הגר פאַר אַ ווייב צען יאָר נאָך זייער באַזעצן זיך אינעם לאַנד כנען, ס). פאַרוואָס האָט שרה דאָס ניט געטאָן פריער?**

ווען א מאַן וואוינט מיט א ווייב צען יאָר און זי האָט קיין קינדער, דאַרף ער נעמען אַן אַנדערע. די אַלע יאָרן וואָס ער האָט געוואוינט אין חוץ לארץ האָבן זיך ניט גערעכנט. ווייל די ברכה אַז דער אַלמעכטיקער וועט אים מאַכן פאַר א גרויס פאָלק, איז אים ניט געזאָגט געוואָרן ביז ער איז געקומען קיין ארץ ישראל, ע).

**האָט א' געוואָלט הגר'ן פאַר אַ ווייב?**

ער האָט זיך צוגעהערט צו שרה'ס רוח הקודש, פּ). שרה איז דאָך געשטאַנען העכער פון אברהם'ן אין נבואה, צ).

**ווי אַלט איז א' געווען ווען שרה האָט אים געגעבן הגר'ן?**

פינף און אַכציק יאָר, ק).

**איז הגר געווען אברהם'ס א ווייב אָדער אַ קעבס־ווייב?**

א ווייב, ר).

**האָט הגר געוואָלט ווערן אברהם'ס ווייב?**

ניין, נאָר שרה האָט זי איינגערעדט. זי האָט איר געזאָגט וואויל צו דיר וואָס דו ביזט זוכה זיך צו באַהעפטן צו אַזאַ הייליקן גוף, ש).

**אברהם האָט דאָך מקיים געווען די גאַנצע תורה נאָך איידער זי איז געגעבן געוואָרן, ווי זשע האָט ער געלעבט מיט הגר'ן?**

זי האָט זיך מגייר געווען, ת).

ל) בראשית טו, פסוקים יט, כ, כא.

מ) ב״ר ענדע מד; מ״א ענדע לך לך; ל״ט ענדע לך לך; י״ש לך לך עח; רש״י בראשית טו, יט. זעט ישעיה יא, יד, רש״י און רד״ק דאָרט.

נ) ב״ר ענדע פּרשה מד; רש״י בראשית טו, יט. זעט ישעיה יא, יד, רש״י, רד״ק דאָרט.

ס) בראשית טז, ג.

ע) יבמות סד, א; תוספתא יבמות פּרק ח; ב״ר מה, ג; מ״א לך לך טז, ג; י״ש לך לך אָנהויב עט; רש״י בראשית טז, ג; זעט ת״ת בראשית טז, ג, סימן א.

פּ) בראשית טז, ב און רש״י דאָרט. ב״ר מה, ב; ל״ט לך לך טז, ב; י״ש לך לך אָנהויב עט.

צ) תנח. אָנהויב שמות; ש״ר אָנהויב פּרשה א'; מ״א וירא כא, יב; רש״י בראשית כא, יב; בחיי בראשית יח, טו.

זעט: ב״ר מה, ב; ל״ט לך לך טז, ב; י״ש לך לך אָנהויב עט.

אַז שרה ווערט גערעכנט צווישן די זיבן נביאות זעט מגילה יד, א. די אַנדערע זעקס זיינען: מרים, דבורה, חנה, אביגיל, חולדה, אסתר המלכה. זעט זייט 20, נאָטע י.

ק) ספר הישר לך לך 45.

ר) ב״ר מה, ג און רד״ל דאָרט; ל״ט לך לך טז, ג; י״ש לך לך עט.

אגב, אַ קעבס־ווייב איז אָהן כתובה און קידושין, סנהדרין כא, א; י״ש אָנהויב שמואל ב'; בחיי בראשית כה, ו.

ש) בראשית טז, ג און רש״י דאָרט. ב״ר מה, ג; ל״ט לך לך טז, ג; י״ש לך לך אָנהויב עט.

ת) י״ש יהושע ענדע ט; מדרש תדשא. אַז אברהם האָט מקיים געווען אַלע מצוות

**איז הגר באַלד מעוברת געוואָרן פון אברהם׳ן?**

יאָ, בײ זײער ערשטן צוזאַמענקונפט, א).

**הגר האָט פאַרשוועגערט פון אבֿרהם׳ן בײ זײער ערשטן צוזאַמענקונפט. פון וואַנען איז עס געדרונגען?**

דער פסוק זאָגט „ויבא אל הגר ות־הר", ב) אברהם האָט פאַרקערט מיט הגר׳ן און זי האָט פאַרשוועגערט. עס איז איין באַהויפּטונג. דער ותהר איז ניט אָפּגעטײלט פון די פריערדיקע ווער־טער. עס איז איין זאַץ.

עס איז דאָס זעלבע ווי בײ יהודה׳ן מיט תמר׳ן. אויך דאָרט זאָגט דער פסוק „ויבא אליה ותהר לו", ג) ער האָט פאַר־קערט מיט איר, און זי האָט פאַרשוועג־גערט. אויך דאָרט איז דער ותהר ניט אָפּגעטײלט פון די פריערדיקע ווערטער, ניט מיט אַ טראָפּ, צי מיט אַ סוף פסוק. און בײ יהודה׳ן מיט תמר׳ן זעט מען אויסדריקלעך פונעם פסוק אַז זײ זײ־נען געווען צוזאַמען בלויז איין מאָל.

דאָרט אָבער וואו דער „ותהר" איז אָפּגעטײלט, ווי צום בײשפּיל „ויבא אליה יעקב: ותהר בלהה", ד) אָדער „ויבא אליה: ותהר" ווי בײ יהודה און בת שוע, ה) האָבן זײ ניט פאַרשוועגערט בײם ערשטן צוזאַמענקונפט, ו).

**דער פסוק זאָגט „ותהר", ז) אַז הגר איז שוואַנגער געוואָרן פון אברהם׳ן. פאַרוואָס זשע ווײסט מען גאָרניט פונעם קינד?**

מען ווײסט יאָ. שרה האָט געגעבן הגר׳ן אַ גוט־אויג, און זי האָט מפּיל געווען, ח).

**פאַרוואָס האָט שרה געוואָלט פּטור ווערן פון הגר׳ן?**

ווײל ווען הגר האָט פאַרשוועגערט, האָט זי אָנגעהויבן באַרײדן שרה׳ן. זי האָט געזאָגט אַז: „שרה איז ניט ערלעך, ניט אַזוי ווי זי מאַכט זיך אויסערלעך. זי מאַכט זיך פאַר אַ צדקת, אָבער אין אמת׳ן איז זי עס ניט. אָט האָט זי דאָך די אַלע יאָרן ניט זוכה געווען צו שוואַנ־גערן, און איך האָב פאַרשוועגערט באַלד בײם ערשטן צוזאַמענקונפט מיט אבֿ־רהם׳ן", ט).

**וואָס האָט שרה געמײנט ווען זי האָט געזאָגט אברהם׳ן „חמסי עליך", י) מײן פאַרדרוס איז אויף דיר?**

ווען הגר האָט פאַרשוועגערט פון אברהם׳ן האָט זי אָנגעהויבן גרינגשעצן, פאַראַכטן שרה׳ן. האָט שרה געזאָגט אבֿ־

---

נאָך אײדער זײ זײנען געגעבן געוואָרן זעט זײט 69, נאָטע ע.

א) בראשית טז, ד און רש״י דאָרט. ב״ר מה, ד און נא, ט; ל״ט לך לך טז, ד; י״ש לך לך עט. זעט יבמות לד, א־ב.

ב) בראשית טז, ד.

ג) בראשית לח, יח.

ד) בראשית ל, ד, ה.

ה) בראשית לח, פסוקים ב, ג.

ו) זעט הכתב והקבלה בראשית טז, ד, הוצאת אום.

ז) בראשית טז, ד.

ח) ב״ר מה, ה; מ״א לך לך טז, יא; י״ש לך לך עט; ל״ט לך לך טז, ה; רש״י בראשית טז, ה; בחיי בראשית טז, ה.

ט) בראשית טז, ד און רש״י דאָרט. ב״ר מד, ד; תנח. ויצא ג; ל״ט לך לך טז, ד; מ״א לך לך טז, ד; ישר לך לך 45; י״ש לך לך עט.

אַז הגר האָט פאַרשוועגערט באַלד בײם ערשטן צוזאַמענקונפט מיט אברהם׳ן, זעט: ב״ר מה, ד און נא, ט; ל״ט לך לך טז, ד; י״ש לך לך עט; רש״י בראשית טז, ד. זעט יבמות לד, א־ב.

י) בראשית טז, ה.

רהם'ן אַז ער איז שולדיק אין דעם. זי האָט גע'טענה'ט אַז אַזוי לאַנג ווי הגר איז געווען אונטער איר רשות, האָט זי זי באַהאַנדלט מיט רעספּעקט. און ווי נאָר זי האָט אָנגעהויבן טראָגן פון אב־רהם'ן איז זי געוואָרן פרעך צו איר. האָט שרה געפאָדערט פון אברהם'ן ער זאָל זי אויסשטראָפן. אָבער אברהם האָט איר געענטפערט: „'הנה שפחתך בידך, עשי לה הטוב בעיניך', כ) אַט איז דיין דינסט אין דיין האַנט, טו מיט איר וואָס איז גוט אין דיינע אויגן. ווען איך זאָל זי אויסשטראָפן, וועט דאָך דאָס טאַקע מיינען אַז זי איז מיין דינסט. און דאָס איז אָבער ניט אַזוי. זי איז דיין דינסט פּונקט ווי פריער, און טו מיט איר וואָס דו ווילסט", ל).

**שרה'ן האָט פאַרדראָסן אויף אברהם'ן פאַר הגר'ס באַריידן זי. מיט וואָס איז ער געווען שולדיק?**

זי האָט געוואָרפן די שולד אויף אב־רהם'ן ווייל ווען ער האָט געבעטן דעם אויבערשטן אויף קינדער, האָט ער אין זינען געהאַט בלויז זיך. ער האָט גע־זאָגט „מה תתן לי, ואנכי הולך ערירי", מ) וואָס קאָנסטו מיר געבן אַז איך בין קינדערלאָז. „ווען דו וואָלסט געווען גע־בעטן פאַר אונז ביידע, וואָלט אויך איך געווען געהאָלפן געוואָרן". צווייטנס האָט עס איר פאַרדראָסן וואָס ער הערט ווי הגר פאַרשעמט זי, און ער שווייגט, נ).

**האָט א' זיך אַריינגעמישט אין שרה־הגר'ס אַרומרייסעניש?**

ניין. נאָר שרה האָט זי שטאַרק גע־פּייניקט. זי האָט זי מער ניט געלאָזט וואוינען מיט אברהם'ן. זי האָט זי גע־צוואונגען צו אַרבעטן שווער. זי האָט זי געשלאָגן מיט די שיך אין פּנים. ווען שרה פלעגט גיין זיך באָדן, פלעגט הגר מוזן איר נאָכטראָגן אַן עמער און אַנדערע באָד־כלים. איז זי אַנטלאָפן, ס).

**האָט הגר געהאַט אַ קינד פון אבר־הם'ן?**

יא. שרה האָט אַזוי געפּייניקט הגר'ן אַז זי האָט געמוזט אַנטלויפן. אויפן וועג האָט אַ מלאך איר געזאָגט אַז זי וועט זיך אומקערן, וועט זי ווערן מעוברת, און זי זאָל רופן איר זון ישמעאל, „ווייל דער אויבערשטער האָט געהערט דיין פּיין". נאָכדעם ווי זי האָט זיך אומגע־קערט, איז זי געוואָרן שוואַנגער פון אברהם'ן און האָט געבוירן אַ זון. און אברהם האָט אים אַ נאָמען געגעבן ישמעאל, ע).

**ווען דער מלאך האָט געפרעגט הגר'ן „אי מזה באת ואנה תלכי", האָט ער דאָך געשטעלט צוויי פראַגעס, נעמ־לעך, „פונוואַנען קומסטו און וואוהין גייסטו?" האָט הגר געענטפערט „מפני שרה גברתי אנכי בורחת", איך אַנט־לויף פון מיין האַרנטע שרה. אָבער אויף דער צווייטער פראַגע „וואוהין גייסטו", האָט זי ניט געענטפערט, פאַרוואָס?**

דער מלבי"ם ז"ל פאַרענטפערט עס, אַז ווען איינער אַנטלויפט, האָט ער אין זינען בלויז איין זאַך, זיך צו דער־

כ) בראשית טז, ו.

ל) הכתב והקבלה בראשית טז, ה. אָבער זעט רש"י אויפן פסוק.

מ) בראשית טו, ב.

נ) ב"ר מה, ה; ל"ט לך לך טז, ה; ישר לך לך 45; י"ש לך לך עט; רש"י בראשית טז, ה. זעט אומעטום ווער עס זאָגט וואָס.

ס) בראשית טז, ו און רש"י דאָרט. ב"ר מה, ו; מ"א לך לך טז, ו; ל"ט לך לך טז, ו; י"ש לך לך.

ע) בראשית טז, ו-טז און רש"י דאָרט. ב"ר מה, ו ביז ענדע פרשה.

ווייטערן פון דעם געפערלעכן אָרט, פון דער סכנה. אָבער וועגן „וואוהין" טראַכט ער ניט, ע*).

**אברהם איז דאָך ניט געווען דערביי ווען דער מלאך האָט געזאָגט הגר'ן זי זאָל רופן דאָס קינד ישמעאל, פּ) פון וואַנען זשע האָט ער געוואוסט צו רופן אים אַזוי, צ)?**

ער האָט עס געוואוסט ברוח הקודש, ק).

אגב, ישמעאל איז געווען איינער פון די פיר (די אַנדערע דריי זיינען געווען יצחק, שלמה און יאשיהו) וועלכע האָבן באַקומען זייערע נעמען איידער זיי זיינען געבוירן געוואָרן, ר).

לויט אַן אַנדער מיינונג איז ער געווען איינער פון די זעקס וועלכע האָבן באַקומען זייערע נעמען איידער זיי זיינען געבוירן געוואָרן. די אַנדערע פינף זיינען געווען יצחק, משה, שלמה, יאשיהו און משיח, ש).

**ווי אַלט איז א' געווען ווען ישמעאל איז געבוירן געוואָרן?**

זעקס און אַכציק יאָר, ת).

## פון אברם אברהם, פון שרי שרה

**דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו אברהם'ן „התהלך לפני", א) גיי פאַר מיר... אָבער ביי נח'ן זאָגט דער פּסוק „את האלקים התהלך נח", ב) נח איז געגאַנגען מ'יט דעם אויבערשטן. קומט דאָך אויס אַז נח איז געווען גרעסער פון אברהם'ן?**

ניין, לאו דוקא, די מעשה איז ניט אַזוי.

רבי יוחנן פאַרגלייכט עס צו אַ קעניג וועלכער האָט געהאַט צוויי זין איינער אַ גרויסער, און איינער אַ קליינער. דער קליינער האָט זיך אָנגעהאַלטן אינעם קעניג כדי ער זאָל נישט אומפאַלן. דער גרויסער איז געגאַנגען פאַר אים. אַזוי אויך דאָ. ביי נח'ן איז געשריבן אַז ער איז געגאַנגען מיטן אויבערשטן כדי ער זאָל ניט פאַרזונקען ווערן אינעם דור המבול. אָבער אברהם וועלכער איז געווען דער איינציקער פון דער וועלט, און ער איז געווען אַ צדיק, האָט דער אויבערשטער אים געזאָגט: גיי פאַר מיר און זיי פּערפעקט.

ריש לקיש פאַרגלייכט עס צו אַ קעניג וועלכער האָט געהאַט אַ פריינט. דער פריינט איז געזונקען אין ליים. האָט דער קעניג אָנגענומען אים ביי דער האַנט, און ער האָט אים אַרויסגעשלעפּט פונעם ליים. אַזוי אויך נח. ער איז געזונקען אין ליים. האָט דער אַלמעכטיקער אים געגעבן די האַנט, און האָט אים אַרויסגעצויגן פונעם ליים.

און צו וועמען איז אברהם געווען גלייך, צו אַ קעניג וועלכער איז גע־

---

ע*) בראשית טז, ח און מלבי"ם אויפן אָרט.

פּ) בראשית טז, יא.

צ) בראשית טז, טו.

ק) מ"א לך לך טז, טו; רש"י בראשית טז, טו.

אגב, די תורה רופט אָן אברהם'ן נביא, און דערפון איז אַ ראיה אַז ער איז עס געווען, מ"א לך לך טז, טו.

ר) זעט: ירושלמי ברכות ענדע פרק א; מכילתא בא, פּסחא טז; ב"ר מה, ח און זעט דאָרט רד"ל; פּר"א פּרק לב; אגדת בראשית פּרשה סה; ל"ט לך לך טז, יא; י"ש בראשית נ און מלכים א', ר.

ש) פּר"א אַנהויב פּרק לב, הוצאת אום; י"ש לך לך מה און מלכים א', ר; ש"ט לך לך טז, יא; מה"ג,א' טז, יא; ש"ה; קונדריס 322; פּרה"ק ג, ח; יל"ה ע"ב, לז; ילה"י מא, ד; מנה"מ ד, 585; חסר ב, טו.

ת) בראשית טז, טז.

א) בראשית יז, א.

ב) בראשית ו, ט.

גאנגען אין דער פינצטערניש, איז געקומען זיין פריינט און האָט אים געלויכטן. האָט דער קעניג געזאָגט צו אים: בעת דו לייכסט מיר, גיי פאַר מיר, און ער איז געגאַנגען פאַר אים. אַזוי אויך מיט אברהם׳ן. אַלע מענטשן זיינען דעמאָלט געווען רשעים, און ער איז געווען אַ צדיק. האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אים: בעת דו לייכסט פאַר מיר אין מזרח, גיי פאַר מיר, ג).

**וואָס האָט דער אויבערשטער געמיינט ווען ער האָט געזאָגט אברהם׳ן זיי „תמים", ד)?**

ער זאָל אים דינען אָהן צוצוגעבן און אָהן צופאַרמינערן עפּעס, ה) נאָר „תורת ה׳ תמימה", ו) דעם אויבערשטנס תורה איז פּערפעקט, פאָלקאָם, קאָמפּלעט, ז).

**די תורה דערציילט אונז אַז ווען אברהם איז אַלט געוואָרן ניין און ניינציק יאָר, האָט דער אויבערשטער זיך באַוויזן צו אים און געזאָגט „התהלך לפני והיה תמים", ח) גיי פאַר מיר און זיי גאַנץ. וואָס אייגנטלעך מיינט עס?**

התהלך לפני מיינט דין מיך. והיה תמים מיינט זיי פּערפעקט. האַלט אויס אַלע נסיונות מיט וועלכע איך וועל דיך אויספּרואוון. לויט אַן אַנדער מיינונג מיינט עס זיי פּערפעקט אין דיין קערפּער. ביז איצט ביזטו ניט געווען פּערפעקט, ניט פאָלקאָם אין פינף אברים, די אויגן, די אויערן (אינעם גייסטיקן זין) און מילה (אינעם פיזישן זין). וועל איך דיר צוגעבן אַ „ה" צו דיין נאָמען, וועט די צאָל פון די אותיות פון דיין נאָמען באַטרעפן צוויי הונדערט אַכט און פערציק, פונקט ווי די צאָל פון דיינע אברים, ט).

**איז פאַראַן נאָך אַן אורזאַך פאַרוואָס עס איז אים צוגעגעבן געוואָרן נאָך אַן אות צו זיין נאָמען?**

יאָ. ווייל ער האָט געטאָן מעשים טובים, ט*).

**פאַרוואָס איז א׳ געפאַלן אויף זיין פּנים ווען דער אויבערשטער האָט אים געזאָגט אַז ער דאַרף ערשט ווערן פּערפעקט, פאָלקאָם, ווייל אַזוי לאַנג ווי ער איז ניט גע׳מל׳ט איז ער אַ בעל מום?**

ער איז געפאַלן אויס מורא פאַר דער שכינה. אַזוי לאַנג ווי ער איז ניט געווען גע׳מל׳ט האָט ער געהאַט קיין כח צו שטייען ווען די שכינה האָט גערעדט צו אים. נאָכן מל זיין איז ער געזעסן און דער אויבערשטער איז געשטאַנען, י).

**פון וואַנען האָט דער אויבערשטער גענומען די „ה" וואָס ער האָט צוגעגעבן צו אברם און עס איז געוואָרן אברהם, און די „ה" וואָס האָט געמאַכט פון שרי שרה?**

„י" איז צען און ׳ה" איז פינף. האָט ער גענומען די „י" פון שרי און געמאַכט

---

ג) תנח״ב לך לך כו; ב״ר ל, י; צז, ב; ב״מ,א׳ קמח; י״ש נח, נ. זעט דאָרט נאָך משלים, די נוסחאות און ווער עס זאָגט זיי.

ד) בראשית יז, א.

ה) דברים יג, א.

ו) תהלים יט, ח.

ז) בחיי בראשית יז, א.

ח) בראשית יז, א, תרגומים אונקלוס און יונתן, און רש״י דאָרט.

ט) נדרים לב, ב; פר״א פרק כט; תנחומא לך לך טז; ב״ר מו, ד; מ״א לך לך יז, א; ל״ט לך לך יז, א; י״ש לך לך פא.

ט*) מר״י אָנהויב יתרו, הוצאת אום.

י) בראשית יז, ג, תרגום יונתן און רש״י דאָרט. פר״א פרק כט; תנחומא לך לך כ; אגדת בראשית פרשה יא; אָנהויב מדרש משלי; ל״ט לך לך יז, ג.

דערפון צוויי „ה", איינע פאַר אברהם און איינע פאַר שרה.

אָבער לויט אַנדערע מיינונגען איז די „י" פון שרי גאָר צוגעזעצט געוואָרן צו הושע בן נון, און עס איז געוואָרן יהו־שע, כ).

שרה האָט געזאָגט „צחק עשה לי אלקים, כל השומע יצחק לי", אַ גע־לעכטער האָט דער אויבערשטער מיך געמאַכט, ווער עס וועט עס הערן וועט לאַכן. האָט דער אַלמעכטיקער גענומען די „י" פון שרי און האָט זי צוגעשטעלט צו צחק איז געוואָרן יצחק. און שרי'ן האָט ער געגעבן אַ „ה" אויפן אָרט פון דער „י", און עס איז געוואָרן שרה, כ*).

**וואָס באַדייט די ענדערונג פון אברם אויף אברהם?**

ווען אברם איז געווען פאַרצווייפלט וואָס ער האָט קיין קינד פון שרי'ן, האָט דער אויבערשטער אים געזאָגט: איך וועל אייך רופן אַנדערע נעמען וועט זיך ענדערן דאָס מזל. און ער האָט אים שפּעטער גערופן אברהם, אַנצודייטן אַז פריער איז ער געווען בלויז **אב** צו ארם, אָבער איצט איז ער אב המון גוים, נעמלעך **אב** אביר המון גוים, דו וועסט זיין דער פאָטער פון פילע פעלקער, ל).

**האָט דער נאָמען אברם עפּעס אַ חשי־בות?**

יאָ, אברהם האָט אַ גרעסערע חשיבות. פריער איז ער געווען **אב לארם — דער** פאָטער צו ארם. אָבער אברהם איז **אב המון**, מ) דער פאָטער פון פילע פעל־קער.

**וואו געפינט זיך בפירוש אַז אברם איז אברהם?**

אין תנ"ך, נ).

**מעג מען רופן אברהם'ן אברם?**

ניין. אין דער תורה שטייט „ולא יקרא עוד שמך אברם", ס) דיין נאָמען (וועט) זאָל מער ניט גערופן ווערן אברם. איז ווען איינער רופט אים אברם איז ער עובר אויף אַ מצות לא תעשה, אויף אַ פאַרבאָט.

אינעם זעלבן פּסוק שטייט „והיה שמך אברהם", דיין נאָמען זאָל זיין אברהם. איז ווער עס רופט אים אברם איז עובר אויף אַ מצות עשה, ע) אויף אַ געבאָט.

---

כ) זעט פאָלגענדיקע מקורות אין ווער עס זאָגט זיי:

בראשית יז, ה און רש"י דאָרט. סנה. קז, א; ירוש. סנהדרין פרק ב' הלכה ו. ב"ר מז, א; ש"ר ו, א; ויק"ר יט, ב; במ"ר יח, כא; שי"ר פרשה ה, פסוק יא סימן ד; תנח. שלח ו און קרח יב; מ"א לך לך יז, טו; ש"ט לך לך יז, כז; ל"ט לך לך יז, טו; י"ש לך לך פב; יהושע ב, משלי תתקמז און שיר השירים תתקץ;

פאַרגלייכט: מכילתא דרבי ישמעאל יתרו, עמלק פרשה א, נז, א; מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי פה; מה"ג,א' קפט; בנאה 26־7.

כ*) בראשית כא, ו; מ"א בראשית כא, ו.

ל) ברכות יג, א; שבת קה, א און קנו, ב; נדרים לב, א; מה"ג,א', יז, א; רש"י בראשית טו, ה; רש"י און א"ע בראשית יז, ה. זעט זייט 45, נאָטן נ, ס.

מ) בראשית יז, ד־ה, רש"י פסוק ה און ת"ת סימן ז; ברכות יג, א. פאַרגלייכט ירושלמי בכורים פרק א, הלכה ד. זעט פאַרגייענדיקע פראַגע און ענטפער.

נ) דברי הימים א', א, כז. זעט רש"י און רד"ק דאָרט.

ס) בראשית יז, ה.

ע) ברכות ענדע פרק א; ירוש. ברכות פרק א, הלכה ו; תוספתא פרק א; ב"ר מו, ח און עח, ג; מ"א לך לך יז, ה; ל"ט לך לך יז, ה; י"ש לך לך פא, נחמיה תתרעא, דברי הימים תתרעג.

**אברהם'ן טאָר מען דאָך ניט רופן אברם. ווי זשע קומט עס וואָס די אנשי כנסת הגדולה האָבן אים גערופן אברם, נעמלעך „אתה הוא האלקים אשר בחרת באברם"?**

דער טייטש איז: דו האָסט אים אויס־דערוויילט ווען ער האָט נאָך געהייסן אברם, ע*).

**אברהם'ן טאָר מען ניט רופן אברם. מעג מען רופן שרה'ן שרי?**

אברהם האָט ניט געטאָרט זי רופן שרי, אָבער עמעצער אַנדערש מעג. ביי אברהם'ן זאָגט דער פסוק „ולא יקרא עוד שמך אברם", פ) און דיין נאָמען זאָל מער ניט גערופן ווערן אברם, נאָר אב־רהם. אַלזאָ קיין מענטש, קיינער זאָל דיך מער רופן אברם, נאָר אברהם. דאָ־קעגן ביי שרה'ן זאָגט דער פסוק „לא תקרא את שמה שרי", צ) דו, נעמלעך אברהם, זאָלסט זי ניט רופן שרי, אָבער אַן אַנדערער מעג, ק).

**האָט אברהם געהאַט נאָך נעמען?**

יאָ. ער ווערט אויך אָנגערופן ישר־אל, ר), עברי, ר*).

**פאַרוואָס ווען אברהם איז געוואָרן אַ איד איז צו זיין נאָמען צוגעגעבן גע־וואָרן אַ „ה". ווען יתרו האָט זיך מגייר געווען, איז צו זיין נאָמען יתר צוגע־געבן געוואָרן אַ „ו"?**

די פראַגע האָט שוין געשטעלט דער מהרש"א ז"ל, און ער ענטפערט: דעם פסוק „התהלך לפני והיה תמים", ש) טייטשן די חכמים און רש"י ז"ל דאָרט: ביז איצט ביזטו ניט פערפעקט, עס פעלן דיר פינף אברים: די אויגן, די אויערן (אינעם גייסטיקן זין) און מילה (אינעם פיזישן זין). הייסט עס אַז דער אונ־טערשייד צווישן גוי און איד איז בלויז אין די דאָזיקע פינף אברים. דער איד דערזעט און דערהערט מער.

דער אויבערשטער זאָגט: „ולקחתי אתכם מן הגוים . . והסירותי את לב האבן מבשרכם ונתתי לכם לב בשר", ת) און איך וועל אייך אַרויסנעמען פון צווישן די פעלקער . . און איך וועל אַפּטאָן דאָס שטיינערנע הארץ פון אייער לייב, און איך וועל אייך געבן אַ הארץ פון פלייש. זעען מיר דאָך אַז עס איז פאַראַן נאָך אַן אונטערשייד צווישן גוי און איד, נעמ־לעך אין דעם הארץ. קומט דאָך אויס אַז דער אונטערשייד צווישן גוי און איד איז אין זעקס זאַכן און ניט אין פינף.

איז יתרו'ן צוגעגעבן געוואָרן אַ „ו" ווייל אים האָבן געפעלט זעקס אברים, די פינף און אויך אַ הארץ פון פלייש. אָבער אברהם'ן האָבן געפעלט בלויז די פינף אברים. ווייל אַ געטרייע הארץ האָט ער געהאַט שוין פון פריער, ווי אין פסוק שטייט: „ושמת שמו אברהם, ומצאת את לבבו נאמן לפניך", א) . . . און דו האָסט געפונען זיין הארץ געטריי פאַר דיר. דערפאַר איז צו זיין נאָמען צוגעגעבן געוואָרן אַ „ה", ב).

**פאַרוואָס איז גראָדע איצט אברהם גע־באָטן געוואָרן מיט דער מצוה פון מילה?**

---

ע*) נחמי' ט, ח. ברכות ענדע פרק א און רש"י דאָרט; ירושלמי ברכות פרק א, הלכה ו.

פ) בראשית יז, ה.

צ) בראשית יז, טו.

ק) ברכות יג, א; ת"ת בראשית יז, ה, סימן מז.

ר) ב"ר סג, ג; י"ש אָנהויב תולדות.

ר*) זעט זייט 49, נאָטע א***.

ש) בראשית יז, א און רש"י און זעט דאָרט די תרגומים אונקלוס און יונתן.

ת) יחזקאל לו פסוקים כד־כו.

א) נחמיה ט, פסוקים ז, ח.

ב) זעט נדרים לב, ב; פר"א פרק כט הוצאת אום; תנחומא לך לך טז; ב"ר מו, ד; מ"א לך לך יז, א; ל"ט לך לך יז, א; י"ש לך לך פא.

ווייל דער אויבערשטער האָט געוואָלט מאַכן אַ צווישנשייד צווישן ישמעאל'ן און יצחק'ן, ג).

## דער ברית

**האָט דער אויבערשטער עפּעס צוגע־זאָגט אברהם'ן פאַרן זיך מל זיין?**

יאָ. ער האָט אים געשוואוירן ניט אריינצולאָזן אַ גע'מל'טן אידן אין גי־הנם אריין, ג*).

**ווען דער אויבערשטער האָט געזאָגט אברהם'ן „ונתתיך לגוים", ד) און איך וועל דיך מאַכן פאַר פעלקער, וועמען האָט ער געמיינט דערמיט?**

ער האָט געמיינט די קינדער וועלכע קטורה (הגר) וועט אים געבוירן, ה).

**ווען דער אויבערשטער האָט אָנגע־זאָגט אברהם'ן אַז שרה וועט אים גע־בוירן אַ זון „ויצחק", ו) האָט ער גע־לאַכט, און דער אויבערשטער האָט ניט רעאַגירט אויף זיין לאַכן. ווען שרה איז אָנגעזאָגט געוואָרן אַז זי וועט געבוירן אַ זון, „ותצחק", ז) האָט זי געלאַכט. האָט דער אויבערשטער געפרעגט אב־רהם'ן „למה זה צחקה שרה", ח) פאַר־וואָס עפּעס האָט שרה געלאַכט. פאַר־וואָס האָט דער אויבערשטער ניט גע־פרעגט אברהם'ן פאַרוואָס ער האָט גע־לאַכט?**

בײ אברהם'ן איבערזעצט אונקלוס דאָס וואָרט ויצחק מיט וחדי, ער האָט זיך געפרייט, ער האָט געלאַכט מיט פרייד. בײ שרה'ן איבערזעצן די תר־גומים אונקלוס און ירושלמי מיט וחיכת, זי האָט געכיכיקעט, זי האָט געלאַכט מיט שפּאָט, אָפּגע'חוזק'ט. דערפאַר האָט דער אויבערשטער מקפיד געווען אויף שרה'ן, און אויף אברהם'ן ניט, ט).

**ווי אַזוי האָט אַ' רעאַגירט ווען דער אויבערשטער האָט אים געשטראָפט?**

ער האָט עס אָנגענומען פאַר ליב און געשמייכלט, י).

**וואָס האָט אַ' געמיינט ווען ער האָט געבעטן דעם אויבערשטן „לו ישמעאל יחיה לפניך", כ) הלואי זאָל ישמעאל לעבן פאַר דיר?**

ער האָט געבעטן אַז ישמעאל זאָל דינען דעם אויבערשטן, ל).

**פאַרוואָס האָט דער אויבערשטער גע־הייסן אברהם'ן רופן זיין זון יצ־חק? ל*).**

עס זיינען פאַראַן עטלעכע טעמים:

ווייל „ויצחק", מ) „ותצחק", נ). ווייל ווען אברהם און שרה זיינען אָנגעזאָגט געוואָרן אַז בײ זיי וועט געבוירן ווערן אַ זון, האָבן זיי געלאַכט.

אַנדערע טעמים: יצחק האָט אָנדייר־טונגען:

---

ג) ל"ט לך לך יז, א.

ג*) תנח. לך לך כ. זעט זייטן: 203, נאָטן צ און ק; 117, נאָטע ש.

ד) בראשית יז, ו.

ה) מ"א לך לך יז, ו. לויט רש"י בראשית יז, ו מיינט עס ישראל און אדום.

ו) בראשית יז, יז.

ז) בראשית יח, יב.

ח) בראשית יח, יג.

ט) רבינו בחיי בראשית יז, יז.

י) שו"ט כו, ב. זעט דאָרט וועגן איוב, חזקיה און דוד המלך.

דער מדרש דרינגט עס אַרויס פונעם פסוק „ויפל אברהם ויצחק". אָבער דאָרט רעדט זיך דאָך פון קיין שטראָף. פאַרקערט, דאָרט ווערט דאָך אים אָנגעזאָגט די גוטע בשורה אַז יצחק וועט געבוירן ווערן. זעט אונקלוס און רש"י בראשית יז, יז.

כ) בראשית יז, יח.

ל) תרגום יונתן און רש"י דאָרט.

ל*) בראשית יז, יט.

מ) בראשית יז, יז.

נ) בראשית יח, יב; רש"י בראשית יז, יט.

**י**, צען, איז אַן אָנדייטונג אויף די צען נסיונות מיט וועלכע אברהם איז געפּרואווט געוואָרן.

**צ**, ניינציק, איז קענגן די ניינציק יאָר וואָס שרה איז אַלט געווען ביים געבוירן יצחק'ן.

**ח**, אַכט, קעגן די אַכט טעג ווען מען איז מל אַ אינגל.

**ק**, הונדערט, קעגן די הונדערט יאָר וואָס אברהם איז אַלט געווען ביי יצ־חק'ס געבורט, **ס**).

ווייל **יצא חק לעולם** — עס איז אַרויס־געגעבן געוואָרן אַ געזעץ צו דער וועלט אַז מען דאַרף מל זיין אַ אינגל צו אַכט טעג, **ע**).

עס איז קעגן די צוויי הונדערט און צען יאָר וואָס די אידן האָבן געשקלאַפט אין מצרים, **פ**).

**האָט מען ביז אברהם'ן געוואוסט פון מל זיין?**

ניין. פון אדם הראשון'ען ביז אבר־הם'ען איז מילה נישט אַנטפּלעקט געוואָרן צו מענטשן, **צ**).

**פאַרוואָס איז מצות מילה נישט גע־געבן געוואָרן פאַר אברהם'ען?**

דער אויבערשטער איז אַ בעל סוד. האָט ער עס געהאַלטן בסוד גאַנצע צוואַנציק דורות, ביז ער האָט עס גע־געבן זיין פריינט אברהם, ווי אין פּסוק שטייט „סוד ה' ליראיו, ובריתו להו־דיעם". דעם אויבערשטנס פאַרטרוי־קייט איז מיט די וועלכע פאַרכטן אים, און זיין בונד (ברית) כדי זיי צו לערנען.

די אותיות פון „סוד" באַטרעפן זי־בעציק, האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אים, אויב דו וועסט נעמען דעם דאָזיקן סוד, וועל איך אין דעם זכות אויפשטעלן פון דיר זיבעציק נפשות, ווי אין פּסוק שטייט „בשבעים נפש ירדו אבותיך", מיט זיבעציק נפשות האָבן דיינע עלטערן געניִדערט.

פון זיי וועל איך אויפשטעלן זיבע־

---

**ס**) פר"א פרק לב און רד"ל דאָרט; תנחומא קרח יב; ב"ר נג, ז; במ"ר יח, כא; אגדת בראשית פרשה נג; מ"א לך לך יז, יח; מדרש הגדול בראשית 256; ל"ט וירא כא, ג.

**ע**) ב"ר נג, ז און רד"ל דאָרט, און זעט: רש"י שבת קלז, ב אונטערן וואָרט מבטן; תוספות שבת קלז, ב אונטערן וואָרט ידיד. פר"כ פיסקא כב, קמו, א, הוצאת אום; ל"ט וירא כא, ג; י"ש וירא צב.

**פ**) תנחומא שמות ד. אגב, די אותיות פון יצחק באַטרעפן בלויז צוויי הונדערט און אַכט. זעט זשע עץ יוסף דאָרט.

אַז די אידן האָבן געשקלאַפט אין מצר־ים צוויי הונדערט און צען יאָר, זעט:

נדרים לב, א; ב"ר צא, ב; ש"ר יח, יא; במ"ר יג, כ און כג, ז; פר"א פרקים מח און מט און רד"ל דאָרט; פ"ר פיסקא טו; פר"כ פיסקא ה, ג, א, הוצאת אום; תנחומא מקץ ח; תנח"ב בא ז; תרגום יונ־תן, רש"י, רמב"ן שמות יב, מ און רשב"ם שמות יב, מא; ספר הישר בא; זהר מקץ קצה, א; מה"ג,א' מב, ב; ל"ט בא יב, מ; י"ש מקץ קמח; ילקוט ראובני בשלח עו, ב; רש"י בראשית מב, ב; ר' יעקב מעמדין ז"ל אין זיין סידור בית יעקב, הגדה, רלז, א אויף די ווערטער שהקדוש ברוך הוא חשב את הקץ; ב"מ,א' קנב.

אַז די אידן זיינען געווען פאַרשקלאַפט אין מצרים זעקס און אַכציק יאָר, זעט:

סע"ר פרק ג; ש"ר טז, א; שי"ר ב, פסוק יא, אות א; תנח"ב בא ז; פר"כ פיסקא ה, ג, א; פ"ר פיסקא טו, עג, ב; מדרש הגדול שמות, עדיציע האָפפמאַנן זייט 6; י"ש אָנהויב שמות.

אַז זיי זיינען געווען פאַרשקלאַפט אַכציק יאָר, זעט שמות רבה, ענדע פרשה טז.

**צ**) ב"ר אָנהויב מט; י"ש תהלים תשב. זעט אגדת בראשית טז, לד.

ציק זקנים, ווי אין פּסוק שטייט, „אספה לי שבעים איש מזקני ישראל״, זאָל מיר איין זיבעציק מאַן פון די עלטסטע פון ישראל.

און פון זיי וועל איך אויפשטעלן משה׳ן וועלכער וועט דערקלערן די תו־רה אין זיבעציק שפּראַכן, ווי אין פּסוק שטייט „הואיל משה באר את התורה הזאת״, משה האָט גענומען באַשיידן די דאָזיקע תורה, צ*).

**אויב מצות מילה איז טאַקע אַזוי באַ־ליבט ביים אויבערשטן, פאַרוואָס האָט ער זי ניט געגעבן אדם הראשון׳ען?**

אברהם אַליין האָט עס אים געפרעגט, האָט ער אים געענטפערט: אויב דו ווילסט נישט זיך מל זיין, איז גענוג די וועלט ביז איצט... צ**).

**וואָס האָט א׳ געטאָן נאָכדעם ווי דער אויבערשטער האָט אים געהייסן זיך מל זיין?**

ער האָט זיך באַראָטן מיט זיינע דריי פריינט ענר, אשכול און ממרא. ענר האָט אים אָפּגערעדט און געזאָגט: דו ווילסט זיך מאַכן פאַר א בעל מום, פאַר א קאַ־ליקע, די קרובים פון די מלכים וועלכע דו האָסט גע׳הרג׳ט זאָלן קומען דיך טויטן, און דו וועסט ניט קענען אַנט־לויפן!

אשכול האָט אים געזאָגט: **דו ביזט אַן אַלטער מאַן. אַז דו וועסט זיך מל זיין וועסטו פאַרלירן פיל בלוט און שטאַרבן.**

אָבער ממרא האָט אים געזאָגט: **אין אַזאַ פאַל פרעגסטו גאָר עצות?! דער** אויבערשטער האָט דיך געראַטעוועט פו־נעם קאַלך־אויוון. ער האָט דיר געטאָן אַזויפיל נסים און דיך געראַטעוועט פון די מלכים. ער האָט געראַטעוועט דיינע צוויי הונדערט אַכט און פערציק אברים. איז וועגן אַ פּיצעלע אבר פרעגסטו גאָר עצות.

נאָכמער, איך בין באַרייט זיך מל צו זיין פריער! און דערפאַר וואָס ממרא האָט אים אַזוי גע׳עצה׳ט, האָט דער אויבערשטער זיך באַוויזן צו אברהם׳ען „באלוני ממרא״, ק).

אגב, ממרא מאַכט מלכים, מילה, רע־בון (הונגער), אש (פייער, קאַלך אויוון), ר) אַנדייטונגען אויף וויכטיקע פּאַסירונגען אין אברהם׳ס לעבן.

און נאָכאַמאָל אגב, עס זיינען פאַראַן מיינונגען אַז ענר, אשכול און ממרא זיינען געוועזן אברהם׳ס תלמידים, ש);

---

צ*) ילה״י מא, ח; תהלים כה, יד; דברים י, כב; במדבר יא, טז; דברים א, ה; ב״ר מט, כב; תנח. דברים ב; רש״י דברים א, ה; אבד״ע 43; ממ״א 22. זעט זייט 117, נאָטע ע.

צ**) ב״ר מו, ב־ג. זעט: ב״ר יא, ו; פ״ר פּיסקא כג.

ק) תנחומא וירא ג. זעט די אַנדערע ווערסיעס, נוסחאות, גירסאות און ווער עס זאָגט וואָס אין: ב״ר מב, ח; אגדת בראַ־שית יט, לז און לט; מ״א לך לך יד, יג און וירא יח, א; מה״ג,א׳ לך לך רנח (דאָרט ווערן ענר, אשכול און ממרא אָנגע־רופן שושבינין) און וירא רסה; ל״ט וירא יח, א; רמב״ן בראשית יד, יג און כד, ה. לויט פּר״א פּרק כז און זעט דאָרט רד״ל, און י״ש לך לך סח זיינען זיי געוועזן אברהם׳ס תלמידים (בעלי בריתו); י״ש לך לך עג.

פאַרגלייכט: ב״ר נח, ד; במ״ר טז, טז; זהר וירא צח, ב (תוספתא); ספרי דברים כב; יומא י, א און רש״י אונטערן וואָרט מן; רש״י בראשית יח, א.

לויט סדר אליהו רבה (כז) כה, קלח האָט אברהם באַלד געפאָלגט דעם אויבערשטן.

זעט ווייטער זייט 113 הערה ד.

ר) בחיי בראשית יד, יג; זעט ל״ט וירא יח, א סימן ח.

ש) פאַרגלייכט פּר״א פּרק כז און רד״ל

אברהם'ס בעלי ברית, אליאירטע, פאַר־בינדעטע, ת), און אַז זיי זיינען געווען צדיקים, א).

**איז אברהם'ן געגעבן געוואָרן אַ באַשטימטע צייט ווען מל צו זיין?**

יאָ, ב).

**ווי האָט א' רעאַגירט נאָך זיין באַשלוס זיך מל צו זיין?**

ער האָט געפרעגט דעם אויבערשטן ווער עס וועט אָדער זאָל אים מל זיין, האָט ער אים געענטפערט: דו אַליין, ג).

**ווי לאַנג האָט געדויערט פונעם אויבערשטנס באַפעלן אברהם'ן מל צו זיין זיך און די זייניקע, ביז זיין אויספאָלגן דעם באַפעל? ג*).**

אינעם טאָג אין וועלכן אברהם איז געבאָטן געוואָרן, אין דעם זעלבן טאָג האָט ער דורכגעפירט די מצוה, ד).

**פון וואַנען האָט א' געוואוסט וואו מל צו זיין?**

ער האָט גע'דרש'נט פון אַ קל וחומר פון די ביימער וועלכע זיינען „חייב בערלה ממקום שעושין פירות...״

לויט אַן אַנדער דעה: דער אויבערשטער האָט אים אָנגעוואונקען וואו מל צו זיין, ה).

**ווער האָט מל געווען אברהם'ן?**

עס זיינען פאַראַן וועגן דעם מיינונגס־פאַרשידנהייטן:

שם בן נח. אברהם האָט געשיקט נאָך אים, איז ער געקומען און האָט אים מל געווען, ו).

אברהם אַליין. און דער אויבערשטער האָט אים צוגעהאָלפן, ז).

דער מלאך רפאל, ז*).

אברהם האָט זיך בודק געווען, אונטערזוכט, האָט ער דערזען אַז ער איז גע'מל'ט, ח).

**ווי לאַנג האָט געדויערט אברהם'ן דאָס מל זיין?**

ער האָט אין איין טאָג מל געווען זיך, „כל ילידי ביתו״, אַלע זיינע הויזגעבוירענע, אַלע וועלכע ער האָט געקויפט פאַר געלט און ישמעאל'ן, ט).

**ווער איז גע'מל'ט געוואָרן פריער, א' צי ישמעאל און די אַנדערע?**

ישמעאל און די אַנדערע. ווען אברהם

---

דאָרט סימן יא מיט י״ש לך לך סח. זעט: סימן ק; זייט 187, נאָטע נ.

ת) ל״ט וירא יח, א; רמב״ן בראשית יד, יג און כד, ח. זעט סימן ק.

א) ב״ר נח, ד; י״ש אָנהויב חיי שרה.

ב) ב״ר אָנהויב פרשה מו; ק״ר אָנהויב פרשה ג; י״ש קהלת תתקסח.

ג) ב״ר מט, ב; י״ש נחמיה תתרעא.

ג*) בראשית יז, ט־טו.

ד) בראשית יז, כו, און זעט דאָרט ת״ת יז, כו; תוספות ראש השנה יא, א אונטערן וואָרט אלא.

ה) זעט פאָלגענדיקע מקורות און ווער עס זאָגט זיי: תנח. לך לך יח; תנח״ב לך לך כז; ב״ר מו, ד; ויק״ר כה, ו; י״ש לך לך פא; שבת קח, א: „מנין למילה שבאותו מקום.

ו) פר״א פרק כט, און זעט רד״ל הערה א; ש״ט לך לך יז, כז; מה״ג.א' לך לך רנה; י״ש לך לך פ.

ז) ב״ר מט, ב; אגדת בראשית טז, לה און יט, לט; תנח. לך לך כד און וירא ענדע ד; תנח״ב לך לך כד; י״ש נחמיה תתרעא; רש״י בראשית יז, כד (ניטאָ אין בערלינערס אויסגאַבע).

ז*) מדרש ילמדנו.

ח) ב״ר מז, ט; שי״ר ד, ו; ועקצו עקרב ונמצא מהול; אַ סקאָרפּיאָן (עקדיש) האָט געגעבן אים אַ ביס, און ער איז געוואָרן גע'מל'ט. תנחומא לך לך יז; לקח טוב לך לך יז, כו.

ט) בראשית יז, כג; תנח״ב וירא ד.

וואָלט געווען גע'מל'ט געוואָרן פריער, וואָלט ער דאָך ניט געווען געקאָנט זיך פּאָרן מיט די אַנדערע, י).

**ווען איז פאָרגעקומען דאָס מל זיין?**

דעם זעלבן טאָג ווען ער איז געבאָטן געוואָרן, אין מיטן טאָג, און ניט ביינאַכט. ער האָט ניט מורא געהאַט פאַר די ניט-אידן, און ער האָט זיך ניט געשעמט פאַר די לצים. אויך כדי זיינע פיינט, פריינט און צייט-גענאָסן זאָלן ניט קאָנען זאָגן אַז ווען זיי וואָלטן געווען געזען אים דאָס טאָן, וואָלטן זיי ניט געווען געלאָזט אים מקיים זיין דעם אויבערשטנס געבאָט, כ).

**פאַרוואָס ביי אברהם'ן זאָגט דער פסוק „בהמלו בשר ערלתו", און ביי ישמעאל'ן בהמלו „את" בשר ערלתו?**

זעט נאָטע, ל).

**אין וואָס פאַר אַ טאָג איז פאָרגעקומען דאָס מל זיין?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס-פאַרשידנ-הייטן:

יום הכפור, מ).

פסח, נ).

דעם ערשטן טאָג אין תמוז, נ*).

**ווי אַלט איז א' געווען ביים ברית?**

ניין און ניינציק יאָר, ס).

**ווי אַלט איז ישמעאל געווען ביים גע'מל'ט ווערן?**

דרייצן יאָר. תרגום יונתן זאָגט פערצן יאָר, ע). ווען איך האָב עס געפרעגט מיין דעמאָלט עלף-יאָריק בן יחיד'ל משה, האָט ער מיר געענטפערט: תרגום יונתן מיינט צו זאָגן אַז דעם טאָג פון ברית האָט זיך אָנגעהויבן זיין פערצנטע יאָר.

**איז אברהם געבאָטן געוואָרן בלויז מילה, צי אויך פריעה?**

עס זיינען פאַראַן ביידע מיינונגען, יאָ און ניט, פ).

**ווי וויכטיק איז מצות מילה וואָס דער אויבערשטער האָט געבאָטן אברהם'ן, און אַלע אידן?**

זי איז איינע פון די דריי מצוות וועלכע ווערן אָנגערופן אות, דער אייביקער צייכן פונעם בונד צווישן דעם אויבערשטן און די אידן. די אַנדערע צוויי מצוות זיינען שבת און תפילין, צ).

מצות מילה איז אַזוי וויכטיק אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן בלויז צוליב דער דאָזיקער מצוה, ק).

ווען ניט די מצוה פון מילה וואָלטן

---

י) בחיי בראשית יז, כג.

כ) בראשית יז, כג און רש"י דאָרט. ב"ר ענדע פרשה לך לך; שי"ר ד, פסוק ו; מ"א לך לך יז, כו; ל"ט לך לך יז, כו; י"ש ענדע לך לך און ישעיה שכה.

ל) זעט: בראשית יז, פסוקים כד און כה, און רש"י פסוק כה; ב"ר מז, ח.

מ) פר"א פרק כט; תוספות ראש השנה יא, א אונטערן וואָרט אלא; מ"א לך לך יז, כו; י"ש לך לך פ; דעת זקנים מבעלי התוספות בראשית יז, כו; בחיי בראשית, יז, יג; ר' מאיר החזן'ס פיוט אין מעריב פון פסח.

נ) זעט תוספות ראש השנה יא, א אונטערן וואָרט אלא; ב"ר מח, יב; מכילתא דרבי ישמעאל ויסעו בני ישראל מרעמסס; סע"ר פרק ב.

נ*) שה"ק יב.

ס) בראשית יז, כד.

ע) בראשית יז, כה און תרגום יונתן פסוק כו. זעט רש"י פסוק כו.

פ) שבת קלה, א; ירושלמי שבת פרק יט, הלכה ב; תוספתא שבת פרק טז; יבמות עא, ב און תוספות דאָרט אונטערן וואָרט לא; ירושלמי יבמות פרק ח, הלכה א; ב"ר מו, יב; ד"ר אָנהויב פרשה ו; י"ש יהושע טו; רש"י בראשית יז, כה.

צ) בחיי בראשית יז, כד.

ק) נדרים לא, ב; ירוש. נדרים פרק ג, הלכה ט; י"ש לך לך פא; מה"ג,ב' 40.

הימל און ערד ניט געקאָנט עקזיסטירן, (לויט אַן אַנדער מיינונג: ווען ניט די תורה), ר).

זי איז גלייך צום גאַנצן וועלט באַשאַף, ש).

זי איז געגעבן געוואָרן די אידן נאָך פאַר מתן תורה, נאָך איידער די תורה איז געגעבן געוואָרן. דער אויבערשטער האָט זיי שוין פריער, פאַר מתן תורה, געוואָרנט וועגן דעם, ת). ווי עס שטייט אין פסוק „ועתה אם שמוע תשמעו בקולי, ושמרתם את בריתי", א) און איצט, אויב איר וועט צוהערן צו מיין קול, און איר וועט אָפּהיטן מיין בונד.

מצות מילה וועט קיינמאָל בטל ווערן, ב).

אַ דאַנק צוויי בלוטן, דאָס בלוט פונעם קרבן פסח און דאָס בלוט פון מצות מילה, זיינען די אידן ניצול געוואָרן פון מצרים, ג).

אין דעם זכות פון ברית ווערט דער אויבערשטער וויליק צו די אידן, ד).

אַזוי גרויס איז די מצוה, אַז כאָטש אברהם האָט דאָך געטאָן אַלע מצוות, אָבער ערשט נאָכן מל זיין זיך איז ער געוואָרן אָנגערופן „תמים", פערפעקט, ה).

אַלע זכיות וועלכע משה רבינו האָט געהאַט, זיינען אים ניט בייגעשטאַנען ווען ער האָט אַ ביסל פאַרשפּעטיקט צו מל זיין זיין זון אליעזר, ביז זיין ווייב צפורה האָט גע'מל'ט דאָס קינד, ו).

ווען מען האָט אריין געוואָרפן יונה הנביא אין ים אריין, און ער האָט געוויזן דעם לויתן אברהם אבינו'ס חתימה, איז ער אַנטלאָפן, ז).

מצות מילה שטייט העכער פון שבת, מילה... דוחה שבת, ח).

---

ר) שבת קלז, ב; נדרים לב, א; תוספתא נדרים ב, 7; ש"ט לך לך יז, יד; ל"ט לך לך יז, יג, זייט מ, א; זעט שו"ט ו, ענדע סימן א.

ש) תוספתא נדרים ב, 6.

ת) פ"ר פיסקא כג, קיז, א; תנח. לך לך כ; אג"ב 27; מה"ג,ב' 226.

א) שמות יט, ה.

ב) מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי 162.

ג) ש"ר יז, ג און יט, ה; במ"ר יא, ג און טו, יב; שי"ר א, אויפן פסוק יב; פרשה ג אויף פסוק ו; פרשה ה אויף פסוק א; ר"ר אָנהויב פרשה ו; תנח. וירא ד און בהעלותך ח; פר"א פרק כט; ספרי פיסקא סז; פר"כ סג, ב, הוצאת אום; אין פר"כ מז, א שטייט „נתאחו"; זהר אמור צא, ב; שו"ט קיד, ה, הוצאת אום.

זעט: י"ש בהעלותך ענדע תשיט; יחזקאל שנד; מה"ג,א' 251.

אגב, „נתאחו" איז פונעם וואָרט אחה, פאַרבינדן, באַהעפטן, פאַרלאַטן. אברהם ווערט אָנגערופן „אחות" שאיחה... ווייל ער האָט פאַראייניקט די וועלט פאַרן באַשעפער פון דער וועלט. זעט: ב"ר לט, ג; שי"ר ח אויפן פסוק ח; תנח. לך לך ב; תנח"ב לך לך ב; י"ש אָנהויב לך לך און שי"ר תתקצב; פר"כ מז, א, ערשטע שורה, הוצאת אום; רש"י שיר השירים ח, ח. זעט 46, ה**.

ד) ל"ט לך לך יז, ז.

ה) נדרים לא, ב און לב, א; ירוש. נדרים פרק ג, הלכה ט; קונדריס 80.

ו) זעט: שמות ד, פסוקים כד, כה און רש"י דאָרט פסוק כד; נדרים לא, ב-לב, א; ירוש. נדרים פרק ג, הלכה ט; מר"י יתרו, עמלק, א, זייט נח, א; ש"ר ה, ח; י"ש לך לך פא; ל"ט שמות ד, כד; רש"י שמות ד, כד.

זעט: א"ע שמות ד, כד; רמב"ן שמות ד, כ; און אומעטום ווער עס זאָגט עס. רמב"ם הלכות מילה, פרק ג, הלכה ט.

לויט: ת"ב שמות ד, כד; ישר שמות 204; י"ש שמות ענדע קסח איז עס געווען גרשם.

אין מ"א שמות ד, כד שטייט ווייל זיין זון איז געווען אַן ערל, אָבער עס שטייט ניט וועלכער זון, אליעזר צי גרשם.

ז) פרקי דרבי אליעזר פרק י.

ח) שבת קלב, א; ירוש. שבת פרק יט, הלכה א; נדרים לא, ב; ירוש. נדרים פ"ג,

אײן טראָפּן בלוט פון ברית מילה איז באַליבט, אָנגעלײגט בײם אויבערשטן װי קרבנות. דערפאַר האָט ער זיך אָנט־פּלעקט צו אברהם'ן װען ער האָט זיך גע'מל'ט, פּונקט װי ער האָט זיך אָנט־פּלעקט בײ די קרבנות, **ט)**.

מצות מילה איז גלײך װי אַלע מצוות צוזאַמען, **י)**.

אַזוי װיכטיק איז די דאָזיקע מצוה אַז „שלש עשרה בריתות" (ניט כרי־תות), דרײצן מאָל װערט דערמאָנט ברית אין דער פּרשה פון מצות מילה, װעל־כע איז געזאָגט געװאָרן צו אברהם אבינו, **כ)**.

ואתנה בריתי, בראשית יז, ב ;
הנה בריתי, בראשית יז, ד ;
והקימותי את בריתי, בראשית יז, ז ;
לברית עולם, בראשית יז, ז ;
את בריתי תשמור, בראשית יז, ט ;
זאת בריתי, בראשית יז, י ;
לאות ברית, בראשית יז, יא ;
והיתה בריתי, בראשית יז, יג ;
לברית עולם, בראשית יז, יג ;
בריתי הפר, בראשית יז, יד ;
והקימותי את בריתי, בראשית יז, יט ;
לברית עולם, בראשית יז, יט ;
ואת בריתי אקים, בראשית יז, כא, **ל)**.

דער אויבערשטער האָט געזאָגט אב־רהם'ן : אינעם זכות פון מצות מילה װעל איך אויפשטעלן פון דיר זיבעציק, װי עס שטײט אין פּסוק „בשבעים נפש ירדו אבותיך", **מ)** מיט זיבעציק נפשות האָבן דײנע עלטערן געניךערט (קײן מצרים).

איך װעל אויפשטעלן פון זײ זיבע־ציק זקנים, װי עס שטײט אין פּסוק: „אספה לי שבעים איש מזקני ישראל", **נ)**

---

ה"ט ; מר"י יתרו, עמלק א, זײט נח, א, הוצאת אום ; תנח. וירא ו ; ילמדנו א', לך לך ל ; וירא ה ; ש"ט לך לך יז, יד, 18 ; יל"ה כב, כד ; קונדריס 80 ; מדה יתרו 115 און תזריע 142.

**ט)** מדרש תנחומא וירא ו.

**י)** נדרים לב, א ; ירוש. נדרים פּרק ג, הלכה ט ; שו"ט ו, א ; יל"ה ו, ג ; מה"ג,ב' 40 ; י"ש לך לך פּא ; תשא תד, זײט 238 ; מנה"מ חלק ב', התפילה (קריאת שמע), זײט 100, חלק ג, מצוות 477.

**כ)** שבת קלב, א און רש"י אונטערן װאָרט י"ג בריתות, דריטע שורה אויבן און קלג, א ; נדרים לא, ב און ר"ן אונטערן װאָרט ששלש ; ירוש. נדרים פּרק ג, הלכה ט ; מר"י יתרו, עמלק א זײט נח, א, הוצאת אום ; תנח. לך לך יז ; ל"ט לך לך יז, ז, הערה ז ; וירא יח, א ; תולדות כו, ה ; ילמדנו א', לך לך לב ; מה"ג,א' יז, א ; מה"ג,ב' 40 ; יל"ה יח, סה.

אין במ"ר יד, יב שטײט עשרה בריתות, צען בריתות. דאָס מײנט די צען געבאָטן מל צו זײן. און דרײ מאָל װערט דערמאָנט ברית נאָך דעם װי די מצוה איז שוין גע־װאָרן דורכגעפירט (פּסוקים יט און כא), צו־זאַמען דרײצן, זעט דאָרט רד"ל סימן צג ; מדרש תדשא פּרשה ה אין בית המדרש, יעללינעק חדר ג, זײט קסח.

פאַרגלײכט : מה"ג,א' יז, י ; מר"א כ, 369, און זעט אומעטום װער עס זאָגט עס.

**ל)** רמב"ם הלכות מילה פּרק ג, הלכה ט. פאַרגלײכט רמב"ם, משניות, נדרים פּרק ג, משנה יא.

אין ירוש. נדרים פּרק ג, הלכה ט זאָגט רבי יוחנן בר מריה : עס שטײט „ביום ההוא כרת ה' ברית את אברם לאמר" (בראשית טו, יח), (אגב, אין פּסוק שטײט כרת ה' את אברם ברית לאמר). באַמערקט דאָרט דער „שירי קרבן" אַז לויטן דאָזיקן ירושל־מי זײנען דאָך פאַראַן פערצן מאָל ברית. איז דאָך אַ קשיא אויפן רמב"ם. פאַרענט־פערט דאָרט דער פּני משה : לאו דוקא. נעמליך, דער דאָזיקער פּסוק געהערט צום ברית בין הבתרים, דערפאַר האָט דער רמב"ם אים ניט גערעכנט.

אגב, די גמרא און די מדרשים זאָגן דאָך אויך דרײצן !!

**מ)** דברים י, כב.

**נ)** במדבר יא, טז.

זאַמל מיר איין זיבעציק מאָן פון די עלצטע פון ישראל.

איך וועל אויפשטעלן פון זיי משה'ן וועלכער וועט דערקלערן די תורה אין זיבעציק שפּראַכן, ווי עס שטייט אין פּסוק „הואיל משה באר", ס) האָט משה אָנגעהויבן דערקלערן, באַשיידן (די תו־רה), ע).

אינעם זכות פון מילה איז אהרן הכהן אריינגעגאַנגען אין קדשי קדשים, אין דעם אַל־הייליקסטן אָרט אינעם בית המקדש, וואוהין קיין מענטש האָט געמעגט אריינגיין. און אַפילו אהרן הכהן איז אריינגעגאַנגען אַהין בלויז יום הכ־פּורים, פ).

דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו אברהם'ן: אויב דיינע קינדער וועלן מקיים זיין מצות מילה וועלן זיי אריינ־גיין אין ארץ ישראל, צ).

ברית מילה פאַרמיידט פלאָגן, הויט־קראַנקייטן, ק).

---

ס) דברים א, ה.

ע) ב"ר מט, ב; תנח"ב לך לך כג; תנח. לך לך יט; אג"ב פרשה טז; י"ש תהלים תשב. זעט: תנח. דברים ב; רש"י דברים א, ה פ"מ,א' 120; אבדע 43; ממא 22.

פ) ש"ר לח, ח; ויק"ר כא, ו; פ"ר ענדע פיסקא מז; פר"כ פיסקא כז, קעו, א. זעט זייט 112, נאָטע צ*.

צ) ב"ר מו, ט; י"ש לך לך פב.

ק) נדרים לא, ב; ירוש. נדרים פרק ג, הלכה ט.

ר) מדרש תנחומא ענדע פרשה צו.

ש) מר"י, יתרו, עמלק א, זייט נח, א, הוצאת אום; תנח. לך לך אָנהויב כ און תזריע ה. זעט: תנח"ב לך לך כז; ש"ר יט, ד; ילמדנו א', לך לך לז; נסא"ז 46; שו"ט ו, א, הוצאת אום; י"ש וירא פב; ישעיה תב; תהלים תשעג און משלי תתקסד זייט 1003; בחיי לך לך יז, פסוק יג; ג"ש 221.

אַז אברהם זיצט ביי דער טיר פונעם גיהנם און לאָזט ניט אַריין גע'מל'טע אידן, אַ חוץ

אלע גע'מל'טע אידן קומען אָן אין גן עדן אריין, ר).

דער אויבערשטער האָט געשוואוירן אברהם'ן אַז אַ גע'מל'טער איד וועט ניט אַראָפּנידערן אין גיהנם אריין, ש).

פאַר דעם ניט־גע'מל'טן זיינען אָפן די טויערן פונעם גיהנם. ת).

דער וועלכער מאַכט צונישט אברהם'ס בונד מיטן אויבערשטן, נעמלעך ברית מילה, אַפילו ווען ער פאַרמאָגט תורה און מעשים טובים, האָט ער קיין חלק אין יענער וועלט, א).

אלע עבירות אין דער תורה, צי דער זינדיקער האָט יאָ געטאָן תשובה צי ניט, איז יום הכיפור מכפר, ווערן די זינד פאַרגיבן יום הכיפור, אַ חוץ די זינד פון ניט מל זיין, ב).

מצות מילה איז געוואַלדיק וויכטיק. דער נס פון יציאת מצרים, די באַפריי־אונג פון די אידן פון דער עגיפּטישער קנעכטשאַפט, איז גלייך צו אלע נסים, ג).

---

דעם וועלכער האָט פאַרקערט מיט אַ געצנ־דינערס טאָכטער, זעט: עירובין יט, א; ב"ר מח, ה; מה"ג,א' יז, ז זייט 251; ילה"ה יט, טו און נה, כ; י"ר וירא לח, א; י"ש תהלים תשעג; ילה"י ה, יד. זעט 203, צ.

ת) מדרש ר' עקיבה בן יוסף, אין בית המדרש, חדר חמישי, הוצאת יעללינעק, 32.

א) אבות פרק שלישי; ל"ט ב', שלח, קיב, א. זעט: סנה. צט, א; ירוש. סנה. פרק י, הלכה א; מר"י בא, פסחא ה, הוצאת אום; סא"ר 141. זעט פאָלגענדיקע פראַגע און ענטפער.

ב) זעט די פאַרשידענע נוסחאות און ווער עס זאָגט זיי איין:

יומא פה, ב, פאַרגלייכט פו, א; ירוש. יומא פרק ח, הלכה ז; שבועות יג, א; ירוש. שבועות פרק א, הלכה ו; כריתות ז, א. מנה"מ ג, תשובה, 81.

זעט פאָרגייענדיקע פראַגע און ענטפער.

ג) מר"י בשלח זייט מז, ב און יתרו עמלק א, זייט נז, ב, הוצאת אום; מר"ש 76; ש"ט יתרו יח, א; מה"ג,ב' 173 און 189, לעצטע

און אַט דער דאָזיקער גרויסע נס איז געשען אינעם זכות פון מצות מילה, ד).

אגב, לויט אַנדערע מיינונגען איז דער נס פון יציאת מצרים, די באַפרייאונג פון די אידן פון דער עגיפּטישער קנעכט־שאַפט, געשען אינעם זכות פון:

אברהם אבינו, ה);

אינעם זכות פון יעקב אבינו, ו);

אינעם זכות פון די אבות, ז);

צוליב די אמהות, אונזערע מו־טערס, ח);

אינעם זכות פון עמרם און יוכבד, משה רבינו׳ס עלטערן, ט);

אינעם זכות פון ישעיה׳ס דור, י);

אינעם זכות פון חנניה, מישאל און עזריה, כ);

אינעם זכות פון די כשרים, ל);

אַלס שכר פאַר די נשים צדקניות, פאַר די פרומע פרויען, מ);

ווייל „ויאמן העם וישמעו״, דאָס פאָלק האָט געגלויבט אין משה׳ן און זיי האָבן געהערט, געפאָלגט, נ);

אינעם זכות פון זייער בוקן זיך. ווען די אידן האָבן געהערט פון משה׳ן און אהרן׳ען אַז דער אויבערשטער האָט גע־דאַכט וועגן די קינדער פון ישראל און אַז ער האָט געזען זייער פּיין, האָבן זיי זיך געבוקט, ס);

ווייל זיי האָבן ניט געענדערט זייערע נעמען אין מצרים, ע);

ווייל די אידן האָבן ניט געענדערט זייער שפּראַך, פ);

---

שורה; י״ש בא רכ און בשלח רנח; ל״ט בשלח טז, ו און יתרו יח, א; ילק״ה סח, ג.

אין שו״ט קיד, ה שטייט אינעם זכות פונעם בלוט פון דעם קרבן פסח און פון דעם מילה־בלוט. זעט: פר״כ סג, ב; פר״א פרק כט; תנח. וירא ד.

זעט די קוועלן אינעם פאָלגענדיקן ענטפער.

ד) מר״י בא פּסחא טז, זייט יט, ב לעצטע שורה; בשלח זייט מז, ב און יתרו עמלק זייט נז, ב, הוצאת אום; מר״ש 76; פר״א פרק כט, הוצאת אום; ש״ר יז, ג; פר״כ פיסקא ז, סג, ה, הוצאת אום; מ״א בשלח טו, א; ש״ט יתרו יח, א; מה״ג,ב׳ 173 און 189, לעצטע שורה; י״ש בא רכ; בשלח רנח און תהלים תשצ״ה; ל״ט וארא ו, ו; בשלח טז, ו און יתרו יח, א; ילק״ה סח, יג.

ה) ש״ר טו, י; מדרש ילמדנו; מ״א בשלח טו, א; י״ש יהושע טו, און זעט אַלע קוועלן אין פאַרגייענדיקן ענטפער.

ו) מ״א שמות א, ה; ש״ט שמות ב, י; ל״ט שמות א, א; ילק״ה קה, י.

ז) ירוש. תענית פרק א, הלכה א; ד״ר ב, אָנהויב כג; י״ש ואתחנן תתכז; תהלים תתסה.

ח) סדר אליהו רבה 138.

ט) תנח. במדבר טז; תנח״ב יח; י״ש במדבר תרץ.

י) מדרש שוחר טוב קיד, ה, הוצאת אום.

כ) שו״ט קיד, ה; ילק״ה קיד, ה. זעט רש״י ישעיה כט, כג.

ל) ילקוט ראובני, וזאת הברכה קפא, ד.

מ) סוטה יא, ב; ש״ר א, יב און פאַר־גלייכט יומא עה, א; ש״ט שמות ב, י; ל״ט שמות א, יד; י״ש שמות קסד, בשלח רמה, יחזקאל שנד און תהלים תשצה; ילק״ה סח, לד און קכט, ב; מנה״מ ד, 51; מדה, שמות 89; אבודרהם י, ב.

נ) שמות ד, פסוקים ל און לא. מר״י בא פּסחא יד, זייט טו, ב; בשלח מסכתא ב, פרשה ו; מר״ש 42; מה״ג,ב׳ 42; י״ש בשלח רם און הושע תקיט; ילק״ה לא, מב.

ס) שמות ד, פסוקים ל און לא. ב״ר נו, ב; מה״ג,ב׳ 42; ילק״ה צט, יא.

ע) מר״י בא, מסכתא דפסחא פרשה ה; ש״ר א, כח; ויק״ר לב, ה; במ״ר יג, כ און כ, כב; שי״ר פרשה ד, אויפן פסוק יב; תנח. בלק טז; תנח״ב בלק כה; פר״א פרק מח; פר״כ פיסקא י, זייט פג, ב, הוצאת אום; שו״ט קיד, ד; מה״ג,ב׳ 54; ל״ט בא, יב, ו; י״ש בשלח רכו, אמור תרנז, פנחס תשעג; י״ר בא פה, ג־ד; מנה״מ ד, 361 און 590; הלל 94.

פ) מר״י בא, מסכתא דפסחא, פרשה ה; ויק״ר לב, ה; במ״ר יג, כ און כ, כב;

וויל זיי האָבן ניט גערעדט לשון הרע, צ);

וויל זיי האָבן געפירט א ריין פאַמיליען לעבן, ק);

זיי האָבן ניט געביטן זייערע קליידער, ר);

וויל זיי האָבן ניט דערציילט זייער סוד. צוועלף חדשים האָבן זיי קיינעם דערציילט אַז זיי זיינען אָנגעזאָגט געוואָרן צו לייען ביי זייערע שכנים זילבערנע און גאָלדענע כלים, ש);

אינעם זכות פון תשובה, ת);

אינעם זכות פון תפילה, א);

אינעם זכות פון גמילות חסדים, ב);

פאַר יחוד השם, ג);

צוליב דעם אויבערשטנס נאָמען, ד);

צוליב רחמים, ה);

אינעם זכות פון דער תורה וועלכע די אידן וועלן מקבל זיין, ו);

אינעם זכות פונעם אוהל מועד, ז);

אינעם זכות פון דעם משכן, ח);

אינעם זכות פון קרבנות, ט);

מתוך הקץ, מתוך צרה, מתוך צווחה, מתוך זכות אבות, מתוך תשובה, י).

אינעם זכות פון מצות מילה איז פאַרגעקומען קריעת ים סוף, דער ים סוף

---

שי״ר פרשה ד, פסוק יב; תנח. בלק טז; תנח״ב בלק כה; פר״א פרק מח, הוצאת אום; פר״כ פיסקא י, זייט פג, ב; שו״ט קיד, ד; מה״ג,ב׳ 54; ל״ט בא יב, ו; וארא ו, ו; י״ש בשלח רכו, אמור תרנז, פנחס תשעג; מנה״מ ד, 361 און 590.

צ) מר״י בא, מסכתא דפסחא, פרשה ה; ויק״ר לב, ה; שי״ר פרשה ד, אויפן פסוק יב; פר״א פרק מח; פר״כ פיסקא י, זייט פג, ב, הוצאת אום; מה״ג,ב׳ 54; י״ש בשלח רכו, אמור תרנז, פנחס תשעג; י״ר בא פה, ג־ד; מנה״מ ד, 361, 590; הלל 94.

ק) מר״י בא, מסכתא דפסחא, פרשה ה; ויק״ר לב, ה; במ״ר ט אָנהויב יד, יג, כ; און כ, כב; שי״ר פרשה ד אויפן פסוק יב; תנח. בלק טז; תנח״ב בלק כה; פר״כ פיסקא י, זייט פג, ב; שו״ט קיד, ד; מה״ג,ב׳ 54; ל״ט בא, יב, ו; י״ש בשלח רכו, אמר תרנז, פנחס תשעג; מנה״מ ד, 361, 590; הלל 94.

ר) מדרש לקח טוב וארא ו, ו.

ש) שמות ג, כב. במ״ר כ, כב; מר״י בא, פרשה ה, זייט ה, א; שו״ט קיד, ד; תנח. בלק טז; תנח״ב בלק כה; י״ש בשלח רכו, אמר תרנז, פנחס תשעג; ל״ט בא יב, ו; וארא ו, ו.

זעט תדא״ר פרקים י, כג און כד.

ת) ירוש. תענית פרק א, הלכה א; ד״ר ב, אָנהויב כג; י״ש ואתחנן תתכז; תהלים תתסה.

א) י״ש תהלים תתסה. אין ירוש. תענית פרק א, הלכה א שטייט צווחה. אין: ד״ר ב, אָנהויב כג; י״ש ואתחנן תתכז שטייט רחמים.

ב) רבינו בחיי בשלח כז, ג.

ג) פרקי דרבי אליעזר פרק מח; י״ר בא פה, ג־ד.

ד) יל״ה קז, א.

ה) ד״ר ב, אָנהויב כג; י״ש ואתחנן תתכז.

אין ירוש. תענית פרק א, הלכה א שטייט צווחה.

אין י״ש תהלים תתסה שטייט תפילה.

ו) מדרש שוחר טוב מזמור קיד, ה; בחיי בשלח כז, ג.

ז) מדרש אגדה במדבר א, א.

ח) תנח. נשא כב; שו״ט קיד, ה; יל״ה סח ענדע יד און קיד, ה; בחיי תצוה סב, ג.

ט) רבינו בחיי בשלח כז, ג.

י) ירוש. תענית פרק א, הלכה א.

אין: ד״ר ב, כג; י״ש ואתחנן תתכז שטייט רחמים אויפן אָרט פון צווחה (שרייען, בעטן).

אין י״ש תהלים תתסה שטייט תפילה אויפן אָרט פון צווחה.

פאַרגלייכט מה״ג,ב׳ 20 און 51.

אגב, עס מיינט ניט אַז זיי זיינען באַפרייט געוואָרן פון דער מצרים׳שער קנעכטשאַפט פאַר בלויז איין מעלה, ווי צום ביישפיל פאַר ניט ענדערן זייערע נעמען, צי פאַר ניט ענדערן זייער שפראַך, נאָר פאַר עטלעכע

האָט זיך געשפּאָלטן פאַר די אידן נאָך זייער פאַרלאָזן מצרים, אויף זייער וועג אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד ארץ ישראל, **כ)**.

אגב, לויט אַנדערע מיינונגען האָט דער ים סוף זיך געשפּאָלטן: אין אברהם'ס זכות, **ל)**;

אינעם זכות פון אברהם'ס גלויבן אינעם אויבערשטן, ווי עס שטייט אין פּסוק „והאמין בה'" (בראשית טו, ו), און ער האָט געגלויבט אינעם אויבערשטן, **מ)**;

אינעם זכות פון עקידת יצחק, **נ)**;

אינעם זכות פון יעקב אבינו, **ס)**;

דער אַלמעכטיקער האָט גענומען יעקב'ס פיס, זיי אַוועקגעשטעלט אויפן ים און ער האָט געזאָגט צו אים: זע דעם נס וואָס איך טו דיינע קינדער.

לויט נאָך אַ מיינונג זיינען אויך די פיס פון די אַנדערע אבות געשטאַנען דאָרט, **ס*)**;

אינעם זכות פון דעם אויבערשטנס צוזאָג צו יעקב'ן „והיה זרעך כעפר הארץ **ופרצת ימה**". דער אויבערשטער האָט אים מרמז געווען, אַנגעדייט **פרוץ את הים**, צו דורכברעכן, שפּאַלטן דעם ים, **ע)**;

אינעם זכות פון זייערע אבות, **פ)**;

אין יוסף'ס זכות, **צ)**;

צוליב יוסף'ס ארון, **ק)**;

צוליב יוסף'ס געביין, **ר)**;

אינעם זכות פון די שבטים, **ש)**;

אין משה רבינו'ס זכות, **ת)**.

אגב, עס זיינען פאַראַן מיינונגען אַז ווען משה האָט געהייסן דעם ים זיך שפּאַלטן, האָט ער ניט געוואָלט אים פאָלגן.

ווען דער אַלמעכטיקער האָט געזאָגט צו משה'ן „ונטה את ידך על הים ובקעהו", שטרעק אויס דיין האַנט אויפן ים און שפּאַלט אים, האָט ער אַזוי געטאָן. אָבער דער ים האָט ניט גע־

---

מעלות צוזאַמען, ווי למשל פאַר ניט ענדערן זייערע נעמען, זייער שפּראַך, ניט ריידן לשון הרע און פירן אַ ריין פאַמיליען־לעבן.

**כ)** מר"י בשלח מסכתא ב, פרשה ג, הוצאת אום; מר"ש 48; תנח"ב בשלח יב; אג"ב 26; מה"ג,ב' 142; י"ש בשלח רמא און ירמיה שכא; יל"ה קלו, יח.

**ל)** מר"י בשלח מסכתא ב, פרשה ג; מר"ש 48; ב"ר נה, ח; ש"ר כא, ח; זהר תרומה קע, ב; ש"ט בשלח יד, לא; מה"ג,ב' 142; י"ש יהושע טו; וירא צח; בשלח רלג; חבקוק תקסה; תהלים ענדע תתסג; יל"ה קה, מו.

**מ)** מר"י בשלח מסכתא ב, פרשה ג.

**נ)** מר"י בשלח מסכתא ב, פרשה ג, זייט כט, ב, הוצאת אום; ל"ט וירא כב, ג; מה"ג,ב' 142.

**ס)** מר"ש 48; ש"ר כא, ח; מה"ג, 142.

**ס*)** ב"ר צב, ב; יל"ה עח, ח.

**ע)** בראשית כח, יד. מר"י בשלח, זייט כט, א, הוצאת אום.

**פ)** י"ש בשלח רלג.

**צ)** מר"י בשלח מסכתא פרשה ג, זייט כט, ב; ב"ר פד, ה; פז, ח; תנח. וישב ט און נשא ל; תנח"ב נשא לד; שו"ט קיד, ט; זהר בשלח מט, א; ש"ט וישב לז, לה, זייט 224; י"ש וישב קמ און קמו; בשלח רלג; נשא תשטז; תהלים תתיז און תתעג; מה"ג,א' לט, יב און שמות 142; יל"ה עז, יד און קיד, יא; בחיי בשלח כג, ב.

זעט באַמערקונגען ק און ר.

**ק)** זהר בשלח מט, א; שו"ט קיד, ט, הוצאת אום; י"ש תהלים תתעג; בחיי וישב סג, ד. זעט באַמערקונגען צ און ר.

**ר)** מר"י בשלח, מסכתא ב, פרשה ג, זייט כט, ב; מה"ג,א' לט, יב; י"ש בשלח רלג. זעט באַמערקונגען צ און ק.

**ש)** מר"י בשלח, מסכתא ב, פרשה ג; מר"ש 48; מה"ג,ב' 142; י"ש בשלח רלג און חבקוק תקסה; יל"ה קה, מו.

**ת)** מר"י בשלח זייט כט, ב, הוצאת אום, און זעט שי"ר ד, אָנהויב אויפן פסוק ד. פאַרגלייכט פשיטא שמות יד, יד, הערה טו, פון הגאון ר' חיים העליר ז"ל.

וואָלט אים פאָלגן. משה האָט אים גע־וויזן יוסף׳ס אָרון, דעם שטעקן אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעקריצט דער שם המפורש, אָבער דער ים האָט ניט געוואָלט פאָלגן אים. ווען משה האָט געזאָגט צום אויבערשטן: „האַר פון די וועלטן, דער ים פאָלגט מיך ניט", האָט דעם אויבערשטנס כבוד זיך באַלד באַוויזן אויפן ים, און דער ים איז אַנט־לאָפן, א).

דער ים האָט גע׳טענה׳ט צו משה׳ן: פאַר דיר וועל איך זיך שפּאַלטן! איך בין גרעסער פון דיר. איך בין באַשאַפן געוואָרן דעם דריטן טאָג (דינסטיק) און דו ביזט באַשאַפן געוואָרן דעם זעקסטן טאָג פונעם וועלט־באַשאַף! ווען משה האָט איבערגעגעבן דעם אויבערשטן אַז דער ים וויל זיך ניט שפּאַלטן, האָט דער אויבערשטער געגעבן זיין רעכטע האַנט אויף משה׳ס רעכטע האַנט. ווי עס שטייט אין פּסוק „מוליך לימין משה", וועלכער האָט באַגלייט משה׳ס רעכטע האַנט. ווען דער ים האָט דערזען דאָס, האָט ער ניט געקאָנט אויפהאַלטן, און ער איז באַלד אַנטלאָפן. האָט משה אים געפרעגט: „פאַרוואָס אַנטלויפסטו?" האָט דער ים אים געענטפערט: פאַרן אויבערשטן פון יעקב׳ן, פאַר זיין מורא האָבן פאַרן הייליקן ברוך הוא. און באַלד, אַזוי ווי משה האָט נאָר אויפגעהויבן זיין האַנט אויפן ים, האָט ער זיך גע־שפּאָלטן, ב).

דער ים סוף האָט ניט געוואָלט זיך שפּאַלטן און געזאָגט: משה האָט אָנגע־רופן די אידן „ממרים", ג) ווידערשפּעני־קער, וועל איך זיך שפּאַלטן! האָט דער אַלמעכטיקער באַלד אָנגעשריען אויף אים, און ער איז אויסגעטריקנט. ווי עס שטייט אין פּסוק „ויגער בים סוף ויחרב", ד) ער האָט אָנגעשריען אויפן ים סוף, און ער איז אויסגעטריקנט, ה).

דער אויבערשטער אַליין האָט זיך אַנטפּלעקט. „הים ראה וינס", ו) דער ים האָט אים דערזען איז ער אַנט־לאָפן (זיך געשפּאַלטן), ז).

דער ים האָט געזען דעם אויבערשטנס האַנט, אויב מען קען זיך אַזוי אויס־דריקן, ח).

„הים ראה וינס", דער ים האָט דער־זען משה׳ס שטעקן, איז ער אַנטלאָפן (זיך געשפּאַלטן), ט).

אגב, דער שטעקן איז באַשאַפן גע־וואָרן פרייטיק פאַרנאַכט פונעם וועלט באַשאַף, י).

---

א) שמות יד, טז. פר״א פרק מב.
פאַרגלייכט ל״ט שמות יד, כא.

ב) ילה״י סג, יב. ש״ר כא, ו; יל״ה קיד, יט.

אַז דער ים סוף האָט זיך געשטעלט אַנט־קעגן משה׳ן, און ער האָט ניט געוואָלט פאָלגן אים, זעט מיין בוך „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה", נאָטע 336.

לויט ל״ט שמות כא, יד האָט דער ים סוף געזאָגט צו משה׳ן: ניט פון דיר, עמרם׳ס זון, אַנטלויף איך, נאָר „מלפני אדון חולי ארץ (תהלים קיד, ז), פאַר דעם האַר ציטערט די ערד.

מר״ש 49־50; מה״ג,ב׳ 144; יל״ה קיד, י; יב, יח; ל״ט שמות יד, כא; ויושע 51.

אַז ער האָט אים פאַרגעוואָרפן אַז ער איז געבוירן פון אַ פרוי, זעט ויושע 38.

ג) דברים ט, פסוקים ז און כד; לא, כז.

ד) תהלים קו, ט.

ה) י״ש תהלים תתעג.

ו) תהלים קיד, ג.

ז) י״ש תהלים תתעג.

ח) ד״ר ג, ח; י״ש תהלים תתעג.

ט) י״ש ישעיה תעד; יל״ה עז, טו; הלל 95; י״ר פז, ד, אונטן.

י) אבות פרק ה; אר״ן פרק ב; פר״א פרקים יט און מ; מר״י זייט נא, א; ספרי ברכה פיסקא שנה; מתן 219; זהר פקודי, תוספות, רעב, א; יונתן שמות ב, כא; יד,

לויט אַן אַנדער מיינונג איז ער באַשאַפן געוואָרן דעם צווייטן טאָג פונעם וועלט־באַשאַף, מאָנטיק, כ).

ער איז געווען פון ספּיר־שטיין. און דאָס וואָרט ווערט געבראַכט אין פאַרשידענע פאָרמען:

סנפּירינון, סמפּיר, סמפּרינון, ספּיר, סנפּיר, סנפּירנון, סמפּירין, סנפּירינן, סנפּרינון, ל).

ער האָט געוואויגן פערציק סאה, מ).

אויפן שטעקן זיינען געווען אויסגעקריצט: דער שם המפורש, דעם אויבערשטנס נאָמען, טעטראַגראַמאַטאָן, נ);

די דריי אבות, אברהם, יצחק, יעקב, נ*);

די אמהות, שרה, רבקה, רחל, לאה, ס);

די צוועלף שבטים, ס*);

די צען מכות, מיט וועלכע די מצריים זיינען געוואָרן געשלאָגן, ע).

דער שטעקן האָט אַנטהאַלטן זיבעציק נעמען, ע*).

און משה האָט פאַרוואַנדלט דעם ים אין יבשה, אין טריקעניש, ע**).

דער ים סוף האָט זיך געשפּאָלטן אינעם זכות פון דער תורה און תפילה, פּ);

אינעם זכות פון תורה און מזוזה, פּ*);

---

כא; במדבר כב, כח; נסא״ז 53; סרד כו; ב״מ,א שסח; ש״ט שמות ד, יז און וארא ז, ט; מה״ג,א׳ ט, יג; מה״ג,ב׳ 37 און 59; ל״ט בשלח טז, לג; י״ש שמות קעג, בשלח רסא; י״ר שמות עז, ב, בשלח צ, א און חוקת קמג, ד; ישמעאל ג, ז; בחיי בשלח כה, ב; סרד כו.

כ) פּרקי דרבי אליעזר פּרק ג.

זעט מיין בוך „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה״, אין דייטש, נאָטע 269.

ל) זעט: מר״י בשלח ד, ו; מר״ש 81; ש״ר ח, ג; תנח. וארא ענדע ט, בשלח כא, תזריע ח; תנח״ב וארא ח, תזריע י; תנח. ג 102; יונתן שמות ד, כ; זהר ח׳ בשלח כו, ד; מר״א יד, 264; ש״ט בשלח יז, ה; מה״ג,ב׳ 38 און 181; והזהיר א׳ בשלח כא, ב; י״ש שמות קעג, בשלח רסא; י״ר בראשית כ, ב אונטן און וארא פּב, א; רש״י בשלח יז, ו; בחיי בשלח לא, ד; אבודרהם סא, ב.

לויט י״ר בשלח צ, א און חוקת קמג, ד איז דער שטעקן געווען פונעם עץ הדעת.

זעט מיין בוך „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה״, אין דייטש, נאָטע 266.

מ) ש״ר ח, ג; תנח. וארא ענדע ט און תזריע ח; תנח״ב וארא ח און תזריע י; תנח. ג 102; יונתן שמות ד, כ און דברים לד, יב; ש״ט שמות ד, יז און וארא ז, ט; מה״ג,ב׳ 38; והזהיר א׳ בשלח כא, ב; י״ש שמות קעג; י״ר וארא פּב, א; בחיי תזריע כ, ד.

לויט ש״ט שמות ד, כ האָט ער געוואויגן זעכציק סאה.

זעט מיין בוך „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה״, אין דייטש, נאָטע 268.

נ) פּר״א פּרק מב; יונתן שמות ב, כא; ד, כ; יד, כא; ד״ר ג, ח און יא, י; שו״ט קיד, ט; ש״ט וארא ז, ט; בשלח יד, כא און יז, ט; י״ש שמות קסח, וארא קפּא, ישעיה ענדע תעד, תהלים תתעג; יל״ה עז, טו; אבד״ע 44; הלל 96; ויושע 42; השכם ב, שמות ד; ישעיה נא, טו; ד״ה 7; דרש נח, ב; דר״ל עקב 87; פּמ״ר,ג, לב, א און פּמ״ר,ב׳ 77; י״ר שמות עז, ב און בשלח פּז, ד אונטן; שה״ק יב, א.

זעט מיין בוך „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה״, נאָטע, הערה 267.

נ*) תרגום יונתן שמות יד, כא.

ס) תרגום יונתן שמות יד, כא.

ס*) תרגום יונתן שמות יד, כא.

ע) ש״ר ה, ו און ח, ג; תנח. וארא ענדע ט און תזריע ח; תנח״ב וארא ח און תזריע י; תרגום יונתן יד, כא; מר״א יד, 264; מה״ג,ב׳ 38; ל״ט וארא ז, יז; י״ש שמות קעג. אין מתן 219 שטייט י׳ דברים.

זעט מיין בוך „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה״, אין דייטש, אַנמערקונג, נאָטע 267.

ע*) י״ש בשלח רסד.

ע**) מדרש דברים רבה ו, ב.

פּ) מר״י בשלח מסכתא ב, פּרשה ו. אין ל״ט בשלח יד, כט שטייט תורה און תפילין.

פּ*) שי״ר א, אויף פּסוק ט.

אינעם זכות פון מזוזה און תפי־לין, פ**);

אינעם זכות פון קריאת שמע און תפילה, צ);

אינעם זכות פון ירושלים, צ*);

אינעם זכות פון די אידן, צ**).

דער ים האָט דערזען ווי די אידן קריגן זיך איינער מיטן אַנדערן צוליב דער הייליקייט פונעם אויבערשטנס נאָ־מען, האָט ער געזאָגט: וואָס שטיי איך עפּעס! און ער איז באַלד אַנטלאָפן, ק).

אגב, דער באַשעפער פון דער וועלט האָט אויסגענומען אַ תנאי מיט דעם ים, ער זאָל זיך שפּאַלטן פאַר די אידן, ק*).

**אברהם האָט דאָך מקיים געווען די גאַנצע תורה, פאַרוואָס זשע האָט ער ניט מקיים געווען מצות מילה איידער דער אויבערשטער האָט אים געהייסן?**

דער ווילנער גאון ז״ל דערקלערט עס אַזוי: די חכמים ז״ל זאָגן: „גדול מצ־ווה ועושה, ממי שאינו מצווה ועושה", דער וועלכער טוט אַ מצוה ווייל ער איז אַזוי געבאָטן, שטייט העכער פון דעם וועלכער טוט אַ מצוה ניט געבאָ־טענערהייט. און מל זיין איז דאָך אַ מצוה וואָס מען קען טאָן בלויז איין מאָל. האָט ער געוואַרט ביז דער אויבערשטער וועט אים הייסן, ר).

דער רבי ר' העשל ז״ל דערקלערט עס אַזוי: מצות מילה אָהן אַ בפירוש'ן גע־באָט איז ניט בלויז קיין מצוה, נאָר עס איז גאָר אַן איסור. ווייל „אין אדם רשאי לחבול בעצמו", אַ מענטש אַליין טאָר ניט שעדיקן זיין קערפּער. האָט ער געמוזט וואַרטן אויפן געבאָט, ר*).

**וואָס איז געוואָרן פון די אַלע קנעכט וועלכע א' האָט מל געווען?**

קיינער איז געבליבן פון זיי און פון זייערע קינדער, ש).

**די תורה זאָגט „ובן שמונת ימים", ת) אַז מען דאַרף מל זיין דאָס קינד דעם אַכטן טאָג. איז ערגעץ פאַראַן אַ רמז, אַן אָנדייט אַז מען דאַרף מל זיין דעם אַכטן טאָג?**

יאָ. „ביום הגמל", א) מאַכט ביום ה, ג מל. „ה" איז פינף. „ג" איז דריי. צוזאַמען באַטרעפט עס אַכט. אַלזאָ: ביום, אינעם טאָג ה,ג — דעם אַכטן, מל — זאָל מען מל זיין, ב).

## אברהם און די מלאכים

**פאַרוואָס האָט דער אויבערשטער זיך באַוויזן צו אברהם'ן נאָכן מל זיין?**

ער איז געקומען אים מבקר חולה זיין, ג).

---

פ**) מר״י בשלח מסכתא ב, פרשה ו.

צ) שי״ר פרשה א, אויף פסוק ט.

צ*) מר״י בשלח זייט כט, ב, הוצאת אום; מר״ש 47; מה״ג,ב' 142 און 182; י״ש בשלח רלג; ילה״י נא, י.

צ**) מר״י בשלח מסכתא ב, אנהויב פר־שה ג.

ק) י״ש תהלים תתעג.

ק*) ב״ר ה, ה; ש״ר כא, ו; י״ש בשלח רלו און רלז; בחיי בשלח כה, א.

זעט אַלע קוועלן פון זייט 114, נאָטע צ ביז אַהער וועגן די פאַרשידענע נוסחאות, גירסאות, ווערסיעס, און ווער עס זאָגט וואָס.

---

ר) קידושין לא, א; ב״ק לח, א און פז, א; ע״ז ג, א.

ר*) בבא קמא צא, ב.

ש) פר״א פרק ; י״ש ענדע לך לך. זעט זייט 78.

ת) בראשית יז, יב.

א) בראשית כא, ח.

ב) בחיי בראשית יז, יב.

ג) בראשית יח, א און רש״י דאָרט, און

**פון וואַנען ווייסן אונזערע חכמים ז"ל אַז דער אויבערשטער איז געקומען מבקר חולה זיין אַברהם'ן. אפשר איז ער געקומען צו אים גאָר וועגן עפּעס אַן ענין?**

דער אַלעקסאַנדערער רבי ז"ל דערקלערט עס אַזוי: שטענדיק ווען דער אויבערשטער האָט זיך באַוויזן צו אברהם'ן, האָט ער גערעדט צו אים וועגן עפּעס. דאָ אָבער ווערט ניט דערמאָנט אַז ער האָט גערעדט צו אים. און די חכמים ז"ל הייסן דאָך ניט ריידן צו אַ קראַנקן טאָמער טויג עס ניט פאַר אים. מוז מען דאָך דעריבער אָננעמען אַז ער איז געקומען מבקר חולה זיין אים. אַי, איז דאָך די קשיא: ביז יעקב אבינו איז דאָך געווען קיין קראַנקייטן (ב"מ פז, א). איז דער תירוץ אַז דערפאַר טאַקע זאָגט די גמרא (ב"מ פו, ב און רש"י אָנהויב וירא) „יום שלישי למילתו היה", עס איז געווען דער דריטער טאָג פון זיין מל זיין, און ניט אַ קראַנקייט.

**פאַרוואָס האָט דער אויבערשטער זיך באַוויזן צו אברהם'ן „באלוני ממרא", ד) ביי די אייכן ביימער פון ממרא?**

ווייל ממרא האָט אים געראָטן זיך מל צו זיין, ה).

אגב, „ממרא" מאַכט מלכים, מילה, רעבון (הונגער), אש (פייער, קאַלך-אויוון), ו) אַן אַנדייט: אברהם איז געווען מלך, ז); ער האָט זיך מל געווען; ער האָט דורכגעמאַכט דעם הונגער, ח); ער האָט דורכגעמאַכט פייער, ט).

לויט אַן אַנדער מיינונג איז דער אויבערשטער געקומען צו אברהם'ן „באלוני ממרא" ווייל דאָרט איז פאָרגעקומען דאָס מל זיין פון אברהם'ן און פון די אַלע מיט אים, י).

**פאַרוואָס איז א' געזעסן ביי דער טיר פונעם געצעלט?**

צו זען צי עס זיינען דאָ רייזנדע, דורכגייער, וועט ער זיי איינלאַדן, כ).

**צו וואָס האָט אברהם, אין זיין דערמאָלטיקער לאַגע, זיך אַליין מטריח געווען אין דרויסן צו זען צי עס זיינען**

---

פאַרגלייכט תרגום יונתן. סוטה יד, א; תנח. וירא ב; תנח"ב וירא א און ענדע ג.

אַז דער אויבערשטער האַלט פון ביקור חולים זעט:

שבת יב, ב; תנחומא וירא א און ד; מה"ג,א' ג, כא; מ"א וירא יח, א; ל"ט וירא יח, א; י"ש בראשית טז, לג און ראה תתפו; יל"ה יח, כה, י, סט, עא; י"ר וירא לז, ג; רש"י דברים יג, ה; בחיי שמיני טז, ב; מנה"מ ג' 549 און ד' 600.

ד) בראשית יח, א.

ה) זעט די פאַרשידענע נוסחאות און גירסאות און ווער עס זאָגט זיי אין: תנח. וירא ג; ב"ר מב, ח; אגדת בראשית יט, לז און לט; מ"א לך לך יד, ג און וירא יח, א; מה"ג,א' לך לך רנה (שושבינין) און וירא רסה; ל"ט וירא יח, א; רמב"ן בראשית יד, יג און כד, ה (בעלי בריתו); י"ש לך לך עג; רש"י בראשית יח, א.

פאַרגלייכט: ב"ר נח, ד; במ"ר טז, טז; זהר וירא צח, ב, תוספתא; יומא י, א און רש"י אונטערן וואָרט מן; שו"ט קיח, יא; ל"ט נח י, יא.

לויט סא"ר (כז) כה, קלח האָט אברהם באַלד געפאָלגט דעם אויבערשטן.

עס זיינען פאַראַן מיינונגען אַז ענר, אשכול און ממרא זיינען געווען אברהם'ס תלמידים, בעלי בריתו (אַליאירטע, פאַרבינדעטע) און צדיקים. זעט זייטן 112, 113, הערות ש, ת, א.

ו) בחיי בראשית יד, יג.

ז) זעט טיטול מלך, זייט 49, נאָטע צ.

ח) זעט זייטן 79, 80.

ט) זעט זייט 64, נאָטע כ און ווייטער.

י) ספורנו בראשית יח, א.

כ) בראשית יח, א און רש"י דאָרט. מ"א וירא יח, א; ל"ט וירא יח, א.

**פאַראַן דורכרייזנדיקע. ער האָט דאָך געקאָנט אַרויסשיקן אַ באַדינער?**

ער האָט געשיקט זיין קנעכט אליעזר. אָבער ווען אליעזר איז אַריינגעקומען און האָט אים געזאָגט אַז עס זיינען ניטאָ, האָט ער אים ניט געגלויבט. און ער איז אַליין אַרויס אין דרויסן זען, כ*).

**פאַרוואָס האָט דער אַלמעכטיקער געמאַכט יענעם טאָג אַזוי הייס?**

דער אויבערשטער האָט אַרויסגעפירט די זון פון איר פוטער־פאַס (שייד) און געמאַכט אַ ברענענדיקע היץ (חמימא), עס זאָלן זיין קיין רייזנדע און קיין פוסגייער, אַלץ כדי ניט מטריח צו זיין אברהם׳ן, ל).

**ווען האָט דער אויבערשטער מבקר חולה געווען אברהם׳ן?**

דעם דריטן טאָג פונעם ברית. דער דריטער טאָג איז דער קריזיס, די שמערצן זיינען גרעסער, מ).

**ווען האָבן די שכינה און די דריי מלאכים זיך באַוויזן צו אברהם׳ן?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנהייטן:

פופצן טעג אין ניסן, נ)
פסח ביינאַכט, ס).
פרם פסח, ע).
צוועלף אַזייגער בייטאָג, פ).

דאָס איז אויסגעהאַלטן לויט די מיינונגען אַז אברהם איז גע׳מל׳ט געוואָרן פסח. עס איז אָבער פאַראַן אַ דעה אַז זיין ברית איז געווען יום הכפור, צ).

**ווי קומט עס דער אַלמעכטיקער זאָל גיין צו אַן אָרט וואָס איז געווען פול מיט בלוט און טינופת, פון די פילע ערלות?**

נאָך דעם ווי אברהם, די דריי הונדערט אכצן מאַנסלייט וועלכע זיינען געבוירן געוואָרן אין זיין הויז, און די אַלע מענער וועלכע ער האָט געקויפט

---

כ*) בבא מציעא פו, ב, אונטן.

ל) בראשית יח, א און רש״י דאָרט. בבא מציעא פו, ב; תנח. וירא ג.

לויט: ב״ר מח, ח; פר״א פרק כט מדרש אבכיר; י״ש אָנהויב וירא האָט ער געמאַכט אַ לעכעלע אין גיהנום, און געמאַכט הייס די גאַנצע וועלט אויף אַ קורצער ווײַלע.

מ) בראשית יח, א און רש״י, רמב״ן דאָרט, און בראשית לד, כה. ב״מ פו, ב; פר״א פרק כט, און זעט רד״ל דאָרט; מדרש אבכיר; י״ש אָנהויב וירא; רמב״ם הלכות מילה, פרק ב.

נ) סע״ר פרק ה; מכילתא בא פסחא יד, פרשה יד, זייט טז, א; תנח. בא ט.

ס) פרקי דרבי אליעזר, פרק כח, הוצאת אום.

ע) ב״ר מח, יב און יפה תואר דאָרט, און זעט: פ״ר פיסקא ו; מה״ג,א׳ וירא רסט; ל״ט וירא יח, ו; רש״י בראשית יח, י; פאַרגלייכט ר׳ מאיר החזן׳ס פיוט אינעם פסח׳דיקן מעריב

פ) ירוש. ברכות פרק ד׳ הלכה א; ברכות כז, א; ב״ר מח, ח; מה״ג,א׳ רסו; י״ש וירא פב און בשלח רסא.

צ) זעט: פר״א פרק ט; מ״א לך לך יז, כו; תוספות ראש השנה יא, א אונטערן וואָרט אלא; דעת זקנים מבעלי התוספות בראשית יז, כו; ר׳ מאיר החזן׳ס פיוט אין מעריב של פסח; בחיי בראשית יז, יג.

אגב, די תורה זאָגט „וירא והנה שלשה אנשים נצבים״. די ערשטע דריי אותיות זיינען די זעלבע ווי די אותיות פון שור, אריה, נשר — די חיות וועלכע געפינען זיך אין דעם כסא הכבוד, אינעם אויבערשטנס טראָן. דאָס איז אַ רמז, אַן אָנדייט אַז אברהם האָט געזען די מרכבה. בראשית יח, ב, און זעט דעם גאַנצן ענין אין „מגן אברהם״ וירא יא, ב, פונעם טריסקער מגיד, זצ״ל.

אַז די אבות ווערן אָנגערופן „מרכבה״, זעט: ב״ר מז, ו; ל״ט לך לך יז, כב; י״ש לך לך פב; בחיי בראשית יז, כב. פערגלייכט י״ר בראשית 65.

פּאַר געלט זיינען גע'מל'ט געוואָרן, האָט ער צענויפגעלייגט די ערלות אויף איין אָרט, און אַ טייך בלוט האָט גערונען פון זיי. דעמאָלט האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו די מלאכי השרת: לאָמיר גיין מבקר זיין דעם חולה. האָבן זיי זיך אָנגערופן: מה אדם ותדעהו, בן אנוש ותחשבהו, ק) וואָס איז דער מענטש אַז דו זאָלסט װעלן אים קענען, אַ מענטשנס קינד דו זאָלסט זיך רעכענען מיט אים. דו ווילסט גיין צו אַן אָרט פול מיט טינופת, בלוט, אַבשוי און מיסט!

האָט ער זיי געענטפערט: ביי אייער לעבן, מיר איז דאָס ערלות־בלוט ליבער פון בשמים און ווייררויך, ר).

ווען איינער שעכט אַן אָקס אָדער אַ שעפּעלע, און גיסט אויס אַביסל בלוט, וואָלט איך געקומען און אים געבענטשט. הײנט אַז פון אברהם'ס הויז רינט אַ גאַנצער טייך בלוט פונעם מל זיין, דאַרף איך דאָך געוויס אים בענטשן, ר*).

**„וירא אליו ה'", ש) פאַרוואָס האָט דער אויבערשטער זיך באַוויזן צו אבֿרהם'ן דווקא מיטן נאָמען ה'?**

די דריטע אותיות פון וירא אליו ה' זיינען ר, י, ו, די ערשטע אותיות פון רפאינו ה' ונרפא זיינען אויך ר, י, ו. ווייל ה' איז אַ סגולה צו רפואה, ת).

**וואָס האָט אברהם געטאָן ווען ער האָט דערזען די שכינה?**

ער האָט געוואָלט זיך אויפשטעלן. אָבער דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו אים: דו זיץ און איך וועל שטיין. דו וועסט זיין אַ סימן פאַר דיינע קינדער. פּונקט ווי דו זיצט און די שכינה שטייט, אַזוי וועלן דיינע קינדער זיצן, און די שכינה וועט שטייען איבער זיי. ווען די אידן וועלן קומען אין די בתי מדרשות און לייענען קריאת שמע, וועלן זיי זיצן פאַר מיין כבוד וועגן, און איך איבער זיי. ווי אין פסוק שטייט „אלקים נצב בעדת קל", ת*). דער אויבערשטער שטייט אין דעם אויבערשטנס עדה, ת**).

**פאַרוואָס האָבן די מלאכים זיך טאַקע פאַרשטעלט פאַר מענטשן און זיינען ניט געקומען צו אברהם'ן ווי מלאכים?**

ווייל אברהם איז געווען שטאַרק באַזאָרגט וואָס אורחים האָבן אויפגעהערט איבערטרעטן זיין שוועל, האָט דער אויבערשטער געהייסן די מלאכים שפּילן די ראָליע פון אורחים, א).

ק) תהלים קמד, ג.

ר) תנח. וירא ב; תנח"ב וירא ד. זעט די נוסחאות און גירסאות און ווער עס זאָגט זיי אין: ב"ר מז, ז; שי"ר פרשה ד אויפן פסוק „עד שיפוח היום"; אגדת בראשית פרשה יט; ל"ט לך לך יז, כג; י"ש אַנהויב וירא און שיר תתקפו.

אין תנח. וירא ב שטייט מה אנוש ותדעהו, בן אדם ותחשבהו! תנח"ב וירא ד ברייננט דעם פסוק „מה אנוש כי תזכרנו, ובן אדם כי תפקדנו", תהלים ח, ה.

ר*) תנח"ב וירא ד. פאַרגלייכט דאָס לשון און ווער עס זאָגט עס אין: תנח. וירא ב; ב"ר מח, ד; אג"ב פרשה יט.

ש) בראשית יח, א.

ת) „מגן אברהם" וירא יא, א, פונעם טריסקער מגיד זצ"ל.

ת*) תהלים פב, א.

ת**) ב"ר מח, ז; במ"ר יא; שי"ר ב, ט; שו"ט כב, יט; פ"ר פיסקא טו; פר"כ מח, ב; אגדת בראשית פרשה יט; תנח. וירא אַנהויב ב; תנח"ב וירא ד; ל"ט וירא יח, א; רש"י בראשית יח, א; י"ש אַנהויב וירא און תהלים תתלא; זעט מחזור ויטרי סימן כב; תוספות פסחים ג, ב אונטערן וואָרט רכבת. אַז די שכינה געפינט זיך אין שול, זעט ברכות ו, א. זעט אין אַלע מקורות די נוסחאות און ווער עס זאָגט זיי.

א) מ"א וירא יח, ב; רש"י בראשית יח.

זיי ווערן אָנגערופן „אנשים", מענטשן, ווייל די שכינה איז געווען מיט זיי. לויט אַן אַנדער מיינונג, ווייל ביי אַב־רהם'ן זיינען מלאכים געווען אָפטע געסט, רופט דער פּסוק זיי אָן מענטשן, א*).

**ווער זיינען געווען די דריי געסט?**

די מלאכים:

מיכאל, אָנצוזאָגן די גוטע בשורה אַז שרה וועט געבוירן אַ זון.

רפאל, דער שר, דער הויפּט, דער אויפ־זעער איבער די רפואות, צו היילן אַב־רהם'ן.

גבריאל, צו איבערקערן סדום, ב).

**ווי קומט עס וואָס א' האָט ניט גע־וואוסט אַז די דריי געסט זיינען מלאַ־כים?**

ווייל זיי האָבן זיך באַוויזן אינעם גע־שטאַלט פון מענטשן, ג).

**ווי וואָס פאַר אַ סאָרט מענטשן האָבן די דריי מלאכים זיך באַוויזן צו אברהם'ן?**

ווי לאַנדס־רייזנדע, ד).

**פון וואָס פאַר אַ נאַציאָנאַליטעט (פאָלק) האָט אברהם געמיינט זיינען די געסט?**

זיי האָבן זיך באַוויזן אינעם געשטאַלט פון אַראַבער. האָט ער זיי געהאַלטן פאַר אַראַבער, ה).

**ווי וואָס פאַר אַ קלאַס אַראַבער האָבן די מלאכים זיך באַוויזן צו אברהם'ן?**

איינער ווי אַ תבואה הענדלער, איינער ווי אַ מאַטראָז (שיפס־קאַפּיטאַן) און איי־נער ווי אַ טערק (אַראַבער), ו).

**אברהם האָט געמיינט אַז די דריי מענטשן זיינען אַראַבער, ז). עס זיינען דאָך דעמאָלט נאָך ניט געווען אַראַבער, זיי האָבן דאָך אָפּגעשטאַמט ערשט פון ישמעאל'ן?**

עס איז אים אויסגעקומען אַז זיי פירן זיך אויף ווי אַראַבער, ח).

**פאַרוואָס האָבן זיך באַוויזן צו אַב־רהם'ן דוקא דריי מלאכים?**

ווייל איין מלאך טוט ניט צוויי שלי־חות'ן, ט), און זיי האָבן דאָך געהאַט דריי אויפגאַבעס, ט*).

---

א. לויט זהר וירא קא, א האָבן זיי אַראָפּ־געניידערט ווי מלאכים. לויט ילמדנו — ווי בני מלאכים.

א*) ב"ר נ, א; י"ש וירא נג; ל"ט וירא יט, א; רש"י וירא יט, א.

ב) פאַרגלייכט די פאַרשידענע ווערסיעס און ווער עס זאָגט זיי אין: בבא מציעא פו, ב און תוספות אונטערן וואָרט „ההוא"; מסכת כלה יג, ב; פר"א פרק כה; ב"ר נ, ב; תנח. וירא ח; תנח"ב וירא כ; מ"א וירא יח, ב; תרגומים יונתן און ירושלמי בראשית יח, ב; רש"י דאָרט פסוקים א, ב; יח, לג; יט, טז און כב; מה"ג.א' וירא רסו; ל"ט וירא יח, ג און יט, יז; י"ש אָנהויב וירא רמז פב; בחיי בראשית יח, ב; אגדת תפילת שמונה עשרה אין בית המדרש חדר חמישי, הוצאת יעללינעק, ווי־נא תרל"ג, 54־56.

ג) בראשית יח, פסוקים ב, טז, כב און תרגום יונתן דאָרט.

ד) פר"א פרק לו; מה"ג.א' רסז.

ה) בראשית יח, ב און רש"י פסוק ד. קידושין לב, ב; מכילתא דרבי ישמעאל יתרו עמלק א, נט, א; ספרי עקב פיסקא לח; ל"ט וירא יח, ד. פאַרגלייכט בבא מציעא פו, ב און י"ש וירא פב.

ו) ב"ר מח, ט; י"ש אָנהויב וירא.

אגב, לויט זהר וירא קא, א האָבן זיי זיך באַוויזן ווי מלאכים.

ז) זעט די קוועלן ביי סימן ה.

ח) זעט ת"ת בראשית יח, ד, סימן יז.

ט) בראשית יח, ב און רש"י דאָרט. ב"ר נ, ב; מ"א וירא יח, י; י"ש וירא פד און איוב תתקח; בחיי וירא יח, ב; תנח"ב וירא כ.

ט*) זעט פראַגע און ענטפער סימן ב.

**לויט אַ געוויסער מיינונג איז מיכאל געקומען אָנזאָגן שרה׳ן די בשורה אַז זי וועט געבוירן אַ זון, און צו ראַטעווען לוט׳ן. מיר ווייסן דאָך אָבער אַז „אין מלאך אחד עושה שתי שליחות, י) איין מלאך פירט ניט אויס גלייכצייטיק צוויי פונקציעס?**

עס מיינט בלויז צוויי אַנטקעגנגעזעצטע פונקציעס, ווי צום ביישפּיל רחמים און דין. אָבער צוויי רחמים־פונקציעס אָדער צוויי דין־פונקציעס פירט ער יאָ אויס. ביי שרה׳ן און לוט׳ן זיינען זיי עס געווען צוויי שליחות׳ן, צוויי אויפגאַבעס, צוויי פונקציעס פונעם זעלבן מין, פונעם זעלבן סאָרט. די שליחות׳ן זיינען געווען חסד און רחמים. דערפאַר האָט דער מלאך מיכאל געקאָנט דורכפירן ביידע מיסיעס גלייכצייטיק, כ).

**פאַרוואָס זיינען די מלאכים געקומען צו אברהם׳ן אַלס מענטשן, און צו לוט׳ן זיינען זיי געקומען ווי מלאכים?**

ווייל אברהם איז דאָך געווען אַ גרויסער מכנים אורח, און ער האָט אויפגענומען יעדן איינעם שעהן, אפילו דעם פשוט׳סטן מענטשן. האָבן זיי זיך געקאָנט פאַרשטעלן אַלס מענטשן. אָבער לוט, ווען ער וואָלט געזען בלויז מענטשן, וואָלט ער ניט געווען געלאָזט זיי איבערטרעטן די שוועל, ל).

**דער פּסוק דערציילט אונז „וירץ לקראתם״, מ) אַז א׳ איז געלאָפן אַנטקעגן די דריי מלאכים. צו וואָס האָט ער באַדאַרפט לויפן?**

ווען זיי האָבן געזען ווי אברהם באַדאַזשירט זיך, האָבן זיי ניט געוואָלט אים שטערן, און האָבן געלאָזט זיך גיין אין אַן אַנדער ריכטונג, איז ער געלאָפן זיי אַנטקעגן, נ).

**ווען א׳ האָט דערזען די דריי מלאכים וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר מענטשן, איז ער געלאָפן זיי אַנטקעגן, און האָט זיי איינגעלאַדן צום עסן. אברהם איז דאָך שטענדיק געווען אַ גרויסער מכנים אורח. ווי די חכמים ז״ל זאָגן „ויטע אשל״, ס) אשל מאַכט אכילה, שתיה, לויה (לינה), אַז אברהם פלעגט געבן זיינע געסט עסן, טרינקען און זיי באַגלייטן (נאַכטלעגער). האָט ער דאָך אַלע אורחים אויפגענומען פיין. פאַרוואָס זשע עפּעס האָט די תורה אויסגעקליבן צו דערציילן וועגן אברהם׳ס גאַסט־פריינטלעכקייט דווקא דאָ?**

די תורה וויל דערמיט אונטערשטרייכן אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן הכנסת אורחים, אָדער גלאַט העלפן אַן אָרעמאַן, טאָר מען עס ניט פאַרנאַכלעסיקן מיט דער אַנטשולדיקונג אַז מען האַלט זיך אין עוסק זיין מיט אַן אַנדער מצוה. הכנסת אורחים, העלפן אַ נויט־ליידענדן, אַ באַדערפטיקן קומט פריער פאַר אַלץ.

אברהם איז דעמאָלט געווען אַ נייען און נייעצניק יאָריקער זקן. עס איז דאַן געווען דער דריטער טאָג פון זיין זיך מל זיין. און דאָס איז דער קריטישסטער טאָג. און די שכינה איז געשטאַנען נעבן אים. אָבער ווי נאָר ער האָט דערזען די אורחים, האָט ער געלאָזט שטייען די שכינה; ער האָט ניט געקוקט אויף זיינע שמערצן; און איז זיי אַנטקעגן געלאָפן, ע).

---

י) זעט די קוועלן אין דער פאָרגייענדיקער הערה ט.

כ) רבינו בחיי בראשית יח, ב.

ל) אַזוי זאָגט רבי לייב שרה׳ס זצ״ל.

מ) בראשית יח, ב.

נ) אין ב״מ פו, ב שטייט „אסר ושרי״, ער בינד אויף און בינד צו. אין י״ש אַנהויב וירא; רש״י בראשית יח, ב שטייט „שרי ואסר״, ער בינד צו און בינד אויף.

ס) בראשית כא, לג.

ע) קהלת יצחק אָנהויב וירא.

**ב**יי אברהם'ן זיינען געווען די שכינה און די דריי מלאכים, ווען ער האָט געזאָגט: „אדוני אם נא מצאתי חן בעיניך...", פּ) מיין האַר, אויב איך האָב געפונען לייטזעליקייט אין דיינע אויגן, גיי ניט אַוועק, איך בעט דיך, פון דיין קנעכט. צו וועמען האָט ער עס געזאָגט, צו דער שכינה, צי צו אַ מלאך?

צום גרעסטן פון די דריי מלאכים, צום מלאך מיכאל, צ).

**פ**ון וואַנען האָט אברהם געוואוסט ווער עס איז דער וויכטיקסטער פון די דריי מלאכים?

די גמרא זאָגט אַז ווען דריי גייען אין וועג, גייט דער חשוב'סטער פון זיי אין דערמיט, דער גרעסערער אין זיין רעכטער האַנט און דער קלענערער לינקס. ביי די דאָזיקע דריי מלאכים איז מיכאל געגאַנגען אין דערמיטן, גבריאל אין זיין רעכטער האַנט און רפאל לינקס, ק).

**ד**י חכמים ז"ל זאָגן „אין נא אלא לשון בקשה", ר) „נא" מיינט בעטן, ביטע. ווען די מלאכים זיינען געקומען צו אברהם'ן האָט ער געזאָגט „אל נא תעבור..."‚ ש) מיינט אויך דער דאָזיקער „נא" ביטע?

עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז עס מיינט איצט. עס איז דאָך געווען אין דערפרי ווען די זון ברענט שטאַרק, האָט ער זיי געראָטן צו וואַרטן, ת).

**ו**ען די מלאכים זיינען געקומען צו אברהם'ן, האָט ער געזאָגט „אל נא תעבור מעל עבדך" (בראשית יח, ג). ער האָט געבעטן בלויז איינעם ער זאָל ניט אַוועקגיין, פאַרוואָס האָט ער ניט געבעטן אויך די אַנדערע?

ווייל מיט דעם וועלכער איז געקומען אים היילן און מיט דעם וועלכער איז געקומען אָנזאָגן שרה'ן די בשורה אַז זי וועט געבוירן אַ זון איז ער געווען זיכער אַז זיי וועלן ניט אוועקגיין איידער זיי וועלן אויספירן זייער שליחות. דאַקעגן מיט דעם מלאך וועלכער האָט באַדאַרפט גיין פאַרניכטן סדום, איז ער ניט געווען אַזוי זיכער אַז ער וועט בלייבן, נאָר ער וועט גיין טאָן זיין שליחות. האָט ער אים געבעטן צו בלייבן, ת*).

---

אַז „אשל" מאַכט אכילה, שתיה (אָדער שכיבה — אַ געלעגער) לויה (אָדער לינה, איבערנעכטיקן), זעט: שו"ט לז, א; מ"א וירא כא, לג; ל"ט וירא יח, טז און כא, לג; רש"י סוטה י, א לעצטע שורה; בחיי בראשית כא, לג און כב, א; קהלת יצחק אָנהויב וירא; און די קוועלן ביי אשל זייטן 156, 157, 158.

פּ) בראשית יח, ג און רש"י, שפתי חכמים דאָרט.

צ) ב"ר מח, י; מ"א וירא יח, ג; ל"ט וירא יח, ג.

זעט: שבועות לה, ב און רש"י דאָרט אונטערן וואָרט חוץ... צווייטע שורה פון אויבן; יומא לז, א; עירובין נד, ב; מסכת דרך ארץ פּרק ד'; ל"ט וירא יח, ג; מה"ג,א' זייט רסג.

לויט אַן אַנדער דעה — צו דער שכינה. זעט תרגום יונתן בראשית יח, ג.

ק) יומא לז, א; זעט: עירובין נד, ב; מסכת דרך ארץ פּרק ד; אר"ן פּרק ד; י"ש אָנהויב וירא; תוספות שבת נא, ב אונטערן וואָרט קדמיה; און די קוועלן אין דעם פאָרגייענדיקן ענטפער.

ר) ברכות ט, א; סנהדרין מג, ב, מט, ב און פּט, ב; סוטה י, ב; תנח. וירא כב; ל"ט בראשית כב, ב; י"ש וירא צו; רש"י בראשית כב, ב.

ש) בראשית יח, ג.

ת) תרגום אונקלוס און יונתן בראשית יג, ח. זעט: הכתב והקבלה בראשית יח, ג. הוצאת אום.

ת*) תולדות יצחק.

**פאַרוואָס האָט אברהם געזאָגט זיינע געסט „ורחצו רגליכם", א) און וואַשט אייערע פיס?**

עס זיינען פאַראַן צוויי דערקלערונגען:

ווייל ער האָט דאָך געמיינט אַז זיי זיינען אַראַבער וועלכע בוקן זיך צום שטויב פון זייערע פיס. האָט ער ניט געוואָלט זיי זאָלן אריינברענגען עבודה זרה אין זיין הויז אריין, ב).

ווייל זיי האָבן אויסגעזען ווי אַראַבישע מדבר-וואַנדערער (נאָמאַדן), האָט ער זיי געהייסן אָפּוואַשן די פיס, ג).

**פאַרוואָס האָט א' געהייסן די דריי מענטשן (מלאכים) זיך אָנטערלענען אונטערן בוים, ד)?**

אומעטום וואו אברהם האָט זיך באַזעצט, האָט ער געפלאַנצט אַ בוים. אונטערן בוים איז געווען אַ קוואַל. און דורך דעם בוים פלעגט ער דערקענען ווער ס'איז באַהעפט אין אויבערשטן, און ווער עס דינט די עבודה זרה. איז דער באַטרעפנדער געווען באַהעפט אין אויבערשטן, האָט דער בוים אויסגעשפּרייט זיינע צווייגן איבער אים און געמאַכט אַ שאָטן. אויב, אָבער, ער האָט געדינט די עבודה זרה, האָבן די צווייגן זיך אויסגעשטרעקט אין דער הויך. האָט אברהם שוין אים ניט אָפּגעלאָזט ביז ער האָט זיך באַהעפט אין אויבערשטן. איז דאָס וואַסער פונעם קוואַל אויפגעגאַנגען, האָט ער פאַרשטאַנען אַז יענער איז טמא און דאַרף טבילה... דערפאַר האָט ער זיי געזעצט אונטערן בוים, זיי בודק צו זיין, ה).

**מיט וואָס האָט א' מכבד געווען די מלאכים?**

שרה האָט געבאַקן ספּעציעל פאַר זיי דריי פאַרשידענע סאָרטן קיכלעך, ו).

**פאַרוואָס האָט א' געהייסן שרה'ן באַקן „עוגות", ז)?**

עס איז פאַראַן אַ סברא אַז די מלאכים זיינען געקומען צו אברהם'ן פּסח, ח). האָט אברהם אָנגעדייט דערמיט אַז זיינע אָפּשטאַמלינגע וועלן באַקן „עוגות מצות", ט) ווען זיי וועלן אַרויסגיין פון מצרים, י).

**די גמרא זאָגט אַז א' האָט מכבד געווען די דריי מלאכים מיט דריי אָקסן. ער האָט דאָך געמיינט אַז זיי זיינען מענטשן, צו וואָס זשע דריי אָקסן?**

כדי ער זאָל זיי מכבד זיין מיט דריי צונגען מיט גאָרשיצע ווי מלכים עסן, כ).

---

א) בראשית יח, ד.

ב) ב"מ פו, ב און רש"י דאָרט אונטערן וואָרט ורחצו; ב"ר נ, ד; מה"ג,א' זייט רסח. רש"י בראשית יח, ד.

ג) ל"ט וירא יח, ד.

ד) בראשית יח, ד.

ה) זהר וירא קב, ב; זהר חדש א, קב.

ו) ב"ר מח, יב; תנח. וירא ד; אר"ן פרק יג.

פאַרגלייכט: מ"א וירא יח, ו; ל"ט וירא יח, ו; רש"י בראשית יח, ו. זעט ב"מ פז, א.

ז) בראשית יח, ו.

ח) סע"ר פרק ה; מר"י בא, פסחא יד, זייט טז, א; תנח. בא ט; פר"א פרק כח (סג, ב) הוצאת אום; ב"ר מח, יב און יפה תואר דאָרט. און זעט: פ"ר פיסקא ו; מה"ג,א' וירא רסט; וירא יח, ו; רש"י בראשית יח, י. פאַרגלייכט ר' מאיר החזן'ס פיוט אינעם פסח'דיקן מעריב.

זעט: ירושלמי ברכות פרק ד, הלכה א; ברכות כז, א; ב"ר מח, ח; מה"ג,א' וירא רסו; י"ש וירא פב און בשלח רסא.

ט) שמות יב, לט.

י) ל"ט וירא יח, ו; מ"א וירא יח, ו; תוספות ראש השנה יא, א אונטערן וואָרט אלה.

כ) בראשית יח, ז, רש"י און רמב"ן דאָרט. פאַרגלייכט די פאַרשידענע נוסחאות אין:

די תורה זאָגט „ויקח בן בקר רך וטוב", אברהם האָט גענומען אַ יונגן, ווייכן און גוטן רינד. פאַרוואָס זשע זאָגן די חכמים ז"ל, אַז ער האָט גענומען דריי רינדער?

זיי דרש'נען אַז „בן בקר" מיינט איין רינד, „רך" מיינט אַ צווייטן און „טוב" אַ דריטן.

לויט אַן אנדער מיינונג — פיר רינדער. „בקר" מיינט איין רינד, „בן בקר" אַ צווייטן, „רך" אַ דריטן און „טוב" אַ פערטן, כ*).

**ווער איז געווען דאָס אינגל וועלכער האָט באַדינט די מלאכים?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס-פאַרשידנהייטן:

אברהם'ס זון ישמעאל. אברהם איז אויסן געווען דערמיט צו געוואוינען, טרענירן ישמעאל'ן צו טאָן מצוות, ל).

אליעזר, אברהם'ס קנעכט, מ). אַ דער פסוק זאָגט דאָך „ויתן אל הנער", נ) און ער האָט געגעבן דעם אינגל. און אליעזר איז דאָך שוין געווען דעמאָלט אַ מאַן אין די יאָרן. איז דער תירוץ אַז מען קען באַצייכענען אַ דערוואַקסענעם מענטש מיט „נער".

אויף „שני נעריו אתו", נ1) זאָגן די חכמים ז"ל, אַז דאָס מיינט ישמעאל'ן און אליעזר'ן. ישמעאל איז דאָך דעמאָלט שוין אַלט געווען איין און פופציק יאָר. יצחק איז אַלט געווען ביי דער עקידה זיבן און דרייסיק יאָר, נ2). און ישמעאל איז געווען עלטער פון יצחק'ן מיט פערצן יאָר. וואָרום ישמעאל איז אַלט געווען ביים מל זיין דרייצן יאָר און יצחק איז געבוירן געוואָרן אַ יאָר שפּעטער, נ3). און אליעזר איז שוין אויך געווען דעמאָלט אַ מאַן אין די יאָרן. און דאָך רופט זיי אַן דער פסוק „נעריו" — זיינע אינגלעך.

דער פסוק רופט אַן ישמעאל'ן „הנער" און ער איז שוין דאַן אַלט געווען פיר און צוואַנציק יאָר, נ4).

יצחק איז אַלט געווען ביי דער עקידה זיבן און דרייסיק יאָר, און אברהם, נ5) און דער מלאך, נ6) האָבן אים אָנגערופן „נער", אינגל.

בנימין איז שוין געווען אַ טאַטע פון צען קינדער, און יהודה האָט אים אָנגערופן „הנער" — אינגל, נ7).

די תורה זאָגט „ומשרתו יהושע בן נון נער" — אינגל, און יהושע איז דעמאָלט שוין אַלט געווען זעקס און פופציק יאָר, נ8).

---

ב"מ פו, ב; אר"ן א, יג און ב, כג; תנח. וירא ד; מה"ג,א' רסח, רע, רעא; ל"ט וירא יח, ז; מ"א וירא יח, ז.

לויט ספר הישר 47 האָט ער געשאָכטן אַ קעלבל. זעט ס"ה יח, ב.

כ*) זעט די קוועלן אין פאַרגייענדיקער נאָטע כ.

ל) בראשית יח, ז און רש"י דאָרט, אָבער פאַרגלייכט מיט: רמב"ן דאָרט; אר"ן א, יג; ב"ר מח, יג; ל"ט וירא יח, ז; י"ש וירא פב.

מ) ספר הישר אָנהויב וירא.

נ) בראשית יח, ז.

נ1) בראשית כב, ג.

נ2) זעט זייטן 158, 159, נאָטן ל-ר.

נ3) בראשית יז, כה און יח, ו, און כא פסוקים ב, ג.

נ4) בראשית כא, יב; כב, פסוקים ה און יב. ב"ר נג, יג. לויט ל"ט וירא כא, יד זיבן און צוואַנציק יאָר.

נ5) בראשית כב, ה.

נ6) בראשית כב, יב.

נ7) בראשית מד, פסוקים כב, ל, לא, לב, לג, לד.

נ8) שמות לג, יא. בחיי בראשית כב, ה און פאַרגלייכט: רמב"ן, אבן עזרא שמות לג, יא.

ווען דוד המלך האָט געהייסן יואב׳ן גיין קיין גשור און צוריקברענגען אבשלום׳ן, האָט ער אים געזאָגט „ולך השב את הנער את אבשלום״, גיי און ברענג צוריק (קער אום) דאָס אינגל אבשלום. און אבשלום איז דעמאָלט שוין געווען אַ טאַטע פון קינדער, נ9).

ווען דער אויבערשטער האָט געזאָגט ירמיהו׳ן „נביא לגוים נתתיך״, איך האָב דיך באַשטימט אַלס אַ נביא פאַר די פעלקער, האָט ער אים געענטפערט „כי נער אנכי״, אַז ער איז אַ אינגל, און ירמיה איז דאָך דענצמאָל געווען שוין מער ווי אַ אינגל, ס).

ער האָט געגעבן יעדן אַקס אַן אַנדער באַדינער, ע).

**פאַרוואָס האָט א׳ זיי געגעבן קיין ברויט?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנהייטן:

שרה איז יענעם טאָג געוואָרן אַ נדה (מאַנסטרואירט), איז דאָס ברויט געוואָרן טמא, פ).

עס איז דעמאָלט געווען פסח, האָט ער זיי געגעבן קיין ברויט, צ).

ער האָט זיי געגעבן ברויט, ק).

**אברהם האָט דאָך מקיים געווען די גאַנצע תורה, ק*) ווי זשע קומט עס וואָס ער האָט געגעבן די דריי „מענטשן״ פליישיקס און דערנאָך מילכיקס?**

אין דער תורה שטייט ניט אַזוי. דער פסוק זאָגט אַז ער האָט גענומען דעם רינד (צי די רינדער) „ויתן אל הנער״, ר) און האָט געגעבן דעם אינגל, עס פאַרטיק מאַכן צום עסן. און קאָכן אָדער בראָטן פלייש נעמט דאָך צייט. איז ביז דאָס פלייש איז פאַרטיק געוואָרן האָט ער גענומען מילכיקס „ויתן לפניהם״, ש) און ער האָט עס געגעבן די געסט. האָבן זיי אַלזאָ געגעסן פריער מילכיקס. און ווען דאָס פלייש איז פאַרטיק געוואָרן, האָט מען שוין געמעגט עס עסן. צו עסן פליישיקס נאָך מילכיקס דאַרף מען דאָך ניט וואַרטן זעקס שעה, ת).

לויט אַן אַנדער מיינונג האָבן זיי געגעסן בשר בחלב, ת*).

**האָבן די מלאכים טאַקע געגעסן ביי אברהם׳ן?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנהייטן:

---

נ9) שמואל ב׳ יד, כא.

ס) ירמיה א, פסוקים ה־ח. זעט: רש״י, רד״ק, מצודת דוד דאָרט.

ע) מ״א וירא יח, ז.

פ) ב״מ פז, א; ב״ר מח, יד; מ״א וירא יח, ח; ל״ט וירא יח, ח; י״ש וירא פב; רש״י בראשית יח, ח. פאַרגלייכט פר״א פרק לו.

צ) רבינו בחיי בראשית יח, ח.

זעט: פר״א פרק כח (סג, ב); סע״ר פרק ה; מר״י בא פסחא יד, פרשה יד, זייט טז, א; תנח. בא ט; ב״ר מח, יב און יפה תואר דאָרט; פ״ר פיסקא ו; מה״ג.א׳ וירא רסט; ל״ט וירא יח, ו; רש״י בראשית יח, י (פאַרגלייכט ר׳ מאיר החזן׳ס פיוט אינעם פסח׳דיקן מעריב); ירושלמי ברכות פרק ד, הלכה א; ברכות כז, א; ב״ר מח, ח; מה״ג.א׳ רסו; י״ש וירא פב און בשלח רסא.

ק) ב״ר מח, י; י״ש וירא פב. אין ב״מ פו, ב שטייט „ואכלו לחם״, אַז זיי האָבן געגעסן ברויט. קומט דאָך אויס אַז ער האָט זיי געגעבן ברויט.

ק*) זעט זייט 69, נאָטע ע.

ר) בראשית יח, ז.

ש) בראשית יח, ח.

ת) מ״א וירא יח, ח; ל״ט וירא יח, ח.

ת*) שו״ט ח, ב, הוצאת אום. זעט פ״ר ענדע פיסקא כה.

עס האָט זיך אויסגעוויזן אַז זיי עסן, א).

צוליב אברהם׳ס כבוד האָבן זיי געגעסן און געטרונקען, ב).

יעדער מאכל וואָס מען האָט אוועקגעשטעלט האָט זייער פייער עס פאַרצערט, ג).

עס איז אויך פאַראַן אַ מיינונג אַז „ויאכלו", און זיי האָבן געגעסן, מיינט די מענטשן וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער סעודה, נעמלעך אברהם, ישמעאל, ענר, אשכול און ממרא, ג*).

די וועלכע האַלטן אַז די מלאכים האָבן געגעסן, איז עס ווייל אַז מען קומט אויף אַן אָרט, דאַרף מען זיך פירן לויט דעם דאָרטיקן מנהג, ד).

דערציילט דאָך אונז די תורה אַז די פערציק טעג און פערציק נעכט ווען משה רבינו איז געווען אויפן באַרג סיני, האָט ער געגעסן קיין ברויט און געטרונקען קיין וואַסער, ה).

די חכמים ז״ל זאָגן עלה משה למרום — משה איז אַרויפגעגאַנגען אויפן הימל. איז כדאי צו באַמערקן אַז אין דער תורה שטייט עס ניט. אין דער תורה שטייט אַז דער אויבערשטער האָט אים געהייסן אַרויף גיין אויפן באַרג סיני און שטייען דאָרט פאַר אים. און משה האָט געטאָן ווי דער אויבערשטער האָט אים געבאָטן, ו). ער איז געווען דאָרט מיטן אויבערשטן פערציק טעג און פערציק נעכט. ברויט האָט ער ניט געגעסן, און וואַסער האָט ער ניט געטרונקען, און ער האָט אַראָפּגענידערט פונעם באַרג, ז).

ווידער שטייט אין דער תורה אַז משה זאָגט „בעלותי ההרה", ווען איך בין אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג. „וארד מן ההר", און איך האָב אַראָפּגענידערט פונעם באַרג, ח).

אויך אין תרגום שטייט אַז משה איז אַרויף געגאַנגען „לריש טוורא", אויפן שפּיץ באַרג, און דער אויבערשטער האָט גערופן צו אים „מן טוורא", פונעם באַרג, ט).

און די גמרא זאָגט „מעולם לא ירדה שכינה למטה, ולא עלו משה ואליהו למרום" — די שכינה האָט קיינמאָל אַראָפּגענידערט אויף דער ערד, און משה און אליהו זיינען קיינמאָל אַרויף געגאַנגען אויפן הימל, י).

עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז משה רבינו׳ס פיס זיינען געשטאַנען אויפן באַרג, און דער איבעריקער טייל פון זיין קערפּער איז געווען אין הימל, כ).

---

א) תרגום יונתן, רש״י בראשית יח, ח. ב״מ פו, ב; ב״ר מח יד; ש״ר מז, ה; ויק״ר לד, ח; ק״ר ג, יד; זהר וירא קב, א; מה״ג,א׳ וירא רעב; ל״ט וירא יח, ח; מ״א וירא יח, א; י״ש וירא פב; בחיי בראשית יח, ח.

ב) סא״ר פרק יב, נט און זעט תוספות בבא מציעא פו, ב, אונטערן וואָרט נראין; ש״ר פרשיות כח, און מז, ה; במ״ר י, ה (ענדע); תנח. וירא יא; י״ש וירא פב.

ג) זהר וירא קא, ב און קד, א.

ג*) מה״ג,א׳ וירא. זעט פאָלגענדיקע פראַגע און ענטפער.

ד) בראשית יח, ח און רש״י דאָרט.

ב״מ פו, ב; מר״י י, ה (ענדע); ב״ר מח, יד; ש״ר מז, ה; במ״ר י, ה, ענדע; מה״ג,א׳ רעב; תנח. וירא יא; מ״א וירא יח, ח; י״ש וירא פב.

ה) שמות לד, כח; דברים ט, ט. ב״ר מח, יד; ש״ר מז, ה; תנח. וירא יא; י״ש תשא תו.

ו) שמות לד פסוקים א, ב און ד.

ז) שמות לד פסוקים כח, כט.

ח) דברים ט, פסוקים ט און טו.

ט) תרגום יונתן שמות יט, ג. פאַרגלייכט דאָרט די תרגומים אונקלוס און ירושלמי, אבן עזרא.

י) סוכה ה, א, ערשטע שורה.

כ) פר״א פרק מא און זעט מיין בוך

**האָבן נאָך געסט זיך באַטייליקט אין דער סעודה וועלכע אברהם האָט געמאַכט פאַר די מלאכים?**

יאָ, זיינע פריינט ענר, אשכול און ממרא, ל).

**די מלאכים האָבן דאָך געוואוסט וואו שרה איז, וואָס זשע עפּעס האָבן זיי געפרעגט אברהמ'ן „איה שרה אשתך", מ) וואו איז דיין ווייב שרה?**

זיי זיינען אויסן געווען דערמיט אַרויסצוברענגען אַז שרה איז געווען אַ צנועה, זי באַליבט צו מאַכן ביי איר מאַן. און אברהם האָט דאָך טאַקע געענטפערט „הנה באהל", זי איז אינעם געצעלט, זי איז אַ צנועה, נ).

**די מלאכים האָבן געפרעגט אברהמ'ן „איה שרה אשתך", ס) וואו איז דיין ווייב שרה. איז עס דען פּאַסיק פאַר געסט באַלד צום ערשטן מאָל צו פרעגן וואו די באַלעבאָסטע (בעלת הבית) איז?**

זיי האָבן עס ניט געמיינט ווי אַ דירעקטע פראַגע וואו זי געפינט זיך. געוויינלעך גרייט דאָך די פרוי דעם טיש און אַזוי ווייטער. ווען זיי האָבן געזען ווי אברהם פּאָרעט זיך, האָבן זיי זיך געוואונדערט וואָס איז די מעשה וואָס מען זעט ניט די בעלת הבית'טע, ע).

**פאַרוואָס האָט דער מלאך געזאָגט צו אברהמ'ן „והנה בן לשרה אשתך", פ) און זע, שרה דיין ווייב וועט האָבן אַ זון. פאַרוואָס האָט ער ניט געזאָגט „והנה בן לך", דיר וועט געבוירן ווערן אַ זון?**

ווייל אברהם וואָלט נאָך געקאָנט מיינען אַז עס וועט אים געבוירן ווערן אַ זון פון הגר'ן, צ).

**וועלכער מלאך האָט אָנגעזאָגט אברהמ'ן די בשורה אַז עס וועט אים געבוירן ווערן אַ זון?**

מיכאל, ק).

**ווען דער מלאך האָט אָנגעזאָגט אברהמ'ן די בשורה אַז איבער אַ יאָר אין דער צייט וועט שרה געבוירן אַ זון, האָט ער אים געגעבן אַ סימן?**

יאָ. ער האָט געמאַכט אַ קריץ אין דער וואַנט, און ער האָט אים געזאָגט: ווען די זון וועט צוקומען איבער אַ יאָר צו דעם דאָזיקן קריץ, וועט שרה דיר געבוירן אַ זון, ר).

**ווען שרה האָט געהערט די גוטע בשורה אַז זי וועט געבוירן אַ זון, האָט זי זיך געוואונדערט און געזאָגט: מיין לייב איז איינגעדאַרט, איינגעקאָרטשעט. און קוקענדיק אויף זיך האָט זי גע־**

---

„מאָזעס אים ליכטע דער אגדה" זייט 106, באַמערקונג 387.

ל) תנח. וירא ג; מה"ג,א' וירא רעא. זעט די אַנדערע ווערסיעס, נוסחאות, גירסאות און ווער עס זאָגט וואָס אין: ב"ר מב, ח; אג"ב יט, לז און לט; מ"א לך לך יד, יג און וירא יח, א; מה"ג,א' רנה (דאָרט ווערן ענר, אשכול און ממרא אָנגערופן שושבינין) און וירא רסה. אין: ל"ט וירא יח, א; רמב"ן בראשית יד, יג און כד, כה בעלי בריתו, זיינע אַליאירטע. י"ש לך לך עג.

לויט: פר"א פרק כז, און זעט דאָרט רד"ל; י"ש לך לך סח זיינען זיי געווען אברהם'ס תלמידים.

לויט: ב"ר נח, ד; י"ש אַנהויב חיי שרה זיינען זיי געווען צדיקים.

מ) בראשית יח, ט.

נ) ב"מ פז, א; מ"א וירא יח, ט; י"ש וירא פב. לויט אַן אַנדער מיינונג דאָרט: כדי צו שיקן איר „כוס של ברכה".

ס) בראשית יח, ט.

ע) הכתב והקבלה, בראשית יח, ט, הוצאת אום.

פ) בראשית יח, י.

צ) זהר וירא קג, א צווייטע שורה.

ק) ב"מ פו, ב; ב"ר נ, ב; מ"א וירא יח, י. זעט ענטפער און מקורות צו דער פראַגע „ווער זיינען געווען די דריי געסט?" זייט 127, נאָטע ב.

ר) בראשית יח, י און רש"י בראשית כא, ב. תנח. וירא ענדע יג.

זאָגט: איז דען מעגלעך אַז אַט די דאָ־זיקע געדערים וועלן טראָגן אַ קינד! וועלן דען אַט די דאָזיקע בריסטן ציען מילך! ... „ואדני זקן", און מיין האָר איז דאָך אַלט ... ווי זשע קאָן זי נאָך האָבן אַ קינד. אָבער ווען דער אויי־בערשטער האָט דאָס איבערגעגעבן אב־רהם'ן, האָט ער געזאָגט „ואני זקנתי", ש) נעמלעך אַז שרה האָט געזאָגט ניט אב־רהם, נאָר זי איז אַלט. פאַרוואָס האָט דער אויבערשטער עפּעס געענדערט שרה'ס ווערטער?

צוליב שלום בית וועגן, ת).

**ווי קומט עס וואָס דער אויבערשטער האָט גערעדט מיט שרה'ן. האָט ער דען גערעדט מיט פרויען?**

לויט איין מיינונג איז שרה טאַקע געווען די איינציקע פרוי מיט וועמען ער האָט גערעדט.

לויט אַ צווייטער מיינונג איז אַפילו מיט שרה'ן האָט ער ניט גערעדט די־רעקט, נאָר דורך אַ מלאך.

לויט אַ דריטער מיינונג האָט ער גע־רעדט צו איר דורך שם'ן, נח'ס זון, א).

**שרה איז דאָך געווען אַ נביאה. אין נביאות איז זי דאָך געשטאַנען העכער אַפילו פון אברהם'ן. ווי זשע קומט עס וואָס זי האָט ניט געגלויבט די מלא־כים?**

ווייל זי האָט ניט געוואוסט אַז זיי זיינען מלאכים. און אפשר האָט זי זיי אינגאַנצן ניט געזען, ב).

**נאָך דעם ווי דער מלאך האָט גע־זאָגט אברהם'ן אַז אין אַ יאָר אַרום אין דער צייט וועט שרה געבוירן אַ זון, און זיי האָבן זיך געלאָזט אַוועקגיין, האָט ער זיי באַגלייט?**

יאָ, ווייל ער האָט דאָך געמיינט אַז זיי זיינען מענטשן, ג).

**האָט א' באַקומען שכר פאַר זיין גאַסט־פריינטלעכקייט צו די מלאכים?**

יאָ. אַלץ וואָס אברהם האָט געטאָן אַליין פאַר די מלאכים, האָט דער אויי־בערשטער געטאָן אַליין פאַר זיינע קינ־דער. און אַלץ וואָס ער האָט געטאָן דורך אַ שליח, האָט דער אויבערשטער געטאָן דורך אַ שליח פאַר זיינע קינדער.

ער איז געלאָפן דריי מאָל פאַר די מלאכים: „וירץ ... וימהר ... ואל הבקר רץ" ... איז דער אויבערשטער געלאָפן דריי מאָל פאַר זיינע קינדער.

א' האָט געזאָגט „יקח נא מעט מים", זאָל געבראַכט ווערן אַביסל וואַסער, האָבן די אידן זוכה געווען צו האָבן מרים'ס ברונעם אין דער מדבר.

א' האָט געזאָגט „והשענו תחת העץ", און לענט אייך אָן אונטערן בוים, האָבן די אידן זוכה געווען צו די זיבן וואָלקנס: פיר פון אַלע פיר זייטן, איינער איבער זיי, דער שכינה וואָלקן צווישן זיי, און

---

ש) בראשית יח, פסוקים יב, יג און רש"י פסוק יג.

ת) אַז שלום איז זעהר וויכטיק זעט: ב"ר מח, יח און ק; ויק"ר ט, ט; במ"ר יא, ז; ד"ר ה, טו; מ"א וירא יח, יג; ב"מ פז, א; יבמות סה, ב; ענדע מסכת דרך ארץ; ירושלמי פאה פרק א, הלכה א'; ספרי נשא פיסקא מב; תנח. תולדות א'; ענדע ויחי, צו ז; שופטים יח; ל"ט וירא יח, יג; י"ש וירא פב; ויחי קסב; נשא תשיא; תהלים תשיא און תשיב.

זעט מיין בוך „די שעהנקייט פון אידענ־טום", קאַפּיטל „קריג און פרידען".

א) ירוש. סוטה פרק ז, הלכה א; ב"ר כ, ו; מה, י; מח, כ; סג, ז; שו"ט ט, ז; ל"ט וירא יח, טו און חיי שרה כג, א; י"ש לך לך פ און וירא פב.

ב) זעט רמב"ן און רבינו בחיי, ברא־שית יח, טו.

ג) בראשית יח, י; פסוק טז און רש"י דאָרט.

דער וואָלקן וואָס איז געצויגן פאַר זיי און האָט גענידעריקט די בערג, ארויס־געהויבן די טאָלן, געטויט די שלאַנגען און עקדישן, פאַרברענט די דערנער און גלייך געמאַכט דעם וועג.

פאַר אברהם'ס זאָגן „ואקחה פת לחם", און איך וועל ברענגען אַ שטיקל ברויט, האָט דער אויבערשטער געגעבן די אידן דעם מן.

פאַרן „ואל הבקר רץ אברהם", און אברהם איז געלאָפן צו די רינדער, האָט דער אויבערשטער געגעבן די אידן וואכטל־פייגל פונעם ים.

פאַרן „והוא עומד עליהם", און ער (אברהם) איז געשטאַנען פאַר זיי, האָט דער אלמעכטיקער באַשיצט זיינע קינ־דער אין מצרים.

און פאַרן „הולך עמם לשלחם", פאַרן באַגלייטן די מלאכים, האָט דער אוי־בערשטער באַגלייט זיינע קינדער אין דער מדבר פערציק יאָר, ד).

**אברהם איז דאָך שוין אַלט געווען נייען און נייענציק יאָר און שרה נייען און אַכציק, ווי זשע האָבן זיי געקאָנט דערוואַרטן צו ווערן טאַטע־מאַמע ביי די יאָרן?**

דער באַשעפער האָט זיי אומגעקערט צו יוגנטלעכקייט, ה).

## אברהם בעט פאַר סדום

**ווען דער אויבערשטער האָט אָנפאַר־טרויט אברהם'ן אַז ער רעכנט צו פאַר־ניכטן סדום און עמורה פאַר זייערע הארבע זינד, זאָגט דער פסוק „ואברהם עודנו עומד לפני ה'", ו) אַז אברהם איז נאָך געשטאַנען פאַרן אויבערשטן. אברהם איז דאָך ניט געגאַנגען צום אויבערשטן. די שכינה איז דאָך געקו־מען צו אים. וואָלט דאָך באַדאַרפט שטיי־ען פאַרקערט?**

עס איז אַ תיקון סופרים, ז).

**פאַרוואָס האָט דער באַשעפער דער־ציילט אברהם'ן, ח) אַז ער רעכנט צו פאַרניכטן סדום, עמורה און די אַנדערע שטעט?**

צוליב דריי טעמים:

דער אויבערשטער האָט זיך גע־טראַכט מתן תורה און גיהנם האָב איך אים אַנטפּלעקט. מאָרגן וועט זיין סדום'ס משפט. זאָל איך עס אים ניט אַנט־פּלעקן! ט).

דער אויבערשטער האָט אים געזאָגט „לזרעך אתן את הארץ הזאת", י) דיי־נע קינדער וועל איך געבן דאָס דאָזי־קע לאַנד, און איצט וויל איך פאַר־ניכטן פינף שטעט פון דעם דאָזיקן לאַנד צוליב זייערע זינד; איך האָב גערופן

---

ד) בראשית יח, פסוקים ב, ו, ז, ד, ה, ז, ח, טז.
זעט די פאַרשידענע נוסחאות, און ווער עס זאָגט זיי אין: ב"מ פו, ב; תוספתא סוטה פרק ד, א, ב און ג; פ"ר פיסקא פרה, נז, א; סא"ר 59־60; ב"ר מח, י; ש"ר כה, ה; ויק"ר לד; ח; במ"ר יד, ב; ק"ר יא, א; תנח. וירא ד; תנח"ב וירא ה און תצוה ב; מדרש אגדה וירא יח, ד; ל"ט וירא יח, ד; מדרש הגדול בראשית 272; ילקוט א' 182; י"ש וירא רמז פב; ב"מ,א' קנג.
זעט: תדא"ר פרק ב (יב); מר"י, כה, הוצאת אום.

ה) ל"ט וירא יח, יד. זעט ב"ר מח, יז.
ו) בראשית יח, כב.
ז) ב"ר מט, ז; ש"ר מא, ד; ויק"ר יא, ה; מר"י בשלח פרשה ו; תנח. בשלח טז; שו"ט יח, כב; י"ש וירא פג, בשלח רמז, שמואל ב' קסא; ל"ט בראשית יח, כב.
ח) זעט: מ"א וארא יח, כ; רש"י, רשב"ם, רמב"ן בראשית יח, כ.
ט) ב"ר מד, כא; און מט, ב; ש"ר נא, ז; מר"י יתרו אַנהויב פרשה ט; פ"ר פיסקא טו; פר"כ מב, ב הוצאת אום; שו"ט נב, ח; י"ש לך לך עו, וירא פב און תהלים תשלז; פאַרגלייכט מ"א וירא יח, יז.
י) בראשית יב, ז און כד, ז.

אברהם'ן „אב המון גוים", דער פאָטער פון פילע פעלקער. זאָל איך אומברענגען די קינדער און ניט מודיע זיין פריער דעם טאַטן, מיין ליבהאָבער! כ).

ער האָט אים מודיע געווען כדי ער זאָל בעטן רחמים אויף זיי, ל).

**ווי האָט אברהם רעאַגירט אויף דעם אויבערשטנס רעכענען צו פאַרניכטן סדום, עמורה און די אַנדערע שטעט?**

ער האָט באַשלאָסן צו קעמפן קעגן דעם מיט אַלע מיטלען: מיט קאַמף, מיט גוטן, און מיט מתפלל זיין, ל*).

„רעכנסטו טאַקע אומצוברענגען דעם צדיק מיטן רשע, דאָס איז חילול השם"! האָט אברהם אויסגערופן, מ).

„איך זע ברוח הקודש אַז אַ פרוי, סרח, אשר'ס טאָכטער און יעקב'ס אייניקל, וועט אַמאָל אַפּראַטעווען אַ גאַנצע שטאָט. און יואב, דוד המלך'ס פעלדמאַרשאַל, וועט נעמען דעם קאָפּ פון בלויז איין שולדיקן מענטשן און איבערלאָזן די גאַנצע שטאָט. בין איך ניט ווערט אָפּצוראַטעווען די דאָזיקע פינף שטעט. דו, דער רחמן, דער באַרעמהערציקער וועסט אומברענגען אַלע, חלילה!" האָט אברהם גע'טענה'ט, נ).

„דו האָסט דאָך געשוואוירן אַז דו וועסט ניט ברענגען מער אַ מבול אויף דער וועלט. ווילסטו, הייסט עס, אויסמיידן די שבועה מיט אַן אויסרייד. נעמלעך, אַ מבול פון וואַסער וועסטו טאַקע ניט ברענגען, אָבער אַ פייער פאַרפלייצונג יאָ. וועסטו דאָך, אָבער, פאָרט ניט יוצא זיין די שבועה", ס).

„אפשר זיינען פאַראַן אין דער שטאָט פופציק צדיקים וועסטו אויך אומברענגען, און דו וועסט ניט פאַרגעבן דעם אָרט וועגן די פופציק צדיקים וועלכע געפינען זיך אין איר"! חלילה פאַר דיר צו טויטן דעם צדיק מיטן רשע, אַז דער רשע זאָל זיין ווי דער צדיק..."

„זאָל דער ריכטער פון דער גאַנצער וועלט ניט טאָן גערעכטיקייט! ע) ווילסטו וועלט, פאַרקוק דין; ווילסטו דין איז ניטאָ וועלט. דו האָסט אָנגעכאַפּט דעם שטריק ביי ביידע עקן. דו ווילסט וועלט און דין. אויב דו וועסט ניט מוותר זיין, פאַרקוקן אַ ביסל, קען די וועלט ניט עקזיסטירן", פ) האָט אברהם אַרגומענטירט.

„ביי אַ מלך בשר ודם קען מען אַפּעלירן צו אַ העכער געריכט. און צו אַ נאָך העכער געריכט, צום גובערנאַטאָר... און אין דיין פאַל, ווייל קיינער קען דיר ניט פאַרווערן, דאַרפסטו שוין ניט טאָן גערעכטיקייט", צ) האָט אברהם אויסגעשריען.

און דער אויבערשטער האָט אים גע-

---

כ) ב"ר מט, ב; מ"א וירא יח, יז; רש"י בראשית יח, יז.

ל) ל"ט וירא יח, יז.

ל*) זעט ענלעכע מיטלען אין יהודה'ס אַרגומענטן מיט יוסף'ן אין: ב"ר צג, ו; י"ש ויגש קנ; און אין פאַל פון די בני יהודה מיט יהושע'ן אין י"ש יהושע ענדע כב.

מ) בראשית יח, כג און רש"י דאָרט. ב"ר מט, ח; י"ש וירא פג און פאַרגלייכט מיט תנחומא וירא ח.

נ) תנחומא וירא יב; ב"ר צד, ט; ק"ר ט, פסוק יח; אגדת בראשית כב, ג; מדרש שמואל פרשה לב; י"ש שמואל ב', קנב. זעט תנח"ב וירא יב.

ס) ב"ר לט, ו; מט, ט; ויק"ר י, א; זבחים קטז, א (פאַרגלייכט סוטה יא, א); פר"כ פיסקא טז, קכה, א־ב; פיסקא יט, קלט, א; י"ש וירא פג און תהלים תשנ. זעט דאָרט די נוסחאות „מערים" (איבערקליגלען, איבערכיטרעווען), און „מעביר על השבוע".

ע) בראשית יח, כד, כה.

פ) ב"ר מט, ט; י"ש וירא פג.

צ) ב"ר מט, ט; י"ש וירא פג.

ענטפערט אַז אויב ער וועט געפינען אין סדום פופציק צדיקים, וועט ער פאַרגעבן דעם גאַנצן אָרט צוליב זיי, ק) אָבער ער האָט ניט געפונען.

**פאַרוואָס האָט אברהם גענוצט צוויי מאָל דעם אויסדרוק „חלילה לך" ווען ער האָט געבעטן, אַפּעלירט צום באַשעפער ניט צו פאַרניכטן סדום און די אַנדערע שטעט?**

ער איז דערמיט אויסן געווען אונטערצושטרייכן אַז עס שטעקט אין דעם אַ דאָפּלטער חילול השם. „חולין הוא לך, ברייה היא לך", אַזאַ האַנדלונג איז דיר פרעמד; עס איז ניט דיין נאַטור. און די וועלט זאָל ניט זאָגן: אַזוי איז שוין זיין באַשעפטיקונג, זיין פּראָפעסיע, ער פאַרניכטעט די דורות מיט גרויזאַמקייט. ער האָט אומגעבראַכט דעם דור אנוש, דעם דור המבול, דעם דור הפּלגה, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען צו בויען אַ טורעם וואָס זאָל דערגרייכן ביזן הימל, ק*).

**אברהם האָט געבעטן „אולי יש חמשים צדיקים", ר) אפשר זיינען פאַראַן פופציק צדיקים, און אין זייער זכות זאָל דער אויבערשטער ניט חרוב מאַכן סדום און די אַנדערע פיר שטעט. פאַרוואָס עפּעס גראַדע פופציק?**

עס זיינען געווען פינף שטעט: סדום, עמורה, אדמה, צבֹיים און צוער, ש) צען צדיקים זאָלן ראַטעווען אַ שטאָט, ת).

**ווען אברהם האָט זיך איינגעשטעלט פאַר סדום, האָט ער גע'טענה'ט צום רבונו של עולם „אולי יש חמשים צדיקים בתוך העיר", וואָס, אייגנטלעך, מיינט „בתוך העיר"?**

דער „אהבת דוד" זאָגט עס מיינט ניט אַזעלכע וועלכע זיינען צדיקים ביי זיך אין הויז, אין שטיבל, אין בית המדרש, אין ישיבה. נאָר אברהם אבינו האָט געמיינט אַזעלכע וועלכע זיינען צדיקים „בתוך העיר", אין שטאָט, אין גאַס, אין מאַרק, אין מסחר, אין זייערע האַנדלונגען מיט מענטשן, בין אדם לחבירו'דיקע צדיקים. אַזעלכע וועלכע אין אַלע צווייגן, ריכטונגען און שאַטירונגען פון דעם אַלטעגלעכן לעבן, גייען זיי „אין צדיק'ס טריט", ת*).

**ווען אברהם האָט געבעטן דעם אַלמעכטיקן ער זאָל ניט פאַרניכטן סדום און די אַנדערע שטעט, האָט ער געזאָגט: זע, איך בעט דיך, איך וואַג צו ריידן צו מיין האַר, „ואנכי עפר ואפר", א) כאָטש איך בין ערד און אַש. האָט ער באַקומען שכר פאַר זיין עניוות, באַשיידנקייט?**

יא. זיינע אָפּשטאַמלינגע האָבן זוכה געווען צו די צוויי מצוות: אַש פון דער פרה אדומה, און צו ערד פון דער סוטה, ב).

---

ק) בראשית יח, כו.

ק*) בראשית יח, כה און רש"י דאָרט. תנח"ב וירא י און יא; ב"ר מט, ט; ל"ט בראשית יח, כה.

ר) בראשית יח, כד, תרגום יונתן און רש"י דאָרט.

ש) בראשית יד, פסוקים ב, און ח. אין בראשית י, יט „וצבים". אין דברים כט, כב ווערן דערמאָנט בלויז סדום, עמורה אדמה, צביים, און צוער ניט. אין הושע יא, ח ווערן דערמאָנט אדמה און צבאים. זעט יהושע יט, לו.

צוער באַזונדער ווערט דערמאָנט אין: בראשית יג, י; קאַפּיטל יט פסוקים כב, כג, ל; דברים לד, ג; ישעיה טו, ה; ירמיה מח, לד.

ת) תרגום יונתן, רש"י בראשית יח, כד. מ"א וירא יח, כד; ל"ט וירא יח, כד.

ת*) בראשית יח, כד; אהבת דוד.

א) בראשית יח, כז.

זעט: תנח. תצא, ה; פ"ר מז, א.

ב) סוטה יז, א; חולין סח, ב; מ"א

**ווען אברהם האָט אָנגעהויבן בעטן פֿאַר סדום און די אַנדערע שטעט, האָט ער געזאָגט „ואנכי עפר ואפר", ג) און איך בין ערד און אַש. וואָס איז ער אויסן געווען דערמיט?**

ער האָט געזאָגט: ווען די מלכים וואָלטן געווען מיך גע'הרג'ט, וואָלט איך דאָך שוין געווען ערד. ווען נמרוד וואָלט געווען מיך פֿאַרברענט אין קאַלך אויוון, וואָלט איך דאָך שוין לאַנג גע-ווען אַש. אָבער דיין רחמים איז מיר בייגעשטאַנען, און דו האָסט מיך אָפּ-געראַטעוועט פֿון ביידע. בין איך דאָך אייגנטלעך פֿאַר דיר ערד און אַש, ד).

**ווען אברהם האָט איינגעזען אַז עס זיינען ניטאָ אין סדום און אין די אַנ-דערע שטעט פֿופֿציק צדיקים האָט ער ווייטער געבעטן ניט צו פֿאַרניכטן זיי?**

יאָ. ער האָט געבעטן: „האר פֿון די וועלטן, אפשר וועלן זיך געפֿינען דאָרט פֿינף און פֿערציק, אפשר פֿערציק, אָדער דרייסיק צדיקים, צען פֿאַר סדום, צען פֿאַר עמורה און צען פֿאַר אדמה. דיין רחמים וועט דעקן צביים, און מיין ווויי-ניקייט גיב צוער וועמענס זינד זיינען לייכטע, ד*). און דער אויבערשטער האָט אים געזאָגט אַז ער וועט זיי ניט פֿאַר-לענדן אויב עס וועלן זיך געפֿינען דאָרט דרייסיק צדיקים.

„אפשר וועלן זיך געפֿינען דאָרט צוואַנ-ציק צדיקים, צען פֿאַר סדום, צען פֿאַר עמורה. דו האָסט דאָך שוין מסכים געווען צו פֿאַרקוקן צביים צוליב דיין רחמים און צוער צוליב מיין בקשה. בלייבט דאָך בלויז אדמה. און מען רעכנט זיך דאָך ניט מיט די מעשים פֿון אַ יחיד ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ רבים. וואָרום דער יחיד ווערט דאָך בטל דורך זיין ווינציקייט". און דער אוי-בערשטער האָט אים געענטפֿערט אַז ער וועט ניט פֿאַרדאַרבן צוליב צוואַנציק.

ווען ער האָט געבעטן ניט צו פֿאַר-ניכטן און פֿאַרטיליגן די שטעט און די איינוואוינער, אויב עס וועלן זיך געפֿי-נען דאָרט צען צדיקים, האָט דער אוי-בערשטער אים געענטפֿערט, אַז ער וועט ניט פֿאַרלענדן. אָבער: עס איז אַנט-פּלעקט פֿאַר מיר אַז עס געפֿינען זיך דאָרט ניט מער פֿון דריי, לוט און זיינע צוויי טעכטער, און יחידים ווערן דאָך בטל דורך זייער ווייניקייט, ד**).

**אברהם האָט געבעטן אפשר זיינען פֿאַראַן פֿופֿציק צדיקים, פֿינף און פֿער-ציק צדיקים, פֿערציק, דרייסיק, צוואַנ-ציק, אפשר צען, ה) און אויף ווייניקער פֿון צען האָט ער שוין ניט געבעטן, פֿאַרוואָס?**

---

וירא יח, כז. זעט אַן אַנדער מיינונג אין: ב"ר מט, יא; ל"ט וירא יח, כז. זעט במדבר יט, ט וועגן אפר פרה — אַש פֿון דער פרה אדומה, און במדבר ה, יא-לא וועגן עפר סוטה — ערד פֿון אַ סוטה.

ג) בראשית יח, כז און רש"י דאָרט.

ד) ב"ר מט, יא; מ"א וירא יז, כז; ל"ט וירא יח, כז; י"ש וירא פּז. זעט דאָרט די פֿאַרשידענע ווערסיעס.

און איצט אַ שיינעם טייטש פֿון „עפר ואפר" פֿון ר' יונתן אייבישיטץ ז"ל:

„עפר" איז טאַקע בלויז ערד. אָבער ווען מען בעאַרבעט עס, ברענגט עס פּרוכט, תבואה. עפר, אַלזאָ, האָט אַ גלאָררייכע צוקונפֿט. „אפר", אַש, האָט קיין צוקונפֿט. אָבער עס האָט אַ פֿאַרגאַנגענהייט. איידער עס איז דער-פֿון געוואָרן אַש, איז עס דאָך געווען עפּעס. און אָט דאָס האָט אברהם גע'טענה'ט אין זיין ענוות: ער איז „עפר ואפר", נעמלעך זיין פֿאַרגאַנגענהייט איז „עפר", זיין צוקונפֿט איז „אפר". זיין אייגענע פּערזאָן האָט גע-האָט און וועט האָבן קיין שום באַדייטונג.

ד*) צער ווי מצער — ווייניק.

ד**) מדרש שכל טוב. זעט בראשית יח, כח-לג.

ה) בראשית יח פּסוקים כד, כח, כט, ל, לא, לב.

ווייל ביים דור המבול זיינען דאָך גע־ ווען אַכט צדיקים נח און זיין ווייב, זיינע דריי זין און זייערע דריי ווייבער, און זיי האָבן ניט מציל געווען זייער דור, ו).

**פאַרוואָס האָט א' ניט געבעטן אפשר זיינען פאַראַן נייען צדיקים און דער אויבערשטער וועט זיך מצטרף זיין, וועט זיין צען, און אין דעם זכות זאָלן די פינף שטעט אָפּגעראַטעוועט ווערן?**

ווייל אויף נייען מיטן אויבערשטן אַלס צענטער האָט ער שוין געבעטן. ווען ער האָט געבעטן: אפשר זיינען פאַראַן פינף און פערציק צדיקים, ז) קומט דאָך אויס נייען אויף אַ שטאָט און דער אויבער־ שטער דער צענטער און אברהם האָט ניט גע'פועל'ט, האָט ער שוין ניט גע־ בעטן אויף נייען, ח).

**ווען אין סדום האָבן זיך ניט געפונען פופציק צדיקים, האָט אברהם געבעטן: טאָמער וועלן דאָרט זיין פינף און פער־ ציק, פינף ווייניקער. נאָכדעם האָט ער אַראָפּגעלאָזט צו צען, נעמלעך, פער־ ציק, דרייסיק, צוואַנציק, צען. פאַרוואָס ניט צו פינף?**

דער אויבערשטער האָט אים ניט גע־ לאָזט, ט).

**דער פסוק זאָגט „ואברהם שב למקו־ מו", י) און אברהם האָט זיך אומגע־ קערט צו זיין אָרט. וואוהין האָט ער זיך אומגעקערט?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנ־ הייטן:

לויטן פּראָסטן פשט האָט ער זיך אומ־ געקערט קיין אלוני ממרא פון וואַנען ער איז געקומען.

ער האָט זיך אומגעקערט צו זיין ליב־ לינגס־באַשעפטיקונג, נעמלעך צו הכנסת אורחים.

ער האָט זיך אומגעקערט צו זיינע גשמיות'דיקע, מענטשלעכע, קערפּערלע־ כע איינשטעלונגען און געפילן. אַזוי לאַנג ווי די שכינה איז געווען נעבן אים, איז ער דאָך געווען גאַלע, לויטער גייסט. ער איז געווען אויסגעטאָן פון דער וועלט, פון אַלע חומר'דיקע, מאַטעריע־ לע, קערפּערלעכע איינשטעלונגען, פאַר־ לאַנגען און געפילן. אָבער ווי נאָר די שכינה איז אַוועק, האָט ער זיך אומ־ געקערט צו דער בשר ודם'ישער איינ־ שטעלונג, כ).

**נאָכן אויבערשטנס פאַרניכטן סדום און די אַנדערע שטעט, זאָגט די תורה „ויש־ כם אברהם בבקר אל המקום אשר עמד שם", און אברהם האָט זיך געפּע־ דערט אינדערפרי צו דעם אָרט וואו ער איז געשטאַנען פאַרן אויבערשטן. וואָס איז דער פסוק אויסן דערמיט?**

---

ו) ב"ר מט, יג און חידושי הרש"ש; י"ש וירא פג; רש"י בראשית יח, לב.

אין: ב"ר מט, יג; י"ש וירא ענדע פג; ל"ט וירא יח, לב שטייט: „לוט ואשתו, ד' בנותיו וד' חתניו", לוט און זיין ווייב, זיינע פיר טעכטער און זיינע פיר איידעמס. זעט אין בראשית רבה דאָרט רד"ל און אַלע מפר־ שים; ב"ר נ, ט; בחיי בראשית יח, כד.

ז) בראשית יח, כח און רש"י דאָרט.

ח) רש"י בראשית יח, לב; ב"ר מט, ט; שאלות ותשובות רדב"ז חלק ב, סימן רנז.

ט) זעט ל"ט וירא יח, לב און הערה פא.

י) בראשית יח, לג.

כ) רבינו בחיי בראשית יח, לג. זעט אויך דאָרט די דערקלערונג לויט קבלה.

באַמערקונג: לויט רבינו בחיי'ס פּראָסטן פשט האָט אברהם זיך אומגעקערט קיין אלו־ ני ממרא. ער איז דאָך געווען דאָרט. דאָרט האָט זיך דאָך באַוויזן צו אים די שכינה. דאָרט האָט ער זיך דאָך מל געווען. דאָרט זיינען דאָך געווען די מלאכים. דאָרט האָט ער דאָך געבעטן פאַר סדום און עמורה!! זעט בראשית קאַפּיטל יח.

דאָס איז אונז צו לערנען, אַז ווער עס באַשטימט אַ באַשטענדיק אָרט פאַר זיינע תפילות, צום דאַווגען, דעם וועט דער אויבערשטער פון אברהם אבינו העלפן. נאָך זיין טויט באַצייכנט מען אים אַלס עניו, אַ באַשיידענער, חסיד, אַ פרומער און איינער פון אברהם אבינו׳ס תלמידים, כ*).

**דער פסוק זאָגט „ויסע משם אברהם", ל) א׳ האָט אַוועקגעצויגן פון דאָרט. פאַרוואָס?**

צוליב צוויי טעמים:

נאָך דעם ווי סדום, עמורה, אדמה, צביים און צוער זיינען חרוב געוואָרן, זיינען געווען קיין אורחים מער, מ).

ער האָט זיך דערווייטערט פונעם שלעכטן גערוך פון לוט׳ן, וועלכער האָט באַקומען אַ שלעכטן נאָמען פאַר זיין פאַרקערן מיט זיינע אייגענע צוויי טעכטער, נ).

**וואו האָט א׳ זיך באַזעצט נאָך זיין דערווייטערן זיך פון לוט׳ן?**

אין גרר וואו אבימלך איז געווען קעניג, ס).

## אברהם און אבימלך

### זעט אבימלך א, זייטן 25-30.

**וואָס האָט פּאַסירט מיט אברהם׳ן ווען ער האָט זיך באַזעצט אין גרר?**

ווען אברהם איז געקומען קיין גרר, האָט אבימלך אַוועקגענומען שרה׳ן וועלכע איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך שיינע, ווייל ער האָט געמיינט אַז זי איז אברהם׳ס שוועסטער, אָבער ער האָט ניט פאַרקערט מיט איר. אַ הימלישע שטימע האָט אים געוואָרנט אין חלום אַז זי איז פאַרהייראַט, און ער זאָל זי באַפרייען. אבימלך האָט זי באַפרייט. ער האָט געגעבן אברהם׳ן שאָף, רינדער, קנעכט, דינסטן און טויזנט זילבער. ער האָט פאָרגעשלאָגן אברהם׳ן זיך צו באַזעצן אין זיין לאַנד, וואו נאָר ער וויל.

אַזוי ווי אבימלך, זיין ווייב, זיין דינערשאַפט און זיינע בהמות זיינען געשלאָגן געוואָרן מיט פאַרשטאָפּונג פון אַלע קאַנאַלן אינעם קערפּער, מאָגן פאַרשטאָפּונג, געבורט פאַרשטאָפּונג, נאַז פאַרשטאָפּונג און אַזוי ווייטער, און אַפילו זיינע הינער האָבן ניט געקענט לייגן די אייער פאַר זיין אַוועקנעמען שרה׳ן פון אברהם׳ן, האָט אברהם תפילה געטאָן צום אַלמעכטיקן, צום רופא חולים, פאַר זיי, און זיי זיינען געהאָלפן געוואָרן, ע).

**איז אברהם געווען דער סאַמע ערשטער מתפלל צו זיין?**

ער איז דער ערשטער ביי וועמען עס

כ*) בראשית יט, כז. ברכות ו, ב.

ל) בראשית כ, א און רש״י דאָרט.

מ) ב״ר נב, א און ג; פ״ר פיסקא מב; י״ש וירא פז.

נ) ב״ר נב, ד; מ״א וירא כ, א; ל״ט וירא כ, א; י״ש וירא פז.

ס) בראשית כ, פסוקים א, ב.

ע) בראשית קאַפּיטל כ; ספר הישר וירא; ב״ר מא, ב און נב, יג; בבא קמא צב, א; פ״ר פיסקא מב; י״ש וירא צא; רש״י בראשית כ, ט; בחיי בראשית כ, יח.

לויט ספר הישר וירא 54 איז ער געשלאָגן געוואָרן מיט „מכות נמרצות".

אַז שרה איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך שיינע, אַז זי איז געווען איינע פון די פיר שענסטע פרויען וואָס די וועלט האָט געזען, און אַז אַלע מענטשן קעגן איר זיינען געווען ווי אַ מאַלפּע (אַפּע) קעגן אַ מענטש, זעט: מגילה יד, א און טו א; בבא בתרא נח, א; תנחומא לך לך ה; מ״א בראשית יא, כט; ל״ט נח יא, כט; י״ש בראשית טו; רש״י בראשית יא, כט.

די אַנדערע דריי שיינע פרויען זיינען געווען אביגיל (דוד המלך׳ס אַ ווייב), רחב און אסתר המלכה. לויט אַן אַנדער מיינונג

שטייט דער לשון תפילה, „ויתפלל בעדך", „ויתפלל אברהם", ע*).

**אברהם האָט געזאָגט אַז שרה איז זיין שוועסטער, פּ) זי איז דאָך געווען זיין ווייב?**

אין חומש שטייט בפירוש „וגם אמנה אחותי בת אבי היא, אך לא בת אמי", צ) אַז זי איז געווען זיין שוועסטער פון איין פאָטער, אָבער ניט פון איין מוטער.

**א' איז דאָך שוין איינמאָל אַריינגעפאַלן מיט שרה'ן, ק). ווען זי האָט געזאָגט פּרעה'ן אַז זי איז אברהם'ס שוועסטער, האָט ער זי דאָך אויפגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט. נאָר וואָס דען, עס איז געשען אַ נס, און זי איז ניצול געוואָרן. אָבער מיר ווייסן דאָך „דלאו כל יומא מתרחיש ניסא", ר) אַז ניט יעדער טאָג פּאַסירט אַ נס. פאַרוואָס זשע האָט אברהם אויך ביי אבימלך'ן געזאָגט אַז זי איז זיין שוועסטער? ש).**

אברהם האָט זיך ניט פאַרלאָזט אויף נסים. נאָר אַזוי ווי ער האָט געזען ווי די שכינה איז כסדר מיט שרה'ן, און זי טוט זיך ניט אָפּ פון איר, האָט ער זיך פאַרלאָזט דערויף, ת).

**אברהם האָט דאָך שוין געוואוסט וואָס פאַר אַ צרות ער האָט געהאַט פון פּרעה'ן וועגן שרה'ן, פאַרוואָס זשע האָט ער זי ניט גע'גט?**

ער האָט איר יאָ געגעבן אַ גט, א). אָבער אַזוי ווי דער גט איז דאָך געווען אוים מורא, איז דאָך אברהם געווען אַן אנוס, איז דער גט ניט געווען אַ פולשטענדיקער גט. דערפאַר טאַקע איז אבימלך'ן געזאָגט געוואָרן „והיא בעולת בעל", ב) זי איז אַ גרושה, אַ גע'גט'ע בלויז אוים מורא.

אָט דאָס האָט טאַקע אבימלך גע'טענה'ט „הגוי גם צדיק תהרוג", ג). אַ גוי האָט דאָך ניט דעם דאָזיקן דין. ביי אַ גוי איז אַפילו אַזאַ גט אויך אַ פולשטענדיקער גט. צווייטנס, ער איז דאָך אַ צדיק, ווייל ער האָט דאָך זי ניט געטשעפּעט, כאָטש ער האָט אים געזאָגט אַז זי איז זיין שוועסטער, און זי אַליין האָט דאָך אים געזאָגט „אחי הוא", ד) — ער איז מיין ברודער, ה).

**האָט אבימלך אַוועקגענומען שרה'ן פון אברהם'ן מיט געוואַלט, צי איז זי געגאַנגען צו אים פרייוויליק?**

---

— ושתי אויפן אָרט פון אסתר, מגילה טו, א. זעט: אביגיל ב, זייטן 20, מ, נ; 80, ל.

לויט ספר הישר 53 האָט אבימלך גע'חלום'ט אַז אַ מלאך מיט אַ בלויזער שווערד אין האַנט, שטייט פאַר אים און וואָרנט אים אַז אויב ער שיקט ניט שרה'ן צו איר מאַן אברהם, וועט ער טויטן אים און אַלע זייניקע. זעט מער איינצלהייטן דאָרט.

ע*) בראשית כ, ז און יז. ב"ר נב, יג און זעט דאָרט רד"ל סימן יז.

פּ) בראשית כ, ב, און זעט דאָרט: אונקלוס, יונתן, רש"י, א"ע, רמב"ן.

צ) בראשית כ, יב. אגב, פאַרוואָס אברהם האָט ניט גענומען רשות ביי שרה'ן צו זאָגן אַזוי, זעט רש"י בראשית כ, ב.

ק) בראשית יב, יט; מיין בוך „אברהם אבינו'ס לעבן און שאַפונג", 73־70.

ר) פסחים נ, ב. אין מגילה ז, ב איז דער אויסדרוק לאו בכל שעתא ושעתא מתרחיש ניסא, ניט אין יעדער צייט פּאַסירט אַ נס.

אגב, דער פּאָפּולערער אויסדרוק „אין סומכין על הנס", אויף וויפל איך ווייס, געפינט זיך ניט אין תלמוד בבלי. ענלעכער לשון איז יאָ פאַראַן: אביי האַלט סמכינן אניסא און רבא האַלט ולא סמכינן אניסא. זעט פסחים סד, ב.

ש) בראשית כ, יב.

ת) זהר וירא קיא, ב.

א) אַזוי זאָגט רבינו חננאל ז"ל.

ב) בראשית כ, ג.

ג) בראשית כ, ד.

ד) בראשית כ, ה.

ה) בחיי בראשית כ, ב.

ער האָט זי אַוועקגענומען מיט גע־וואַלט, ו).

**ווען אבימלך האָט אַוועקגענומען שרה'ן פון אברהם'ן, ווען זיי זיינען גע־קומען קיין גרר, האָט ער פאַרקערט מיט איר?**

ניין. ער האָט געוואָלט, אָבער דער מלאך האָט אים ניט געלאָזט. זי איז אַרויס ריין פון אים, ז).

**מיט וואָס איז אבימלך געווען אַזוי זיכער אַז אברהם וועט אים גלויבן אַז ער האָט ניט געטשעפּעט שרה'ן?**

אבימלך האָט דאָס טאַקע געפרעגט דעם אויבערשטן, האָט ער אים געענטפערט אַז אברהם איז אַ נביא, ח).

**וואָס איז געווען אבימלך'ס אַנטשולדיקונג צו אברהם'ן פאַר זיין אַוועקנעמען שרה'ן?**

ער האָט גע'טענה'ט: אברהם האָט מיר געזאָגט אַז זי איז זיין שוועסטער. איך האָב עס אים ניט געגלויבט. האָב איך געפרעגט שרה'ן, האָט זי מיר גע־זאָגט דאָס זעלבע. האָב איך אויך איר ניט געגלויבט, און איך האָב געפרעגט זייערע אייזל און קעמל טרייבער, האָבן אויך זיי מיר געזאָגט דאָס זעלבע, ט).

**אבימלך האָט געגעבן אברהם'ן שאָף, רינדער, קנעכט, דינסטן, טויזנט זילבער שטיק, האָט ער אויך שרה'ן געגעבן אַ מתנה?**

יאָ. ער האָט זי אויסגעקליידט אין קעניגלעכער רעגאַליע, זי געמאַכט פאַר אַ מאַטראָנע, כדי מענער זאָלן זיך ניט טשעפּען צו איר, י).

**ווען פרעה האָט באַפרייט שרה'ן נאָך זיין אַוועקנעמען זי פון אברהם'ן, האָט ער איר געגעבן זיינע אַ טאָכטער אַ מתנה פאַר אַ דינסט, און ער האָט גע־זאָגט: ליבער זאָל מיין טאָכטער זיין אַ דינסט ביי שרה'ן, איידער אַ בעל הבית'טע אין אַן אַנדערנס הויז, כ). פאַרוואָס האָט אבימלך איר ניט געגעבן זיינע אַ טאָכטער פאַר אַ דינסט?**

ער האָט איר יאָ געגעבן, ל).

**האָט א' געלעבט בשלום מיט אבי־מלך'ן נאָכדעם ווי ער האָט אים אומ־געקערט שרה'ן?**

יאָ, נאָר אברהם'ן האָט שטאַרק פאַר־דראָסן פאַרוואָס אבימלך'ס קנעכט האָבן אַוועק גערויבט זיין ברונעם.

אין יענע צייטן, אין יענע ערטער און אונטער יענע לעבנס-באַדינגונגען איז

---

ו) י"ש וירא פח.

ז) ב"ר נג, ו; רש"י בראשית כ, ד.

ח) בראשית כ, ז. ב"ר נב, ח; תנח"ב וירא כה; מ"א בראשית כ, ו; י"ש וירא צ.

ט) בראשית כ, פסוקים ה און ו. תנח"ב וירא ענדע ה; ב"ר נב סימנים ו און ז; ל"ט וירא כ, ו; י"ש וירא צ. זעט זייט 49, ת.

י) בראשית כ, פסוקים יד, טז, און רש"י דאָרט פסוק טז.

זעט: ב"ר נב, יב; אגדת בראשית פרק כו; מ"א וירא כ, טז; תנח"ב וירא כז; ל"ט וירא כ, טז; י"ש וירא צא; בחיי בראשית כ, טז.

כ) ב"ר אַנהויב פרשה מה; ספר הישר לך לך 42 און 44; מ"א לך לך טז, א; ל"ט לך לך טז, א; י"ש לך לך סח און עח; פאַרגלייכט סדר הדורות חלק א, יז, ב. אגב, אין מאַנכע ערטער שטייט „גבירה" און אין אַנדערע „מטרוניתא".

ל) ב"ר מה, א. אגב, אין פר"א פרק כו שטייט אַז אַלע פרויען אין אבימלך'ס הויז זיינען געווען עקרות, קינדערלאָז, האָט ער דאָך געהאַט קיין טאָכטער.

אָבער דאָרט שטייט אויך אַז אַלץ וואָס פרעה האָט געגעבן שרה'ן, האָט אבימלך גע־געבן אברהם'ן.

זעט אבימלך א, זייט 28, נאָטן ב, ב*.

וואָסער געווען איינס פון די אַלער־וויכטיקסטע לעבנס־באַדערפעניש. אַ ברונעם איז געווען פון געוואַלדיקער נויטיקייט. אבימלך'ס קנעכט האָבן אָוועקגערויבט אברהם'ס ברונעם. ווען אברהם האָט עס אים איבערצייגט, האָט אבימלך אים געזאָגט: איך ווייס ניט ווער עס האָט עס געטאָן, און אויך דו האָסט עס מיר ניט געזאָגט, און איך הער עס ערשט איצט. און זיי האָבן געשלאָסן אַ בונד, מ).

**ווי אַזוי האָט אבימלך זיך איבערצייגט אין אברהם'ס גערעכטיקייט?**

אברהם'ס פּאַסטעכער האָבן גע'טענה'ט אַז זיי האָבן געגראָבן דעם ברונעם. אבימלך'ס פּאַסטעכער האָבן גע'טענה'ט אַז זיי האָבן אים געגראָבן. האָבן אב־רהם'ס פּאַסטעכער פאָרגעשלאָגן: וועמענס שאָף דאָס וואַסער וועט פון זיך אַליין אָנטרינקען, דעם יעניגנס איז עס. ווען דאָס וואַסער האָט דערזען אברהם'ס שאָף, האָט עס פון זיך אַליין באַלד אָנגעהויבן אויפגיין זיי אָנצוטרינקען, נ).

**פאַרוואָס עפּעס האָט אבימלך געוואָלט פלוצים שליסן אַ בונד מיט אברהם'ן?**

ווייל ער האָט געהערט אַז אברהם איז אַרוים אַ גאַנצער פון דער סדום־געגנט. ער האָט באַזיגט די מלכים. און אַז שרה האָט אים געבוירן אַ זון אויף די עלטערע יאָרן. ער האָט, אַלזאָ, גע־זען אַז דעם אויבערשטנס צוזאָג צו אברהם'ן איז פאַרפולט געוואָרן. און „נעבן אַ שווערן וואָגן איז לייכטער צופוס צו גיין", ס).

**עס שטייט „ויכרתו שניהם ברית", און זיי צוויי (ביידע) האָבן געשלאָסן אַ בונד. עס זיינען דאָך דאָרט געווען בלויז אברהם אבינו און אבימלך, צו וואָס זשע דאָס וואָרט „שניהם", זיי צוויי?**

אברהם האָט געזען בנבואה אַז די אידן וועלן זיין צעשפּרייט צווישן די פעלקער, האַנדלען מיט זיי, און אַזוי ווייטער. האָט ער מורא געהאַט טאָמער וועלן די אידן זיך אָפּלערנען פון זייערע מעשים, און זיי וועלן ווערן איינס. האָט ער געשלאָסן מיט אים אַ בונד אַז „שני־הם", זיי זאָלן זיין דוקא „צוויי", ניט איינס, ס*).

**ווען א' און אבימלך האָבן געשלאָסן אַ בונד, האָט ער געגעבן אבימלך'ן זיבן שעפּסלעך זיי זאָלן דינען (סימבאָליש) אַלס עדים אַז ער האָט געגראָבן דעם ברונעם. האָט ער באַדאַרפט געבן אבי־מלך'ן די זיבן שעפּסן?**

ניין. ער איז שווער באַשטראָפט גע־וואָרן דערפאַר.

פאַר זיין געבן אבימלך'ן זיבן שעפּס־לעך, איז זיינע קינדערס אַריינגיין קיין ארץ ישראל אָפּגעלייגט געוואָרן אויף זיבן דורות.

אבימלך'ס אָפּשטאַמלינגע האָבן גע־טויט די זיבן צדיקים שמשון, חפני, פנחס, שאול און זיינע דריי זין.

אבימלך'ס אָפּשטאַמלינגע האָבן חרוב געמאַכט די זיבן משכן'ס: אוהל מועד, גלגל, נוב, גבעון, שילה און די צוויי בתי מקדש.

---

מ) בראשית כא, פסוקים כה־לג.

נ) בראשית כא, כה. ב"ר נד, ה; י"ש וירא צה; רש"י בראשית כא, ל.

ס) זעט רש"י בראשית כא, כב עדיציע אברהם ברלינר און הערה ז דאָרט און פאַרגלייכט מיט ב"ר נד, ב; ל"ט וירא כא, כב; י"ש וירא צה.

ס*) בראשית כא, כז. שיח שרפי קודש חלק א. זעט שפתי צדיק, בראשית מא.

דער ארון הקודש איז געווען זיבן חדשים געפאַנגען אין דעם פעלד פון די פלשתים, ע).

**ווי אַלט איז א' געווען ביים שליסן דעם בונד מיט אבימלך'ן?**

זיבעציק יאָר, פ).

**פאַרוואָס האָט אבימלך'ס פעלד מאַרשאַל, וועלכער האָט אַנטייל גענומען אינעם שליסן דעם אברהם־אבימלך בונד, געהייסן פיכל?**

פיכל, צ) מיינט פי כול. אבימלך'ס אַרמייען פלעגן אים קושן אויפן מויל. אַלץ איז געטאָן געוואָרן על פיו, לויט זיין באַפעל, ק).

**וואו האָט א' געשלאָסן דעם בונד מיטן קעניג אבימלך?**

דאָס אָרט וואו דער בונד איז געשלאָסן געוואָרן האָט באַקומען דעם נאָמען באר שבע, ר).

**האָט דאָס אָרט וואו א' האָט געשלאָסן דעם בונד מיט אבימלך'ן באַקומען דעם נאָמען באר שבע, ווייל אברהם האָט אים געגעבן „שבע כבשות", די זיבן שעפּסעלעך?**

ניין. עס האָט באַקומען דעם נאָמען באר שבע, ווייל „שם נשבעו", דאָרט האָבן זיי געשוואָרן אָפּצוהיטן דעם בונד, ש).

**וואו האָט א' געוואוינט נאָך זיין בונד מיט אבימלך'ן?**

אין באר שבע, אין דעם לאַנד פלשתים, ת).

**ווי לאַנג האָט א' געוואוינט אין דעם לאַנד פלשתים?**

אַ יאָר לענגער ווי אין חברון. אין חברון האָט ער געוואוינט פינף און צוואַנציק יאָר. און אין דעם לאַנד פלשתים זעקס און צוואַנציק יאָר, ת*).

**איז אמת אַז אברהם האָט געפלאַנצט צעדער־בוימער אין באר שבע?**

אַזוי זאָגן די חכמים ז"ל. זיין אייניקל יעקב אבינו האָט זיי שפּעטער באַנוצט, ת**).

---

ע) זעט די פאַרשידענע ווערסיעס, און ווער עס זאָגט זיי אין: ב"ר נד, ד; תדב"א רבה ענדע פרק ז; מדרש שמואל פרשה יב; מ"א וירא כא, כח; ל"ט וירא כא, ל; י"ש וירא צה און שמואל א' קג; רשב"ם בראשית כב, א; בחיי בראשית כב, א.

אגב, דער רד"ל אין ב"ר נד, ד, הערה יא באַמערקט: א) אַז דער אוהל מועד איז גאָר איינגאַנצן ניט חרוב געוואָרן. ווען די אידן זיינען אַריינגעקומען אין ארץ ישראל, האָבן זיי איינגעאָרדנט דעם אוהל מועד אין גלגל. ב) ניט אַלע משכן'ס האָבן די פלשתים חרוב געמאַכט.

פ) בראשית כא, פסוקים כז און לב. סע"ר פרק א; במ"ר יד, יא; תנח. בא ט; י"ש לך לך סו.

צ) זעט בראשית כא פסוקים כב און לב.

ק) ב"ר נד, ב; ל"ט וירא כא, כב; מ"א וירא כא, כב; י"ש וירא צה.

ר) בראשית כא, לא.

ש) בראשית כא, לא. אגב דער אבן עזרא דאָרט באַמערקט אַז דאָס וואָרט „שבועה עקרה שבעה".

ת) בראשית כא, לג, לד.

אגב, לויט רמב"ן בראשית כא, לב איז באר שבע געווען אינעם לאַנד פלשתים, לויטן ספורנו, דאָרט, ניין.

ת*) בראשית כא, לד און רש"י דאָרט. ב"ר ענדע פרשה נד; סע"ר פרק א; ל"ט וירא כא, לג; י"ש וירא צה.

ת**) ב"ר צד, ד; שי"ר א, יב; יונתן שמות כו, כח.

זעט תנח. תרומה ט וועגן יעקב אבינו'ס פלאַנצן צעדער־בוימער.

## יצחק'ס געבורט

**ווען איז באַשטימט געוואָרן אין הימל אַז שרה זאָל געבוירן אַ קינד?**
ראש השנה, א).

**ווען איז שרה שוואַנגער געוואָרן?**
ראש השנה, ב).

**איז אמת אַז אַלע קינדערלאָזע פרויען זיינען שוואַנגער געוואָרן גלייכצייטיק מיט שרה'ן?**
אַזוי זאָגן די חכמים ז"ל, ג).

**ווען שרה איז מעוברת געוואָרן מיט יצחק'ן, האָבן די „ליצני הדור", די לצים פון יענער צייט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז זי שוואַנגערט פון אבימלך'ן, ד). פאַר אויסטראַכטן אַזאַ בלבול, זיינען זיי דאָך געווען ניט לצים נאָר רשעות'דיקע ליגנער?**

דער חידושי הרי"ם ז"ל דערקלערט עס: אין אמת'ן האָט קיינער געגלויבט אַז שרה טראָגט פון אבימלך'ן, נאָר זיי האָבן פאַרשפּרייט דעם קלאַנג אַלס ליצנות.

דער חתם סופר ז"ל פאַרענטפערט: די גמרא זאָגט „כל המבקש רחמים על חבירו, והוא צריך לאותו דבר הוא נענה תחילה", ה) ווער עס בעט רחמים פאַר אַ צווייטן און ער אַליין נויטיקט זיך אין דעם, ווערט דער בעטער פריער געהאָלפן. אברהם האָט דאָך מתפלל געווען פאַר אבימלך'ן, ווי אין פּסוק שטייט „ויתפלל אברהם... וירפא אבימלך", ו) אברהם האָט געבעטן פאַר אבימלך'ן, און ער איז געזונט געוואָרן. און אברהם איז דאָך אויך געהאָלפן געוואָרן ווייל שרה איז דאָך מעוברת געוואָרן. איז דאָך אברהם געהאָלפן געוואָרן דורך זיין בעטן פאַר אבימלך'ן. איז שרה אַלזאָ שוואַנגער געוואָרן פון דער תפילה פאַר אבימלך'ן.

**ווען איז א' געוואָרן דער פאָטער פון שרה'ס אַ קינד?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנהייטן:
פּסח. זי האָט אים דעמאָלט געבוירן יצחק'ן, ז).
אין חודש ניסן, ח).
דעם ערשטן טאָג אין ניסן, ט).
פופצן טאָג אין ניסן, י).

**אין וואָס פאַר צייט אין טאָג איז יצחק געבוירן געוואָרן?**

פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנהייטן:
אין מיטן העלן טאָג, כ).
(פּסח) ביינאַכט, כ*).

---

א) ראש השנה יא, א. זעט רש"י און ת"ת בראשית כא, א.
ב) ברכות כט, א; ר"ה י, ב; יבמות סד, ב; ב"ר עג, א; תנח. וירא ז; ש"ט וירא כב, יח און ויצא ל, כא; י"ש וירא צב.
ג) ב"ר נג, ח; י"ש וירא צב און צג.
ד) רש"י בראשית כה, יט; בחיי אָנהויב פרשה תולדות.
לויט אַן אַנדער מיינונג: ווען זי האָט געבוירן יצחק'ן האָט מען פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז זיי האָבן געפונען אַ קינד אין גאַס און עס אַדאָפּטירט. זעט: ב"מ פז, א; תנח. תולדות ג; ל"ט תולדות כה, יט; מ"א תולדות כה, יט. פאַרגלייכט ב"ר נג, ו; ת"י בראשית כה, יט.
ה) ב"ק צב, א. זעט זייט 149, ד.
ו) בראשית כא, יז.
ז) ר"ה י, ב און יא, א; תנח. וירא יז; י"ש וירא פב. זעט פ"ר פיסקא ו.
ח) שמות רבה טו, יא; שה"ק טו.
ט) תנחומא פקודי יא.
י) סע"ר פרק ה; מר"י בא יח; תנח. בא ט; זעט ר"ה יא, א און תוספות אונטערן וואָרט אלא.
כ) ב"ר נג, ו; ל"ט וירא כא, ב; י"ש וירא צב.
כ*) תנח. וירא יז.

**ווי אַלט איז א׳ געווען ווען יצחק איז געבוירן געוואָרן?**

הונדערט יאָר, ל).

**איז יצחק געבוירן געוואָרן צו דער נאָרמאַלער צייט?**

עס איז פאַראַן אַ מיינונגס־פאַרשידנ־הייט:

ער איז געבוירן געוואָרן אַ זיבעלע, מ).

ער איז געבוירן געוואָרן צו נייען חדשים, נ).

**וויפל יאָר נאָכן מבול איז יצחק געבוירן געוואָרן?**

דריי הונדערט צוויי און נייענציק יאָר, ס).

**איז אמת אַז מיט יצחק׳ס געבורט זיינען אַלע קראַנקע אויסגעהיילט און געזונט געוואָרן. אַז די טויבע האָבן אָנגעהויבן צו הערן, די בלינדע צו זען?**

אַזוי זאָגן אונזערע חכמים ז״ל, ע).

**ווי ווערט באַטראַכט דער נייענציק יאָריקער שרה׳ס געבוירן אַ קינד?**

אַלס דער צווייטער פון די זיבן וואונדער וועלכע די וועלט האָט געזען זינט הימל און ערד זיינען באַשאַפן געוואָרן.

דער ערשטער וואונדער זינט הימל און ערד זיינען באַשאַפן געוואָרן איז געווען אברהם׳ס ניצול ווערן פונעם קאַלך אויוון.

דער דריטער וואונדער: ביז אברהם׳ן איז קיין מענטש געוואָרן גרייז־גרוי. אבר־הם איז געווען דער ערשטער צו ווערן גרייז־גרוי, צו באַקומען ווייסע האָר. ער האָט געבעטן דערויף, און דער אויבערשטער האָט אים צוליב געטאָן, ע*).

דער פערטער וואונדער: ביז יעקב׳ן איז קיין מענטש געוואָרן קראַנק. אַ מענטש האָט גענאָסן און איז געפאַלן אַ טויטער. האָט יעקב אבינו געבעטן עס זאָל זיין קראַנקייט, און דער אויבערשטער האָט דערפילט זיין בקשה.

דער פינפטער וואונדער: ביז די אידן האָבן פאַרלאָזט מצרים איז קיינמאָל אַ ים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טריקעניש. ביי קריעת ים סוף איז דאָס געשען צום ערשטן מאָל.

דער זעקסטער וואונדער: יהושע׳ס אָפּשטעלן די זון, די לבנה און די שטערן אויף זעקס און דרייסיק שעה.

דער זיבעטער וואונדער: ביז דעם קעניג יחזקיהו פון יהודה איז אַ קראַנקער ניט אויפגעשטאַנען פון זיין קראַנקייט. יחזקיהו איז געווען דער ערשטער געזונט צו ווערן נאָך אַ קראַנקייט, פ).

---

ל) בראשית כא, ה.

מ) ב״ר נג, ו; תנח. וירא יז; י״ש וירא צב.

נ) ב״ר נג, ו; י״ש וירא צב.

ס) סדר עולם רבה פרק א.

ע) תנח. וירא לז. זעט ב״מ פז, א.

ע*) זעט זייט 187, נאָטע ש.

פ) אָנהויב פר״א פרק נב און זעט דאָרט רד״ל; י״ש לך לך עז.

אין בראשית ה, לב שטייט אַז נח איז אַלט געווען פינף הונדערט יאָר, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט. אָבער אין: ב״ר כו, ב און זעט דאָרט מהרז״ו; שו״ט א, יב הוצאת אום; י״ש נח מג און תהלים תריד; ל״ט בראשית ה, לב; רש״י בראשית ה, לב ווערט באַהויפּטעט אַז דער אויבערשטער האָט פאַרמיטן פון נח׳ן צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט ביז זיין אַלט ווערן פינף הונדערט יאָר. זעט רמב״ן בראשית יז, יז וועגן שרה׳ן.

דער רד״ל אין פרקי דרבי אליעזר פרק נב, אות ה ברענגט דעם ספר הישר אַז אויך נח׳ס ווייב איז אַלט געווען פינף הונ־דערט יאָר ווען זי האָט אָנגעהויבן צו גע־בוירן קינדער. אָבער לויט מיין ספר הישר זייט 15 איז זי אַלט געווען פינף הונדערט און אַכציק יאָר ווען נח האָט זי גענומען.

**פאַרוואָס האָט א׳ אַ נאָמען געגעבן זיין זון יצחק?**

ווייל דער אויבערשטער האָט אים געהייסן, צ).

יצחק איז איינער פון די דריי וועלכע האָבן באַקומען זייערע נעמען נאָך איידער זיי זיינען געבוירן געוואָרן, ק).

די אַנדערע צוויי זיינען שלמה המלך און יאשיהו המלך.

פאַראַן אַ מיינונג אַז ער איז איינער פון פיר. די אַנדערע דריי זיינען: ישמעאל, שלמה המלך, יאשיהו המלך, ק*).

לויט אַן אַנדער מיינונג איז ער געווען איינער פון די זעקס וועלכע האָבן באַקומען זייערע נעמען נאָך איידער זיי זיינען געבוירן געוואָרן. די אַנדערע פינף זיינען ישמעאל, משה, שלמה, יאשיהו און משיח, ר).

**אברם׳ס נאָמען איז געענדערט געוואָרן אויף אברהם. יעקב׳ס נאָמען איז געענדערט געוואָרן אויף ישראל. פאַרוואָס איז יצחק׳ס נאָמען ניט געענדערט געוואָרן?**

די נעמען אברם און יעקב האָבן זייערע עלטערן זיי געגעבן. אָבער דעם נאָמען יצחק האָט דער אויבערשטער אים געגעבן נאָך איידער ער איז געבוירן געוואָרן.

אברם האָט באַדאַרפט פאַרענדערט ווערן, ווייל פריער איז ער געווען בלויז אב לארם. און איצט אב(ר) המון. יעקב׳ס נאָמען האָט באַדאַרפט געענדערט ווערן ווייל **שרית,** ווייל ער האָט זיך געראַנגלט מיטן מלאך. אַ חוץ דעם האָבן זייערע נעמען באַדאַרפט אַנדערש ווערן צוליב די פאַרשידענע פּאַסירונגען און איבערלעבענישן אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן.

אָבער יצחק האָט ניט באַדאַרפט אָנקומען דערצו. ער האָט געפירט אַ נאָרמאַל לעבן. דעם אַכטן טאָג נאָך זיין געבורט איז ער געהייליקט געוואָרן מיטן אות ברית קודש. זיין גאַנץ לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין ארץ ישראל און עס קיינמאָל פאַרלאָזט.

אַי, פאַרוואָס זשע שטייט „ושבועתו לישחק״? דער פסוק מיינט דערמיט אָנצודייטן אַז ער איז געווען פלאָם־פייער, ש).

**ווער איז געווען יצחק׳ס מוהל?**

זיין פאָטער אברהם, ת).

**ווי אַלט איז יצחק געווען ווען אברהם האָט אים גע׳מל׳ט?**

אַכט טעג, ת*).

**געוויינטלעך איז מען זיך נוהג צו מאַכן אַ סעודה אינעם טאָג ווען דאָס קינד ווערט געבוירן, אָדער אינעם טאָג פונעם ברית לכבוד דער מצוה. פאַרוואָס זשע האָט אברהם עפּעס געוואַרט**

---

צ) בראשית כא, ג און זעט בראשית יז, יט.

ק) ב״ר מה, ח און זעט דאָרט רד״ל; ירושלמי ברכות סוף פרק א; מכילתא בא פרשה טז; פר״א פרק לב; אגדת בראשית פרשה סה; ל״ט לך לך טז, יא; י״ש בראשית נ; מלכים א׳, ר; ישעיה תמט.

ק*) ירושלמי ברכות פרק א, הלכה ו; ב״ר מה, ח.

ר) פר״א אָנהויב פרק לב; י״ש לך לך מה און מלכים א׳, ר; ש״ט לך לך טז, יא; מה״ג.א׳ טז, יא; שה קונדריס 322; פרה״ק ג, ח; יל״ה עב, לז; ישעיה מא, ד; מנה״מ ד, 585; חסר ב, טו.

ש) בראשית טז, יא און יז, יט; יז, כא און כה, כו; יז, פסוקים ד, ה, רש״י און אבן עזרא דאָרט; לב, פסוקים כח און כט; ירושלמי ברכות, פרק א׳ הלכה ו; בחיי בראשית יז, יט. זעט ת״ת בראשית יז, יט סימן נא.

ת) בראשית כא, ד.

ת*) בראשית כא, ד.

**מיט דער סעודה גאַנצע צוויי יאָר, ביז דער אַנטוויינונג?**

דער פסוק זאָגט אַז אברהם האָט געמאַכט די סעודה „ביום הגמל", א) נעמלעך, אינעם טאָג ה' ג' מל. ה' און ג' באַטרעפן אַכט, אינעם אַכטן טאָג ווען ער האָט אים מל געווען, ב).

**פאַרוואָס דערציילט אונז די תורה „אברהם הוליד את יצחק", ג) אַז אברהם איז געווען יצחק'ס פאָטער?**

ווייל די לצים פון יענער צייט האָבן געמורמלט אַז שרה איז געוואָרן שוואַנגער פון אבימלך'ן, און יצחק איז אבימלך'ס זון. זאָגט די תורה עדות אַז אברהם איז געווען יצחק'ס פאָטער, ד).

**האָט א' מקיים געווען די מצוה פון פדיון הבן ביי יצחק'ן?**

ניין. דער אויבערשטער האָט דאָך אוועקגענומען די כהונה פון שם בן נח און האָט זי געגעבן אברהם'ן. איז דאָך אברהם געווען אַ כהן. און אַ כהן איז פטור פון דער דאָזיקער מצוה, ה).

**דער פסוק זאָגט „מי מלל לאברהם", ו) ווער וואָלט עס געווען געזאָגט אברהם'ן אַז שרה וועט אַנזויגן קינדער! פאַרוואָס נוצט דער פסוק דאָס זעלטן גענוצטע וואָרט „מלל", און ניט דאָס פאָפולערער וואָרט „אמר" אָדער „דבר"?**

די אותיות „מלל" באַטרעפן הונדערט, צו אונטערשטרייכן אַז צום ענדע פון הונדערט יאָר איז אברהם'ן געבוירן געוואָרן אַ זון, ווי עס איז אים מיט אַ יאָר פריער אָנגעזאָגט געוואָרן, ז).

**די תורה זאָגט „היניקה בנים", ח) אַז שרה האָט אָנגעזויגן קינדער. זי האָט דאָך געהאַט בלויז איין קינד, פאַרוואָס זשע עפּעס בנים, קינדער?**

עס זיינען געווען אַזעלכע וועלכע האָבן ניט געגלויבט אַז די נייענציק יאָריקע שרה האָט געבוירן אַ קינד. זיי האָבן געמורמלט אַז אברהם און שרה האָבן געפונען אַ קינד ערגעץ אין גאַס, האָבן זיי עס אַדאָפּטירט. אַנדערע האָבן געזאָגט אַז הגר האָט געבוירן יצחק'ן. ווען זיי האָבן אַנטוויינט דאָס קינד און געמאַכט אַ סעודה, האָבן די האַרענטעס מיטגעבראַכט זייערע זויגלינגע און געזאָגט, זיי וואָלטן זעהר וועלן אַז זייערע קינדערלעך זאָלן זיך אָנזויגן מיט דער מילך פון דער צדקת (אין אמת'ן זיינען זיי אויסן געווען צו זען צי שרה קען טאַקע אָנזויגן אַ קינד).

איז דאָך אָבער אונזער מוטער שרה געווען די גרויסע צנועה, האָט זי דאָך נישט געוואָלט דאָס טאָן עפנטלעך. האָט אברהם געזאָגט צו איר: איצט איז ניט די צייט פון צניעות. דעק אויף דיינע

---

א) בראשית כא, ח.

ב) רבינו בחיי בראשית כא, ח אינעם נאָמען פון אַ מדרש. זעט עץ יוסף תנחומא ענדע פקודי.

ג) בראשית כה, יט.

ד) תרגום יונתן, רש"י בראשית כה, יט; תנח. תולדות ג; ב"ר נג, ו; בבא מציעא פז, א; זהר חיי שרה קלג, א; מ"א תולדות כה, יט; ל"ט וירא כא, ב און תולדות כה, יט; י"ש אָנהויב תולדות; בחיי אָנהויב תולדות. זעט זייט 146, נאָטן ד, ה.

ה) זעט די פאַרשידענע נוסחאות און ווער עס זאָגט זיי אין: נדרים לב, ב; ב"ר פרשיות מו, ה און נה, ז; ש"ר ענדע פרשה ב; ויק"ר כה, ו; במ"ר ד, ח; ד"ר ב, ז; תנח. שמות יט (פאַרגלייכט תנח. נח, ד); תנח"ב תולדות יב; פר"א פרק ח; פ"ר קע, א; זהר לך לך פז, א; מה"ג.א' ריח; י"ש לך לך סג און עד און וירא צו; רש"י בראשית יד, כ.

לויט: ב"ר מו, ה; ויק"ר כה, ו איז אברהם געווען אַ כהן גדול.

ו) בראשית כא, ז און רש"י דאָרט.

ז) ב"ר נג, ט; ל"ט וירא כא, ז; י"ש וירא צג.

ח) בראשית כא, ז און רש"י דאָרט.

בריסטן, און זאָלן אַלע וויסן אַז דער אַלמעכטיקער האָט אָנגעהויבן צו טאָן נסים. האָט זי אַזוי געטאָן. פון אירע בריסטן איז געפלאָסן מילך ווי פון צוויי קוואַלן, און זי האָט אָנגעזויגן זייערע זויגלינגע, ט).

**ווי אַלט איז יצחק געווען ווען אברהם און שרה האָבן אים אַנטווינט?**

פיר און צוואַנציק חדשים, י).

**ווער איז געווען ביי דער סעודה, כ) וואָס אַ׳ האָט געמאַכט ווען יצחק איז אַנטווינט געוואָרן (אָדער ביים ברית)?**

דער גדול עולמים, געמלעך, די שכינה איז דאָרט געווען און האָט זיך געפרייט, ל).

די גרעסטע לייט פון יענער צייט, מ);
שם (נח׳ס זון) און עבר, נ);
עוג מלך הבשן, ס);
דער קעניג אבימלך, ע);
אבימלך׳ס פעלד מאַרשאַל פיכל, און אַלע זיינע קנעכט, פ);
די צוויי און זעכציק מלכים וועלכע יהושע האָט געטויט, צ);
תרח און אברהם׳ס ברודער נחור זיינען געקומען צו דער שמחה פון חרן, ק).

**ווי גוט איז געווען די סעודה וואָס אַ׳ האָט געמאַכט ביים אַנטווינען יצחק׳ן (אָדער ביי זיין ברית)?**

זי איז געווען בעסער נאָך פון שלמה המלך׳ס סעודה, ר).

**אין וואָס פאַר אַ ישיבה האָט אברהם געשיקט יצחק׳ן?**

ער אַליין האָט געלערנט מיט אים, ש).

**פאַר וואָס האָט שרה געפאָדערט אַז אַ׳ זאָל אַרויסטרייבן ישמעאל׳ן? ת)**

עס זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען:

ווייל ער האָט געוואָלט טויטן יצחק׳ן צוליב דער ירושה, א).

---

ט) ב״ר נג, ט; ב״מ פז, א; פ״ר פיסקא מג; פר״כ קמו, ב; פר״א פרק נב און זעט דאָרט רד״ל, הערה יא; תנח. תולדות ג; תנח״ב וירא לז און לח; מ״א וירא כא, ז; ל״ט וירא כא, ז; י״ש וירא צג.

זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

י) רש״י בראשית כא, ח. מ״א וירא כא, ח. זעט גטין עה, ב.

כ) בראשית כא, ח.

ל) ב״ר נג, י; ל״ט וירא כא, ח; י״ש וירא אָנהויב צד.

מ) ב״מ פז, א. זעט די פאַרשידענע נוסחאות אין: ד״ר א, כה; תנח. תולדות ג; מה״ג,א׳ 306; רש״י בראשית כא, ח.

נ) ישר מ, ב; תנח״ב וישלח, כג; רש״י בראשית כא, ח.

ס) ב״ר נג, י; ד״ר א, כה; ק״ר ז, ב, ד; י״ש וירא צד.

ע) תנח״ב וישלח כג; ישר וירא 54; רש״י בראשית כא, ח.

פ) ספר הישר וירא 54.

צ) זעט: ב״ר נג, י, רד״ל און רש״ש דאָרט; תנח. מסעי ו; י״ש יהושע כב וועגן דער צאָל פון די מלכים. לויט י״ש וירא אָנהויב צד: צוויי און דרייסיק מלכים. זעט יהושע יב פון פסוק ז ביז ענדע קאַפּיטל.

ק) ספר הישר וירא 54.

ר) בבא מציעא פו, ב.

וועגן שלמה המלך׳ס סעודה זעט מלכים א׳, ה׳ ב־ה.

ש) תנחומא אָנהויב שמות.

אַז אברהם האָט געלערנט מיט זיינע קינדער און אייניקלעך תורה און זיי טרענירט צו טאָן מצוות זעט: ב״ר צה, ג; אָנהויב שמות רבה; זהר תולדות קלח, ב; ישר 70.

אַז יצחק האָט געלערנט מער פון אברהם׳ן זעט מדרש שמות רבה ענדע פרשה ב.

ת) בראשית כא, י.

א) תנח. שמות כז; תנח״ב תולדות ה און שמות כד; פ״ר קצג, ב; פר״א פרק ל; תוספתא סוטה פרק ה (ו). זעט דאָרט די פאַרשידענע נוסחאות.

צו פופצן יאָר האָט ער געבראַכט אַ צלם אין הויז אַריין, ב).

ער איז געווען אַ רשע, אַ רויבער, אַן אוכל טריפות (טריפ'ניאַק), אַ מערדער, אַ געצנדינער, ג).

ווייל ער איז געווען עלטער, האָט שרה אים מקנא געווען, ד).

## אברהם שיקט אַוועק הגר'ן, ישמעאל'ן

**ווען שרה האָט געפאָדערט פון אברהם'ן ער זאָל אַוועקשיקן איר דינסט הגר מיט איר זון ישמעאל ווייל ער איז אויסגעלאַסן, כאַפּט (קידנעפּט) פאַרהייראַטע פרויען און פאַרקערט מיט זיי, דינט די עבודה זרה, הרג'ט מענטשן, שיסט פיילן אויף יצחק'ן, ווי האָט אברהם רעאַגירט דערויף?**

עס איז געווען זעהר שלעכט אין זיינע אויגן. עס איז אים זעהר ניט געפעלן. עס האָט אים ווי געטאָן וואָס זיין זון איז אראָפּ פונעם גלייכן וועג, ה).

**האָט א' אַוועקגעשיקט הגר'ן מיט ישמעאל'ן?**

יאָ. דער אויבערשטער האָט אים געהייסן. ער האָט געזאָגט צו אים: „כל אשר תאמר אליך שרה שמע בקולה", ו) אַלץ וואָס שרה זאָגט דיר, הער זיך איין צו איר קול, „כי ביצחק יקרא לך זרע", ו) ווייל אין יצחק'ן וועט דיר גערופן ווערן זאָמען. „ב" מיינט צוויי. דער וועלכער גלויבט אין ביידע וועלטן (נעמלעך יצחק), דער וועט גערופן ווערן דיין זאָמען, דיין קינד. אָבער דער וועלכער גלויבט ניט אין ביידע וועלטן (ישמעאל) דער וועט ניט גערופן ווערן דיין זאָמען, ז).

**פאַרוואָס האָט א' אַוועקגעשיקט הגר'ן, ער האָט דאָך געקאָנט זי פאַרקויפן?**

הגר איז געווען שפחת מלוג, שרה'ס

---

לויט: תנח"ב תולדות ה; שמות כד האָט ער געוואָלט אים הרג'נען.

מערקט אַז שרה האָט געזאָגט אברהם'ן „גרש האמה הזאת ואת בנה, כי לא יירש בן האמה הזאת עם בני עם יצחק", טרייב אַרויס די דאָזיקע דינסט און איר זון, ווייל דער זון פון דער דאָזיקער דינסט וועט ניט ירש'נען מיט מיין זון, מיט יצחק'ן. זעט: בראשית כא, י; ת"ת בראשית כא, ט, סימן ט.

ב) ש"ר א, א; תנח. שמות א; מה"ג,א' כא, ט; מה"ג,ב' זייט 3.

ג) ב"ר מה, ט; נג, יא; סב, ה און סח, יא; ש"ר א, א; תנחומא תולדות ט; ויצא ה און שמות א; תנח"ב ויצא ד; י"ש וירא צד; די תרגומים יונתן און ירושלמי, רש"י רמב"ן, בחיי בראשית כא, פסוקים ט און י.

ד) אבן עזרא בראשית כא, ט.

ה) בראשית כא, ט-יב, רש"י דאָרט און רמב"ן פסוק יא. תרגום יונתן בראשית כא, יא; ב"ר נג, יא; ש"ר אָנהויב פרשה א; תנח. שמות א; תנח"ב תולדות ה; תוספתא סוטה פרק ו; פר"א אָנהויב פרק ל; מ"א וירא כא, ט; ל"ט וירא כא, ט; ספר הישר וירא 55; מדרש משלי יג; תדב"א יח; מה"ג,א' 308; י"ש וירא צד. זעט די פאַרשידענע נוסחאות אין אַלע ערטער, און ווער עס זאָגט זיי.

ו) בראשית כא, יב און רש"י דאָרט.

ז) ב"ר נג, יב; י"ש וירא צג און תהלים קה. זעט: שו"ט קה, א; ל"ט וירא כא, יב; ירוש. נדרים ג, ח.

אגב, פון „כל אשר תאמר אליך שרה שמע בקולה" דרינגען די חכמים ז"ל אַז שרה איז געשטאַנען אין נביאות העכער פון אברהם'ן. תנח. אָנהויב שמות; ש"ר אָנהויב פרשה א; מ"א וירא כא, יב; רש"י בראשית כא, יב; בחיי בראשית יח, טו.

זעט: ב"ר מה, ב; ל"ט לך לך טז, ב; י"ש לך לך אָנהויב עט.

אַז שרה ווערט גערעכנט צווישן די זיבן נביאות זעט מגילה יד, א.

די אַנדערע זעקס זיינען: מרים, דבורה,

דינסט. האָט אברהם באַדאַרפט זי אויס־האַלטן. אָבער פאַרקויפן זי האָט ער ניט געטאָרט, ח).

**הגר איז דאָך געווען אברהם'ס ווייב, ט) ווי זשע אַזוי האָט ער גע־קאָנט סתם אַזוי, נישט דיר נישט מיר זי אַוועק שיקן?**

ער האָט איר געגעבן אַ גט, י).

**ווען אַ' האָט זיך געקליבן צו אַוועק־שיקן הגר'ן, זאָגט דער פּסוק „וישכם אברהם בבקר", י*) אברהם האָט זיך געפּעדערט אינדערפרי. וואָס עפּעס דאָס איילעניש?**

ווייל ער האָט ניט געוואָלט זי אַוועק־שיקן ביינאַכט. דער רד"ל ז"ל האַלט אַז אברהם איז געווען פון די מחמירים וועלכע זיינען קעגן געבן אַ גט ביי־נאַכט, כ).

**האָט אברהם כאָטש מיטגעגעבן הגר'ן און ישמעאל'ן עפּעס אויפן וועג?**

געוויס. אברהם האָט דאָך געפירט אַ ברייט הויז. ער האָט זיי מיטגעגעבן צוועלף ברויט און וואַסער, ל).

**און וואָס האָט אברהם געגעבן הגר'ן דאָס וואַסער?**

אין אַ גרויסן לאָגל. ער האָט דעם לאָגל אָנגעבונדן אַרום אירע לענדן ער זאָל זיך איר נאָכשלעפּן, כדי מען זאָל וויסן אַז זי איז אַ דינסט, מ).

**דער פּסוק זאָגט אַז אברהם האָט אַרויף געלייגט ישמעאל'ן אויף הגר'ס אַקסלען, נ). ישמעאל איז דאָך דעמאָלט שוין געווען אַ דערוואַקסענער מענטש, האָט ער ניט געקאָנט גיין אַליין?**

שרה האָט אים געגעבן אַ גוט־אויג, האָט ער באַקומען היץ און שמערצן און האָט ניט געקאָנט גיין, ס).

**אברהם האָט דאָך זיכער מיטגעגעבן הגר'ן גענוג וואַסער, ווי זשע קומט עס וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט אַזוי גיך?**

עס זיינען פאַראַן עטלעכע דערקלערונ־גען:

ישמעאל איז געווען קראַנק. ער האָט געהאַט היץ. האָט ער געטרונקען פיל, ע).

הגר האָט געפונען אַ ציגל און האָט אים אויפגעשטעלט אַלס עבודה זרה, האָט זיך אויסגעלאָזט דאָס וואַסער, פ).

דער תרגום יונתן בן עוזיאל פאַר־בינדט ביידע זאַכן צוזאַמען. הגר און ישמעאל האָבן דאָרט געדינט די עבודה

---

חנה, אביגיל (דוד המלך'ס אַ ווייב); חולדה, אסתר. זעט: זייטן 20, נאָטע י; 103, צ.

ח) ב"ר אַנהויב מה; י"ש לך לך ענדע עה; בחיי בראשית אַנהויב טז.

ט) ב"ר מה, ג און רד"ל דאָרט; ל"ט לך לך טו, ג; י"ש לך לך עט.

אגב, אַ קעבס־ווייב איז אָהן כתובה און קידושין, סנהדרין כא, א; י"ש אַנהויב שמואל ב'; בחיי בראשית כה, ו.

י) פר"א פרק ל; ת"י בראשית כא, יד; י"ש וירא אַנהויב צה. שה"ק יד.

י*) בראשית כא, יד.

כ) פר"א פרק ל, הערה יח.

ל) ספר הישר וירא 55.

מ) יונתן און ספורנו בראשית כא, יד; פר"א פרק ל; י"ש וירא אַנהויב צה.

נ) בראשית כא, יד, און רש"י דאָרט.

ס) ב"ר נג, יג; ל"ט וירא כא, יד.

אין מ"א וירא כא, יד שטייט פּשוט אַז ער איז געווען קראַנק.

לויטן אבן עזרא דאָרט איז ישמעאל קראַנק געוואָרן פון מאַנגל אין וואַסער. זעט פראַגע: ווי אַלט איז ישמעאל געווען, זייט 153, נאָטן ז, ח, ט.

ע) זעט בראשית כא, טו. ב"ר נג, יב; ל"ט וירא כא, טו; י"ש וירא צג; רש"י בראשית כא, טו.

פ) מ"א וירא כא, יד; י"ש וירא אַנהויב צה.

זרה. און ישמעאל איז געשלאָגן געוואָרן מיט אַ היץ־קראַנקייט, צ).

אברהם האָט איר מיטגעגעבן גענוג וואַסער עס זאָל זיי סטאַיען ביז באר שבע. האָט זי אָבער געבלאָנדזשעט, האָט איר אויסגעפעלט, ק).

**אברהם איז דאָך געווען אַ גרויסער גביר, און ישמעאל איז דאָך געווען זיין זון. ער האָט דאָך געבעטן דעם אויי־בערשטן „לו ישמעאל יחיה", ר) הלואי זאָל ישמעאל לעבן, ווי זשע קומט עס וואָס ער האָט אים ניט געגעבן אַ קעמל און געלט?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנ־הייטן:

ווייל שרה האָט געזאָגט „גרש", ש) טרייב אַרויס די דינסט מיט איר זון. און דער אויבערשטער האָט דאָך אים גע־זאָגט „כל אשר תאמר אליך שרה שמע בקולה", ת) אַלץ וואָס שרה וועט דיר זאָגן זאָלסטו פאָלגן, האָט ער געפאָלגט. מיטגעבן קעמלען, גאָלד, זילבער און נאָך גוטע זאַכן, הייסט דאָך ניט אַרויס־געטריבן, א).

אברהם האָט געזען בנבואה אַז ישמע־אל וועט פאַרשקלאַפן, פייניקן די אידן. זיינע קינדער וועלן זעהר פיינט האָבן די אידן. האָט ער זיך אויפגעפירט מיט אים ווי מיט אַ שונא. ווי אין פסוק שטייט „אם רעב שונאך האכילהו לחם, ואם צמא השקהו מים", ב) אויב דיין פיינט איז הונגעריק, קאָרמע אים אָן מיט ברויט; איז ער דאָרשטיק, טרינק אים אָן מיט וואַסער, ג).

ווייל ער האָט פיינט באַקומען ישמע־אל'ן פאַר זיין אַראָפּגיין פונעם גלייכן וועג, ד).

**וואָס פאַר אַ סאָרט בוים איז עס געווען, אונטער וועלכן הגר האָט אָני־דערגעלייגט דעם קראַנקן ישמעאל'ן?**

לויט איין מיינונג מיינט עס פשוט אונ־טער איינעם פון די ביימער וועלכע וואַקסן אין דער מדבר, אין דער וויסטע.

לויט אַ צווייטער מיינונג: „תחת אחד השיחים", ה) מיינט אונטער אַ בוים אונטער וועלכן מלאכים האָבן (שיחו, סיחו) גערעט מיט איר.

לויט אַ דריטער מיינונג: אונטער אַ בוים ביי וועלכן זי האָט גערעדט קעגן אויבערשטן, ו).

**ווי אַלט איז ישמעאל געווען ווען אַ' האָט אים אָוועקגעשיקט?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנ־הייטן:

פערצן יאָר, ז);
זעכצן יאָר, ח);
זיבעצן יאָר, ט);

---

צ) תרגום יונתן בראשית כא, טו.
ק) א"ע בראשית כא, יד און פאַרגלייכט מיט רשב"ם דאָרט.
ר) בראשית יז, ח.
ש) בראשית כא, י.
ת) בראשית כא, יב.
א) זעט: רמב"ן בראשית כא, טו און א"ע פסוק יד. ווען ער וואָלט יאָ געווען איר געגעבן אָהן שרה'ס צושטימונג, וואָלט ער דאָך ניט געווען אָפּגעהיט מצות השם.
ב) משלי כה, כא.
ג) בחיי בראשית כא, יד.
ד) תנח. אָנהויב שמות; רש"י בראשית כא, יד.
ה) בראשית כא, טו.
ו) זעט ווער עס זאָגט וואָס אין: ב"ר נג, יג; ש"ר ג, ב; תנח. ויצא ה; מ"א וירא כא, טו; ל"ט וירא כא, טו; י"ש וירא צא.
ז) מדרש שכל טוב וירא כא, יד.
ח) רבינו בחיי בראשית כא, יח.
ט) מה"ג,א' כא, טו; י"ש וירא צד, און צה; רמב"ן בראשית כא, ט.

פיר און צוואַנציק יאָר (זיבעצן), י);
זיבן און צוואַנציק יאָר, כ).

**די תורה זאָגט „ויקרא מלאך... אל הגר", אַ מלאך האָט גערופן צו הגר׳ן. ווי קומט עס אַז אַ מלאך זאָל ריידן צו דער דינסט הגר?**

ער האָט גערעדט צו איר אין אבּ־רהם׳ס זכות, כ*).

**וואָס איז געוואָרן דער סוף פון ישמעאל׳ן?**

ווען זיין מוטער הגר האָט געזען אַז ער האַלט ביים אויסגיין, האָט זי אים אַנידערגעלייגט אונטער איינעם פון די בוימלעך. זי האָט זיך געזעצט פון דער ווייטנס, ניט צו זען ווי ער שטאַרבט, און האָט שטאַרק געוויינט. זיין קול איז דערהערט געוואָרן אין הימל. אַ מלאך האָט איר געזאָגט זי זאָל ניט מורא האָבן. ישמעאל וועט ווערן אַ גרויס פאָלק. זי האָט פלוצים דערזען אַ ברונעם. האָט זי אָנגעפילט דעם לאָגל מיט וואַסער, אָנגעטרונקען ישמעאל׳ן. ער האָט זיך באַזעצט אין דער מדבר פּאָרן, און חתונה געהאַט מיט אַ פרוי פון מצרים מיטן נאָמען מריבה, ל).

**נאָכדעם ווי א׳ האָט אַוועקגעשיקט הגר׳ן מיט ישמעאל׳ן פלעגט ער זיך אינטערעסירן וועגן ישמעאל׳ן?**

יאָ, ער פלעגט פאָרן אים זען, אָבער ער האָט געמוזט צוזאָגן שרה׳ן אַז ער וועט ניט אַראָפּנידערן פונעם קעמל דאָרט וואו ישמעאל געפינט זיך, מ). און פאַרגעקומען איז עס אַזוי:

נאָכדעם ווי עס איז אַריבער אַ לאַנ־גע צייט, האָט אברהם געזאָגט צו שרה׳ן: „איך האָב זעהר געוואָלט גיין זען ישמעאל׳ן, איך האָב אים ניט גע־זען אַזאַ לאַנגע צייט". און ער האָט איר געגעבן אַ שבועה, אַז ער וועט ניט אַראָפּגיין פון דעם קעמל דאָרט וואו ישמעאל וואוינט. און אברהם האָט זיך אַרויף געזעצט אויף אַ קעמל און אָנגע־הויבן אַרומפאָרן זוכן ישמעאל׳ן.

אין אַ שיינעם מיטן טאָג איז ער געקומען צו ישמעאל׳ס געצעלט. ישמע־אל׳ס ווייב און די קינדער זיינען געווען אין געצעלט, אָבער ישמעאל און הגר זיינען ניט געווען. פרעגנדיק אויף יש־מעאל׳ן האָט זי אים געענטפערט, אַז ער איז אַוועק אין פעלד אַריין פאַנגען חיות. און אברהם איז די גאַנצע צייט געזעסן אויפן קעמל און איז ניט אַראָפּ־געגאַנגען, אַזוי ווי ער האָט געשוואוירן שרה׳ן.

דערווייל האָט אברהם צו איר גע־זאָגט: „טאָכטער מיינע, גיב מיר אַ ביסל וואַסער וואָרום איך בין זעהר מיד פון דעם וועג". האָט זי געענטפערט אַז זי האָט קיין וואַסער און אויך קיין ברויט. און זי האָט זיך אַפילו ניט אומגעקוקט אויף אים און אַפילו ניט געפרעגט ווער ער איז. זי האָט דאַן געשלאָגן און געשאָלטן די קינדער, און אויך געלעס־טערט איר מאַן ישמעאל.

דאָס האָט אברהם׳ן שטאַרק פאַר־דראָסן, האָט ער זי אַרויסגערופן צו זיך זיצענדיק אויף דעם קעמל, און ער האָט

---

י) פר״א פרק ל. אָבער דער רד״ל דאָרט סימן ל האַלט אַז עס איז אַ טעות, און עס דאַרף שטיין זיבעצן יאָר.

כ) ב״ר נג, יג; ל״ט וירא כא, יד.

כ*) בראשית כא, יז. ב״ר נג, יד; י״ש וירא ענדע צד; ל״ט וירא כא, יז.

ל) בראשית כא, טו־כב; ספר הישר וירא 55.

לויט י״ש וירא אָנהויב צה האָט ער גע־נומען אַ ווייב פון די טעכטער פון מואב מיטן נאָמען עשייה.

מ) פר״א פרק ל; י״ש וירא אָנהויב צה; ספר הישר 55.

געזאָגט צו איר: „ווען דיין מאַן וועט צוריקקומען, זאָלסטו אים זאָגן אַזוי:

„אַ זעהר אַלטער מאַן איז געקומען אַהער פון דעם לאַנד פלשתים, אַזוי און אַזוי האָט ער אויסגעזען, ער האָט אויף דיר געפרעגט, און איך האָב אים ניט געפרעגט ווער ער איז. און ווען ער האָט געזען אַז דו ביזט ניטאָ, האָט ער געזאָגט צו מיר: אַז דיין מאַן ישמעאל וועט קומען, זאָלסטו אים זאָגן, דער מאַן האָט געזאָגט אַז אַזוי ווי דו וועסט צוריקקומען, זאָלסטו אָפּטאָן דעם פלאָקן פון דעם דאָזיקן געצעלט, און אַריינשטעלן אַן אַנדערן". און נאָכדעם ווי אברהם האָט געענדיקט, האָט ער פאַרקירעוועט דאָס קעמל און זיך אומגעקערט אַהיים.

ווען ישמעאל איז צוריקגעקומען אַהיים מיט זיין מוטער פון דעם פאַנגען, האָט זיין פרוי אים איבערגעגעבן וואָרט פאַר וואָרט ווי אברהם האָט איר געהייסן. ווען ישמעאל האָט דערהערט זיין ווייבס ווערטער, האָט ער באַלד פאַרשטאַנען אַז דאָס איז געווען זיין פאָטער, און אַז זיין ווייב האָט אים ניט פיין אויפגענומען. ער האָט אויך פאַרשטאַנען וואָס אברהם האָט געמיינט, וואָרום דער זון פון אַ חכם איז ווי אַ האַלבער חכם. האָט ישמעאל געפאָלגט אברהם'ס ווערטער, און ער האָט אַוועקגעשיקט זיין ווייב, און זי איז אַוועקגעגאַנגען.

און ישמעאל איז אַוועקגעגאַנגען אין דעם לאַנד כנען. דאָרט האָט ער גענומען אַן אַנדער ווייב, און ער האָט זי געבראַכט אין זיין געצעלט אויף דעם אָרט פון יענער פרוי.

אַזוי זיינען אַריבער דריי יאָר. און אברהם האָט זיך ווידער פאַרבענקט נאָך ישמעאל'ן. האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט צו שרה'ן אַז ער וויל גיין זען ישמעאל'ן. און ער האָט איר געשוואוירן, ווי דאָס ערשטע מאָל, אַז ער וועט ניט אַראָפּשטייגן פון דעם קעמל, דאָרט וואו ישמעאל איז.

איז אברהם אַוועקגעריטן אין דער מדבר, און ער איז אָנגעקומען צו ישמעאל'ס געצעלט אין מיטן טאָג. ווען ער האָט געפרעגט אויף ישמעאל'ן איז אַרויסגעקומען צו אים ישמעאל'ס ווייב, און זי האָט צו אים געזאָגט: „ער איז ניטאָ איצט אין דער היים, מיין האַר, ער איז אַוועקגעגאַנגען אין פעלד אַריין מיט זיין מוטער פאַשן די קעמלען, און פאַנגען חיות. קום אַריין, מיין האַר, אין געצעלט אַריין וועסטו עפּעס עסן. וואָרום דו ביזט דאָך אוודאי זעהר מיד פון דעם וועג".

אָבער אברהם האָט איר געענטפערט אַז ער קען ליידער ניט, ווייל ער איילט זיך זעהר. „אָבער", האָט ער געזאָגט, „גיב מיר, איך בעט דיך, אַ ביסל וואַסער ווייל איך בין זעהר דאָרשטיק". איז די פרוי גיך אַריינגעלאָפן אין געצעלט אַריין און האָט אַרויסגעבראַכט וואַסער און ברויט און האָט אים געגעבן און האָט אים שטאַרק געבעטן ער זאָל עסן און טרינקען.

האָט אברהם געגעסן, געטרונקען און געבענטשט זיין זון, און ישמעאל'ס הויז איז געוואָרן פול מיט אַלדאָס גוטס.

און אברהם האָט געזאָגט צו איר: „אַז ישמעאל וועט צוריקקומען זאָלסטו אים אַזוי זאָגן: עס איז געווען דאָ אַ זעהר אַלטער מאַן פון דעם לאַנד פלשתים, אַזוי און אַזוי האָט ער אויסגעזען, און ער האָט מיר געזאָגט אַז ישמעאל וועט קומען זאָלסטו אים זאָגן אַז דער אַלטער מאַן האָט געזאָגט, אַז דער פלאָקן וואָס דו האָסט אַריינגעשטעלט דאָ אין געצעלט איז זעהר גוט, און דו זאָלסט אים ניט אָפּטאָן". נאָכדעם ווי אברהם האָט געענדיקט, האָט ער

פאַרקירעוועט דאָס קעמל, און זיך צוריקגעקערט אַהיים.

ווען ישמעאל איז צוריקגעקומען, איז אים זיין ווייב געלאָפן אַנטקעגן מיט גרויס פרייד און האָט אים איבערגעזאָגט אַלץ, וואָרט פאַר וואָרט, וואָס אברהם האָט איר אָנגעזאָגט. ישמעאל האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז געווען זיין פאָטער, און אַז זי האָט אים זעהר פיין אויפגענומען, און ער האָט געלויבט דעם אויבערשטן.

אין יענער צייט האָט ישמעאל גענומען זיין ווייב, זיינע זין, זיין פי און אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דעם לאַנד פלשתים צו זיין פאָטער. אברהם האָט דאַן דערציילט ישמעאל'ן ווי אַזוי זיין ערשטע ווייב האָט אים באַהאַנדלט, און ווי זי האָט זיך אויפגעפירט. און ישמעאל און זיינע זין האָבן געוואוינט מיט אברהם'ן אַ לאַנגע צייט, אַן ערך פון זעקס און צוואַנציק יאָר.

נאָכדעם האָט אברהם גענומען אַלע זיינע קנעכט, און אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און ער האָט פאַרלאָזט דאָס לאַנד פלשתים. ער איז אַוועקגעצויגן ווייט פון דעם לאַנד, און איז אָנגעקומען נאָענט צו חברון. ער האָט זיך דאָרט באַזעצט. זיינע קנעכט האָבן דאָרט געגראָבן ברונעמס, און אברהם האָט געוואוינט דאָרט, נעבן דעם וואַסער, נ).

נ) ספר הישר 57־55; שה"ק יד.
ס) בראשית כא, לג.
ע) סוטה י, א; ב"ר נד, ו; ל"ט וירא כא, לג; י"ש וירא צה. זעט רש"י וירא כג, לא.
ע*) רשב"ם בראשית כא, לג.
זעט דאָרט די תרגומים יונתן און ירושלמי.
לויט מיין אָרעמען פאַרשטאַנד באַזירט דער רשב"ם ז"ל זיין טייטש אויף דעם וואָס נאָך „ויטע אשל" שטייט „ויקרא שם בשם ה'".

## אברהם און דער אשל

**די תורה זאָגט „ויטע אשל", ס) א' האָט געפלאַנצט אַן אשל. וואָס איז דאָס אַזוינס געווען?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנהייטן וועגן דעם טייטש פון אשל:

אַ פרדס, אַ סאָד מיט פרוכטן, ע).

עס איז געווען אַ פרדס, אַן אָפּגעצוימטער אָרט צו דאַוונען דאָרט, ע*).

אַ סנהדרין, ע**).

אַ בוים, פ).

אַ סטאַנציע, אַ האָטעל, צ). אי אַ האָטעל, צי אַ סטאַנציע פלאַנצט מען דאָך נישט, נאָר מען בויט. געפינען מיר, אָבער יאָ אַזאַ אויסדרוק, ווי צום ביישפיל „ויטע אהלי אפדנו", צ*) און ער וועט אויפשטעלן די געצעלטן פון זיין פאַלאַץ.

עס איז דער נאָמען פון אַ בוים, ק).

**לויט דער מיינונג אַז אשל מיינט אַ האָטעל, איז ער געווען אַ גרויסער צי אַ קליינער?**

אַ גרויסער. אין יעדער זייט זיינען געווען צוויי טירן, דער דורך־פאָרער, צי דער וואַנדערער, זאָל ניט דאַרפן זוכן די טיר. און ווער עס איז דורכגעפאָרן אָדער דורכגעגאַנגען, פלעגט אברהם אים אַריינגעמען און אים געבן עסן, טרינקען און אַ געלעגער, און אים באַגלייטן. און אויב ער איז געווען אַן אָרעמאַן,

ע**) ב"ר נד, ו. זעט דאָרט מהרז"ו.
פ) אונקלוס, א"ע בראשית כא, לג.
צ) סוטה י, א; ב"ר נד, ו; במ"ר ב, יב; תרגומים יונתן און ירושלמי בראשית כא, לג; שו"ט קי, א; מ"א וירא כ, לג און חיי שרה כד, ב. זעט אר"ן פרק ו.
צ*) דניאל יא, מה.
סוטה י, א, די לעצטע צוויי שורות; י"ש וירא צה; רש"י בראשית כא, לג.
ק) רבינו בחיי בראשית כא, לג. זעט אומעטום ווער עס זאָגט וואָס.

האָט ער אים געגעבן אויך מלבושים און עטלעכע מטבעות, ר).

**קען מען באַווייזן מאַקע פונעם וואָרט „אשל״ אַז אַ׳ איז געווען אַ גרויסער מכנים אורח?**

יאָ. אשל מאַכט אכילה עסן, שתיה טרינקען, לויה באַגלייטן. נעמלעך אַב־רהם פלעגט געבן זיינע אורחים, געסט, עסן, טרינקען און זיי באַגלייטן, ש).

לויט אַ צווייטער מיינונג מאַכט אשל אכילה, שתיה, לינה, ער פלעגט זיי געבן עסן טרינקען און אַ געלעגער.

לויט נאָך אַ מיינונג מאַכט עס אכילה, שכיבה אַ געלעגער, לויה באַגלייטן, ת).

**האָט אשל נאָך אַ טייטש?**

„אשל״ ענטהאַלט די אותיות „שאל״, בעטן, פרעגן. וואָס דער גאַסט האָט געבעטן, פאַרלאַנגט, האָט ער באַקומען, אַפילו טייטלען, וויינטרויבן, מילגרוימען.

אָדער דער בעל אכסניא, נעמלעך אַב־רהם, פלעגט פרעגן דעם אורח וואָס ער וויל — פלייש, עוף, פיש, וויין. און אַלץ וואָס מען האָט געוואָלט האָט ער גע־געבן, א). ווייל אַלץ וואָס דאָס מויל האָט פערלאַנגט, האָט זיך געפונען ביי אברהם׳ן אין הויז, א*).

**הכנסת אורחים איז מאַקע זעהר וויכ־טיק, אָבער איז אַ׳ אויסן געווען נאָך עפּעס מיט זיין גאַסט־פריינטלעכקייט?**

יאָ. ווען די געסט פלעגן אים דאַנקען נאָכן עסן, האָט ער זיי דערקלערט אַז זיי דאַרפן דאַנקען דעם אַלמעכטיקן וועל־כער האָט באַשאַפן די וועלט, באַשאַפט דעם מענטשן אין דער מוטערס טראַכט, מאַכט אַלץ וואַקסן, און אַזוי ווייטער. און ער האָט זיי געלערנט צדקות, יראת שמים, ברכות, תורה, ב).

און ווען די אורחים פלעגן וועלן אים דאַנקען, פלעגט ער זיי זאָגן: „איר האָט דען געגעסן פון מיינעם, איר האָט דאָך געגעסן פונעם אויבערשטנס. דאַנקט זשע, לויבט און בענטשט דעם וועלכער האָט געגעבן אַ זאַג, און די וועלט איז גע־וואָרן, ב*).

**ווי אַזוי פלעגט אברהם צוציען ניט־אידן צו אידישקייט?**

ער פלעגט אויפנעמען יעדן איינעם וואָס פלעגט פאַרבייגיין אָדער דורכפאָרן דורך זיין הויז און זיי געבן צו עסן און צו טרינקען. נאָכן עסן האָט ער זיי געזאָגט „בענטשט״. האָבן זיי אים גע־פרעגט „וואָס זאָלן מיר זאָגן?״ האָט

---

ר) פאַרגלייכט פאָלגנדיקע קוועלן:
סוטה י, א־ב; ב״ר מג, ז; מט, ד; נד, ו; נו, ה און פד, ד; ש״ר א, טו און כה, ח; ויק״ר א, ט; במ״ר ב, יב; ד״ר א, ג און יא, ג; שי״ר א אויפן פסוק יג; תנחומא לך לך יב; תנח״ב וירא ד; תולדות יג; אגדת בראשית יט, לט; ספר הישר 57; שו״ט קי, א; פ״ר פיסקא בחודש השביעי קעא, א; אר״ן א, ז און ב, יד. מה״ג.א׳ וירא רסט; ל״ט וירא כא, לג; י״ש וירא קא; ילקוט א׳ מא, ג, קיח (צוויי טירן); בחיי בראשית כב, א (פיר טירן).

ש) שו״ט לז, א; מ״א וירא כא, לג; ל״ט וירא יח, טז און כא, לג; י״ש תהלים ענדע תשכח; רש״י סוטה י, א לעצטע שורה.

ת) רבינו בחיי בראשית כא, לג.
זעט ענדע זייט 156 און נאָטע ר.

א) ל״ט וירא כא, לג. פאַרגלייכט ב״ר נד, ו.

א*) אבות דרבי נתן פרק ז.

ב) תנחומא לך לך יב; ישר מב, א.

אגב, וועגן דער וויכטיקייט פון הכנסת אורחים זעט שבת קכז, א און י״ש וירא פב אַז „גדולה הכנסת אורחין מהקבלת פני שכינה״, הכנסת אורחים, געבן אַן אָרע־מאַן אַ מאָלצייט, אַ געלעגער שטייט העכער פון אויפצונעמען די שכינה.

ב*) סוטה י, א.

ער זיי געענטפערט: זאָגט „געלויבט איז דער אויבערשטער פון דער וועלט פון וועמענס מיר האָבן געגעסן". אויב דער גאַסט האָט אַזוי געזאָגט, האָט ער געגעסן און געטרונקען און איז זיך אַוועקגעגאַנגען. האָט דער גאַסט ניט געוואָלט בענטשן, האָט אברהם געזאָגט צו אים: גיב מיר אַלץ וואָס דו האָסט. פרעגט דער גאַסט: וואָס אייגענטלעך קומט דיר. האָט אברהם געענטפערט: פאַר וויין קומט מיר אַזוי פיל און אַזוי פיל. פאַר פלייש קומט מיר אַזוי פיל און אַזוי פיל. פאַר ברויט קומט מיר אַזוי פיל און אַזוי פיל. ווער האָט דיר אַמאָל געגעבן אָט די אַלע שפּייזן אין דער מדבר! ווען דער גאַסט האָט דערזען אין וואָס פאַר אַ צרה ער געפינט זיך, האָט ער געזאָגט: געלויבט איז דער אויבערשטער פון וועמענס מיר האָבן געגעסן, ג).

**איז פאַראַן אַ רמז, אַן אָנדייט, אין דער תורה אַז פאַר הכנסת אורחים האָט מען גן עדן?**

יאָ. אין דער תורה געפינט זיך צוויי מאָל דאָס וואָרט „ויטע", „ויטע . . גן בעדן", ד) „ויטע אשל", ה). אלזאָ ווער עס האַלט פון דער מצוה הכנסת אורחים, דער ירש'נט גן עדן, ו).

## עקידת יצחק

**וואָס איז דער טייטש עקידה?**

בינדן, בינדונג.

**אין וואָס פאַר אַ טאָג איז פאַרגעקומען די עקידה?**

פרייטיק פאַרנאַכט, לויט אַן אַנדער מיינונג צוויי אַזייגער בייטאָג, און לויט נאָך אַ מיינונג פיר אַזייגער בייטאָג, ז).

**אין וואָס פאַר אַ חודש איז פאַרגעקומען די עקידה?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס-פאַרשידנהייטן:

אין חודש ניסן, ח);
אין תשרי, ראש השנה, ט);
אין חודש חשון, י).

**אין וואָס פאַר אַ יאָר איז פאַרגעקומען די עקידה?**

צוויי טויזנט פינף און זיבעציק יאָר נאָכן וועלט באַשאַף, כ).

**ווי אַלט איז יצחק געווען ביי דער עקידה?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס-פאַרשידנהייטן:

זיבן און דרייסיק יאָר, ל); זעקס און

---

ג) ב"ר מט, ד. פאַרגלייכט די נוסחאות און ווער עס זאָגט זיי אין: ב"ר מג, ז און ענדע פרשה נד; סוטה י, ב; תנח. לך לך יב; י"ש לך לך עד; וירא פב און צה; תרגום ירושלמי און רש"י בראשית כא, לג; מ"א כא, לג; ל"ט יח, יט און כא, לג.

ד) בראשית ב, ח.

ה) בראשית כא, לג.

ו) בחיי בראשית כא, לג.

ואני הקטן אהרן, ב"ר משה ז"ל, באַמערק: עס איז דאָ אַ דריטער ויטע, „ויטע כרם" אין בראשית ט, כ. נאָר אַזוי ווי מיט דעם ויטע כרם ביי נח'ן איז ניטאָ מיט וואָס צו שטאָלצירן, ער האָט זיך דאָך אָנגעשיכור'ט, האָט אפשר דערפאַר רבינו בחיי ז"ל אים ניט גערעכנט.

אגב, אין נ"כ געפינט זיך אויך ויטע מיט אַ שוא אונטער דער ו, זעט דניאל יא, מה.

ז) זהר ויצא קסד, ב; סדר הדורות יט, ג.

ח) ש"ר אָנהויב פרשה טו און זעט דאָרט רד"ל סימן כז; ס"ה יט, ג.

ט) פ"ר פיסקא מ; מ"א וירא כב, יד, און זעט חיי שרה כג, א.

י) סדר הדורות יט, ג.

כ) סדר הדורות יט, ג.

ל) פר"א פרק לא און זעט פרק לב;

דרייסיק יאָר, מ); זיבן און צוואַנציק יאָר, נ); זעקס און צוואַנציק יאָר, ס); צוויי יאָר, ע); אַכט יאָר, פּ); דרייצן יאָר, צ).

די גמרא דערציילט: ווען יצחק איז אַנטוווינט געוואָרן, האָט אברהם גע־מאַכט אַ גרויסע סעודה, ר). האָט דער שטן גע'טענה'ט צום אויבערשטן: דו האָסט אים געלייטזעליקט מיט אַ זון צו הונדערט יאָר, איז פון אַט דער גרוי־סער סעודה וואָס ער האָט געמאַכט, האָט ער ניט געפונען פאַר נויטיק מק־ריב צו זיין פאַר דיר אַפילו אַ יונג טייבעלע!

האָט דער אויבערשטער אים געענט־פערט: די גאַנצע סעודה וואָס ער האָט געמאַכט, איז דאָך בלויז צוליב זיין זון. איז ווען איך זאָל אים הייסן מקריב זיין זיין זון, וועט ער אים באַלד אָפּ־פערן. דער אויבערשטער האָט באַלד געהייסן אברהם'ן פירן יצחק'ן צו דער עקידה, און אברהם האָט געפאָלגט.

לויט דעם קומט אויס אַז יצחק איז דעמאָלט אַלט געווען צוויי יאָר. ווייל ביי זיין אַנטוווינונג איז ער דאָך אַלט געווען צוויי יאָר, ש).

**די תורה זאָגט „ויהי אחר הדברים האלה״, ת) און עס איז געווען נאָך די דאָזיקע רייד. נאָך וואָס פאַר אַ רייד?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס-פאַרשידנ־הייטן:

דער שטן איז געקומען פאַרן אויי־בערשטן, און ער האָט גע'טענה'ט: אב־רהם האָט געמאַכט אַזאַ גרויסע סעודה ביים אַנטוווינען יצחק'ן, און דיר האָט ער אַפילו קיין איין טייבעלע געאָפּפערט. האָט דער אויבערשטער אים געענט־פערט: ווען איך זאָל אים הייסן מקריב

---

סע״ר ענדע פרק א; ב״ר נו, ח; ש״ר אָנ־הויב פרשה א; אי״ר פתיחתא כד; תנח. וירא כג און שמות א; תנח״ב וירא מב און מו; זהר וירא קג, א; חיי שרה קכג, א און ויחי רל, ב; תדא״ר פרק כז; תדא״ז פרק ב; ישר וירא 58; מ״א תולדות כה, כ; ש״ט חיי שרה כד, יד; ל״ט חיי שרה כג, ב און כד, מד; מה״ג.א' כב, ג; י״ש וירא צח און תולדות קי; רש״י בראשית כה, כ; תוספות יבמות סא, ב אונטערן וואָרט וכן; בחיי וירא כב, ד; חידושי הרמב״ן; ס״ה יט, ד; שה״ק יד, טו.

זעט ווייטער הערה ד.

לויט ליקוטי תיקונים פון האר״י ז״ל איז יצחק אַלט געווען זיבן און דרייסיק יאָר ווי די צאָל פון „הבל״, ווענעמס תיקון יצחק איז געווען. זעט תנח״ב וירא הערה רכ.

דער אבן עזרא, בראשית כב, ד זאָגט אויב עס איז דברי קבלה, טראַדיציע, נקבל, נעמען מיר עס אָן. אָבער ער האַלט אַז די סברא אַז יצחק איז אַלט געווען ביי דער עקידה זיבן און דרייסיק יאָר לייגט זיך אים ניט אויפן שכל. ער האַלט אויך ניט מיט דער מיינונג אַז יצחק איז דע־מאָלט אַלט געווען פינף יאָר. (לויט סדר הדורות דאַרף שטייען אַכט — אַ דרוק־פעלער פון „ח״ אויף „ה״). לויט זיין מיי־נונג האָט יצחק באַדאַרפט דאַן אַלט זיין אַרום דרייצן יאָר.

מ) תרגום יונתן בראשית כב, א.

נ) סדר הדורות יט, ב.

ס) הגר״א ז״ל אין סדר עולם רבה ענדע פרק א. לויט דעם קומט אויס אַז רבקה איז אַלט געווען פערצן יאָר, ניט דריי, צו דער חתונה. זעט ס״ה יט, א.

ע) סנה. פט, א; ס״ה יט, א.

פּ) ס״ה יט, א. זעט פר״א פרקים ל און לו.

צ) ס״ה יט, א. זעט א״ע בראשית כד, ב.

ר) בראשית כא, ח.

ש) רש״י בראשית כא, ח; מ״א וירא כא, ח; זעט גיטין עה, ב. סנה. פט, א.

ת) בראשית כב, א.

זיין פאַר מיר אַפילו זיין אייגענעם זון, וועט ער דאָס אויך טאָן, א).

לויט אַן אַנדער מיינונג האָבן די מל־אַכים אַזוי געזאָגט צום אויבערשטן, ב).

לויט אַן אַנדער דעה האָט א׳ אַליין מהרהר געווען: ווען יצחק איז געבוירן געוואָרן האָב איך זיך געפרייט און משמח געווען אַלע. אָבער פאַרן באַשע־פער האָב איך ניט אָפּגעשייט אַפילו איין אָקס, אָדער איין ווידער, ג).

אַנדערע האַלטן אַז עס איז געווען נאָך די רייד וועלכע זיינען פאַרגעקו־מען צווישן ישמעאל׳ן און יצחק׳ן. יש־מעאל האָט זיך באַרימט פאַר יצחק׳ן אַז ביי זיין ברית איז ער שוין אַלט געווען דרייצן יאָר, און ער האָט זיך ניט געווערט דאַקעגן. האָט יצחק אים געענטפערט: דו באַרימסט זיך מיט איין אבר און אַז ביזט אַלט געווען דרייצן יאָר. איך בין איצט אַלט זיבן און דריי־סיק יאָר. און ווען דער אויבערשטער זאָל מיר הייסן זיך איינגאַנצן לאָזן שעכטן פאַר אים, וועל איך דאָס טאָן, ד).

**די תורה זאָגט אונז אַז דער אויבערשטער „נסה את אברהם", ה) האָט אויספּרובירט אברהם׳ן ער זאָל פירן יצחק׳ן צו דער עקידה. האָט דען דער אויבערשטער, דער יודע מחשבות, פריער ניט געוואוסט אַז אברהם וועט ביי־שטיין דעם נסיון. צווייטנס, ווי שטעלט מען טאַקע אַ טאָטן צו אַזאַ נסיון, צו מקריב זיין מיט די אייגענע הענט זיין איין און איינציקן זון וועלכן ער האָט אַזוי ליב?**

עס האָט שוין אַ גדול געטייטשט אַז דאָס וואָרט „נסה" מיינט ניט אויספּרו־בירן, נאָר אויפהויבן, דערהויבן. דער אויבערשטער איז אויסן געווען צו דער־הויבן סיי אברהם׳ן, סיי זיין אמונה אין די אויגן פון די געצנדינער. נעמ־לעך, אברהם איז אַזוי איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון זיין גלויבן, אַז ער איז גרייט מקריב צו זיין דערפאַר אַפילו זיין באַליבטן בן יחיד. רבי יוסי הגלילי זאָגט „גדלו כנס הזה של ספינה", ו) ער האָט אים דערהויבן, הויך געמאַכט ווי די פאָן פון אַ שיף.

איך הקטן בין אַגב מוסיף אַז דאָס וואָרט „נסה", ז) איבערזעצט דער תר־גום מיט נשא, און רש״י ז״ל אויפן אָרט זאָגט הרם, אויפהויבן, דערהויבן, ח).

און וואָס אַנבאַלאַנגט ווי שטעלט מען טאַקע אַ טאָטן צו אַזאַ נסיון, זעט ווייטער זייט 163 נאָטע ו.

**ווען דער אויבערשטער האָט אויסגע־רופן „אברהם", האָט אברהם אים גע־זאָגט „הנני" (אָט בין איך) איך בין גרייט. ווי אַזוי האָט דער אויבערשטער רעאַגירט דערויף?**

---

א) זעט: ב״ר נה, ד; סנה. פט, ב; ישר וירא 59, און פאַרגלייכט: ל״ט בראַשית כב, א; י״ש וירא אַנהויב צו.

ב) מ״א וירא כב, א; ל״ט וירא כב, א; י״ש וירא צה.

ג) י״ש וירא ענדע צה. דער זית רענן דאָרט באַמערקט: יצחק איז דאָך דעמאָלט שוין אַלט געווען זיבן און דרייסיק יאָר, פאַרוואָס זשע האָט ער ניט מהרהר געווען ביז דאַן.

ד) רש״י בראשית כב, א; (לויט תר־גום יונתן דאָרט איז ער אַלט געווען 36 יאָר); סנה. פט. ב; תנח. וירא יח; תנח״ב וירא מב; ב״ר נה, ד; ל״ט בראשית כב, א. מ״א וירא כב, א; י״ש וירא ענדע צה. זעט פאַרגייענדיקע פראַגע און ענטפער.

ה) בראשית כב, א.

ו) ב״ר נה, ו; ל״ט וירא כב, א; י״ש וירא אַנהויב צו. זעט אָבער רמב״ן בראַשית כב, א.

ז) תהלים ד, ז.

ח) זעט הו״ה בראשית כב, א, הוצאת אום.

ער האָט געזאָגט צו אברהם'ן: מיט דעם דאָזיקן לשון וועל איך באַצאָלן שכר דיינע קינדער. ווי אין פסוק שטייט „הנני ממטיר לכם לחם מן השמים", זע, איך רעגן פאַר אייך ברויט פונעם הימל, ח*).

**פאַרוואָס האָט דער אויבערשטער גע־פּרואווט דוקא אברהם'ן?**

ווייל דער אויבערשטער פּרואווט ניט דעם רשע נאָר דעם צדיק. ווי אין פסוק שטייט „ה' צדיק יבחן", ט) דער אוי־בערשטער פּרואווט אויס דעם צדיק, ווייל דער רשע וועט ניט קענען ביי־שטיין דעם נסיון, ווי אין פסוק שטייט „והרשעים כים נגרש", י) די רשעים זיינען ווי אַ געטריבענער ים.

עס איז פּונקט ווי דער פלאַקסער. ווען זיין פלאַקס איז געשלאָגן, עס איז שלעכט, קלאַפּט ער עס ניט צופיל ווייל עס וועט זיך צעשפּאַלטן. אָבער ווען דאָס פלאַקס איז גוט, עס איז געראָטן, קלאַפּט ער דאָס אַ סך, וואָס מער ער קלאַפּט עס, אַלץ בעסער ווערט עס, כ).

אָדער עס איז פּונקט ווי דער וועל־כער פאַרמאָגט צוויי בהמות, אַ שטאַר־קע און אַ שוואַכערע. אויף וועמען לייגט ער אַרויף דעם יאָך, ניט אויף דער שטאַרקערער? אַזוי אויך דער אויבערש־טער. בלויז צדיקים שטעלט ער צום נסיון, ל).

ח*) בראשית כב, א; שמות טז, ד. ש"ר כה, ה.

ט) תהלים יא, ה.

י) ישעיה נז, כ. זעט די מפרשים דאָרט.

כ) ב"ר לב, ג; לד, ב; נה, ב; ש"ר ב, ב; במ"ר טו, יב; שי"ר ענדע פרשה ב); תנח. וירא כ און בהעלותך ח; תנח"ב שמות י; שו"ט יא, ד; י"ש וירא צה, ישעיה שנ און תהלים תרנד; שפס רסג. זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

**איז אַ' געווען דער סאַמע ערשטער געפּרואווט צו ווערן?**

יאָ, מ).

**האָט דער אויבערשטער אויסגעזוכט אַ באַשטימטע צייט ווען אַ' זאָל פירן יצחק'ן צו דער עקידה?**

יאָ, נ).

**דער וויפלטער נסיון איז די עקידה געווען פאַר אברהם'ן?**

דער צענטער, ס).

**ווי אַזוי האָט אַ' רעאַגירט ווען דער אויבערשטער האָט אים געהייסן פירן יצחק'ן צו דער עקידה?**

דער אַלמעכטיקער האָט זיך באַוויזן צו אים ביינאַכט און געזאָגט: נייען מאָל האָב איך דיך שוין אויספּרובירט, און דו ביזט בייגעשטאַנען אַלע נסיונות. האַלט אויס אויך דעם איצטיקן נסיון. מענטשן זאָלן ניט זאָגן אַז יענע האָסטו אויסגעהאַלטן ווייל זיי זיינען געווען בלויז קלייניקייטן, ס*) אַלזאָ:

„קח נא את בנך", ע) נעם, איך בעט דיך, דיין זון.

„וועלכן מיינסטו, איך האָב דאָך צוויי זין"? מיינסטו דעם וועלכער איז גע־בוירן געוואָרן פאַר מיין מל זיין, צי נאָכדעם?"

„את יחידך", ע) דיין איינציקן.

„זיי זיינען דאָך ביידע איינציקע. יצחק

ל) ב"ר נה, ב, און זעט דאָרט אויך דעם משל מיטן טעפּער; י"ש שיר השירים תתקפו.

מ) בראשית רבה נט, ו.

נ) ב"ר נה, ו; פ"ר פיסקא מב; אגדת בראשית פרשה לא.

ס) תרגום ירושלמי בראשית כב, א; פר"א אנהויב פרק לא. זעט זייט 182, באַמערקונג י.

ס*) זעט זייט 162, נאָטע ש.

ע) בראשית כב, ב און רש"י דאָרט.

איז אַן איינציקער ביי זיין מוטער שרה, און ישמעאל איז אַ בן יחיד ביי זיין מוטער הגר".

„אשר אהבת", ע) דעם וועלכן דו האָסט ליב.

„איך האָב זיי ביידע ליב".

„דעם וועלכן דו האָסט שטאַרק ליב".

„איז דען פאַראַן אַ גרענעץ? לאָזט עס זיך דען אָפּמעסטן?"

„את יצחק", ע) יצחק'ן.

„ולך לך אל ארץ המוריה, והעלהו שם לעולה", ע) און גיי דיר צום לאַנד מוריה, און ברענג אים דאָרט אויף פאַר אַ בראַנדאָפּפער.

און אברהם האָט עס באַלד אָנגענומען באהבה, פּ).

**אין פּסוק שטייט דאָך „כרחם אָב על בנים", צ) ווי אַ פאָטער דערבאַרעמט זיך אויף זיינע קינדער, ווי זשע קומט עס וואָס אברהם איז געווען גרייט צו אָפּפערן זיין באַליבטן זון?**

ער האָט געזאָגט מיטן מויל „הנני", ק) איך בין גרייט, אָבער אין האַרצן האָט ער טאַקע געוויינט, ר).

**ווען דער אויבערשטער האָט געהייסן אברהם'ן פירן יצחק'ן צו דער עקידה, האָט ער געזאָגט „קח נא", נעם, איך בעט דיך, דיין זון יצחק. צו וואָס בעטן, ער האָט דאָך געקאָנט באַפעלן?**

ער האָט גענוצט דעם אויסדרוק „נא" וואָס מיינט אַ לשון בקשה, אים צו בעטן ער זאָל אויסהאַלטן דעם דאָזיקן נסיון, כדי מען זאָל ניט זאָגן אַז די אַלע פריערדיקע נסיונות, וועלכע ער איז ביי־געשטאַנען, זיינען ניט געווען ממשות־דיקע, ש).

**צו וואָס האָט דער אויבערשטער באַ־דאַרפט זאָגן „קח נא את בנך את יחידך אשר אהבת את יצחק", ת) נעם, איך בעט דיך, דיין זון, דיין איינציקן, וועלכן דו האָסט ליב, יצחק'ן. ער האָט דאָך**

---

פּ) זעט די פאַרשידענע נוסחאות, און ווער עס זאָגט עס אין: סנה. פּט, ב; פּר"א פּרק לא און רד"ל דאָרט; ב"ר פּרשיות לט, ט און נה, ז; תנח. וירא כב; תנח"ב וירא מד; פּ"ר פיסקא מ שור או כשב, קצג, ב און פאַרגלייכט קסט. ב; שו"ט כט, א, הוצאת אום; מ"א וירא כב, ב; מה"ג,א' 317; ל"ט וירא כב, ב; י"ש לך לך סב; וירא צו און יחזקאל שמג; בחיי בראשית כב, ב; מדרש ויושע לה און פאַרגלייכט אוצר מדרשים, אייזנשטיין, קמו.

צ) תהלים קג, יג.

ק) בראשית כב, א.

ר) תנח"ב וירא לט; מדרש ויושע לז.

ואני הקטן אהרן, ב"ר משה ז"ל, באַמערק: אברהם האָט געזאָגט „הנני" איידער דער אויבערשטער האָט אים געזאָגט „קח נא את בנך", אָבער „אין מוקדם ומאוחר בתורה".

אין דער תורה איז ניט פאַראַן „פריער" אָדער „שפּעטער". די געזעצן און די פּאַסי־רונגען זיינען ניט אָנגעגעבן כראָנאָלאָגיש. זעט: פּסחים ו, ב; שקלים טז, ב, אונטן; ירוש. שקלים פּרק ו, ענדע הלכה א; ירוש. מגילה פּרק א, הלכה א; ירוש. סוטה פּרק ח, הלכה ג; מכילתא בשלח, מסכת דשירתא, פּרשה ז, זייט מ, ב הוצאת אום (עטלעכע מאָל); שי"ר א, אויפן פּסוק ב; ק"ר אויפן פּסוק יב (עטלעכע מאָל); תנח. תרומה ח; י"ש בשלח רמט; ל"ט בשלח טו, ט (עטלעכע מאָל); רמב"ן שמות טו, ט און אין נאָך ערטער.

לויט: ב"ר נו, ג און ד; תנח"ב וירא מו; מ"א וירא כב, ו; ל"ט בראשית כב ו און ח; ישר וירא 62; י"ש וירא קא איז ער געגאַנגען בינדן און שעכטן יצחק'ן מיט דער זעלבער שמחה, מיט וועלכער יצחק איז געגאַנגען ווערן געבונדן און געשאָכטן.

ש) רש"י בראשית כב, ב; סנה. פּט, ב.

אַז „נא" איז אַ לשון בקשה, זעט: ברכות ט, א; סנהדרין מג, ב; מט, ב און פּט, ב; סוטה י, ב; תנחומא וירא כב; ל"ט בראַ־שית כב, ב; י"ש וירא צו.

ת) בראשית כב, ב.

**געקאָנט זאָגן גאָר פּשוט: פיר יצחק׳ן צו דער עקידה?**

ער האָט עס געטאָן צוליב צוויי טעמים:

כדי ער זאָל קאָנען אים געבן שכר פאַר יעדער וואָרט.

ער זאָל אים ניט איבערשרעקן פּלוצים, ווייל אַ פאָטער קאָן דאָך נאָך אַראָפּ פון זינען פון אַזאַ בשורה, א).

**אויף וועלכן אָרט האָט דער אויבערשטער אים געהייסן דורכפירן די עקידה?**

אין ירושלים, ב).

**אַז דער אויבערשטער האָט געהייסן אברהם׳ן דורכפירן די עקידה אין ירושלים, ג) פאַרוואָס זשע זאָגט דער פּסוק „ארץ המוריה”, ד) לאַנד מוריה?**

ווייל פון דאָרט איז אַרויסגעגאַנגען צו דער וועלט (צו די אידן): הוראה, מרה, הוריה, יראה, מורא, ה).

**דער אויבערשטער איז דאָך דער „אב הרחמים”, דער פאָטער פון באַרעמהערציקייט, און „אב הרחמן”, דער באַרעמהערציקער פאָטער. ווי זשע קומט עס ער זאָל הייסן אברהם׳ן, וועלכער האָט אים באַקענט געמאַכט איבער דער גאַנצער וועלט, אָפּפערן זיין באַליבטן זון, און כאָטש ער אַליין האָט דאָך אים צוגעזאָגט קינדער?**

דער אויבערשטער האָט אים ניט געהייסן שעכטן יצחק׳ן. ער האָט אים געזאָגט בלויז „והעלהו שם לעולה”, ו) להעלאה, ער זאָל זיין אַן עולה, ער זאָל אים אַרויפברענגען, ולא לזביחה, אָבער ניט אים צו שעכטן. אַ ראיה, ווי נאָר אברהם האָט אים אַרויפגעבראַכט, האָט ער דאָך טאַקע געהייסן אברהם׳ן אים צוריק אַראָפּנידערן, ז). און עס איז אים אָפילו ניט אַרויפגעקומען אויפן זינען אַז יצחק זאָל געשאָכטן ווערן, ח).

**דער אויבערשטער האָט געהייסן אברהם׳ן פירן יצחק׳ן צו דער עקידה „על אחד ההרים”, ט) אויף איינעם פון די בערג. פון וואַנען האָט ער געקאָנט וויסן אויף וועלכן באַרג?**

אברהם האָט אים געפרעגט, און דער אויבערשטער האָט אים געענטפערט: דאָרט וואו דו וועסט זען מיין כבוד שטייען, וועל איך וואַרטן אויף דיר, י).

---

א) סנה. פט, ב; ב״ר לט, ט און נה, ז; פ״ר קסט, ב; מ״א וירא כב, ב; ל״ט וירא כב, ב; מה״ג,א׳ 317; י״ש יחזקאל שמג; רש״י בראשית כב, ב. זעט זייטן: 74, 164; נאָטע ז, נאָטע ל.

ב) רש״י בראשית כב, ב; ענדע מדרש תדשא און זעט: מדרש הגדול בראשית 317; בחיי בראשית כב, ב.

ג) זעט פאַרגייענדיקע פראַגע און ענטפער.

ד) בראשית כב, ב.

ה) פאַרגלייכט: תענית טז, א, רש״י און תוספות דאָרט; ירוש. ברכות פרק ד, הלכה ה; ב״ר נה, ז; שי״ר פרשה ד, פסוק ד, ענדע סימן ג; פ״ר פיסקא מ, קסט, ב; תנח״ב וירא מה; מ״א וירא כב, ב; ל״ט וירא כב, ב; מה״ג,א׳ 318-317; י״ש וירא צו און שיר השירים תתקפח; רש״י, א״ע בראשית כב, ב און זעט דאָרט רמב״ן; די תרגומים אונקלוס און יונתן איבערזעצן דאָרט מוריה מיט פולחנא. זעט דברי הימים ב׳ ג, א און פאַרגלייכט מיט תרגום ירוש. בראשית כב, יד.

ו) בראשית כב, ב און רש״י דאָרט.

ז) ב״ר נו, ח; מ״א וירא כב, כט; ש״ט וירא כב, פסוקים ב און י; ל״ט וירא כב, ב. רש״י בראשית כב, יב.

ח) זעט: „ולא עלתה על לבי” אין ירמיה יט, ה, תרגום און רד״ק דאָרט; תענית ד, א און רש״י דאָרט אונטערן וואָרט וכתיב; ב״ר נו ענדע סימן ח; אגדת בראשית לא. תנח״ב וירא מ; י״ש וירא צו און תהלים תתם.

ט) בראשית כב, ב.

י) פר״א פרק לא; ספר הישר, וירא, 59; י״ש וירא צח. זעט 166, נאָטע ת.

**דער אויבערשטער האָט געהייסן אברהם'ן אַרויפברענגען יצחק'ן „על אחד ההרים אשר אמר אליך", כ) אויף איינעם פון די בערג וואָס איך וועל דיר זאָגן. פאַרוואָס האָט ער אים באַלד ניט געזאָגט אויף וועלכן באַרג?**

ווייל דער אויבערשטער מאַכט די צדיקים פריער זיך וואונדערן, דערנאָך אַנטפּלעקט ער עס צו זיי. און דאָס אַלץ איז כדי ער זאָל קאָנען זיי געבן וואָס מער שכר, ל).

**האָט א' דערציילט שרה'ן אַז ער פירט יצחק'ן צו דער עקידה?**

ער האָט זיך געפונען אין אַ זעהר שווערער לאַגע. זאָל ער איר דערציילן, וועט זי דאָך ניט לאָזן. זאָל ער אים אַוועקפירן אָהן איר וויסן, קאָן זי נאָך באַגיין זעלבסטמאָרד. האָט ער איר געזאָגט אַז ער וויל אים אַוועקפירן אין דער ישיבה פון שם ועבר, און זי האָט מסכים געווען, מ).

**תרח האָט דאָך געמאַכט אָפּגעטער, געטשקעם, ווי זשע קומט עס וואָס ער האָט געלאָזט אברהם'ן פירן זיין אייניקל יצחק צו דער עקידה?**

ער איז געשטאָרבן צוויי יאָר פאַר דער עקידה, מ*).

**ווען אברהם איז געבאָטן געוואָרן צו פירן יצחק'ן צו דער עקידה, זאָגט דער פּסוק „וישכם אברהם בבקר", נ) אברהם האָט זיך געפּעדערט אינדערפרי. וואָס איז געווען דאָס איילעניש?**

ער האָט זיך געאיילט צו טאָן די מצוה, ווייל זריזין מקדימים למצוות, ס). אייפעריקע איילן זיך צו טאָן מצוות.

**דער פּסוק דערציילט אונז „ויחבוש את חמורו", ע) א' האָט איינגעשפּאַנט זיין אייזל. צו וואָס האָט ער אַליין באַדאַרפט דאָס טאָן. האָבן אים דען געפעלט באַדינער?**

ווייל אהבה מקלקלת (מבטלת) את השורה, ליבשאַפט פאַרבויגט כבוד. ווען מען האָט ליב פאַרקוקט מען דעם אייגענעם כבוד. צוליב זיין ליבשאַפט פאַרן אויבערשטן האָט ער פאַרבויגן זיין כבוד, פ).

**איז דאָס אייזל, אויף וועלכן א' איז געריטן בייצושטיין אַזאַ געוואַלדיקן נסיון, געווען עפּעס אַ ספּעציעל אייזל?**

יאָ. עס איז געווען דאָס אייזל וואָס איז באַשאַפן געוואָרן פרייטיק פאַרנאַכט ביים וועלט־באַשאַף. אויף דעם דאָזיקן אייזל איז משה רבינו געריטן קיין מצרים, און אויף דעם דאָזיקן אייזל וועט משיח בן דוד קומען צורייטן, צ).

**די תורה זאָגט אַז א' האָט מיטגענומען צו דער עקידה „את שני נע־**

---

כ) בראשית כב, ב און רש"י דאָרט.

ל) פאַרגלייכט די נוסחאות אין: ב"ר לט, ט און נה, ז; ל"ט בראשית כב, ב; י"ש יחזקאל שמג. זעט זייטן: 74, ז; 163, א.

מ) תנח. וירא כב; ישר וירא 59־60; פאַרגלייכט מיט דער ווערסיע אין י"ש וירא צח; מה"ג,א' אויפן פּסוק.

מ*) סע"ר פּרק א; ב"ר נח, ה.

נ) בראשית כב, ג און רש"י דאָרט.

ס) פּסח. ד, א און תוספות אונטערן וואָרט שנאמר. זעט: ר"ה לב, ב; יומא כח, ב; תנח. בלק ח; ויק"ר כ ענדע יב; במ"ר יז, ב; מ"א וירא כב, ג; זייט 46, נאָטע ש.

ע) בראשית כב, ג און רש"י דאָרט.

פ) סנה. קה, ב; ב"ר נה, ח; מר"י בשלח פּרשה א'; מ"א וירא כב, ג און שמות ד, כ; ל"ט וירא כב, ג; י"ש וירא צז; רש"י בראשית כב, ג.

צ) בראשית כב, ג. פּר"א פּרק לא; מה"ג, א' 319; י"ש וירא צח. זעט: אבות ד; זהר בלק רא, ב; רש"י שמות ד, כ.

ריו", ק) זיינע צוויי יונגען, ווער זיינען זיי געווען?

ישמעאל און אליעזר, ר).

**אויף „שני נעריו אתו" זאָגן די חכמים ז"ל אַז דאָס מיינט ישמעאל'ן און אליעזר'ן. ישמעאל איז דאָך דעמאָלט שוין אַלט געווען איין און פופציק יאָר. און אליעזר איז דאָך אויך שוין געווען אַ מאַן אין די יאָרן. פאַרוואָס זשע באַצייכנט דער פסוק זיי אַלס שני נעריו, צוויי אינגלעך?**

„נער" קען אויך מיינען אַ דערוואַקסענער, אַ מענטש אין די יאָרן, ר*).

דער פסוק רופט אָן ישמעאל'ן „הנער", אינגל, און ער איז שוין דעמאָלט אַלט געווען פיר און צוואַנציק יאָר, 1).

יצחק איז אַלט געווען ביי דער עקידה זיבן און דרייסיק יאָר, און ער ווערט אָנגערופן „נער", 2).

בנימין איז שוין דעמאָלט געווען אַ טאַטע פון צען זין, און יהודה רופט אים אָן „נער", 3).

יהושע איז שוין דעמאָלט אַלט געווען איין און פופציק יאָר, און די תורה רופט אים אָן „נער", 4).

ווען דוד המלך האָט געהייסן יואב'ן גיין קיין גשור און צוריקברענגען אבשלום'ן, האָט ער געזאָגט „ולך השב את הנער, את אבשלום", און גיי, קער אום, (ברענג צוריק) דאָס אינגל אבשלום. און אבשלום איז דעמאָלט שוין געווען אַ טאַטע פון קינדער, 5).

ווען דער אויבערשטער האָט געזאָגט ירמיהו'ן „נביא לגוים נתתיך", איך באַשטים דיך אַלס נביא צו די פעלקער, האָט ירמיה געענטפערט: ....„כי נער אנכי", איך בין דאָך נאָך אַ אינגל. און ער איז דאָך ניט געווען דענצמאָל אַ קליין אינגל, 6).

**ווי אַלט איז ישמעאל געווען ווען א' האָט געפירט יצחק'ן צו דער עקידה?**

ישמעאל איז אַלט געווען דרייצן יאָר ביי זיין ברית, ש). אַ יאָר שפּעטער איז יצחק געבוירן געוואָרן. איז ישמעאל דעמאָלט אַלט געווען פערצן יאָר. יצחק איז אַלט געווען ביי דער עקידה זיבן און דרייסיק יאָר. קומט אויס אַז ביי דער עקידה איז ישמעאל אַלט געווען איין און פופציק יאָר, ת).

**אברהם האָט גענומען מיט זיך צו דער עקידה „שני נעריו אתו ואת יצחק", א) זיינע צוויי יונגען (ישמעאל'ן און אליעזר'ן) און יצחק'ן. יצחק איז דאָך געווען די הויפּט־זאַך, פאַרוואָס זשע זאָגט ניט דער פסוק אַז ער האָט גענומען יצחק'ן און די צוויי יונגען?**

טאַקע דערפאַר ווייל יצחק איז געווען דער עיקר, האָט ער גענומען פריי־

---

ק) בראשית כב, ג.

ר) פר"א פרק לא; ויק"ר כו, ז; מדרש ויושע לה; אוצר מדרשים קמו; מה"ג.א' 319; ישר וירא 60; מ"א וירא כב, ג; תרגום יונתן און רש"י בראשית כב, ג; בחיי בראשית כב, א.

ר*) זעט פאַרגייענדיקע פראַגע און ענטפער.

1) בראשית כא, יב. ב"ר נג, יג. לויט ל"ט וירא כא, יד זיבן און צוואַנציק יאָר.

2) בראשית כב, פסוקים ה און יב. זעט זייטן: 158, 159, נאָטן ל—צ.

3) בראשית מד, פסוקים כב, ל, לא, לב, לג, לד.

4) שמות לג, יא.

5) שמואל ב', יד, כא.

6) ירמיה א, פסוקים ה־ח, און זעט דאָרט: רש"י רד"ק, מצודת דוד.

ש) בראשית יז, כה.

ת) לויט פר"א פרק לא איז ער אַלט געווען פופציק יאָר.

א) בראשית כב, ג.

ער די צוויי יונגען כדי יצחק זאָל גאָר־ניט פאַרדעכטיקן, ב).

אגב, ביי אברהם'ן זאָגט דער פּסוק „אתו", און ביי בלעם'ן ווערט געזאָגט „ושני נעריו עמו", ג).

**דער פּסוק זאָגט „ויבקע עצי עולה", ד) אַז א' האָט צעשפּאַלטן דאָס האָלץ פאַרן ברענד־אָפּפער. ביי קריעת ים סוף שטייט „ויבקעו המים", ה) און די וואַסערן האָבן זיך געשפּאָלטן. איז פאַראַן עפּעס אַ שייכות צווישן דער עקידה און קריעת ים סוף?**

יאָ. אינעם זכות פון אברהם'ס שפּאַלטן דאָס האָלץ פאַרן בראַנד־אָפּפער, האָט דער ים סוף זיך געשפּאָלטן פאַר די אידן, ו).

**די תורה זאָגט „ויקם וילך", ז) א' איז אויפגעשטאַנען, און ער איז געגאַנ־גען. צו וואָס דאַרף מען דעם „ויקם"?**

כדי ער זאָל באַקומען שכר סיי פאַרן אויפשטיין, סיי פאַרן גיין, ח).

**דער פּסוק זאָגט „וילך אל המקום", ט) אברהם איז געגאַנגען צום אָרט, צו וועלכן אָרט?**

צום באַרג מוריה, י).

**„ביום השלישי... וירא את המקום מרחוק", כ) דעם דריטן טאָג האָט א' דערזען דאָס אָרט פון דערווייטן. פון ווי ווייט האָט ער דערזען דאָס אָרט וואָס איז געווען באַשטימט פאַר דער עקידה?**

אַ מייל, ל).

**„ביום השלישי וישא אברהם את עי־ניו, וירא את המקום מרחוק", מ) דעם דריטן טאָג האָט אברהם אויפגעהויבן זיינע אויגן, און ער האָט געזען דאָס אָרט פון ווייטן. איז פאַראַן אַ רמז, אַן אַנדייט, אינעם דאָזיקן פּסוק אַז אברהם האָט ריכטיק געזען?**

יאָ. די לעצטע אותיות פון וישא אב־רהם את מאַכן „אמת", נ).

**„ביום השלישי", ס) אויפן דריטן טאָג, האָט א' דערזען דאָס אָרט פון דערווייטן. דאָס אָרט איז דאָך געווען נאָענט, בלויז איין מייל, ע) פאַרוואָס זשע האָט עס געדויערט דריי טעג?**

דער שטן האָט זיך אריינגעמישט, און ער האָט געשטערט זייער רייזע. ער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַן אַלטן מאַן און האָט אָנגעווענד פאַרשידענע טייוול־שע פאַרטלען אָפּצורייסן אברהם'ן פון דורכפירן די עקידה. ווען עס איז אים ניט געלונגען, האָט ער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ יונגן מאַן און אָנגעווענד אַלע כוחות צו ווירקן אויף יצחק'ן ער זאָל זיך ניט לאָזן. ער האָט זיך אפילו פאַר־וואַנדלט אין אַ טייך, אין וועלכן אברהם און יצחק זיינען אריינגעגאַנגען ביזן

ב) הכתב והקבלה בראשית כב, ג (רמ"א).
ג) במדבר כב, כב. זעט הכתב והקבלה במדבר כב, יב, הוצאת אום.
ד) בראשית כב, ג.
ה) שמות יד, כא.
ו) ב"ר ענדע פרשה נה אין נאָמען פון ר' בניה און זעט דאָרט רד"ל; ש"ר ענדע פרשה כא; ק"ר י, ט; מר"י בשלח ג; י"ש וירא אָנהויב צח; רבינו בחיי בראשית כב, ג אין נאָמען פון ר' ברכיה.
ז) בראשית כב, ג.
ח) ל"ט וירא כב, ג.
ט) בראשית כב, ג.
י) ספורנו בראשית כב, ג. זעט די קוועלן ביי ארץ המוריה, זייט 163, נאָטע ה.
כ) בראשית כב, ד.
ל) תנח"ב וירא מו.
מ) בראשית כב, ד.
נ) זהר וירא קכ, אַ צווייטע שורה. דער „נצוצי אורות" דאָרט באַמערקט, אַז אויך די לעצטע אותיות פון וירא את המקום מאַכן „אמת".
ס) בראשית כב, ד.
ע) תנח"ב וירא מו.

האלז, אָבער עס איז אים דאָך ניט געלונגען זיי אָפּצורייידן, פּ).

**וואָס פאַר אַרגומענטן האָט דער שטן באַנוצט אָפּצורייידן אברהם'ן פון ביישטיין דעם נסיון?**

סמאל (דער שטן) איז געקומען און האָט געזאָגט צו אברהם'ן: אַלטער, אַלטער, האָסטו דען פאַרלוירן דיין האַרץ! דיר איז געבוירן געוואָרן אַ זון צו הונדערט יאָר, פירסטו גאָר אים שעכטן! האָט אברהם אים געענטפערט אַז יאָ, ער גייט אים טאַקע שעכטן. זאָגט דער שטן: נו, אַז ער וועט דיך נאָך מער פּרואוון, וועסטו קענען ביישטיין, איך מיין אַז ניט. און אברהם זאָגט אים אַז ער וועט יאָ קענען ביישטיין. רופט זיך אָן דער שטן: מאָרגן וועט ער זאָגן אַז דו ביסט אַ בלוט פאַרגיסער, דו האָסט פאַרגאָסן דיין זונס בלוט. און אברהם ענטפערט אַז אים אַרט עס ניט.

ווען דער שטן האָט געזען אַז ער קען גאָרניט מאַכן מיט אברהם'ן, איז ער געגאַנגען צו יצחק'ן, און ער האָט געזאָגט צו אים: אַ, קינד פון אַ הילפסלאָזער מוטער, ער פירט דאָך דיך צו דער שחיטה. ענטפערט אים יצחק: איך גיי טאַקע געשאָכטן ווערן.

אויב אַזוי, זאָגט דער שטן צו יצחק'ן, וועלן דאָך די אַלע קאָסטבאַרע צירונגען וועלכע דיין מוטער האָט אָנגעגרייט פאַר דיינעטוועגן זיין אַ ירושה פאַר ישמעאל'ן וועמען אַלע שטוב-מענטשן האַסן, און דו נעמסט עס זיך גאָרניט צום האַרצן!

איז אויב ניט אינגאַנצן וואָס דער שטן האָט געזאָגט איז אַריינגעגאַנגען אין יצחק'ס האַרץ, איז אַ העלפט אַריינגעגאַנגען. דערפאַר „ויאמר יצחק אל אברהם אביו, ויאמר אבי”, צ) און יצחק האָט געזאָגט צו זיין פאָטער אברהם, טאַטע!... ער האָט נעמלעך געוואָלט אַז ער זאָל זיך דערבאַרעמען אויף אים, ק).

**פאַרוואָס טאַקע האָט דער אויבערשטער אָנגעשיקט דעם שטן צו שטערן אברהם'ן אין זיין וועלן אויספאָלגן דעם הימלישן באַפעל?**

כדי צו געבן אים שכר פאַר יעדער טריט און שריט, ר).

**דער אויבערשטער האָט געהייסן אברהם'ן דורכפירן די עקידה „על אחד ההרים”, ש) אויף איינעם פון די בערג. פון וואַנען האָט ער געקענט וויסן אויף וועלכן באַרג?**

ער האָט געזען פון דערווייטנס אַ וואָלקן צוגעבונדן צום באַרג, און די שכינה איז אויפן באַרג. האָט ער פאַרשטאַנען אַז דאָס איז ער, ת).

---

פּ) זעט איינצלהייטן און די פאַרשידענע נוסחאות, ווערסיעס אין: ישר וירא 61־60; סנה. פט, ב; ב"מ נח, ב און תוספות אונטערן וואָרט „הלא”; ב"ר נו, ד און צד, ג; תנח. וירא כב; תנח"ב וירא מו; פּ"ר קע, ב; מה"ג,א' 314; מ"א וירא כב, ד און ו; ל"ט וירא כב, ד; מדרש ויושע לו; י"ש וירא צח, צט, ק און קא; בחיי בראשית כב, ז.

צ) בראשית כב, ז.

ק) ב"ר נו, ד. זעט: תנח. וירא כב; סנה. פט, ב; י"ש וירא ק.

ר) ל"ט וירא כב, ד.

ש) בראשית כב, ב.

ת) זעט די פאַרשידענע נוסחאות אין: פּר"א פרק לא; ישר 62־59; ב"ר נו, א; ויק"ר כ, ב; ק"ר ט, ז; תנח. וירא כג און אחרי ב; תנח"ב וירא מו און אחרי ג; פּ"ר פּיסקא מ, קע, ה; פּר"כ פּיסקא כז, קע, ב, הוצאת אום; מ"א בראשית כב, ד; מה"ג,א' 320; ל"ט וירא כב, ד; י"ש וירא צח און צט; תרגום יונתן, רש"י בראשית כב, ד.

זעט פראַגע על אחד ההרים, זייט 163, נאָטע י.

**האָט אַ׳ מיטגענומען ישמעאל׳ן און אליעזר׳ן צום באַרג?**

ניין. ווען ער האָט דערזען אַ וואָלקן צוגעבונדן צום באַרג, האָט ער געפרעגט יצחק׳ן צי ער זעט עפּעס. האָט יצחק אים געענטפערט אַז ער זעט אַ וואָלקן צוגעבונדן צום באַרג. האָט ער געוואוסט אַז יצחק איז באַוויליקט פאַר אַן עולה.

האָט ער געפרעגט ישמעאל׳ן און אליעזר׳ן צי זיי זעען עפּעס, האָבן זיי געענטפערט אַז זיי זעען גאָרניט. האָט ער געזאָגט צו זיי „שבו לכם פה עם החמור״, א) זיצט דאָ מיטן אייזל. דאָס אייזל זעט ניט און איר זעט ניט. איר זייט עם הדומה (הדומים) לחמור. איר זייט גלייך צום אייזל. זיצט זשע איר דאָ. און איך מיט יצחק׳ן וועלן גיין ביז אַהין. מיר וועלן זיך בוקן און זיך אומקערן צו אייך, ב).

**אברהם האָט געזאָגט צו ישמעאל׳ן און אליעזר׳ן „ונשתחוה ונשובה אליכם״, ג) מיר וועלן זיך בוקן, און מיר וועלן זיך אומקערן צו אייך. אברהם איז דאָך געגאַנגען אָפּפערן יצחק׳ן, פאַר וואָס**

**זשע האָט ער געזאָגט „מיר״ וועלן זיך אומקערן?**

ער האָט נביאות געזאָגט אַז יצחק וועט זיך אומקערן לשלום פונעם באַרג מוריה, ד).

אַגב, אברהם איז איינער פון די צען וועלכע האָבן נביאות געזאָגט ניט וויסנדיקערהייט. די אַנדערע נייען זיינען: יעקב, לבן, די שבטים, יוסף, פּרעה, איוב, אונזערע אבות, גיחזי, און חנה, שמואל הנביא׳ס מוטער, ה).

**איז אַ׳ געגאַנגען מיטן גאַנצן האַרצן דורכפירן די עקידה?**

יאָ. ער איז געגאַנגען בינדן און שעכטן יצחק׳ן מיט דער זעלבער שמחה מיט וועלכער יצחק איז געגאַנגען ניט וויסנדיק אַז ער גייט ווערן געבונדן און געשאָכטן, ו).

**פאַרוואָס זאָגט דער פסוק צוויי מאָל „וילכו שניהם יחדו״, ז) אַז אַ׳ און יצחק זיינען געגאַנגען ביידע צוזאַמען?**

ביים ערשטן מאָל האָט יצחק נאָך ניט געוואוסט אַז אברהם מיינט אים פאַרן קרבן. ביים צווייטן מאָל ווען יצחק האָט

---

א) בראשית כב, ה, תרגום יונתן און רש״י דאָרט.

ב) יבמות סב, א; כתובות קיא, א; קיד. סח, א; ב״ק מט, א; נידה יז, א; תנחומא וירא כג; פ״ר פיסקא מ; פר״כ פיסקא אחרי קע, ב; ויק״ר כ, ב; ק״ר ט, טז; י״ש וירא צט און ק; ישר, וירא, 62; בחיי בראשית כב, ד.

זעט די מקורות אין דעם פאַרגייענדיקן ענטפער.

לויט: פר״א פרק לא; י״ש וירא צט האָט ער געזען אַ פייערדיקן זייל שטייען פון דער ערד ביזן הימל, האָט ער פאַרשטאַנען אַז יצחק איז באַוויליקט געוואָרן פאַר אַן עולה.

ג) בראשית כב, ה.

ד) זעט די פאַרשידענע גירסאות אין: ב״ר נו, ב; תנח, וירא כג; תנח״ב וירא מ; מ״א וירא כב, ה; ל״ט וירא כב, ה.

לויט בחיי בראשית כב, ה האָט ער געהאָט אין זינען זיך אומצוקערן מיט יצחק׳ס געביין.

ה) מ״א וירא כב, ה.

ו) בראשית כב, ו און רש״י דאָרט. זעט ב״ר נו, ג און ד; תנח״ב וירא מו; מ״א וירא כב, ו; ל״ט בראשית כב, ו און ח; ישר, וירא, 62; י״ש וירא קא.

לויט: תנח״ב וירא לט; מדרש ויושע לז האָט ער געזאָגט מיטן מויל „הנני״ (בראשית כב, א), אָבער אין האַרצן האָט ער טאַקע געוויינט.

ז) בראשית כב, פסוקים ו און ח.

אים געפרעגט: דאָס פייער און דאָס האָלץ זיינען דאָ, „ואיה השה לעולה", ח) און וואו איז דאָס שעפעלע פאַרן קרבן עולה. און אברהם האָט אים געענטפערט „אלקים יראה לו השה לעולה בני", ט) דער אויבערשטער וועט זיך שוין זען אַ שעפעלע פאַר אַ בראַנד אָפּפער, מיין קינד... האָט יצחק פאַרשטאַנען אַז דאָס מיינט מען אים. „וילכו שניהם יחדו", און זיי זיינען געגאַנגען ביידע צוזאַמען, מיט דער זעלבער כוונה, דער פאָטער צו שעכטן זיין זון, און דער זון געשאָכטן צו ווערן, י).

**יצחק האָט געפרעגט אברהם'ן „הנה האש והעצים, ואיה השה לעולה", כ) אָט איז דאָס פייער און דאָס האָלץ, און וואו איז דאָס שעפעלע פאַרן בראַנד־אָפּפער. ער וואָלט דאָך געוועז באַדאַרפט פרעגן בלויז: וואו איז דאָס שעפעלע פאַרן בראַנד־אָפּפער?**

יצחק האָט זיך געוואונדערט: זאַכן וועלכע מען קען לייכט באַקומען ביים באַרג, ווי האָלץ וואָס מען קען נעמען פון די דערנער, און פייער וואָס מען קאָן אַרויסבאַקומען פון קאַרסידלע (קרעמען) שטיין, איז אָט די זאַכן האָסטו מיטגענומען פון דער היים. דאַקעגן אַ שעפעלע וואָס מען קען ניט באַקומען ביים באַרג, דאָס האָסטו ניט מיטגענומען. דערויף האָט אברהם אים געענטפערט אַז מען דאַרף קיין שעפעלע, וויל דער אויבערשטער וויל אים אַליין, ל).

**ווען מענס כוח איז געווען גרעסער, אַבּרהם'ס וועלכער איז געווען גרייט צו קוילענען זיין באַליבטן זון מיט די אייגענע הענט, צי יצחק'ס וועלכער איז געווען גרייט צו לאָזן זיך שעכטן?**

ביידע מיינונגען זיינען פאַרטראַטן. אָבער רבינו בחיי ז"ל איז מיט דער מיינונג אַז אברהם'ס כוח איז געווען גרעסער. אמת, ער האָט עס טאַקע געהערט פונעם אויבערשטן אַליין. און יצחק איז דאָך ניט געבאָטן געוואָרן פונעם הימל. אָבער יצחק האָט דאָך געוואוסט אַז אברהם איז אַ נביא, דאַרף ער אים פאָלגן גלייך ווי ער וואָלט עס געהערט פונעם אויבערשטן אַליין. און פאַר דעם וועלכער לאָזט זיך טויטן איז עס פיל גרינגער ווי פאַר אַ טאַטן צו טויטן מיט די אייגענע הענט זיין אייגן קינד. דערפאַר איז אברהם'ס לאַגע געווען אַ פיל שווערערע פון יצחק'ס. און דערפאַר טאַקע האָט דער אלמעכטיקער אים געפרואווט, מ).

**עס זיינען פאַראַן קינדער וועלכע ליידן בושות און חרפות דורך די מעשים פון זייערע עלטערן, ווי צום ביישפּיל דער מלך יאשיהו דורך זיין פאָטער אמון, און דער מלך חזקיה דורך זיין פאָטער אחז. עס זיינען ווידער פאַראַן עלטערן וועלכע ווערן פאַרשעמט דורך דער אויפפירונג פון זייערע קינדער, ווי למשל עלי הכהן דורך זיינע בני בליעל, שאָלגאַפּטיקע קינדער. און שמואל הנביא וועמענס קינדער זיינען ניט געגאַנגען אין זיינע וועגן. ווי אַזוי איז דאָס געווען צווישן אברהם'ן און יצחק'ן?**

„וילכו שניהם יחדו", נ) און זיי זיינען ביידע געגאַנגען בייאַנאַנד. אברהם איז געוואָרן גרויס דורך יצחק'ן. יצחק איז גרויס געוואָרן דורך אברהם'ן. דער

ח) בראשית כב, ז.
ט) בראשית כב, ח.
י) בחיי בראשית כב, ז.
כ) בראשית כב, ז.

ל) הו"ה בראשית כב, ז, הוצאת אום.
מ) רבינו בחיי בראשית כב, ז.
נ) בראשית כב פסוקים ו, ח.

זון האָט באַשיינט דעם פאָטער, און דער פאָטער האָט באַשיינט דעם זון, ס).

**וואו האָט אברהם גענומען אַ מזבח?**

ער האָט דאָרט אויפגעריכט דעם מזבח אויף וועלכן אדם הראשון, קין, הבל, נח און זיינע זין האָבן מקריב געווען, ע).

**דער פסוק זאָגט „ויבן שם אברהם את המזבח, פ) אברהם האָט געבויט דאָרט דעם מזבח. נו, און וואו איז גע־וועזן יצחק?**

אברהם האָט אים באַהאַלטן, דער שטן זאָל נישט וואַרפן אַ שטיין אויף אים און פּסל'נען אים פאַר אַ קרבן, צ).

**אַ קרבן דאַרף דאָך אַ כהן, און אַ' איז דאָך נישט געווען אַ כהן?**

דער אויבערשטער האָט צוגענומען די כהונה פון שם בן נח, און ער האָט זי געגעבן אברהם'ן. איז ער יאָ געווען אַ כהן, ק).

**האָט יצחק געוואָלט זיך לאָזן מק־ריב זיין?**

יאָ. ער האָט זיך אפילו געפרייט און האָט געבעטן זיין פאָטער אברהם ער זאָל אים גוט בינדן די הענט און די פיס ער זאָל זיך נישט באַוועגן, כדי אויס־צומיידן אַ פּסול, ר).

**האָט א' געהאַט שוועריקייטן צו בינדן יצחק'ן?**

ניין, אדרבה. יצחק האָט אים געזאָגט: טאַטע, איך בין אַ זיבן און דרייסיק יאָריקער בחור. האָב איך מורא טאָמער וועט מיין קערפּער אַ ציטער טאָן אויס פחד פאַרן מעסער. וועל איך דאָך דיך מצער זיין, און די שחיטה קען נאָך פּסול ווערן, און אויס קרבן. בינד זשע מיך זעהר, זעהר גוט, ש).

ס) תנח. תולדות ד; ב"ר סג, ב; י"ש אַנהויב תולדות.

ע) בראשית כב, ט און תרגום יונתן דאָרט. פר"א פרק לא און פאַרגלייכט פרק כג; אר"ן פרק א, נוסחא א; שבת כח, ב; ע"ז ח, א; חולין ס, א; ב"ר כב, ח און לד, ט; במ"ר ד, ח; תנח. בלק יא; פ"ר פיסקא ה', טז, ב; סא"ר פרק ו; מה"ג,א' 321; י"ש וירא קא; תהלים תתב; בחיי בראשית כב, ט.

פאַרגלייכט: ישר, הוצאת ליוורנו, לה, א; ק"ר ט, ז; תנח. וירא כג; תנח"ב וירא מא; תדא"ר פרק כז; תדא"ז פרק כ; אגדת בראשית לא; מדרש ויושע לז.

פ) בראשית כב, ט.

צ) ב"ר נו, ה; תנח. וירא כג; פ"ר פיסקא מ; תדא"ר פרק כז; תדא"ז פרק כ; י"ש וירא קא.

ק) זעט די פאַרשידענע נוסחאות אין: נדרים לב, ב; ב"ר פרשיות מו, ה און נה, ז; ש"ר ענדע פרשה ב; ויק"ר כה, ו; במ"ר ד, ח; ד"ר ב, ז.

פאַרגלייכט: תנח. שמות יט; תנח"ב תול־דות יב; פר"א פרק ח; זהר לך לך פז, א; פ"ר פיסקא בחדש השביעי קע, א; י"ש לך לך סג און עד, און וירא צו; מה"ג,א' לך לך ריח; רש"י בראשית יד, כ.

לויט: ב"ר מו, ה; ויק"ר כה, ו איז אברהם געווען אַ כהן גדול. זעט טיטול כהן, זייטן: 48, נאָטע ס; 70, נאָטע ד; 71, ה.

ר) פאַרגלייכט: פר"א פרק לא; תנח. וירא כג און שמות א; ב"ר נו, ח; תדא"ר פרק כז; תדא"ז פרק ב.

אין שבת נד, א איז פאַראַן „עקידת יד ורגל כיצחק בן אברהם". פאַרגלייכט דאָס לשון אין תמיד לא, ב.

ש) ב"ר נו, ח; פר"א פרק לא; תנח. וירא כג; תדבא"ר פרק כז; תדא"ז פרק כ; י"ש וירא קא, און אַנהויב תולדות; בחיי בראשית כב, ט.

זעט איינצלהייטן אין ישר וירא 62.

אַז יצחק איז אַלט געווען ביי דער עקידה זיבן און דרייסיק יאָר, זעט: ב"ר נה, י; נו, ח; ש"ר אַנהויב פרשה א; אי"ר פתיח־תא כד; סע"ר פרק א; פר"א פרק לא; תנח. וירא כג און אַנהויב שמות; תנח"ב

**דער פּסוק זאָגט „וישם אותו על המזבח", ת) ער האָט אים אַרויפגעטאָן אויפן מזבח. ווי אַזוי האָט א' אויסגעזען דעמאָלט?**

אברהם'ס אויגן זיינען געווען געריכטעט אויף יצחק'ס אויגן. יצחק'ס אויגן זיינען געווען געריכטעט צו די הימלען. טרערן זיינען געפלאָסן פון אברהם'ס אויגן ביז ער איז געווען איינגאַנצן דורכגעווייקט מיט טרערן. און ער האָט געזאָגט צו יצחק'ן: מיין זון, דערפאַר וואָס דו ביזט גרייט זיך צו אָפּפערן, וועט דיין באַשעפער אָנגרייטן אַן אַנדער קרבן אויף דיין אָרט.

אין יענעם מאָמענט האָט אברהם אויפגעעפנט זיין מויל, און ער האָט געשריען מיט גרויס ליאַרם. זיינע אויגן האָבן געשוועבט און געקוקט צו דער שכינה. און מיט אַ הויך קול האָט ער געשריען „אשא עיני אל ההרים, מאין יבוא עזרי, עזרי מעם ה' עושה שמים וארץ", א) איך הויב אויף מיינע אויגן צו די בערג. פון וואַנען וועט קומען מיין הילף. מיין הילף איז פונעם אויבערשטן, באַשעפער פון הימל און ערד.

אין יענער שעה האָבן די מלאכים געשריען. זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט שורות-ווייז אין הימל, און איין שורה האָט געזאָגט צו דער אַנדערער: זעט, דער איינציקער שעכט, און דער איינציקער ווערט געשאָכטן. און זיי האָבן געזאָגט צום אויבערשטן. ווער וועט זאָגן פאַר דיר ביים ים סוף „זה א-לי ואנוהו", ב) דאָס איז מיין אויבערשטער, און איך וועל אים באַשיינען. וואָס וועט ווערן פון דיין שבועה „כה יהיה זרעך", ג) אַזוי (פיל) וועלן זיין דיינע קינדער.

און באַלד דערויף איז אויסגערופן געוואָרן „אל תשלח ידך אל הנער", ד) שטרעק ניט אויס דיין האַנט צום אינגל, ה).

**וואָס האָט יצחק געזען אויפן מזבח?** דאָס געשטאַלט פון אַ לייב, ו).

**וואָס האָט יצחק געטאָן ווען ער איז געלעגן געבונדן אויפן מזבח?** ער האָט געזאָגט שירה, „יצחק ירנן", ז).

**ווי אַזוי האָט א' געפילט אינעם מאָמענט ווען ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו נעמען דאָס מעסער? ח)**

טרערן זיינען אים געפלאָסן פון די אויגן, אוים פאַטערלעכן רחמנות, און זיי זיינען אַריינגעפאַלן אין יצחק'ס אויגן. אָבער זיין הארץ האָט זיך געפרייט צו טאָן זיין באַשעפערס ווילן, ט).

---

ויראָ מב; תדא"ר פרק כז; תדא"ז פרק ב; בחיי בראשית כב פסוקים א, ד; חיי שרה כג, א.

זעט פראַגע און ענטפער „ווי אַלט איז יצחק געווען ביי דער עקידה?" זייט 158, 159, נאָטן ל—צ.

ת) בראשית כב, ט.

א) תהלים קכא, א.

ב) שמות טו, ב.

ג) בראשית טו, ה.

ד) בראשית כב, יב.

ה) י"ש וירא קא. זעט: ב"ר סה, י; ש"ט וירא כב, י און יב, און תולדות כח, יד.

ו) בחיי בראשית כב, ענדע פסוק יג. לויט פר"א פרק לב האָט ער געזען די שכינה.

ז) הו"ה בראשית כב, ז (פרדס הגדול). זעט עץ חיים אויף דער תפילה „אתה אחד" אין תפילת מנחה לשבת אינעם סידור „אוצר התפילות".

ח) בראשית כב, י.

ט) ב"ר נו, ח; ישר, וירא, 62־62; י"ש וירא כא.

**ווען א׳ האָט גענומען דאָס מעסער האָט יצחק גערעדט צו אים? י)**

יא. ער האָט געזאָגט צו אברהם׳ן: טאַטע, דו זאָלסט עס ניט דערציילן דער מאַמען בעת זי שטייט אויפן דאַך אָדער לעבן א גרוב, ווייל זי קען נאָך באַגיין זעלבסטמאָרד, און די נשמה איז אים אַרויסגעפלויגן, כ).

**ווי אַזוי האָט יצחק געפילט ווען דאָס מעסער איז אים שוין געלעגן אויפן האַלז?**

די נשמה איז אים אַרויסגעפלויגן, ל).

**ווי האָבן די מלאכים זיך באַצויגן צו דער עקידה?**

זיי האָבן געוויינט און געשריען צום אויבערשטן: וואו איז דער שכר פאַר הכנסת אורחים. דאָס מעסער ליגט דאָך שוין אויף זיין האַלז. ביז ווען וואַרטסטו? דאַן האָט דער מלאך מיכאל אָנגעהויבן רופן אברהם׳ן, מ).

**ווען דער מלאך האָט געוואָלט הייסן אברהם׳ן ניט שעכטן יצחק׳ן, האָט ער אויסגערופן „אברהם, אברהם", נ). צו וואָס עפּעס צוויי מאָל?**

דאָס איז אַן אויסדרוק פון ליבשאַפט, באַליבטקייט אין די הימלישע ספערן, ס).

לויט אַן אַנדער מיינונג: אברהם איז געווען אַזוי פאַרטיפט, אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן מקיים צו זיין די מצוה אַז ער האָט פּשוט ניט געהערט דאָס ערשטע מאָל. האָט מען אים גערופן נאָכאַמאָל, ע).

**פאַרוואָס שטייט אַ פּסיק צווישן אברהם און אברהם, פ) און צווישן משה און משה, צ) שטייט קיין פּסיק?**

ווייל דער ערשטער אברהם איז ניט אַזוי ווי דער צווייטער. דער צווייטער אברהם איז פּערפעקט, אָבער דער ערשטער ניט.

דאַקעגן, מיט באַצוג אויף משה׳ן, פונעם טאָג פון זיין געבורט האָט די שכינה זיך ניט אָפּגעטאָן פון אים, ק).

**ווען דער מלאך האָט אויסגעשריען צו אברהם׳ן „אל תשלח ידך אל הנער", ר) שטרעק ניט אויס דיין האַנט צום אינגל, האָט אברהם אים געפאָלגט?**

אברהם האָט אים געענטפערט: ביז איך דען געקומען אַהער אומזיסט, פאַר גאָרניט! איך וועל אַרויסציען פון אים כאָטש אַ ביסעלע בלוט, ש).

---

י) בראשית כב, י.

כ) פר״א פרק לא; י״ש וירא קא; בחיי בראשית כב, י. זעט זייט 174, נאָטע ל.

ל) פר״א פרק לא; י״ש וירא קא. זעט: זהר נח, ס, א; בחיי בראשית כב, י.

מ) זעט: פר״א פרק לא; ב״ר פרשה סה, י; ש״ט וירא סב, י און יב, און תולדות כח, יד; י״ש ישעיה אָנהויב תלח.

נ) בראשית כב, יא.

ס) ב״ר נו, ז; ש״ר ב, ו; במ״ר ענדע יד; תנח. וירא יח; ספרא אָנהויב ויקרא; תוספתא ברכות ענדע פרק א; מ״ש ענדע פרשה ט; מ״א וירא כב, יא; ל״ט וירא כב, יא; י״ש וירא קא, שמות קע, ויקרא תכט; פ״ר פיסקא מ; רש״י בראשית כב, יא.

לויט תנח. שמות ענדע יח: ווען־עמענס נאָמען עס איז געדאָפּלט, ווי נח נח, אברהם אברהם, יעקב יעקב... דער האָט ביידע וועלטן. אַי עס שטייט דאָך „אלה תולדות תרח תרח"! איז דער תירוץ אַז תרח האָט תשובה געטאָן.

לויט בחיי בראשית כב, יא: ווייל אברהם האָט זיך געאײַלט אים צו שעכטן. זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

ע) הו״ה בראשית כב, יא (רמ״א), הורצאת אום.

פ) בראשית כב, יא.

צ) שמות ג, ד.

ק) זהר וירא קכ, א־ב.

ר) בראשית כב, יב.

ש) ב״ר נה, ז. זעט מה״ג שמות 48; רש״י בראשית כב, יב.

**דער מלאך האָט אויסגערופן צו אברהם'ן „אל תשלח ידך אל הנער", ת) שטרעק ניט אויס דיין האַנט צום אינגל. וואָס עפּעס די האַנט, און וואו איז געווען דאָס מעסער?**

ווען אברהם האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו נעמען דאָס מעסער, האָבן די מלאכים געוויינט. דריי פון זייערע טרערן זיינען אַראָפּגעפאַלן אויפן מעסער און האָבן עס פאַרשטומפּיקט. אברהם האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט אים צו דערווארגן. האָט דער מלאך אויסגערופן „שטרעק ניט אויס דיין האַנט צום אינגל", א).

**ווען דער מלאך האָט אויסגערופן צו אברהם'ן „אל תשלח ידך אל הנער", ב) שטרעק ניט אויס דיין האַנט צום אינגל, וואָס האָט אברהם געטאָן?**

ער האָט געזאָגט צו אים: אפשר ביזטו דער שטן, און דו ווילסט מיך פאַרפירן. האָט ער אים געענטפערט: ניין, איך בין דעם אויבערשטנס שליח. דער הייליקער, געלויבט זיין נאָמען, וויל קיין מענטש-קרבן. און דער שטן אַליין האָט זיך טאַקע אָנגערופן: „אַזוי האָב איך געהערט מאחורי הפרגוד, פון אונטער דעם הימלישן פאָרהאַנג, „שה לעולה", ג) אַ שעפעלע פאַר אַ קרבן עולה, אָבער ניט יצחק'ן פאַר אַ קרבן עולה. אָבער אברהם האָט אים געענטפערט: אַ ליגנער אַפילו ווען ער זאָגט שוין אַמאָל אמת, גלויבט מען אים ניט, ד).

אויף צו פירן מיין קינד צו דער עקידה האָט דער אויבערשטער אַליין מיר געזאָגט „קח נא את בנך", ה). איז אויב ער וויל איך זאָל עס ניט טאָן, זאָל ער אַליין מיר עס זאָגן. בין איך דען געקומען אָהער אומזיסט! און אויב שוין ניט קוילענען, וועל איך אַרויסציען פון אים כאָטש אַ טראָפּן בלוט. דערויף האָט דער מלאך אויסגערופן „ואל תעש לו מאומה", ו) און טו אים גאָרניט, ז).

**ווי דערקלערט זיך וואָס מקריב צו זיין יצחק'ן, האָט דער אויבערשטער אַליין געזאָגט צו אברהם'ן „קח נא את בנך", און אָפּצושטעלן דאָס שעכטן האָט ער געזאָגט דורך אַ מלאך?**

ר' יצחק דינאָווער ז"ל האָט שוין געענטפערט דערויף: אויף „אָפּצושעכטן" אַ אידן טאָר מען קיינעם פאָלגן, אַפילו ניט אַ מלאך. דאָס מוז מען הערן נאָר פונעם אויבערשטן אַליין. אָבער ווען עס האַנדלט זיך אין אַפּראַטעווען אַ אידן, מעג מען פאָלגן אויך אַ מלאך.

**דער מלאך האָט דאָך געזאָגט אברהם'ן „אל תשלח ידך", ח) שטרעק ניט אויס דיין האַנט צום אינגל. צו וואָס זשע האָט ער נאָך באַדאַרפט זאָגן „ואל תעש לו מאומה", ט) טו אים גאָרניט?**

מען האָט אויבן געוואוסט ווי שטאַרק אברהם'ס ליבשאַפט איז פאַרן אויבערשטן. ער איז אַזוי אייפריק, אַז ער

---

ת) בראשית כב, יב.
א) ב"ר נו, ה, ז; אי"ר א', פסוק ב; תנח. וירא כג; פר"א פרק לא; תדא"ר פרק כז; תדא"ז פרק כ; פ"ר פיסקא מ; י"ש וירא קא און ישעיה שג.
ב) בראשית כב, יב.
ג) בראשית יב, ח.
ד) סנה. פט, ב; אר"ן פרק לו; ב"ר צד, ג; מ"א ויגש מה, כו; ל"ט ויגש מה, כו; י"ש ויגש קנב.

ה) בראשית כב, ב.
ו) בראשית כב, יב.
ז) מ"א בראשית כב, יב; סנה. פט, ב; ב"ר נו, ז; מה"ג.א' 322; ל"ט בראשית כב, יב; י"ש וירא ענדע צו; בחיי בראשית כב, יא.
זעט: פר"א פרק לא; מר"ש 4; מה"ג.ב' 48; רש"י בראשית כב, יב.
ח) בראשית כב, יב.
ט) בראשית כב, יב.

וועט וועלן אונטער אלע אומשטענדן מקיים זיין די מצוה, און אפילו איגנאָרירן דעם „אל תשלח ידך". האָט מען פאַרשטאַרקט די וואָרנונג מיטן „ואל תעש לו מאומה", י).

**ווי האָט א' רעאַגירט ווען עס איז אים געזאָגט געוואָרן „ואל תעש לו מאומה", כ) און טו אים גאָרניט, מאַך אים קיין „מום"?**

ער האָט געזאָגט: דו האָסט מיר געהייסן שעכטן מיין זון יצחק, און איצט זאָגסטו מיר טו אים גאָרניט! עס שטייט דאָך געשריבן „לא איש א־ל ויכזב", ל) דער אויבערשטער איז דאָך קיין מענטש, ער זאָל זאָגן ליגן!

אָבער דער אויבערשטער האָט אים געענטפערט: איך האָב דען דיר געזאָגט „ושחטהו" און דו זאָלסט אים שעכטן. איך האָב דאָך דיר געזאָגט „והעלהו", מ) דו זאָלסט אים אַרויפברענגען אויפן באַרג. איצט אַז דו האָסט אים אַרויפגעבראַכט, נידער אים אַראָפּ, נ).

איך האָב דיר געזאָגט „כי ביצחק יקרא לך זרע", וואָרום אין יצחק'ן וועט גערופן ווערן דיין זאָמען, „לא אחלל את בריתי", וועל איך ניט פאַרשוועכן מיין בונד. איך האָב געזאָגט „קח נא"... נעם דיין זון... „ומוצא שפתי לא אשנה", אָבער דעם אַרויסקום פון מיינע לעפצן וועל איך ניט ענדערן. איך האָב דיר געזאָגט: נעם אים... אָבער איך האָב דיר ניט געזאָגט שעכט אים, נ*). „ולא עלתה על לבי", ס) עס איז מיר אַפילו ניט אַרויפגעקומען אויפן זינען, ע).

**ווען האָט די נשמה זיך צוריק אומגעקערט צו יצחק'ן?**

ווען דער מלאך האָט אויסגעשריען „אל תשלח ידך אל הנער", פ) שטרעק ניט אויס די האַנט צום אינגל, האָט די נשמה זיך צוריק אומגעקערט צו אים, צ).

**די חכמים ז"ל זאָגן אַז ווען דאָס מעסער האָט דערגרייכט יצחק'ס האַלז, איז די נשמה אַרויסגעפלויגן פון אים. האָט דאָך אברהם געדאַרפט מאַכן אַ ברכה נאָך יצחק'ס ווערן צוריק לעבעדיק?**

ער האָט אים אויפגעבונדן און טאַקע געמאַכט די ברכה ברוך אתה.. מחיה המתים, ק).

**די תורה זאָגט אונז „ויקרא אליו מלאך ה'", ר) און אַ מלאך האָט גערופן צו אברהם'ן און האָט אים געזאָגט „ואל**

---

י) זעט איינצלהייטן אין הו"ה בראשית כב, יב, הוצאת אום.

כ) בראשית כב, יב.

ל) במדבר כג, יט.

מ) בראשית כב, יב.

נ) מ"א וירא כב, כט און פאַרגלייכט: ב"ר נו, ח; ל"ט וירא כב, ב.

זעט: ש"ט וירא כב, פסוקים ב און י; „ולא עלתה על לבי" אין ירמיה יט, ה, תרגום און רד"ק דאָרט; תענית ד, א און רש"י אונטערן וואָרט וכתיב; אגדת בראשית פרשה לא; תנח"ב וירא מ; י"ש וירא צו און תהלים תתם.

נ*) בראשית כא, יב; תהלים פט, לה; בראשית כב, ב; תהלים פט, לה; תנח"ב וירא, מ; י"ש וירא צו און תהלים תתם. זעט אג"ב לא.

ס) ירמיה יט, ה.

ע) תענית ד, א; ב"ר נו ענדע ח; אגדת בראשית לא; י"ש וירא קא; תרגום און רד"ק ירמיה יט, ה.

פ) בראשית כב, יב.

צ) פר"א פרק לא; י"ש וירא קא. זעט: זהר נח, ס, א; בחיי בראשית כב, י. זעט זייט 172, נאָטן כ, ל.

ק) פר"א פרק לא און זעט דאָרט רד"ל סימן נט; מה"ג,א' 323; מדרש ויושע לח.

ר) בראשית כב, יא.

תעש לו מאומה", ש) און דו זאָלסט אים גאָרניט טאָן, און אברהם האָט אים געפאָלגט. ווי קומט עס אַז אברהם זאָל פאָלגן אַ מלאך ניט צו טאָן אַ זאַך וועלכע דער אויבערשטער אַליין האָט אים געבאָטן צו טאָן!

צווייטנס דער מלאך האָט געזאָגט צו אברהם'ן „ולא חשכת את בנך את יחידך ממני", ת) און דו האָסט ניט פאַרמיטן דיין זון, דיין איינציקן, פון מיר. ער האָט דאָך בעדאַרפט זאָגן „ממנו", נעמלעך, פונעם אויבערשטן.

און ווייטער האָט ער געזאָגט „עקב אשר שמעת בקולי", א) דערפאַר וואָס דו האָסט צוגעהערט מיין קול. ער האָט דאָך געוועזן בעדאַרפט זאָגן „בקולו", דעם אַלמעכטיקנס קול, ווייל ער האָט דאָך אים באַפוילן צו פירן יצחק'ן צו דער עקידה ניט דער מלאך?!

דער מלאך האָט אים בלויז גערופן, און גערעדט האָט דאָס געטלעכע וואָרט. דער מלאך האָט אים גערופן ער זאָל הערן וואָס דער אַלמעכטיקער האָט אים צו זאָגן, ב). עס איז אויך פאַראַן אַ מיינונג אַז דער אַלמעכטיקער ווערט אויך אָנגערופן מלאך, ג).

דער מלאך האָט געזאָגט צו אברהם'ן „אל תשלח ידך אל הנער", ד) יצחק איז דאָך דעמאָלט אַלט געוועזן זיבן און דרייסיק יאָר, ה) פאַרוואָס זשע רופט ער אים אָן „נער", אינגל?

ש) בראשית כב, יב.
ת) בראשית כב, יב.
א) בראשית כב, יח.
ב) ויק"ר א, ט.
ג) זעט אינטערעסאַנטע איינצלהייטן אין הו"ה בראשית כב, יא, הוצאת אום.
ד) בראשית כב, פסוקים ה, יב.
ה) זעט אָנהויב „עקידת יצחק", ענטפערס אויף זייטן 158, 159, נאָטן ל—צ.
ו) בראשית כב, ג.

מען קאָן באַצייכענען אַ דערוואַקסענעם, אַפילו אַ מיטל־יאָריקן, מיט „נער".

אויף „ושני נעריו אתו", ו) זאָגן די חכמים ז"ל אַז דאָס מיינט ישמעאל'ן און אליעזר'ן. ישמעאל איז דאָך דעמאָלט שוין אַלט געווען איין און פופציק יאָר, וואָרום יצחק איז דאָך אַלט געווען ביי דער עקידה זיבן און דרייסיק יאָר, ז). און ישמעאל איז דאָך געווען עלטער פון יצחק'ן מיט פערצן יאָר. און אליעזר איז שוין אויך געווען דעמאָלט אַ מאַן אין די יאָרן. און דאָך רופט זיי אָן דער פסוק „נעריו", זיינע אינגלעך.

בנימין איז שוין געווען אַ טאַטע פון צען קינדער, ח) און יהודה האָט אים אָנגערופן הנער, ט).

יהושע איז שוין דעמאָלט אַלט זעקס און פופציק יאָר, י) און די תורה זאָגט „ומשרתו יהושע בן נון נער", כ).

ווען דוד המלך האָט געהייסן יואב'ן גיין קיין גשור און צוריקברענגען אבשלום'ן, האָט ער אים געזאָגט „ולך השב את הנער, את אבשלום", און גיי ברענג (קער אום) צוריק דאָס אינגל. און אבשלום איז דאָך דעמאָלט שוין געווען אַ טאַטע פון קינדער, כ*).

ווען דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו ירמיהו'ן „נביא לגוים נתתיך", איך האָב דיך באַשטימט אַלס נביא פאַר די פעלקער, האָט ער אים געענטפערט „כי נער אנכי", אַז ער איז אַ אינגל.

ז) זעט אָנהויב „עקידת יצחק", ענטפערס אויף זייטן 158, 159, נאָטן ל—צ.
ח) בראשית מו, כא.
ט) בראשית מד, פסוקים ל, לא, לב, לג, לד.
י) בחיי בראשית כב, ה און פאַרגלייכט אבן עזרא און רמב"ן שמות לג, יא.
כ) שמות לג, יא.
כ*) שמואל ב', יד, כא.

און ירמיה איז דאָך דענצמאָל געווען שוין מער ווי אַ אינגל, כ**).

**פון וואַנען האָט זיך פלוצים גענומען דער ווידער, וועלכן א' האָט מקריב גע־ווען אויף יצחק'ס אָרט?**

עס זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

ער איז געקומען פון די בערג אויף וועלכע ער האָט זיך געפּאַשעט.

דער ווידער איז געווען אין גן עדן. ער האָט זיך געפּאַשעט אונטערן עץ החיים, לעבנס־בוים, פון וועלכנס פּרוכט מען עסט לעבט מען אייביק. און ער האָט געטרונקען פונעם וואַסער וואָס איז געפלאָסן אונטערן בוים. און אַ מלאך האָט אים געבראַכט צו דער עקידה, ל).

**פאַרוואָס ווערט ער אָנגערופן איל און ניט כבש?**

ווייל כבש מיינט אַ יונגס, און איל מיינט אַן עלטערער כבש. און אויך ווייל איל איז אַן אָנדייט אויפן פאָלק ישראל וואָס ווערט אָנגערופן אילת השחר, מ).

**וואָס איז געוואָרן פונעם איל, ווידער, וועלכן א' האָט מקריב געווען אויף יצ־חק'ס אָרט?**

קיין זאַך פונעם איל איז געגאַנגען פאַרלוירן. זיין אַש איז דער יסוד וואָס איז אויפן אינעווייניקסטן מזבח. זיינע צען אָדערן (פּעדעם) זיינען די צען סטרו־נעס פון דוד המלך'ס פידעלע. זיין פעל האָט געדינט אַלס גאַרטל פאַר אליהו הנביא'ס לענדן. זיין לינקער האָרן האָט

כ**) ירמיה א', ה־ח.

ל) פאַרגלייכט די נוסחאות אין: פר"א פרק לא; י"ש וירא קא.

מ) תהלים כב, א און רש"י דאָרט; בחיי בראשית כב, יג. זעט שו"ט כב, א.

נ) פר"א ענדע פרק לא און זעט דאָרט רד"ל הערה עא; י"ש וירא קא. פאַרגלייכט זבחים סב, א (אפרו של יצחק ראו, שמונח באותו מקום, נעמלעך אויפן מזבח); רבינו בחיי יתרו יט, ג.

געלאָזט הערן זיין קול ביים באַרג סיני. זיין רעכטער האָרן, וואָס איז גרעסער פונעם לינקן, וועט בלאָזן ביי קיבוץ גל־יות, ווען אַלע אידן וועלן אייגעזאַמלט ווערן קיין ארץ ישראל, נ).

**וואָס האָט אברהם געזאָגט ווען ער האָט מקריב געווען דעם ווידער?**

ער האָט געזאָגט: האַר פון דער וועלט, דו זאָלסט באַטראַכטן (ה' יראה), ס) דעם ווידערס בלוט גלייך ווי עס וואָלט זיין מיין זון יצחק'ס בלוט. דעם ווידערס טיילן וועלכע איך בין מק־ריב, זאָלסטו באַטראַכטן ווי מיין זון יצחק'ס טיילן. דו זאָלסט עס (זען) באַ־טראַכטן פונקט ווי איך וואָלט פריער מקריב געווען מיין זון יצחק, און דער־נאָך האָב איך געאָפּפערט דעם ווידער אויף זיין אָרט.

אגב, ווען מען זאָגט „הרי זו תחת זו, הרי זו תמורת זו, הרי זו חלופי זו", דאָס זאָל זיין פאַר דעם, דאָס זאָל ער־זעצן דאָס, דאָס זאָל פאַרבייטן דאָס, איז דאָס פאַרבייטן, ערזעצן גילטיק, ע).

**פאַרוואָס האָט אברהם גערופן דאָס אָרט פון דער עקידה „ה' יראה"? פ)**

ער איז אויסן געווען דערמיט אַז ווען יצחק'ס אָפּשטאַמלינגע וועלן בעטן מחי־לה פאַר זייערע זינד, זאָל דער אַלמעכ־טיקער יראה — זען גלייך ווי יצחק'ס אַש ליגט פאַר אים, און ער זאָל פאַר־געבן זייערע זינד, צ).

ס) בראשית כב, יד.

ע) ב"ר נו, ט; במ"ר יז, ב; תנח. שלח יד; שו"ט עו, ג; מ"א וירא כב, יג און יד; י"ש וירא קא; רש"י בראשית כב, יג און פאַרגלייכט מיט פסוק כד; בחיי בראשית כב, יג; תמורה כז, א.

פ) בראשית כב, יד.

צ) מ"א וירא כב, יד; תנחומא ענדע וירא. זעט: ל"ט וירא כב, יד; רש"י ברא־

**וואָס האָט א׳ געטאָן נאָכן אָפּשטעלן די עקידה?**

ער האָט זיך אויסגע׳טענה׳ט אַביסל מיטן באַשעפער.

אברהם: האַר פון די וועלטן, דו ווייסט דאָך וואָס דער מענטש טראַכט און פילט. איז עס דען ניט געווען אַנטפּלעקט פאַר דיר אַז אויב דו וועסט מיר הייסן מקריב זיין מיין קינד, וועל איך איילן דאָס צו טאָן מיט גאַנצן האַרץ. פאַרוואָס זשע האָסטו מיר געטאָן אַזאַ זאַך?

דער אויבערשטער: איך האָב געוואָלט ווייזן דער גאַנצער וועלט אַז ניט אומזיסט האָב איך דיך אויסגעקליבן פון אַלע פעלקער.

אברהם: האַר פון דער וועלט, ווען דו האָסט מיר געהייסן פירן יצחק׳ן צו דער עקידה, האָב איך דאָך געווען געקאָנט דיר זאָגן: אַנומלט זאָגסטו מיר אַז פון יצחק׳ן וועל איך האָבן קינדער, און איצט הייסטו מיר גאָר פירן אים צו דער עקידה! אָבער איך האָב זיך גאָרניט אָנגערופן. דערפאַר, ווען יצחק׳ס קינדער וועלן גע׳משפּט ווערן ראש השנה, זאָלסטו זיך ניט צוהערן צו די אָנקלעגער. ווען יצחק׳ס קינדער וועלן זינדיקן און פאַרקריכן אין אַ צרה, זאָלסטו זיי געדענקען יצחק׳ס עקידה. דו זאָלסט עס באַטראַכטן גלייך ווי זיין אַש ליגט אויפן מזבח, זיי פאַרגעבן די זינד און זיי אויסלייזן פון זייער אומגליק.

דער אויבערשטער: אויב זיי וועלן וועלן איך זאָל זיי געפינען אַ זכות, און געדענקען עקידת יצחק, זאָלן זיי בלאָזן מיט אַט דעם שופר. און ער האָט אים אָנגעוויזן אויפן ווידער, וועלכער איז איינער פון די צען זאַכן וועלכע זיינען באַשאַפן געוואָרן פרייטיק פאַרנאַכט פון דער וועלט־שאַפונג.

אברהם: האַר פון דער וועלט, איך ריר זיך ניט פון דאַנען אָהן אַ קרבן.

דער אויבערשטער: דריי זיך אויס, דער קרבן איז הינטער דיר, ק). דער ווידער איז באַשאַפן געוואָרן ספּעציעל פאַר דעם דאַזיקן צוועק, ר).

**ווי אַזוי האָט אברהם געכאַפּט דעם ווידער?**

דער ווידער האָט אַליין זיך געלאָזט לויפן צו אברהם׳ן ער זאָל אים מקריב זיין. דער שטן, אָבער, איז אים געשטאַנען אין וועג, און זיינע הערנער האָבן זיך פאַרטשעפּעט אין צווייגן. האָט

---

שית כב, יג און פאַרגלייכט מיט פסוק יד; שו״ט עו, ג.

ק) פאַרגלייכט: פר״א פרקים ט, לא; אר״ן א, ב, פרק לז; פרקי אָבות פרק ה; פסחים נד, א; מר״י בשלח מסכת ד, נא, א; ספרי דברים פיסקא שנה; פר״א פרק יט; תנח. ענדע וירא; תנח״ב שלח כז; במ״ר יז, ב; מ״א וירא כב, יג; י״ש וירא קא; רש״י בראשית כב, יג; בחיי בראשית כב, יג.

זעט די פאַרשידענע ווערסיעס, און ווער עס זאָגט זיי אין: תרגומים אונקלוס, יונתן, ירושלמי, אויך רש״י בראשית כב, יד. ב״ר נו, ח און י; ויק״ר כז, י און כט, ט; ירוש. תענית פרק ב, הלכות א און ד; תענית טז, א און תוספות אונטערן וואָרט אפר, און תוספות טו, ב אונטערן וואָרט ונותנין; ירושלמי קידושין פרק א הלכה א; ברכות סב, ב; ספרא דברים פיסקא שיג; פר״א פרק לא; תנחומא וירא ענדע כג; אמור יב און שלח יד; תנח״ב וירא י, לט און מו; שלח כז; פ״ר פיסקא מ, קעא, א-ב; פר״כ קנד, א־ב, עדיציע אום; אגדת בראשית לח, עז־עח; שו״ט כט, א; מה״ג,א׳ 326; ל״ט בראשית ב, ג; וירא כב, יד; י״ש וירא קא, אמור תרמה; תהלים תשט; איוב תתקכז; בחיי בראשית כב, י.

ר) תנח. אַנהויב צו און שלח יד; רש״י בראשית כב, יג.

דער ווידער אויסגעשטרעקט זיין פֿעדערשט פיסל צו אברהם'ס קאַפּאָטע. אברהם האָט אים באַפרייט פונעם געצוויינג און האָט אים מקריב געווען, ר*).

**דער פּסוק זאָגט אונז: ויקרא מלאך ה' שנית . . ויאמר בי נשבעתי, ש). דער מלאך האָט אויסגערופן צו אברהם'ן אַז דער אויבערשטער האָט געשוואוירן. צו וואָס האָט מען באַדאַרפט די שבועה?**

אברהם האָט געזאָגט צום אויבערשטן: שווער מיר אַז דו וועסט מיך מער ניט פּרואוון און אויך ניט מיין זון יצחק'ן. האָט ער אים געזאָגט אַז דאָס איז די לעצטע אויספּרואוואונג, וואָס איז גלייך צו אַלע פריערדיקע צוזאַמען. ווען ער זאָל ניט געווען אויסשטיין דעם דאָזיקן נסיון, וואָלט זיין אויסשטיין אַלע פריערדיקע נסיונות גאָרניט ווערט געווען. און ער האָט אים געגעבן צוויי ברכות, איינע פאַר אים און איינע פאַר יצחק'ן.

איך וועל בענטשן און מערן דיינע קינדער ווי די שטערן אין הימל און ווי דאָס זאַמד אויפן ברעג ים, און דיין זאַמען וועט ירש'ענען דעם טויער פון זיינע פיינט. אין דיינע קינדער וועלן זיך בענטשן אַלע פעלקער פון דער וועלט דערפאַר וואָס דו האָסט זיך צוגעהערט צו מיין קול. ווען ניט דאָס וואָלט אַלץ פאַרלוירן געגאַנגען, וואָלטן הימל און ערד ניט געקאָנט עקזיסטירן, ת).

דער מלאך האָט געזאָגט אברהם'ן „יען אשר עשית את הדבר הזה, ולא חשכת את בנך, א) דערפאַר וואָס דו האָסט געטאָן די דאָזיקע זאַך, און דו האָסט ניט פאַרמיטן דיין זון . . וועל איך דיך בענטשן. איז ערשטנס וואָס האָט אברהם דאָ געטאָן? אמת ער האָט געבויט דעם מזבח, צוגעגרייט דאָס האָלץ. אָבער דעם עיקר, די הויפּטזאַך צוליב וועלכער ער איז געקומען אַהער, נעמלעך אָפּפערן זיין זון, דאָס האָט ער דאָך ניט פאַרווירקלעכט. און צווייטנס, צו וואָס די ביידע אויסדרוקן „עשית ולא חשכת". דער פּאָזיטיווער אויסדרוק „עשית" און דער נעגאַטיווער „ולא חשכת" דריקן דאָך אויס דעם זעלבן געדאַנק. די זאַך וואָס ער האָט געטאָן איז דאָך דאָס וואָס ער האָט ניט פאַרמיטן זיין זון! צו וואָס זשע דאַרף מען דעם דאָפּלטן אויסדרוק?

„עשית" דאָ מיינט ניט פאַרגאַנגענהייט, נעמלעך דו האָסט געטאָן, נאָר דו וואָלסט דאָך גערן געווען געטאָן. און „ולא חשכת" מיינט — און דו וואָלסט דאָך זיכער ניט געווען זיך צוריקגעהאַלטן. זיינען דאָס שוין צוויי באַזונדערע האַנדלונגען, ב).

**וואָס אייגנטלעך האָט א' געטראַכט ביים אומקערן זיך אַהיים פונעם באַרג מוריה?**

ער האָט געטראַכט וואָס יעדער פאָטער טראַכט ווען ער האָט אַ דערוואַקסענעם זון. ער האָט געטראַכט וועגן

ר*) פר"א פרק לא, הוצאת אום.

ש) בראשית כב, פסוקים טו־יט, און רש"י דאָרט פסוק יז.

ת) תנח. שלח יד; ב"ר נו, יא; במ"ר ב, יב; ל"ט וירא כב, פסוקים טז, יז, יח; י"ש וירא קב. זעט אומעטום ווער עס זאָגט וואָס.

אגב, לויט: שבת קלז, ב; נדרים לב, א; תוספתא נדרים ב, 7; ש"ט לך לך יז, יד; ל"ט יז, יג, זייט מ, א; שו"ט ו ענדע סימן א עקזיסטירן הימל און ערד אינעם זכות פון מצות מילה. זעט זייט 115, נאָטע ר.

א) בראשית כב, טז.

ב) זעט איינצלהייטן אין הו"ה בראשית כב, טז, הוצאת אום.

א שידוך פאַר יצחק'ן. און שטייענדיק נאָך ביים באַרג מוריה אויף וועלכן ער האָט געזאָלט אָפּפערן יצחק'ן פאַר א קרבן, איז אים אָנגעזאָגט געוואָרן די בשורה אַז רבקה, יצחק'ס באַשערטע, איז געבוירן געוואָרן, ג).

**וואָס האָט א' געטאָן מיט יצחק'ן נאָך דער עקידה?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס-פאַרשידנ-הייטן:

ער האָט אים גענומען אַהיים, ד).

ער האָט אים אַוועקגעפירט אין עבר'ס ישיבה, ה).

מלאכים האָבן אים אַוועקגעפירט אין דער ישיבה פון שם בן נח, ו).

ער איז געבליבן דריי יאָר ביים באַרג מוריה ביז ער איז אַלט געוואָרן פער-ציק יאָר, און האָט חתונה געהאַט מיט רבקה'ן, ז).

דער אויבערשטער האָט אים אַריינ-גענומען אין גן עדן אַריין אויף דריי יאָר, ח).

**אין וואָס פאַר אַ ישיבה האָט א' גע-שיקט יצחק'ן?**

ער אַליין האָט געלערנט מיט אים תורה. נאָך שרה'ס פטירה האָט ער אים געשיקט (לויט אַן אַנדער מיינונג אַוועקגעפירט) אין דער ישיבה פון שם און עבר, ט).

**דער פסוק זאָגט „וישב אברהם אל נעריו", י) אברהם האָט זיך אומגעקערט פונעם באַרג מוריה צו ישמעאל'ן און אליעזר'ן. נו, און וואו איז געווען יצחק?**

בעת אברהם און יצחק זיינען געווען אויפן באַרג מוריה, האָבן ישמעאל און אליעזר זיך געשפּאַרט. ישמעאל האָט געזאָגט אַז נאָך אברהם'ס שעכטן יצ-חק'ן וועט ער אים ירש'ענען. אליעזר האָט אים געזאָגט: ניין, דיין פאָטער האָט דיך שוין לאַנג אַרויסגעטריבן. איך בין זיין הויפּט-פאַרוואַלטער, וועל איך אים ירש'ענען. ווען אברהם האָט זיך אומגעקערט אַליין (וישב) אָהן יצחק'ן, האָבן זיי געמיינט אַז ער האָט אים גע-שאָכטן. אויף זייער פראַגע „וואו איז יצחק?" האָט ער זיי געענטפערט אַז ער האָט אים אַוועקגעפירט אין עבר'ס ישיבה, כ).

**אין וואָס פאַר אַ זכות האָט אברהם זיך אומגעקערט פונעם באַרג מוריה לש-לום?**

ג) סע"ר פרק א; ב"ר אַנהויב פרשה נז; ל"ט בראשית כב, כ; י"ש וירא קב און משלי תתקנא; תוספות יבמות סא, ב אונטערן וואָרט וכן; רש"י בראשית כב, כ, און כה, כ.

זעט: מ"א תולדות כה, כ; ש"ט וירא כב, יח; בחיי וירא לט, ב; חיי שרה לט, ד און מב, ב.

ד) ויק"ר כ, ב; ק"ר ט, פסוק ז; תנח"ב אחרי ג.

ה) מ"א וירא כב, יט; פר"א פרק לא; ב"ר נו, יא; ל"ט וירא כב, יט; ישר וירא 60.

ו) תרגום יונתן בראשית כב, יט; ב"ר נו, יא; ל"ט בראשית כב, יט.

לויט י"ש וירא קב האָט אברהם אים געשיקט צו שם'ן.

ז) בחיי בראשית כג, ענדע פסוק ב.

ח) מה"ג,א' 327.

ט) תנח. שמות א; ב"ר נו, יא; ישר מח, א. זעט ת"י בראשית כד, סב און ישר מח, ב. זעט פאַרגייענדיקע פראַגע און ענט-פערס.

י) בראשית כב, יט.

כ) מ"א וירא כב, יט; פר"א פרק לא; י"ש וירא צח; ב"ר נו, יא; ישר, וירא 60; ל"ט וירא כב, יט. לויט י"ש וירא אַנהויב קב אין שם'ס ישיבה.

זעט די פאַרגייענדיקע פראַגע און ענט-פער.

אינעם זכות פון „ונשתחוה", ל) פון בוקן זיך, מ).

**ווען האָט א' זיך אומגעקערט פון דער עקידה?**

לויט דער מיינונג אַז די עקידה איז פאָרגעקומען ראש השנה, האָט ער זיך אומגעקערט ראש השנה, נ).

**דער פסוק זאָגט „ויהי אחרי הדברים האלה", ס) און עס איז געווען נאָך די דאָזיקע רייד. נאָך וועלכע רייד?**

עס זיינען פאַראַן וועגן דעם מיינונגס־פאַרשידנהייטן:

נאָך דעם שפּאַרעניש צווישן ישמעאל'ן און אליעזר'ן ווער פון זיי ביידע וועט ירש'נען אברהם'ן נאָך זיין קווי־לענען יצחק'ן, ע).

א' האָט מהרהר געווען. ער האָט זיך געטראַכט: ווען יצחק וואָלט געווען געשטאָרבן אויפן באַרג מוריה, וואָלט איך דאָך געווען געבליבן קינדערלאָז. איצט אַז עס איז געשען אַ נס און יצחק איז געבליבן לעבן וועל איך אים חתונה מאַכן מיט ענר'ס, אָדער אשכול'ס, אָדער ממרא'ס אַ טאָכטער. זיי זיינען דאָך צדקניות. אַ יחוס, וואָס גייט עס מיך אָן! האָט דער אויבערשטער אים געזאָגט: דאַרפסט זיך ניט קימערן, זאָרגן, וועגן דעם. יצחק'ס זיווג, רבקה, איז שוין געבוירן געוואָרן, פּ).

ל) בראשית כב, ה.

מ) ב"ר נו, ב; אגדת שמואל ענדע פרשה ג; ל"ט וירא כב, ד; י"ש וירא ק און שמואל א', פּ. זעט פּר"א ענדע פרק לא און רד"ל דאָרט.

נ) זעט פּ"ר פיסקא מ; מ"א וירא כב, יד און חיי שרה כג, א.

ס) בראשית כב, כ.

ע) מ"א וירא כב, כ. פאַרגלייכט י"ש וירא צח. זעט: מ"א וירא כב, יט; פּר"א פרק לא; ב"ר נו, יא; ישר וירא 60; ל"ט וירא כב, יט; י"ש וירא אַנהויב קב.

א' האָט מהרהר געווען, ער האָט זיך געטראַכט: מיין זון יצחק איז דאָך הייליק. ער איז דאָך איינגאַנצן „עולה". ווי זשע קען ער חתונה האָבן מיט אַ טאָכטער פון כנען?!

איז שטייענדיק נאָך ביים באַרג מוריה איז אים אָנגעזאָגט געוואָרן די בשורה אַז רבקה, יצחק'ס זיווג, איז געבוירן געוואָרן, צ).

א' האָט מורא געהאַט פאַר יסורים. האָט דער אַלמעכטיקער אים געזאָגט: זאָרג זיך ניט וועגן דעם, האָב קיין מורא. עס איז שוין דאָ ווער עס זאָל זיי מקבל זיין, נעמלעך איוב, ק).

א' האָט זיך געטראַכט: אפשר איז געפונען געוואָרן אין יצחק'ן אַ פסול, דערפאַר איז ער ניט אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ קרבן. איז אַרויסגעגאַנגען אַ בת קול און האָט געזאָגט „לך אכול בשמחה לחמך", ר) גיי עס מיט פרייד דיין ברויט, ש).

**רבקה איז געווען אברהם אבינו'ס שנור. איז זי געווען אויך בלוט פאַר־וואַנט מיט אים?**

יאָ. רבקה איז געווען נחור'ס אַן אייניקל. נחור איז געווען אברהם אבינו'ס אַ ברודער. איז אברהם געווען איר עלטער פעטער, ת).

זעט פראַגע און ענטפער „וישב אברהם אל נעריו", זייט 179, נאָטע כ.

פּ) ב"ר נז, ג; מ"א וירא כב, כ; י"ש וירא קב; רש"י בראשית כב, כ.

צ) ל"ט וירא כב, כ. זעט פראַגע און ענטפער וואָס אברהם האָט געטראַכט ביים אומקערן זיך פונעם באַרג מוריה, זייטן 178, 179, נאָטע ג.

ק) ב"ר נז, ד; במ"ר יז, ב; תנח. שלח יד; מ"א וירא כב, כד; ל"ט וירא כב, כא; י"ש וירא קב.

ר) קהלת ט, ז און זעט רש"י דאָרט.

ש) ויק"ר כ, ב.

ת) בראשית כב, פסוקים כ־כד; כד, כד.

**האָט אברהם עפּעס אַ שייכות מיט תקיעת שופר?**

יאָ. תרועה איז אַ קלאָגענדיק קול. ווען אברהם האָט זיך אומגעקערט ראש השנה פון דער עקידה האָט ער געפונען שרה'ן טויט דורכן שטן'ס ווערטער, ת*). בלאָזן מיר ראש השנה תרועה, שרה'ס פּטירה זאָל מכפּר זיין אויף אונזערע זינד, א).

## די צען נסיונות

**מיט וויפל נסיונות האָט דער אויבערשטער געפּרואווט אברהם'ן?**

מיט צען, און ער האָט אויסגעהאַלטן, ער איז בייגעשטאַנען אַלע צען.

א) ווען אברהם איז געבוירן געוואָרן, האָבן נמרוד'ס האַרן געוואָלט אים דערמאָרדן. מען האָט אים אויסבאַהאַלטן אונטער דער ערד דרייצן יאָר. און ער האָט ניט געזען די זון און די לבנה. נאָך דרייצן יאָר איז ער אַרויסגעגאַנגען פונעם באַהעלטעניש. ער האָט פאַר'מיאוס'ט די אָפּגעטער און זיך פאַרזיכערט אינעם שאָטן פון זיין באַשעפער. ער האָט געזאָגט „ה' צבאות אשרי אדם בוטח בך", א*) אויבערשטער פון צבאות, וואויל דעם מענטשן וועלכער פאַרזיכערט זיך אין דיר.

ב) מען האָט אים איינגעזעצט אין טורמע אויף צען יאָר, דריי יאָר אין כותא און זיבן יאָר אין קרדו, לויט אַן אַנדער מיינונג דריי יאָר אין קרדו און זיבן יאָר אין כותא. פון דאָרט האָט מען אים געבראַכט און אַריינגעוואָרפן אין קאַלך־אויוון, און דער מלך הכבוד האָט אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנט, און האָט אים אַרויסגעראַטעוועט. ווי אין פּסוק שטייט „ויאמר אליו אני ה' אשר הוצאתיך מאור כשדים", ב) און ער האָט געזאָגט צו אים, איך בין ה' וועלכער האָט דיך אַרויסגעפירט פון אור כשדים.

ג) „לך לך", ג) ער האָט באַדאַרפט פאַרלאָזן זיין לאַנד, זיין געבורטס־אָרט, זיין פאָטערס הויז. קומענדיק קיין חרן איז אים אָפּגעשטאָרבן זיין פאָטער תרח און זיין מוטער אמתלאי. און וואַנדערונג איז דאָך פאַרן מענטשן שווערער פון אַלץ.

ד) זינט הימל און ערד זיינען באַשאַפן געוואָרן איז ניט געווען אַ הונגער ביז אברהם'ס צייטן, און ניט אין אַלע לענדער, נאָר בלויז אינעם לאַנד כנען, כדי אים אויסצופּרואוון, און אים מאַכן ציען קיין מצרים. ווי אין פּסוק שטייט „ויהי רעב בארץ וירד אברם מצרימה", ד) און עס איז געווען אַ הונגער אין לאַנד, און אברם האָט גענידערט קיין מצרים.

ה) פּרעה האָט אַוועקגענומען פון אים זיין ווייב שרה, ה). איז דען פאַראַן אַ מאַן וועלכער זעט ווי אַ פרעמדער נעמט אַוועק זיין ווייב און צערייסט ניט זיינע קליידער?!

ו) ווען אַמרפל און אַלע זיינע חברים האָבן געוואָלט אים דערמאָרדן, פריער לוט'ן און דערנאָך אים, ו).

---

ת*) זעט איינצלהייטן אין מיין בוך „אברהם אבינו, זיין לעבן און שאַפונג", זייטן 165—170.

א) פּ"ר פּיסקא מ; מ"א וירא כב, יד און חיי שרה כג, א.

א*) תהלים פד, יג. פּר"א פּרק כו. זעט: שמואל א', א, יא. ברכות לא, ב; י"ש שמואל א', עח; מה"ג.א' כט, לה.

ב) בראשית טו, ז.
זעט זייטן: 63, נאָטע ה; 65, ס.

ג) בראשית יב, א.

ד) בראשית יד, י. זעט הונגער, זייטן: 79, נאָטע ו; 80, נאָטע ז.

ה) בראשית יב, טו. זעט זייט 82.

ו) בראשית קאַפּיטל יד.

ז) בראשית טו, א־ז.

ז) ווען דער אויבערשטער האָט אים געזאָגט „אל תירא אברם", ז) האָב קיין מורא, אברם. איך בין דיין באַשיצער, דיין שכר איז זעהר פיל. און ווען ער זאָגט אים אַז ער איז דאָך קינדערלאָז, ענטפערט אים דער אויבערשטער אַז זיינע קינדער וועלן זיין אַזוי פיל אַז מען וועט ניט קענען זיי איבערציילן, פּונקט ווי מען קען ניט איבערציילן די שטערן. און אברהם האָט געגלויבט אין ה'.

ח) ווען דער אַלמעכטיקער האָט גע־הייסן דעם נייען און נייענציק יאָריקן אברהם'ן מל זיין זיך און זייניקע, ח).

ט) ווען שרה האָט געפאָדערט פון אברהם'ן ער זאָל אַוועקשיקן הגר'ן מיט ישמעאל'ן, איז דאָס אים זעהר ניט גע־פעלן צום האַרצן. האָט דער אויבער־שטער געזאָגט צו אים „כל אשר תאמר אליך שרה שמע בקולה", ט) אַלץ וואָס שרה זאָגט דיר זאָלסטו פאָלגן.

י) ווען דער אויבערשטער האָט גע־הייסן אברהם'ן פירן יצחק'ן צו דער עקידה, י).

**פאַרוואָס איז א' געפּרואווט געוואָרן דוקא מיט צען נסיונות?**

עס איז קעגן די צען ברכות מיט וועלכע אדם הראשון איז געבענטשט געוואָרן:

פרו, ורבו, ומלאו את הארץ, וכבשוה, ורדו בדגת הים, ובעוף השמים, ובכל חיה הרומשת על הארץ, הנה נתתי לכם את כל עשב זורע זרע, ואת כל העץ, י*).

ח) בראשית קאַפּיטל יז.
ט) בראשית כא, יב.
י) בראשית כב, ב.

זעט די פאַרשידענע ווערסיעס, נוסחאות, און ווער עס זאָגט זיי, אין: פר"א פּרקים כו־לב און דעם רד"ל דאָרט; אר"ן א, לג, 94; ב, לו, 95; ב"ר נו, יא; ש"ר טו, כז; ל, טז; מד, ד; במ"ר יד, יא; טו, יב; תנח. לך לך יח; וירא כא, כב; תשא כד; בהעלותך ח; עקב ג; תנח"ב וירא מג; וישלח ח; בהר ג; בהעלותך יג; עקב ה; פ"ר פּיסקא כא, קה, ב; שו"ט יח, כה; ש"ט לך לך יז, כא; מה"ג,א' יז, יט; ל"ט אַנהויב לך לך; י"ש לך לך סח, עו; תה־לים ענדע תשעז. פאַרגלייכט י"ש לך לך עט, וירא צד, צו און אַנהויב קב; תדשא קסו; תמורה ב"ה, א' 118.

פאַרגלייכט: אג"ב נו, קיא־קיב; מה"ג,א' 201, 207, 243, 248; ל"ט לך לך יב ענדע סימן א; לקוטי 161; ילקוט א', ב, ב; קונדריס 80.

אין: פ"ר פּיסקא מז, קצ, א; ל"ט אַנהויב וירא; אג"ב טז, לג הייסט עס אַז ער האָט אים געפּרואווט „בכמה נסיונות", מיט מערע־רע נסיונות.

אין קינות „אז בהלוך ירמיהו" שטייט „עשר בחינות".

אין תנח"ב וירא מו ווערט געזאָגט אַז דער ערשטער נסיון האָט זיך אָנגעהויבן מיט לך לך מארצך, מיטן אויבערשטנס זאָגן אַב־רהם'ן, ער זאָל נעמען דעם וואַנדער שטאָק אין האַנט. און דער לעצטער נסיון, דער צענטער נסיון, איז אויך געווען מיט ולך לך אל ארץ המוריה, גיי פיר יצחק'ן צו דער עקידה. זעט: תנח. לך לך ג; ב"מ,א' קנ.

זעט: רש"י, פּירוש הגר"א אין פּרקי אבות פּרק ה; פּיוט „אמרתך" פון רבי שמעון הגדול וואָס מען זאָגט דעם צווייטן טאָג ראש השנה.

אַז ער האָט אויסגעהאַלטן אַלע צען נס־יונות, זעט זהר, רעיא מהימנא, ואתחנן רסג, ב; אלפא ביתא דרבי עקיבא א', כו.

אין אר"ן פּרק לג; ב' בלך לך, ב' בשני בניו, ב' בשני (בשתי) נשיו, א' עם המלכים, א' בין הבתרים, א' באור כשדים, א' במילה. צוויי נסיונות מיט „לך לך", צוויי מיט זיינע צוויי זין, צוויי מיט זיינע צוויי ווייבער, איינער מיט די מלכים (וועלכע האָבן געפאַנגען לוט'ן). איינער צווישן די שטיקער (זעט זייט 98). איינער ווען מען האָט אים אַריינגעוואָרפן אין קאַלך אויוון, איינער ביים מל זיין.

י*) תדשא פה. בראשית א, פּסוקים כח און כט.

## שרה'ס פטירה

**פאַרוואָס זאָגט עפּעס דער פּסוק „ויהי׳ו חיי שרה"?**

אונז צו לערנען אַז אברהם'ס ווייב שרה האָט באַדאַרפט לעבן נאָך יצחק'ס געבורט בלויז זיבן און דרייסיק יאָר, וויפל די אותיות פון „ויהיו" באַטרעפן. זי איז אַלט געווען נייענציק יאָר ווען יצחק איז געבוירן געוואָרן. געלעבט האָט זי הונדערט און זיבן און צוואַנציק יאָר. האָט זי געלעבט זיבן און דרייסיק יאָר נאָך יצחק'ס געבורט, כ).

**וויפל גוטע יאָרן האָט אונזער מוטער שרה געלעבט?**

די תורה זאָגט „ויהיו חיי שרה מאה שנה ועשרים שנה ושבע שנים, שני חיי שרה", ל) אַז שרה האָט געלעבט הונדערט און זיבן און צוואַנציק יאָר. אָבער „ויהי׳ו שני חיי שרה". אָבער גוטע יאָרן האָט זי געהאַט בלויז זיבן און דרייסיק, מ) וויפל די אותיות פון „ויהיו" באַטרעפן. ווייל אַ קינדלאָזער איז איינער פון די פיר וועלכע זיינען גלייך צו אַ מת, נ). שרה איז געווען קינדלאָז נייענציק יאָר. ווען זי האָט געבוירן יצחק'ן איז זי אַלט געווען נייענציק יאָר. אַז מען נעמט אַראָפּ 90 פון 127, בלייבט 37.

**אין וואָס פאַר אַ חודש איז שרה געשטאָרבן?**

אין מרחשון, ס).

**האָט שרה אויסגעלעבט אירע באַשערטע יאָרן?**

ניין. זי האָט באַדאַרפט לעבן אברהם'ס יאָרן, נעמלעך הונדערט און פינף און זיבעציק. אָבער דערפאַר וואָס זי האָט געזאָגט „ישפוט ה' ביני וביניך", ע) זאָל דער אויבערשטער משפט'ן צווישן מיר און דיר, איז איר לעבנס-שפאַן פאַרמינערט געוואָרן אויף אַכט און דרייסיק יאָר, פ).

**„ויבא אברהם לספוד לשרה", צ) אברהם איז געקומען באַקלאָגן שרה'ן. פון וואַנען איז ער געקומען?**

פונעם באַרג מוריה, ק).

**דער פּסוק זאָגט אַז ווען שרה איז געשטאָרבן „ויבא אברהם לספוד לשרה ולבכתה", ר) אברהם איז געקומען באַקלאָגן שרה'ן און זי באַוויינען. געוויינטלעך באַוויינט מען דאָך פריער, און דערנאָך איז מען ערשט מספּיד?!**

---

כ) בראשית כג, א; מ"א חיי שרה כג, א.

ל) בראשית כג, א.

מ) זהר חיי שרה קכג, א; בחיי בראשית כג, ענדע פסוק א; „מנחה בלולה".

נ) נדרים סד, ב און ר"ן נדרים ז, ב אונטערן וואָרט שנאמר; ע"ז ה, ב; תנח"ב ויצא יט; תנח. צו, יג; ב"ר עא, ו; ש"ר ה, ד; אי"ר ג, ב; י"ש ויצא קכז און בהעלותך אָנהויב תשמב; ל"ט ויצא ל, א; מ"א אָנהויב חיי שרה; רש"י בראשית ל, א. זעט אגב ירוש. נדרים פרק ט, הלכה ב.

ס) אסתר רבה פרשה ז, יא; שה"ק יב.

ע) בראשית טז, ה.

פ) ב"ר מה, ה (עס וואָלט אפשר באַדאַרפט שטיין אַכט און פערציק און זעט דאָרט חידושי הרש"ש); ל"ט לך לך טז, און זעט דאָרט הערה כז; בחיי בראשית טז, ה. פאַרגלייכט: ב"ר סב, ג; ל"ט בראשית כ כה, י; י"ש חיי שרה קי.

צ) בראשית כג, ב.

ק) יונתן בראשית כג, ב און זעט דאָרט רמב"ן; ב"ר נח, ה; ויק"ר כ, ב; זהר חיי שרה קכג, א; פר"א פרק לב און זעט דאָרט רד"ל; פר"כ קע, ב, הוצאת אום; מ"א חיי שרה כג, א; ל"ט חיי שרה כג, ב; י"ש חיי שרה קב.

לויט רש"י בראשית כג, ב — פון באר שבע.

ר) בראשית כג, ב.

מיט דעם באַוויינען דריקט מען אויס דעם צער וואָס דער באַטרעפנדיקער איז געשטאָרבן. דער הספד, דאָס באַקלאָגן דערציילט דעם טויטנס שבחים, די לעבעדיקע זאָלן פילן זייער פאַרלוסט. צדיקים אָבער איז ניט שייך צו באַוויינען פון דעם שטאַנד־פּונקט פון טויט, ווייל „צדיקים במיתתם נקראו חיים", צדיקים ווערן ביים טויט אָנגערופן לעבעדיקע, ש). דערפאַר טאַקע שטייט פריער „לספד", באַקלאָגן, ווייל דאָס איז דאָך צוליב די לעבעדיקע. און דאָס איז דער טעם פאַרוואָס „ולבכתה" איז געשריבן מיט אַ קליינער „כ", ת).

**פון וואַנען האָט א' געוואוסט פון דער מערת המכפלה, און פאַרוואָס האָט ער געוואָלט די דאָזיקע מערה פאַר אַ קבר?**

ווען ער האָט איינגעלאַדן די מלאכים צום עסן, איז דער „בן בקר", א) יונגער רינד, אַנטלאָפן, און ער איז אַריין אין דער מערת המכפלה. אברהם איז אים נאָכגעלאָפן. ווען ער איז אַריינגעקומען אין דער מערת המכפלה, האָט ער געזען ווי אדם הראשון און חוה ליגן אויף בעטן און שלאָפן. עס ברענען ליכט איבער זיי, און אַ גאָר גוטער ריח האָט געשמעקט. האָט ער דערפאַר געקליבן די מערת המכפלה פאַר אַ קבר.

אגב, דער פסוק זאָגט „ואל הבקר רץ אברהם", ב) הבקר אַנטהאַלט די אותיות קברה (עס קען אויך מאַכן הקבר). אַ רמז, אַן אָנדייט אַז דאָס דאָזיקע אָרט איז פאַר קבורה, ג).

**אברהם האָט געזאָגט צו די חתים „גר ותושב אנכי עמכם", ג*) אַ פרעמדער און אַן אַלט־געזעסענער בין איך מיט אייך. ווי קען מען זיין אי אַ פרעמדער, אי אַן אַלט־געזעסענער?**

אַ גדול האָט געטייטשט: איך מיט אייך (עמכם) זיינען אַ פרעמדער און אַן אַלט־געזעסענער. איך בין דער גר, דער פרעמדער, און איר זייט דער תושב, דער אַלט־געזעסענער.

**ווען אברהם האָט געוואָלט אָפּקויפן די מערת המכפלה פון די בני חת, וואָס האָבן זיי אים געענטפערט?**

זיי האָבן געזאָגט צו אים: הער אונז צו, אונזער האַר. קיניג איבער אונז, ווער אונזער פירער, אונזער גאָט. אָבער אברהם האָט זיי געענטפערט: די וועלט האָט איר מלך און איר אויבערשטן, ד).

**וויפל האָט א' באַצאָלט פאַר דער מערת המכפלה?**

פיר הונדערט זילבערנע שקלים, ה).

**די תורה דערציילט אונז אַז עפרון האָט געזאָגט צו אברהם'ן: „באזני בני חת... השדה נתתי לך והמערה אשר בו לך נתתיה, לעיני בני עמי נתתיה לך, קבור את מתך", אין די אויערן פון די קינדער פון חת... איך גיב דיר דאָס פעלד און די הייל אין קעגנוואַרט פון די קינדער פון מיין פאָלק, באַערדיק דיין טויטן. און געלט האָט ער ניט דערמאָנט. פאַרוואָס זשע האָט אברהם אים באַצאָלט?**

אין קעגנוואַרט פון זיינע מענטשן האָט

ש) ברכות יח, א אונטן; רש"י ענדע פרשה נח.

ת) זעט הו"ה בראשית כג, ב (ר"ש יפה).

א) בראשית יח, ז.

ב) בראשית יח, ז.

ג) פר"א פרק לו און זעט דאָרט רד"ל; מ"א וירא יח, ז און חיי שרה כג, י; י"ש וירא פב און הושע כח; בעל הטורים בראשית יח, ז. זעט: עירובין נג, ב; מיין בוך „אברהם אבינו, זיין לעבן און שאַפונג", זייט

167; „אהרן ראָזמאַרין'ס תנ"כ־ענציקלאָפּעדיע", באַנד צוויי, אדם, מערת המכפלה.

זעט: זהר חיי שרה קכז, א; זהר חדש רות סב, ג; פענח רזא וירא.

ג*) בראשית כג, ד.

ד) בראשית כג, ט. ב"ר נח, ו און זעט: ב"ר מב, ה; מג, ה; קה"ר ד פסוק יג; תנח. בהעלותך ט; מ"א חיי שרה כג, י; ל"ט בראשית כג, ו; י"ש לך לך עב; רש"י בראשית יד, יז.

ה) בראשית כג, טז.

עפרון געוואָלט זיך אויספּיינען, האָט ער געזאָגט צו אברהם'ן אַז ער גיט עס אים. אָבער ווען ער איז געווען מיט אים אַליין, אויג אויף אויג, האָט ער גערעדט גאָר אַנדערע דיבורים: „לאמור לו, ארבע מאות שקל כסף”. ער האָט אים איינגערוימט אין אויער אַריין אַז עס קאָסט פיר הונדערט זילבערנע שקלים. און ניט נאָר דאָס, נאָר „ביני ובינך”, דאָס איז צווישן מיר און דיר. אַן אַנדערער טאָר ניט וויסן דערפון, ה*).

**פאַרוואָס האָט עפרון געוואָלט גראַדע פיר הונדערט שקלים?**

ער האָט אָנגעדייט דערמיט אַז „ביני”, דער מיטלסטער אות פון מיין נאָמען, נעמלעך „ר” (עפרון); „ובינך”, און דער מיטלסטער אות פון דיין נאָמען, אויך „ר” (אברהם) באַטרעפן פיר הונדערט, ה**).

**האָט א' געשלאָסן אַ קאָנטראַקט, אַן אָפּמאַך, מיט די בני חת?**

יאָ. אויפן קאָנטראַקט, אַז ער קויפט עס אָפּ אויף אייביק, האָבן זיך גע'חתם'עט פיר עדים: אמיגל, דער זון פון אבישוע החתי, אליחורף, דער זון פון אשונש דער חוי, עבדון, דער זון פון אחירע פון גרר, און עקדיל, דער זון פון אבודיש דער צידוני, ו).

אגב, די מערת המכפלה איז איינס פון די דריי זאַכן וועגן וועלכע די פעלקער פון דער וועלט קענען ניט זאָגן אַז די אידן האָבן זיי גע'גזל'ט. די אַנדערע צוויי זיינען יוסף'ס קבר און דאָס בית המקדש, ז).

און נאָכאַמאָל אַגב: יעקב אבינו האָט אָנגעזאָגט זיינע קינדער: „קברו אותי אל אבותי אל המערה אשר בשדה עפרון החתי... במערה... אשר קנה אברהם את השדה מאת עפרן החתי לאחוזת קבר. שמה קברו את אברהם ואת שרה אשתו, שמה קברו את יצחק ואת רבקה אשתו, ושמה קברתי את לאה. מקנה השדה והמערה אשר בו מאת בני חת”, ח) באַערדיקט מיך נעבן מיינע עלטערן אין דער הייל וועלכע איז אין עפרון החתי'ס פעלד.. אין דער הייל וועלכע אברהם האָט אָפּגעקויפט מיטן פעלד פון עפרון החתי פאַר אַ קבר. דאָרט האָט מען באַערדיקט אברהם'ן און זיין ווייב שרה. דאָרט האָט מען באַערדיקט יצחק'ן און זיין ווייב רבקה. און דאָרט האָב איך באַערדיקט לאה'ן. צו וואָס האָט יעקב באַדאַרפט אויסרעכענען אָט די אַלע איינצלהייטן? דערקלערן עס מפרשים אַזוי:

אונזער פאָטער יעקב איז געווען זעהר קלוג. ער האָט פאָראויסגעזען אַז די ניט-אידישע שכנים אין ארץ ישראל וועלן וועלן אַוועקנעמען די מערת המכפלה, האָט ער בכיון עס באַשריבן מיט אַלע איינצלהייטן וועלכע זאָלן באַווייזן אַז זי געהערט אונז.

„קברו אותי אל המערה” — באַערדיקט מיך נאָר אין דער מערה, הייל, „אשר בשדה עפרון החתי”, וועלכע געפינט זיך אין עפרון החתי'ס פעלד, און ניט אין איינער פון די אַנדערע מערות, היילן, וועלכע געפינען זיך דאָרט.

אָבער אַזוי ווי עס איז שוין זיבעצן יאָר אַז איך האָב פאַרלאָזט ארץ ישראל, קאָן דאָך זיין אַז עפרון'ס יורשים האָבן עס דערווייל אַוועקגענומען, זאָלט איר ווייזן דעם קאָנטראַקט, נעמלעך „אשר קנה אברהם את השדה” — אַז אברהם האָט עס געקויפט.

טאָמער, ווידער, וועלן זיי טענה'ן אַז

ה*) בראשית י־טז. ילקוט אליעזר.

ה**) מגד ירחים.

ו) ספר הישר אַנהויב חיי שרה; מ"א חיי שרה כג, יח.

ז) ב"ר עט, ז; י"ש וישלח, קלג.

ח) בראשית מט, כט־לג.

דער פאַרקויפער האָט געהאַט קיין רעכט צו פאַרקויפן, זאָלט איר וויסן אַז עס איז געקויפט געוואָרן פון „עפרון החתי", און ער איז געווען דער נשיא, דער הויפט, דער פירער, דער הערשער.

און אויב זיי וועלן טענה'ן אַז דער פלאַץ איז פאַרקויפט געוואָרן צו בעאַרבעטן, ניט אויף אַ קבר, זאָלט איר וויסן אַז עס איז געווען „לאחוזת קבר" — עס איז געווען בפירוש, אויסדריקלעך פאַר אַ בית הקברות.

וועלן זיי, ווידער, טענה'ן אַז דער מסחר, די טראַנזאַקציע איז ניט גילטיק מער, ווייל די גאַנצע צייט האָבן די קויפערס עס ניט באַנוצט. זאָלט איר זיי זאָגן אַז „שמה קברו את אברהם ואת שרה אשתו" — דאָרט האָט מען באַערדיקט אברהם'ען און זיין ווייב שרה.

קאָן זיך דאָך מאַכן אַז די קינדער פון ישמעאל'ן זאָלן טענה'ן אַז זיי זיינען גלייך־באַרעכטיקטע יורשים. זאָלט איר זיי זאָגן אַז „שמה קברו את יצחק ואת רבקה אשתו", אַז דאָרט האָט מען באַערדיקט יצחק'ן און זיין ווייב רבקה. דאָס באַווייזט דאָך קלאָר, אַז ישמעאל'ס קינדער האָבן פאַרציכטעט, אָפּגעטראָטן זייער רעכט צו יצחק'ס קינדער.

און אויב עס וועלן קומען עשו'ס קינדער מיט דער זעלבער טענה אַז זיי זיינען גלייך־באַרעכטיקטע יורשים, זאָלט איר זיי דערקלערן „ושמה קברתי את לאה" — דאָרט האָב איך באַערדיקט לאה'ן. נעמלעך, דאָס רעכט איז איבערגעגאַנגען צו מיר.

ט) ב"ר כג, ו; ל"ט חיי שרה כג, י; י"ש חיי שרה קב.

פאַרגלייכט: בראשית יד, יז און רש"י דאָרט; ב"ר מב, ה; מג, ה; נה, ו; נח, ו; במ"ר טו, יד; ק"ר פסוק יג; תנח. בהעלותך ט; מ"א לך לך יד, יז; ל"ט בראשית יד, ג און יז; כג, ו; י"ש לך לך עב.

און אויב די אַלגעמיינע איינוואוינער וועלן טענה'ן אַז עפרון האָט גאָרניט געהאַט דאָס רעכט צו פאַרקויפן. ער האָט אַזוי געטאָן ווייל ער איז געווען דער הערשער, אָבער דאָס רעכט צו פאַרקויפן האָט ער ניט געהאַט. זאָלט איר וויסן אַז „מקנה השדה והמערה אשר בו מאת בני חת", אַז דער מסחר איז געקומען צו שטאַנד אין געגנוואַרט פון אַלע. אַלע איינוואוינער האָבן צוגעשטימט צום מסחר.

**אברהם האָט טאַקע ניט געוואָלט ווערן אַ מלך צי אַ גאָט איבער די בני חת. האָט ער אָנגענומען אַן אַנדער טיטול?**

זיי האָבן אים באַשטימט אַלס פעלדמאַרשאַל, ט).

**וואָס האָט אברהם געזאָגט אין זיין הספד, י) אויף שרה'ן?**

„אשת חיל", כ).

**פאַרוואָס האָט אויך יצחק ניט מספיד געווען זיין מוטער שרה?**

שרה איז דאָך געשטאָרבן צוליב דער עקידה, ווען דער שטן האָט איר געזאָגט אַז אברהם האָט געשאָכטן יצחק'ן. האָט מען פאַרהוילן איר פטירה פון יצחק'ן וועלכער האָט שטאַרק ליב געהאַט זיין מוטער, ל).

**ווער האָט זיך באַטייליקט אין שרה'ס לויה?**

די גרעסטע לייט פון יענער צייט: שם און זיין אור אייניקל עבר, מ) דער

זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

י) בראשית כג, ב.

כ) משלי לא פון פסוק י ביז ענדע. זעט וואָס ער האָט געזאָגט, אין: תנח. חיי שרה ד; תנח"ב חיי שרה ג; שו"ט (מדרש תהלים) קיב, א, הוצאת „אום".

ל) בחיי בראשית כג, ב.

מ) עבר איז געווען בן שלח, בן ארפכשד,

קעניג אבימלך, אברהם׳ס תלמידים ענר, אשכול און ממרא, ג) וועלכע זיינען געווען אויך צדיקים, ס).

**וואָס האָט א׳ געטאָן מיט יצחק׳ן נאָך שרה׳ס פּטירה?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס-פאַרשידנ-הייטן.

ער האָט אים אַוועקגעשיקט אין דער ישיבה פון שם און עבר, ע).

יצחק איז געבליבן דריי יאָר ביים באַרג מוריה ביז ער איז אַלט געוואָרן פערציק יאָר און האָט חתונה געהאַט מיט רבקה׳ן, פ).

**וואָס מיינט דער פּסוק „ואברהם זקן בא בימים״, צ) א׳ איז געקומען אין די טעג, ער איז געוואָרן אַלט, אַ זקן?**

זקן מיינט דער וועלכער האָט זיך קונה געווען, ער האָט זיך דערוואָרבן ביידע וועלטן, די וועלט און יענע וועלט.

עס מיינט אויך דער וועלכער האָט זיך דערוואָרבן חכמה. און אברהם האָט זיך דערוואָרבן דאָס אַלץ און נאָך, ק).

**איז אמת אַז זינט הימל און ערד זיי-נען באַשאַפן געוואָרן ביז אברהם אָבינו איז קיין מענטש געוואָרן פאַרעלטערט, גרוי, ווייס?**

אַזוי זאָגן אונזערע חכמים ז״ל, ר).

**פאַרוואָס האָט א׳ געבעטן אַז עס זאָל זיין אַלטקייט, אַ מענטש זאָל ווערן גרוי, ווייס?**

ווייל מען פלעגט ניט דערקענען צווישן אַ פאָטער און אַ זון. האָט ער געבעטן דעם אויבערשטן ער זאָל מאַכן אַן אונ-טערשייד צווישן יונג און אַלט. איז דאָס דעם אויבערשטן געפעלן, און ער האָט אָנגעהויבן טאָקע מיט אברהם׳ן. אברהם האָט זיך געלייגט שלאָפן און איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי מיט אַ גרייז גרויען קאָפּ האָר און אַ ווייסער באָרד, ש).

**ווען איז א׳ געוואָרן אַ זקן?**

ווי נאָר ער האָט באַערדיקט שרה׳ן איז די זקנה, גרויקייט, אַרויפגעשפּרונ-גען אויף אים, ת).

---

בן שם, בן נח, בראשית יא, י-טו; ד״ה א׳ א, יז-יט. אָבער אין ספר הישר אָנהויב חיי שרה שטייט שם בן נח ועבר בנו.

ג) י״ש לך לך סח. פאַרגלייכט פר״א פּרק כז און רד״ל דאָרט סימן יא. דער רמב״ן בראשית יד, יג באַצייכנט זיי אַלס אברהם׳ס בעלי ברית, אַליאירטע, פאַרבינ-דעטע.

אַז ענר, אשכול און ממרא זיינען געווען צדיקים זעט: ב״ר נח, ד; י״ש חיי שרה קב און זייטן 112, נאָטע ש; 113, נאָטן ת, א.

ס) ב״ר נח, ד; י״ש אָנהויב חיי שרה.

ע) ת״י בראשית כד, סב; ישר חיי שרה 65.

פ) בחיי בראשית כג, ענדע פּסוק ב. זעט זייט 179, נאָטן ד—ח.

צ) בראשית כד, א.

ק) ב״ר נט, ו; תדא״ר פּרק ה; קיד. לב, ב; ב״ב טז, ב-יז, א; מ״א חיי שרה כד, א; ל״ט בראשית כד, א; י״ש חיי שרה קג.

ר) פר״א אָנהויב פּרק נב (און דאָס איז דער דריטער פון די זיבן וואונדער אין דער וועלט); ב״מ פז, א; סנה. קז, ב; ב״ר סה, ט; תנח. נח, יד; תנח״ב חיי שרה ד און ה, און תולדות ה; מה״ג.א׳ 352; ל״ט בראשית כד, א; י״ש לך לך עז; חיי שרה קה און מלכים ב׳ רלג.

זעט פאַלגענדיקע פראַגע און ענטפער.

ש) ב״מ פז, א; סנה. קז, ב; ב״ר סה, ט; תנח. נח, יד, חיי שרה א און תולדות ו; תנח״ב נח כ און חיי שרה ד און ה; מה״ג.א׳ 352; ל״ט חיי שרה כד, א און תולדות כז, א; י״ש חיי שרה קה; מחו כב.

אגב לויט תנח. נח, יד איז אברהם געווען דער ערשטער צו ליידן יסורים.

ת) מ״א שמיני ט, א; תנח״ב שמיני ג.

**ווי ווערט באַטראַכט אברהם'ס ווערן גרוי?**

אַלס דער דריטער פון די זיבן וואונדער וועלכע די וועלט האָט געזען זינט הימל און ערד זיינען באַשאַפן געוואָרן, ת*).

## אליעזר, אברהם'ס קנעכט

**ווער איינגנטלעך איז געווען אליעזר, וועמען אַ' האָט אָנפּאַרטרויט אַזאַ וויכטיקע מיסיע ווי געפינען אַ ווייב פאַר זיין באַליבטן בן יחיד יצחק?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנהייטן:

עוג, דער קעניג פון בשן, א).

נמרוד'ס זון, ב).

נמרוד'ס אייניקל, ג).

נמרוד'ס קנעכט. ווען אברהם איז ניצול געוואָרן פונעם קאַלך־אויוון אין וועלכן ער איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אויף נמרוד'ס באַפעל, האָבן אַלע גרוי־

ת*) פר"א פרק נב און זעט דאָרט רד"ל; י"ש לך לך עז.

א) פר"א פרק טז; מ"ס פרק כא, ח און מ"ס עדיציע היגער 366־367; י"ש חיי שרה קט און ענדע פרשה חוקת; ס"ה כא, א. זעט זהר חוקת קפד, א.

דער רד"ל אין פר"א פרק טז סימן נג זאָגט אַז אין ב"ר פרשה נג און אין ד"ר ענדע פרשה דברים שטייט אַז אליעזר איז געווען עוג, אָבער אין מיינע מדרשים זע איך עס ניט.

ב) ת"י בראשית יד, יד; ישר נח 34; מ"א לך לך טז, א; מה"ג,א' כד, ב; י"ש חיי שרה קט; ס"ה טז, ב און כא, א.

ג) שלשלת הקבלה ז, ב.

ד) פר"א פרק טז, זעט דאָרט רד"ל און פאַרגלייכט מיט י"ש ענדע פרשה חוקת; ישר 34; ס"ה טז, ד. זעט זייט 67, נאָטע ד.

ה) ב"ר נט, ט; י"ש הושע תקכה; שה"ק ז, ב; ס"ה כא, א.

ו) זהר שלח קנח, א.

ז) בראשית רבה מד, ט.

סע לייט פון יענער צייט געגעבן אַברהם'ן מתנות. האָט נמרוד געגעבן אַברהם'ן זיין קנעכט אליעזר אַלס מתנה, און אויך זיין קנעכט עוני, ד).

כנען, חם'ס זון, נעמלעך נח'ס אייניקל, ה).

ער איז געווען מבני כנען, ו).

ער איז געווען לוט, ז).

דער מלאך מטטרון, ח).

**איז אליעזר געווען געראָטן אין זיין פאָטער, ווער ער זאָל ניט האָבן געווען: עוג, צי כנען, צי לוט, צי נמרוד'ס זון, אייניקל, אָדער קנעכט?**

ניין. ער איז איינער פון די זיבן צדיקים וועלכע זיינען ניט געשטאָרבן, ט).

ער איז איינער פון נייען וועלכע האָבן ניט פאַרזוכט דעם טעם פון טויט און זיינען אַריין לעבעדיקערהייט אין גן עדן, י).

ער איז געווען אַ צדיק, כ).

ח) זהר נעלם חיי שרה קכח, א לעצטע שורה.

ט) כלה זייט 246, עדיציע היגער; רש"י ב"ב נח, א אונטערן וואָרט אשכחיה.
זעט הערה ש.

י) ד"א זייט 69, און זעירות 74 עדיציע היגער; מ"א חיי שרה כד, סד, עדיציע באָבער; י"ש בראשית מב; לך לך עו און חיי שרה קט; וירא מב; יחזקאל שסג; פרה"ק אין ספר הלקוטים חלק ג, ט, עדיציע גרינהוט; ענין חירם מלך צור אין תדא"ז זייט 29, עדיציע ח. מ. הורוויץ; מעשה תורה אין כבוד חופה, זייט לב, עדיציע ח. מ. הורוויץ הלוי; ס"ה כא, א.
זעט הערה ת.

כ) ב"ר ס, ז; במ"ר כא, כ; פר"כ פיסקא ו, נט, א, הוצאת אום; פ"ר טז, פב, א; י"ש חיי שרה קט; מדרש משלי, עדיציע באָבער יג, לז; לקוטים פון מדרש ילמדנו אויף בראשית, עדיציע גרינהוט, לך לך כט;

**איז אליעזר געווען אַ פרומער?**
ער איז געווען אַ ירא ה׳, ל).

**האָט דער יצר הרע געהאַט שליטה איבער אליעזר׳ן?**
ניין. אליעזר האָט באַהערשט דעם יצר הרע, מ).

**איז אליעזר געווען אַן אינטעליגענ־טער מענטש?**
ער איז געווען אַן עבד משכיל, נ).

**האָט אליעזר זיך אָפּגעלערנט עפּעס פון זיין בעל הבית אברהם אָבינו?**
יאָ, ס).

**האָט אליעזר געלערנט תורה מיט אַנדערע?**
ער האָט געלערנט, באַהערשט זיין בעל הבית׳עס תורה, און זי פאַרשפּרייט צווישן אַנדערע, ע).

**ווי אַזוי האָט אליעזר אויסגעזען?**
ווי אברהם אבינו, פ).

**האָט אליעזר געהאַט קינדער?**
יאָ, אַ טאָכטער, צ) און צוויי זין דמשק און אלינוס, ק).

**איז אברהם׳ס קנעכט אליעזר געווען אַ כישוף־מאַכער?**
די גמרא זאָגט „כל נחש שאינו כאלי־עזר עבד אברהם וכיונתן בן שאול, אינו נחש״, אַ כישוף וואָס איז ניט ווי דער כישוף פון אברהם׳ס קנעכט אליעזר און פון יונתן, שאול המלך׳ס זון, איז קיין כישוף; מיינט עס ניט כישוף נאָר אַ סימן, ר).

**איז אברהם׳ס קנעכט אליעזר גע־שטאָרבן?**
ער האָט ניט פאַרזוכט דעם טעם פון שטאַרבן, ש).

**איז אמת אַז אליעזר איז אַריין ביי זיין לעבן אין גן עדן אַריין?**
אַזוי זאָגן די חכמים ז״ל, ת).

## אליעזר׳ס מיסיע (שליחות)

**דער אויבערשטער האָט געבענטשט אברהם׳ן „בכל״, א). וואָס מיינט עס?**
עס זיינען פאַראַן וועגן דעם מיינונגס־פאַרשידנהייטן:
ביים בונד וואָס אברהם האָט געשלאָסן מיט אבימלך׳ן „בין הבתרים״, איז ער אַלט געווען אַכט און פערציק יאָר. האָט דער אויבערשטער אים געבענטשט „בכל״. בכל באַטרעפט צוויי און פופציק, אַז אין צוויי און פופציק יאָר אַרום, ווען ער וועט אַלט זיין הונדערט יאָר, וועט אים געבוירן ווערן אַ זון, ב).

---

קונדריס אחרון אין בית המדרש חדר ששי, עדיציע יעללינעק זייט 79; מדרש ילמדנו.
ל) בראשית רבה ס, א.
מ) בראשית רבה נט, ח.
נ) ב״ר ס, ב; י״ש חיי שרה קז און משלי תתקנו.
ס) יומא כח, ב.
ע) יומא כח, ב; י״ש חיי שרה קד; מה״ג.א׳ כד, ב; ל״ט לך לך טו, ב; רש״י לך לך טו, ב.
פ) ב״ר נט, ח (זעט מהרז״ו און יפה תואר דאָרט) און ס, ז; מ״א חיי שרה כד, ב; ש״ט חיי שרה, כד, ב; י״ש חיי שרה קו און קט; ל״ט חיי שרה כד, ב און לא.
צ) ב״ר נט, ט; י״ש חיי שרה קז און הושע תקכח; ל״ט חיי שרה כד, ה; רש״י חיי שרה כד, לט.
ק) ספר הישר 84.
ר) זעט: חולין צה, ב; י״ש בלק ענדע תשסח און שמואל א׳ קיז; ספורנו בראשית כד, י.
ש) י״ש יחזקאל שסז. זעט הערה ט.
ת) אבות דרבי נתן; ד״א 68; זעירות 74; י״ש בראשית מב, לך לך עו, און יחזקאל שסז; רש״י ב״ב נח, א אונטערן וואָרט אשכחיה. זעט הערה י.
א) בראשית כד, א.
ב) תנח״ב חיי שרה ו; י״ש חיי שרה

ווייל ער האָט געגעבן מעשר „מכל", ג) פון אַלצדינג, האָט ער אים געבענטשט „בכל", ד) מיט אַלצדינג, ה).

ער האָט אים געמאַכט געוועלטיקן איבערן יצר הרע. ישמעאל האָט געטאָן תשובה ביי זיין לעב־צייט. אין זיינע שאַץ־קאַמערן האָט גאָרניט געפעלט. זיין פאָטער תרח האָט עולם הבא. עשו איז ניט אַראָפּ פונעם גלייכן וועג ביי זיין לעב־צייט, ו).

ער האָט אים געגעבן צו פאַרזוכן דעם טעם פון ענליכעס צו עולם הבא. דער יצר הרע, דער מלאך המות, ווערים האָבן געהאַט קיין שליטה איבער אים, ז).

ער האָט אים געבענטשט מיט אַ טאָכטער מיטן נאָמען בכל, ח).

אגב, ר' מאיר האַלט אַז די ברכה איז געווען וואָס ער האָט ניט געהאַט אַ טאָכטער. ווייל אויב יאָ, וואָלט ער דאָך געווען געמוזט פאַרהייראַטן זי צו אַ כנעני. און אַפילו ווען ער וואָלט שוין יאָ געווען געפונען פאַר איר אַ מאַן פון זיינע לאַנדסלייט, וואָלט זי דאָך דאָרט געווען געדינט די עבודה זרה, ווייל די פרוי איז דאָך אינעם מאַנס רשות, ט).

רבי לוי יצחק בערדיטשעווער ז"ל טייטשט: עס זיינען פאַראַן צדיקים וועלכע זאָרגן זיך בלויז פאַר זיך, אַז זיי אַליין זאָלן זיין אין אָרדנונג. דאָ־קעגן, דער העכערער צדיק איז גע־בענטשט „בכל", מיט דער אברהם אבי־

---

קו; ס"ה טו, ב. רש"י בראשית כד, א. באַמערקט אַז „בכל" באַטרעפט 52, ווי „בן".

אגב, לויט: סע"ר פרק א; פ"ר מב, קעה, א; במ"ר יד, א; תוספות ברכות ז, ב; תוספות שבת י, ב אונטערן וואָרט „ושל"; תוספות ע"ז ט, א אונטערן וואָרט „וגמירי"; בחיי בראשית טו, יד איז ער אַלט געווען זיבעציק יאָר ביים שליסן דעם בונד מיט אבימלך'ן. זעט זייט 145, נאָטע פּ.

ג) בראשית יד, כ.

ד) בראשית כד, א.

ה) תנח. חיי שרה ענדע ד; תנח"ב חיי שרה ו; ב"ר מג, ח.

ו) בראשית טו, טו, און רש"י דאָרט. זעט די פאַרשידענע נוסחאות, און ווער עס זאָגט זיי אין:

ב"ר ל, ד; לח, יב און נט, ז; תנחומא שמות יח; תנח"ב שמות טו; מ"א לך לך טו, טו; ל"ט נח יא, כז; לך לך טו, טו; ויקרא ד, ב; ש"ט חיי שרה כה, ח; מה"ג,א' קפו; מה"ג,א' יא, טז; טו, טו; י"ש אַנהויב נח ענדע מז; לך לך עז; דברי הימים ב' תתרעב; בחיי בראשית יא, לב.

אַז תרח איז אין גן עדן, זעט ל"ט לך לך טו, טו. אַז ער האָט עולם הבא אין אברהם'ס זכות, זעט רבינו בחיי בראשית יא, לב.

וועגן ישמעאל'ן זעט: בבא בתרא טז, ב; תוספתא קידושין פרק ה; ב"ר ל, ד; לח, יב; מ"א לך לך טו, טו און חיי שרה כה, ט; מה"ג,א' כד, א און כה יז; ל"ט לך לך טו, טו; ש"ט תולדות כח, ט; י"ש אַנהויב נח מח, לך לך עז און חיי שרה קי; תרגום יונתן בראשית כה, ח; רש"י בראשית טו, טו און כה, ט; בחיי בראשית כה, ט.

וועגן עשו'ס זינדיקן ביי אברהם'ס לעב־צייט, זעט: ב"ב טז, ב; תוספתא קידו־שין פרק ה; ש"ר אַנהויב פרשה א; תנחומא אַנהויב שמות; ב"ר סג, יב; שו"ט ט, ז; פ"ר פיסקא יב, סימן ד; פר"כ פיסקא ג, כב, ב; תנח. תצא ד; י"ש תולדות קי, תצא תתקלה, תהלים תתסח.

לויט מ"א חיי שרה כה, ט האָט עשו ניט געטאָן תשובה. זעט זייט 200 נאָטע י.

ז) ב"ב יז, א. זעט זייטן: 101, נאָטן ר, ש; 201, נאָטן ת, א, ב, ג.

ח) ב"ב טז, ב און קמא, א און תוספות דאָרט אונטערן וואָרט בת; תוספתא קידושין פרק ה, 17; ב"ר נט, ז; י"ש חיי שרה קג און קו; בחיי בראשית כד, א; רקאַנטי, בראשית טו, א.

עס איז פאַראַן דאָרט אַן אַנטקעגן געזעצ־טע מיינונג.

ט) בחיי בראשית כד, א. זעט דאָרט וועגן בת — אַ מאָס, און רמב"ן.

נו׳דיקער מידה צו האָבן אין זינען דעם כלל, ניט בלויז זיך אליין.

**ווען דער אויבערשטער האָט גערעדט צו אברהם׳ן, האָט אברהם באַצייכנט אליעזר׳ן אַלס „ובן משק ביתי", י) און ווען ער שיקט אים זוכן אַ ווייב פאַר יצחק׳ן רופט דער פסוק אָן אליעזר׳ן „זקן ביתו", כ) דער עלצטער פון זיין הויז, פאַרוואָס?**

די חכמים ז״ל דרינגען דערפון אַז אליעזר האָט אויסגעזען (זיו איקונין) ווי אברהם, כ*).

**פאַרוואָס האָט אברהם באַשוואוירן אליעזר׳ן ווען ער האָט געשיקט אים צו זוכן אַ ווייב פאַר יצחק׳ן?**

ווען עס קומט צו פרומקייט, למשל צו כשרות, גלויבט איין איד דעם אַנדערן אויף דעם וואָרט. אָבער ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ גמילות חסד, דאַן פרעגט שוין דער געבער גוט נאָך ווער דער לייער איז. און אַפילו דאַן באַוואָרנט ער זיך מיט אַלערליי באַוואָרענישן. אַברהם, אָבער, האָט זיך אויפגעפירט גאָר אַנדערש, ממש פאַרקערט. אין געלטזאַכן, האָט ער פולשטענדיק געטרויט זיין הויז-פאַרוואַלטער אליעזר. ער האָט אים געמאַכט פאַר דעם „המושל בכל אשר לו". ער האָט אים אָנגעטרויט זיין גאַנצן פאַרמעגן, אָהן שום באַוואָרענישן, אָהן וועלכע עס איז גאַראַנטיע. אָבער ווען עס איז געקומען צו אַ דבר-מצוה, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט צו באַוואָרענען, אַז יצחק זאָל ניט נעמען אַ בת כנען פאַר אַ ווייב, דאַן האָט ער שוין ניט געטרויט אליעזר׳ן. נאָכמער, ער האָט אַפילו אים באַשוואוירן אַז ער וועט אויספאָלגן זיין בקשה.

אגב, דער כלי יקר ז״ל באַציט די ווערטער „המושל בכל אשר לו" אויף אברהם׳ן. די תורה מיינט דערמיט צו לויבן אברהם אבינו, אַז ער איז געווען הערשער איבער זיין פאַרמעגן. געוויינלעך הערשט דאָס געלט איבער די גבירים. די רייכע ווערן קנעכט ביי זייערע מטבעות. אָבער אברהם איז געווען „המושל בכל אשר לו". ער איז געווען הערשער איבער דעם געלט, און ניט דאָס געלט איבער אים, כ**).

**ווען א׳ האָט געשיקט זיין קנעכט אליעזר זוכן אַ ווייב פאַר יצחק׳ן, און ער האָט אים באַשוואוירן ניט צו נעמען איינע פון די טעכטער פון כנען, פאַרוואָס האָט ער געזאָגט צו אים „שים נא ידך תחת ירכי" — „טו דיין האַנט אונטער מיין דיך", ל)?**

דער וועלכער שווערט דאַרף האַלטן אַ הייליקע זאַך אין דער האַנט, אַ ספר, תפילין, אָדער אַ תנ״ך. ברית מילה איז געווען אברהם׳ס ערשטע מצוה. און זי איז אים אָנגעקומען מיט גרויס שמערץ. איז די דאָזיקע מצוה געווען זעהר אָנגעליגט ביי אים. דערפאַר האָט ער אים געהייסן טאָן זיין האַנט אונטער דער דיך, מ).

**אברהם האָט געזאָגט צו אליעזר׳ן: „ואשביעך"...", נ) און איך באַשווער דיך ביי דעם אויבערשטן פון הימל און**

---

י) בראשית טו, ב.

כ) בראשית כד, ב.

כ*) ב״ר נט ח (זעט מהרז״ו און יפה תואר דאָרט און ס, ז); מ״א חיי שרה כד, ב; ש״ט חיי שרה כד, ב; י״ש חיי שרה קו און קט; ל״ט חיי שרה כד, ב און לא.

כ**) בראשית כד, פסוקים א־ד. באר מים חיים.

ל) בראשית כד, פסוקים ב און ג, און ת״י, רש״י דאָרט פסוק ב.

מ) ב״ר נט, ח; שבועות לח, ב; מ״א חיי שרה כד, ב; ל״ט בראשית כד, ב; י״ש חיי שרה קו; בחיי בראשית כד, ב. זעט: תנח״ב חיי שרה ו; א״ע בראשית כד, ב.

נ) בראשית כד, ג.

**ערד. און ווייטער זאָגט ער: דער אויבערשטער פון הימל, וועלכער האָט מיך אַרויסגענומען פון מיין פאָטערס הויז, ס). פאַרוואָס האָט ער ניט געזאָגט אויך דאָ דער אויבערשטער פון הימל און ערד?**

ווייל ווען דער אויבערשטער האָט אים אַרויסגענומען פון זיין פאָטערס הויז, איז ער דאָן געווען בלויז דער אויבערשטער פונעם הימל. ווייל אויף דער ערד איז ער נאָך ניט געווען באַקאַנט. אָבער איצט איז ער דאָך שוין געווען באַקאַנט אויף דער ערד, דורך אברהם'ן. דערפאַר האָט ער געזאָגט: „איך באַשווער דיך ביי דעם אויבערשטן פונעם הימל און פון דער ערד", ע).

ווען ער איז געווען אין זיין פאָטערס הויז, איז ער דאָך געווען אין חרן אָדער אין אור כשדים. און אונזערע חכמים ז"ל זאָגן דאָך „הדר בחוצה לארץ, דומה למי שאין לו אלקי", דער וועלכער וואוינט אויסערהאַלב ארץ ישראל, איז גלייך ווי ער האָט קיין אויבערשטן, פ).

**אברהם האָט באַשוואוירן אליעזר'ן ער זאָל ניט נעמען אַ ווייב פאַר יצחק'ן פון די טעכטער פון כנען, צ). די חכמים ז"ל זאָגן ער האָט אים געוואָרנט ניט צו נעמען אַ ווייב פאַר יצחק'ן פון ענר'ס, אשכול'ס אָדער ממרא'ס טעכטער. אָבער רש"י זאָגט דאָך „וקח לו אשה מבנות ענר, אשכול וממרא", אַז אברהם האָט געזאָגט אליעזר'ן ער זאָל יאָ נעמען אַ ווייב פאַר יצחק'ן פון ענר'ס, אשכול'ס אָדער ממרא'ס טעכטער?**

זעט דעם ענטפער אין הערה, ק).

**מיט וויפל שבועות האָט אברהם באַשוואוירן אליעזר'ן?**

עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז מיט צוויי שבועות. איין שבועה אַז ער זאָל נעמען אַ פרוי פאַר יצחק'ן פון זיין משפחה. און איין שבועה, אַז אויב ער וועט ניט קריגן אַ ווייב פאַר יצחק'ן פון זיין משפחה, זאָל ער ניט נעמען אַ פרוי פון די טעכטער פון כנען, ק*).

**אליעזר איז דאָך געווען אברהם'ס באַגלויבטער, פאַרלעסלעכער און איבערגעגעבענער פאַרוואַלטער. פאַרוואָס זשע האָט ער אים באַשוואוירן ווען ער האָט אים געשיקט זוכן אַ ווייב פאַר יצחק'ן?**

אברהם איז שוין געווען אַלט. האָט ער מורא געהאַט טאָמער שטאַרבט ער איידער אליעזר געפינט אַ שידוך פאַר יצחק'ן, קען ער נאָך אים משדך זיין מיט וועמען ער וויל, ר).

**פאַרוואָס האָט א' געהייסן אליעזר'ן גיין זוכן אַ ווייב פאַר יצחק'ן דוקא „אל ארצי ואל מולדתי", ש) דוקא נאָר אין זיין לאַנד און אין זיין געבורטס־אָרט?**

ווייל, „חטיא דקרתך זונין, זרע מנהון", ת) אויב דער ווייץ פון דיין שטאָט איז ניט אַזוי גוט, זאָלסטו דאָך פאַר־

ס) בראשית כד, ז.

ע) ב"ר נט, ח; ספרי האזינו פיסקא שיג, הוצאת אום; מ"א חיי שרה כד, ב; י"ש האזינו תתקמג; רש"י בראשית כד, ז. זעט בראשית כד, ב.

פ) רמב"ן בראשית כד, ג. זעט: כתובות קי, ב, אונטן.

צ) בראשית כד, ג.

ק) ב"ר נט, ח; ל"ט בראשית כד, ג; י"ש חיי שרה קז; רש"י בראשית כד, ח; תוספות קידושין סא, ב אונטערן וואָרט בשלמא. און זעט דעם ענטפער אין רמב"ן בראשית כד, ח.

ק*) תוספות קידושין סא, ב אונטערן וואָרט בשלמא, און זעט בראשית כד, פסוקים ז, ח.

ר) בחיי בראשית כד, אָנהויב פסוק א. זעט רמב"ן בראשית כד, ג.

ש) בראשית כד, ד.

ת) ב"ר נט, ח. און ל"ט בראשית כד,

זייען פון אים, ווייל דער פרעמדער ווייץ קען זיין נאָך שלעכטער.

**לויט דער סברא אַז אברהם האָט גע־האַט אַ טאָכטער מיטן נאָמען „בכל״, צו וואָס זשע האָט ער באַדאַרפט שיקן אליעזר׳ן זוכן אַ ווייב פאַר יצחק׳ן. אַ בן נח האָט דאָך געמעגט חתונה האָבן מיט אַ שוועסטער פון איין טאַטן, ווי אברהם און שרה האָבן עס געטאָן?**

די קשיא פרעגט שוין תוספות און גיט צוויי תירוצים: עס קען זיין אַז זי איז געווען אַ קטנה; אָדער אפשר איז זי געווען פון הגר׳ן, ניט פון שרה׳ן, ת*).

בדרך הלצה פאַרענטפערט מען אַזוי:

יצחק האָט געהאַלטן מיט דעם מאַן דאמר וועלכער האַלט אַז אברהם האָט ניט געהאַט אַ טאָכטער.

יצחק האָט געוואָלט אַ ווייב על פּי פשט, ניט על פּי דרש.

**אליעזר האָט דאָך געהאַט אַ טאָכ־טער, א) פאַרוואָס האָט א׳ זיך ניט משדך געווען מיט אים?**

אליעזר האָט טאַקע געוואָלט, אָבער אברהם האָט אים געזאָגט: דו ביזט אַ פאַרשאָלטענער, ב) און מיין זון איז אַ געבענטשטער. און אַ פאַרשאָלטענער באַהעפט זיך ניט מיט אַ געבענטשטן, ג).

דאָס איז לויט די מיינונגען פון די וועלכע האַלטן אַז אליעזר איז געווען כנען, חם׳ס זון און נח׳ס אייניקל, ד) אָדער פון די בני כנען, ה).

**ווען א׳ האָט געשיקט אליעזר׳ן צו ברענגען אַ ווייב פאַר יצחק׳ן, האָט ער געשיקט מיט אים באַגלייטער?**

יאָ. ער האָט געשיקט מיט אים צען מענטשן. ער האָט מיטגעגעבן אליעזר׳ן אַ דאָקומענט אַז ער שרייבט אַלץ אָפּ יצחק׳ן אַלס ירושה, כדי עס זאָלן זיך געפינען בעלנים אויפן שידוך. און די רייזע וואָס האָט באַדאַרפט געדויערן זיבעצן טעג האָט אליעזר געמאַכט אין דריי שעה, ווייל ער האָט געהאַט „קפי־צת הדרך״ — דער וועג איז אים אַנט־קעגן געשפּרונגען, ו).

**האָט א׳ געשיקט נאָך עמעצן, אַ חוץ די צען מענטשן, צו באַגלייטן אליעזר׳ן?**

ניין. אָבער פונעם הימל האָט מען אים

---

ענדע ג׳ איז דאָס לשון „חיטיא דקרתך זונין, מנהון זרוע״; פאַרגלייכט י״ש חיי שרה אַנהויב קז.

**ת*)** זעט: זייט 190, נאָטע ח. בראשית און רש״י כ, יב; סנה. נח, ב; ב״ק צב, א; ב״ב טז, ב און תוספות ב״ב קמא, א אונ־טערן וואָרט בת; תוספתא קיד. פּרק ה, 17; ב״ר נט, ז. (אויך רבקה איז דאָך אַלט געווען בלויז דריי יאָר?! זעט זייט 196).

**א)** ב״ר נט, ט; י״ש חיי שרה קז און הושע תקכח; ל״ט חיי שרה כד, ה; רש״י חיי שרה כד, לט.

זעט: ב״ב טז, ב און קמא, א; תוספתא קידושין פּרק ה, 17; ב״ר נט, ז; י״ש חיי שרה קג און קו; בחיי בראשית כד, א.

עס איז פאַראַן דאָרט אַן אַנטקעגן געזעצטע מיינונג.

**ב)** בראשית ט, כה.

**ג)** ב״ר נט, ט; י״ש חיי שרה קז און הושע תקכט; רש״י חיי שרה כד, לט.

**ד)** בראשית ט, כה; ב״ר נט, ט; י״ש הושע תקכח; שלשלת הקבלה ז, ב; ס״ה כא, א.

**ה)** זהר שלח קנח, א.

**ו)** זעט די פאַרשידענע נוסחאות און ווער עס זאָגט וואָס אין:

פּר״א פּרק טז און רד״ל סימן לח; סנה. צה, א; ישר חיי שרה 66; ב״ר נט, יא; פּרשה ס, ו און טו; ויק״ר כא, ג; תנח. ויצא ג און ח; תנח״ב ויצא ח; שו״ט א, ה, הוצאת אום; זהר חיי שרה קלא, ב; ירוש. ברכות פּרק ה, דף ט, ב; תענית פּרק א, דף סג, ד; אגדת בראשית; ל״ט חיי שרה כד, י און כז; מ״א חיי שרה כד, און פּרשה ס, ו און טו; ויק״ר כא, ג; תנח. כג; ש״ט חיי שרה כד, סו; מה״ג,א׳ 358, 365, 366, 367; י״ש חיי שרה קז און קט; יל״ה יח, עג; רש״י בראשית כד, י; רמב״ן ויצא כח, יז; מאמר מחופּת אליהו זוטא אין כבוד

אָנגעגרייט צוויי מלאכים, איינער צו באַגלייטן רבקה'ן און איינער צו באַגלייטן אליעזר'ן, ז).

**דער פּסוק זאָגט „ויקח העבד עשרה גמלים מגמלי אדניו, וילך, וכל טוב אדניו בידו", ח) דער קנעכט (אליעזר) האָט גענומען צען פון זיין האַרס קעמלען, און ער איז אַוועקגעגאַנגען מיט זיין האַרס גוטס אין זיין האַנט. עס שטייט דאָך ניט אַז אברהם האָט עס אים געגעבן, אָדער דערלויבט אים צו נעמען?**

ויקח מיינט אַז אליעזר האָט גענומען רשות ביי אברהם'ן זיך צו לאָזן אין וועג אַריין. אויף מיטצונעמען די ווערטפולע און קאָסטבאַרע זאַכן האָט ער באַדאַרפט קיין רשות, ווייל ער איז דאָך געווען דער הויפּט־פאַרוואַלטער פון אברהם'ס פאַרמעגן, ט).

**וואָס מיינט „וכל טוב אדניו", י) אַז אליעזר האָט מיטגענומען אברהם'ס אַלדאָס גוטס?**

אברהם האָט אים מיטגעגעבן אַ דאָקומענט, אַ פּאַפּיר אַז אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט געהערט יצחק'ן, כדי פילע מענטשן זאָלן אים וועלן פאַר אַן איידעם. דער דאָקומענט ווערט אָנגערופן דיאתיקי (דייתיקי), דיתיקי, נעמלעך, דא תהא קיימא — דאָס באַשטעטיקט אַז..., כ).

דער רשב"ם האַלט „וכל טוב" מיינט די חשוב'ע, אָנגעזעענע מענטשן פון אברהם'ס הויז וועלכע האָבן מיטגעצויגן מיט אליעזר'ן, ל).

**האָט אליעזר געמאַכט די רייזע אַהין און צוריק אינעם זעלבן טאָג?**

יאָ, מ).

**וויפל האָט געדויערט די רייזע?**

אין דריי שעה איז ער געווען צוריק אין חברון, נ).

**פון חברון וואו א' האָט געוואוינט ביז חרן וואו רבקה האָט געוואוינט איז געווען זיבעצן טאָג רייזע, ס). ווי זשע אַזוי האָט ער געקאָנט מאַכן אַזאַ לאַנגע רייזע אין דריי שעה?**

דער אויבערשטער האָט געשיקט אַ מלאך פאַראויס אליעזר'ן, און די ערד איז אים אַנטקעגן געשפּרונגען. ער האָט, אַלזאָ, געהאַט קפיצת הדרך, ע).

---

החופה, עדיציע ח. מ. הורוויץ הלוי, ב, 52. רבינו בחיי ויצא כח, י.

אגב, דער רשב"ם ברענגט אַ ראיה פונעם פּסוק „והאנשים אשר עמו" (בראשית כד, נד) אַז אליעזר האָט געהאַט מיט זיך באַגלייטער. איז כדאי צו באַמערקן אַז שוין אין פּסוק לב שטייט „ורגלי האנשים אשר אתו". זעט ווייטער די נאָטן כ און ל, און ע.

ז) ב"ר נט, ט און זעט רד"ל דאָרט און עה, ד; ל"ט חיי שרה כד, ז; י"ש חיי שרה קז. זעט מר"א טו, 292.

ח) בראשית כד, י.

ט) ספורנו בראשית כד, י.

י) בראשית כד, י.

כ) ב"ר נט, יא; תנח"ב ויצא ג; פּר"א פּרק טז; אג"ב פּרשה מה; רש"י, רמב"ן בראשית כד, י; ל"ט בראשית כד, י; בחיי בראשית כד, ו.

זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

דאָס וואָרט אורשפּרונגט פונעם גריכישן וואָרט וואָס מיינט אַ צוואה.

אין די תרגומים יונתן און ירושלמי בראשית כד, י שטייט אַפּותיקי.

ל) רשב"ם בראשית כד, י, און זעט בראשית כד, נד. זעט פאָרגייענדיקע נאָטע ו.

מ) בראשית רבה נט, יא.

נ) פּר"א פּרק טז, לח, א, און זעט רד"ל סימן לו.

ס) פּר"א פּרק טז; י"ש חיי שרה קט.

ע) פּר"א פּרק טז, זייט לז, ב און פאַרגלייכט מיט לח, א; סנה. צה, א; ב"ר נט, יא; ס, ו און טו; תנח. ויצא ג; תנח"ב ויצא

**אליעזר'ן איז דאָך אויסגעקומען צו פאָרן ביינאַכט, ווי זשע אַזוי האָט ער געזען דעם וועג?**

מען האָט אים געלויכטן פונעם הימל דורך פונקען און בליצן, פּ).

**ווען אליעזר איז געגאַנגען זוכן אַ שנור פאַר אברהם'ן, האָט ער געזאָגט: „...און דאָס מיידל וועלכער איך וועל זאָגן 'בויג איין דיין קרוג און לאָז מיך טרינקען'; און זי וועט זאָגן 'טרינק, און אויך דיינע קעמלען וועל איך אָנ־טרינקען'"; וועט ער וויסן אַז זי איז יצחק'ס באַשערטע, צ). נו, וואָס וואָלט געווען ווען דאָס מיידל איז אַ קאַליקע?**

די גמרא זאָגט: דריי האָבן געבעטן ניט ווי געהעריק, אָבער צוויי פון זיי זיינען געענטפערט געוואָרן ווי געהעריק, נעמלעך אליעזר און שאול המלך. יפתח איז געענטפערט געוואָרן ניט ווי גע־העריק, ק).

**ווען אליעזר איז געגאַנגען זוכן אַ ווייב פאַר יצחק'ן האָט ער זיך געמאַכט אַ סימן אַז דאָס מיידל וועלכע ער וועט בעטן אַ טרונק וואַסער און זי וועט אים זאָגן „שתה וגם גמליך אשקה", טרינק, און אויך דיינע קעמלען וועל איך אָנטרינקען, וועט ער וויסן אַז זי איז די באַשערטע. אָבער רבקה האָט דאָך ניט געזאָגט ווי אליעזר. זי האָט דאָך געזאָגט „שתה אדוני", און ערשט נאָכדעם ווי זי האָט אים אָנגעטרונ־קען, ערשט דאַן האָט זי געזאָגט „גם לגמליך אשאב"?**

זי האָט ניט געוואָלט זאָגן „שתה וגם גמליך אשקה", טרינק און אויך דיינע קעמלען וועל איך אָנטרינקען, ווייל דאָס מיינט דאָך אַז זי פאַרגלייכט אים מיט די קעמלען. זי איז געווען פאַרזיכטיק מיט יעדער וואָרט, ווי עס פּאַסט פאַר אברהם אבינו'ס אַ שנור און יצחק אבינו'ס ווייב, כאָטש אליעזר אליין האָט גענוצט דעם אויסדרוק, ק*).

**אליעזר האָט געגעבן רבקה'ן אַ גאָל־דענעם נאָז־רינג וועלכער האָט געוואויגן אַ „בקע", און צוויי אָרעם־בענדער וועל־כע האָבן געוואויגן צען גאָלדשטיק, ר). האָט עס עפּעס אַ סימבאָלישע באַדייטונג, אָדער עפּעס אַן אָנדייטונג?**

יאָ. דער בקע איז אַן אָנדייט אויף דעם בקע לגלגלת, ש) וואָס יעדער איד

---

ח; מ"א חיי שרה כד, מב; ש"ט חיי שרה כד, סו; י"ש חיי שרה קז און קט; יל"ה יח, עג; מה, כט; סב, ה; מה"ג,א' כד, מב און סא; רמב"ן ויצא כח, יז; מאמר מחופת אליהו זוטא אין כבוד חופה, עדיציע ח. מ. הורוויץ הלוי ב, 52; רבינו בחיי ויצא כח, י. זעט: אבישי, זייט 37, נאָטע כ; זייט 193, נאָטע ו.

פּ) ב"ר ס, א; ילקוט המכירי אויף ישעיה, ג, י, עדיציע י. ז. כ. שפירא.

צ) בראשית כד, יד.

ק) תענית ד, א; ויק"ר לז, ד; מ"א חיי שרה כד, יד; זעט; יל"ה מזמור קטז, מד; מה"ג,א' כד, יב; ל"ט חיי שרה כד, יג; והזהיר בחוקתי קל, ב; מנה"מ ד, 583; פרה"ק אין ספר הלקוטים, חלק ג', עדיציע גרינהוט, ג, כז; מאמר מחופת אליהו זוטא אין כבוד חופה עדיציע ח. מ. הורוויץ הלוי ב, 54; רבינו בחיי חיי שרה מא, א.

לויט אַן אַנדער מיינונג האָבן פיר געבעטן ניט ווי געהעריק: אליעזר, כלב, שאול, יפתח. מר"א ז, 116; ב"ר ס, ג; י"ש חיי שרה קז און יהושע כה. זעט תנח. בחוקותי ה וועגן יפתח'ן.

לויט: ב"ר ס, ד; י"ש חיי שרה קח זיינען דריי געענטפערט געוואָרן: אליעזר, משה רבינו, שלמה המלך. זעט ש"ט חיי שרה כט, טו.

ק*) בראשית כד פסוקים יד, יח, יט. איך געדענק ניט, ליידער, די קוועלע.

ר) בראשית כד, כב.

ש) שמות לח, כו.

וועט ביישטייערן צום אויפבוי פונעם משכן. די צוויי אָרעם-בענדער זיינען אַן אָנדייטונג אויף די צוויי לוחות, און די צען גאָלד-שטיק זיינען אַן אָנדייט אויף די עשרת הדברות, ת).

**ווען אליעזר איז געקומען צו רבקה'ס עלטערן, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אַלס „עבד אברהם אנכי", איך בין אברהם'ס קנעכט. איז צו וואָס אייגנטלעך האָט ער דאָס געזאָגט?**

אליעזר איז דאָך געגאַנגען אַלס שדכן, און שדכנים קומט דאָך אַמאָל אויס צונויף צופירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, קומט זיי אויס אַמאָל צו איבערטרייבן אַ ביסל. און אַמאָל מוז מען אויסטראַכטן עפּעס, וואָס איז ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. האָט דערפאַר אליעזר געפונען פאַר נויטיק צו לאָזן וויסן, אַז ער איז אברהם'ס קנעכט, און אברהם'ס אַ מענטש איבערטרייבט ניט, און זאָגט קיין ליגן, ת־א).

**האָט אליעזר געגעבן רבקה'ן נאָך זאַכן אַ חוץ צירונג?**

יאָ, געבראָטענע זאַנגען און ניס, ת*).

**ווי אַלט איז רבקה געווען ווען אליעזר האָט זי געבראַכט צו אברהם'ן?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס-פאַרשידנהייטן:

דריי יאָר, ת**).

ביי דער עקידה איז אברהם'ן אָנגעזאָגט געוואָרן די גוטע בשורה אַז רבקה, יצחק'ס באַשערטע, איז געבוירן געוואָרן, 1).

יצחק איז אַלט געווען פערציק יאָר ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט רבקה'ן, 2).

יצחק איז אַלט געווען ביי דער עקידה זיבן און דרייסיק יאָר, 3).

קומט אויס אַז זי איז אַלט געווען דריי יאָר.

דריי יאָר און דריי שעה.

רבקה איז אַלט געווען דריי יאָר ווען זי האָט פאַרלאָזט איר פאָטערס הויז. און דריי שעה שפּעטער איז זי שוין געווען ביי אברהם'ן, 4).

צען יאָר, 5).

עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז זי איז אַלט געווען פערצן יאָר צו דער חתונה, 6).

## אברהם און זיין ווייב קטורה

**ווי אַזוי האָט א' זיך איינגעאָרדענט נאָך זיין חתונה מאַכן יצחק מיט רבקה'ן?**

ער אויך האָט חתונה געהאַט, א).

**מיט וועמען האָט א' חתונה געהאַט נאָך יצחק'ס חתונה?**

מיט קטורה'ן, ב).

---

ת) ת"י און רש"י בראשית כד, כב; ב"ר ס, ו; י"ש חיי שרה רמז קט; מה"ג,א' חיי שרה כד, כב; רבינו בחיי חיי שרה מא, ג.

ת־א) בראשית כד, לד. „כפלים לתושיה".

ת*) ב"ר ס, יא; ש"ט חיי שרה כד, נג; ל"ט חיי שרה כד, נג; מה"ג,א' כד, נג.

ת**) י"ש אָנהויב תולדות; רש"י כה, כ.

1) סע"ר פרק א; ב"ר אָנהויב פרשה נז; ל"ט בראשית כב, כ; מ"א תולדות כה, כ; ש"ט וירא כב, יח; בחיי וירא לט, ב, חיי שרה לט, ד און מב, ב; י"ש וירא קב און משלי תתקנא; תוס. יבמות סא, ב אונטערן וואָרט „וכן". רש"י בראשית כה, כ.

2) בראשית כה, ב. זעט פר"א פרק לב.

3) זעט זייטן 158, 159, נאָטן ל־צ.

4) מ"ס ענדע פרק א; פר"א פרק טז. לויט י"ר חיי שרה — דריי יאָר מיט דריי טעג. זעט זייט 194, נאָטע נ.

5) ספר הישר חיי שרה 67.

6) תוספות יבמות סא, ב אונטערן וואָרט „וכן"; ביאור הגר"א, סע"ר פרק ו.

א) בראשית כה, א.

ב) בראשית כה, א.

**פאַרוואָס האָט א' חתונה געהאַט דוקא מיט קטורה'ן?**

ווייל דער אויבערשטער האָט אים אַזוי געהייסן, ג).

**ווער איז געווען די קטורה מיט וועמען א' האָט חתונה געהאַט?**

זיין גרושה, ד) הגר, פרעה'ס טאָכטער, ה). פרעה האָט זי געגעבן שרה'ן פאַר אַ דינסט. ער האָט געזאָגט: בעסער זאָל מיין טאָכטער זיין אַ דינסט ביי שרה'ן, איידער אַ פּרינצעסין אין מיין פּאַלאַץ, ו). און זי האָט געהייסן קטורה, ווייל אירע מעשים זיינען געווען אַזוי פיין ווי קטורת, ז).

**לויט רבינו בחיי (און ספר הישר 67) איז קטורה ניט געווען הגר (אַ מצרית) נאָר אַ כנענית גאָר. אַז אברהם האָט ניט געוואָלט אַז יצחק זאָל חתונה האָבן מיט אַ כנענית, פאַרוואָס זשע האָט ער אַליין חתונה געהאַט מיט אַ כנענית?**

די תורה זאָגט דאָך „כי ביצחק יקרא לך זרע", ח) דיין זאָמען וועט אָנגערופן ווערן אויף יצחק'ן. איז דאָך שוין קיין נפקא מיניה מיט וועמען אברהם האָט חתונה געהאַט, ט).

**איז קטורה געווען אַברהם'ס ווייב, צי אַ קעבס־ווייב?**

אין דער תורה ווערט זי אָנגערופן „אשה", י) אַ ווייב. אין דברי הימים ווערט זי אָנגערופן פלגש, כ) אַ קעבס־ווייב. זאָגט רבינו בחיי: זי ווערט אָנגערופן אשה ווייל אברהם האָט איר געגעבן אַ כתובה. און זי ווערט אָנגערופן פלגש, ווייל זי האָט געשטאַמט פון קנעכט, ל).

**ווי אַלט איז געווען א' ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט קטורה'ן?**

הונדערט פערציק יאָר, מ).

**האָט א' געהאַט קינדער פון קטורה'ן?**

יאָ, זעקס זין: זמרן, יקשן, מדן, מדין, ישבק, שוח,נ).

---

ג) ב"ר סא, ד; י"ש חיי שרה קט און דברי הימים א', תתרעד.

ד) פר"א פרק ל; תרגום יונתן בראשית כא, יד; י"ש וירא אָנהויב צה.

ה) זעט קוועלן ווייטער אין אות „ז".

ו) ב"ר אָנהויב פרשה מה; י"ש לך לך סח און עח; זעט: ל"ט לך לך טז, א; מ"א לך לך טז, א; ישר לך לך 42 און 44. פאַרגלייכט ס"ה יז, ב.

אין מאַנכע ערטער שטייט „גבירה", אין אַנדערע — מטרוניתא, זעט זייט 83, נאָטע מ.

ז) בראשית כה, א. פר"א כו און ל; ב"ר מה, א; מז, ב; סא, ד; תנח. חיי שרה ח; תנח"ב חיי שרה ט; מר"ש א; מה"ג,א' 375; ל"ט בראשית טז א און כה, א; מ"א חיי שרה כה, א; ש"ט לך לך טז, א; י"ש לך לך עח און חיי שרה קט; ת"י און רש"י בראשית טז, א און ה; כא, יד; יונתן, ירושלמי, רש"י בראשית כה, א און ו. זעט מ"א חיי שרה כה, א.

לויט תנח"ב חיי שרה ט „אשה אחרת נטל", האָט ער גענומען אַן אַנדער פרוי פאַר אַ ווייב.

לויט ישר, חיי שרה, 67 איז קטורה געווען אַ כנענית.

לויט בחיי בראשית כה, ו איז הגר געווען אַ כנענית. זי ווערט אָנגערופן פלגש ווייל זי האָט געשטאַמט פון קנעכט, און אשה ווייל אברהם האָט איר געגעבן אַ כתובה. קומט אויס לויט רבינו בחיי אַז קטורה איז ניט געווען הגר.

לויט ס"ה יח, א איז קטורה געווען יפת'עס טאָכטער, און הגר איז געווען חם'ס טאָכטער.

ח) בראשית כא, יב.

ט) בחיי בראשית כה, ו. זעט לעצטע פיר פאַראַגראַפן אין פאָרגייענדיקער נאָטע ז.

י) בראשית כה, א. זעט זייט 103, נאָטע ר.

כ) דברי הימים א', א, לב.

ל) בחיי בראשית כה, ו.

מ) ל"ט חיי שרה כה, א; ס"ה כא, א.

נ) בראשית כה, ב; שה"ק טו.

**וואָס באַדייטן די נעמען פון אברהם׳ס זין: זמרן, יקשן, מדן, מדין, ישבק, שוח וועלכע ער האָט געהאַט פון קטו־רה׳ן?**

עס זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיי־נונגען, ם).

**האָט א׳ מל געווען זיינע זין פון קטורה׳ן?**

מסתמא יאָ. די גמרא זאָגט דאָך אַז קטורה׳ס זין זיינען געווען מחויב גע־מל׳ט צו ווערן, ע).

**וויפל קינדער האָט א׳ געהאַט?**

לויט דער תורה האָט ער געהאַט אַכט זין: ישמעאל פון הגר׳ן, פּ); יצחק פון שרה׳ן, צ); זמרן, יקשן, מדן, מדין, ישבק, שוח פון קטורה׳ן, ק).

לויט א מיינונג אין גמרא האָט ער געהאַט א טאָכטער מיטן נאָמען „בכל״, ר).

**אברהם האָט געגעבן יצחק׳ן „את כל אשר לו״, ש) אַלץ וואָס ער האָט פאַר־מאָגט. וואָס אייגנטלעך איז דאָס גע־ווען?**

עס זיינען פאַראַן מיינונגס פאַרשידנ־הייטן:

ברכה. דער אויבערשטער האָט גע־זאָגט צו אברהם׳ן „והיה ברכה״, ת). ביז איצט פלעג איך בענטשן א מענטשן. פון איצט אָן און ווייטער זיינען די ברכות איבערגעגעבן דיר צו בענטשן וועמען דו ווילסט. און אברהם האָט זיי איבערגעגעבן יצחק׳ן.

בכורה, קבורה, דאתיקו (דיאתיקי) (א צוואה), מתנות, גבורה, א).

---

אין מסכת סופרים פרק כא, הלכה ט שטייט שבעה עשר בני קטורה, האָט קטורה אַלזאָ געהאַט זיבעצן קינדער.

אין נוסחת הגר״א דאָרט הייסט עס ששה עשר, זעכצן קינדער. אין במ״ר יד, י — י״ו.

אין תנח״ב חיי שרה ח שטייט אויך זעכצן זין. אָבער עס שטייט אויך „ובזקנותו הוליד י״ב״, אַז אויף די עלטערע יאָרן איז אברהם געוואָרן דער פאָטער פון צוועלף קינדער. ר׳ שלמה באָבער ז״ל באַמערקט דאָרט אין הערה סז: מעגלעך אַז דאָרט איז געשטאַ־נען „ובזקנותו הוליד וו״ [וואָו, נעמלעך זעקס, ווי עס שטייט אין בראשית כה, ב אַז קטורה האָט אים געבוירן זעקס זין] אָבער דער איבערשרייבער, דער קאָפּירער האָט געמיינט אַז דאָס זיינען צוויי וואָוון, צוויי „ו״. און צוויי „ו״ זיינען דאָך צוועלף. האָט ער גע־שריבן י״ב, וואָס באַטרעפט צוועלף.

אויך אין אונזער תנחומא חיי שרה ו, שטייט „ובזקנותו הוליד י״ב״, און דער עץ יוסף באַמערקט דאָרט אַז עס דאַרף שטיין ששה, זעקס און ניט צוועלף.

אין מ״א חיי שרה כה, א שטייט „וכאן נולדו לו ארבעה בנים״, און דאָ זיינען אברהם׳ן געבוירן געוואָרן פיר זין. זעט ל״ט חיי שרה כה, נאָטן ט־יא.

ם) זעט די מיינונגס־פאַרשידנהייטן אין: ב״ר סא, ה; י״ש חיי שרה קט און ד״ה א׳, תתרעד.

ע) סנה. נט, ב און רש״י אונטערן וואָרט לרבות. אָבער זעט ת״ת בראשית יז, טו סימן מו.

פּ) בראשית טז, טז.

צ) בראשית כא, ג.

ק) בראשית כה פסוקים א און ב.

ר) זעט: בראשית כד, א; ב״ב טז, ב און קמא, א און תוספות דאָרט אונטערן וואָרט בת; תוספתא קיד. פרק ה, 17; ב״ר נט, ז. זעט זייט 190, נאָטע ח.

ש) בראשית כה, ה.

ת) בראשית יב, ב.

א) ב״ר סא, ו; ד״ר יא, א; ת״י בראשית כה, ה; שו״ט א, ה; מ״א חיי שרה כה, ה; ל״ט בראשית כה, ה; י״ש חיי שרה אָנהויב קי און תהלים תריב; רש״י בראשית יב, ב.

זעט אומעטום ווער עס זאָגט עס.

אברהם האט אוועקגעגעבן יצחק'ן „את כל אשר לו", ב) אלץ וואס ער האט פארמאגט. ווי קומט עס וואס ער האט ניט געגעבן עפעס די קינדער פון זיינע קעבס־ווייבער?

ער האט זיי יא געגעבן, נעמלעך: אלע מתנות וואס ער האט באקומען דורך שרה'ן; אלע מתנות פון וועלכע ער האט ניט געוואלט האבן א הנאה, פעלדער און אנדערע זאכן, און אויך דעם שם טומאה, ג).

**וואס איז געווארן פון אברהם'ס קינדער וועלכע ער האט געהאט פון קטורה'ן?**

ער האט אויסגעבויט א שטאט פון אייזן און האט זיי דארט אריינגעזעצט. אזוי הויך איז זי געווען ארומגעבויט אז די זון האט ניט געקענט אריינשיינען. ער האט זיי געגעבן בריליאנטן און טייערע שטיינער. און ווען דער אלמעכטיקער וועט פארשעמען די לבנה און די זון, וועלן די דאזיקע טייערע שטיינער לייכטן, ד).

**האט א' געהאט אויך א ווייב מיטן נאמען יוחני?**

ניין. אויפן פסוק „ויוסף אברהם ויקח אשה ושמה קטורה", ה). זאגט די גמרא ושמה יוחני. באמערקט דארט רש"י אז רבי טרפון'ס פלימעניקעס זיינען געזעסן ביי אים און זיי האבן געשוויגן. וועלנדיק זיי אנרעגן צו ריידן, האט ער א זאג געטאן „ושמה יוחני", כאטש זי האט גאר געהייסן קטורה, ו).

## אברהם'ס פטירה

**ווי לאנג האט אברהם געלעבט?**

הונדערט און פינף און זיבעציק יאר, ז). צו הונדערט יאר איז ער געווען אזוי שטארק ווי צו זיבעציק. און צו זיבעציק איז ער געווען אזוי ריין פון זינד ווי צו פינף יאר, ח).

**האט א' געלאזט א צוואה יצחק'ן?**

ער האט אים אנגעזאגט אז ער זאל גיין אינעם אויבערשטנס וועגן. און ער זאל לערנען זיינע קינדער און קינדס קינדער דאס זעלבע, ט).

**האט א' אויסגעלעבט זיינע באשערטע יארן, צי איז ער געשטארבן פאר דער צייט?**

ער איז געשטארבן מיט פינף יאר פאר דער צייט כדי ער זאל ניט זען זיין אייניקל עשו אראפגיין פונעם גלייכן וועג.

אין זיין פטירה טאג איז עשו באגאנגען פינף עבירות. ער האט פארקערט מיט א פאר'קנס'ט מיידל, גע־הרג'ט א מענטש, געלייקנט אינעם בא־

---

ב) בראשית כה, ה.

ג) סנה. צא, א; מסכת סופרים כא, ח; ת"י, רש"י בראשית כה, ו; ב"ר סא, ו און ז; ד"ר יא, א; שו"ט א, ה; מ"א חיי שרה כה, ו; ל"ט חיי שרה כה, ו; י"ש חיי שרה אנהויב קי, תהלים תריב, און זעט אומעטום ווער עס זאגט וואס.

זעט אין: ב"ר, ל"ט און י"ש דארט וועגן די פראצעסן וועלכע די ישמעאלים, כנענים, מצריים און אפריקאנער האבן געפירט קעגן די אידן אין אלכסנדר מוקדון'ס צייטן, און ווי אזוי דער אידישער פארטיידיקער גביעה בן קוסם האט געוואונען אלע.

ד) מסכת סופרים פרק כא, הלכה ח.

ה) בראשית כה, א.

ו) זבחים סב, ב די ערשטע דריי שורות און רש"י דארט אונטערן ווארט יוחני.

ז) בראשית כה, ז.

ח) רש"י בראשית כה, ז. פארגלייכט מ"א חיי שרה כה, ז.

ט) ספר הישר, תולדות 70.

לויט מדרש תנאים האט ער געבאטן זיינע

שעפער, געלייקנט אין תחיית המתים און האָט מבזה געווען די בכורה, י).

**האָט יעקב געקענט אברהם'ן?**

יאָ. ער איז אַלט געווען פופצן יאָר ווען זיין זיידע אברהם איז נפטר געוואָרן, י*).

**ווען איז אברהם נפטר געוואָרן?**

אין חודש ניסן, כ).

אגב, ר' הירש מלך דינאָווער ז"ל האָט געזאָגט, אַז די ראשי תיבות פון תקבר בשיבה טובה, ל) מאַכן צוריק־ווענגס „טבת".

**איז אברהם דער איינציקער ביי ווע־מען דער פּסוק זאָגט „בשיבה טובה", שטאַרבן „אין אַ גוטער עלטער"?**

ניין. דאָס זעלבע ווערט געזאָגט אויך ביי גדעון'ען און ביי דוד המלך, ל*).

**פון וואָס איז אברהם געשטאָרבן?**

פון מאָגן קראַנקייט. די וועגן וועלכע דער פּסוק נוצט דעם לשון „גויעה", מיינט עס פון מאָגן קראַנקייט, מ). און ביי אברהם'ן זאָגט דאָך די תורה „ויגוע וימת", נ).

די „חסידים הראשונים" די אַמאָליקע, פּאַרצייטיקע חסידים פלעגן שטאַרבן פון מאָגן קראַנקייט, ס).

די גמרא זאָגט „רובם של צדיקים", די מערסטע צדיקים שטאַרבן פון מאָגן קראַנקייט, ע).

---

קינדער און קינדס קינדער זיי זאָלן אָפּהיטן דעם אויבערשטנס געבאָטן.

י) ב"ב טז, ב; תוספתא קיד. פּרק ה; ש"ר אָנהויב פּרשה א; תנח. אָנהויב שמות; מ"א חיי שרה כה, ו; שו"ט טז, ז הוצאת אום; י"ש תולדות קי, און זעט ת"י בראשית כה, כט.

לויט תנח"ב תולדות ג איז עשו באַגאַנגען דריי עבירות.

לויט: ב"ר סג, יב; תנח. תצא ד; תנח"ב תצא ד; פּר"כ כב, ב הוצאת אום; (זעט פּ"ר פּיסקא יב, סימן יד); י"ש תצא תתקלח און תהלים תתסח — צוויי עבירות.

אין ל"ט תולדות כה, כט שטייט אויפן אָרט פון לייקענען אין תחיית המתים, אַז ער האָט גע'גנב'ט, און האָט געדינט די עבודה זרה. זעט רש"י בראשית כה, ל און אומעטום ווער עס זאָגט עס, און וואָס פאַר עבירות ער האָט געטאָן.

לויט מאַנכע מיינונגען איז ער באַגאַנגען די עבירות אינעם טאָג פון אברהם'ס פּטירה. לויט אַנדערע איז עשו זיי באַגאַנגען אין פאַרלויף פון די פינף יאָר וועלכע זיינען פאַרמינערט געוואָרן פון אברהם'ס לעבנס־שפּאַן. זעט זייט 190, נאָטע ו, און אומעטום ווער עס זאָגט וואָס.

י*) ישר, תולדות, 70; ל"ט בראשית, כה, ז. לויט סדר עולם רבא, פּרק א, האָט יעקב באַדינט אברהם'ן פופצן יאָר.

כ) ראש השנה יא, א.

ל) בראשית טו, טו.

ל*) זעט: בראשית טו, טו און כה, ח; שופטים ח, לב; ד"ה א', כט, כח. ב"ר מד, כ און סב, ב; י"ש שופטים סד; ל"ט חיי שרה כה, יח. זעט אר"ן ב, מג.

מ) ב"ר סב, ב. זעט ב"ב טז, ב, אונטן.

נ) בראשית כה, ח.

ס) ב"ר אָנהויב פּרשה סב; ל"ט חיי שרה כה, ח; י"ש חיי שרה קי. דער רמב"ן זאָגט אַז דאָס איז אַ טויט אָהן קראַנקייט און אָהן שמערצן. זעט רד"ל אין ב"ר דאָרט.

ע) שבת קיח, ב און זעט דאָרט רש"י און דעם ערשטן תוספות.

אגב, תוספות ב"ב טז, ב אונטערן וואָרט „שכל" פרעגט ביז יעקב'ן זיינען דאָך געווען קיין קראַנקייטן, און פאַרענטפערט אַז עס זיינען ניט געווען קראַנקייטן פון וועלכע מען איז געשטאָרבן. נו, איז דאָך די קשיא ווי אַזוי זשע איז אברהם געשטאָרבן פון מאָגן קראַנקייט!

אַז ביז יעקב'ן זיינען געווען קיין קראַנקייטן שטייט אין: ב"מ פּז, א; סנה. קז,

**ווי לאַנג האָט אברהם געלעבט נאָך שרה'ס פּטירה?**

אכט און דרייסיק יאָר, פּ).

**מיט וויפל יאָר האָט אברהם געלעבט לענגער פון שרה'ן?**

מיט אכט און פערציק יאָר. שרה האָט געלעבט הונדערט און זיבן און צוואַנציק יאָר, צ). אברהם האָט געלעבט הונדערט און פינף און זיבעציק יאָר, ק).

**ווי אַלט איז יצחק געווען ביי אברהם'ס פּטירה?**

פינף און זיבעציק יאָר. אברהם איז אַלט געווען הונדערט יאָר ווען יצחק איז געבוירן געוואָרן, ר). אברהם האָט געלעבט הונדערט און פינף און זיבעציק יאָר, ש). איז יצחק אַלט געווען פינף און זיבעציק יאָר ווען אברהם איז נפטר געוואָרן.

**האָט דער יצר הרע געהאַט שליטה איבער אברהם'ן ווי ער הערשט איבער אַנדערע מענטשן?**

ניין, ת).

**האָט דער מלאך המות געהאַט שליטה איבער אברהם'ן?**

ניין, א).

**דער מלאך המות האָט דאָך געהאַט קיין צוטריט צו אברהם'ן, ווי זשע אַזוי איז ער געשטאָרבן?**

ער איז איינער פון די זעקס וועלכע זיינען געשטאָרבן דורך אַ קוש פון דער שכינה. די אַנדערע פינף זיינען יצחק, יעקב, משה, אהרן, מרים, ב).

**האָבן די ווערים געהאַט שליטה איבער אברהם'ן?**

ניין. ער איז איינער פון די זיבן צו וועלכע די ווערים האָבן געהאַט קיין צוטריט. די אַנדערע זעקס זיינען יצחק, יעקב, משה, אהרן, מרים, בנימין. לויט אַן אַנדער מיינונג — אויך דוד המלך, ג).

**האָט אברהם עולם הבא?**

ער איז איינער פון די דריי וועלכע האָבן שוין אויף דער וועלט פאַרזוכט

---

ב; ב"ר סה, ט; י"ש חיי שרה קה און מלכים ב', רלג און אין נאָך ערטער.

די חכמים זאָגן דאָך אָבער: „אבן טובה היתה תלויה בצווארו של אברהם אבינו, שכל חולה הרואה אותו מיד מתרפא" — אברהם האָט געטראָגן אַ דימענט אויפן האַלז, און יעדער קראַנקער וועלכער האָט געגעבן אַ קוק אויף אים איז באַלד אויסגעהיילט געוואָרן. קומט דאָך אויס אַז עס זיינען יאָ געווען קראַנקייטן פאַר יעקב'ן. זעט: ב"ב טז, ב; תוספתא קידושין ה, 17; י"ש חיי שרה קו.

איז ווידער דער ענטפער אַז עס זיינען ניט געווען קראַנקייטן פון וועלכע מען איז געשטאָרבן.

וועגן דער מאָגן קראַנקייט זעט אויך: שבת יא, א; עירובין מא, ב; רש"י יומא ד, ב אונטערן וואָרט „למרק". פאַרגלייכט אין אַלע ערטער ווער עס זאָגט עס.

פּ) ב"ר סב,ג; ל"ט בראשית כה, י; י"ש חיי שרה קי.

צ) בראשית כג, א.

ק) בראשית כה, ז.

ר) בראשית כא, ה.

---

ש) בראשית כה, ז.

ת) ב"ב יז, א; י"ש חיי שרה קו.

אַז ער האָט געמאַכט פונעם יצר הרע אַ יצר טוב, זעט: ירוש. ברכות פרק ט, הלכה ה און סוטה פרק ה, הלכה ה.

א) ב"ב יז, א; י"ש חיי שרה קו.

ב) ב"ב יז, א און רש"י אונטערן וואָרט כדאמר; י"ש חיי שרה קו. זעט פאַרגייענדיקע פראַגע און ענטפער.

אגב, אַז דער אויבערשטער האָט געקושט אברהם'ס הענט, זעט אליהו זוטא, פרק כה, פו, ב.

ג) ב"ב יז, א און זעט תוספות דאָרט אונטערן וואָרט שבעה; י"ש חיי שרה קו.

זעט: ד"א 67; זעירות 74, כלה 6-245; רבה"ק ז, י; מה"ג.א' כד, א; י"ש לך לך אַנהויב עח; יל"ה טז, כז און ח, א; שה"ק יג.

דעם טעם פון יענער וועלט. די אַנדערע צוויי זיינען יצחק און יעקב, ד).

**וואו איז אברהם באַערדיקט געוואָרן?**

אין דער מערת המכפלה, ה). דאָרט וואו עס האָבן גערוט שוין פון פריער אדם הראשון, זיין ווייב חוה און אברהם'ס ווייב שרה, ו).

**ווי אַזוי ליגט אברהם אין דער מערת המכפלה?**

ער רוט אין שרה'ס אָרעמס. אויף יענער וועלט איז דאָך ניטאָ א יצר הרע, ז).

**פון וואַנען האָט א' געוואוסט פון דער מערת המכפלה?**

ווען אברהם האָט איינגעלאַדן די מלאכים צום עסן, איז דער „בן בקר", ח) יונגער רינד, אַנטלאָפן, און ער איז אַריין אין דער מערת המכפלה. אברהם איז אים נאָכגעלאָפן. ווען ער איז אַריינגעקומען אין דער מערת המכפלה, האָט ער געזען ווי אדם הראשון און חוה ליגן אויף בעטן און שלאָפן, עס ברענען ליכט איבער זיי, און א גוטער ריח האָט געשמעקט. האָט ער דערפאַר געגלוסט די מערת המכפלה פאַר א קבר. אגב דער פסוק זאָגט „ואל הבקר רץ אברהם", ט) „הבקר" אַנטהאַלט די אותיות פון „קברה" (עס קען אויך מאַכן „הקבר"), א רמז, אַן אַנדייט אַז דאָס דאָזיקע אָרט איז פאַר קבורה, י).

**פון וואַנען האָט זיך גענומען די מערת המכפלה, די הייל אין וועלכער עס רוען אדם הראשון און זיין ווייב חוה, אברהם און זיין ווייב שרה, יצחק און זיין ווייב רבקה, יעקב און זיין ווייב לאה?**

אדם הראשון האָט זי געגראָבן, כ).

**פאַרוואָס הייסט די הייל, אין וועלכער אדם און חוה, אברהם און שרה, יצחק און רבקה, יעקב און לאה רוען, „מערת המכפלה"?**

עס זיינען פאַראַן וועגן דעם מיינונגס-פאַרשידנהייטן:

עס איז איין הויז אינעם אַנדערן, איין געביידע אין דער צווייטער.

א צוויי שטאָקיקע געביידע, איין געביידע אויף א צווייטער.

ווייל זי איז מכפלה, געדאָפּלט מיט פאַרלעך, ל).

די הייל הייסט מכפלה ווייל די וועלכע רוען דאָרט, זיינען זיכער מיט דאָפּלטן (כפל) שכר, מ).

---

ד) ב"ב טז, ב-יז, א; י"ש חיי שרה קו.

ה) בראשית כה, ט.

ו) פר"א פרק לו. זעט: זהר חיי שרה קכז, א; ב"ר נח, ח; במ"ר יג, ב און יב; שי"ר ג, ו, ה; פ"ר פיסקא טו, סח, ב; י"ש חיי שרה קב; מה"ג,א' ה.

אין: ב"ר סב, ג; י"ש חיי שרה קי שטייט אַז ער איז באַהאַלטן געוואָרן „בדיוטרין שלו", אין זיין אָפּטיילונג וואָס איז געווען אָנגעגרייט פאַר זיינעט וועגן.

ז) בבא בתרא נח, א.

ח) בראשית יח, ז.

ט) בראשית יח, ז.

י) פר"א פרק לו און זעט דאָרט רד"ל; מ"א וירא יח, ז און חיי שרה כג, י; י"ש וירא פב און הושע כח; בעה"ט בראשית יח, ז. זעט באַנד צוויי, מערת המכפלה.

זעט: זהר חיי שרה קכז, א; זהר חדש רות סב, ג; פענח רזא, וירא.

כ) מדרש הגדול בראשית ה, ה.

ל) עיר. נג, א; ב"ב נח, א; פר"א ענדע פרק כ; זהר ויחי רמח, ב און שלח קסד, א; י"ש בראשית טו און קב; ל"ט חיי שרה כה, ט; רש"י, רשב"ם, רמב"ן בראשית כג, ט; בחיי בראשית מ, א; ס"ה ט, ג.

מ) ב"ר נח, ח; ש"ט חיי שרה כג, ט.

זי ווערט אויך אָנגערופן מערתא דאדם הראשון, מ*) אדם הראשון'ס הייל.

**זיינען געווען עפּעס וויכטיקע פּערזענלעכקייטן ביי אברהם'ס לויה?**

געוויס, אַפילו אַזעלכע וויכטיקע לייט ווי שם און עבר, אַלע מלכים און זייערע הארן און די גרעסטע לייט, זיינען געווען דאָרט, נ).

**וואָס פאַר אַ ווירקונג האָט אברהם'ס פּטירה געמאַכט אויף דער ניט־אידישער וועלט?**

זייערע פירער האָבן שטאַרק באַדויערט זיין טויט און געזאָגט: ווי דער וועלט וואָס פאַרלירט איר פירער, ווי צו דער שיף וואָס פאַרלירט איר קאַפּיטאַן, ס).

**ווי לאַנג האָט מען געטרויערט נאָך אברהם'ן?**

אַלע איינוואוינער פון כנען און אַלע וועלכע האָבן אים געקענט, האָבן געטרויערט נאָך אים אַ גאַנץ יאָר, ע).

**האָט אברהם געוואוסט פון תחית המתים?**

יאָ. דער אויבערשטער האָט עס אים געוויזן, פּ).

**וואָס טוט אַ' זינט דער פּטירה?**

ער זיצט ביי דער טיר פונעם גיהנם און לאָזט ניט אַריין גע'מל'טע אידן, אויסער דעם וועלכער האָט פאַרקערט מיט אַ געצנדינערס טאָכטער, צ).

מ*) בבא בתרא נח, ב.

נ) ב"ר סב, ג; ישר תולדות 70; י"ש חיי שרה קי.

ס) בבא בתרא צא, א־ב.

ע) ספר הישר נא, ב.

פּ) משנת רבי אליעזר ח, 149.

צ) ב"ר מח, ח; מדרש הגדול א' 251; יל"ה יט, טו און נה, כ; י"ר וירא לח, א; ישעיה ה, יד.

**מיט וואָס פאַר כוח, אויטאָריטעט, לאָזט אַ' ניט אַריין גע'מל'טע אידן אין גיהנם אַריין?**

דער אויבערשטער האָט אים געשוואוירן ניט אריינצולאָזן גע'מל'טע אידן אין גיהנם אריין, ק).

**אברהם האָט זיך אָנגענומען אויף דער וועלט פאַר די איינוואוינער פון סדום, עמורה און די אַנדערע שטעט, ר). נעמט ער זיך אַמאָל אָן, אויף יענער וועלט, פאַר די אידן?**

יאָ. אָט, למשל, ווערט דערציילט אַז אין דער נאַכט פון תשעה באב איז אברהם אריינגעקומען אין קדשי קדשים. האָט דער אויבערשטער אים אָנגענומען ביי דער האַנט, און ער האָט שפּאַצירט מיט אים אין דער לייַנג און אין דער ברייט. האָט דער אויבערשטער אַ זאָג געטאָן צו אים: „מה לידידי בביתי", ש) וואָס טוט מיין פריינט אין מיין הויז? האָט אברהם אים געפרעגט: מיין האַר, וואו זיינען מיינע קינדער? האָט ער אים געענטפערט: זיי האָבן געזינדיקט, האָב איך זיי פאַרטריבן צווישן די פעלקער. האָט אברהם געזאָגט צום אויבערשטן: זיינען ניט געווען צווישן זיי צדיקים? האָט ער אים געענטפערט: „עשותה המזמתה", ש) זי טוט אומווירדיקייט. האָט אברהם זיך אָנגערופן: האָסטו באַדאַרפט קוקן אויף די גוטע צווישן זיי. האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אים: די מערסטע פון זיי באַגייען שענדלעכקייט. ווי אין פּסוק שטייט „עשותה המזמתה הר־

זעט: עירובין יט, א; י"ש אָנהויב וירא און תהלים תשעג; ילקוט א' פּרק ה, עמוד מג, פּסוק יד; זייט 117 נאָטע ש.

ק) תנח. לך לך כ.

פאַרגלייכט: תנח"ב ענדע לך לך; בחיי לך לך יז, כד.

ר) בראשית יח, כ־לג.

בים", ש). האָט אברהם געזאָגט צו אים: האָסטו באַדאַרפט קוקן אויפן מילה-בונד אין זייער לייב. האָט דער אויבערשטער אים געזאָגט: ביי דיין לעבן, זיי האָבן עס פאַרלייקנט, ווי אין פסוק שטייט „ובשר קודש יעברו מעליך", ש) און דאָס הייליקע פלייש (לייב) האָט מען אַוועקגענומען פון דיר. און ניט נאָר דאָס, נאָר זיי האָבן זיך געפרייט איינער מיטן צווייטנס מפלה. ווי עס שטייט געשריבן „כי רעתכי אז תעלוזי", ש) אַז מיט דיין שלעכטסקייט דעמאָלט פרייסטו זיך, און עס שטייט געשריבן „שמח לאיד לא ינקה", ת) דער, וועלכער פרייט זיך מיט (יענעמס) בראָך, וועט ניט זיין אומבאַשטראָפט, א).

ש) ירמיה יא, טו.
ת) משלי יז, ה.
א) אי"ר א, כ; י"ש ירמיה רפח.
זעט אין ירמיה יא, טו ווי אַזוי דער תרגום, רש"י, רד"ק און אַנדערע מפרשים טייטשן דעם פסוק.

**וואָס וועט זיין אברהם'ס סטאַטוס לעתיד לבא?**

דער אויבערשטער וועט זעצן משיח'ן אין זיין רעכטער האַנט, און אברהם'ן אין זיין לינקער האַנט. אברהם'ן וועט עס אַרן און ער וועט זאָגן: מיין אייניקל זיצט אין דער רעכטער און איך אין דער לינקער! און דער אויבערשטער וועט אים ענטפערן: דיין אייניקל זיצט אין מיין רעכטער און איך זיץ אין דיין רעכטער, ב).

**איז פאַראַן אַ פולשטענדיגע, אויספירליכע ביאָגראַפיע, לעבענס-באַשרייבונג וועגן אברהם אבינו און זיינע שאַפונגען און לייסטונגען פאַר דער מענטשהייט?**

יאָ. דאָס בוך הייסט „אברהם אבינו'ס לעבן און שאַפונג". עס איז די ערשטע פולשטענדיגע לעבנס-באַשרייבונג פון אברהם אבינו, ע"ה, ג).

ב) שו"ט יח, כט; י"ש שמואל ב', קסב.
ג) זעט פאָלגענדיגע זייטן ביז ענדע.

# אברהם אבינו'ס לעבן און שאַפונג

## געבויט אויף פאָלגענדיגע קוועלן



תלמוד ירושלמי, שרידי הירושלמי, תלמוד בבלי, מגילת תענית, מסכתות זעירות, שבע מסכתות קטנות, פרקי רבי אליעזר, פרק האחרון מפרקי רבי אליעזר, שבעה פרקי רבי אליעזר (נספחים לסדר אליהו זוטא), משנת רבי אליעזר, תוספתא, סדר עולם רבה, מכילתא דרבי ישמעאל, מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי, ספרא, ספרי, ספרי זוטא על ספר במדבר, מדרש רבה על התורה וחמש מגילות, מדרש תנחומא הקדום והישן, מדרש תנחומא, פרשיות ממדרש תנחומא, מדרש אגדה על התורה, ספר הישר על התורה, מדרש לקח טוב (פסיקתא זוטרתא) על התורה, מדרש הגדול על התורה, אגדת בראשית, מדרש שכל טוב על בראשית ושמות, ספר והזהיר לשמות ויקרא, מדרש תנאים על ספר דברים, ליקוטי בתר ליקוטי ממכילתא לספר דברים, אגדת התנאים, קובץ מעשי התנאים, מדרש ילמדנו על בראשית במדבר דברים, לקוטים ממדרש ילמדנו, קונדריס אחרון ממדרש ילמדנו, מדרש שמואל, ילקוט המכירי על ישעיהו, מדרש תהלים (שוחר טוב), מדרש שוחר טוב למזמורי תהלים, לקוטים ממדרש שוחר טוב, ילקוט המכירי על תהלים, מדרש משלי, ילקוט המכירי על משלי, מדרש שיר השירים בזהר חדש, מדרש שיר השירים במדרש זוטא, אגדת שיר השירים, מדרש רות בזהר חדש, מדרש קהלת זוטא, מדרש מגילת אסתר, אגדת אסתר, זהר על התורה, זהר חדש, פסיקתא רבתי, פסיקתא דרב כהנא, שלש פסיקתות, תנא דבי אליהו רבה, תנא דבי אליהו זוטא (סדר אליהו רבה וסדר אליהו זוטא), נספחים לסדר אליהו זוטא, לקוטים ממדרש אבכיר, ספרי דאגדתא, אלפא ביתא דבן סירא, אלפא ביתא דרבי עקיבא, מדרש אותיות דרבי עקיבא, ילקוט שמעוני על תנ"כ, ילקוט ראובני על התורה, ספר הלקוטים, בית המדרש, בתי מדרשות, אגדת אגדות, אוצר מדרשים, גנזי שעכטער, תרגומים אונקלוס יונתן בן עוזיאל ירושלמי על התורה, תרגום על מגילות אסתר שיר השירים רות איכה קהלת, תרגום שני על מגילת אסתר, נוסח השומרוני, פשיטא לבראשית שמות, על התרגום הירושלמי לתורה, משנה תורה להרמב"ם השגות הראב"ד, ספר חסידים, מנורת המאור, שלשלת הקבלה, סדר הדורות.

רש"י, דעת זקנים מבעלי התוספות, אבן עזרא, רשב"ם, רמב"ן, רלב"ג, בעל הטורים, ספורנו, אור החיים, כלי יקר, רד"ק, ביאור הגר"א, מלבי"ם, שפתי חכמים, מצודת דוד, מצודת ציון, תורה תמימה.

אברבנאל, אדרת אליהו, אהבת דוד, אהל יעקב, אלשיך (תורת משה), ארץ החיים על תהלים, ארץ ישראל פירוש על ארץ החיים, באר מים חיים, דגל מחנה אפרים, דרשות שם טוב, הדרש והעיון, הכתב והקבלה, חזקוני, חידושי הרי"ם, חפץ חיים, חצי מנשה, חתם סופר (תורת משה), ייטב לב, ילקוט אליעזר, יערות דבש, ישמח משה, כפלים לתשובה, כתב סופר, לקוטי תורה, מאור ושמש, מגד ירוחם, מגלה עמוקות, מגן אברהם על התורה, מדרשי התורה, מהרש"א, מטה אהרן, מנחה בלולה, מרגניתא דרב, משך חכמה, עבודת ישראל, עוללות אפרים, עמודי שש, עתים לבינה, פנים יפות, פרדס יוסף, פרח לבנון, פרשת דרכים, קהלת יצחק, רבינו בחיי, ריקאַנטי, שיח שרפי קודש, שמחת ישראל, שפת אמת, שפתי צדיק, תורת שמעון, תפארת שלמה.

תוספות, פירוש המשניות להרמב"ם, רבינו יונה על מסכת אבות, נצוצי אורות על הזהר, ביאור הרד"ל על פרקי רבי אליעזר.

רש"י (?), מתנות כהונה, ידי משה, יפה תואר, יפה קול, חידושי הרד"ל, מהרז"ו, יפה ענף, חידושי הרש"ש, עץ יוסף, ענף יוסף, זית רענן.

מחזור ויטרי, אבודרהם, סידור בית יעקב יריעות שלמה, סדור אוצר התפילות.

## וזכר כולם לברכה



# אינהאַלט

# פאַר אברהם׳ס געבורט — נמרוד

און עס איז געווען אין די לעב-צייטן פון תרח, האָט כוש דער זון פון חם, דער זון פון נח, גענומען אַ ווייב אויף די עלטערע יאָרן. דאָס ווייב האָט אים געבוירן אַ אינגל, און ער האָט אים אַ נאָמען געגעבן נמרוד.

און „נמרוד" האָט מען אים גערופן, ווייל אין זיין צייט האָבן די מענטשן אָנגעהויבן צו „מורד" זיין און צו זינדיקן קעגן דעם אויבערשטן. מען האָט אים גערופן אויך כוש און אמרפל. כּ ו ש האָט מען אים גערופן, ווייל ער איז געווען אַ כּ ו ש י; און א מ ר פ ל האָט מען אים גערופן ווייל ער האָט אַריינגעוואָרפן (א מ ר פ י ל) אברהם׳ן אין קאַלך-אויוון.

איז נמרוד אויסגעוואַקסן, און זיין פאָטער האָט אים זעהר ליב געהאַט, ווייל ער איז אים געבוירן געוואָרן אויף די עלטערע יאָרן, און ער האָט אים אָוועקגעגעבן אָדם הראשון׳ס קליידער. ווען אָדם הראשון איז באַשאַפן געוואָרן האָט ער געטראָגן קיין קליידער. בלויז אַן ערן-וואָלקן האָט אים באַדעקט. נאָכדעם, אָבער, ווי ער און חוה האָבן געגעסן פון די פאַרבאָטענע פרוכט, האָט זיך דער ערן-וואָלקן פון אים אָפּגעטאָן. דער וועלט-באַשאַפער האָט זיי געמאַכט קליידער פון דער הויט וואָס ער האָט אָפּגעשינדן פון דעם שלאַנג, און זיי געגעבן ווען זיי זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן פונעם גן עדן.

נאָכדעם ווי אדם און חוה זיינען געשטאָרבן, זיינען די קליידער איבערגעגעבן געוואָרן חנוך׳ן, דעם זון פון ירד. נאָך חנוך׳ס טויט זיינען זיי איבערגעגעבן געוואָרן זיין זון מתושלח. נאָך מתושלח׳ס טויט, האָט זיי נח גענומען און מיטגעבראַכט מיט זיך אין דער תיבה אַריין, און ער האָט זיי דאָרט געהאַלטן די גאַנצע צייט. ווען זיי האָבן פאַרלאָזט די תיבה, האָט חם, נח׳ס זון, זיי גע׳גנב׳ט, און ער האָט זיי באַהאַלטן פון זיינע ברידער. ווען זיין עלצטער זון כוש איז געבוירן געוואָרן, האָט ער אים אָוועקגעגעבן די קליידער בסוד. קיינער זאָל וויסן. האָט כוש געהאַלטן די קליידער אַ לאַנגע צייט, און קיינער האָט דערפון געוואוסט. און ווען נמרוד איז געבוירן געוואָרן, האָט כוש זיי אים אָוועקגעגעבן, ווייל ער האָט אים זעהר ליב געהאַט.

ווען נמרוד איז אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר, האָט ער אָנגעטאָן די דאָזיקע קליידער. און ווי נאָר ער האָט אויף זיך געטראָגן די קליידער, האָט ער זיך געפילט געוואַלדיק שטאַרק. ווייל די דאָזיקע קליידער האָבן אין זיך פאַרמאָגט אַ געוואַלדיקע קראַפט. עס איז אויף זיי געווען אויסגעקריצט אַלערליי סאָרטן בהמות און חיות. און ווי נאָר אַ בהמה, אָדער אַ חיה, אָדער אַ פויגל האָט דערזען אויף אים די דאָזיקע קליידער, פלעגן זיי פאַלן אויף זייערע פנים׳ער.

ווען מענטשן פלעגן דאָס זען, פלעגן זיי מיינען, אַז דאָס טוט ער אַזוי מיט זיין כוח. און אַזוי אַרום פלעגט ער בייקומען אַלע מענטשן. און געווען איז נמרוד אַ יעגער. ער פלעגט פאַנגען חיות אין די פעלדער, בויען מזבחות, און אָפּפערן די חיות אויף די מזבחות.

איז נמרוד געוואָרן זעהר שטאַרק, און ער האָט אָנגעהויבן זיך אָננעמען פאַר זיינע ברידער. ער האָט געפירט מלחמות מיט זייערע שונאים און האָט זיך נוקם געווען אין זיי, ווייל דער אויבערשטער האָט איבערגעגעבן אין זיינע הענט זיינע ברידערס שונאים. אין אַלע מלחמות וואָס ער האָט געפירט איז ער שטענדיק אַרויס דער זיגער. אַזוי באַרימט איז ער געוואָרן מיט זיינע נצחונות, אַז ער איז אַזש געוואָרן אַ ביי-וואָרט. ווער נאָר עס פלעגט אַרויסציען די שווערד צו האַלטן מלחמה, פלעגט זאָגן: פונקט ווי נמרוד וועלכער איז געווען אַ יעגער און האָט געזיגט אין אַלע מלחמות, אַזוי זאָל דער וועלט-באַשאַפער אויך מיך שטאַרקן און מיר העלפן.

ווען נמרוד איז אַלט געוואָרן פערציק יאָר, האָט אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן זיינע ברידער און די קינדער פון יפת. זיינע ברידער האָבן געליטן איין מפלה נאָך דער אַנדערער. דער שונא האָט אָפּגעהאַלטן איין זיג נאָך דעם אַנדערן.

האָט נמרוד זיך אָנגענומען מיט כוח אין יענער צייט. ער האָט צונויפגעזאַמלט אַלע אָפּשטאַמלינגע פון כוש און אַלע משפחות פון חם — אַרום און אַרום פיר הונדערט און זעכציק מענטשן. ער האָט אויך געדונגען פאַר געלט אַלע זיינע פריינט און באַקאַנטע, אַן ערך פון אַכציק מאַן. און נמרוד האָט זיך אָוועקגעלאָזט מיט אָט דער אַרמיי צו העלפן זיינע ברידער.

אויף דעם וועג האָט ער פאַר זיי געהאַלטן רעדעס. ער האָט זיי דערמוטיקט, זיי געגעבן קוראַזש, און ער האָט צו זיי געזאָגט: „איר זאָלט ניט מורא האָבן, האָט קיין אַנגסט, ווייל אַלע אונזערע פיינט וועלן איבערגעגעבן ווערן אין אונזערע הענט, און איר וועט טאָן מיט זיי וואָס איר וועט וועלן״.

זיינען די דאָזיקע פינף הונדערט און פערציק מאַן געגאַנגען, און האָבן מלחמה געהאַלטן מיט דעם פיינט. זיי האָבן דעם פיינט באַזיגט און אים פאַרטיליקט. נמרוד האָט באַשטימט איבער זיי זיינע עלצטע. א טייל פון זייערע קינדער האָט ער גענומען אַלס גאַראַנטיע. די איבעריקע זיינען געוואָרן קנעכט ביי נמרוד'ן און ביי זיינע ברידער. און נאָכדעם האָט זיך נמרוד אומגעקערט מיט זיין אַרמיי צוריק צו זייערע וואוין־ערטער.

און נאָכדעם ווי נמרוד האָט זיך אומגעקערט אַלס זיגער, האָבן אַלע זיינע פריינט און באַקאַנטע זיך פאַרזאַמלט, און די שמחה איז געווען זעהר גרויס. די שמחה איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן אַזש באַשלאָסן צו מאַכן אים פאַר קעניג איבער זיי. און כאָטש ער איז געווען בלויז א קנעכט, און אויך דער זון פון א קנעכט, וואָרום אַלע אָפּשטאַמלינגע פון חם זיינען געווען קנעכט, האָבן זיי אים אַרויפגעזעצט א קרוין אויפן קאָפּ.

אַזוי איז נמרוד געוואָרן מלך. און ער איז געווען דער צווייטער פון די צען מלכים וועלכע האָבן געקיניגט פון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן עק וועלט. און די צען מלכים זיינען: דער הייליקער ברוך הוא, נמרוד, יוסף, שלמה, אחאב, נבוכדנצר, כורש, אלכסנדר מוקדון, מלך המשיח, און דער ערשטער איז אויך דער לעצטער קעניג.

האָט נמרוד באַלד באַשטימט עלצטע און הארן און פירער איבער זיינע קנעכט און איבער אַלע זיינע אונטערטאַנען, אַזוי ווי עס איז דער שטייגער פון מלכים. און אַלס עלצטן איבער זיין אַרמיי האָט ער באַשטימט תרח'ן דעם זון פון נחור, וועלכער איז געווען זעהר אָנגעזען אין זיינע אויגן.

אָט דער דאָזיקער תרח איז פון פאַך געווען א פּראָדוצירער פון אָפּגעטער. ער פלעגט אַליין מאַכן אָפּגעטער און צו זיי דינען. און אַחוץ דעם האָט ער נאָך מיט זיי געהאַנדלט און פלעגט זיי פאַרקויפן צו אַנדערע מענטשן. אָבער אַזוי ווי תרח האָט שטאַרק נושא חן געווען אין נמרוד'ס אויגן, האָט נמרוד אים געמאַכט זעהר גרויס, און ער האָט אים באַשטימט אַלס הויפּט פון אַלע זיינע הארן.

און אַזוי ווי נמרוד האָט געוועלטיקט לויט זיין האַרץ האָט געגלוסט, און ער האָט מנצח געווען אַלע זיינע פיינט פון אַרום און אַרום, האָט זיך אים פאַרוואָלט צו בויען א הויפּטשטאָט פאַר זיין מלוכה. האָט ער צוזאַמענגערופן אַלע זיינע ראַטגעבער, און ער האָט זיך מיט זיי געהאַלטן אַן עצה.

האָבן אַלע זיינע ראַטגעבער מיט אים איינגעשטימט, און מען האָט באַשלאָסן צו בויען א הויפּט־שטאָט. זיי האָבן אויס־געקליבן א גרויסן טאָל, קעגן איבער דעם זון־אויפגאַנג, און דאָרט

האָט מען אויסגעבויט אַ גרויסע, ברייטע שטאָט. און אָט די דאָזיקע שטאָט האָט נמרוד אַ נאָמען געגעבן שנער, ווייל דער באַשעפער האָט צעבראָכן (נער) אַלע זיינע פיינט פאַר אים, און ער האָט זיי פאַרטיליקט. אויך ווייל די אַלע וועלכע זיינען אומגעקומען אין דעם מבול, זיינען אַריינגעשאָטן געוואָרן (ננערו) אין יענעם טאָל.

איז נמרוד געזעסן אין שנער און ער האָט געוועלטיגט מיט אַ זיכערער האַנט. ער האָט מלחמה געהאַלטן מיט אַלע זיינע פיינט, זיי אונטערטעניק געמאַכט, געזיגט אין אַלע זיינע מלחמות, און זיין מלוכה איז שטאַרק געוואַקסן.

און אַלע פעלקער האָבן געהערט פון זיין רום, האָבן זיי זיך אַלע פאַרזאַמלט אַרום אים. זיי האָבן אים געבראַכט מתנות, זיך צו אים געבוקט, און זיי זיינען געבליבן זיצן מיט אים אין דער שטאָט שנער. אָט אַזוי האָט נמרוד געהערשט איבער אַלע אָפּשטאַמלינגע פון נח׳ן, און אַלע זיינען זיי געווען אונטער זיין האַנט און אונטער זיין באַפעל.

איז אָבער נמרוד ניט געגאַנגען אין דעם אויבערשטנס וועגן, און ער האָט געזינדיקט מער פון יעדן מענטשן וועלכער האָט געלעבט פאַר אים, זינט די צייטן פון דעם מבול ביז זיין אייגענער צייט.

ווייל ווי נאָר דער נאַר און דער רשע נמרוד האָט אָנגעהויבן קיניגן, האָט ער זיך אַליין פּראָקלאַמירט אַלס גאָט, ווי עס האָבן געטאָן חירם, נבוכדנצר, פּרעה און יואש. ער האָט זיך אָנגעהויבן האַלטן שטאַרק גרויס און געזאָגט אַז ער איז גאָט.

ער האָט אָנגעהויבן לייקענען אין דער אמונה פון השם יתברך. ער האָט אָנגעהויבן ווידערשפּעניקן קעגן זיין האַר, און געזאָגט אַז ער איז דער הערשער פון דער וועלט. ער האָט אָנגעהויבן אָפּריידן די מענטשן פון צו דינען דעם בורא עולם און זיי איבערגערעדט זיי זאָלן אים דינען. האָבן די מענטשן פון זיין צייט אָנגעהויבן אים צו דינען און זיך בוקן צו אים.

דערצו נאָך האָט ער אָנגעוואָרפן אַזאַ שרעק און פחד אויף די אַנדערע פעלקער, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן אים דינען. און ער איז געגאַנגען און האָט אויסגעבויט אַ ספּעציעלן פּאַלאַץ, וואָס איז געווען וואונדערלעכער פון אַלע אַנדערע און געמאַכט דאָרט אַן אָרט פאַר זיך.

ער האָט אויפגעשטעלט אַ הויכן טורעם פון קיילעכדיקע ציגל, קעגנאיבער האָט ער אויפגעשטעלט אַ גרויסן טראָן פון צעדער האָלץ, אויף אַ שטיינערנעם פונדאַמענט. און דאַן האָט ער אויפגעשטעלט נאָך איינעם פון אייזן אויף אַ פונדאַמענט פון צעדער האָלץ, איינעם פון קופער אויף אַן אייזערנעם פונדאַמענט, איינעם

פון זילבער אויף אַ קופּערנעם פונדאַמענט, איינעם פון גאָלד אויף אַ זילבערנעם פונדאַמענט, איינעם פון קיילעכדיקע פּערל און טייערע בריליאַנטן אויפן שפּיץ, און דאָרט פלעגט ער זיצן, און אַלע פעלקער פלעגן קומען און זיך בוקן צו אים.

און אַזוי ווי נמרוד איז געווען אַ גרויסער חכם, האָט ער געזען אין די שטערן, אַז ביי זיין לעב־צייט וועט געבוירן ווערן איינער וועלכער וועט אָפּלייקענען אַז ער איז גאָט, און וועט אים באַזיגן. האָט ער אָנגעהויבן ציטערן אַ גרויס ציטערניש.

און נמרוד וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גאָט, האָט געשיקט רופן אַלע הארן און עלצטע, און ער האָט זיי דערציילט אַז ער האָט געזען אין די שטערן אַז ביי זיין לעב־צייט וועט געבוירן ווערן איינער וועלכער וועט אָפּלייקענען אַז ער איז גאָט, און ער האָט זיי געפרעגט: „וואָס איז אייער עצה? וואָס זאָגט איר זאָל איך טאָן מיט דעם קינד וואָס דאַרף געבוירן ווערן?"

האָבן די הארן אים דערויף געענטפערט, אַזוי צו זאָגן: „אונזער עצה איז אַז דו זאָלסט באַפעלן אויסצובויען אַ גרויס הויז, ביי דעם הויז זאָלסטו אַוועקשטעלן אַ וואַך. און דו זאָלסט אַרויס־שיקן אַ באַפעל איבער דיין גאַנצער מלוכה, אַז אַלע ווייבער וועלכע זיינען אויף דער צייט, זאָלן קומען אין אַט דעם הויז. אויך די באָבעס (אַמען) זאָלן אַהין קומען, און אויף זיי אַכטונג געבן ביז זיי געבוירן די קינדער. איז אויב אַ אינגל וועט געבוירן ווערן, זאָל מען עס טויטן באַלד אויפן אָרט. אויב עס איז אַ מיידל זאָל מען עס לאָזן לעבן. נאָכמער, מען זאָל געבן דער מוטער מתנות, זי אויסקליידן אין בגדי מלכות און מען זאָל אויסרופן: „אַט אַזוי טוט מען צו אַ פרוי וועלכע ברענגט אויף דער וועלט אַ טאָכטער!"

נאָכדעם ווי נמרוד האָט אויסגעהערט זייער עצה, האָט ער זיך זעהר שטאַרק געפרייט. און טאַקע באַלד האָט ער אַרויסגעשיקט אַ באַפעל איבער זיין גאַנצער מלוכה, אַז די גרעסטע מייסטער און אַרכיטעקטן זאָלן קומען בויען אַ גרויס הויז פאַר דעם מלך. די הויך פון דעם הויז זאָל זיין זעכציק איילן, און די ברייט אַכציק איילן.

און נאָכדעם ווי דאָס הויז איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער באַפוילן אַז אַלע מעוברת'ע ווייבער זאָלן אַהין קומען און דאָרט פאַרבלייבן ביז זיי וועלן געווינען. ער האָט אויך באַשטימט עלצטע וועלכע זאָלן ברענגען די ווייבער אין דעם אַנשטאַלט אַריין. און דערצו האָט ער אויך באַשטימט אַ וואַך וואָס האָט געהיט די טירן, אַז קיינער פון די פרויען זאָל קענען אַנטלויפן.

און די באָבעס האָט ער געגעבן אַ באַפעל, אַז ווי נאָר אַ אינגל וועט געבוירן ווערן, זאָלן זיי אים טויטן ביי דער מוטערס

ברוסט. טאָמער אָבער איז עס אַ מיידל, זאָל מען די מוטער אויספּוצן אין קליידער פון ליאָן און זייד, זי פון דאָרט אַרויספירן, איר צוטיילן אַ סך כבוד, און מען זאָל זי אַהיים פירן מיט גרויס ערע.

האָט מען געטאָן ווי דעם קעניגס באַפעל האָט געלויטעט, און איבער זיבעציק טויזנט אינגלעך זיינען אויסגע׳הרג׳ט געוואָרן.

ווען די מלאכים אין הימל האָבן דאָס געזען, האָבן זיי געזאָגט צום אויבערשטן: „האַר פון אַלע וועלטן! האָסט דאָך געזען וואָס דער רשע און כופר נמרוד האָט געטאָן, ווי ער האָט געטויט אָהן אַ שיעור אומשולדיקע קינדער". האָט דער הייליקער, ברוך הוא, זיי געענטפערט: „הייליקע מלאכים, איך וויים און איך האָב געזען, וואָרום איך שלאָף ניט און דרימל ניט, און איך זע און וויים אַלע אַנטפּלעקטע און אַלע פאַרבאָרגענע זאַכן. אָבער וואַרטסט און איר וועט זען וואָס איך וועל טאָן צו דעם דאָזיקן רשע און כופר, וואָרום איך וועל אַרויפלייגן אויף אים מיין האַנט און וועל אים שטראָפן".

## אברהם׳ס געבורט

און תרח, דער הויפּט פון נמרוד׳ס אַרמיי, דער זון פון נחור, איז געווען זעהר באַליבט אין יענע צייטן אין די אויגן פון דעם מלך, און די האַרן האָבן אים זעהר הויך־געהאַלטן.

האָט תרח אין יענע טעג גענומען אַ פרוי מיטן נאָמען אמתלאי, די טאָכטער פון כרנבו. איז אמתלאי מעוברת געוואָרן. נאָכדעם ווי עס זיינען אַוועק דריי חדשים, האָט איר בויך אָנגע־הויבן ווערן העכער, און איר פּנים האָט אָנגעהויבן ווערן מאָגערער. האָט איר מאַן תרח צו איר געזאָגט: „וואָס פעלט דיר, מיין ווייב, דיין פּנים ווערט פון טאָג צו טאָג מאָגערער, און דיין בויך ווערט העכער?".

האָט אמתלאי אים געענטפערט: „איך לייד פון אַזאַ קראַנקייט וואָס ווידערהאָלט זיך אַלע יאָר".

אָבער תרח האָט ווייטער געפרעגט און צו איר געזאָגט: „ווייז מיר דיין בויך, וואָרום עס זעט מיר אוים אַז דו שוואַנגערסט. און אויב יאָ, פּאַסט עס דאָך ניט אַז מיר זאָלן עובר זיין אויף דעם באַפעל פון אונזער גאָט נמרוד".

און תרח האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר בויך. האָט אָבער דער אויבערשטער געטאָן אַ נס, און דאָס קינד האָט זיך אַרויפגערוקט אונטער דער ברוסט, האָט ער געטאַפּט מיט די הענט,

אָבער ער האָט גאָרניט געפונען. האָט ער געזאָגט צו איר: „ביזט גערעכט, עס איז אמת וואָס דו האָסט געזאָגט".

האָט קיינער דערפון ניט געוואוסט די גאַנצע צייט, ביז די חדשים פון טראָגן האָבן זיך געענדיקט. און אַזוי ווי אמתלאי האָט שטאַרק מורא געהאַט, איז זי אַרויסגעגאַנגען פון דער שטאָט, און איז געגאַנגען דורך דער מדבר, נעבן אַ געוויסן טייך. דאָרט האָט זי דערזען אַ הייל, איז זי אַהין אַריינגעגאַנגען.

אויפן צווייטן טאָג האָבן זי אָנגעכאַפּט ווייען פון אַ געווינערין, און זי האָט געבוירן אַ אינגל. און געווען איז דאָס אין חודש תשרי אין דעם יאָר ניינצען הונדערט אַכט און פערציק נאָך בריאת העולם. און דאָס קינד איז געווען אַ ניצוץ, אַ פונק, פונעם מלאך מיכאל, און געבוירן געוואָרן איז ער נאָר אין דעם זכות פון יעקב'ן.

אין דער אמת'ן, האָט אברהם גאָר באַדאַרפט געבוירן ווערן נאָך פאַר אָדם הראשון'עז. נאָר דער באַשעפער האָט זיך געטראַכט: טאָמער וועט אברהם געבוירן ווערן פאַר אָדם הראשון'ען און ער וועט זיך פאַרזינדיקן, וועט דאָך ניט זיין ווער עס זאָל עס גוט מאַכן. וועל איך בעסער באַשאַפן צוערשט אָדם הראשון'ען, און אויב ער וועט זיך פאַרזינדיקן, וועט קומען אברהם און ער וועט עס מתקן זיין, פאַריכטן.

און ווי נאָר זי האָט דערזען ווי די גאַנצע הייל לייכט ווי די זון פון דער ליכטיקייט פון דעם קינדס פנים, האָט זי זיך זעהר שטאַרק געפרייט. זי האָט אויפגעעפנט איר מויל, און זי האָט געזאָגט: „איך האָב דיך געבוירן אין אַ צייט ווען נמרוד איז מלך, און צוליב דיר האָט ער אויסגעה'רג'ט זיבעציק טויזנט אינגלעך. איך האָב זעהר געציטערט איבער דיר, ווייל ווען ער זאָל געווען געוואויר ווערן וועגן דיר, וואָלט ער דאָך דיך זיכער געוועזן געטויט. איז דעריבער גלייכער אַז דו זאָלסט שטאַרבן אין דער דאָזיקער הייל, איידער מיינע אויגן זאָלן דיך זען אַ געשאָכטענעם נעבן מיין ברוסט".

אַזוי ריידנדיק האָט אמתלאי אויסגעטאָן איר אויבערשטן מלבוש און אין דעם איינגעוויקלט דאָס קינד, און זי האָט צו אים געזאָגט: „דיין באַשעפער וועט זיין מיט דיר, ער וועט דיך ניט אַפּלאָזן, און ער וועט דיך ניט פאַרלאָזן", און זי איז אַוועקגעגאַנגען, איבערלאָזנדיק דאָס קינד אַליין, אויף דעם „אויבערשטנס באַרוט".

ליגנדיק אַליין אין דער הייל, אָהן אַן אכטונג־געבער און אָהן אַן אַם וואָס זאָל עס זויגן, האָט דאָס קינד אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען. האָט השם יתברך דערהערט דעם קינדס געוויין, און ער האָט געשיקט דעם מלאך גבריאל, ער זאָל אים קאָרמענען און אים

געבן מילך. האָט דער מלאך גבריאל באַלד אויסגעפּאַלגט דעם אויבערשטנס באַפעל, און ער האָט געקאָרמעט דאָס קינד. פון גבריאל׳ס רעכטן פינגער האָט דאָס קינד געזויגן מילך, און עס האָט זיך אַזוי דערנערט.

אַט אַזוי איז דאָס קינד געלעגן אין דער הייל גאַנצע צען טעג. און ווען דאָס קינד איז אַלט געוואָרן צען טעג, האָט עס פאַרלאָזט די הייל, און אָנגעהויבן אַרומגיין אויף דער גאַס. דאָס אינגל האָט אַרומשפּאַצירט ביים ברעג טייך, און האָט אויך געקאָנט ריידן, און עס האָט גערעדט לשון הקודש.

## אברהם׳ס קינדהייט

און אין יענע טעג האָבן די מענטשן געזינדיקט קעגן דעם באַשעפער פון דער וועלט. זיי האָבן ווידערשפּעניקט קעגן דעם אויבערשטן, געדינט פרעמדע אָפּגעטער, און אינגאַנצן פאַרגעסן אין דעם אַלמעכטיקן וועלכער האָט זיי באַשאַפן אויף דער וועלט. אין יענע טעג האָט זיך יעדער איינער געמאַכט זיין אייגענעם גאָט. זיי האָבן זיך געמאַכט געטער פון האָלץ און פון שטיין, וואָס קענען ניט הערן, קענען ניט ריידן און קענען ניט העלפן. און אַט זיי האָבן זיי געמאַכט פאַר זייערע געטער און זיי געדינט.

און דער מלך און אַלע זיינע קנעכט, תרח און זיין הויז־געזינט, זיינען געווען די ערשטע אין יענע ציטן, צו דינען די הילצערנע און שטיינערנע געטער.

האָט טאַקע תרח געהאַט ניט ווייניקער פון צוועלף גרויסע אָפּגעטער, הילצערנע און שטיינערנע, אַ גאָט פאַר יעדן חודש. יעדער חודש האָט ער געדינט אַן אַנדער אָפּגאָט, צו אים געאָפּפערט קרבנות, זיך צו אים געבוקט. אַט אַזוי האָבן זיך געפירט אַלע מענטשן פון יענער צייט, און דעם אויבערשטן וועלכער האָט זיי באַשאַפן, האָבן זיי אינגאַנצן פאַרגעסן. און עס האָט זיך אין יענע ציטן ניט געפונען אַן איינציקער מענטש וועלכער האָט געדינט דעם וועלט באַשאַפער, אויסער נח׳ן, זיין הויזגעזינט, און די וועלכע זיינען געווען אונטער זיין איינפלוס.

און אַזוי ווי דאָס אינגעלע האָט אַרומגעשפּאַצירט איבער דער ערד, האָט ער אויך אָנגעהויבן שוועבן אין זיינע געדאַנקען. כאָטש ער איז נאָך געווען אַזוי קליין און אַזוי יונג, האָט ער שוין פונדעסטוועגן געטראַכט טאָג און נאַכט. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין וואונדערן: ווי איז עס מעגלעך, אַז דער ראָד זאָל זיך שטענדיק דרייען פון זיך אַליין! ווי איז עס מעגלעך אַז עס זאָל

ניט זיין אַ פירער וועלכער דרייט אַט דעם דאָזיקן ראָד! עס איז דאָך ניט מעגלעך אַז ער זאָל זיך דרייען פון זיך אַליין!

און וועמען צו פרעגן האָט ער ניט געהאַט, וואָרום אַלע האָבן דאָך געדינט אָפּגעטער. אַפילו זיין אייגענע טאַטע מאַמע האָבן דאָך געדינט צו אָפּגעטער.

אָבער דאָס אינגל האָט שוין אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז די מענטשן פירן זיך אויף נאַריש, אַז די אָפּגעטער וואָס זיי דינען זיינען נאַרעשקייטן און זיי קענען ניט העלפן, האָט ער אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן ווער עס איז דער פירער פון דער וועלט.

אַזוי טראַכטנדיק איז דאָס אינגל געקומען צום באַשלוס, אַז מען דאַרף זיך בוקן צו דער ערד און זי דינען, דערפאַר ווייל זי גיט אַרויס עסנוואַרג, און דערהאַלט די מענטשן ביי דעם לעבן. אָבער ווי נאָר ער האָט דערזען אַז די ערד מוז האָבן רעגן, ווייל אָהן רעגן וואַקסט ניט, האָט ער געענדערט זיין באַשלוס, און געהאַלטן אַז מען דאַרף זיך בוקן צו קיין אַנדער זאַך ווי צום הימל.

נאָכדעם ווי דאָס אינגל האָט שוין געמיינט אַז דער הימל איז דער פירער פון דער וועלט, האָט ער אָבער איינגעזען, אַז די זון גיט ליכט צו דער גאַנצער וועלט, אַז זי מאַכט עס וואַקסן אַלע געוויקסן, האָט ער אָנגעהויבן צו דענקען, אַז מען דאַרף זיך בוקן צו דער זון.

אָבער ווען עס איז געקומען פאַרנאַכט, און ער האָט אַ קוק געטאָן ווי די זון גייט אונטער און פאַרשווינדט, איז ער געווען זיכער אַז אויך די זון איז ניט אַלמעכטיק, איז ניט דער באַשאַפער און דער פירער פון דער וועלט. און ווען די לבנה און די שטערן האָבן זיך באַוויזן און באַלויכטן די פינצטערע נאַכט, האָט ער געטראַכט ביי זיך אַז זיי האָבן אַוודאי באַשאַפן די וועלט, און צו זיי דאַרף מען זיך בוקן.

אָבער ווי נאָר דער מאָרגן־שטערן האָט אָנגעהויבן אויפצוגיין, און די לבנה מיט די שטערן זיינען פאַרשוואונדן, האָט ער איינגעזען אַז אויך זיי האָבן ניט באַשאַפן די וועלט. ער האָט זיך שטאַרק מצטער געווען. און ער האָט צו זיך אַליין געזאָגט: ווען עס זאָל ניט זיין אַ פירער, פאַרוואָס זשע זאָל דער אונטערגיין און דער אויפגיין. ווען עס זאָל ניט זיין אַ פירער, וואָלט דאָך אַזוי ניט פּאַסירט. איז דאָך ניט אַנדערש נאָר עס מוז זיין אַ פירער. איז וויבאַלד אַזוי, דאַרף מען זיך דאָך ניט בוקן צו זיי, נאָר צו זייער פירער.

אַט אַזוי האָט זיך דאָס אינגל אָנגעהויבן דערגרונטעווען צום אמת. ער איז איצט שוין געווען זיכער אַז אַט די אַלע זאַכן האָבן

ניט באַשאַפן די וועלט. זיי זיינען דעם באַשאַפערס קנעכט. איבער אַט די אַלע איז פאַראַן אַ קעניג, אַ הערשער וועלכער פירט זיי.

ווען דער וועלט באַשאַפער האָט אַ קוק געטאָן ווי דאָס אינגל האָט זעהר גרויסן צער פון זיין ניט וויסן ווער עס איז דער פירער פון דער וועלט, האָט ער זיך צו אים באַוויזן, און ער האָט אים געזאָגט: „איך בין דער פירער פון דער וועלט. און דערפאַר וואָס דו האָסט ליב גערעכטיקייט און האָסט פיינט רשעות, וועל איך דיך זאַלבן פאַר אַלע דורות, וואָס זיינען געווען פאַר דיר, און וואָס וועלן זיין נאָך דיר". און באַוויזן האָט זיך דער באַשעפער צו אים ניט אינגאַנצן, ווייל ער איז דאַן נאָך ניט געווען גע׳מל׳ט.

און דאָס אינגל איז באַלד אַוועק צו אַ קוואַל וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, און ער האָט זיך געוואַשן זיין פנים, זיינע הענט און פיס, און ער האָט תפילה געטאָן צו השם יתברך.

איצט איז ער געווען זיכער אַז ער איז אויף דעם אמת׳ן וועג. ער האָט איצט געוואוסט אַז עס איז פאַראַן בלויז איין וועלט־באַשעפער, און ער פירט דעם ראָד פון דער וועלט; ער האָט באַשאַפן אַלצדינג, און עס איז פאַראַן קיין אַנדערער אַ חוץ אים.

ער איז איצט געווען זיכער אַז די גאַנצע וועלט לעבט אין טעות; אַז די גאַנצע מענטשהייט גייט אויפן פאַלשן וועג; און אַז שולדיק אין דעם זיינען נאָר די, וועלכע דינען די פאַרשידענע אָפּגעטער. און ער האָט זיך טאַקע אַ נעם געטאָן צו איבערצייגן די מענטשן אַז זיי גייען אויף דעם פאַלשן וועג. ער האָט אָנגעהויבן זיי אויפווייזן אַז דינען דאַרף מען בלויז דעם אַלמעכטיקן וועלכער האָט באַשאַפן און פירט די וועלט. און די אַלע אָפּגעטער דאַרף מען צעברעכן און פאַרניכטן, כדי די קומענדיקע דורות זאָלן ניט גיין אויף דעם זעלבן פאַלשן וועג.

און מען דאַרף ניט פאַרגעסן אַז פונקט ווי דער טייטלבוים גיט אַרויס די פירות פון זיך אַליין, פון זיין אייגענעם האַרץ, אַזוי האָט אויך קיינער געלערנט דעם אינגל, אַז עס איז פאַראַן אַן איין און איינציקער פירער אין הימל; אַז נאָר אים דאַרף מען ליב האָבן, און פאַר אים דאַרף מען מורא האָבן. ווייל דאָס אינגל האָט דאָך געהאַט קיין שום לערער, נאָר ער אַליין, מיט זיין אייגענעם געדאַנק און מיט זיין אייגן האַרץ, האָט טאָג און נאַכט נאָכגעדאַכט, ביז ער האָט פון אַליין זיך דערגרונטעוועט צום אמת.

# אברהם און זיין מוטער אמתלאי

און די מוטער האָט דאָס קינד ניט פאַרגעסן. עפּעס אַ קלייניקייט — אַ מוטערס האַרץ! האָט זי געהאַלטן אין איין פאַרגיסן טרערן, אין איין וויינען און קלאָגן. און אַזוי ווי זי האָט עס שוין ניט געקאָנט מער אַריבערטראָגן, האָט זי פאַרלאָזט די שטאָט, און זיך געלאָזט גיין צו דער הייל וואו זי האָט געבוירן און איבערגעלאָזט איר קינד. גייענדיק האָט זי געוויינט און געזאָגט: „ווי צו מיר וואָס איך האָב דיך געבוירן דו זאָלסט ווערן אַ פאַרצוקונג פאַר בערן, לייבן און וועלף״.

און גייענדיק אַזוי לייגגאוים דעם ברעג פון דעם טייך, האָט זי באַגעגנט איר זון, אָבער זי האָט ניט געוואוסט, אַז דאָס איז איר קינד, ווייל ער איז געווען ווי אַ דערוואַקסענער מענטש.

האָט זי זיך געווענדעט צו אים און געזאָגט: „שלום עליך״.

און ער האָט איר געענטפערט: „עליך שלום״, און געפרעגט: „וואָס גייסטו אַרום עפּעס איינע אַליין אין די דאָזיקע וויסטע ערטער?״.

און אמתלאי האָט אים געענטפערט: „איך האָב פאַרלאָזט די שטאָט, און גיי אַרום זוכן מיין קינד״.

„ווער האָט געבראַכט אַהער דיין קינד?״ — האָט ער געפרעגט.

און די פרוי האָט אים געענטפערט: „איך בין תרח׳ס ווייב, און איך האָב אים געבוירן אַ אינגל. בעת איך האָב באַדאַרפט געבוירן מיין קינד, האָב איך מורא געהאַט אַז טאָמער וועט עס זיין אַ אינגל, וועט אונזער קעניג נמרוד עס דער׳הרג׳נען, פונקט ווי ער האָט געטויט די אַנדערע זיבעציק טויזנט אינגלעך. בין איך אַוועק אין דער דאָזיקער געגנט, אַריין אין אַ הייל, דאָרט האָב איך געקראָגן די ווייען פון אַ געווינערין, און איך האָב געבוירן אַ אינגל. האָב איך דאָס קינד איבערגעלאָזט אין דער הייל, און בין געגאַנגען אַהיים. איצט בין איך געקומען זוכן דאָס קינד, און קען עס ניט געפינען״.

„ווי לאַנג איז עס אַז דו האָסט דאָס קינד דאָ איבערגעלאָזט?״ האָט ער געפרעגט.

„אַן ערך פון צוואַנציק טעג״ — האָט זי געענטפערט.

„איז עס דען אַמאָל געהערט געוואָרן, אַז אַ מוטער זאָל איבערלאָזן אַ קליין קינד איינער אַליין אין אַ מדבר, און אים קומען זוכן נאָך צוואַנציק טעג?״ — האָט ער געפרעגט.

„איך האָב זיך פאַרלאָזט אויפן אלמעכטיקן״ — האָט זי געענטפערט.

רופט ער זיך אָן צו איר און זאָגט: „איך בין עס דאָס קינד, וואָס דו ביזט געקומען זוכן".

„איז עס מעגלעך אַז דו ביזט מיין קינד? אין צוואַנציק טעג צייט ביזטו אַזוי אויסגעוואַקסן, און דו גייסט אויף דיינע פיס, און דו רעדסט מיט דיין מויל, און דאָס אַלץ אין צוואַנציק טעג?!" האָט זי זיך געוואונדערט.

און ער האָט איר געענטפערט: „יאָ! און זיי וויסן, מאַמע, אַז עס איז פאַראַן אַ גרויסער פאָטער אין הימל, אַן אַלמעכטיקער, וועלכער לעבט אייביק, וועלכער זעט אַלצדינג, אָבער קיינער זעט אים ניט. ער איז אין הימל, און די גאַנצע וועלט איז פול מיט זיין כבוד".

„אָבער קינד מיינס", זאָגט זי, „איז דען פאַראַן אַ פירער אויף דער וועלט אַ חוץ נמרוד'ן?"

„יאָ, מאַמע, דער וועלכער האָט באַשאַפן הימל, ערד און נמרוד'ן. גיי אַהיים און זיי דאָס מודיע נמרוד'ן".

איז אמתלאי צוריקגעגאַנגען אין שטאָט אַריין, און זי האָט דערציילט איר מאַן תרח פון אַלצדינג. האָט תרח אַ נאָמען געגעבן זיין קינד אברם. ווייל דער קעניג האָט אים דערהויבן אין יענע טעג, און האָט אים געמאַכט העכער פון אַלע זיינע הארן.

און תרח איז אַוועקגעגאַנגען אין דער הויפּטשטאָט וואו דער קעניג נמרוד האָט זיך געפונען, און ער האָט זיך פאַר אים פאַרבוקט. ווייל אַזוי איז דאַן געווען דער מנהג. מען האָט זיך געדאַרפט בוקן מיט דעם פּנים צו דער ערד, און מען האָט זיך ניט געטאָרט אויפהויבן, ביז דער קעניג האָט געהייסן. און דער קעניג האָט צו אים געזאָגט: „הויב אויף דיין קאָפּ און זאָג וואָס דיין פאַרלאַנג איז".

האָט תרח אויפגעהויבן זיין קאָפּ, און ער האָט געזאָגט: „לעבן זאָל מיין האַר, דער קעניג! איך בין געקומען דיר מודיע זיין וועגן דעם וואָס דו האָסט געזען אין די שטערן, אַז עס וועט געבוירן ווערן אין דיין לאַנד אַ אינגל, וואָס וועט צונישט מאַכן דיין אמונה, און צוליב וועמען דו האָסט אומגעבראַכט זיבעציק טויזנט קינדער. איך בין געקומען דיר אָנזאָגן, אַז אָט דאָס אינגל איז מיין קינד, זיין מוטער האָט מיט אים געטראָגן, און איך האָב דערפון ניט געוואוסט. ווייל זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז ניט מעוברת, נאָר אַז זי ליידט פון אַ קראַנקייט אַזאַ. און ווען איך האָב זי אונטערזוכט, האָב איך דערטאַפּט קיין קינד. און ווען דער שוואַנגער פּעריאָד האָט זיך געענדיקט, און זי האָט געדאַרפט געבוירן דאָס קינד, האָט זי פאַרלאָזט די שטאָט. זי איז אַוועק־געגאַנגען צו אַ טייך, און דאָרט האָט זי געפונען אַ הייל, און

דאָרט געבוירן דאָס קינד, און האָט עס איבערגעלאָזט פאַר די ווילדע חיות. נאָך צוואַנציק טעג צייט, איז זי ווידער אַהין געגאַנגען, און זי האָט געפונען דאָס קינד אויסגעוואַקסן, און ער האָט אַרומשפּאַצירט לייִנגאַוים דעם ברעג טייך. ער האָט איר געזאָגט, אַז עס איז פאַראַן אַ פאָטער אין הימל, וואָס זעט אַלצדינג, אָבער מען קען אים ניט זען. און אַז ער איז דער איין און איינציקער אַלמעכטיקער און קיין צווייטער גאָט איז ניטאָ״.

## נמרוד׳ס מורא פאַר אברהם׳ן

ווען דער רשע נמרוד האָט דערהערט די דאָזיקע רייד, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ גרויס ציטערניש. ער האָט באַלד פאַרזאַמלט אַלע זיינע ראַטגעבער, און האָט זיך געהאַלטן מיט זיי אַן עצה.

האָבן די ראַטגעבער צו אים געזאָגט: „אונזער קעניג, אונזער גאָט! צו וואָס דאַרפסטו ציטערן פאַר אַ קליין אינגל! דו האָסט דאָך אין דיין לאַנד צענדליקער טויזנטער הארן, באַדינער און סאָלדאַטן. דער קלענסטער פון דיינע הארן וועט גיין און אים ברענגען, און דו וועסט אים איינשפּאַרן אין געפענגעניש״.

האָט נמרוד צו זיי געזאָגט: „האָט איר דען שוין אין אייער לעבן אַמאָל געזען אַז אַ קינד וואָס איז אַלט בלויז צוואַנציק טעג, זאָל אַרומגיין אויף זיינע פיס, ריידן מיט זיין מויל און זאָגן אַז עס איז פאַראַן אַ פאָטער אין הימל, אַן איין איינציקער אַלמעכטיקער און קיין צווייטער, וועלכער זעט אַלצדינג און קיינער זעט אים?״

און אַלע הארן, וועלכע זיינען דאָרט געווען, האָבן זיך שטאַרק געוואונדערט, ווען זיי האָבן דאָס דערהערט. דערווייל איז געקומען דער שטן, פאַרשטעלט אין דעם געשטאַלט פון אַ מענטשן, און אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן זיידענעם מאַנטל, און ער האָט זיך פאַרבוקט פאַר דעם קעניג, ווי עס איז דאַן געווען דער מנהג, און דער קעניג האָט צו אים געזאָגט: „הויב אויף דיין קאָפּ, און זאָג וואָס דיין פאַרלאַנג איז״.

האָט דער שטן געעפנט זיין מויל, און ער האָט געזאָגט: „וואָס זאָרגסטו זיך אַזוי? וואָס פאַרלירט איר זיך אַלע צוליב אַ קליין אינגל! איך קען אייך געבן אַן עצה וואָס צו טאָן״.

האָט דער מלך צו אים געזאָגט: „וואָס איז דיין עצה?״ און דער שטן האָט געענטפערט: „עפן אויף אַלע דיינע שפּייכלערס וואו דו האַלטסט דאָס געווער, באַוואָפן אַלע דיינע גענעראַלן,

אָפּיצירן און סאָלדאַטן, און שיק זיי ברענגען דאָס אינגל צו דיר, און באַפעל אים דיך צו דינען און צו זיין אונטער דיין אויפזיכט".

האָט דער מלך אַזוי געטאָן. ער האָט געעפנט אַלע זיינע אוצרות מיט כלי זיין, באַוואָפנט זיין גאַנצע אַרמיי, און זיי באַפוילן צו ברענגען דאָס אינגל. ווען אַברם האָט זיי דערזען, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ גרויס ציטערניש, און ער האָט אָנגעהויבן צו שרייען צום פאָטער אין הימל, ער זאָל אים ראַטעווען, וואָרום ער איז דאָך מציל דעם שוואַכן פון דעם שטאַרקן.

און דער אויבערשטער האָט דערהערט זיין געשריי און געזען זיינע טרערן, און ער האָט אים געשיקט דעם מלאך גבריאל, ער זאָל אים ראַטעווען פון זייערע הענט. און דער מלאך האָט צו אים געזאָגט: „וואָס איז מיט דיר, אַברם? פאַרוואָס וויינסטו?"

האָט ער אים געענטפערט: „איך האָב מורא פאַר די דאָזיקע מענטשן וועלכע זיינען געקומען מיך הרג'ענען". אָבער דער מלאך גבריאל האָט אים געענטפערט: „האָב קיין מורא, און האָב קיין אַנגסט, ווייל דער בורא עולם איז מיט דיר, און ער וועט דיך ראַטעווען פון דער האַנט פון דיינע שונאים".

און דער הייליקער, ברוך הוא, האָט באַפוילן דעם מלאך גבריאל, ער זאָל מאַכן אַ וואָלקן און אַ נעפּל צווישן אַברם'ן און זיינע שונאים.

ווען זיי האָבן דערזען דעם וואָלקן, דאָס פינצטערניש און דעם נעפּל, האָבן זיי אָנגעהויבן צו ציטערן. זיי האָבן זיך אומגעקערט צו זייער קעניג נמרוד, און זיי האָבן צו אים געזאָגט: „לאָמיר אַנטלויפן פון דעם דאָזיקן לאַנד".

ווען דער מלך נמרוד האָט דאָס דערהערט, האָט ער געגעבן געלט אַלע זיינע הארן און קנעכט, און זיי זיינען אַלע אַנטלאָפן אין דער מדינה בבל, וואָס איז איינע פון די שטעט, וועלכע נמרוד האָט אויסגעבויט אין דעם לאַנד שנער, און דאָרט האָט ער באַנייט זיין מלוכה.

## אברהם פּראָקלאַמירט אחדות הבורא, דעם גלויבן אינעם איינציקן אויבערשטן

נאָכדעם ווי זיי זיינען אַנטלאָפן, האָט דער אויבערשטער געזאָגט צום מלאך גבריאל: „גיי זאָג אַברם'ן, ער זאָל גיין נאָך דעם פיינט נמרוד קיין בבל". האָט אַברם געענטפערט: „ווי קען איך גיין? איך האָב דאָך קיין שפּייז מיטצונעמען, קיין פערד צום רייטן, און קיינע סאָלדאַטן וועלכע זאָלן מיט אים האַלטן מלחמה".

האָט דער מלאך גבריאל אים געענטפערט: „דו דאַרפסט ניט אָט די אַלע זאַכן. דו דאַרפסט קיין שפייז, קיינע רייט־פערד, קיינע סאָלדאַטן און קיינע רייט־וועגן צו פירן מיט אים מלחמה, ווייל אויף מיינע אַקסלען וועסטו רייטן. איך וועל דיך טראָגן און ברענגען קיין בבל.

האָט אַברם זיך אַרויפגעזעצט אויף דעם מלאך גבריאל'ס אַקסלען, און אין איין אויגנבליק איז ער געווען ביי די טויערן פון בבל. און דער מלאך האָט צו אים געזאָגט: „גיי אַהין אין דער דאָזיקער מדינה און שריי אויף אַ הויך קול: „עס איז פאַראַן בלויז איין פאָטער אין הימל פון אויבן, און אויף דער ערד פון אונטן, און אַן אַנדערער איז ניטאָ; ער האָט קיין געשטאַלט פון אַ גוף, און ער איז קיין גוף. ער איז דער באַשאַפער פון אַלץ און אויך פון נמרוד'ן, און איך, אַברם, זיין קנעכט, בין זיין באַגלויבטער".

איז אַברם אַריין אין שטאָט און האָט געשריען אויף אַ קול, ווי דער מלאך גבריאל האָט אים געהייסן. און גייענדיק אַזוי איבער די גאַסן און מאַרקן, האָט ער אָנגעטראָפן זיין טאַטן און זיין מאַמען, און אויך דעם מלאך גבריאל. האָט דער מלאך גבריאל צו אים געזאָגט: „אַברם, זאָג דיין טאַטען און דיין מאַמען, אַז אויך זיי זאָלן גלויבן אין דעם וואָס דו רופסט אוים".

ווי אַברם האָט דאָס דערהערט, האָט ער געזאָגט צו זיינע עלטערן: „איר דינט אַ מענטשן וועלכער איז פּונקט ווי איר, און איר בוקט זיך צו אַן אָפּגאָט וואָס האָט נמרוד'ס געשטאַלט! ווייסט איר דען ניט אַז ער, דער אָפּגאָט, האָט אַ מויל און קען ניט ריידן, אויגן און קען ניט זען, אויערן און קען ניט הערן, פיס און קען ניט גיין. און ער ברענגט קיין שום נוצן פאַר זיך און אויך ניט פאַר יענעם".

ווען תרח האָט דאָס דערהערט, האָט ער אָנגעהויבן בעטן זיין זון אַברם, ער זאָל גיין מיט אים אַהיים, און אַברם האָט געפאָלגט. ווען אַברם האָט אים דערציילט אַז אין איין טאָג האָט ער געמאַכט אַ שטרעקע וואָס פאָדערט געוויינטלעך פערציק טעג, איז תרח באַלד אַוועק צו נמרוד'ן, און ער האָט צו אים געזאָגט: „זיי וויסן, מיין געביטער, מיין קעניג, אַז דאָס אינגל, מיין זון פון וועמען דו ביזט אַהערצו אַנטלאָפן, געפינט זיך דאָ. און אַז איך האָב אים געפרעגט: ,ווי לאַנג האָט עס דיר גענומען צו קומען אַהערצו', האָט ער געענטפערט: ,נעכטן בין איך פון דאָרט אַוועק, און היינט בין איך אַהער געקומען' ".

# נמרוד אָנערקענט דעם אויבערשטנס איינציקייט

אַזוי ווי נמרוד האָט דערהערט די דאָזיקע ווערטער, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ גרויס שרעקעניש, און ער האָט געפרעגט זיינע האַרן, ראַטגעבער און קלוגע לייט אַן עצה וואָס צו טאָן מיט אַברם׳ן. האָבן זיי אַלע ווי איינער געענטפערט: „לעבן זאָל דער קעניג נמרוד אייביק! אונזער עצה איז אַז דער קעניג זאָל לאָזן אויסרופן איבערן גאַנצן לאַנד, אַז מען זאָל פייערן זיבן טעג מיט סעודות און פאַרווײַלונגען. יעדער איינער זאָל זיך אָנטאָן אין יום טוב׳דיקע קליידער, און דאָס גאַנצע לאַנד זאָל זיין פריילאַך. דאָס זעלבע זאָלסטו אויך טאָן אין דעם קעניגלעכן הויף, און יעדער איינער זאָל קומען און דיך דינען״.

האָט דער קעניג אַזוי געטאָן. אַ באַפעל איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אין בבל. מען האָט אויסגערופן אין אַלע מאַרקן און גאַסן. אַלע האָבן זיך אויסגעפּוצט אין זיידענע און אין אויסגעהאַפּטענע קליידער, און אָנגעטאָן זייער צירונג — יעדער איינער לויט זיינע מעגלעכקייטן.

און דאַן האָט נמרוד זיך אַנידערגעזעצט אויף דעם טראָן, און ער האָט געשיקט נאָך אַברם׳ן. איז אַברם געקומען אין דער באַגלייטונג פון זיין פאָטער תרח. ער איז פאַרבייגעגאַנגען אַלע האַרן און עלצטע, און איז גלייך צו צום טראָן אויף וועלכן דער קעניג איז געזעסן. ער האָט אָנגעכאַפּט דעם טראָן, אים געשאָקלט, און אויסגעשריען אויף אַ הויך קול: „דו אומווירדיקער נמרוד, וואָס לייקנסט אין דעם וועלט-באַשעפער וועלכער לעבט אייביק, און אין זיין באַגלויבטן קנעכט אַברם! דו זאָלסט צוגעבן און זאָגן פּונקט ווי איך, אַז דער האַר איז דער באַשאַפער פון דער וועלט, אַז ער איז איינציק, און עס איז ניטאָ אַ צווייטער, אַז ער איז קיין גוף, ער לעבט און שטאַרבט ניט, ער דרימלט ניט און שלאָפט ניט. זיי מודה אַז דו ביזט אַ שטערבלעכער מענטש, אַז דער אויבערשטער האָט באַשאַפן די וועלט, און איך, אַברם, בין זיין קנעכט, כדי אַלע זאָלן אין אים גלויבן״.

ווען אַברם האָט אַרויסגעזאָגט אָט די דאָזיקע ווערטער, זיינען אַלע געטשקעס, וועלכע זיינען דאָרט געשטאַנען, אומגעפאַלן. ווען דער מלך און זיינע האַרן האָבן דאָס דערזען, זיינען זיי אַלע געפאַלן אויף זייערע פּנים׳ער. דעם קעניגס האַרץ איז צעגאַנגען פון שרעק. די נשמה איז פון אים אַרויסגעפלויגן, און ער איז אַזוי געלעגן מיטן פּנים אויף דער ערד דריטהאַלבן שעה. דאַן איז ער ווידער געקומען צו זיך ביסלעכווייז, און ער האָט געזאָגט:

„אַברם! איז דאָס דיין קול, אָדער דאָס קול פון דיין פאָטער אין הימל," און אַברם האָט געענטפערט: „דאָס איז דאָס קול פון אַ קליין באַשעפעניש וואָס דער הייליגער, געלויבט זיין נאָמען, האָט באַשאַפן".

האָט נמרוד געזאָגט: „אמת, אַברם, דיין באַשעפער איז גרויס, שטאַרק און אַלמעכטיק. ער איז דער קעניג פון אַלע קעניגע". און צו תרח'ן האָט ער געזאָגט, אַז ער און זיין זון מעגן גיין, און זיי זיינען ביידע צוזאַמען אַוועקגעגאַנגען.

## אברהם באַקערט געצנדינערס צום אויבערשטן

און עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ לאַנגע צייט ביז אַברם איז אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר. איז זיין פאָטער תרח קראַנק געוואָרן. האָט תרח גערופן צו זיך זיינע זין הרן און אַברם, און ער האָט געזאָגט צו זיי: „קינדער! איך האָב קיין געלט, שוין אויסגעגעבן די לעצטע מטבע, אַלזאָ בעט איך אייך פאַרקויפט צוויי אָפּ־געטער". איז הרן געגאַנגען, און ער האָט פאַרקויפט די אָפּגעטער, און דאָס געלט האָט ער געגעבן תרח'ן.

און אַברם איז געגאַנגען, און ער האָט גענומען צוויי אַנדערע אָפּגעטער צו פאַרקויפן. ער האָט אַרויפגעלייגט אַ שטריק אויף זייערע העלזער, זיי אַוועקגעלייגט מיט די פּנים'ער אַראָפּ, זיי געשלעפּט איבער די גאַסן און געשריען: „ווער וויל קויפן אַן אָפּגאָט וואָס קען ניט ברענגען נוצן זיך און ניט דעם קונה; ער האָט אַ מויל און קען ניט ריידן, אויגן און קען ניט זען, פיס און קען ניט גיין, אויערן און קען ניט הערן?"

ווען מענטשן האָבן דאָס דערהערט האָבן זיי זיך שטאַרק געוואונדערט. דערווייל איז צוגעקומען צו אים אַן אַלטע פרוי און האָט געזאָגט: „איך בעט דיך, אַברם, גיב מיר עפּעס אַ גוטן, גרויסן גאָט, איך זאָל אים דינען און ליב האָבן".

זאָגט אַברם צו איר: „באַבעניו, איך ווייס אַז סיי די קליינע, סיי די גרויסע אָפּגעטער קענען ניט העלפן, ניט זיך און ניט אַן אַנדערן. און וואָס האָסטו געטאָן מיט דעם גרויסן אָפּגאָט וואָס דו האָסט געקויפט פון מיין ברודער הרן?"

„יענעם האָבן גנבים צוגע'גנב'ט נאָך אין דער זעלבער נאַכט, פונקט ווען איך בין געווען אין באָד", האָט געענטפערט די אַלטיטשקע.

„אויב אַזוי", האָט געזאָגט אַברם, „ווי זשע דינט מען צו אַן אָפּגאָט וואָס קען זיך אַליין ניט העלפן קעגן גנבים! און דו

דערוואַרסט נאָך אַז דער גאָט וואָס קען זיך אַליין ניט העלפֿן, זאָל דיר העלפֿן!״

„אויב דו ביזט גערעכט, אַברם, איז וועמען זשע זאָל איך דינען?״ פרעגט די אַלטיטשקע.

„וואָס הייסט וועמען!״ שרייט אויס אַברם, „דין דעם האַר פֿון אַלע האַרן, דעם באַשעפֿער וועלכער האָט באַשאַפֿן הימל און ערד, דעם ים און אַלץ וואָס עס געפֿינט זיך אין אים; ער איז אויך דער באַשאַפֿער פֿון נמרוד׳ן, פֿון תּרח׳ן, פֿון מזרח און מערב, פֿון צפֿון און דרום; און ווער איז עס דער הונט נמרוד וואָס דערקלערט זיך פֿאַר אַ גאָט, און וויל מען זאָל אים דינען!״

„ביזט גערעכט, אַברם, פֿון איצט אָן און ווייטער וועל איך דינען בלויז דיין פֿאָטער אין הימל, אַברם. אָבער וואָס פֿאַר אַ נוצן וועט עס מיר ברענגען?״ פרעגט די אַלטיטשקע.

„אַלץ וואָס מען האָט ביי דיר צוגע׳גנב׳ט וועט דיר אומגעקערט ווערן, און ער וועט דיך ראַטעווען פֿון גיהנם״, ענטפֿערט אַברם.

„און וואָס דאַרף איך טאָן כּדי ניצול צו ווערן פֿון גיהנם?״ פרעגט די זקנה.

„אַלץ וואָס דו דאַרפֿסט טאָן איז צו אַנערקענען אַז דער באַשעפֿער איז אין הימל און אויף דער ערד. ער איז איינער, און עס איז ניט פֿאַראַן אַ צווייטער. ער מאַכט טויט און לעבעדיק, און איך, אַברם, בין זיין באַגלויבטער קנעכט״, האָט אַברם געענטפֿערט, און די אַלטינקע האָט איינגעוויליקט.

און די אַלטע האָט טאַקע באַלד תּשובֿה געטאָן. זי האָט חרטה געקראָגן וואָס זי האָט געדינט אָפּגעטער. מען האָט אויך געפֿונען די גנבֿים, און זיי האָבן איר אָפּגעגעבן דעם אָפּגאָט. איז זי געגאַנגען, און האָט גענומען אַ שטיין, אים צעקלאַפּט דעם קאָפּ, און געזאָגט: „ווי צו דיר און צו די אַלע וועלכע דינען דיך, וואָרום דו ביזט נוצלאָז פֿאַר דיך און פֿאַר די וועלכע דינען דיך״.

און נאָכדעם איז זי אַרויס, אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און מאַרקן און האָט געשריען: „ווער עס וויל געראַטעוועט ווערן פֿון גיהנם, און מצליח זיין אין אַלץ וואָס ער טוט, זאָל דינען דעם אַלמעכטיקן״.

אָט אַזוי האָט זי באַקערט פֿילע מענער און פֿרויען צו דינען דעם אייבערשטן. און ווען נמרוד איז דערפֿון געוואָר געוואָרן, האָט ער זי געשיקט רופֿן און געזאָגט צו איר: „ווי קומט עס וואָס דו האָסט מיך אויפֿגעהערט צו דינען? איך בין דאָך דיין גאָט, איך האָב דיך באַשאַפֿן״.

האָט זי געענטפֿערט: „דו ביזט אַ ליגנער, דו לייקנסט

אין דעם איין און איינציקן באַשעפער פון וועמענס גוטס דו עסט, און אין זיין קנעכט אברם״.

ווען דער מלך האָט דאָס דערהערט האָט ער באַפוילן זי צו טויטן. האָט מען זיין באַפעל אויסגעפאָלגט. אָבער אירע רייד האָבן אָנגעוואָרפן אויף אים אַ גרויס ציטערניש. ער האָט זיך געוואונדערט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אברם׳ן, וואָס מאַכט אַז דאָס פאָלק זאָל דינען דעם וועלט־באַשאַפער, ניט אים.

## אברהם און זיין פאָטערס אָפּגעטער

אָון ווען אברם איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר, איז זיין פאָטער תרח נאָך אַלץ געווען דער הויפּט פון נמרוד׳ס אַרמיי, און ער איז נאָך אַלץ געגאַנגען אין נמרוד׳ס וועגן און האָט געדינט אָפּגעטער פון שטיין און פון האָלץ.

צו יענער צייט האָט אברם באַשלאָסן צו פאַרניכטן זיין פאָטערס אָפּגעטער, די צוועלף אָפּגעטער וואָס זיינען נאָך געשטאַנען אין זיין פאָטערס הויז. ער האָט געגעבן אַ שבועה: „אויב איך וועל ניט פאַרניכטן מיין פאָטערס אָפּגעטער אין משך פון דריי טעג און זיי לאָזן שטיין וואו זיי שטייען, זאָל דער אַלמעכטיקער וועלכער האָט מיך באַשאַפן מיר טאָן אַזוי און אַזוי״.

און ער איז געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט, און ער איז אַריין צו זיין פאָטער אין צימער. ער האָט אים געפונען זיצן מיט זיינע קנעכט. האָט ער זיך צו אים געווענדעט: „טאַטע, קענסטו מיר זאָגן וואו עס געפינט זיך דער בורא וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד, אַלע מענטשן, אויך דיך און מיך?״

האָט תרח גענומען זיין זון אברם און אים אַריינגעפירט אין אַ זאַל אַריין, וואו עס זיינען געשטאַנען צוועלף גרויסע הילצערנע און שטיינערנע אָפּגעטער און אַ גרויסע צאָל קליינע אָפּגעטער, און ער האָט געזאָגט: „אָט דאָס זיינען די געטער וועלכע האָבן באַשאַפן אַלץ וואָס דו זעסט אויף דער ערד, און אויך מיך און דיך, און אַלע מענטשן וועלכע געפינען זיך אויף דער וועלט״. און תרח האָט זיך פאַר זיי געבוקט און איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם צימער, און אברם איז אים נאָכגעגאַנגען.

אברם איז פון דאָרט געגאַנגען צו זיין מאַמען און האָט גע־זאָגט צו איר: „דער טאַטע האָט מיר נאָר וואָס געוויזן די געטער וועלכע האָבן באַשאַפן דעם הימל, די ערד און די מענטשן. נעם זשע שנעל, איך בעט דיך, אַ ציגעלע, און מאַך אַ גוטן מאַלצייט, וועל איך

דאָס ברענגען צום טאַטנס געטער אַ מתנה צו עסן, אפשר וועל איך געפינען חן אין זייערע אויגן".

האָט זיין מוטער דערפילט זיין פאַרלאַנג. זי האָט גענומען אַ ציגעלע, און געמאַכט אַ געשמאַק געקעכטס, און עס געבראַכט אברם'ן. און אברם האָט עס גענומען און געבראַכט צו די געטער, און ער האָט עס אַוועקגעשטעלט פאַר זיי אַהן זיין פאָטערס וויסן.

איז אברם געזעסן אַ ווײַלע און האָט אַכטונג געגעבן. אָבער ער האָט פון זיי געהערט קיין וואָרט, קיין שום באַוועגונג געזען און קיינער פון זיי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צום עסנוואַרג. האָט ער אָנגעהויבן חוזק צו מאַכן און געזאָגט: „אפשר געפעלט זיי ניט דער מאַלצייט; אָדער אפשר איז עס צו ווייניק פאַר זיי. דערפאַר ווילן זיי ניט עסן. וועל איך מאָרגן צוגרייטן אַנדערע עסנוואַרגן, מער און בעסערע, וועל איך זען וואָס עס וועט זיין".

האָט אברם דעם צווייטן טאָג ווידעראַמאָל געבעטן זיין מוטער צוצוגרייטן אַ געקעכטס. האָט זי גענומען די דריי בעסטע ציגעלעך און געמאַכט אַ זעהר געשמאַקן מאַלצייט, אַזוי ווי איר זון האָט ליב, און זי האָט עס אים געגעבן, אָהן תרח'ס וויסן. און אברם האָט אַוועקגעשטעלט דאָס עסן פאַר יעדן פון זיין פאָטערס אָפּגעטער. ער איז געזעסן אַ גאַנצן טאָג און האָט געוואַרט אפשר וועלן זיי עסן. אָבער ער האָט געהערט פון זיי קיין שום קול, געזען קיין שום באַוועגונג, און קיינער פון זיי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צום עסן.

## אברהם פאַרניכטעט זיין פאָטערס אָפּגעטער

און אין יענעם טאָג, פאַרנאַכט, האָט דעם אויבערשטנס גייסט באַקליידט אברם'ן אין זיין פאָטערס הויז, און אברם האָט אויסגעשריען: „ווי צו מיין פאָטער און צו זיין גאַנצן זינדיקן דור, וואָס דינען נאַרעשקייטן; וואָס דינען אָפּגעטער פון האָלץ און פון שטיין וואָס קענען ניט עסן, קענען ניט שמעקן, הערן ניט, ריידן ניט; קענען זיך ניט באַוועגן און ניט גיין, און רירן ניט מיט די הענט. אַזוי זאָלן ווערן אַלע די וועלכע האָבן זיי געמאַכט, און אַלע וועלכע פאַרלאָזן זיך אויף זיי, און יעדער איינער וועלכער דינט צו זיי און בוקט זיך צו זיי".

און אברם'ן האָט שטאַרק פאַרדראָסן אויף זיין פאָטער. האָט ער זיך געאײַלט און גענומען אַ האַק אין זיינע הענט, און ער איז אַריין אין דעם זאַל וואו עס האָבן זיך געפונען זיין פאָטערס אָפּגעטער, און ער האָט זיי אַלע צעבראָכן. און נאָכדעם ווי ער

האָט זיי צעבראָכן, האָט ער אַריינגעשטעקט די האַק אין דער האַנט פון דעם גרעסטן גאָט, וואָס איז דאָרט געווען, און ער האָט זיך געלאָזט אַוועק גיין.

ווען תרח האָט דערהערט דאָס געקלאַפּעריי, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו זען וואָס עס איז דאָרט אַזעלכעס געשען. הערנדיק אַז דאָס גערויש קומט פון דעם אָפּגעטער־זאַל, האָט ער זיך געלאָזט אַהינצו. אַריינגייענדיק האָט ער געטראָפן אברם'ן אַרויסגיין, און ער האָט דערזען ווי אַלע אָפּגעטער ליגן אויף דער ערד צעבראָכן; די האַק שטעקט אין דער האַנט פון דעם גרעסטן אָפּגאָט, וועלכן אברם האָט ניט פאַרניכטעט, און די שפּייז וואָס אברם האָט געבראַכט פאַר זיי, שטייט נאָך.

ווען תרח האָט דאָס דערזען, האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן. ער האָט זיך געאײַלט און איז אַרויס פון דעם זאַל צו אברם'ן, און ער האָט אים געטראָפן זיצן אין הויז.

„וואָס האָסטו געטאָן צו די געטער? וואָס האָסטו פון זיי געמאַכט?" האָט תרח געפרעגט אָן אויפגערעגטער.

און אברם האָט אים געענטפערט און געזאָגט: ניט איך, טאַטע. איך האָב זיי געבראַכט שפּייז צו עסן, און ווי נאָר איך האָב פאַר זיי אַוועקגעשטעלט די שפּייז, האָבן זיי אַלע אויסגע־שטרעקט זייערע הענט און געוואָלט נעמען, נאָך איידער דער גרעסטער אָפּגאָט האָט באַוויזן אויסצושטרעקן זיין האַנט. ווען דער גרויסער אָפּגאָט האָט דאָס דערזען, האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן. איז ער געגאַנגען און האָט גענומען די האַק וואָס מיר האָבן אין הויז, און ער האָט זיי אַלע צעבראָכן. דו זעסט דאָך ווי די האַק שטעקט נאָך אַפילו אין זיין האַנט".

האָט תרח'ן שטאַרק פאַרדראָסן פאַרוואָס זיין זון רעדט צו אים אַזעלכע זאַכן, און ער האָט זיך צעבייזערט אויף אים: „וואָס רעדסטו צו מיר אַזעלכע נאַרעשקייטן? דו זאָגסט אַ ליגן! האָבן דען די דאָזיקע געטער גייסט, נשמה און כוח צו טאָן דאָס אַלץ וואָס דו רעכנסט אויס? זיי זיינען דאָך ניט מער ווי האָלץ און שטיין, און איך אַליין האָב זיי דאָך געמאַכט! איז וואָס זשע זאָגסטו אַזעלכע שקרים, און וואָס דערציילסטו מיר אַ מעשה, אַז דער גרויסער אָפּגאָט האָט זיי צעבראָכן. דאָס האָסטו זיי צעבראָכן און דו האָסט אַריינגעשטעקט די האַק אין זיין האַנט, כדי דו זאָלסט קענען זאָגן אַז דאָס האָט ער זיי צעבראָכן!"

„אויב אַזוי", האָט אברם געענטפערט זיין פאָטער, „ווי זשע קומט עס וואָס דו דינסט אַזעלכע געטער וואָס קענען קיין שום זאַך טאָן? קענען אָט די דאָזיקע געטער אין וועלכע דו האָסט בטחון דיר העלפן? קענען זיי דען הערן דיין געבעט ווען דו

שרייסט צו זיי? וועלן זיי דיך דען ראטעווען פון דיינע שונאים? קענען זיי דען פירן דיינע מלחמות מיט דיינע שונאים? צו וואס דינסטו, צו האלץ און צו שטיין?! זיי וויסן אז סיי דו, און סיי די אלע וועלכע טוען ווי דו, טוען ניט ריכטיק. וואס זייט איר, נאראנים! צי זייט איר טאקע אזעלכע טפשים? פארמאגט איר טאקע מער קיין פארשטאנד, ווי נאר צו דינען צו האלץ און צו שטיין?! פארוואס פארגעסט איר דעם באשעפער וועלכער האט באשאפן הימל און ערד, און אייך! זייט וויסן אז איר ברענגט אויף אייך פיל שלעכטס דורך דעם. די זעלביקע זינד זיינען באגאנגען אונזערע אור-עלטערן, האט דער באשעפער אויף זיי געבראכט א מבול, און ער האט פארניכטעט די גאנצע וועלט. פארוואס זשע טוט איר דאס זעלבע? ווילט איר דערצערענען דעם פירער פון דער גאנצער וועלט? פאלג מיך, טאטע, הער אויף צו טאן די נארעשקייטן און מייד אויס שלעכטס פון דיר און פון דיין הויז-געזינד". און אברם האט א שפרונג געטאן, געכאפט די האק און צעבראכן דעם גרויסן אפגאט, און ער איז ארויסגעלאפן.

## אברהם ביים קעניג נמרוד

ווען תרח האט דערזען וואס זיין זון אברם האט אפגעטאן, איז ער געלאפן צום קעניג נמרוד, און האט זיך פאר אים געקנייט.

„וואס איז דיין פארלאנג?" האט דער קעניג געפרעגט.

„אדוני קעניג", האט תרח געענטפערט, „היינט איז פופציק יאר אז מיין ווייב האט מיר געבוירן א זון. איז ער געגאנגען און האט היינט פארניכטעט אלע מיינע געטער. בעט איך דיך, אדוני קעניג, שיק אים רופן, זאל ער קומען צו דיר, און משפט אים לויט דיינע געזעצן, כדי מיר זאלן אלע ניצול ווערן פון זיין שלעכטס".

האט נמרוד געשיקט דריי פון זיינע דינער, און זיי האבן געבראכט אברם'ען. און נמרוד, אלע זיינע הארן און דינער, זיינען יענעם טאג געזעסן ביי אים, און אויך תרח איז דארט געווען. און דער קעניג האט געזאגט צו אברם'ען: „וואס האסטו געטאן צו דיין טאטנס אפגעטער?"

און אברם האט געענטפערט דעם קעניג פונקט ווי ער האט געענטפערט זיין פאטער, און ער האט געזאגט: „דער גרויסער אפגאט וואס האט זיך געפונען מיט זיי אין הויז, האט געטאן דאס וואס דו האסט געהערט".

אבער דער מלך האט געזאגט צו אברם'ען: „קענען זיי דען עסן, ריידן און טאן אלץ וואס דו האסט אויסגערעכנט?"

„אויב זיי קענען ניט", האָט אברם געענטפערט, „טאָ פאַרוואָס זשע דינט איר צו זיי? פאַרוואָס זשע פאַרפירסטו די מענטשן מיט דיינע נאַרעשקייטן? רעכנסטו טאַקע אַז זיי קענען דיך ראַטעווען, אַז זיי קענען דיר העלפן דאָס מינדעסטע, וואָס דו דינסט צו זיי? פאַרוואָס דינט איר ניט דעם באַשעפער פון דער גאַנצער וועלט, וואָס האָט אייך אַלע באַשאַפן, וואָס קען אייך מאַכן טויט און לעבעדיק? אוי, דו נאַרעשער קעניג! דו ליידיקער קאָפּ! ווייַ צו דיר אַלע דיינע יאָרן! איך האָב גערעכנט אַז דו וועסט לערנען דיינע קנעכט דעם ריכטיקן וועג, אָבער ניט אַזוי האָסטו געטאָן. דו האָסט פול געמאַכט די וועלט מיט דיינע זינד און מיט די זינד פון דיינע אַרויסהעלפער, וואָס זיינען געגאַנגען אין דיינע וועגן! ווייסטו דען ניט וואָס עס האָט געטראָפן צו יענעם דור וואָס האָט געטאָן ווי דו! ווייסטו דען ניט, אַז דער אַלמעכטיקער האָט אויף זיי געבראַכט אַ מבול, און זיי אַלע אומגעבראַכט! ווילסטו אַז דאָס שלעכטס זאָל זיך איבער'חזר'ן נאָכאַמאָל! פאָלג מיך און קער זיך אָפּ פון דיינע שלעכטע מעשים, און דין דעם אייביקן, אין וועמענס הענט דיין לעבן ליגט. טאָמער, אָבער, וויל ניט דיין שלעכט האַרץ זיך צוהערן צו מיינע ווערטער, וועסטו שטאַרבן אין חרפּה און אין שאַנד, דו און אַלע דיינע מענטשן וועלכע גייען אין דיינע שלעכטע וועגן".

און ווען אברם האָט געענדיקט זיינע ווערטער פאַר דעם קעניג און זיינע האַרן, האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל, און האָט אויסגעשריען: „זאָל דער אַלמעכטיקער משפּט'ן אַלע רשעים".

ווען דער מלך האָט דערהערט אברם'ס רייד, האָט ער צו אים געזאָגט: „פאַרוואָס בוקסטו זיך ניט צו מיין גאָט?" (כאָטש ער האָט זיך אַליין געהאַלטן פאַר אַ גאָט).

„ווער איז דיין גאָט?" האָט אברם געפרעגט.

„פייער איז מיין גאָט", האָט דער קעניג געענטפערט.

„אָבער", ענטפערט אברם, „מיר געפינען דאָך אַ זאַך וואָס איז שטאַרקער פון פייער, נעמלעך וואַסער, וואָרום וואַסער לעשט דאָך אויס פייער".

„בוקן מיר זיך אויך צו וואַסער", כאַפּט אונטער נמרוד.

„איז דאָך אָבער פאַראַן אַ זאַך וואָס איז שטאַרקער פון וואַסער", ענטפערט אברם, „אָט זעען מיר דאָך ווי די וואָלקנס טראָגן דאָס וואַסער".

„מיר בוקן זיך טאַקע אויך צו די וואָלקנס", באַמערקט נמרוד.

„געפינען מיר דאָך אָבער אַ זאַך וואָס איז שטאַרקער פון

די וואָלקנס", טענה'ט אברם, „עס קומען ווינטן און צעטרייבן די וואָלקנס".

„אויך צו די ווינטן בוקן מיר זיך", זאָגט דער קעניג.

און אברם ענטפערט: „דער מענטש איז שטאַרקער פון די ווינטן".

האָט נמרוד אַ געשריי געטאָן: „וואָס מאַכסטו חוזק פון מלכות! איך בוק זיך בלויז צום פייער. אויב דו וועסט זיך ניט בוקן צום פייער, וועל איך דיך אַריינוואַרפן אין פייער אַריין. און אויב דער וועמען דו דינסט איז שטאַרקער, זאָל ער קומען און דיך ראַטעווען". און אברם האָט געענטפערט: „דער אויבערשטער איז מיט מיר, איך האָב קיין מורא, וואָס קען מיר נמרוד טאָן!"

און דער מלך האָט באַלד באַפוילן, אַז מען זאָל אים איינזעצן אין תפיסה, און מען זאָל אים געבן קיין ברויט צו עסן און קיין וואַסער צו טרינקען. און אברם האָט אָפּגעשמאַכט צען יאָר אין תפיסה — דריי יאָר אין כותא און זיבן יאָר אין קרדו. עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז זיבן יאָר אין כותא און דריי יאָר אין קרדו.

# אברהם אין טורמע

ליצנדיק אין טורמע האָט אברם אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל און ער האָט אויסגעשריען: „האַר פון דער וועלט! דו ווייסט דאָך אַלע פאַרבאָרגענע זאַכן, דו ווייסט דאָך אַז איך בין געקומען אַהער נאָר דערפאַר ווייל איך דין דיך!" האָט דער הייליקער, ברוך הוא, געהערט זיין געבעט, און ער האָט געשיקט דעם מלאך גבריאל, ער זאָל אים העלפן קעגן דעם דאָזיקן הונט. און ער האָט אים געזאָגט: „שלום עליך אברם, האָב קיין מורא און האָב קיין אַנגסט, ווייל דער פאָטער אין הימל איז מיט דיר".

אין יענעם מאָמענט האָט זיך באַוויזן אַ קוואַל מיט וואַסער. האָט אברם דערפון געטרונקען. דער מלאך האָט אים געבראַכט פאַרשידענע מינים עסנוואַרג, און ער איז געזעסן דאָרט מיט אים אַכטונג צו געבן אויף אים.

אין אַט יענע טעג, ווען אברם האָט נאָך געשמאַכט אין טורמע, האָט דער מלך פאַרזאַמלט צו זיך אַלע האַרן, אַלע חכמים, אַלע ראַטגעבער. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט פאַר דעם מלך. און ער האָט צו זיי געזאָגט: „איר האָט דאָך געהערט אַז תרח'ס זון האָט אים אָנגעטאָן אַזוי און אַזוי, בין איך געגאַנגען און איך האָב נאָך אים געשיקט און מען האָט אים געבראַכט פאַר מיר.

האָט ער געזאָגט צו מיר אַזוי און אַזוי, און ער האָט גאָרניט מורא געהאַט, און זיין הארץ האָט ניט געציטערט. איצט זיצט ער איינגעשפּאַרט אין טורמע, און איר אורטיילט וואָס פאַר אַ פּסק עס קומט אָט דעם דאָזיקן מענטשן וועלכער האָט געשאָלטן דעם קעניג און האָט געטאָן און גערעדט אַלץ וואָס איר האָט געהערט?"

האָבן די אַלע הארן, חכמים און ראַטגעבער געענטפערט דעם מלך אַזוי צו זאָגן: „אַ מענטש וועלכער שעלט דעם מלך קומט אויפצוהענגען. אָבער אַזוי ווי ער האָט נאָך געטאָן אָט די אַלע אַנדערע זאַכן, און ער האָט מבזה געווען אונזערע גאָט, קומט אים צו פאַרברענען אין פייער, וואָרום דאָס איז דאָס געזעץ פאַר אַזאַ זאַך".

און זיי האָבן געראָטן דעם מלך און צו אים געזאָגט: „היים אויפבויען אַ גרויסע געביידע, און לאָז אויסרופן אַז יעדער איינער וועמען דעם מלך'ס ארבעט איז ליב זאָל ברענגען אַהין אַ סך האָלץ, ביז דער גאַנצער פּלאַץ וועט זיין אָנגעפּיקעוועט מיט האָלץ און דאַן זאָל מען דאָס האָלץ אונטערצינדן. דריי טעג און דריי נעכט זאָל עס ברענען ביז דער פלאַם וועט דערגרייכן ביז צום הימל, און דאַן זאָל מען דעם דאָזיקן מענטשן אַהין אריינוואַרפן, און דורך דעם וועלן אַלע גלויבן אין דיר אייביק, און דיין גלויבן וועט ניט ליידן".

האָט דער מלך זיך שטאַרק געפרייט מיט דער דאָזיקער עצה. ער האָט באַלד ארויסגעגעבן אַ באַפעל אַזוי צו זאָגן: „יעדער מאַן און פרוי, יונג און אַלט אין אַלע מדינות פון דעם מלך, זאָלן אין משך פון פערציק טעג ברענגען האָלץ צו יענער געביידע". און דער מלך האָט געגעבן אַ באַפעל צו מאַכן אַ קאַלך־אויוון אין דער געביידע, און אין אים האָט מען אָנגעצונדן דאָס האָלץ. דריי טעג און דריי נעכט האָט עס געברענט. דער פלאַם האָט דערגרייכט אַזש ביז דעם הימל, און דאָס פאָלק האָט געציטערט פון צופיל פייער.

און אַלע קנעכט פון דעם מלך, און אַלע זיינע הארן און העלדן, אַלע עלצטע און ריכטער ארום נייען הונדערט טויזנט אין צאָל, און אַלע איינוואוינער פון דעם לאַנד, זיינען געשטאַנען קעגן דעם קאַלך־אויוון, צו זען אברם'ן. אַלע ווייבער און אַלע קינדער האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף די דעכער און אויף די טורעמס צו זען אברם'ן. אַלע, אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט, און עס איז ניט געווען איין מענטש וועלכער איז ניט געקומען קוקן.

און דער מלך האָט געשיקט רופן דעם אויפזעער פון דער טורמע, און ער האָט צו אים געזאָגט: „ברענג מיר מיין פיינט אברם, און וואַרף אים אריין אין דעם דאָזיקן קאַלך אויוון".

האָט דער טורמע אויפזעער זיך פאַרבוקט פאַר דעם קעניג

און צו אים געזאָגט: „ווי קענסטו פון מיר פאַרלאַנגען אַ מענטשן וועלכער זיצט שוין אַזוי לאַנג אין טורמע און קיין מענטש האָט אים געבראַכט ברויט, וואַסער אָדער אַן אַנדער עסנוואַרג?"

„גיי סיי ווי צוריק אין טורמע", ענטפערט דער מלך, „און שריי צו אים, איז אויב ער וועט דיר ענטפערן זאָלסטו אים ברענגען, וועל איך אים אַריינוואַרפן אין פייער אַריין. און אויב ער איז טויט, איז דאָך געוויס גוט, זאָלסטו אים דאָרט באַגראָבן, און זיין נאָמען זאָל מער ניט דערמאָנט ווערן".

איז דער אויפזעער פון דעם געפענגעניש געגאַנגען, און ער האָט אויפגעעפנט דעם קערקער און אויסגעשריען אויף אַ הויך קול: „אברם דו לעבסט, צי ביזטו טויט!"

„איך לעב!" האָט אברם געענטפערט.

„ווער האָט דיר ביז איצט געגעבן צו עסן און צו טרינקען?" האָט דער אויפזעער געפרעגט.

און אברם האָט געענטפערט: „מיך האָט געשפייזט דער דאָזיקער וועלכער שאַפט איבער אַלצדינג, דער האַר פון אַלע האַרן, דער איינציקער וועלכער קען טאָן וואונדער, וועלכער איז אויך דער באַשאַפער פון נמרוד'ן, פון תרח'ן; ער שפּייזט די גאַנצע וועלט; ער זעט, אָבער אים קען מען ניט זען; ער איז אין הימל אויבן און געפינט זיך איבעראַל, און גיט אַכטונג אויף אַלע קלייניקייטן".

ווען דער אויפזעער האָט דערהערט אברם'ס רייד, האָט ער אויך אָנגעהויבן גלויבן אין אברם'ס פאָטער אין הימל, און ער האָט אויסגעשריען: „אברם! דיין באַשעפער איז מיין באַשעפער! איך בין אַן עד. און דו ביזט זיין קנעכט און זיין אמת'ער נביא, און נמרוד איז אַ ליגנער!"

האָט מען דעם מלך באַלד מודיע געווען, אַז דער אויפזעער פונעם געפענגעניש לייקנט אין אים און גלויבט אין אברם'ס פאָטער אין הימל. האָט ער זיך שטאַרק געוואונדערט און האָט געשיקט אים רופן.

„ווי קומט עס עפּעס", פרעגט אים דער מלך, „וואָס דו לייקנסט אין מיר און גלויבסט גאָר אין אברם'ס האַר פון דער וועלט, און אַז אברם איז זיין אמת'ער קנעכט?"

און ער ענטפערט אים: „ווייל ער זאָגט אמת, און דו מלך נמרוד, לייקנסט אין אמת!"

ווען דער מלך האָט דאָס דערהערט, איז אים געוואָרן שטאַרק טרויעריק אויפן האַרצן. דער גרימצאָרן האָט זיך אין אים אָנגעצונדן, און ער האָט באַפוילן אים צו טויטן.

ווען מען האָט אים גענומען טויטן, האָט ער געהאַלטן אין איין שרייען: „אברם'ס האַר פון דער וועלט איז אַלמעכטיק, און

נמרוד איז אַ ליגנער״. די שווערד האָט ניט געוואָלט איבערשניידן זיין האַלז, און וואָס מער מען האָט געשלאָגן מיט דער שווערד, אַלץ מער איז זי צעבראָכן געוואָרן.

האָט דער מלך זיך שטאַרק געוואונדערט, און ער האָט באַפוילן מען זאָל ברענגען אברם׳ן און אים אַריינוואַרפן אינעם פייערדיקן קאַלך אויוון.

## אברהם אינעם קאַלך־אויוון

איז איינער פון די האַרן אַוועק, און ער האָט געבראַכט אברם׳ן. און נמרוד און דער גאַנצער דור הפלגה זיינען געזעסן. האָט מען אַריינגעפירט אברם׳ן, אים אַוועקגעשטעלט אין מיטן, און נמרוד האָט געפרעגט: „צו וועמען זשע זאָל איך דינען?״

און אברם האָט געענטפערט: „צום פאָטער אין הימל, צום האַר פון אַלע האַרן, וועמענס קעניגרייך איז אייביק אין הימל און אויף דער ערד״.

אָבער נמרוד האָט געענטפערט: „איך דין דעם גאָט פון פייער, און אין פייער וועל איך דיך אַריינוואַרפן. זאָל קומען דיין אַלמעכטיקער און דיך אַרויסראַטעווען״.

און מען האָט באַלד גענומען אברם׳ן, אים געבונדן, און אים אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, און נמרוד האָט געגעבן אַ באַפעל דעם עלצטן וועלכער האָט אים געבראַכט: „וואַרף אים אַריין!״

אָבער ווי נאָר דער עלצטער איז צוגעגאַנגען אים אַריינ־וואַרפן, איז אַ פלאַם פייער אַרויס פון דעם קאַלך אויוון, און האָט אים פאַרברענט.

האָט זיך אויפגעשטעלט אַן אַנדער עלצטער וועלכער האָט אים געוואָלט אַריינוואַרפן, אָבער אויך ער איז פאַרברענט געוואָרן. און אַזוי האָט עס פּאַסירט מיט אַן אומגעהויער גרויסער צאָל מענטשן וועלכע האָבן געוואָלט אים אַריינוואַרפן.

דערווייל האָט דער שטן זיך פאַרשטעלט פאַר אַ מענטש און איז געקומען צום קעניג און האָט זיך פאַר אים פאַרבוקט. האָט דער מלך צו אים געזאָגט: „וואָס פאַרלאַנגסטו!?״

און דער שטן האָט געענטפערט: „איך קען דיר געבן אַן עצה, ווי אַזוי אַריינצוואַרפן אברם׳ן אין קאַלך אויוון און עס זאָל שאַטן קיין מענטש״.

„אדרבה, ווי אַזוי?״ האָט דער קעניג געפרעגט, און דער שטן האָט געענטפערט: „זאָל מען מיר ברענגען גענוג געהילץ, טשוועקעס און שטריק, וועל איך מאַכן אַזאַ מין געשטעל. און אַט

דאָס געשטעל וועט אים אַריינוואַרפן אין קאַלך אויוון פון דער וויטן, און קיין מענטש וועט פאַרברענט ווערן".

האָט דער קעניג זיך זעהר שטאַרק געפרייט מיט דער דאָזיקער עצה, און ער האָט באַפוילן צו מאַכן אַלץ וואָס דער שטן האָט געהייסן. און ווען מען האָט דאָס געשטעל פאַרטיק געמאַכט, האָט מען עס דריי מאָל אויספּרובירט פאַר דעם קעניגס אויגן מיט שטיינער, און עס האָט טאַקע אַריינגעוואָרפן די שטיינער אין קאַלך אויוון אַריין פון דערווייטן.

איז מען געגאַנגען, און מען האָט געבונדן אברם'ן די הענט און די פיס, און מען האָט אים אַרויפגעלייגט אויף דעם דאָזיקן געשטעל, אים אַריינצוּוואַרפן. און אברם איז דאַן אַלט געווען פופציק יאָר.

ווען אברם האָט דערזען ווי מען בינדט אים, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און האָט געזאָגט: „פאָטער אין הימל, דו זעסט דאָך וואָס דער דאָזיקער רשע טוט מיט מיר!" און די מלאכים האָבן געזאָגט צום אויבערשטן: „האר פון דער וועלט, די גאַנצע וועלט איז דאָך פול מיט דיין כבוד! ווייסטו דען ניט וואָס דער כופר נמרוד טוט מיט דיין קנעכט און נביא אברם?"

און דער אַלמעכטיקער האָט געענטפערט: „וואָס הייסט איך וויים ניט! איך וויים דאָך אַלע פאַרבאָרגענע זאַכן! אָבער איך וועל אייך ווייזן ווי אַזוי איך וועל נעמען נקמה אין דעם כופר נמרוד, און מיין קנעכט אברם וועל איך מציל זיין".

און דער שטן איז געקומען צו אברם'ן אין דער געשטאַלט פון אַ מענטש, און ער האָט צו אים געזאָגט: „אברם! אויב דו ווילסט ניצול ווערן פון נמרוד'ס פייער, בוק זיך צו אים און גלויב אין אים".

ווען אברם וועלכער איז געווען גרייט אומצוקומען אויף קידוש השם האָט דערהערט די דאָזיקע ווערטער, האָט ער צו אים געזאָגט: „זאָל דער אויבערשטער דיך פאַרשעלטן, שטן, דו אומווירדיקער, דו פאַרשאָלטענער, דו כופר!" און דער שטן איז אַוועק.

איז געקומען אברם'ס מוטער זיך געזעגענען מיט אים און אים קושן איידער מען וואַרפט אים אַריין אין דעם פייערדיקן קאַלך אויוון, און זי האָט צו אים געזאָגט: „מיין קינד! בוק זיך צו נמרוד'ן, נעם אָן זיין גלויבן, און ראַטעווע זיך פון דעם קאַלך אויוון".

אָבער אברם האָט איר געענטפערט: „מאַמע! גיי אַוועק פון מיר". און אַוועקשטופנדיק זי פון אים, האָט ער איר געזאָגט: „מאַמע! נמרוד'ס פייער קען אָפּגעלאָשן ווערן דורך וואַסער, אָבער דעם אויבערשטנס פייער קען קיינמאָל אָפּגעלאָשן ווערן!

ווען זיין מוטער האָט דערהערט זיינע גערעכטע רייד, האָט זי געזאָגט צו אים: „דער וועמען דו דינסט, וועט דיך אָפּראַטעווען פון נמרוד׳ס פייער״.

און בעת מען האָט זיך אַ נעם געטאָן אים אַריינצוואַרפן אין קאַלך אויוון, האָבן די מלאכי השרת אָנגעהויבן בעטן רחמים פאַר דעם רבונו של עולם אים צו ראַטעווען פון נמרוד׳ס פייער.

די מלאכים האָבן זיך אָנגעהויבן צו שפּאַרן איינער מיט דעם אַנדערן. דער האָט געזאָגט איך וועל אַרונטערנידערן אים ראַטעווען, און דער האָט געזאָגט איך וויל אַרונטערנידערן אים ראַטעווען. מיכאל האָט געשריען: „איך נידער אַרונטער״. און גבריאל האָט געשריען: „איך נידער אַרונטער״.

און געפונען האָט זיך דאָרט אויך הרן, תרח׳ס זון און אברם׳ס ברודער, וועלכער איז געווען אַ גרויסער כשוף־מאַכער. אָבער ער האָט ניט געוואוסט מיט וועמען ער זאָל האַלטן, מיט נמרוד׳ן צי מיט אברם׳ן. האָט ער ביי זיך געטראַכט: ממה נפשך וועט אברם אַרויס דער זיגער, וועט ער זאָגן אַז ער האַלט פון אברם׳ס גלויבן, און אויב, ווידער, נמרוד וועט זיגן וועט ער זאָגן אַז ער איז אַן אָנהענגער פון נמרוד׳ס גלויבן.

האָט דער מלך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז מען זאָל בינדן אויך הרן׳ען און אים אַריינוואַרפן צוזאַמען מיט אברם׳ן.

און אין קעגנוואַרט פון אַלע מענטשן, אַלע האַרן, קנעכט, ווייבער און קינדער וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען, האָט מען גענומען אברם׳ן און הרן׳ען, זיי אויסגעטאָן די העמדער און אַלע אַנדערע קליידער אַחוץ די הויזן. מען האָט זיי געבונדן די הענט און די פיס מיט שטריק.

האָט תרח געזען אין די שטערן אַז הרן וועט פאַרברענט ווערן, און אברם׳ס מזל וועט אָנפילן די וועלט.

אָבער דאָס פייער האָט געהאַט קיין רשות צו ברענען. אפילו דאָס פייער האָט מורא געהאַט פאַר אברם׳ן, און דער ריח פון אברם׳ן איז אויפגעגאַנגען פון דעם קאַלך אויוון.

דערווייל איז געקומען צו אים דער מלאך גבריאל און האָט צו אים געזאָגט: „נו אברם! זאָל איך דיך מציל זיין פון דעם דאָזיקן פייער?״

אָבער אברם האָט אים געענטפערט: „דער האַר פון דער וועלט, אין וועמען איך האָב בטחון, דער באַשעפער פון הימל און ערד, ער וועט מיך אָפּראַטעווען״.

האָט גבריאל געזאָגט: „רבונו של עולם! איך וועל אַראָפּנידערן, אָפּקילן דאָס פייער און ראַטעווען דעם צדיק פון דעם קאַלך אויוון״. און דער הייליקער, ברוך הוא, האָט אים געענטפערט:

„איך בין איינציק אין מיין וועלט, און ער איז אַן איינציקער אין זיין וועלט, פּאַסט זיך אַז איין יחיד זאָל ראַטעווען אַ צווייטן יחיד, אָבער פונדעסטוועגן זאָלסטו ניט מיינען אַז איך וועל דיר פאַרבויגן דיין שכר. עס וועט קומען אַ צייט ווען דריי צדיקים, חנניה, מישאל און עזריה, וועלן אַריינגעוואָרפן ווערן אין קאַלך אויוון צו פאַרהייליקן מיין נאָמען, וועסטו אַראָפּנידערן זיי מציל צו זיין".

האָבן די אַנדערע מלאכים זיך געווענדעט צום אויבערשטן און געזאָגט: „דיין קנעכט אברם איז דאָך געכאַפּט!"

„איך וועל אויף אים אַכטונג געבן", האָט דער רבונו של עולם געענטפערט.

„אָבער אַט, אַט ווערט ער דאָך פאַרברענט", האָבן די מלאכים גע'טענה'ט.

„איך וועל אויף אים אַכטונג געבן", האָט דער הייליקער געענטפערט.

און ווי נאָר דער הייליקער האָט געוואָלט אַראָפּנידערן אים צו ראַטעווען, האָבן מיכאל און גבריאל געזאָגט פאַר אים: „מיר וועלן אַראָפּנידערן אים ראַטעווען". אָבער דער הייליקער האָט זיי געענטפערט: „ווען ער זאָל זיך געווען לאָזן מקריב זיין צוליב דעם נאָמען פון איינעם פון אייך, דאַן וואָלט איר באַדאַרפט אַראָפּנידערן אים ראַטעווען. אָבער אַזוי ווי ער לאָזט זיך דאָך מקריב זיין פאַר מיין נאָמען, דאַרף איך אים ראַטעווען".

און ווען דער הייליקער האָט דערזען אברם'ס גוטע כוונה, האָט ער אַ זאָג געטאָן צום פייער: „זיי קיל צו מיין קנעכט אברם".

דערווייל האָבן אַלע מענטשן גענומען חוזק מאַכן פון תרח'ן און האָבן פון אים געשפּאָט: „שעמען זאָלסטו זיך, האָסט זיך דאָך באַרימט אַז דיין זון וועט ירש'ענען אי די וועלט אי יענע וועלט, און נאָ זע, נמרוד פאַרברענט אים גאָר!"

דאָ האָט זיך דערוועקט דעם אויבערשטנס רחמים, און ער האָט אַראָפּגענידערט פון די אויבערשטע הימלען, פון דעם אָרט פון זיין גרויסן כבוד, און ער האָט מציל געווען אברם'ן פון דער גרויסער שאַנדע און פון דעם קאַלך אויוון.

און דאָס פייער איז אויסגעלאָשן געוואָרן אָהן וואַסער. דאָס האָלץ האָט אָנגעהויבן צו בליען, און עס האָבן אָנגעהויבן צו וואַקסן פירות. יעדער מין בוים האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן זיינע פּרוכט, און דער קאַלך אויוון איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קעניגלעכן גאָרטן, און מלאכים זיינען געזעסן דאָרט מיט אברם'ן.

דערווייל האָבן מלאכים געזאָגט צום בורא עולם: „אַט אים ביזטו מציל! זע נאָר וויפל רשעים עס וועלן פון אים אָפּשטאַמען!"

אָבער דער הייליקער האָט זיי געענטפערט: „איך בין אים מציל צוליב זיין אייניקל יעקב וואָס וועט פון אים אָפּשטאַמען".

און דער הייליקער האָט טאַקע געזאָגט צו אברם'ן: ווען ניט צוליב דיין אייניקל יעקב וועלכער וועט אַרויסקומען פון דיר, וואָלסטו פון דאַנען ניט אַרויסגעקומען". און כאָטש אברם האָט דאָך געקענט ענטפערן: „וואָס זשע, איך אַליין האָב שוין גאָר קיין מעשׂים טובים, אַז איך זאָל פאַרדינען ניצול צו ווערן אין מיין אייגענעם זכות", פונדעסטוועגן האָט ער גאָרניט געזאָגט.

און דערפאַר וואָס הרן'ס האַרץ איז ניט געווען גאַנץ מיט דעם פאָטער אין הימל, איז ער טאַקע פאַרברענט געוואָרן, און עס איז געוואָרן פון אים אַש, און ער איז דאַן אַלט געווען צוויי און אַכציק יאָר, אָבער אויך די אַלע מענטשן, אַן ערך פון צוועלף אין צאָל, וועלכע האָבן זיי אַריינגעוואָרפן זיינען אויך פאַרברענט געוואָרן.

אַט אַזוי האָט אברם אַרומשפּאַצירט אין דעם קאַלך אויוון דריי טעג און דריי נעכט. און ווען דעם מלך'ס קנעכט האָבן דאָס דערזען, זיינען זיי געגאַנגען צום מלך און האָבן אים געזאָגט: „מיר האָבן געזען ווי אברם גייט אַרום אינמיטן פייער און אַפילו זיינע הויזן זיינען ניט פאַרברענט, נאָר די שטריק זיינען פאַרברענט געוואָרן".

ווען דער מלך האָט דאָס דערהערט, איז זיין האַרץ אויס־געוועבט געוואָרן פון זייערע רייד. ער האָט זיי ניט געוואָלט גלויבן, האָט ער געשיקט עטלעכע באַגלויבטע הארן צו זען צי עס איז טאַקע אמת. און ווען זיי האָבן אים געזאָגט אַז עס איז אמת, איז ער אַליין געגאַנגען, האָט ער געזען ווי אברם שפּאַצירט אַרום אין מיטן פייער, און הרן איז פאַרברענט. האָט ער זיך שטאַרק געוואונדערט.

און ווען דער מלך האָט דערזען דעם „גאָרטן" און די מלאכים וועלכע זיצן מיט אברם'ן אין גאָרטן, האָט ער געזאָגט צו אים: „דו ביזט אַ גרויסער כשוף־מאַכער. דו ווייסט אַז פייער האָט איבער דיר קיין שליטה. נאָך מער, דו ווילסט נאָך באַווייזן דעם פאָלק אַז דו זיצט אין אַ פּרוכט־גאָרטן.

אָבער די הארן האָבן געזאָגט: „ניין, אונזער האַר! דאָס איז קיין כשוף, דאָס איז דאָס גרויסקייט פון אברם'ס פאָטער אין הימל. און עס איז ניטאָ אַן אַנדער באַשעפער. מיר זיינען דערויף עדים, און אברם איז זיין אמת'ער קנעכט".

און דער מלך האָט געגעבן אַ באַפעל מען זאָל אַרויסנעמען אברם'ן פון קאַלך אויוון. אָבער די קנעכט האָבן עס ניט געקענט, וואָרום ווי נאָר זיי האָבן צוגענענטערט, איז אַרויס אַ פלאַם פון

דעם קאַלך אויוון און האָט זיי פֿאַרברענט, און אַכט מענטשן זיינען אַזוי פֿאַרברענט געוואָרן.

ווען דער מלך האָט דאָס געזען, האָט ער אויסגעשריען: „אברם, קנעכט פונעם פאָטער אין הימל, גיי אַרויס פון דעם פייער!" איז אברם אַרויסגעגאַנגען פון דעם פייער, און האָט זיך אַנידערגעשטעלט פאַר דעם קעניג. און ווען דער מלך און אַלע זיינע קנעכט האָבן אים געזען אין די הויזן, האָבן זיי געזאָגט צו אים: „ווי אַזוי קומט עס וואָס דו ביזט ניט פֿאַרברענט געוואָרן?" און אברם האָט געענטפערט: „דער באַשעפער פון הימל און ערד אין וועמען איך האָב געהאַט בטחון, און וואָס אַלץ איז אין זיין האַנט, ער האָט מיך מציל געווען".

האָבן זיי אַלע זיך געבוקט צו אברם'ן. אָבער ער האָט זיי געזאָגט: „בוקט זיך ניט צו מיר, נאָר צו דעם אַלמעכטיקן וועלכער האָט אייך באַשאַפן און גייט אין זיינע וועגן, ווייל ער האָט מיך געראַטעוועט פון דעם קאַלך אויוון, און ער באַשאַפט דעם מענטשן אין דער מוטערס טראַכט, און ער העלפט יעדן וואָס האָט בטחון אין אים". האָבן אַלע אומות מודה געווען, אַז עס איז בעסער זיך צו באַהעפטן אין אברם'ס פאָטער אין הימל, איידער אין נמרוד'ס געצנדינעריי.

און דער מלך האָט געגעבן אברם'ן פילע מתנות, און ער האָט אים אויך געגעבן זיינע גרעסטע צוויי קנעכט, איינער האָט געהייסן עוני, און דער צווייטער אליעזר (געמלעך עוג מלך הבשן). אויך אַלע הארן האָבן געגעבן אים מתנות און זילבער און גאָלד, און קרישטאָל.

אין יענעם טאָג האָבן אַלע פעלקער איינגעזען אַז אברם'ס פאָטער אין הימל איז דער איינציקער, פלעגן זיי ברענגען זייערע קינדער אין אברם'ס הויז, ער זאָל זיי לערנען זיינע וועגן.

און נאָכדעם ווי זיי האָבן אים געגעבן פילע מתנות, האָבן דער מלך און זיינע הארן אים באַגלייט. פילע פון דעם מלך'ס אונטערטאַנען האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אברם'ן. און ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, זיינען מיט אים מיטגעגאַנגען אַן ערך פון דריי הונדערט מענטשן.

אברם האָט זיך אומגעקערט אין זיין פאָטערס הויז, צוזאַמען מיט די אַלע מענטשן וועלכע האָבן זיך אין אים באַהעפט. ער האָט ליב געהאַט דעם אויבערשטן מיט זיין גאַנצן הארצן. ער איז געגאַנגען אין זיינע וועגן, און ער האָט אויך באַוואויזן פילע מענטשן זיי זאָלן אויפגעבן געצנדינעריי, און דינען דעם אַלמעכטיקן.

## אברהם האָט חתונה מיט שרה׳ן

אין אַ יענער צייט האָט אברם חתונה געהאַט מיט שרי׳ן, וועלכע איז געווען איינע פון די זיבן נביאות, נעמלעך זי און מרים, דבורה, חנה, אביגיל, חולדה און אסתר. זי האָט אויך געהייסן יסכה, דערפאַר ווייל זי האָט געזען (סכתה) ברוח הקודש. לויט אַן אַנדער מיינונג האָט זי געהייסן יסכה, ווייל אַלע האָבן געקוקט (סוכין) אויף איר שיינקייט.

און געווען איז שרי אַ געוואַלדיקע שיינהייט. זי האָט זיך גערעכנט פאַר איינע פון די שענסטע פיר פרויען וואָס די וועלט האָט ווען עס איז געזען. אָט די פיר פרויען זיינען געווען זי און אביגיל, רחב און אסתר המלכה. אין פאַרגלייך מיט איר האָבן אַלע פרויען אויסגעזען ווי אַ מאַלפּע אין פאַרגלייך מיט אַ מענטשן.

און שרי איז טאַקע געווען אברם׳ס אַ פּלימעניצע. זי איז געווען די טאָכטער פון זיין ברודער הרן וועלכער איז געווען צוויי יאָר אינגער פון אים. און ווען שרי איז געבוירן געוואָרן, איז איר פאָטער הרן אַלט געווען אינגאַנצן אַכט יאָר. זי איז אויך געווען לוט׳ס שוועסטער.

ווען אברם האָט זי גענומען פאַר אַ ווייב, איז ער געווען עלטער פון איר מיט צען יאָר. האָבן זיי זיך אַזוי געלעבט אין פרידן. אָבער קינדער האָבן זיי ניט געהאַט, ווייל זיי האָבן ביידע ניט געקענט האָבן קינדער.

## נמרוד׳ס חלום

און עס איז געווען צוויי יאָר נאָכדעם ווי אברם איז ניצול געוואָרן פון דעם קאַלך אויוון, און ער איז דעמאָלט אַלט געווען צוויי און פופציק יאָר, און נמרוד איז נאָך געזעסן אויף דעם קעניגלעכן טראָן אין בבל. האָט זיך דעם קעניג נמרוד גע׳חלום׳ט ווי ער שטייט מיט זיינע אַרמייען אין דעם טאָל, פונקט קעגנאיבער דעם קאַלך אויוון. און ער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און געזען ווי אַ מאַן, וועלכער זעט אויס ווי אברם, גייט אַרויס פון דעם קאַלך אויוון, און שטעלט זיך אַנידער פאַר אים מיט אַ שאַרפער שווערד אין האַנט, און ווי נאָר ער האָט זיך דערנענטערט צו אים, איז ער אַנטלאָפן אויס מורא. און בעת ער איז אַנטלאָפן האָט דער דאָזיקער מענטש געוואָרפן בלאָטע אויף דעם מלך׳ס קאָפּ, און פון דער בלאָטע איז געוואָרן אַ גרויסער טייך, און זיין גאַנץ חיל איז דערטרונקען געוואָרן אין דעם טייך, און בלויז ער, דער

קעניג, אליין האט זיך געראטעוועט מיט דריי מענטשן. און ווען ער האט א קוק געטאן אויף די דריי מענטשן, האט ער באמערקט ווי זיי זיינען אנגעטאן אין קעניגלעכע קליידער, פונקט ווי דער מלך אליין, און אין אויסזען און אין געשטאלט זיינען זיי פונקט ווי דער מלך.

און ווי זיי האבן אזוי געהאלטן אין אנטלויפן, איז דער טייך צוריק פארוואנדלט געווארן אין א בלאטע פונקט ווי פריער. און אט פון דער דאזיקער בלאטע איז ארויסגעקומען א יונג פויגעלע, און עס איז צוגעקומען צום מלך. עס איז ארומגעפלויגן ארום זיין קאפ, און עס האט אים אויסגעשטאכן אן אויג. האט זיך דער מלך שטארק דערשראקן פון דעם דאזיקן בילד, און ער האט זיך אויפגעכאפט פון זיין שלאף און שטארק געציטערט.

ווי נאר עס איז געווארן טאג, איז דער מלך אויפגעשטאנען פון זיין געלעגער מיט גרויס שרעק, און ער האט באפוילן מען זאל ברענגען פאר אים אלע חכמים און אמת־זאגער, און ער האט זיי דערציילט זיין חלום. האט זיך אנגערופן איין חכם מיטן נאמען אנוקו, און ער האט געזאגט:

„עס קען אנדערש ניט זיין נאר אז דער מלך וועט אמאל האבן גרויסע צרות פון אברם׳ן און זיינע אפשטאמלינגע. עס וועט קומען א צייט ווען אברם און זיינע אפשטאמלינגע וועלן מלחמה האלטן מיט מיין האר, דעם קעניג, און זיי וועלן פארניכטן דעם קעניגס אלע חיילות. און דאס וואס דו האסט געזען אז דו אנטלויפסט מיט דריי מענטשן וועלכע זעען אויס ווי דו, און דו ביזט ניצול געווארן, באדייט עס, אז דו וועסט ניצול ווערן מיט דריי מלכים וועלכע וועלן זיך באטייליקן מיט דיר אין דער מלחמה. און דאס וואס דו האסט געזען ווי דער טייך איז צוריק פארוואנדלט געווארן אין בלאטע ווי פריער, און א יונג פויגעלע האט אויס־געשטאכן דעם מלך אן אויג, באדייט עס, אז עס וועט קומען א צייט ווען אברם׳ס אפשטאמלינגע וועלן טויטן דעם קעניג. אט דאס איז דער חלום, מיין האר קעניג, און דאס איז זיין באדייטונג, און דער חלום איז אמת, און די אויסטייטשונג וועלכע דיין קנעכט האט דיר אויסגעטייטשט איז ריכטיק. איז פארוואס זשע זאל מיין האר, דער קעניג, לאזן אברם׳ן לעבן ער זאל עס קענען פארווירקלעכן! ווארום, זיי וויסן, אז אזוי לאנג ווי אברם וועט לעבן אין לאנד וועלן דו און דיין מלוכה זיך ניט קענען האלטן! פארוואס זשע זאל אים דער מלך ניט טויטן, און אזוי ארום אפטאן די געפאר וואס לויערט אויף דיר אין דער צוקונפט?"

האט דער מלך נמרוד זיך צוגעהערט צו די ווערטער פון

אנוקו, און ער האָט שטילערהייט, אין געהיים, געשיקט זיינע קנעכט זיי זאָלן גיין און כאַפּן אברם׳ן, אים ברענגען צו אים, און אים טויטן.

## אליעזר ראַטעוועט אברהם׳ן פון טויט

און אליעזר, אברם׳ס קנעכט, וועלכן דער מלך האָט אים געגעבן אַ מתנה, האָט זיך אין יענער צייט געפונען ביים מלך. ער האָט געהערט אַלץ וואָס אנוקו האָט געראָטן דעם מלך, און ווי דער מלך האָט באַשלאָסן צו טויטן אברם׳ן.

איז אליעזר גיך אַוועק פון דאָרט און איז געקומען צו אברם׳ן, נאָך איידער דעם קעניגס קנעכט האָבן באַוויזן צו קומען, און ער האָט געזאָגט צו אברם׳ן:

„אייל זיך, קום שנעל, און שטאַרב ניט דורך דעם קעניגס האַנט. וואָרום אַזאַ און אַזאַ חלום האָט דער מלך געזען, און אַזוי און אַזוי האָט אַנוקו אים אויסגעטייטשט, און אַזוי און אַזוי האָט ער געראָטן דעם מלך צו טאָן״.

האָט אברם געפאָלגט אליעזר׳ן, און ער איז אייליק אַנט־לאָפן צו נח׳ן און זיין זון שם. דאָרט האָט ער זיך באַהאַלטן און אַזוי אַרום האָט ער זיך געראַטעוועט פונעם טויט. און ווען דעם קעניגס שלוחים זיינען געקומען צו אברם׳ן, האָבן זיי אים געזוכט אומעטום, אָבער זיי האָבן אים ניט געקענט געפינען.

ווען די שלוחים האָבן אַ קוק געטאָן אַז זייער זוכן איז אומזיסט, אַז זיי קענען אים ניט געפינען, האָבן זיי זיך צוריק אומגעקערט צום קעניג. דערווייל האָט זיך דעם מלך׳ס גרימצאָרן אָפּגעקילט, און ביסלעכווייז האָט ער פאַרגעסן די גאַנצע זאַך. און אברם איז געזעסן ביי נח׳ן אַ גאַנצן חודש, ווייל ער האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט פאַר דעם קעניג.

דערווייל איז תרח געקומען צו נח׳ן אין געהיים זיך זען מיט זיין זון אברם. האָט אברם געזאָגט צו זיין פאָטער תרח:

„דו ווייסט דאָך אַז דער מלך וויל מיך טויטן, און אוים־מעקן מיין נאָמען פון דער וועלט, ווי זיינע ראַטגעבער, די רשעים, האָבן אים געראָטן. נו, וועמען האָסטו דען און וואָס האָסטו דען אין דעם דאָזיקן לאַנד? לאָמיר זיך אַלע אויפהויבן און גאָר אַוועקגיין אין דעם לאַנד כנען, וועלן מיר זיך ראַטעווען פון זיין האַנט. וואָרום ווער ווייסט, אפשר קען ער נאָך אויך דיך אַמאָל וועלן אומברענגען. דו ווייסט דאָך, און האָסטו דען ניט געהערט, אַז ניט מחמת ליבשאַפט האָט דיר נמרוד אָנגעטאָן דעם גרויסן

כבוד. ער האָט דאָך דיר געגעבן דעם גאַנצן כבוד נאָר פאַר זיין טובה וועגן. און אפילו ווען ער זאָל דיר אָנטאָן נאָך מער כבוד, איז דאָך דאָס אַלץ נאַרעשקייטן. וואָרום אין דער צייט פון אַ צרה קען דאָך רייכקייט גאָרניט העלפן. איז פאָלג זשע מיך און לאָמיר אַוועקציען פון דאַנען און גיין אין דעם לאַנד כנען, און דינען דעם אַלמעכטיקן וועלכער האָט דיך באַשאַפן, וועט דיר זיין גוט, און וואַרף אַוועק אָט די אַלע נאַרעשקייטן, נאָך וועלכע דו יאָגסט זיך״.

האָט תרח זיך צוגעהערט צו די רייד פון זיין זון אברם, און ער האָט געטאָן ווי אברם האָט אים געזאָגט. וואָרום עס איז געווען דעם אויבערשטנס ווילן, אַז דער קעניג נמרוד זאָל ניט טויטן אברם׳ן.

און תרח האָט גענומען זיין זון אברם, און זיין אייניקל לוט הרן׳ס זון, און זיין שנור שרי, אברם׳ס ווייב, און זיין גאַנץ הויז־געזינד, און זיי האָבן אַלע פאַרלאָזט אור כשדים. זיי זיינען געגאַנגען ביז זיי זיינען אָנגעקומען קיין חרן, און זיי האָבן זיך דאָרט באַזעצט. וואָרום דאָס לאַנד איז געווען זעהר גוט, און עס איז געווען פלאַץ פאַר יעדן.

## אברהם אין חרן

און ווען די איינוואוינער פון חרן האָבן געזען אַז אברם פירט זיך אויף פיין סיי מיט דעם אויבערשטן און סיי מיט מענטשן, זיינען פילע פון זיי געקומען צו אים. זיי האָבן זיך באַהעפט אין אברם׳ן, און ער האָט זיי געלערנט דעם אַלמעכטיקנס וועגן.

אָט אַזוי האָט אברם געוואוינט אין חרן דריי יאָר צייט. ער האָט געהאַלטן זיין הויז אָפן פאַר אַלע מענטשן. ער האָט יעדן איינעם אויפגענומען און אים געגעבן צו עסן און צו טרינקען, און ער האָט זיי געלערנט, אַז עס איז פאַראַן בלויז איין הערשער אויף דער וועלט. זיין טיר איז געווען אָן אָפענע, און די אויגן פון אַלע מענטשן זיינען געווען געריכטעט צו אברם׳ן. ער האָט מגייר געווען די מענער, און שרי האָט מגייר געווען די פרויען. און ער האָט זיי געגעבן עסן אומזיסט.

און אברם פלעגט זיך אַזוי פירן: ווער נאָר עס איז דורכגעגאַנגען אָדער דורכגעפאָרן זיין הויז, פלעגט ער זיי געבן צו עסן און טרינקען, און ער פלעגט זיי אויך באַגלייטן. און הכנסת אורחים איז דאָך גרעסער אפילו פון מקבל זיין די שכינה.

ער פלעגט זיך אַזוי נוהג זיין: ווען די געסט האָבן אָפּגעגעסן און אָפּגעטרונקען, האָט ער צו זיי געזאָגט: „בענטשט".

האָבן זיי אים געפרעגט: „וואָס זאָלן מיר זאָגן?"

האָט ער זיי געענטפערט: „זאָגט, געלויבט איז דער אייבי־קער פון וועמענס מיר האָבן געגעסן".

איז אויב דער אורח האָט געפאָלגט און האָט געבענטשט, איז ער נאָכן עסן אַוועקגעגאַנגען, און אברם האָט פון אים גאָרניט געפאָדערט. טאָמער אָבער האָט ער ניט געוואָלט בענטשן, האָט אברם צו אים געזאָגט: „באַצאָל מיר פאַר דעם עסן".

„וויפל קומט דיר פאַר דעם עסן?" פרעגט דער גאַסט.

און אברם ענטפערט: פאַר אַ קרוג וויין אַזויפיל און אַזויפיל, פאַר אַ פונט פלייש אַזויפיל און אַזויפיל, און פאַר ברויט אַזויפיל און אַזויפיל".

„נו! ווער קען דען דיר געבן אין דער מדבר, אין דער וויסטע, וויין, פלייש און ברויט!"

ווען דער אורח האָט אַ קוק געטאָן אַז ער איז אַריינגעפאַלן, האָט ער געהאַט קיין ברירה, און ער האָט געזאָגט „געלויבט איז דער אויבערשטער, פון וועמענס מיר עסן".

און די ריינקייט ביי אברם'ן איז געווען אויסערגעוויינלעך. אַלץ וואָס מען האָט ביי אים אין הויז געגעסן איז געווען שפּאָגל ריין. וואָרום אברם האָט שטאַרק מקפּיד געווען אויף ריינקייט. און אַזוי ווי אַן אומריינער מענטש האָט ניט געקענט אַפילו צוקומען נאָענט צו אברם'ס הויז, האָט ער טאָקע באַלד דערקענט און געוואוסט, אַז דער באַטרעפענדיקער איז אומריין. האָט אברם באַלד געזען אַז דער מאַן זאָל זיך טובל זיין, אָדער מען זאָל אים אָפּזונדערן אויף זיבן טעג, און מען האָט אויף אים אַכטונג געגעבן.

אַז עס איז געקומען צו טבילה פלעגן ביידע, אברם און שרי, דערויף אַכטונג געבן. אברם פלעגט אויפּפּאַסן אויף די מענער, און שרי אויף די ווייבער. און דערפאַר וואָס אברם האָט אַזוי שטאַרק מקפּיד געווען אויף ריינקייט, ווערט ער אָנגערופן „טהור" — ריינער.

און ניט נאָר פלעגט אברם אַריינגעמען מענטשן צו זיך אין הויז, זיי געבן צו עסן און צו טרינקען, זיי אַרויסווייזן פריינט־שאַפט, זיי מקרב זיין, און זיי ברענגען אונטער דעם געטלעכן שוץ, נאָר ער פלעגט אַרומלויפן זוכן אורחים.

און ווי נאָר ער האָט געפּאַקט אורחים, פלעגט ער זיי אַריינגעמען צו זיך אין הויז אַריין. אויב דער אורח איז געווען אַזעלכער ביי וועמען אַ שטיקל ווייצן־ברויט איז געווען אַ נאָווינע.

האָט ער אים געגעבן ווייצן־ברויט. איז דער גאַסט געווען אַזעלכער ביי וועמען אַ שטיקל פלייש איז געווען אַ גאַנצער יום טוב, האָט ער אים געגעבן פלייש. אויב ביי דעם אורח איז וויין געווען פון די זעלטענע געטראַנקען, האָט ער אים אָנגעטרונקען מיט וויין.

נאָכמער, אברם איז געגאַנגען אַזוי ווייט אַז ער האָט אַזש אויסגעבויט גרויסע פּאַלאַצן, און האָט דאָרט אָוועקגעשטעלט עסן און טרינקען, און ווער עס איז נאָר אַהין אַריין, האָט געגעסן, געטרונקען און געלויבט דעם אויבערשטן. דערפאַר, טאַקע, האָט אברם זוכה געווען אַז וואָס נאָר דאָס מויל האָט פאַרלאַנגט, האָט זיך געפונען ביי אים אין הויז.

עס פלעגט אָפט פּאַסירן, אַז נאָכדעם ווי די אורחים האָבן אָפּגעגעסן, פלעגן זיי אים אָנהויבן לויבן. פלעגט ער אָבער זאָגן צו זיי: „מיר דאַנקט איר? . לויבט דעם וועלכער גיט אַלע מענטשן עסן און טרינקען, און גיט זיי אויך אַ נשמה".

אויף זייער פראַגע: „וואו איז ער?" האָט ער זיי געענטפערט: „ער הערשט אויף דעם הימל און אויף דער ערד; ער מאַכט טויט און לעבעדיק; ער פאַרוואונדעט און היילט אויס; ער באַשאַפט דאָס קינד אין דער מוטערס טראַכט; ער ברענגט עס אַרויס אויף דער וועלט; ער מאַכט וואַקסן די שפּראָצונגען און די בוימער; ער מאַכט אַראָפּנידערן אין דער טיפעניש, און ער דערהויבט".

ווי נאָר זיי פלעגן דאָס דערהערן, האָבן זיי געפרעגט: „ווי אַזוי לויבט מען אים און מען דאַנקט אים?"

און אברם האָט זיי געענטפערט: זאָגט, „געלויבט איז דער אויבערשטער אויף אייביק; געלויבט איז ער וואָס גיט ברויט און שפּייז צו יעדער באַשעפעניש". און ער האָט זיי געלערנט ברכות און גערעכטיקייט, און מורא האָבן פאַר דעם באַשאַפער פון דער וועלט.

אָט אַזוי האָט אברם באַקאַנט געמאַכט דעם אַלמעכטיקנס גרויסקייט צווישן דער מענטשהייט. וואָרום איידער אברם איז געבוירן געוואָרן איז דאָך דער הייליקער ברוך הוא געווען מלך נאָר אין הימל. אָבער זינט אברם איז געקומען אויף דער וועלט, האָט ער אים געמאַכט קיניגן אויף דעם הימל און אויף דער ערד.

האָט דאָך דער אויבערשטער אַליין געזאָגט צו אים: „מיין נאָמען איז דאָך ניט געווען באַקאַנט צו מיינע באַשעפענישן, און דו האָסט דאָך ערשט מיך באַקאַנט געמאַכט צווישן זיי. באַטראַכט איך דיך, אַלזאָ, גלייך ווי דו וואָלסט זיך האָבן באַטייליקט מיט

מיר אין דער וועלט־שאַפונג״. האָט אים טאַקע דער אויבערשטער שטאַרק ליב געהאַט, און האָט זיך געפריים מיט אים.

און אברם האָט זיך אַ נעם געטאָן פאַרשפּרייטן די אידייע פון דעם איינציקן פאָטער אין הימל. ער איז אַרומגעגאַנגען און געשריען, און צו וויסן געגעבן אַלע מענטשן, אַז אויף דער גאַנצער וועלט איז פאַראַן בלויז איין אַלקעגענוואַרטיקער, און אים דאַרף מען דינען. און ער איז געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד, ביז ער איז אָנגעקומען אין דעם לאַנד כנען, און ער האָט געהאַלטן אין איין אויסרופן אַז דער אַלמעכטיקער איז דער באַשאַפער און דער פירער פון דער וועלט.

און ווען די מענטשן פלעגן זיך אַרום אים פאַרזאַמלען און אים אויספרעגן און בעטן מער איינצלהייטן, פלעגט ער יעדן איינעם דערקלערן לויט זיין פאַרשטאַנד. אָט אַזוי פלעגט ער ענדלעך זיי ברענגען צום אמת׳ן וועג.

טויזנטער און צענדליקער טויזנטער פלעגן זיך אַזוי אַרום פאַרזאַמלען אַרום אים. און זיי זיינען געוואָרן זיינע נאָכפאָלגער. ער האָט אין זיי איינגעפלאַנצט דעם גרויסן עיקר. ער האָט אויך פאַרפאַסט ספרים וועגן דעם ענין, און שפּעטער דאָס אויך געלערנט זיין זון יצחק. אָט אַזוי האָט ער פאַראייניקט אַלע מענטשן צו דינען דעם וועלכער לעבט אייביק.

## אברהם אין כנען

און עס איז געווען צום סוף פון דריי יאָר, האָט זיך דער אויבערשטער באַוויזן צו אברם׳ן און צו אים געזאָגט: „איך בין דער אַלמעכטיקער וועלכער האָט דיך אַרויסגענומען פון דעם קאַלך אויוון און דיך געראַטעוועט פון אַלע דיינע פיינט. און איצט הער זיך צו צו מיין קול, און היט אָפּ מיינע מצוות און מיינע געזעצן און מיינע לערעס, וועל איך פאַרטיליקן דיינע פיינט. איך וועל פאַרמערן דיינע קינדער ווי די שטערן אין הימל. איך וועל שיקן מיין ברכה אין אַלץ וואָס דו וועסט טאָן, און עס וועט דיר גאָרניט פעלן. נו, שטיי אויף, נעם דיין ווייב און אַלץ וואָס דו פאַרמאָגסט, און גיי אין דעם לאַנד כנען. באַזעץ זיך דאָרט אין דעם לאַנד כנען, און איך וועל דיך בענטשן. און בעת דו לייכסט פאַר מיר אין מעסאָפּאָטאַמיע און אין דער אומגעבונג, קום זשע און לייכט שוין פאַר מיר אין ארץ ישראל״.

איז אברם אויפגעשטאַנען, און ער האָט גענומען זיין ווייב און אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט און איז אַוועקגעגאַנגען אין

לאַנד כנען, אַזוי ווי דער אויבערשטער האָט צו אים גערעדט. און אברם איז אַלט געווען פינף און פופציק יאָר ווען ער האָט פאַרלאָזט חרן.

ווען אברם איז אָנגעקומען אין דעם לאַנד כנען, האָט ער זיך באַזעצט אין מיטן דער שטאָט. ער האָט אויפגעשטעלט זיין געצעלט צווישן די כנענים, די איינוואוינער פון דעם לאַנד.

און דער אויבערשטער האָט זיך באַוויזן צו אים, ווען ער איז אָנגעקומען אין דעם לאַנד כנען, און ער האָט צו אים געזאָגט: „דאָס איז דאָס לאַנד וואָס איך גיב דיר און צו דיינע קינדער נאָך דיר אויף אייביק. איך וועל פאַרמערן דיינע קינדער ווי די שטערן אין הימל, און דיינע קינדער וועל איך אַוועקגעבן אָט די אַלע לענדער וועלכע דו זעסט".

האָט אברם געבויט אַ מזבח אויף יענעם אָרט וואו דער אויבערשטער האָט צו אים גערעדט, און ער האָט דאָרט תפילה געטאָן.

און אברם האָט זיך באַזעצט אין דעם לאַנד כנען, ער, זיין ווייב, און אַלץ וואָס האָט געהערט צו אים; אַלע מענטשן וועלכע זיינען מיט אים מיטגעצויגן, און די אַלע איינוואוינער פון דעם לאַנד וועלכע האָבן זיך צו אים באַהעפט. אָבער נחור, אברם׳ס ברודער, און תרח, אברם׳ס פאָטער, און לוט דער זון פון הרן און אַלץ וואָס האָט געהערט צו זיי, זיינען געבליבן אין חרן. און אברם איז אין יענער צייט אַרומגעפאָרן אין אָרם נהרים און אין אָרם נחור, און ווי נאָר ער האָט געזען מענטשן וועלכע דינען ניט דעם אויבערשטן, האָט ער געבעטן אַז זיי זאָלן האָבן קיין חלק אין דעם דאָזיקן לאַנד.

נאָכדעם ווי אברם איז אָפּגעזעסן פינף יאָר אינעם לאַנד כנען, איז אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן נמרוד׳ן דעם מלך פון שנער און כדרלעומר׳ן דעם מלך פון עילם. וואָרום אורשפּרינגלעך איז כדרלעומר געווען איינער פון נמרוד׳ס גענעראַלן. און ווען די מענטשן פון דעם דור הפלגה זיינען אומגעבראַכט געוואָרן, און די איבערגעבליבענע זיינען צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן, האָט כדרלעומר ווידערשפּעניגט קעגן נמרוד׳ן, און זיך דערקלערט קעניג פון עילם. צוועלף יאָר צייט האָבן אַלע מלכים פון יענער געגנט געדינט כדרלעומר׳ן און אים געצאָלט יערלעך צינז. אָבער דערנאָך האָבן די איינוואוינער פון סדום און עמורה און אומגעגנט מורד געווען אין כדרלעומר׳ן. ווען נמרוד איז דערפון געוואָר געוואָרן, איז ער געגאַנגען זיך אָפּרעכענען מיט זיין פריערדיקן גענעראַל כדרלעומר.

נמרוד האָט מאָביליזירט גאַנצע זיבן טויזנט מאַן און זיך

געלאָזט קעגן כדרלעומר׳ן. און כדרלעומר האָט צונויפגעזאַמלט פינף טויזנט מאַן, און ביידע אַרמייען האָבן זיך באַגעגנט אין דעם טאָל פון בבל וואָס איז צווישן עילם און שנער. דאָרט האָט אויסגעבראָכן אַ ביטערע שלאַכט, און נמרוד האָט געליטן אַ גרויסע מפּלה. נמרוד האָט פאַרלוירן אַרום זעקס הונדערט מאַן; און אויך זיין זון מרדון, דער רשע, איז אומגעקומען אויף דעם שלאַכטפעלד. איז נמרוד פון דאָרט אַנטלאָפן, און ער האָט זיך אומגעקערט אין זיין לאַנד אין גרויס שאַנדע, און אַ לאַנגע צייט איז ער געווען אונטערטעניק צו כדרלעומר׳ן. כדרלעומר, ווידער, האָט זיך אומגעקערט אין זיין לאַנד אַלס זיגער. ער האָט געשיקט זיינע עלצטע צו די אַרומיקע מלכים, צו אריוך דעם קעניג פון אלסר, און צו תדעל דעם קעניג פון גוים. ער האָט מיט זיי געשלאָסן אַ בונד, און זיי האָבן אַלע זיך צוגעהערט צו זיין וואָרט.

און נאָכדעם ווי אברם האָט אָפּגעוואוינט אין יענעם לאַנד פופצן יאָר, און ער איז דאַן אַלט געווען זיבעציק יאָר, האָט דער אויבערשטער זיך באַוויזן צו אים און געזאָגט: איך בין דער אַלמעכטיקער וועלכער האָט דיך אַרויסגעראַטעוועט פון דעם קאַלך־אויוון כדי דו זאָלסט ירש׳ענען דאָס דאָזיקע לאַנד. גיי זשע פאַר מיר, זיי ערלעך און היט אָפּ מיינע געבאָטן. וואָרום דיר און דיינע קינדער וועל איך אָוועקגעבן דאָס לאַנד, פון דעם טייך פון מצרים ביז צום גרויסן טייך פּרת. דער פערטער דור פון דיר וועט זיך אומקערן אין דעם דאָזיקן לאַנד און וועט עס ירש׳ענען אויף אייביק. האָט אברם געבויט אַ מזבח צום אַלמעכטיקן.

נאָך דעם האָט ער זיך אומגעקערט קיין חרן צו זען זיך מיט זיין פאָטער און מוטער, און ער איז געזעסן מיט זיין הויזגעזינד אין חרן פינף יאָר. און אויך דאָרט האָט אברם זיך באַשעפטיקט מיט לערנען די מענטשן דעם אויבערשטנס וועגן.

אָט אַזוי האָט אברם געוואוינט צווישן געצנדינער, פּונקט ווי אַ פלעשעלע מיט גוטן פאַרפיום וואָס איז פעסט פאַרזיגלט און עס ליגט אין אַ ווינקעלע, און דער טייערער דופט גייט ניט אויס.

## אברהם מיטן וואַנדער־שטעקן אין האַנט

האָט דער אויבערשטער זיך באַוויזן צו אברם׳ן אין חרן און געזאָגט צו אים: דו ביזט זעהר מדקדק אין מיינע מצוות, אָבער דו וואוינסט דאָך צווישן געצנדינער. גיי אָוועק פון זיי. דו האָסט פילע מעשים טובים, דו האָסט פילע מצוות, וואָס זשע זיצטו צווישן זיי! פאַרלאָז זיי, און מאַך באַקאַנט דיינע גוטע טאַטן איבער

דער וועלט. איך בין דאך געווען מיט דיר בעת דו האסט זיך מוסר נפש געווען פאר מיינעטוועגן און ביזט אריין אין קאלך אויוון. האב איך דיך טאקע הייליק געמאכט פאר מיינעטוועגן. און פונקט ווי דער טוי איז א סימן פון ברכה, אזוי ביזטו א סימן פון ברכה אויף אייביק.

און פונקט ווי איין מענטש שטופט דעם אנדערן אזוי האט דער הייליקער, ברוך הוא, איבערגערעדט אברם'ן ער זאל פארלאזן זיין לאנד און זיין געבורטס-שטאט, און ער האט געזאגט צו אים:

„גיי אוועק פון דעם לאנד אויף וועלכן איך האב חרטה. פארלאז דאס לאנד וואס איז איינגעריכט אין געצנדינעריי. קום מיט מיר, פאר דיין אייגענעם ווארילזיין, פאר דיין אייגענער טובה וועגן. דו זאלסט דערהויבן דיין אייגענעם איך, דיין אייגענע מדרגה. דו טארסט ניט וואוינען דא צווישן די דאזיקע רשעים. פארלאז דאס דאזיקע לאנד און דיין פאטערס הויז, און ציע אין דעם לאנד אריין וואס איך וועל דיר ווייזן. ווארום די וועלט און יענע וועלט זיינען אלץ דיינס. וואגל פון ארט צו ארט, און דיין נאמען וועט באריטמט ווערן אין דער וועלט. איך וועל באקאנט מאכן דיין טבע איבער דער וועלט. איך אליין מיט מיין אייגענעם כבוד בענטש דיך. איך וועל דיך בענטשן מיט רייכקייט. איך וועל דיך מאכן פאר א כהן גדול ווי אדם הראשון. איך וועל ארייַנשטעלן פאר דיר א ברכה אין דער שמונה עשרה, און דיין ברכה וועט מען זאגן פריער, פאר מיינער. צוערשט וועט מען זאגן „מגן אברהם" און ערשט דערנאך וועט מען זאגן „מחיה המתים". זינט איך האב באשאפן די וועלט פלעג איך בענטשן מיינע באשעפענישן. איך האב געבענטשט אדם'ן, חוה'ן, נח'ן און זיינע זין. פון היינט אן און וויַיטער, וועסטו זיין דער ממונה, דער אויפזעער, אויף די ברכות, און דו וועסט בענטשן וועמען דו וועסט וועלן. וועמען דו וועסט בענטשן וועל איך חתמ'ענען. און דער רעגן און דער טוי וועלן זיין אין דיין זכות. און פונקט ווי די טייכעלעך רייניקן די אומריינע, אזוי וועסטו מקרב זיין די ווייטע און זיי ברענגען אונטער די פליגלען פון דער שכינה. איך וועל מאכן אז די צאל פון די אותיות פון דיין נאמען זאל זיין ווי די צאל אברים וואס דו פארמאגסט. פונקט ווי א מאן האט צוויי הונדערט און אכט און פערציק אברים, אזוי וועט די צאל פון די אותיות פון דיין נאמען באטרעפן צוויי הונדערט און אכט און פערציק. איך וועל דיך מאכן פאר א נייַ באשעפעניש. און ווי נאר איך וועל דיך מאכן פאר א נייַ באשעפעניש וועסטו זיך פרוכטבארן און זיך מערן, און ווערן א צאלרייך פאלק".

און אברם האט געזאגט צו אים: „האר פון דער וועלט! די

זיבעציק אומות, פעלקער, האָסטו דאָך שוין באַשאַפן פון נח'ן?!

און דער הייליקער האָט אים געענטפערט: די אומה וועגן וועלכער עס שטייט (דברים ד, ז) „וואָרום וואָס פאַר אַ גרויס פאָלק איז פאַראַן, וואָס האָט אַן אַלמעכטיקן נאָענט צו אים, ווי אונזער פאָטער אין הימל, ווען נאָר מיר רופן צו אים", אָט די אומה וועל איך באַשאַפן פון דיר. איך האָב צוויי גוטע ברכות דיך צו בענטשן, רות המואביה און נעמה פון עמון, פון וועלכע עס וועלן אַרויסקומען מלכים און נביאים. דאָ וועסטו ניט זוכה זיין צו האָבן קינדער. אָבער דאָרט וועל איך דיך מאַכן פאַר אַ גרויס פאָלק. וואָרום כאָטש דאָס וואַנדערן פאַרמינערט דאָס מערן זיך, אָבער דו וועסט זיך טראָגן דעם פּרוכטבאַרן. און כאָטש דאָס וואַנדערן פאַרטונקלט דעם נאָמען, וועט אָבער דיין נאָמען ניט פאַרקלענערט ווערן. איך וועל אויך אויפשטעלן פון דיר אַ שבט, וואָס וועט בענטשן די אידן, נעמלעך דעם שבט לוי".

האָט אברם זיך אָנגערופן און געזאָגט צום הייליקן, געלויבט זיין נאָמען: „טאָמער אָבער וועלן מענטשן אויף מיר מהרהר זיין און זאָגן, אָט דער דאָזיקער וועלכער ברענגט מענטשן אונטער די פליגלען פון דער שכינה, אָט דער דאָזיקער לאָזט איבער אַן אַלטן טאַטען און גייט זיך אַוועק!"

אָבער דער הייליקער האָט אים געענטפערט: אָט דיין פאָטער און דיין ברודער וועלכע ריידן גוטע רייד וועגן דיר זאָלסטו ניט געטרויען, וואָרום זיי האַלטן זיך אַלע אַן עצה קעגן דיר און זוכן דיך צו דער'הרג'ענען.

דערויף האָט אברם באַלד געענטפערט: „איך בין גרייט פאַר דיר, וואוהין דו ווילסט, אַהין גיי איך!"

אָבער אַזוי ווי אַברם האָט דאָך מורא געהאָט טאָמער וועלן מענטשן פאַרשוועכן דורך אים דעם אויבערשטנס נאָמען, און דאָך זאָגן, אַז דער וועלכער ברענגט מענטשן אונטער די פליגלען פון דער שכינה לאָזט איבער אַן אַלטן טאַטען און גייט זיך אַוועק, האָט דער אויבערשטער צו אים געזאָגט:

„גיי, איך באַפריי דיך פון כבוד אב ואם, דיך אָבער קיין אַנדערן. נאָכמער, איך וועל זען אַז דיין טאַטע זאָל שטאַרבן איידער דו פאַרלאָזט דאָס לאַנד".

ווען אברם האָט דאָס דערהערט האָט ער זיך געאײַלט צו דערפילן דעם וואונטש פון זיין באַשאַפער. ער האָט זיך ניט געשטעלט קעגן דעם הייליקן טענה'ן און אים וויזן דעם חילוק צווישן זיצן אויף איין פּלאַץ און צו וואַנדערן. וואָרום ווען איינער ציט זיך איבער בלויז פון איין דירה אין אַן אַנדערער, ליידט ער זיך אַן געװוג, בפרט נאָך פון איין לאַנד אין אַן אַנדערן. אָבער

אברהם האָט ניט אויפגעהאַלטן, נאָר ער האָט באַלד געטאָן וואָס מען האָט אים געהייסן. און געטאָן האָט ער עס מיט פרייד, ניט ניט־ווילנדיק. ער האָט אַפילו ניט געפרעגט וואוהין ער זאָל גיין. וואָרום דער אויבערשטער האָט אים ניט אָנגעגעבן אַ באַשטימטן אָרט וואוהין ער זאָל גיין, כדי ער זאָל קענען אים געבן שכר פאַר יעדן טריט און שריט.

וואָס זשע האָט אברהם געטאָן, ער האָט איינגעפּאַקט זיינע זאַכן. זיין ווייב שרי האָט ער איינגערעדט מיט גוטע רייד, אַז זי זאָל מיטגיין, וואָרום מען האָט קיין רעכט צו צווינגען דאָס ווייב צו ציען אין אַן אַנדער לאַנד אריין. ער האָט גענומען זיין פּלימעניק (נעפיו) לוט, וועלכער האָט זיך באַהעפט צו אים כדי ער זאָל זיך אָפּלערנען פון זיינע מעשים, ווייל ער האָט געזען ברוח הקודש אַז דוד המלך וועט אָפּשטאַמען פון אים, און אויך דאָס גאַנצע פאַרמעגן וואָס זיי האָבן זיך דערוואָרבן, און די אַלע מענטשן וועלכע זיי האָבן באַקערט צו דעם גלויבן אין „אחד״, און זיי האָבן זיך געלאָזט אין דעם לאַנד כנען. דער הייליקער האָט זיי כסדר באַגלייט, כדי קיינער זאָל זיי באַשעדיקן.

## אברהם און דער הונגער

אָון אברהם איז אַלט געווען פינף און זיבעציק יאָר ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון חרן, און אַהין האָט ער זיך שוין קיינמאָל אומגעקערט. ער האָט זיך געלאָזט קיין שכם. וואָרום ער האָט גע־וואָלט דאָרט תפילה טאָן פאַר יעקב׳ס קינדער וועלכע וועלן קומען אַהין מלחמה האַלטן. דער אויבערשטער האָט אים געוויזן דעם באַרג גריזים און דעם באַרג עיבל, וואו די אידן האָבן מקבל געווען די שבועה פון דער תורה. און אין יענער צייט האָט דער כנעני זיך נאָך געפונען אין דעם לאַנד, וואָרום עס איז נאָך דאַן ניט געקומען די צייט אַז די אידן זאָלן עס ירש׳ענען.

איז אברהם זיך אַזוי געגאַנגען, געצויגן און איינגענומען ארץ ישראל פון די קינדער פון שם. וואָרום ווען נח האָט צעטיילט דאָס לאַנד צווישן זיינע זין, איז ארץ ישראל געפאַלן אין שם׳ס חלק. און די כנענים האָבן זוכה געווען צו זיצן דאָרט זיבן און פערציק יאָר, דערפאַר ווייל זיי האָבן אַרויסגעוויזן אברהם׳ן כבוד. און כאָטש דער כנעני איז געווען אין לאַנד, פונדעסטוועגן האָט אברהם זיך ניט אָפּגעלערנט פון זייערע מעשים.

און אברהם האָט דאָרט אויפגעשטעלט אַ געצעלט פריער פאַר שרי׳ן און דערנאָך אַ געצעלט פאַר זיך, אַזוי אַז בית אל

איז געווען פון מערב זייט און עי פון מזרח זייט. און אַזוי ווי ער האָט געזען בנבואה, אַז זיינע קינדער וועלן דאָרט געשטרויכלט ווערן דורך די זינד פון עכן, וועלכער האָט עובר געווען אויף די חמשה חומשי תורה, האָט ער דאָרט געבויט אַ מזבח, און מתפלל געווען אַז זיינע קינדער זאָלן ניט פאַלן אין עי.

פון דאָרט איז ער געצויגן אין דער ריכטונג פון דרום. ער פלעגט ציען, דאַן זיך באַזעצן אויף אַ חודש אָדער לענגער, און ווייטער ציען. אָבער כסדר אין דער ריכטונג פון דרום זייט, אין דער דרום זייט פון ארץ ישראל, נעמלעך אין דער ריכטונג פון ירושלים. וואָרום ער האָט זיך מכוון געווען צו ציען אין דער ריכטונג פון דעם בית המקדש. אַזוי האָט ער געצויגן ביז ער איז ענדלעך אָנגעקומען קיין ארץ ישראל. האָט אָבער דער הייליקער, געבענטשט זיין נאָמען, געוואָלט אויספּרובירן דעם צדיק, און באַקאַנט מאַכן זיינע גוטע מעשים, האָט ער באַלד באַגעגנט אַ הונגער. און טאַקע אין דעם זעלבן יאָר אין וועלכן אברם האָט פאַרלאָזט חרן, האָט אויסגעבראָכן דער הונגער.

און געווען איז דאָס איינער פון די צען הונגערס וועלכע זיינען געקומען אויף דער וועלט. איינער איז געווען אין אָדם הראשון'ס צייטן, איינער אין למך'ס צייטן, איינער אין אברם'ס צייטן, איינער אין יצחק'ס צייטן, איינער אין יעקב'ס צייטן, איינער אין דוד המלך'ס צייטן, איינער אין די צייטן פון אליהו הנביא, איינער אין די צייטן פון אלישע, און איינער וואָס וועט נאָך אַמאָל קומען.

און געווען איז דער הונגער אַ זעהר שווערער. די מענטשן פון דעם לאַנד האָבן ניט געקענט איינזיצן, אַזוי שרעקלעך איז געווען דער הונגער. וואָרום קיין שווערערער הונגער פון אים איז ניט געווען. אָבער געהערשט האָט דער הונגער בלויז אינעם לאַנד כנען, ניט אין די אַנדערע לענדער. וואָרום דער אויבערשטער האָט געוואָלט אויספּרובירן אברם'ן און זען צי אַז ער וועט איצט דאַרפן ציען קיין מצרים נאָך עסנוואַרג, צי וועט ער מהרהר זיין און זאָגן: „פריער הייסט ער מיר גיין קיין כנען, און איצט מאַכט ער איך זאָל אַוועק פון דאַנען".

אָבער אברם האָט ניט מהרהר געווען. ווען דער הונגער איז אויף אים אָרויפגעשפרונגען, האָט אים ניט פאַרדראָסן. ער האָט זיך ניט געקלאָגט, און האָט ניט מהרהר געווען נאָך די מדות פון דעם הייליקן, געבענטשט זיין נאָמען. ער האָט געזאָגט צו זיין ווייב שרי: מצרים איז אַ גאַנץ שיינע געגנט, עס איז גוט דאָרט צו וואוינען. לאָמיר אַלזאָ ציען אַהינצו. וואָרום דאָרט איז פאַראַן גענוג ברויט און פלייש.

# רקיון, דער ערשטער פּרעה פון מצרים

אין יענע צייטן האָט געלעבט אינעם לאַנד שנער אַ גרויסער אָרעמאַן מיט דעם נאָמען רקיון. ער איז געווען אַ גרויסער חכם און אַ געלערנטער אין אַלע וויסנשאַפטן און אַ זעהר שיינער מענטש, אָבער פּרנסה האָט ער ניט געהאַט. האָט ער באַשלאָסן צו ציען קיין מצרים צו ווייזן אשווירוש׳ן, דעם זון פון ענם, דעם קעניג פון מצרים, זיין חכמה, אפשר וועט ער געפינען חן אין זיינע אויגן, און ער וועט אים געבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרדינען.

ווען רקיון איז געקומען קיין מצרים, און ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויפן קעניג, האָט מען אים געענטפערט, אַז בלויז איין טאָג אין יאָר קומט אַרויס דער מלך פון זיין פּאַלאַץ. אין יענעם טאָג משפּט ער דאָס פאָלק, און ווער עס האָט אַ בקשה, הערט דער מלך אים אויס יענעם טאָג, און דאַן גייט ער צוריק אַריין אין זיין פּאַלאַץ אויף אַ גאַנץ יאָר.

דערהערנדיק דאָס, האָט רקיון זיך שטאַרק געערגערט. ער האָט אַ גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפן אין דעם געצעלט וואָס ער האָט געפונען. וואָס זאָל ער איצט טאָן? פון וואָס זאָל ער זיך דערנערן? ווי אַזוי זאָל ער פאַרדינען פּרנסה?

איז ער אינדערפרי נאָכאַמאָל אַרויס אין גאַס, האָט ער געטראָפן גרינצווייג-הענדלער. „פון וואָס לעבט איר?" האָט ער זיי געפרעגט, און זיי האָבן אים געענטפערט אַז זיי האַנדלען מיט גרינצווייג. רקיון האָט באַשלאָסן צו טאָן דאָס זעלבע. ער האָט דאָך אָבער ניט געקענט די געזעצן פון דעם לאַנד, איז ער אַרומגעגאַנגען צווישן זיי ווי אַ בלינדער. איז ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן מיט דער סחורה, איז אַ חברה שאַלגאַוואָטיקע מענטשן אים באַפאַלן און האָט אַוועקגערויבט פון אים די סחורה.

אַ פאַרביטערטער האָט ער זיך אומגעקערט אין דעם געצעלט. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געהאַלטן אין איין קלערן, און ענדלעך איז ער געפאַלן אויף אַ פּלאַן. ער איז אַרויס אין גאַס אַריין גאַנץ פרי און האָט געדונגען דרייסיק געזונטע חברה-לייט, זיי באַוואָפנט, און האָט זיי אַוועקגעפירט אויף דעם צווינטער.

„דאָ זאָלט איר אַלע שטיין און ניט לאָזן באַגראָבן אַ טויטן ביז מען וועט באַצאָלן צוויי הונדערט זילבער שטיק", האָט ער זיי באַפוילן, און די חברה-לייט האָבן געטאָן ווי ער האָט זיי געהייסן.

אין פאַרלויף פון אַכט חדשים האָבן רקיון און זיין באַנדע

אָנגעזאַמלט פיל זילבער, גאָלד, ברילִיאַנטן און דימענטן. האָט ער געקויפט פערד און בהמות און צוגעדונגען נאָך מענטשן.

ווען עס איז געקומען דער טאָג ווען דער מלך קומט אַרויס פון זיין פּאַלאַץ אויסצוהערן דאָס פאָלק, האָבן זיך אַלע איינוואוינער פון מצרים פאַרזאַמלט אים צו דערקלערן וואָס רקיון און זיין חברה האָבן זיי אָפּגעטאָן.

ווען דער מלך איז אַרויסגעקומען, האָבן זיי אַלע אויסגעשריען: „לעבן זאָל דער מלך אייביק! אָבער וואָס איז דאָס וואָס דו האָסט אָפּגעטאָן דיינע קנעכט! דו לאָזט גאָרניט באַגראָבן די טויטע ביז מען באַצאָלט זילבער און גאָלד! איז דען אַזאַ זאַך געהערט געוואָרן אינעם גאַנצן לאַנד אין די צייטן פון די פריערדיקע מלכים וועלכע האָבן געהערשט פאַר אונז אין דעם לאַנד זינט די צייטן פון אָדם'ן ביז איצט, אַז מען זאָל ניט טאָרן באַערדיקן אַ טויטן, סיידן מען באַצאָלט! מיר ווייסן אַז דאָס געבאָט פון אַ מלך איז צו נעמען צינז פון די לעבעדיקע, יאָר איין יאָר אויס. דו אָבער טוסט ניט אַזוי, דו נעמסט טאָג איין טאָג אויס צינז אויך פון די טויטע! מיר קענען דאָס שוין מער ניט איבערטראָגן. די גאַנצע שטאָט איז דורכדעם פאַרדאָרבן געוואָרן און דו ווייסט ניט דערפון!"

דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער, איז דער קעניג געוואָרן שטאַרק אויפגעבראַכט, און זיין גרימצאָרן האָט זיך אין אים צעפלאַקערט, ווייל ער האָט דאָך פון גאָרניט געוואוסט.

און דער מלך האָט אויסגערופן: „ווער איז עס דער יעניקער וועלכער האָט געוואַגט צו טאָן אַזאַ אומרעכט אין מיין לאַנד אָהן מיין באַפעל? דערציילט מיר!"

האָט מען אים דערציילט אַלץ וואָס רקיון און זיינע געהילפן האָבן געטאָן. דאָס האָט דעם קעניג שטאַרק פאַרדראָסן, און ער האָט געשיקט נאָך רקיון'ען און זיין חברה.

איז רקיון געגאַנגען און ער האָט צוזאַמענגענומען טויזנט אינגלעך און מיידלעך און זיי אָנגעטאָן אין זיידענע, אויסגעהאַפּטענע קליידער, זיי אַרויפגעזעצט אויף פערד, און זיי אַוועקגעשיקט צום קעניג. און ער אַליין האָט גענומען אַ מתנה פון פיל זילבער, גאָלד, ברילִיאַנטן און דימענטן און פילע פערד און איז געקומען צום קעניג און האָט זיך פאַר אים פאַרבוקט.

ווען דער מלך און זיינע קנעכט און דאָס פאָלק האָבן דערזען וואָס רקיון האָט געטאָן, און זיין רייכקייט און די שיינע מתנה וואָס ער האָט געבראַכט דעם קעניג האָבן זיי זיך שטאַרק געוואונדערט. און דעם קעניג איז די מתנה שטאַרק געפעלן.

האט ער אים אנגעהויבן אויספרעגן וואס זיין באשעפטיקונג איז, און רקיון האט געענטפערט מיט חכמה.

רקיון׳ס קלוגע רייד האבן געפונען חן אין די אויגן פון דעם מלך, זיינע הארן און פון דעם פאלק, און דער מלך האט אים שטארק ליב געקראגן.

רופט זיך אן דער מלך צו רקיון׳ען: „פון היינט אן און ווייטער וועט דיין נאמען ניט מער זיין רקיון. פון איצט אן וועסטו הייסן פרעה, ווייל דו האסט געצאלט (פרע) צינז פון די טויטע", און מען האט אים אנגעהויבן רופן פרעה.

און וואס ווייטער אלץ מער האבן דער קעניג און זיינע הארן ליב געקראגן רקיון-פרעה׳ן פאר זיין קלוגשאפט, האבן זיי זיך אן עצה געהאלטן און באשלאסן אים צו מאכן פאר קעניג. און א געזעץ איז טאקע ארויסגעגעבן געווארן איבער דעם גאנצן לאנד מצרים, אז רקיון-פרעה איז מלך פון מצרים אויפן ארט פון אשווירוש׳ן.

רקיון-פרעה האט אנגעהויבן צו קיניגן. ער פלעגט משפט׳ן דאס פאלק אלע טאג, און אשווירוש פלעגט משפט׳ן דאס פאלק בלויז איין טאג אין יאר.

רקיון-פרעה האט אנגעהויבן הערשן מיט א שטארקער האנט, און האט גענומען צינז פון אלע איינוואוינער אין מצרים. דאס גאנצע לאנד האט אים ליב געהאט, און עס איז ארויסגעגעבן געווארן א געזעץ, אז פון דעמאלט אן און ווייטער, זאלן אלע הערשער אין מצרים הייסן פרעה.

## אברהם׳ס צוג קיין מצרים

אין אט יענער צייט האט אברם גענומען אלץ וואס ער האט פארמאגט און איז געצויגן קיין מצרים. ווען זיי זיינען געקומען צום טייך פון מצרים, זיינען זיי דארט געבליבן עטלעכע טעג זיך אפצורוען פון דעם וועג.

שפאצירנדיק אזוי מיט זיין ווייב שרי לייגג-אוים דעם ברעג טייך, האט אברם ארייגגעקוקט אין וואסער און דערזען ווי שיין זיין ווייב איז. ווארום ביז דאן האט אברם ניט געוואוסט וואס פאר א שיינהייט זי איז. ווייל אזוי לאנג ווי זיי זיינען געזעסן אויף איין ארט, איז שרי געגאנגען פארדעקט מיט א שלייער. און אונטערוועגס איז זי געגאנגען אויפגעדעקט, און אויך מחמת דער גרויסער צניעות וואס האט געהערשט צווישן זיי, האט ער ניט געמערקט איר שיינקייט. און כאטש דער שטייגער פון דער וועלט

איז דאָך אַז אַ רייזע מאַכט אַ מענטשן אויסזען שלעכט, אָבער שרי איז געבליבן די זעלבע שיינהייט. זי האָט זיך ניט געענדערט.

האָט אברם זיך אָנגערופן צו איר:

„קינד מיינס! מצרים איז אַן אויסגעלאַסן לאַנד. איך זע איצט אַז דו ביזט אַ שיינהייט, איז איצט געקומען די צייט אַז איך זאָל זיך זאָרגן וועגן דיין שיינקייט. מיר האָבן געוואַנדערט אין ארם נהרים און אין ארם נחור, און מיר האָבן ניט געפונען אַזאַ שיינע פרוי ווי דו. כאָטש זייערע פרויען זיינען אויך שיין, אָבער אַזאַ שיינהייט ווי דו איז ניט פאַראַן. איצט גייען מיר אין אַ לאַנד פון שוואַרצע און מיאוס'ע. זיי זיינען פאַרוואַנדעטע פון די כושים, און זיינען ניט געוואוינט צו זען אַ שיינע פרוי. וואָרום די עגיפּטישע פרויען זיינען מיאוס'ע, און דו ביזט אַ שיינע. און אַ שיינע צווישן מיאוס'ע זעט אויס נאָך שענער. איז אַז די מצריים וועלן דיך דערזען, וועט זיי אָנכאַפּן אַ חשק צו דיין שיינקייט. וועלן זיי זאָגן 'דאָס איז זיין ווייב'. און אַזוי ווי אַ פאַרהייראַטע פרוי איז ביי זיי פאַרבאָטן, וועלן זיי זאָגן 'אָט דער דאָזיקער פּראָסטער מענטש דאַרף האָבן אַזאַ שיינע פרוי'. וועלן זיי מיך הרג'נען, און דיך וועלן זיי לאָזן לעבן. בעט איך דיך, אַז אָט דאָס זאָלסטו טאָן פאַר מיר. ווען מען וועט דיך פרעגן ווער דו ביזט, זאָלסטו ענטפערן אַז דו ביזט מיין שוועסטער, כדי עס זאָל אונז אַרויסקומען דערפון אַ טובה, מיר זאָלן ביידע לעבן, און ניט געטויט ווערן. נאָכמער, זיי וועלן אונז נאָך געבן מתנות". וואָרום נאָר אין דעם זכות פון דער פרוי ווערט אַ מענטש רייך. ווייל אברם האָט געזען די שכינה מיט איר, איז ער געווען זיכער אַז עס וועט איר גאָרניט געשען.

אברם האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו זיינע מענטשן, וועלכע זיינען מיט אים מיטגעצויגן קיין מצרים צוליב דעם הונגער און אויך זיין פּלימעניק לוט. ער האָט צו זיי געזאָגט: „אויב די מצריים וועלן אייך פרעגן אויף שרי'ן ווער זי איז, זאָלט איר ענטפערן אַז זי איז אברם'ס שוועסטער".

אברם האָט זיך אָבער ניט פאַרלאָזט בלויז אויף דעם אַליין. ער האָט געזאָגט צו שרי'ן: „די מצריים זיינען שטאַרק אויסגעלאַסן, וועל איך דיך אַריינלייגן אין אַ קופערט, און דיך פאַרשליסן, וואָרום איך האָב שטאַרק מורא".

און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. ער האָט אַריינגעלייגט שרי'ן אין אַ קאַסטן און אים באַהאַלטן צווישן די אַנדערע זאַכן וועלכע ער האָט מיטגעפירט, ווייל ער האָט שטאַרק מורא געהאַט אַז די מצריים קענען איר נאָך טאָן שלעכטס. און אברם האָט

גענומען אַלץ וואָס ער האָט געהאַט און איז אַוועקגעצויגן פון דעם טייך און זיך געלאָזט קיין מצרים.

ווי נאָר זיי זיינען צוגעקומען צו די טויערן פון דער שטאָט, האָבן זיך די וועכטער צו אים גענומען.

זיי האָבן צו אים געזאָגט: „פריער מוזט איר באַצאָלן צאָל צום קעניג, און ערשט דאַן וועט איר קענען אַריינגיין אין לאַנד אַריין".

האָבן אברם און זיינע מענטשן געטאָן ווי מען האָט זיי געהייסן. זיי האָבן באַצאָלט צאָל, און מען האָט זיי דורכגעלאָזט דעם טויער.

# אברהם אין מצרים

ווען אברם און זיינע מענטשן זיינען אַריינגעקומען קיין מצרים און האָבן געטראָגן דעם קופערט אין וועלכן שרי האָט זיך געפונען, האָבן די מצריים זיך זעהר שטאַרק געוואונדערט.

די קנעכט פון דעם מלך זיינען צוגעגאַנגען צו אים און האָבן אים געפרעגט: „דעם דאָזיקן קאַסטן האָבן מיר דאָך ניט געזען! וואָס האָסטו דאָרטן? עפן אויף דעם דאָזיקן קאַסטן. מיר ווילן זען וואָס עס געפינט זיך דאָרט. ווייל דו דאַרפסט באַצאָלן דעם מלך צאָל פון אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין דעם דאָזיקן קופערט".

אָבער אברם האָט ניט געוואָלט עפענען דעם קופערט. ער האָט געהאַלטן אין איין איינ׳טענה׳ן מיט זיי, און צום סוף האָט ער זיי געזאָגט: „דעם דאָזיקן קאַסטן וועל איך אויף קיין פאַל עפענען, אָבער איך בין גרייט צו באַצאָלן וויפל איר וועט מיר הייסן".

האָבן זיי געזאָגט צו אים: „אָבער וואָס האָסטו אין דעם דאָזיקן קאַסטן?"

און אברם האָט געענטפערט: „גערשטן".

„ניין, עס קען ניט זיין, עס איז דאָרט געווים דאָ ווייץ", האָבן זיי געזאָגט.

„גוט, נעמט אייך צאָל פאַר ווייץ", האָט ער זיי געענטפערט.

האָבן זיי זיך אָנגערופן: „אפשר איז גאָר דאָרט פאַראַן בעבלעך?"

„קענט איר נעמען צאָל פאַר בעבלעך", האָט ער געענטפערט.

האָבן זיי ווידער געזאָגט: „דו מוזט אוודאי דאָרט האָבן כלים".

„וועל איך אייך געבן צאָל פאַר כלים", האָט ער זיי געענטפערט.

„טאָמער איז דאָרט גאָר פאַראַן גאָלד", האָבן זיי גע׳טענה׳ט.

„וועל איך אייך באַצאָלן צאָל וואָס קומט פון גאָלד״, האָט אברם געענטפערט.

— „פון וואַנען ווייסן מיר, אפשר איז דאָרט גאָר פאַראַן זייד!״

— „וועל איך אייך צאָלן צאָל וואָס קומט פאַר זייד״ — האָט אברם געזאָגט.

— „דו האָסט גאָר דאָרט פּערל״ — האָבן זיי געזאָגט.

— „גוט, איז נעמט איך צאָל וואָס קומט פאַר פּערל״ — האָט ער געענטפערט.

האָבן די הארן פון פּרעה זיך אָנגערופן צו אברם׳ן און געזאָגט: „אין דעם קאַסטן זיינען געווים פאַראַן דימענטן און קרישטאָלן, באַצאָל דיין צאָל״.

און אברם האָט געענטפערט: „וואָס און וויפל איר וועט מיר הייסן באַצאָלן, וועל איך באַצאָלן, אַבי איר זאָלט ניט אויפעפענען דעם קאַסטן״.

ווען די מצריים האָבן געזען אַז וואָס זיי זאָלן זאָגן, נעמט ער אויף זיך, האָבן זיי זיך געטראַכט, ווען ער זאָל ניט האָבן אין דעם קאַסטן אַ גאָר קאָסטבאַרע זאַך, וואָלט ער דאָך ניט געוועזן וויליק צו באַצאָלן אַלץ וואָס מען זאָגט אים. מסתמא איז אינעווייניק פאַראַן אַ גאָר וואַזשנע זאַך.

אין אָט דער שעה האָבן זיי אַ זאָג געטאָן צו אים: „עס וועט דיר גאָרניט העלפן! דו וועסט זיך ניט רירן פון דאַנען ביז דו וועסט אויפמאַכן דעם קופערט!״

„איך באַצאָל אייך וויפל איר ווילט, אַבי עפנט ניט דעם קאַסטן״, בעט ער זיך ביי זיי.

אָבער זיי ענטפערן: „אויסגעשלאָסן, דו מוזט אויפעפענען דעם קופערט, און ווייז אונז וואָס דו האָסט דאָרט״.

און פּרעה׳ס הארן האָבן אָפּגעשטופּט אברם׳ן. זיי זיינען צוגעגאַנגען צום קאַסטן און האָבן אים אויפגעעפנט מיט געוואַלד.

און ווי נאָר זיי האָבן אויפגעעפנט דעם קאַסטן, האָט גאַנץ מצרים אָנגעהויבן צו לייכטן, און זיי האָבן דערזען אין דעם קאַסטן שרי׳ן, וועלכע האָט געשיינט ווי די זון.

ווען פּרעה׳ס הארן האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי זיך שטאַרק געוואונדערט. זיי האָבן צווישן זיך גערעדט, אַז עס איז ניט רעכט אַז אַזאַ פּשוט׳ער מענטש ווי אברם זאָל באַזיצן אַזאַ שיינהייט פאַר אַ ווייב. זיי האָבן געהאַלטן, אַז זי פּאַסט זיך אין אַ פּאַלאַץ אריין, אַז זי איז ראוי פאַר דעם קעניג.

זיינען פּרעה׳ס הארן געלאָפן און האָבן דערציילט דעם מלך אַלץ וואָס זיי האָבן געזען, און זיי האָבן שטאַרק געלויבט שרי׳ן

פאַר אים. און דער מלך האָט געשיקט נאָך איר און מיט געוואַלד, קענגן איר ווילן, האָט מען זי געבראַכט צום קעניג, און מען האָט זי אַריינגעפירט אין זיין פּאַלאַץ אַריין.

## שרה אין פּרעה׳ס פּאַלאַץ

ווען פּרעה האָט דערזען שרי׳ן איז זי אים שטאַרק געפעלן, און ער האָט זיך גאָרניט געקענט אָפּוואונדערן פון איר שיינקייט. ער האָט זיך שטאַרק געפרייט מיט איר, און די אַלע וועלכע האָבן אים דערציילט וועגן איר, האָט ער געגעבן מתנות.

אין דעם מאָמענט ווען פּרעה האָט צוגענומען שרי׳ן פון איר מאַן, וועלכער האָט זי זעהר שטאַרק ליב געהאַט, האָט ער איר אָפּגעשריבן זילבער, גאָלד, פּעלדער, קנעכט, דינסטן, און ער האָט איר אויך אָפּגעשריבן די פּראָווינץ גושן.

ווען אברם האָט דאָס דערזען, האָט ער אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען. ער האָט געבעטן צום אויבערשטן און געזאָגט: „רבונו של עולם! אָט דאָס איז מיין בטחון וואָס איך האָב אין דיר! און איצט טו עס צוליב דיין רחמים און דיין חסד, פאַרשעם מיך ניט פאַר מיינע האָפענונגען״.

אויך שרי האָט געבעטן צום אַלמעכטיקן און געזאָגט:

„אָ, האר פון דער וועלט, דו האָסט געהייסן מיין האר אברם׳ן פאַרלאָזן זיין לאַנד און זיין פאָטערס הויז, און דו האָסט אים צוגעזאָגט, אַז אויב ער וועט טאָן ווי דו הייסט אים, וועסטו אים טאָן גוטס. איז דאָס וואָס אברם האָט געטאָן, איז געווען דערפאַר וואָס דו האָסט אים צוגעזאָגט. ער האָט געהאַט אין דיר בטחון. אָבער איך, האר פון דער וועלט, איך האָב דאָך פון גאָרניט געוואוסט. ער האָט מיר בלויז געהייסן גיין, האָב איך געגלויבט און בין מיטגעגאַנגען. אברם איז געגאַנגען מיט הבטחה, אָבער איך האָב פאַרלאָזט דאָס לאַנד מיט אמונה, גלויבן. צום סוף איז אברם אויסוויינים און איך בין אינווייניק. זע, מיר האָבן געטאָן ווי דו האָסט אונז געהייסן. מיר האָבן פאַרלאָזט אונזער לאַנד און אונזער משפחה, און מיר זיינען אַוועקגעגאַנגען אין אַ פרעמד לאַנד און צו אַ פרעמד פאָלק וואָס מיר האָבן קיינמאָל געקענט. מיר זיינען געקומען אין אָט דעם לאַנד צו ראַטעווען זיך פון דעם הונגער. האָט מיך איצט געטראָפן אָט דאָס אומגליק. און איצט בין איך איינע אַליין, אָפּגעזונדערט פון מיין טאַטן, פון מיין מאַמען און פון מיין מאַן. איצט וועט קומען דער דאָזיקער רשע און טאָן מיט מיר וואָס ער וועט וועלן. טו זשע צוליב דיין

גרויסן נאָמען, און צוליב אברם'ס בטחון אין דיינע רייד. ראַטעווע מיך און העלף מיר פון דעם דאָזיקן צורר, און טו מיט מיר גוטס צוליב דיין חסד וועגן".

אַט אַזוי איז שרי געלעגן אויף איר פּנים די גאַנצע נאַכט און געבעטן צום אויבערשטן.

און דער אַלמעכטיקער האָט געהערט איר קול און צו איר געזאָגט:

„ביי דיין לעבן, אַז דיר וועט קיין שלעכטס געשען, און אויך ניט דיין מאַן. פּרעה'ן און זיין הויז־געזינד וועל איך שוין ווייזן. און אַלץ וואָס איך וועל טאָן, וועל איך טאָן בלויז צוליב דיר, און אַלע וועלן זאָגן אַז דאָס האָב איך געטאָן צוליב שרי'ן, די פרוי פון אברם".

און די גאַנצע נאַכט וואָס שרי איז געווען ביי פּרעה'ן, האָט זיך די שכינה פון איר ניט אָפּגעטאָן.

און ווען די מלאכים זיינען געקומען זינגען לויב־געזאַנגען פאַר דעם הייליקן, געבענטשט זיי זיין נאָמען, האָט ער צו זיי געזאָגט:

„גייט אַלע און שלאָגט מצרים מיט שווערע מכות. זאָל דאָס זיין אַ וואונק אויף וואָס איך וועל זיי נאָך טאָן אַמאָל".

אין יענער שעה האָט אַ מלאך אַראָפּגענידערט פון דעם הימל, מיט אַ רוט אין זיין האַנט. און ווען דער מלך איז אַריינגעקומען און האָט זיך אָנידערגעזעצט לעבן שרי'ן, איז דער מלאך געשטאַנען נעבן זיי.

און דער מלאך האָט זיך באַוויזן צו שרי'ן און צו איר געזאָגט: „האָב קיין מורא, וואָרום דער אַלמעכטיקער האָט געהערט דיין געבעט".

און דער קעניג האָט געפרעגט שרי'ן: „וואָס קער זיך אָן מיט דיר דער מאַן, וועלכער האָט דיך אַהער געבראַכט?"

„ער איז מיין ברודער", האָט שרי געענטפערט.

און דער מלך האָט זיך אָנגערופן: „מיר דאַרפן אים גרויס מאַכן, און אים דערהויבן שטאַרק הויך, און טאָן פאַר אים אַלץ וואָס דו וועסט הייסן".

און דער קעניג האָט געשיקט צו אברם'ן זילבער, גאָלד, בריליאַנטן, קרישטאָל און פילע שעפסן, רינדער, קנעכט און דינסטן, און דאָן האָט דער מלך געבאָטן און מען האָט געבראַכט אברם'ן אין פּאַלאַץ אַריין, און פּרעה האָט אים שטאַרק גרויס געמאַכט אין יענער נאַכט.

און ווי נאָר דער מלך האָט זיך צוגעגענטערט צו שרי'ן צו

ריידן, און ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט זי אָנצורירן, האָט דער מלאך אים דערלאַנגט אַ קלאַפּ. און אַז ער האָט פּרובירט נאָכאַמאָל, האָט דער מלאך אים אַ זעץ געטאָן אויף דער ערד. אַז דער מלך האָט פאַרזוכט אַרונטערצוציען איר שוך, האָט דער מלאך אים דערלאַנגט איבער דער האַנט. האָט ער געוואָלט אָנ־רירן אירע קליידער, האָט דער מלאך אים געקלאַפּט איבער דער האַנט.

אַט אַזוי איז עס צוגעגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. און פאַר יעדן קלאַפּ וואָס ער האָט אים דערלאַנגט האָט ער זיך באַראַטן מיט שרי׳ן. אויב שרי האָט געהייסן שלאָגן, האָט ער געשלאָגן. און אויב שרי האָט געהייסן וואַרטן אַביסל, האָט ער געוואַרט.

צען מאָל האָט שרי געהייסן דעם מלאך אים שלאָגן. און אויך שפּעטער האָט דער אַלמעכטיקער געבראַכט אויף מצרים צען מכות.

און דערפאַר וואָס פּרעה האָט זי פאַרהאַלטן איין נאַכט, זיינען ער און זיין הויז־געזינד געשלאָגן געוואָרן מיט נגעים, מיט קרעץ, מיט אַזאַ קראַנקייט פאַר וועלכער געשלעכטלעכע באַציאונג איז געפערלעך, און מיט אַלע אַנדערע קראַנקייטן וואָס מענטשן האָבן געליטן און וואָס מענטשן וועלן ליידן. און ניט נאָר ער אַליין, נאָר אַלע זיינע הארן, זיין הויז־געזינד, די קנעכט, די ווענט, די זיילן, די בעטן, די כלים, אַלץ, אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט איז געשלאָגן געוואָרן מיט די דאָזיקע מכות.

און געווען איז יענע נאַכט די נאַכט פון פּסח. האָט דער אַלמעכטיקער געבראַכט אויף אים די מכות, אים מודיע צו זיין, אַז אין דער צוקונפט וועט ער ברענגען אויף זיין לאַנד מכות.

האָט דער מלך זיך זעהר שטאַרק דערשראָקן און געציטערט. און דאָס געשריי אין פּרעה׳ס פּאַלאַץ איז געווען שטאַרק גרויס. און אַלע האָבן געזאָגט אַז דאָס אַלץ איז צוליב שרי׳ן, די פרוי פון אברם.

ווען פּרעה האָט דערזען דאָס שלעכטס וואָס איז אויף אים געקומען, האָט ער זיך געטראַכט: דאָס איז דאָך מיר געקומען נאָר דורך דער דאָזיקער פרוי. האָט ער זיך פון איר דערווייטערט, און גערעדט צו איר גוטע רייד.

און דער קעניג האָט צו איר געזאָגט: „דערציייל מיר, איך בעט דיך, וועגן דעם מאַן מיט וועלכן דו ביזט געקומען אַהער".

„דער דאָזיקער מאַן איז מיין מאַן", האָט שרי געענטפערט, „און איך האָב דיר געזאָגט אַז ער איז מיין ברודער, ווייל איך האָב מורא געהאַט, טאָמער וועט איר אים טויטן".

און דער קעניג האָט זיך אויפגעהערט טשעפּען צו שרי׳ן,

און גלייכצייטיק האָבן זיך אָפּגעטאָן די מכות. דאַן האָט פּרעה געוואוסט אַז דאָס אַלץ איז געשען בלויז צוליב שרי׳ן, און ער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט.

## אברהם און שרה פאַרלאָזן מצרים

און פּרעה איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, אַ צעשראָקענער, און אַ צעטראָגענער, ווייל ער האָט דאָך זיך ניט צוגענענטערט צו איר, און ווען מען האָט געבראַכט צו אים אברם׳ן, האָט דער קעניג געזאָגט צו אים: „פאַרוואָס האָסטו מיר אַזוינס אָפּגעטאָן? פאַרוואָס האָסטו געזאָגט ׳זי איז מיין שוועסטער׳! איך האָב זי דאָך דערפאַר געוואָלט נעמען פאַר אַ ווייב. אָבער נאָך איידער איך האָב צוגענענטערט צו איר, בין איך שוין געשלאָגן געוואָרן מיט מכות״.

„און איצט, אַט האָסטו דיר דיין ווייב, און אַלע אָפּשרייבעכצן פון די מתנות וואָס איך האָב איר געגעבן. נעם זיי און גיי דיר אַוועק פון אונזער לאַנד, וואָרום מיר קענען נאָך אַלע אויסשטאַרבן דורך איר. גיי! און פאַרזוים זיך ניט אין דעם דאָזיקן לאַנד, וואָרום די מצריים זיינען שטאַרק אויסגעלאַסן״.

און פּרעה האָט גענומען נאָך שאָף און רינדער, און קנעכט און דינסטן און זילבער און גאָלד, און ער האָט געגעבן אברם׳ן. ער האָט אים אומגעקערט זיין ווייב שרי, און ער האָט איר אָפּגעשריבן פאַר אַ דינסט זיין טאָכטער הגר וואָס זיינע אַ קעבס־ווייב האָט אים געבוירן. און ער האָט זי געגעבן שרי׳ן אַלס באַלוינונג פאַר איר צניעות.

און צו זיין טאָכטער הגר האָט דער קעניג געזאָגט: „מיין טאָכטער, עס איז פיל בעסער פאַר דיר צו זיין אַ דינסט אין דעם הויז פון דער דאָזיקער פרוי איידער צו זיין אין מיין הויז, נאָכדעם ווי מיר האָבן געזען דאָס שלעכטס וואָס איז אויף אונז געקומען צוליב דער דאָזיקער פרוי״.

האָט אברם גענומען וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און ער האָט פאַרלאָזט מצרים. פּרעה האָט באַפוילן זיינע מענטשן זיי זאָלן באַגלייטן אברם׳ן און זייניקע, כדי קיינער זאָל זיי טאָן קיין שום שלעכטס. און ער אַליין האָט זיי באַגלייט פיר טריט. האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו פּרעה׳ן: זעסט, אַט אַזוי וועסטו אַמאָל באַגלייטן אברם׳ס קינדער פון דיין לאַנד.

און אַט דאָס אַלץ איז פאַרלאָפן מיט אברם׳ן נאָר צוליב דעם, אַז זיין נאָמען און שרי׳ס נאָמען זאָלן ווערן גרויס אויף דער

וועלט. ווארום אפילו אין מצרים, דאס לאנד פון די גרעסטע כשוף־מאכערס, פון וועמענס הענט קיינער האט געקאנט ארויס א גאנצער, איז אברם דארט נתעלה, דערהויבן, געווארן, און גאנץ מצרים האט אים באגלייט.

און אזוי גרויס איז דער שכר פאר באגלייטן א מענטשן, אז דערפאר וואס פרעה האט באגלייט אברם׳ן פיר טריט, זיינען אברם׳ס אפשטאמלינגע געווען ביי אים קנעכט פיר הונדערט יאר (לויט אן אנדער מיינונג צוויי הונדערט און צען יאר). און דערפאר וואס שרי האט אין אזא זנות׳דיק לאנד ווי מצרים זיך אויסגעהיטן פון אויסגעלאסנקייט, זיינען אין איר זכות אלע פרויען געווארן פריי. און דערפאר וואס אברם איז אין מצרים ניט געשטרויכלט געווארן דורך זנות, זיינען אין זיין זכות אלע מענער געווארן פריין.

און אברם האט זיך אומגעקערט אין דעם לאנד כנען, צו דעם ארט וואו ער האט געבויט דעם מזבח, וואו ער האט צוערשט אויפגעשטעלט זיין געצעלט. און אויף זיין וועג צוריק, האט אברם גענעכטיקט אין די זעלבע סטאנציעס, אין וועלכע ער איז איינגע־שטאנען גייענדיק קיין מצרים. ווייל ער האט געוואלט אפצאלן זיינע חובות וואס ער איז שולדיק געווען אין די סטאנציעס.

## אברהם און לוט

אויך לוט האט אין זכות פון אברם׳ן געהאט פילע שעפסן, רינדער און געצעלטן. ווארום דער אויבערשטער האט אים גוטס געטאן צוליב אברם׳ן. ער האט אים אזוי רייך געמאכט, אז די ערד האט זיי ביידע צוזאמען ניט געקענט טראגן. עס איז ניט געווען גענוג פאשע פאר זייערע פי.

און ווען אברם׳ס פי פלעגן ארויסגיין אין פעלד אריין זיך פאשען, האבן זיי ניט דערטשעפעט פרעמדע פעלדער. ווארום אברם׳ס פאסטעכער פלעגן פארצוימען זייערע מיילער, ביז זיי זיינען געקומען צום פאשע־פלאץ, כדי זיי זאלן ניט בא׳גזל׳ען פרעמדע מענטשן. אבער לוט׳ס פאסטעכער פלעגן ניט פארצוימען די מיילער פון לוט׳ס בהמות. ווייל זיי זיינען געווען רשעים. פלעגן טאקע לוט׳ס בהמות פארניכטן דאס גראז און די געוואוקסן פון פרעמדע בעלי בתים.

האבן אברם׳ס פאסטעכער אנגעהויבן זיך צו קריגן מיט לוט׳ס פאסטעכער, און זיי האבן צו זיי געזאגט:

„פארוואס פירט איר ארויס לוט׳ס פי אומגעצוימט און פארשאפט אזוי ארום לוט׳ן א שלעכטן נאמען?“

און לוט'ס פּאַסטעכער האָבן געענטפערט:

„פאַרקערט, אייגנטלעך האָבן מיר דאָך באַדאַרפט אייך ניט לאָזן פּאַרצוימען די מיילער פון די בהמות! וואָרום איר ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז אברם'ס פי וועלן סוף כל סוף איבערגיין צו לוט'ן, ווייל אברם האָט דאָך קיין קינדער, און לוט וועט אים ירש'ענען. און דערפאַר וואָס איר ווייסט, אַז אברם האָט קיין זון וועלכער זאָל אים ירש'ענען, פּאַשעט איר ניט די פי ווי עס באַדאַרף צו זיין. איר מאַכט זיך פאַר צדיקים אויף יענעמס חשבון! וואָס הייסט דאָס וואָס איר זאָגט, אַז לוט'ס בהמות פּאַשען זיך פון גזלה! פּאַשען זיי זיך דען ניט אויף אייגענע פעלדער?! האָט דען ניט דער הייליקער, ברוך הוא, געזאָגט צו אברם'ן 'צו דיינע קינדער וועל איך געבן דאָס דאָזיקע לאַנד'. אָט, אָט, וועט ער דאָך שטאַרבן אָהן קינדער, און לוט, זיין ברודערס זון, וועט אים דאָך ירש'נען!"

האָט דער הייליקער, געבענטשט זיין נאָמען, זיך אָנגערופן:

„אמת, איך האָב טאַקע געזאָגט אברם'ן, אַז זיינע קינדער וועל איך געבן דאָס דאָזיקע לאַנד. צו זיינע קינדער, אָבער ניט צו דעם דאָזיקן רשע, וואָס איר מיינט. און אַפילו דאָס וואָס איך האָב געזאָגט צו אברם'ן, אַז צו זיינע קינדער וועל איך געבן דאָס דאָזיקע לאַנד, איז ווען? נאָכדעם ווי איך וועל אַרויסטרייבן פון דאָרט דעם כנעני און דעם פריזי. אברם'ן האָב איך נאָך קיין קינדער געגעבן. זוכה געווען צום לאַנד האָט ער נאָך ניט. און דער כנעני און דער פריזי געפינען זיך נאָך אין לאַנד. איז אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען אין לאַנד, זיינען זיי די בעלי בתים, און איר רעדט גאָר אַזוי!"

און ווען די איינוואוינער פון דעם לאַנד האָבן געזען טאָג איין טאָג אויס ווי לוט'ס פּאַסטעכער צוימען ניט זייערע פי, און זיי פאַרדאַרבן זייערע פעלדער און לאַנקעס, זיינען זיי געקומען צו אברם'ן, און האָבן זיך אָנגעהויבן קריגן מיט אים צוליב לוט'ס פי.

און פונקט אַזוי ווי אברם'ס פּאַסטעכער האָבן זיך גע־קריגט מיט לוט'ס פּאַסטעכער, אַזוי האָט אברם זיך געקריגט מיט לוט'ן. אברם האָט גע'טענה'ט צו לוט'ן וועלכער האָט אויסגעזען פונקט ווי ער: „פאַרוואָס טוסטו מיר אָפּ אַזאַ זאַך? פאַרוואָס מאַכסטו מיר אַ שלעכטן נאָמען צווישן די איינוואוינער פון דעם לאַנד, דורך דעם וואָס דו הייסט דיינע פּאַסטעכער פּאַשען אין פרעמדע פעלדער! ווייסטו דען ניט אַז איך בין אַ פרעמדער אין דעם דאָזיקן לאַנד צווישן די כנענים, איז פאַרוואָס זשע טוסטו אַזוינס?!"

אָט אַזוי האָט אברם איינגע'טענה'ט מיט לוט'ן טאָג איין

טאָג אוים, אָבער לוט האָט זיך ניט צוגעהערט צו אברם׳ס ווערטער, און ער האָט זיך ווייטער געטאָן דאָס זעלבע. אברם האָט אים געהאַלטן אין איין פאַרווערן, אָבער לוט האָט געהאַלטן אין איין ניט פאָלגן אים.

זיינען די איינוואוינער פונעם לאַנד ווידער געקומען צו אברם׳ן און האָבן אים דערציילט. האָט אברם זיך אָנגערופן צו לוט׳ן:

„ווי לאַנג נאָך וועסטו מיר זיין פאַר אַ שטרויכלונג מיט די איינוואוינער פונעם לאַנד! מיר זיינען דאָך שליסלעך ברידער. איז לאָמיר זיך זשע ניט קריגן — און דערפון קען מען, אגב, זען אברם׳ס באַשיידנקייט, ניט קוקנדיק אויף די קריגערייען, האָט ער אים דאָך גערופן ברודער — שייד זיך בעסער אָפּ פון מיר. גיי, איך בעט דיך, און קלייב דיר אוים וואָס פאַר אַ פּלאַץ דו ווילסט און באַזעץ זיך דאָרט מיט דיין פי און מיט אַלץ וואָס דו פאַרמאָגסט. דו ביזט ניט ווערט צו זיין צוזאַמען מיט מיר. פּונקט ווי דאָס מויל־אייזל קען ניט שוואַנגערן, אַזוי וועלן דיינע קינדער זיך ניט אויסמישן מיט מיינע".

„איך בעט דיך, אַלזאָ, דערווייטער זיך דו און די דייניקע פון מיר. און דו דאַרפסט ניט מורא האָבן אַוועקצוציען פון מיר. וואָרום וויבאַלד נאָר עמעצער וועט דיר וועלן שלעכטס טאָן, זאָלסטו מיך לאָזן וויסן, וועל איך זיך מיט אים אָפּרעכענען. אָבער דערווייטער זיך נאָר פון מיר. און וואו דו וועסט זיך באַזעצן, וועל איך שטענדיק גרייט זיין דיר צו העלפן און דיך צו באַשיצן".

נאָכדעם ווי אברם האָט אָפּגערעדט די דאָזיקע רייד צו לוט׳ן, האָט לוט אויפגעהויבן זיינע אויגן און באַקוקט די געגנט פון דעם ירדן. ער האָט געזען ווי דער גאַנצער פּלאַץ איז גוט פאַר מענטשן און פאַר פי, און ער האָט זיך דערווייטערט פון אברם׳ן וואָס איז געווען דער ערשטער גלויביקער. ער האָט געזאָגט: „איך וויל ניט אברם׳ן, און איך וויל ניט זיין פאָטער אין הימל". און ער האָט ניט געוואָלט זיך באַהעפטן אין דער אמת׳ער אמונה ווי אברם.

און ווען לוט, וועלכער איז געווען אויסגעלאַסן, האָט געזען אַז די איינוואוינער פון סדום זיינען זעהר אויסגעלאַסן, האָט ער אויסגעקליבן סדום פאַר זיין וואוין־אָרט, כדי ער זאָל קענען טאָן ווי זיי טוען. ער האָט אויפגעשטעלט זיינע געצעלטן אַזוי, אַז זיי האָבן דערגרייכט ביז סדום, און ער אַליין האָט זיך באַזעצט אין סדום, וואָס איז געווען איינע פון די שענסטע שטעט. און כאָטש די איינוואוינער פון סדום זיינען געווען זעהר שלעכטע און זינדיקע מענטשן, האָט אים אָבער דאָס דאָך ניט אָפּגעהאַלטן פון צו וואוינען צווישן זיי.

# דער אויבערשטער זאָגט צו אברהם׳ן ארץ ישראל

ווי נאָר לוט האָט זיך אָפּגעשיידט פון אברם׳ן, האָט דער רוח הקודש באַלד נאָכאַמאָל אָנגעהויבן רוען אויף אברם׳ן. דער אויבערשטער האָט זיך אַנטפּלעקט צו אים, און ער האָט צו אים געזאָגט:

„הויב אויף דיינע אויגן און קוק אין צפון זייט און אין דרום זייט, אין מזרח זייט און אין מערב זייט. וואָרום דאָס גאַנצע לאַנד וואָס דו זעסט וועל איך געבן דיר און דיינע קינדער אויף אייביק. און דיינע קינדער וועל איך מאַכן אַזויפיל ווי דער שטויב פון דער ערד. אויף דער דאָזיקער וועלט וועלן זיי געגליכן ווערן ווי שטויב״.

„פונקט ווי אַ מענטש קען ניט איבערציילן דעם שטויב פון דער ערד, אַזוי אויך וועט מען דיינע קינדער ניט קענען איבער־ציילן. פונקט ווי אַ מענטש קען ניט פאַרניכטן דעם שטויב פון דער ערד, אַזוי אויך וועט מען דיינע קינדער ניט קענען פאַרניכטן. פונקט ווי דער שטויב פון דער ערד ווערט געבענטשט נאָר דורך וואַסער, אַזוי אויך וועלן דיינע קינדער געבענטשט ווערן נאָר אינעם זכות פון דער תורה וואָס איז געגליכן צו וואַסער. פונקט ווי דער שטויב פון דער ערד איז פון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן עק וועלט, אַזוי אויך וועלן דיינע קינדער זיין צעשפּרייט פון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן עק וועלט. אַזוי ווי שטויב פון דער ערד פאַרניכטעט אַלע מעטאַלענע כלים און ער אַליין בלייבט אויף אייביק, אַזוי אויך וועלן אַלע געצנדינער אומקומען אָבער ישראל וועט בלייבן אויף אייביק. אַזוי ווי דער שטויב פון דער ערד ווערט געטראָטן פון יעדן, אַזוי וועלן די געצנדינער טרעטן אויף דיינע קינדער. אַזוי ווי קיין מענטש קען לעבן אָהן שטויב, וואָרום ווייבאַלד עס איז ניטאָ שטויב, וואַקסן קיין בוימער און קיין תבואה, אַזוי אויך וועט די וועלט ניט קענען האָבן אַ קיום אָהן דיינע קינדער. פונקט אַזוי ווי דער שטויב פון דער ערד, כאָטש אַלע טרעטן אויף אים, איז צום סוף הויבט ער זיך אויף און פאַרשטויבט די וואָס טרעטן אויף אים, אַזוי אויך די אידן, כאָטש זיי זיינען אויף דער אונטערשטער מדרגה, הויבן זיי זיך אויף און שטייען העכער פון אַלע פעלקער פון דער וועלט. פונקט אַזוי ווי דער וועג פאַרמאַטערט דאָך אַלע רייזנדיקע, און ער אַליין בלייבט אויף אייביק, אַזוי אויך וועלן דיינע קינדער פאַרמאַטערן אַלע געצנדינער, און זיי וועלן בלייבן אויף אייביק. פונקט אַזוי ווי דער שטויב פון דער ערד צעברעכט

די ציין, אזוי אויך ווען משיח וועט קומען, וועלן די אידן אומ־ברענגען די געצנדינער פון דער וועלט. פונקט אזוי ווי דער שטויב פון דער ערד, ווען א מענטש נעמט אן א פולע זשמעניע פון אים און טוט עס אריין אין טייג אריין אדער אין א געקעכץ אריין, קען עס קיין שום באשעפעניש פארזוכן, ווארום עס צעברעכט די ציין, אזוי אויך די אידן, יעדען איינעם, וועלכער באראבעוועט און בא'גזל'ט זיי אויף דער וועלט, וועלן זיי אויסהאקן די ציין אויף יענער וועלט. פונקט אזוי ווי עס איז דער שטייגער פון זאמד, אז מען טוט עס אריין אין פייער אריין און מען נעמט עס ארויס פון דארטן גאנצע פלאכטעסווייז און מען מאכט דערפון גלאז, אזוי אויך די אידן, זיי גייען אריין אין פייער אריין, און קומען ארויס לעבעדיק. פונקט אזוי ווי עס איז דער שטייגער פון זאמד, אז מען מאכט אין אים א גריבעלע אין אוונט, און אינדערפרי געפינט מען דאס גריבעלע צוריק אנגעפילט, אזוי אויך די אידן, די טויזנטער וועלכע זיינען פארלוירן געגאנגען אין דוד המלך'ס צייטן, זיינען נתמלא געווארן אין די צייטן פון שלמה המלך".

„שטיי זשע אויף און גיי אין דעם לאנד אין דער לייגג און אין דער ברייט, און נעם דערמיט חזקה אין דעם לאנד, ווארום דיר וועל איך עס געבן, אבער נאר דאס לאנד און ניט מער. גיי און מאך דעם וועג פאר דיינע קינדער".

און דערנענטערט האט דער הייליקער, ברוך הוא, אברם'ען צו ארץ ישראל דערפאר, ווייל ווען ער האט באשאפן די וועלט, איז זי אפגעשטאנען צוואנציק דורות, און עס איז אין איר געווען קיין שום נוצן. ווייל אין פארלויף פון די צוואנציק דורות איז ניט אויפגעשטאנען איין צדיק. ווען דער אויבערשטער האט געזען אברם'ען וועלכער האט זיך געפונען אין דעם לאנד בבל, האט ער זיך געטראכט אפשר האט דער דאזיקער כוח אויסצוהאלטן. און אזוי ווי מען האט אים אריינגעווארפן אין קאלך אויוון אריין און ער האט הייליק געמאכט דעם הייליקנס נאמען און ער האט אויס־געהאלטן דעם נסיון, האט דער הייליקער געבענטשט זיין נאמען און אים דערנענטערט צו ארץ ישראל.

און אויסגענומען האט דער אויבערשטער מיט אברם'ען אז ער גיט אים דאס לאנד כנען א מתנה. און ווען ער האט אים געגעבן דאס לאנד, האט ער עס אים געגעבן בלויז אזוי ווי עס איז. ערשט אברם האט דאס לאנד אויסגעבעסערט און גוט געמאכט. ווייל ווען ער איז געקומען צו דער בערגיגער געגנט פון צור, און ער האט געזען ווי זיי טוען זייער ארבעט אין צייט. ווען מען דארף אויסרייסן דעם אומקרויט, רייסן זיי עס אויס. זיי פאלען (יעטן) אין דער צייט ווען מען דארף פאלען. האט

ער געזאָגט: „הלואי זאָל מיין חלק זיין אין אָט דעם דאָזיקן לאַנד״.

און אברם האָט אויפגעשטעלט זיין געצעלט, און ער האָט זיך באַזעצט אין דעם פּלאַץ פון ממרא. ער האָט אויך געבויט אַ מזבח. און געבויט האָט אברם דריי מזבחות. איינעם ווען עס איז אים אָנגעזאָגט געוואָרן די גוטע בשורה אַז זיינע קינדער וועלן קריגן ארץ ישראל. איינעם ווען ער האָט קונה געווען דאָס לאַנד. און איינעם ווען עס איז אים געזאָגט געוואָרן אַז זיינע קינדער וועלן ניט פאַלן אין עי.

האָט אברם זיך באַזעצט אין יענעם אָרט, און ער האָט דאָרט געוואוינט אַ לאַנגע צייט.

און אַזוי ווי דער הייליקער, ברוך הוא, היט דאָך אָפּ דאָס פאַרמעגן פון די רשעים, נאָר צוליב דעם אַז די צדיקים זאָלן עס צונעמען, האָט ער זיך געטראַכט: איך וועל פאַראורזאַכן אַ קריג צווישן די מלכים, איך וועל זיי אָנרייצן איינעם קעגן דעם אַנדערן, וועט אברם קומען און אַוועקנעמען וואָס זיי האָבן. און אויך האָט דער הייליקער געוואָלט דורך דעם גרויס מאַכן אברם׳ס נאָמען איבער דער וועלט.

## לוט אין געפאַנגענשאַפט

אין אָט יענער צייט האָט כדרלעומר דער קעניג פון עילם געשיקט צו אַלע מלכים וועלכע האָבן זיך געפונען אַרום אים און צו נמרוד׳ן דעם מלך פון שנער וועלכער איז געווען אונטערטעניק אונטער אים, און צו תדעל דעם קעניג פון גוים, און צו אריוך דעם מלך פון אלסר, מיט וועלכע ער האָט געשלאָסן אַ בונד, אַזוי צו זאָגן:

„נעמט זיך אַלע צוזאַמען און קומט צו מיר. איר וועט מיר העלפן שלאָגן די ריזן וועלכע אַז מען זעט זיי בלויז שטאַרבט אָפּ דאָס הארץ. איר וועט מיר העלפן אויסראָטן אָט יענע תקיפים פאַר וועלכע יעדער איינער האָט מורא. זיי געפינען זיך אין שוה קריתים — אַ שטאָט וואָס באַשטייט פון צוויי שטעט, און אין זייער הויפּט שטאָט חרי, אויף זייער באַרג גבלא, דאָרט וואו די זון שיינט ניט, ביז איל דעם פּלאַץ פון פארן. מיר וועלן שלאָגן אַלע שטעט פון סדום און אירע איינוואוינער, וואָרום שוין דרייצן יאָר אַז זיי זינדיקן קעגן מיר״.

און אין דעם פערצנטן יאָר ווען זיי האָבן מורד געווען אין כדרלעומר׳ן, זיינען ער און זיינע אַליאירטע מיט אַלע זייערע

אַרמייען צוזאַמען אַן ערך פון אַכט הונדערט טויזנט מאַן, געצויגן, און זיי האָבן אומגעבראַכט יעדן איינעם וועמען זיי האָבן נאָר געטראָפן אויף דעם וועג.

זיי האָבן אויך געשלאָגן אַלע פינף מלכים פון סדום און עמורה. דעם קעניג ברע פון סדום וועלכער איז געווען שלעכט (רע) צום אויבערשטן און צו לייט; דעם קעניג ברשע פון עמורה וועלכער איז געווען אַ זינדיקער (רשע); דעם קעניג שנאב פון אדמה וועלכער האָט פיינט געהאַט (שונא) דעם פאָטער (אב) אין הימל; דעם קעניג שמאבר פון צביים, וועלכער האָט זיך געמאַכט פליגלען (שם אבר) צו פליען, צו שפרינגען און מורד צו זיין אין דעם הייליקן, ברוך הוא; און דעם מלך פון דער שטאָט בלע — דאָס איז צער — וועמענס איינוואוינער זיינען פאַרשלונגען געוואָרן.

און זיי האָבן זיך אַלע צוזאַמען פאַרזאַמלט אין דעם טאָל שדים. און געהייסן האָט דער טאָל אַזוי, ווייל עס האָבן זיך דאָרט געפונען פילע פעלדער (שדות), און ער פלעגט זיי באַפרוכטבאַרן פונקט ווי ברוסטן (שדים) זויגן אַן אַ קינד. אַט דער דאָזיקער טאָל איז אורשפּרינגלעך געווען פול מיט אַלע פאַרשידענע גוטע זאַכן, נאָר נאָכדעם ווי די מענטשן האָבן געזינדיקט איז דער טאָל געוואָרן פול מיט געזאַלצן וואַסער, און אַזוי אַרום איז דאָרט אַנטשטאַנען דער ים המלח, דער געזאַלצענער [טויטער] ים.

און די נייען מלכים האָבן דאָרט פאַרפירט אַ מלחמה. די מלכים פון עילם האָבן שטאַרק צעקלאַפּט אַלע מלכים פון סדום און עמורה, און דאָס איז דאַן געווען די ערשטע מלחמה אויף דער וועלט.

האָבן די מלכים פון עילם נאָכגעיאָגט די מלכים פון סדום. און אַזוי ווי דער טאָל שדים איז געווען פול מיט ליימיקע גריבער, זיינען אַלע מלכים פון סדום און עמורה מיט זייערע חיילות, אַריינגעפאַלן אין אַט די ליימיקע גריבער. אָבער אַ נס איז געשען און דער קעניג פון סדום האָט זיך פון דאָרט אַרויסגעראַטעוועט.

וואָרום בעת אברם איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין קאַלך אויוון און איז ניצול געוואָרן, האָבן זיך געפונען אַ טייל פון די געצנדינער וועלכע האָבן געגלויבט אין דעם נס. אָבער עס זיינען אויך געווען אַזעלכע וועלכע האָבן ניט געוואָלט גלויבן. אָבער נאָכדעם ווי דער קעניג פון סדום איז אַריינגעפאַלן אין די ליימיקע גריבער און ער איז ניצול געוואָרן, האָבן זיי שוין אַלע געגלויבט אין דעם נס אַז אברם איז ניצול געוואָרן פון דעם קאַלך אויוון.

און די פיר מלכים פון עילם האָבן נאָכגעיאָגט דעם שונא'ס סאָלדאַטן וועלכע זיינען אַנטלאָפן אויפן באַרג זיך צו ראַטעווען,

און האָבן זיי געטריבן ביז צום טויער פון סדום. זיי האָבן אוועק־גענומען אַלץ וואָס האָט זיך געפונען אין סדום. זיי האָבן אויס־געפּלינדערט אַלע שטעט פון סדום און עמורה. אויך לוט'ן, אברם'ס ברודערס זון, האָבן זיי גענומען געפאַנגען. זיי האָבן גענומען אים און אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט. און דאָס האָט ער געקראָגן דערפאַר וואָס ער האָט זיך באַזעצט אין סדום. זיי האָבן גענומען דאָס גאַנצע האָב און גוטס פון די שטעט פון סדום און עמורה און זיי זיינען זיך אוועקגעגאַנגען.

אייגענטלעך האָבן זיי גענומען לוט'ן געפאַנגען, ווייל זיי האָבן געמיינט אַז דאָס איז אברם. וואָרום לוט האָט אויסגעזען פּונקט ווי אברם. זיי האָבן געוואָלט בלינד מאַכן דאָס אויג וואָס האָט איינגעפירט גערעכטיקייט אויף דער וועלט. און אפשר האָבן זיי געפילט דורך זייער שטערנזעעריי אַז אין לוט'ן שטעקט אַ גרויסער און פאַרכטיקער ניצוץ פון הייליקייט וואָס איז די נשמה פון משיח. אָבער אַבי נאָר זיי האָבן געפאַנגען לוט'ן האָבן זיי זיך אויפגעהויבן און זיינען אַוועקגעגאַנגען פון דאָרט.

## אברהם באַזיגט די מלכים — באַפרייט לוט'ן

געווען איז דעמאָלט פסח. אברם איז דאַן געווען פאַרנומען מיט באַקן מצות. איז געקומען צו אים עוג, דער אַנטרינענער, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט פון דעם דור המבול דורך דעם וואָס ער איז געזעסן אונטער דעם דאַך פון דער תיבה וואָס האָט אים באַשיצט קעגן רעגן, און ער האָט זיך געשפּייזט פון נח'ס שפּייז — און ער האָט דערציילט אברם'ן אַלץ וואָס די דאָזיקע מלכים האָבן געטאָן צו די שטעט פון סדום, און אַז זיי האָבן גענומען געפאַנגען זיין ברודערס זון לוט.

און עוג האָט דאָס ניט געטאָן אויס ערלעכקייט. ער האָט עס געטאָן צוליב שרי'ס שיינקייט. ער האָט זיך געטראַכט: אַזוי ווי אברם איז אַ קנאי, איז אַז ער וועט אים דערציילן אַז לוט איז געפאַנגען, וועט ער דאַך גיין מלחמה האַלטן און געטויט ווערן, וועט ער נעמען שרי'ן פאַר אַ ווייב.

וואָרום לוט האָט געוואָלט ווערן אַ פירער אין סדום. ער האָט געוואָלט נאָכאַמאָל אָנהויבן דינען די עבודה זרה. און דער־פאַר וואָס ער האָט פאַראורזאַכט אַ קריג צווישן זיך און אברם'ן, זיינען זיי ביידע צעשיידט געוואָרן, און זיי זיינען געוואָרן ווי ריגלען מיט וועלכע מען פאַרשליסט אַ פּאַלאַץ, אַזוי אַז די וועלכע שטייען אויסוויינינק, קענען ניט אריין אינווייניק.

און זע אַליין אויף וויפל דער רשע לוט האָט אָוועקגערויבט פון דעם צדיק אברם די מעגלעכקייט, אַז דער הייליקער, ברוך הוא, זאָל צו אים ריידן. וואָרום אַזוי לאַנג ווי לוט איז געווען באַהעפט צו אברם'ן, האָט דער אויבערשטער זיך ניט אַנטפּלעקט צו אברם'ן, און ער האָט ניט גערעדט מיט אים. און פון דעם טאָג אָן ווען לוט האָט אַ קלער געטאָן אָנצוהויבן נאָכאַמאָל צו זינדיקן, האָט דער רוח הקודש זיך אָפּגעטאָן פון אברם'ן.

ווען אברם האָט מיטגענומען לוט'ן מיט זיך, איז דער הייליקער געווען אין כעס אויף אים. דער אויבערשטער האָט זיך געטראַכט: „איך האָב אים געזאָגט 'צו דיינע קינדער האָב איך געגעבן דאָס דאָזיקע לאַנד'. און ער פירט גאָר מיט זיך זיין ברודערס זון לוט, כדי ער זאָל אים ירש'ענען! אויב אַזוי זאָל ער נעמען גלאַט צוויי קינדער פון גאַס, און זיי מאַכן פאַר זיינע יורשים, פונקט ווי ער וויל מאַכן זיין ברודערס זון פאַר זיין יורש".

אָבער ווען אברם האָט געזען אַז לוט קערט זיך טאַקע צוריק אום צו זיינע זינד, האָט ער אָנגעהויבן מורא האָבן. ער האָט זיך געטראַכט: אפשר האָט ער דורך דער דאָזיקער באַהעפטונג מיט לוט'ן פאַרלוירן חם ושלום דעם חלק הייליקייט מיט וועלכער דער הייליקער, געבענטשט זיין נאָמען, האָט אים באַקרוינט.

און פונדעסטוועגן, ווען לוט, זיין ברודערס זון, האָט זיך פון אים דערווייטערט, האָט דעם אויבערשטן פאַרדראָסן אויף אברם'ן. דער הייליקער האָט געזאָגט: מיט אַלע קען ער זיך באַהעפטן, און מיט זיין ברודער לוט קען ער זיך ניט באַהעפטן!

און ווי נאָר לוט איז אָוועק פון אברם'ן, האָט אברם געהאַט צער דערפון. ער האָט ביי זיך געטראַכט: דער הייליקער, געבענטשט זיין נאָמען, האָט דאָך געזאָגט 'דיינע קינדער וועל איך געבן דאָס דאָזיקע לאַנד'. אפשר האָט ער געמיינט אַז ער וועט דאָס לאַנד געבן צו לוט'ס משפחה, און איך האָב אים גאָר דערווייטערט פון מיר!

ווי נאָר אברם האָט דערהערט אַז זיין פּלימעניק איז געפאַנגען געוואָרן, האָט ער צו זיך געזאָגט: איך וועל גיין און זיך מוסר נפש זיין פאַר דעם נאָמען פון דעם אַלמעכטיקן.

האָבן צו אים געזאָגט זיינע יונגען: „פינף מלכים האָבן ניט געקענט ביישטיין קעגן זיי, וועלן מיר קענען ביישטיין קעגן זיי?"

אָבער אברם האָט זיך ניט צוגעהערט צו זייערע רייד. ער האָט זיי אַלע באַוואָפנט מיט כלי זיין. ער האָט זיי אויסגעפּוצט אין זילבער און אין גאָלד. ער האָט זיי באַדעקט מיט פּערל, בריליאַנטן און מיט אַלע טייערסטע זאַכן אין דער וועלט, און ער האָט צו זיי געזאָגט:

„זייט ווייסן אַז מיר גייען אַרויס מלחמה האַלטן. איר זאָלט ניט גלוסטן זילבער און גאָלד. אַט דאָס אַלץ וואָס איר זעט איז אייערס. אויב איר דאַרפט זילבער און גאָלד נאָט אייך, און גייט מלחמה האַלטן מיט זיי און הייליקט דעם נאָמען פון דעם הייליקן. אויב עס געפינט זיך צווישן אייך עמיצער וועלכער האָט מורא פאַר זינד; וועמענס הארץ איז ווייך צוליב די שלעכטע מעשים וואָס ער האָט געטאָן, זאָל ער זיך אומקערן אַהיים, און זאָל ניט מאַכן צעגיין דאָס הארץ פון זיינע ברידער ווי זיין הארץ. אויב עמיצער פון אייך ווייסט, אַז ער האָט געטאָן אַן עבירה, זאָל ער ניט גיין מלחמה האַלטן". און אויסגעפּוצט אין זילבער און אין גאָלד האָט ער זיי, כדי די וועלט זאָל זען ווי רייך ער איז, און מענטשן זאָלן ניט זאָגן, אַז אברם איז געגאַנגען אויס'הרג'נען די מלכים כדי אַוועק צונעמען זייערע פאַרמעגענס.

ווי נאָר זיינע יונגען האָבן דערהערט זיינע רייד, האָבן זיי ניט געוואָלט גיין מיט אים. איינציקווייז האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן, ביז עס איז מיט אים איבערגעבליבן בלויז אליעזר, דער זון פון נמרוד, וועלכער איז געווען כשר. און אין שטאַרקייט האָט ער זיך געקאָנט פאַרמעסטן מיט די דריי הונדערט אַכצן יונגען, ווי די צאָל פון די אותיות אליעזר באַטרעפט דריי הונדערט און אַכצן. און אַט דער אליעזר פלעגט לערנען אַנדערע מענטשן אברם'ס תורות, זיינע מצוות, און ווי צו טאָן גערעכטיקייט.

אין יענער מינוט האָט דער הייליקער, געבענטשט איז ער, געזאָגט: „אַלע האָבן דיך פאַרלאָזט! אַ חוץ אליעזר'ן איז קיינער געבליבן מיט דיר! ביי דיין לעבן, איך וועל אים געבן כוח פאַר דריי הונדערט און אַכצן יונגען! ער וועט גיין מיט דיר, און עס וועט זיין גלייך ווי אויך זיי זיינען געגאַנגען מיט דיר".

וואָרום ווען אברם האָט באַשלאָסן אַרויסצוגיין פירן מלחמה מיט די מלכים, האָט ער זיך ניט פאַרלאָזט אויף אַ נס. לוט'ס צער האָט אים אַרויסגעטריבן פון הויז. ער האָט אפילו מיטגענומען געלט אים אויסצולייזן. און אויב עס וועט אים ניט געלינגען אים אויסצולייזן, אָדער אים צו ראַטעווען, וועט ער ליבער שטאַרבן מיט אים אין געפאַנגענשאַפט.

אָבער אַזוי גיך ווי ער איז אַרויסגעגאַנגען, און ער האָט דערזען אַז די שכינה לייכט פאַר אים, און אַז ער איז אַרומגערינגלט מיט פילע חיילות, האָט ער באַשלאָסן זיי נאָכצויאָגן.

ער איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און האָט גענומען זיינע דריי תלמידים ענר, אשכול און ממרא און זיין קנעכט אליעזר, און ער האָט צו זיי געזאָגט: „מיר גייען ראַטעווען לוט'ן".

און אברם האָט נאָכגעיאָגט די מלכים ביז דן, דאָס הייסט פּמיאס, אַ שטאָט אין צפון זייט פון ארץ ישראל.

ווי נאָר אָבער דער צדיק איז אָנגעקומען קיין דן, איז זיין כוח שלאַבעריק געוואָרן. וואָרום ער האָט פאָראויסגעזען, אַז זיינע קינדס קינדער וועלן דאָרט דינען די שטערן און פלאַנעטן, אַז זיי וועלן דאָרט מאַכן דעם עגל. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און מער ניט נאָכגעיאָגט.

ווען דער מלך פון סדום האָט דערזען ווי אברם יאָגט זיי נאָך, האָט ער געלאַכט פון אים און געזאָגט: „אָט דער דאָזיקער פאַרמעסט זיך נאָכצויאָגן אַזויפיל מלכים און זייערע לעגיאָנען?"

אָבער צדקה האָט געשריען און געזאָגט: „אויב עס וועט ניט זיין אַן אברם, ווער זשע וועט מיך טאָן?" און דער מזל צדק, וואָס איז אברם'ס מזל האָט אָנגעהויבן פאַר אים לייכטן.

און ניט קוקענדיק דערויף וואָס זיי זיינען געווען פינף און פערציק טויזנט פרינצן, מיט קייזערינעס און זונות, אַכציק טויזנט שטאַרקע מאַן אָנגעטאָן אין קליפּה פּאַנצערס, און זעכציק טויזנט פוס-סאָלדאַטן מיט שווערדן אַ חוץ קאַוואַלעריע, האָט ער איבערגעלאָזט דאָרט זיינע תלמידים און זייערע פרויען מיט זיי, און ער האָט גענומען אליעזר'ן און זיי האָבן זיי נאָכגעיאָגט. און דערפאַר וואָס אברם האָט געפירט תלמידי חכמים אין מלחמה אריין, איז ער באַשטראָפט געוואָרן מיט דעם וואָס זיינע קינדער זיינען שפּעטער געווען קנעכט אין מצרים צוויי הונדערט און צען יאָר.

ווי נאָר אברם האָט אָנגעהויבן זיי נאָכצויאָגן, זיינען זיינע טריט געוואָרן זעהר גרויס. אַ טריט איז געווען דריי מייל. ער האָט געהאַט קפיצת הדרך, דער וועג איז אים אַנטקעגן געשפּרונגען. אָבער זיינע פיס זיינען ניט פאַרשטויבט געוואָרן, נאָר פונקט ווי איינער וועלכער גייט פון זיין הויז אין בית המדרש אריין. זיינע פיס זיינען ניט פאַרשטויבט געוואָרן אַפילו ווי די פיס פון אַ קינד וואָס גייט איבער די גאַס.

און די מלחמה צווישן אברם'ן און די מלכים האָט זיך אָנגעהויבן. אברם האָט אויף זיי געוואָרפן ערד, און פון דער ערד איז געוואָרן שווערדן. ער האָט אויף זיי געוואָרפן שטרוי, און פון דעם שטרוי איז געוואָרן פיילן.

זיי, ווידער, האָבן געוואָרפן אויף אברם'ן שווערדן, איז פון זיי געוואָרן ערד, זיי האָבן אויף אים געוואָרפן פיילן, איז פון זיי געוואָרן שטרוי.

האָט אברם נאָכגעיאָגט און דער אויבערשטער האָט גע־טויט. און אברם און זיין קנעכט האָבן נאָכגעיאָגט די איבעריקע.

דערווייל איז געקומען אברם'ן צו הילף דער מלאך לילה, און עס איז פון זיי ניט איבערגעבליבן אַ מענטש, אויסער די פיר מלכים וועלכע זיינען אַנטלאָפן און האָבן זיך אומגעקערט יעדערער אין זיין וועג. און דורכדעם וואָס די מלכים האָבן געפירט מלחמה איינער מיט דעם אַנדערן, איז אברם געהאָלפן געוואָרן.

האָט אברם זיך אָנגערופן צום אויבערשטן און צו אים געזאָגט:

„האר פון דער וועלט! ווען דו וואָלסט ניט געווען משתף געווען דיין כבוד מיט מיר און מיר געהאָלפן, איז וואָס פאַר אַ ווערט האָט איין מענטש קעגן אַזויפיל מלכים און זייערע חיילות! נאָר וואָס דען, דו האָסט געגעבן דעם מידן כוח. די קומען מיט רייטוועגן, די קומען מיט פערד, אָבער איך — דורך דיין נאָמען ווערט מיין האָרן דערהויבן".

אין יענער שעה האָט דער הייליקער, ברוך הוא, זיך אָנגערופן צו אברם'ן און צו אים געזאָגט: „געווג פאַר דיר! איצט לאָמיר, דו און איך, צעטיילן די נאַכט". און דאָס איז די נאַכט וועגן וועלכער דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו אברם'ן: אין דער דאָזיקער נאַכט וועל איך אויסלייזן דיינע קינדער. דאָס איז די נאַכט וועלכע איז אָנגעגרייט געוואָרן צעטיילט צו ווערן אין מצרים. אַ האַלבע נאַכט איז געווען זיך אָפּצורעכענען מיט אַט די מלכים, און אַ האַלבע נאַכט איז באַהאַלטן געוואָרן אויף שפּעטער אויסצו'הרג'נען די בכורים פון מצרים.

„דו", האָט דער אויבערשטער ווייטער געזאָגט צו אברם'ן, „האָסט פון פאַרנאַכט ביז אַ האַלבע נאַכט געטאָן פאַר מיר, און גע'הרג'ט מיינע פיינט; ביי דיין לעבן, אַז איך וועל טאָן פאַר דיינע קינדער פון האַלבער נאַכט ביז אינדערפרי און הרג'נען זייערע פיינט אין מצרים".

און אברם האָט גענומען דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון די מלכים, דאָס גאַנצע האָב און גוטס פון סדום און דער געגנט, זיין פּלימעניק לוט און אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט, אַפילו וואָס איז ווערט אַ פּרוטה האָט ניט געפעלט לוט'ן, און ער האָט זיך אומגעקערט לשלום.

און נאָכדעם ווי אברם האָט זיך אומגעקערט פון דער מלחמה אין וועלכער ער האָט אומגעבראַכט די דאָזיקע מלכים און זייערע חיילות, האָבן אַלע זיך פאַרזאַמלט אין דעם טאָל שוה, און זיי האָבן אָפּגעהאַלטן אַ ראַט. און דאַן האָבן זיי אויסגעהאַקט צעדערבוימער און אויפגעבויט אַ גרויסע בימה, און זיי האָבן אַרויפגעזעצט אברם'ן אויף דער דאָזיקער בימה. זיי האָבן אים שטאַרק געלויבט און צו אים געזאָגט:

„הער אונז צו! פּאַלג אונז און זיי דו אונזער מלך. דו ביזט אונזער האַר, דו ביזט אונזער גאָט!"

אָבער אברם האָט זיי געענטפערט: „די וועלט האָט איר מלך, און זי האָט אויך איר באַשעפער!"

און אברם האָט דערוויל געהאַט אַביסל עגמת נפש. וואָרום ער האָט גע'הרג'ט שם בן נח'ס אַ זון. האָט ער ביי זיך געטראַכט: אַזוי ווי איך האָב געטויט אַ צדיק'ס אַ זון, איז איצט קען ער דאָך קומען און מיך שעלטן, וועל איך דאָך שטאַרבן!

האָט דער הייליקער זיך אָנגערופן צו אים:

האָב קיין מורא! ניט נאָר וועט ער דיך ניט שעלטן, נאָר ער וועט נאָך אַפילו גיין דיר אַנטקעגן מיט מתנות, און ער וועט דיך אויך בענטשן".

## אברהם און שם, נח'ס זון

און מלכי צדק, נעמלעך שם דער זון פון נח, איז אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן אברם'ען. און אָט דער דאָזיקער שם איז געווען קעניג פון ירושלים. ער איז אויך געווען אַ צדיק. ער איז געווען איינער פון די וועלכע זיינען געבוירן געוואָרן גע'מל'ט. אויף אים האָט דער הייליקער געאיינציקט זיין נאָמען. ער איז געווען אַ כהן גדול. דאָס בית המקדש איז געבויט געוואָרן אין זיין תחום.

איז אָט דער שם, ווען ער האָט געהערט פון אַלץ וואָס אברם האָט געטאָן, און דערזען דאָס פיל האָב און גוטס וואָס ער האָט אומגעקערט, האָט ער זיך שטאַרק געוואונדערט ביי זיך אין האַרץ. און ניט קוקענדיק דערויף וואָס אברם האָט גע'הרג'ט זיין זון כדרלעומר דעם קעניג פון עילם, איז ער געגאַנגען אים אַנטקעגן אים צו בענטשן.

און שם האָט געזאָגט:

„געבענטשט זיי אברם פון דעם אויבערשטן וועלכער האָט באַשאַפן הימל און ערד צוליב די צדיקים".

און דאַן האָט ער אָנגעהויבן לויבן דעם אַלמעכטיקן און געזאָגט:

„און געלויבט איז דער אויבערשטער וועלכער האָט איבער־געגעבן דיינע שונאים דיר אין דער האַנט אַריין".

האָט אברם זיך אַנידערגעשטעלט און האָט אָנגעהויבן בעטן צום בורא עולם, צום באַשעפער פון דער וועלט, און געזאָגט:

„האַר פון אַלע וועלטן! ניט מיט דעם כוח פון מיינע הענט

האָב איך דאָס אַלץ געטאָן, נאָר מיט דעם כוח פון דיין רעכטער האַנט מיט וועלכער דו באַשיצט מיך אויף דער וועלט, און אויף יענער וועלט״.

און אַלע אין הימל האָבן געענטפערט און געזאָגט:

„געלויבט ביזטו, אַלמעכטיקער, וועלכער באַשיצט אברם׳ן״

און אברם איז געגאַנגען, און ער האָט גענומען מעשר פון אַלץ וואָס ער האָט פאַרנומען פון סדום און פון עמורה, און ער האָט אויך גענומען מעשר פון זיין ברודערס זון לוט, און ער האָט עס געגעבן צו שם׳ן דעם זון פון נח, ווייל ער איז געווען אַ כהן.

און אין אמת׳ן האָבן שם און אברם דערגענצט איינער דעם צווייטן. וואָרום זיי האָבן דאָך מורא געהאַט איינער פאַר דעם צווייטן. אברם האָט מורא געהאַט פאַר שם׳ן, ווייל ער האָט ביי זיך אין האַרצן זיך געטראַכט, אפשר איז שם בן נח אויף אים אין כעס דערפאַר ווייל ער האָט גע׳הרג׳ט זיינע קינדער. שם בן נח, ווידער, האָט מורא געהאַט פאַר אברם׳ן, ווייל ער האָט אין האַרצן געטראַכט, אפשר איז אברם אויף אים אין כעס דערפאַר ווייל ער האָט געבראַכט אויף דער וועלט רשעים. האָבן זיי זיך דערנענטערט איינער צום צווייטן. שם האָט געהאָלפן אברם׳ן מיט ברכות, און אברם האָט געהאָלפן שם׳ן מיט מתנות.

אַזוי איז אברם געווען דער ערשטער אין דער וועלט וועלכער האָט געגעבן מעשר.

און אַזוי ווי ווען שם און אברם האָבן זיך געטראָפן, האָט שם צוערשט געבענטשט אברם׳ן און ערשט דערנאָך דעם אויבערשטן. האָט אברם זיך אָנגערופן צו אים און געזאָגט:

„בענטשט מען דען פריער אַ קנעכט און ערשט דערנאָך דעם בעל־הבית!״

איז טאַקע באַלד אָוועקגענומען געוואָרן די כהונה פון שם׳ן, און זי איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אברם׳ן.

וואָרום אורשפּרינגלעך האָט דער הייליקער, ברוך הוא, טאַקע געוואָלט, אַז די כהנים זאָלן אַרויסקומען פון שם בן נח. נאָר נאָכדעם וואָס ער האָט פריער געבענטשט אברם׳ן און דערנאָך דעם אַלמעכטיקן, האָט ער אָוועקגענומען די כהונה פון שם׳ן און זי איבערגעגעבן אברם׳ן. און כאָטש אברם האָט דאָך אָפּגעשטאַמט פון די קינדער פון שם, האָט ער פונדעסטוועגן זוכה געווען צו דער כהונה ניט אין שם׳ס זכות, נאָר אין זיין אייגענעם זכות.

# אברהם און ברע, קעניג פון סדום

און ברע דער מלך פון סדום, וועלכער איז ניצול געוואָרן פון די ליימיקע גריבער, איז אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן אברם'ן צו דעם טאָל שוה, און ער האָט צו אים געזאָגט:

„זעסטו, פּונקט ווי דו ביזט אַריין אין דעם קאַלך אויוון, און דו ביזט ניצול געוואָרן, אַזוי אויך בין איך אַריין אין ליים אַריין און בין ניצול געוואָרן.

און דער מלך פון סדום האָט זיך געווענדעט צו אברם'ן און צו אים געזאָגט:

„גיב מיר צוריק די מענטשן וועלכע דו האָסט געראַטעוועט פון דער שווערד פון די מלכים. און מיין האָב און גוטס מעגסטו דיר נעמען. וואָרום ווען זיי זאָלן געווען מיך הרג'נען, וואָלטן זיי דאָך געוועזן אוועקגענומען אי מיין לעבן אי מיין פאַרמעגן".

אָבער אברם האָט געענטפערט דעם מלך פון סדום:

„שוטה וואָס דו ביזט! איך דאַרף דען זילבער און גאָלד! צי פעלט מיר דען בריליאַנטן און אַלע אַנדערע טייערע זאַכן. מיר פעלט עס ניט. איך האָב פון דעם גאַנצן האָב און גוטס קיין הנאה געהאַט. איך האָב אויפגעהויבן מיין האַנט און געגעבן אַ שבועה צו דעם אויבערשטן וועלכער האָט באַשאַפן די וועלט צוליב די צדיקים, אַז איך וועל ניט נעמען פאַר זיך אפילו אַ פאָדעם אָדער אַ שוך-בענדל. טאָמער האָסטו בדעה מיר צו געבן עפּעס דערפאַר פון דיינע באַהאַלטענע אוצרות, זאָלסטו וויסן זיין, אַז איך וועל עס ניט נעמען. איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט זיך שפּעטער באַרימען און זאָגן 'איך האָב רייך געמאַכט אברם'ן פון מיין האָב און גוטס'. און צו וואָס טאַקע דאַרף איך האָבן דיינע זאַכן! דער הייליקער, ברוך הוא, האָט דאָך מיר צוגעזאָגט אַז ער וועט מיך רייך מאַכן. וועל איך דען נעמען פון דיינעם, כדי דו זאָלסט קענען זאָגן אַז דו האָסט מיך רייך געמאַכט! ניין! וואָרום דער אַלמעכטיקער אין וועמען איך האָב בטחון, האָט צו מיר גערעדט אַזוי צו זאָגן: 'עס וועט דיר גאָרניט פעלן, וואָרום איך וועל דיך בענטשן אין אַלץ וואָס דו וועסט טאָן'. איך דאַרף ניט דיינס. דו קריגסט אַלץ צוריק, אַ חוץ דאָס וואָס די וועלכע זיינען מיטגעגאַנגען מיט מיר אין מלחמה אַריין, וועלן נעמען פון דעם רויב פאַר זיך".

אין יענער שעה האָט אברם געהייליקט דעם אויבערשטנס נאָמען, און ער האָט אומגעקערט דעם גאַנצן רויב וואָס ער האָט פאַרנומען פון סדום און עמורה.

נאָכדעם ווי אברם האָט אומגעקערט דעם גאַנצן רויב, האָט דער הייליקער, ברוך הוא, צו אים געזאָגט:

„דו האָסט געזאָגט אַז דו וועסט ניט נעמען אַפילו אַ פאָדעם, איז דערפאַר וועל איך רייניקן דיינע קינדער מיט דעם מזבח וואָס וועט זיין אַרומגערינגלט מיט אַ רויטן פאָדעם. און נאָכמער, דערפאַר וואָס דו האָסט געזאָגט אַז דו וועסט ניט נעמען אַפילו אַ פאָדעם, וועל איך געבן דיינע קינדער די מצוה פון ציצית און די מצוה פון דעם פאָדעם פון תכלת. דערפאַר וואָס דו האָסט געזאָגט אַז דו וועסט ניט נעמען אַפילו אַ שוך־בענדל, וועל איך געבן דיינע קינדער די מצוה פון יבום און חליצה. דערפאַר וואָס דו האָסט דערמאָנט דאָס וואָרט „נעל" — שוך, וועל איך געבן דיינע קינדער די מצוה פון עסן דעם קרבן פּסח, וועלכן מען דאַרף עסן בעת די שיך זיינען אויף די פיס (נעליכם ברגליכם, שמות יב, יא). דערפאַר וואָס דו האָסט געזאָגט אַז דו וועסט ניט נעמען אַפילו אַ פאָדעם, וועל איך אָט מיט דעם זעלביקן לשון לויבן דיינע קינדער (נעמלעך, „כחוט השני שפתותיך", דיינע לעפצן זיינען ווי אַ רויטער פאָדעם, שיר השירים ד, ג). דערפאַר וואָס דו האָסט געזאָגט אַז דו וועסט ניט נעמען אַפילו אַ שוך־בענדל, וועל איך מיט אָט דעם זעלביקן לשון לויבן דיינע קינדער, נעמלעך, „מה יפו פעמיך בנעלים", ווי שיין זיינען דיינע טריט אין די שיך (שיר השירים ז, ב). דו האָסט ניט געוואָלט נעמען שכר פון אַ בשר ודם, און האָסט עס געהאַלטן פאַר אומווירדיק. דערפאַר וועט דיין שכר זיין זעהר פיל פון איצט אָן און ווייטער. זע, וואָס פאַר אַ שכר עס איז אָנגעגרייט פאַר דיינעטוועגן פון מיר!"

נאָכדעם האָט לוט זיך אומגעקערט אויף זיין אָרט קיין סדום, און אברם מיט זיינע מענטשן האָבן זיך אומגעקערט אויף זייערע ערטער קיין אלוני ממרא וואָס איז ביי חברון.

## אברהם'ס מורא

און עס איז געווען נאָכדעם ווי אברם'ן איז געשען דער דאָזיקער נס וואָס ער האָט גע'הרג'ט די מלכים, פאַרניכטעט זייערע אַרמייען און מציל געווען זיין פּלימעניק לוט, האָט ער אָנגעהויבן מהרהר זיין, נאָך טראַכטן, ביי זיך אין האַרצן און געזאָגט צום הייליקן, ברוך הוא:

„האַר פון די וועלטן! דו האָסט געשלאָסן אַ בונד מיט נח'ן אַז דו וועסט ניט פאַרלענדן זיינע קינדער. און איצט, אַז איך

בין געקומען און האָב געטאָן מצוות און מעשים טובים, ביזטו געגאַנגען און האָסט אָפּגערוקט זיין בונד צוליב דעם בונד וואָס דו האָסט געמאַכט מיט מיר. קען דאָך אויך טרעפן, אַז עס וועט אויפשטיין אַן אַנדערער וועלכער וועט טאָן מער מצוות און מער מעשים טובים פון מיר, וועסטו אָפּרוקן דעם בונד וואָס דו האָסט געשלאָסן מיט מיר צוליב דעם בונד וואָס דו וועסט שליסן מיט יענעם!"

האָט דער הייליקער, ברוך הוא, אים געענטפערט:

„פון נח'ן האָב איך אויפגעשטעלט קיין באַשיצער פון צדיקים, אָבער פון דיר וועל איך יאָ אויפשטעלן באַשיצערס פון צדיקים. נאָכמער, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען דיינע קינדער וועלן זינדיקן. זיי וועלן טאָן עבירות און שלעכטע מעשים. איז ווי נאָר איך וועל געפינען צווישן זיי איין צדיק, וועל איך אים איבערוועגן איבער זיי. וואָרום ער וועט קענען זאָגן צו דעם מדת הדין: ׳גענוג, איך נעם עס אויף מיר, און איך בין מכפר אויף זיי׳".

אָבער אברם האָט זיך נאָך אַלץ געוואונדערט און געטראַכט:

„אפשר איז חס ושלום מיין שכר געמינערט געוואָרן פון מיר דורך דעם וואָס איך האָב דאָך די גאַנצע צייט דער־נענטערט מענטשן צום הייליקן, און איך האָב זיך מיט זיי באַהעפט, כדי איך זאָל זיי ברענגען נענטער צום אויבערשטן. און איצט זיינען גאָר מענטשן גע'הרג'ט געוואָרן דורך מיין האַנט".

האָט דער אויבערשטער זיך באַלד אָנגערופן צו אים און געזאָגט:

„האָב ניט מורא, אברם! איך בין דיין באַשיצער. דיין שכר איז זעהר גרויס. דו וועסט קריגן שכר פאַר זיי. וואָרום זיי זיינען דאָך אַלע געווען ניט גערעכטע".

און דערפאַר וואָס אברם האָט שטאַרק געציטערט און זיך געטראַכט: אפשר האָט צווישן די מענטשן וועלכע ער האָט גע'הרג'ט זיך געפונען אַ צדיק, אַ ירא שמים, האָט דער אויבערשטער צו אים געזאָגט:

„אָט די מענטשן וועלכע דו האָסט גע'הרג'ט זיינען געווען ווי דערנער. עס האָט זיך ניט געפונען צווישן זיי אפילו איינער צוליב וועמען דו זאָלסט האָבן באַגאַנגען אַ זינד. זיי האָבן אַלע באַדאַרפט אומקומען. דו דאַרפסט ניט מורא האָבן, אברם, איך וועל דיך באַשיצן פון דער שטראָף, אַז דו זאָלסט ניט באַשטראָפט ווערן פאַר די אַלע נפשות וועלכע דו האָסט גע'הרג'ט".

אָבער אברם האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט, וואָרום ער האָט זיך געטראַכט אפשר דורכדעם וואָס ער האָט אויסגע'הרג'ט די מענטשן, האָט ער מבטל געמאַכט די מצוות וועלכע דער

אַלמעכטיקער האָט געבאָטן די בני נח. האָט דער אויבערשטער צו אים געזאָגט:

„האָב קיין מורא, אברם, אדרבה איך דאַרף דיר געבן גאָר אַ גרויסן שכר דערפאַר וואָס דו האָסט אויסגעריסן די דערנער. דיר קומט אַ גאָר גרויסער שכר דערפאַר וואָס דו האָסט אויסגערייניקט די וועלט פון זיי".

אָבער אברם האָט גאָר מורא געהאַט פאַר אַן אַנדער זאַך. ער האָט ביי זיך אַזוי געטראַכט: איך בין אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין קאַלך־אויוון אַריין, און איך בין ניצול געוואָרן. עס איז געקומען דער הונגער, און איך בין ניצול געוואָרן. איך האָב געפירט מלחמה מיט די מלכים, און איך בין ניצול געוואָרן. קען דאָך זיין, אַז דאָס איז שוין דער שכר וואָס איך האָב געקראָגן נאָך אויף דער וועלט, און אויף יענער וועלט האָב איך שוין גאָרניט!

האָט דער אַלקעגנווארטיקער צו אים געזאָגט:

„זאָרג זיך ניט, אברם, דיין שכר איז זעהר פיל. דאָס אַלץ וואָס איך האָב מיט דיר געטאָן אויף דער וועלט, האָב איך גלאַט אַזוי דיר געטאָן. אָבער דיין אמת'ער שכר איז ערשט אָנגעגרייט פאַר דיינעטוועגן אויף יענער וועלט.

אָבער אברם האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט. ער האָט זיך געטראַכט: ווער ווייסט, אפשר וועלן די קינדער פון די מלכים וועלכע ער האָט גע'הרג'ט, צוזאַמען נעמען מענטשן, און זיי וועלן קומען מיט אים מלחמה האַלטן.

האָט דער הייליקער, ברוך הוא, צו אים געזאָגט:

„האָב קיין מורא! איך וועל דיך באַשיצן. פּונקט ווי דער שילד, וויפל שווערדן מען זאָל ניט שליידערן קעגן אים, קען ער אויסהאַלטן קעגן אַלע, אַזוי אויך ווען אַפילו אַלע געצנדינער וועלן זיך פאַרזאַמלען מיט דיר מלחמה צו האַלטן, וועל איך מיט זיי פירן מלחמה. האָב קיין מורא, וואָרום מיין האַנט וועט דיך באַשיצן איבעראַל וואוהין דו וועסט גיין, פּונקט ווי אַ שילד קעגן אומגליק. און זיי וויסן, אַז אַלץ וואָס איך האָב דיר געטאָן אויף דער וועלט איז גלאַט אַזוי. דו ביזט זיך עוסק אין מיין תורה, איז ביי דיין לעבן, אַז איך וועל דיך באַשיצן. און ניט נאָר דיך וועל איך באַשיצן, נאָר אויך דיינע קינדער, אויב זיי וועלן עוסק זיין אין מיין תורה. אויב דיינע קינדער וועלן עוסק זיין אין מיין תורה ווי דו, וועל איך אויך פאַר זיי זיין אַ שילד, אַ באַשיצער".

# דער אויבערשטער זאָגט צו אברהם׳ן אַ זון

און יענע נאַכט אין וועלכער דער אויבערשטער האָט זיך באַוויזן צו אברם׳ן איז געווען די נאַכט פון פּסח. און אַזוי גרויס איז געווען דער כוח פון אברם׳ן, אַז דער אויבערשטער האָט גערעדט מיט אים אי „בדבור״, מיט וואָרט, און אי „בחזון״, מיט זעאונג, וועלכע זיינען די וויכטיקסטע פון אַלע צען טערמינען מיט וועלכע נבואה ווערט אָנגערופן. און אברם איז געווען דער ערשטער מיט וועמען דער אַלמעכטיקער האָט גערעדט אי בדיבור און אי בחזון.

און אברם האָט געוויינט און געבעטן פאַר דעם באַשעפער פון דער וועלט, און ער האָט געזאָגט:

„געגוג ברכות האָסטו מיר געגעבן, און נאָך גענוג ברכות זיינען ביי דיר פאַראַן מיר נאָך צו געבן. אָבער וואָס קומט מיר אַרויס פון אָט די אַלע ברכות, אַז איך דריי זיך אַרום אויף דער וועלט אָהן קינדער. ווען איך זאָל האָבן אַ זון, וואָלט דאָך מיין זון זיי איבערגענומען. אָבער איצט, אַז קינדער האָב איך ניט, קומט דאָך אויס, אַז אליעזר, דער אויפזעער פון מיין הויז, און וואָס דורך אים זיינען מיר געטאָן געוואָרן נסים אין דמשק, וועט מיך ירש׳ענען, איז וואָס זשע קומט מיר אַרויס פון דעם אַלץ וואָס דו גיסט מיר?״

וואָרום אברם האָט געזען אין די שטערן, אַז ניט ער און ניט שרי וועלן האָבן קינדער. אויך אַלע אַנדערע שטערנזעער האָבן אַזוי געזען. איז ער געווען זיכער, אַז ער וועט שוין ניט האָבן קינדער.

האָט, אָבער, דער אַלמעכטיקער צו אים געזאָגט:

„ביזטו שוין טאַקע אַזוי זיכער, אַז עס וועט דיר ניט געבוירן ווערן אַ קינד?״

און אברם האָט געענטפערט:

„האַר פון דער וועלט! איך זע אין מיין מזל, אַז מיר וועט קיין קינד געבוירן ווערן. אָט דער מזל שטופּט מיך און זאָגט מיר ׳אברם, דיר וועט קיין קינד געבוירן ווערן׳ ״. און געווען איז אברם אַזאַ גרויסער שטערנזעער, אַז אַלע מלכים פון מזרח און מערב פלעגן זיך ווענדן צו אים. „און טאַמער, ווידער״, האָט אברם גע׳טענה׳ט, „איז מיר יאָ באַשערט צו האָבן קינדער, אָבער זיי וועלן דיך דערצערענען, איז מיר ליבער אַז איך זאָל זיי אינגאַנצן ניט האָבן״.

האָט דער הייליקער אים דערויף געענטפערט, און צו אים געזאָגט:

לאָז אָפּ דיין שטערנזעעריי! אין מזל לישראל! שטערנ־זעעריי איז ניט פאַר אידן! דו ביזט אַ נביא און קיין שטערנ־זעער! פון אַט דעם זעלבן מזל אין וועלכן דו זעסט אַז דו וועסט האָבן קיין קינד, פון אַט דעם זעלביקן מזל וועל איך דיר ווייזן, אַז דו וועסט יאָ האָבן אַ קינד! און ביי דיין לעבן אַז דו האָסט ריכטיק געזען. אברם וועט ניט האָבן אַ קינד, אָבער אברהם וועט יאָ האָבן אַ קינד! שרי וועט ניט האָבן אַ קינד, אָבער שרה וועט יאָ האָבן אַ קינד! איך וועל אייך געבן אַנדערע נעמען, וועט דאָס מזל זיך ענדערן. דיין מזל „צדק" געפינט זיך אין מערב זייט, דאָרט איז קיל, קען גאָרניט געבוירן ווערן. וועל איך דיין מזל איבערפירן, און עס איינאָרדענען אין מזרח זייט וואו עס איז וואַרעמער".

און דער אַלמעכטיקער האָט אים אַרויסגעפירט פון דעם חלל פון דער וועלט. ער האָט אים אַרויפגענומען אויבן איבער דעם הימל, איבער די שטערן, און ער האָט צו אים געזאָגט:

„אַט ביזטו דאָך העכער פון דעם מזל! ווער זשע איז גרעסער פון וועמען? ניט דו וועלכער ביזט העכער פון אים! דער וואָס געפינט זיך אונטער דעם מזל האָט מורא פאַר אים. אָבער דו ביזט דאָך העכער פון אים, איז הויב אויף דיין קאָפּ איבער אים! צעטרעט די דערנער אַזוי לאַנג ווי דו האָסט די שיך אויף די פיס! קענסטו איבערציילן אַט די אַלע מחנות אין הימל?!"

„איז דען פאַראַן אַ צאָל צו דיינע שיירות?" האָט אברם געענטפערט.

„אַט אַזוי", האָט דער הייליקער געענטפערט אברם'ן, „וועט אויך זיין מיט דיינע קינדער. זיי וועלן זיין אַזויפיל, אַז מען וועט זיי אַזש ניט קענען איבערציילן! דו האָסט מורא פאַר מזל? ביי דיין לעבן, אַז פּונקט ווי עס איז אוממעגלעך איבערצוציילן די שטערן, אַזוי וועט אוממעגלעך זיין איבערצוציילן דיינע קינדער. פּונקט ווי דו זעסט אַט די אַלע און קענסט זיי ניט איבערציילן, אַזוי וועט קיין שום מענטש קענען איבערציילן דיינע קינדער, אַזויפיל וועט זיין זייער צאָל. וואָרום איך וועל דיך ניט פאַרלאָזן ביז איך וועל דיך פאַרמערן, דיך בענטשן און מאַכן דיינע קינדער אַזוי צאַלרייך ווי די שטערן אין הימל, וועלכע קענען ניט געמאָסטן ווערן און ניט געציילט ווערן. און דיינע קינדער וועל איך געבן אַט די אַלע לענדער וועלכע דו זעסט מיט דיינע אייגענע אויגן. איך וועל עס זיי אָוועקגעבן אויף אייביק. איך און דריי מלאכים אַנטפּלעקן זיך צו דיר און זאָגן דיר, אַז דער פאַרשאָלטענער לוט וועט ניט ירש'ענען אברם'ן! נאָר דער וועלכער וועט אַרויסקומען פון דיר, ער וועט דיך ירש'ענען! אָבער די מוזט זיך שטאַרקן

און האָבן קיין אַנגסט. דו דאַרפסט גיין פאַר מיר און זיין אַ גערעכטער. אָבער אַזוי ווי דו האָסט מהרהר געווען נאָך מיינע מעשים, דאַרפסטו ברענגען אַ קרבן עולה".

אַט דאָרט האָט דער הייליקער, ברוך הוא, אים אָנגעזאָגט די בשורה, אַז קיין אַנדערער ווי זיין בן יחיד וועט אים ירש'ענען. און די קינדער וועלכע וועלן אַרויסקומען פון אים וועלן זיין געגליכן צו די שטערן. אַזוי ווי די שטערן בליאַסקען אין דעם גאַנצן הימל, אַזוי וועלן זיי בליאַסקען לעתיד לבוא. פונקט ווי די שטערן זיינען שורות איבער שורות, אַזוי אויך די אידן זיינען שורות איבער שורות. פונקט ווי די שטערן קען מען ניט דערפאַרשן און ניט איבערציילן, אַזוי אויך וועט מען די אידן ניט קענען דערפאָרשן און ניט איבערציילן. פונקט ווי די שטערן הערשן פון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן עק וועלט, אַזוי אויך וועט ישראל הערשן פון איין עק וועלט ביזן אַנדערן עק וועלט. פונקט אַזוי ווי איבער די שטערן קען קיין שום אומה פון דער וועלט הערשן, אַזוי אויך וועט קיין שום אומה אין דער וועלט קענען פאַרלענדן די אידן. פונקט ווי די שטערן געפינען זיך אין דער הויך פון דער וועלט, אַזוי אויך די אידן. ווען זיי זיינען עולה, שטייגן זיי הויך ווי ביז צום הימל. טאָמער אָבער נידערן זיי אַראָפּ, חלילה, איז עס ביז צו דער ערד.

און ער האָט אים אויך צוגעזאָגט, אַז אין יעדער דור וועלן זיך געפינען ניט ווייניקער פון דרייסיק צדיקים. ווייל ווען די וועלט זאָל ניט פאַרמאָגן דרייסיק צדיקים ווי אברהם, וואָלט זי געהאַט קיין קיום.

ווי נאָר אברם האָט דאָס אַלץ דערהערט, האָט ער באַלד אָפּגעלאָזט דאָס מזל. ער האָט זיך שוין מער ניט פאַרנומען דערמיט, און ער האָט געגלויבט אין דעם אויבערשטנס וואָרט. נאָכמער, ער האָט אַפילו ניט געבעטן דעם אויבערשטן ער זאָל אים געבן עפּעס אַ צייכן אויף דעם וואָס ער האָט אים צוגעזאָגט.

דאָס איז דעם הייליקן שטאַרק געפעלן, און ער האָט עס אים גערעכנט פאַר אַ זכות און פאַר אַ גערעכטיקייט, וואָס ער האָט אים ניט דערקוטשעט מיט ווערטער. און אַזוי שטאַרק איז דער כוח פון גלויבן, אַז אברם האָט גע'ירש'ענט די וועלט און יענע וועלט אַלס שכר נאָר פאַר זיין אמונה.

# דער בונד צווישן די שטיקער (בין הבתרים)

און אברם האָט געבעטן צום אויבערשטן, און ער האָט געזאָגט צו אים:

„זיי מיר מודיע אין וואָס פאַר אַ זכות וועלן מיינע קינדער האָבן אַ קיום אויף דער וועלט?"

„אין דעם זכות פון קרבנות", האָט דער הייליקער, ברוך הוא, אים געענטפערט. „איך בין דאָך דער וועלכער האָט דיך אַרויסגענומען פון דעם קאַלך־אויוון אין כשדים, כדי איך זאָל דיר געבן דאָס דאָזיקע לאַנד".

האָט אברם געזאָגט: „מיין האַר", — און פון דעם טאָג אָן ווען דער אַלמעכטיקער האָט באַשאַפן די וועלט האָט אים קיינער גערופן „אָדון", האַר, ביז אברהם איז געקומען, און האָט אים גערופן האַר — „אָבער ווי אַזוי זאָל איך וויסן אַז איך וועל ירש'ענען? מיר, האַר פון דער וועלט, האָסטו דאָך געגעבן קיין קינדער, און צו גלייכער צייט זאָגסטו מיר: דיינע קינדער וועל איך געבן דאָס דאָזיקע לאַנד".

איז דערפאַר האָט זיך עפּעס אברם'ען ניט געגלויבט, און ער האָט געוואָלט אַ צייכן וועגן ירש'ענען דאָס לאַנד.

דאָס האָט שוין דעם הייליקן, ברוך הוא, אַביסל פאַרדראָסן אויף אברם'ען, און ער האָט צו אים געזאָגט:

„אברם! די גאַנצע וועלט שטייט אויף מיין וואָרט, און דו גלויבסט ניט מיין וואָרט, נאָר דו זאָגסט, 'ווי אַזוי וויים איך, אַז איך וועל ירש'ענען!' ביי דיין לעבן, אַז צוויי מאָל ווּעסטו וויסן".

און עס איז נגזר געוואָרן, אַז זיינע קינדער זאָלן זיין משועבד אין פיר קעניגרייכן.

האָט אברם זיך אָנגערופן פאַר דעם הייליקן און צו אים געזאָגט: „האַר פון דער וועלט, אפשר וועלן חס ושלום די אידן זינדיקן פאַר דיר, און דו וועסט זיי טאָן ווי דו האָסט געטאָן דעם דור המבול, און דעם דור הפלגה?"

האָט ער אים געענטפערט: „ניין".

האָט אברם ווייטער געפרעגט: „אין וואָס פאַר אַ זכות? וואָס אַ שטייגער וואָלסטו מיר געהייסן זיי לערנען, אַז דאָס זאָל מכפּר זיין זייערע זינד?"

„די כפּרות וואָס איך גיב דיר", האָט דער הייליקער געענטפערט.

„יאָ", האָט אברם געענטפערט, „דאָס איז אַלץ גערעדט אין דער צייט ווען דאָס בית המקדש שטייט. אָבער אין דער צייט,

ווען עס איז ניטאָ אַ בית המקדש, וואָס וועט פון זיי ווערן?״

דערויף האָט דער אויבערשטער אים געענטפערט: „איך האָב שוין מתקן געווען אַ סדר פאַר קרבנות, און אַזוי לאַנג ווי זיי וועלן אים זאָגן, וועט עס ביי מיר זיין פונקט אַזוי גלייך ווי ווען זיי וואָלטן פאַר מיר מקריב געווען אַ קרבן, און איך וועל זיי מוחל זיין אַלע זייערע זינד״.

און ער האָט צו אים געזאָגט:

„נעם קרבנות און זיי מקריב פאַר מיר״. ער האָט אים, נעמלעך, געוויזן דרייערליי סאָרטן אָקסן, דרייערליי סאָרטן ציגן, און דרייערליי סאָרטן ווידערס, אויך אַ טויב, אַ יונגע טויב, און אַלע אַנדערע כפּרות, אַפילו דאָס צענטל פון דער איפה. און ער האָט אים געוויזן דאָס בית המקדש, און דעם סדר פון די קרבנות. ער האָט אים אויך געוויזן תחית המתים.

און בעת אברם האָט געהערט פונעם אויבערשטן אַז זיינע קינדער וועלן ליידן גלות, האָט ער מהרהר געווען ביי זיך אין הארצן און זיך געטראַכט: איז דען מעגלעך אַז יעדע אומה זאָל פאַרשקלאַפן מיינע קינדער, און זי אַליין זאָל אַרויס בשלום! אַז זי גופא זאָל ניט געפונען ווערן שולדיק!

אָבער ווען דער הייליקער, געבענטשט זיין נאָמען, האָט געזען וואָס עס קומט פאָר ביי אברם׳ן אין הארצן, וואָס אברם איז מהרהר, האָט ער צו אים געזאָגט: „אויך דאָס פאָלק וואָס וועט זיי פאַרשקלאַפן וועל איך משפּט׳ן, און נאָכדעם וועלן זיי אַרויסגיין מיט אַ גרויס פאַרמעגן״.

און אברם האָט גענומען די אָקסן, די ווידערס און די ציגן, וואָרום די פעלקער פון דער וועלט זיינען געגליכן צו אָקסן, ווידערס און ציגן, און ער האָט זיי צעטיילט יעדן איינעם אויף צוויי חלקים. ער האָט צעטיילט די בהמות, מרמז צו זיין, אָנצודייטן, אַז די אומות וועלן ביסלעכווייז פאַרלענדט ווערן, און ער האָט אַוועקגעלייגט איין חלק קעגן דעם אַנדערן. דעם פויגל, אָבער, האָט ער ניט צעטיילט, אָנצוווינקען אַז די אידן, וועלכע זיינען געגליכן צו יונגע טייבעלעך, וועלן לעבן אייביק.

און ווען אַט דער רויב פויגל האָט אַראָפּגענידערט, איז ער ניט צוגענענטערט צו די חלקים. און אַט דער רויב פויגל איז אַן אומווירדיקער פויגל. און אַט דער אומווירדיקער פויגל דאָס זיינען די מלכים פון דער ערד. און אַז זיי וועלן זיך האַלטן אַן עצה ווי צו טאָן די אידן שלעכטס, וועט דער זכות פון דעם צדיק אברם זיי מבטל זיין.

אַזוי איז אברם געשטאַנען און האָט געבעטן צום אויבערשטן,

אַז זיינע קינדער זאָלן ניט דאַרפן משועבד ווערן, קנעכטעווען, אין אַט די פיר מלוכות.

און בעת ער איז אַזוי געשטאַנען, האָט די זון אָנגעהויבן זיך זעצן. אַ נבואה־שלאָף איז אָנגעפאַלן אויף אים, און ער איז איינגעשלאָפן פון דעם כוח פון דער תפילה.

און צווישן די שטיקער (בין הבתרים) האָט דער אויבערשטער אים געוויזן די פיר קעניגרייכן, וועלכע ער וועט מאַכן הערשן, און זיי שפּעטער פאַרניכטן. און אברם האָט געזען די פיר קעניגרייכן וועלכע וועלן אויפשטיין און פאַרשקלאַפן זיינע קינדער. און די פיר קעניגרייכן זיינען בבל, מדי, יון און פרס וועלכע וועלן פאַלן, און קיינמאָל מער אויפשטיין. און פון דאָרט וועלן זיינע קינדער אַרויסגיין אַלס דאָס פאָלק ישראל.

אָבער דער הייליקער האָט געזאָגט צו אברם'ן:

„זיי וויסן, אַז איך וועל דיינע קינדער צעזייען און צעשפּרייטן. אָבער זיי אויך וויסן, אַז איך וועל זיי צוריק צוזאַמענעמען. וויים, אַז איך וועל זיי פאַר'משכון'ען. וויים אָבער אויך, אַז איך וועל זיי אויסלייזן. דו זאָלסט וויסן, אַז איך וועל זיי פאַרשקלאַפן. אָבער דו זאָלסט אויך וויסן, אַז איך וועל זיי אויסלייזן. וואָרום דיינע קינדער וועלן זיין פרעמדע אין אַ לאַנד וואָס געהערט ניט זיי. און פיר הונדערט יאָר וועט מען זיי פּייניקן. אָבער אויך די מצריים, וועלכע וועלן זיי פאַרשקלאַפן, וועל איך משפּט'ן מיט צוויי הונדערט און פופציק מכות. און נאָכדעם וועלן זיי אַרויסגיין פריי מיט אַ סך פאַרמעגן. ווען זיי וועלן אַרויסגיין פון מצרים, וועל איך זיי אָנפילן מיט זילבער און גאָלד".

— און דערפאַר, טאַקע, האָט שפּעטער דער אויבערשטער געזאָגט צו משה רבנו: איך וועל מאַכן, אַז די אידן זאָלן געפינען חן אין די אויגן פון די מצריים, אַזוי אַז ווען די אידן וועלן בעטן די מצריים זיי זאָלן זיי לייען פאַרשידענע זאַכן, זאָלן זיי זיי ניט אָפּזאָגן, כדי אברהם זאָל ניט האָבן אַ פּתחון פּה צו זאָגן: דעם „ועבדום וענו אותם", נעמלעך דעם פאַרפּייניקן זיי, האָט ער מקיים געווען. אָבער דעם „ואחרי כן יצאו ברכוש גדול", נאָכדעם וועלן זיי אַרויסגיין מיט פיל רייכקייט, האָט ער ניט מקיים געווען. —

אָבער אברם האָט ניט געבעטן אויף זיי רחמים. אַדרבה, ער האָט געזאָגט: „אויך איך וויל זיין פאַרשקלאַפט". דער אויבערשטער האָט אים אָבער געענטפערט: „דו וועסט איינגעזאַמלט ווערן צו דיינע עלטערן אין שלום, און דאָס אַלץ וועסטו ניט זען". ער האָט אים אויך אָנגעזאָגט די בשורה, אַז זיין פאָטער תרח האָט אַ חלק אויף יענער וועלט. און תרח איז איינער פון די אַכט וועלכע האָבן אַ חלק אי אויף דער וועלט אי אויף יענער וועלט.

ער האָט אים אויך אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ישמעאל וועט טאָן תשובה נאָך ביי זיין לעב-צייט. און אַז זיין אייניקל עשו וועט ניט ווערן אַן אויסוואורף אַזוי לאַנג ווי ער, אברם, וועט לעבן. אַז נאָכדעם ווי זיינע קינדער וועלן פאַרטריבן ווערן קיין מצרים און וועלן זיין דאָרט דריי דורות, וועט דער פערטער דור גיין ירש'ענען דאָס לאַנד כנען. וואָרום די זינד פון דעם אמורי איז נאָך ניט געווען פאַרפולט, אַז ער זאָל אַרויסגעשיקט ווערן פון זיין לאַנד ביז יענער צייט. און דער אויבערשטער באַשטראָפט דאָך קיין מענטשן ביז זיין מעסטל איז פול.

און ווען די זון האָט זיך שוין געהאַט אינגאַנצן געזעצט, און עס איז געוואָרן שטאַרק פינצטער, האָט דער הייליקער, ברוך הוא, געוויזן אברם'ן פיר זאַכן. ער האָט אים געוויזן די תורה, קרבנות, דעם גיהנום און די קעניגרייכן. אויסער דעם האָט ער אים געוויזן קריעת ים סוף.

און דער הייליקער האָט געזאָגט צו אברם'ן:

„אַזוי לאַנג ווי דיינע קינדער וועלן עוסק זיין אין צוויי, וועלן זיי ניצול ווערן פון צוויי. אַזוי לאַנג ווי זיי וועלן זיך אָפּגעבן מיט תורה און מיט קרבנות, וועלן זיי ניצול ווערן פון דעם גיהנום און פון דעם פאַרשקלאַפט ווערן אין די פאַרשידענע קעניגרייכן. אַזוי ווי אָבער דאָס בית המקדש וועט דאָך חרוב ווערן, וועלן דאָך די קרבנות בטל ווערן, איז וואָס זשע ווילסטו? ווילסטו אַז דיינע קינדער זאָלן אַראָפּנידערן אין גיהנום אַריין, אָדער ווילסטו אַז זיי זאָלן פאַרשקלאַפט ווערן אין די קעניגרייכן?"

איז אברם געזעסן יענעם גאַנצן טאָג און האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, און זיך געטראַכט: „וואָס זאָל איך אויסקלייבן פאַר מיינע קינדער? גיהנום אָדער פאַרשקלאַפונג? דאָס איז שווער, און דאָס איז שווער!"

און ער האָט געהאַט בדעה אויסצוקלייבן פאַר זיינע קינדער גיהנום. וואָרום ער אַליין איז שוין געווען מיד פון גלות, האָט ער זיך געטראַכט: אויב איך בין שוין מיד פון גלות, מכל שכן אַלע אידן צוזאַמען וועלן דאָך אַוודאי און אַוודאי ווערן מיד דערפון.

דאָ אָבער האָט אים דער הייליקער אָנגעוואונקען ער זאָל אויסקלייבן גלות. וואָרום גלות איז נאָר אַ צייטווייליקער ענין, בעת גיהנום איז אויף דור דורות. און דער אויבערשטער האָט צו אים געזאָגט:

„אברם! ווי לאַנג וועסטו נאָך אַזוי זיצן און טראַכטן? באַשלים!"

און גלייכצייטיק האָט דער הייליקער אים אָנגעוואונקען

ער זאָל אויסקלייבן פּאַרשקלאַפונג. האָט ער געפּאָלגט און דאָס אויסגעקליבן. ער האָט געזאָגט: „עס איז גלייכער אַז מיינע קינדער זאָלן פאַרשקלאַפט ווערן ביי די קעניגרייכן, אַבי איינער פון זיי זאָל ניט אַריין אין גיהנום אַריין. און דער הייליקער האָט מיט אים מסכים געווען.

אין יענעם טאָג האָט דער אויבערשטער געשלאָסן אַ בונד מיט אברם׳ן — און פון די צען דורות וועלכע זיינען געווען פון נח׳ן ביז אברם׳ן, האָט דער אויבערשטער מיט קיינעם געשלאָסן אַ בונד אויסער מיט אברם׳ן — אַז ער גיט זיינע קינדער דאָס לאַנד און אַלע מזרח פעלקער. און כאָטש ער האָט אים אַנטפּלעקט די וועלט און יענע וועלט, האָט ער אים אָבער ניט דערציילט, אַז ער וועט געבן זיינע קינדער מן. וואָרום צדיקים זאָגן ווייניק און טוען פיל.

## שרה גיט אברהם׳ן איר דינסט הגר

און שרי, אברם׳ס ווייב, איז נאָך אַלץ געווען אַן עקרה אין יענע טעג, און האָט געבוירן אברם׳ן קיין זון און קיין טאָכטער.

איז ווען זי האָט געזען אַז זי האָט קיין קינדער, האָט זי ביי זיך געטראַכט: איך ווייס די סיבה פון מיין ניט האָבן קינדער. עס איז ניט ווי מען דענקט אַז איך דאַרף אַ קמיע, אַז איך דאַרף רפואות, ניין! דאָס האָט דער אויבערשטער מיך אויפגעהאַלטן פון צו האָבן קינדער.

און זי איז געגאַנגען און האָט גענומען איר דינסט הגר, וועלכע פּרעה האָט איר געגעבן אַ מתנה, און זי האָט זי געגעבן איר מאַן אברם׳ן פאַר אַ ווייב. וואָרום הגר האָט זיך אָפּגעלערנט אַלע וועגן פון שרי׳ן. זי האָט ניט פאַרפעלט איינס פון די אַלע גוטע וועגן וועלכע שרי האָט זי געלערנט.

און שרי האָט געזאָגט צו אברם׳ן:

„אָט נאָ דיר מיין דינסט הגר, לעב מיט איר, זאָל זי געבוירן אַ קינד, וועל אויך איך געבויט ווערן דורך איר".

זי האָט ניט מקנא געווען איר דינסט, זי האָט זיך בלויז מכוון געווען פאַרן הימלס וועגן.

און דער הייליקער האָט מצער געווען אברם׳ן און שרי׳ן, און ער האָט זיי ניט געגעבן קינדער נאָר צוליב הגר׳ן וועלכע איז געווען אַ צדקת, כדי זי זאָל האָבן אַ זון פון אברם׳ן.

האָט אברם זיך צוגעהערט צו שרי׳ס רוח הקודש, און ער

האָט גוט געטאָן. וואָרום אַמאָל מאַכט זיך אַז אַ מאַן פאַלגט אַ ווייב און ווערט אָן. און אַמאָל מאַכט זיך אַז אַ מאַן פאַלגט אַ ווייב און ער פאַרדינט.

און שרי האָט גענומען צוריידן הגר'ן, און זי האָט צו איר געזאָגט:

„וואויל צו דיר וואָס דו באַהעפסט זיך צו דעם דאָזיקן הייליקן גוף".

און שרי האָט געגעבן הגר'ן צו אברם'ן, נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין געוואוינט אין דעם לאַנד כנען צען יאָר, פאַר אַ ווייב און ניט פאַר אַ קעבסווייב. און אברם האָט געלעבט מיט הגר'ן, און זי איז געוואָרן טראָגעדיק פון אים פון זייער ערשטן צוזאַמענקונפט.

ווען הגר האָט דערזען אַז זי שוואַנגערט, האָט זי זיך זעהר געפרייט, און איר בעל הבית'טע איז געוואָרן גרינגשעציק אין אירע אויגן. וואָרום די גאַנצע נייענציק יאָר, אין וועלכע שרי האָט געהאַט קיין קינדער, פלעגט זי זיצן אין איר צימער אַזוי ווי אַ כלה, און אַלע אַנגעזעענע פרויען פלעגן קומען זי באַזוכן און פרעגן וואָס זי מאַכט. פלעגט שרי זיי ענטפערן: „גייט בעסער פרעגן וואָס די פאַרלאָזענע (הגר) מאַכט".

דערפאַר פלעגט הגר זאָגן: „מיין בעל הבית'טע שרי איז אינווייניק ניט ווי אויסווייניק. זי מאַכט זיך פאַר אַ צדקת, אָבער זי איז עס ניט. וואָרום ווען זי וואָלט געווען אַ צדקת, זעט וויפל יאָר זי האָט ניט געקענט שוואַנגער ווערן, און איך בין באַלד מעוברת געוואָרן. איז עס דאָך ניט אַנדערש ווי איך בין אָנגענומענער פאַרן אויבערשטן פון מיין בעל הבית'טע שרי".

אָבער שרי האָט זיך געטראַכט: מיט אָט דער דאָזיקער וועל איך פאַרפירן אַ משא ומתן! איך וועל זיך בעסער אַדורכשמועסן מיט איר בעל הבית. און זעענדיק אַז הגר איז טראָגעדיק געוואָרן פון אברם'ן, האָט שרי מקנא געווען איר דינסט, און ביי זיך אין האַרצן האָט זי געטראַכט, עס איז ניט אַנדערש נאָר אַז הגר איז ערלעכער פון איר.

און שרי האָט געזאָגט צו אברם'ן: „ווען דו האָסט געבעטן צום הייליקן און צו אים געזאָגט 'וואָס קומט מיר אַרויס אַז דו גיסט מיר דאָס אַלץ, אַז איך גיי דאָך אַרום אָהן קינדער', האָסטו דאָך געבעטן נאָר פאַר דיר אַליין. דו האָסט געוועוען באַדאַרפט בעטן פאַר אונז ביידן, וואָלט אויך איך געווען געהאָלפן געוואָרן. ווען דו וואָלסט געווען זאָגן 'און מיר זיינען קינדערלאָז', איז פונקט ווי ער האָט געגעבן דיר אַ קינד, אַזוי וואָלט ער געווען געגעבן אויך מיר אַ קינד. אָבער אַז דו האָסט געזאָגט 'איך בין קינדערלאָז',

האָט ער דיר געגעבן און מיר ניט. און אַ חוץ דעם, דו הערסט ווי זי איז מיך מבזה, און דו שווייגסט! זאָל דער אַלמעכטיקער משפּט'ן צווישן מיך און דיך!"

און דערפאַר וואָס שרי האָט געזאָגט „דער אַלמעכטיקער זאָל משפּט'ן צווישן מיך און דיך", איז איר געמינערט געוואָרן אַכט און דרייסיק יאָר פון איר לעבן. וואָרום זי האָט באַדאַרפט דער־גרייכן אברם'ס יאָרן, נעמלעך, הונדערט און פינף און זיבעציק יאָר.

שרי האָט שטאַרק געפּייניקט הגר'ן. זי האָט מער זי ניט געלאָזט וואוינען מיט אברם'ן. זי האָט זי געצוואונגען צו אַרבעטן שווער. זי האָט זי געשלאָגן מיט די שיך אין פּנים. ווען שרי איז געגאַנגען זיך באָדן, האָט הגר געמוזט נאָכטראָגן איר אַן עמער און אַנדערע באָד־כלים.

און שרי האָט געגעבן הגר'ן אַ גוט אויג, און זי האָט מפּיל געווען. האָט אברם געזאָגט צו שרי'ן: „דיין דינסט איז אין דיינע הענט, טו מיט איר ווי דו ווילסט".

אָבער ער האָט איר אויך געזאָגט: „מען טאָר זי ניט מאַכן אַרבעטן. נאָכדעם ווי מען האָט זי געמאַכט פאַר אַ האַרין, קען מען זי ניט מאַכן פאַר אַ דינסט. הויב זי ניט אויף און וואַרף זי ניט אַראָפּ". שרי האָט זי ווייטער געפּייניקט. האָט הגר זיך אויפגעהויבן און איז אַנטלאָפן אין דער מדבר.

## הגר און דער מלאך

און הגר האָט דאָרט באַגעגנט אַ מלאך ביי דעם קוואַל וואַסער וואָס איז אויף דעם וועג קיין חלוצא. אָבער זי האָט זיך פאַר אים ניט דערשראָקן. וואָרום אברם'ס כוח איז געווען אַזוי גרויס, אַז מלאכים פלעגן זיין אָפטע געסט ביי אים אין הויז. און אַלע די וועלכע האָבן זיך געפונען ביי אים אין הויז זיינען געווען מיט זיי געוואוינט. האָט זי ניט מורא געהאַט פאַר אַ מלאך.

האָט דער מלאך צו איר געזאָגט:

„הגר, שרי'ס דינסט, פון וואַנען קומסטו, און וואוהין גייסטו?" כאָטש ער האָט גוט געוואוסט פון וואַנען זי קומט, נאָר ער האָט עס אַזוי אָנגעהויבן אַלס אויסרייד אַריינצוגיין מיט איר אין אַ שמועס.

„איך אַנטלויף פון מיין האַרענטע שרי", האָט הגר אים געענטפערט.

דערויף האָט דער געטלעכער מלאך צו איר געזאָגט:

„קער זיך אום צוריק צו דיין האַרענטע, און לאָז זיך אונטער־

דריקן אונטער אירע הענט. און נאָכדעם ווי דו וועסט זיך צוריק־קערן, וועסטו שוואַנגער ווערן, און דו וועסט געבוירן אַ זון, און דו זאָלסט אים רופן ישמעאל. ער וועט זיך דערציען אין דער מדבר. ער וועט ליב האָבן די ווילדע שטעט צו פאַנגען דאָרט חיות. ער וועט עסן נבלות, באַראַבעווען מענטשן. ער וועט זיין ווי אַ ווילד אייזל. אַלע וועלן אים פיינט האָבן און זיך מיט אים קריגן. און זיינע קינדער וועלן זיין צאָלרייך".

און ישמעאל איז געווען איינער פון די זעקס וועלכע מען האָט געגעבן אַ נאָמען נאָך איידער זיי זיינען געבוירן געוואָרן. די אַנדערע פינף זיינען יצחק אָבינו, משה רבנו, שלמה המלך, ישעיהו הנביא און דער נאָמען פון משיח'ן.

האָט הגר אויסגערופן און געזאָגט פאַרן אויבערשטן:

„אָה, דו לעבסט דאָך אייביק. דו זעסט, אָבער דיך זען קען מען ניט. דו ביזט דאָך דער וועלכער זעט די דערנידעריקונג פון די פאַרלאָזענע. איז מיר דען איינגעפאַלן אַז אויך דאָ אין די מדבריות וועל איך זען דעם אויבערשטנס שלוחים, נאָכדעם ווי איך פלעג זיי זען אין אברם'ס הויז! וואָרום דאָרט בין איך דאָך געוואוינט געווען צו זען מלאכים! און ניט גענוג וואָס איך פלעג זען מלאכים ווען מיין האַרין איז געווען מיט מיר, נאָר אַפילו מיין האַרין וועלכע איז געווען מיט מיר פלעגט זיי ניט זען. און ניט נאָר האָב איך געזען מלאכים ווען מיין האַרענטע איז געווען מיט מיר, נאָר אַפילו אַליין פלעג איך זיי זען. און ניט נאָר האָב איך גערעדט מיט מלאכים, נאָר אויך מיט דעם מלכות!". און הגר האָט זיך אומגעקערט צוריק צו איר האַרענטע.

נאָכדעם ווי עס איז אַוועק אַ שטיקל צייט, האָט הגר געבוירן אברם'ן אַ זון. וואָרום הגר איז געווען אַ געטרייע. אברם'ן האָט זי געבוירן אַ זון, אָבער קיין אַנדער מאַן. און אברם האָט אַ נאָמען געגעבן דעם זון וועלכן הגר האָט אים געבוירן, ישמעאל. כאָטש אברם האָט ניט געהערט ווי דער מלאך האָט איר געהייסן אים אַ נאָמען געבן ישמעאל, האָט אָבער אויף אים גערוט דער רוח הקודש, און ער האָט אים גערופן ישמעאל, ווייל דער אויבערשטער וועט הערן (ישמע א־ל) דאָס זיפצן פון דעם פאָלק, ווען ישמעאל'ס קינדער וועלן זיי אָנטאָן צרות. און אברם איז אַלט געווען זעקס און אַכציק יאָר ווען ישמעאל איז געבוירן געוואָרן, פערצן יאָר איידער זיין זון יצחק האָט דערזען די ליכטיקע שיין.

# אברהם און מצות מילה

און דער הייליקער, ברוך הוא, האָט געזען ווי אברהם פירט זיך אויף מיט יושר און ערלעכקייט, האָט ער ביי זיך געטראַכט, אַז דער דאָזיקער איז ווערט אַז די מצוה פון מילה זאָל געגעבן ווערן דורך אים. וואָרום דער אַלזעענדיקער האָט דאָך געזען אַז אברם גייט אין זיינע וועגן.

איז ווען אברם איז אַלט געוואָרן ניין און ניינציק יאָר, האָט דער אויבערשטער זיך צו אים אַנטפּלעקט און געזאָגט:

„איך בין דאָס דער יעניקער וועלכער האָט געזאָגט צו מיין וועלט, צו די הימלען און צו דער ערד „גענוג!" ווען איך וואָלט ניט געווען געזאָגט צו זיי „גענוג", וואָלטן זיי נאָך איצט זיך געהאַלטן אין איין ציען זיך. איך בין דאָס דער וואָס די וועלט און אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין איר זיינען ניט ווערט מיין געטלעכקייט! איך בין דאָס דער וועלכער האָב געגעבן (ש-די) אין מיין געטלעכקייט פאַר יעדער באַשעפעניש! זינט איך האָב באַשאַפן די וועלט, האָב איך געוואַרט צוואַנציק דורות אויף דיר, ביז דו וועסט קומען און אַננעמען די מצוה פון מל זיין. און איצט אויב דו ווילסט ניט אַננעמען די מצוה, איז גענוג פאַר דער וועלט וואָס זי איז געשטאַנען ביז איצט, און איך קער זי צוריק אום צו לערקייט, און איך דאַרף מער קיין וועלט. טאָמער, אָבער, ווילסטו יאָ מקבל זיין די מצוה, איז גוט".

„איך ווייס דאָך, פאַר מיר איז אַנטפּלעקט אַלץ וואָס דו האָסט געטאָן. האָסט אַראָפּגעגנידערט אין קאַלך אויוון, דו ביזט געפּרואווט געוואָרן מיט פילע נסיונות, האָסט געפירט מלחמה מיט די מלכים, און פון איצט אָן און ווייטער וועסטו מודיע זיין דער וועלט מיין שטאַרקייט. אַלץ וואָס דיר פעלט איז אַנצונעמען די דאָזיקע מצוה. וואָרום אַ חוץ די ערלה איז אין דיר פאַראַן קיין שום פּסולת. איז נעם זשע דאָס אַוועק, וועט אין דיר זיין קיין שום מום. און דו וועסט גיין פאַר מיר, און איך וועל דיר זיין אַ האַר און אַ פּטרון. איך וועל שליסן צווישן מיך און דיך אַ בונד פון ליבשאַפט, און אַ בונד אַז דורך דער דאָזיקער מצוה זאָלסטו ירש'ענען דאָס לאַנד. איך וועל אויפשטעלן פון דיר זיבעציק נפשות, און פון זיי וועל איך אויפשטעלן זיבעציק זקנים. איך וועל פון דיר אויפשטעלן משה'ן וועלכער וועט לערנען תורה אויף זיבעציק שפּראַכן. און וואָס נאָך? זאָל איך דיר געבן זילבער, גאָלד, קנעכט, דינסטן, בהמות! דאָס האָב איך דאָך דיר שוין

געגעבן! עס איז געגוג פאַר דיר דו זאָלסט זיין ווי איך! עס איז גענוג פאַר אַ קנעכט צו זיין ווי זיין האַר!"

בעת אברם האָט דערהערט ווי דער אויבערשטער זאָגט אים „גיי פאַר מיר", האָט אים אָנגעכאַפּט אַ ציטערניש. וואָרום ער האָט זיך געטראַכט, אפשר איז אין אים פאַראַן עפּעס אומ־ווירדיקס. אָבער ווען ער האָט דערהערט ווי ער זאָגט אים „און איך וועל שליסן אַ בונד צווישן מיך און דיך", האָט ער זיך באַרואיקט.

און גאַנצע נייען הונדערט און אַכציק דורות האָט דער הייליקער געהאַלטן באַהאַלטן אָט די מצוה פאַר אברם׳ן. וואָרום קיינעם, אַ חוץ אברם׳ן, האָט ער מגלה געווען דעם דאָזיקן סוד.

וואָרום ווען דער אַלמעכטיקער האָט באַשאַפן די וועלט, האָט ער גוזר געווען, אַז זי זאָל עקזיסטירן טויזנט דורות אָהן דער דאָזיקער מצוה. און די וועלט איז געווען פינצטער דורך געצנדינערײַ. ערשט אברם האָט אין איר אַריינגעפירט ליכטיקייט.

## די נעמען אברם און שרי ווערן געביטן

אָבער אברם האָט זיך שטאַרק געוואונדערט. ער האָט זיך געטראַכט, אדרבה ביז איצט בין איך דאָך געווען גאַנץ, און אַז איך נעם אָן די דאָזיקע מצוה, וועט דאָך פון מיר עפּעס פעלן.

האָט אים דער אויבערשטער געענטפערט:

„איידער דו נעמסט אָן די מצוה איז דיין נאָמען אברם. און די צאָל פון די אותיות אברם באַטרעפט צוויי הונדערט און דריי און פערציק. נאָכדעם אָבער ווי דו וועסט אָננעמען די מצוה, וועט דיין נאָמען זיין אברהם, וואָרום איך וועל צוגעבן אָן אות צו דיין נאָמען. וועט די צאָל פון די אותיות פון דיין נאָמען באַטרעפן צוויי הונדערט אַכט און פערציק, פּונקט ווי די צאָל פון דיינע אברים".

האָט אברם געפרעגט:

„יאָ, אָבער ביז איצט פלעגן מענטשן קומען צו מיר און זיך באַהעפטן צו מיר. מיינסטו אַז אויך נאָכדעם ווי איך וועל אָננעמען די מצוה, וועלן זיי קומען צו מיר?"

און דער הייליקער, ברוך הוא, האָט אים געענטפערט:

„אברם! גענוג פאַר דיר וואָס איך בין דיין האַר! גענוג פאַר דיר וואָס איך בין דיין פּטרון. און ניט נאָר פאַר דיר אַליין, נאָר גענוג פאַר מיין וועלט וואָס איך בין איר האַר, גענוג פאַר מיין וועלט וואָס איך בין איר פּטרון!"

איז אברם געפאַלן אויף זייז פּנים אויס מורא פאַר דער

שכינה. וואָרום אַזוי לאַנג ווי ער האָט נאָך ניט געהאַט דורכגעפירט די מצוה, איז שטענדיק ווען די שכינה פלעגט מיט איםריידן, פלעגט ער פאַלן.

און דער אויבערשטער האָט צו אים געזאָגט:

„איך שלים מיט דיר אַ בונד, מיט דיר אָבער מיט קיין אַנדערן. און דו וועסט זיין דער פאָטער פון פילע פעלקער. פון איצט אָן וועסטו ניט מער הייסן אברם, נאָר דיין נאָמען וועט זיין **אברהם**. וואָרום איך מאַך דיך פאַר אַ פאָטער (**אב**) פון פילע (**המון**) פעלקער. ביז איצט ביזטו געווען דער פאָטער בלויז פון **ארם**, אָבער פון איצט אָן און ווייטער, וועסטו זיין דער פאָטער פון אַלע פעלקער. און איך וועל דיך פרוכטבאַרן. ישראל, אדום און די מלכים וועלכע וועלן געוועלטיקן איבער די פעלקער, וועלן אָפּשטאַמען פון דיר. און איך וועל באַשטעטיקן מיין בונד צווישן מיך און דיך און צווישן דיינע קינדער נאָך דיר, פאַר אַן אייביקן בונד, אַז איך זאָל זיין אַ האַר דיר און דיינע קינדער נאָך דיר. אויב דיינע קינדער וועלן מקבל זיין מיין הערשאַפט, וועל איך זיי זיין אַ האַר און אַ פּטרון. אויב אָבער זיי וועלן ניט אָננעמען, וועל איך זיי זיין קיין האַר און קיין פּטרון. אויב דיינע קינדער וועלן אַריינגיין אין ארץ ישראל, וועלן זיי נעמען אויף זיך מיין אַלמעכטיקייט. טאָמער ניט, וועלן זיי מיין אַלמעכטיקייט אויף זיך ניט נעמען. אויב דיינע קינדער וועלן מקיים זיין די מצוה פון מל זיין, וועלן זיי אַריינגיין אין לאַנד אַריין, אויב ניט וועלן זיי ניט אַריינגיין. אויב דיינע קינדער וועלן נעמען אויף זיך דעם **שבת**, וועלן זיי אַריינגיין אין לאַנד אַריין, אויב ניט וועלן זיי אין לאַנד ניט אַריינגיין. און איך וועל געבן דיר, און דיינע קינדער נאָך דיר, דאָס לאַנד וואו דו וואוינסט, דאָס גאַנצע לאַנד כנען אויף אייביק. אָבער בלויז מיט דעם באַדינג, אַז דו דאַרפסט אָפּהיטן מיין בונד. און דאַרט וועל איך אויך זיין אַ האַר. דער, אָבער, וועלכער וואוינט אין חוץ לארץ, איז גלייך ווי ער האָט קיין אַלמעכטיקן. און יעדער אינגל פון אַכט טעג מוז גע'מל'ט ווערן".

און דער וועלכער איז עובר אויף דעם בונד פון אברהם אבינו, האָט קיין חלק אויף יענער וועלט.

און דער אויבערשטער האָט ווייטער געזאָגט צו אברהם'ן:

„דיין ווייב שרי וועט שוין ניט מער הייסן שרי. פון איצט אָן און ווייטער וועט זי הייסן **שרה**. ביז איצט איז זי געווען אַ האַרין צו איר פאָלק אַליין (שרי — מיין האַרין), אָבער פון איצט אָן און ווייטער וועט זי זיין אַ האַרין (שרה) צו אַלע באַשעפענישן".

האָט אָבער אָט די דאָזיקע „יוד" וואָס דער אויבערשטער האָט

אָוועקגענומען פון שרי, אַרומגעשוועבט און איז אַרומגעפלויגן פאַר דעם טראָן פון דעם הייליקן און געזאָגט פאַר אים:

„האַר פון די וועלטן! דערפאַר וואָס איך בין דאָס קלענסטע אות פון אַלע אותיות, דערפאַר האָסטו מיך אַוועקגענומען פון דער צדקת שרה?"

אָבער דער הייליקער, ברוך הוא, האָט געענטפערט:

„ביז איצט ביזטו געווען אַ טייל פון דעם נאָמען פון אַ פרוי, און דו ביזט געווען דאָס לעצטע אות פון דעם נאָמען. איצט, אָבער, וועל איך דיך אַריינשטעלן אין דעם נאָמען פון אַ מאַן, און דו וועסט זיין דאָס ערשטע אות פון דעם נאָמען". און די „יוד" איז טאַקע צוגעזעצט געוואָרן צום נאָמען פון יהושע. וואָרום פריער האָט ער געהייסן הושע, און שפּעטער „ויקרא משה להושע יהושע", און משה האָט גערופן הושע'ן — יהושע.

איז די גאַנצע צייט האָט מען זי גערופן שרי. ערשט נאָכדעם ווי זי האָט געטאָן פילע גוטע מעשים, האָט מען איר צוגעזאָגט דעם אות, און מען האָט אָנגעהויבן זי רופן שרה.

און דער אויבערשטער האָט ווייטער געזאָגט צו אברהם'ן:

„איך וועל בענטשן שרה'ן און איר געבן אַ זון. איך וועל זי בענטשן אויך מיט מילך. פון איר וועלן אַרויסקומען פעלקער און מלכים, וועלכע וועלן הערשן איבער די פעלקער. איך וועל אָנוואַרפן איר שרעק אויף אַלע געצנדינער, אַז זיי זאָלן ניט טייטלען אויף איר מיט די פינגער און שרייען 'די עקרה', די קינדערלאָזע. איך וועל אַריינשיקן אין איר גוף אַ ברכה".

איז אברהם געפאַלן אויף זיין פּנים. ער האָט געגלויבט, זיך געפרייט און געוואונדערט ביי זיך אין האַרצן: קען אַ קינד געבוירן ווערן צו אַ הונדערט יאָריקן מאַן! נאָכדעם וואָס דער האַר האָט מיר געטאָן, וועט מיר נאָך געטאָן ווערן אַזאַ חסד! די נייענציק יאָריקע שרה וועט געבוירן אַ קינד! דאָס איז אַ וואונדער אין דער וועלט! וואָרום זינט דעם מבול אָן, איז אַ פרוי פון נייענציק יאָר ניט שוואַנגער געוואָרן.

און אברהם האָט געזאָגט צום אויבערשטן: „הלואי זאָל ישמעאל לעבן, און דיך דינען. איך בין ניט ווערט צו קריגן אַזאַ שכר". וואָרום כאָטש דער אַלקענגוואַרטיקער האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה וועגן יצחק'ן, האָט זיין האַרץ אַלץ געטראַכט צי ער וועט לעבן צי ניט. ער האָט געבעטן ער זאָל אים מחזיר לתשובה זיין, און אים זוכה מאַכן אויף עולם הבא.

און דער אויבערשטער האָט אים געענטפערט:

„דיין ווייב שרה וועט אויף אָן אמת דיר געבוירן אַ זון. זאָלסט אים אַ נאָמען געבן יצחק" — וואָרום ווען דער הייליקער,

ברוך הוא, זעט, אז אַ צדיק דאַרף געבוירן ווערן, איז ער אַליין מיט זיין אייגענעם כבוד גיט אים אַ נאָמען, און יצחק איז געווען איינער פון די זעקס וועלכע האָבן געקראָגן אַ נאָמען נאָך איידער זיי זיינען געבוירן געוואָרן — „און איך וועל באַשטעטיקן מיין בונד מיט אים, און מיט זיינע קינדער נאָך אים אויף אייביק. און בנוגע ישמעאל׳ן האָב איך אים שוין געהערט דורך דעם מלאך. ער האָט אים געבענטשט מיט אַלע גוטע זאַכן פון דער וועלט, מיט קינדער, מיט רייכקייט, מיט הערשאַפט. אָבער די גוטע זאַכן פון יענער וועלט געהערן בלויז יצחק׳ן וועלכן שרה וועט דיר געבוירן פונקט אַ יאָר פון איצט, און צו זיינע קינדער״.

און דער אויבערשטער האָט געענדיקט זיין ריידן מיט אברהם׳ן, און די שכינה איז אַרויפגעגאַנגען פון אברהם׳ן, וואָרום די צדיקים זיינען דעם אַלקעגנוואַרטיקנס רייטוואָגן.

## אברהם׳ס ברית

און אברהם האָט געהאַט דריי פריינט די צדיקים ענר, אשכול און ממרא. ווען דער אויבערשטער האָט אים געהייסן אָננעמען די מצוה פון מל זיין, איז אברהם געגאַנגען צו זיי זיך צו באַראָטן מיט זיי. ער איז געגאַנגען צו ענר׳ן און האָט צו אים געזאָגט: „אַזוי און אַזוי האָט מיר דער הייליקער געזאָגט!״

האָט ענר אים געענטפערט: „וואָס! דו ווילסט זיך מאַכן פאַר אַ קאַליקע! דו ווילסט אַז די קרובים פון די מלכים, וועלכע דו האָסט גע׳הרג׳ט, זאָלן קומען דיך הרג׳נען, און דו וועסט אַפילו ניט קענען אַנטלויפן פון זיי!״

האָט אברהם אים איבערגעלאָזט און ער איז געגאַנגען צו אשכול׳ן און האָט געזאָגט צו אים: „אַזוי און אַזוי האָט מיר דער אויבערשטער געזאָגט״. און אשכול האָט אים געענטפערט:

„דו ביזט אַלט, אויב דו וועסט דורכפירן די מצוה, וועט אַפלויפן פון דיר צופיל בלוט. דו וועסט עס ניט איבערטראָגן, און דו וועסט שטאַרבן״.

האָט אברהם אים איבערגעלאָזט און ער איז געגאַנגען צו ממרא׳ן. און ער האָט אים געזאָגט „אַזוי און אַזוי האָט מיר דער הייליקער, ברוך הוא, געהייסן טאָן, וואָס איז דיין עצה?״

און ממרא האָט אים געענטפערט:

„אין אָט דער זאַך פרעגסטו עצות! ער האָט דאָך דיך אָפּגעראַטעוועט פון דעם קאַלך אויוון, און ער האָט דיר געטאָן די אַלע נסים. ער האָט דיך מציל געווען פון די מלכים. ווען ניט זיין שטאַרקייט וואָלטן זיי דיך דאָך געווען גע׳הרג׳ט. ער האָט

געראטעוועט דיינע צוויי הונדערט אכט און פערציג אברים. און אז ער פארלאנגט פון דיר א פיצעלע פון איין אבר, זוכסטו גאר עצות! טו ווי ער הייסט דיר! נאכמער, אויך איך וועל עס טאן. און איך וועל זיין דער ערשטער!"

האט דער אויבערשטער געזאגט צו ממרא'ן:

„דו האסט אים געראטן זיך מל צו זיין, ביי דיין לעבן, איך וועל זיך אנטפלעקן צו אים ניט אין ענר'ס פאלאץ, ניט אין אשכול'ס פאלאץ, נאר אין דיין פאלאץ".

און אברהם וועלכער איז נאכגעלאפן נאך דעם אויבערשטנס מצוות מיט גרויס פרייד און מיט ווילן, ניט צו קריגן דערפאר שכר, נאר טאקע מחמת ליבשאפט. איז ניט קוקענדיק דערויף וואס אט די מצוה איז אים געגעבן געווארן אויף דער עלטער, האט ער זיך ניט אפגעהאלטן. ער האט מהרהר געווען, נאך געטראכט, ניט וועגן שכר און ניט וועגן די שמערצן, נאר ער האט עס געטאן לשמה.

און אין יענעם טאג ווען דער אויבערשטער האט אים געבאטן די מצוה, אין מיטן העלן טאג ניט ביינאכט, כדי די גאנצע וועלט זאל זען, ניט מורא האבנדיק פאר די פעלקער און ניט פאר די לצים, און אויך כדי זיינע פיינט און צייט-גענאסן זאלן ניט קענען זאגן „ווען מיר וואלטן געווען זען, וואלטן מיר אים ניט געווען געלאזט דאס טאן", האט אברהם גענומען דורכפירן דעם אלמעכטיקנס געבאט. דער אויבערשטער האט אים א וואונק געגעבן ווי דאס צו טאן. און אברהם האט מל געווען ישמעאל'ן, עוג'ן און אלע אנדערע זכרים פון זיין הויז. און ווען ער האט זיך אליין מל געווען האט דער „רופא חולים" אים צוגעהאלפן.

אין יענעם טאג איז אברהם אלט געווען נייען און נייענציק יאר, און ישמעאל איז אלט געווען דרייצן יאר. און דער אלמעכטיקער האט אים צוריקגעגעבן יוגנטלעכע קראפט.

און דעם דריטן טאג, דעם קריזיס-טאג, האט אברהם געפילט גרויסע שמערצן. וואס זשע האט דער הייליקער געטאן? ער האט געמאכט א לאך אין גיהנום און האט היים געמאכט דעם טאג, ווי דעם טאג פון די רשעים כדי אים נאך מער מצער צו זיין און אים אויספרואוון. ער האט אויך שטארק היים געמאכט די גאנצע וועלט, ווייל ער האט געזאגט: צדיקים געפינען זיך אין צער, און די וועלט האט זיך פארגעניגן!

און אזוי ווי אברהם איז דאך געווען א גרויסער מכנים אורח, און דער אויבערשטער האט ניט געוואלט מטריח זיין דעם צדיק מיט אורחים, האט ער ארויסגענומען די זון פון איר פוטערפאס, שייד.

אָבער ווען אברהם האָט אַ קוק געטאָן אַז שוין צוויי טעג ווי עס קומען קיין אורחים, האָט ער ביי זיך געטראַכט: זע נאָר, איידער איך האָב מקיים געווען די מצוה פלעגן רייזנדיקע אַריינ־קומען, און איצט נים. אפשר מיינען זיי, אַז זיי דערקוטשען מיר. איז ער געגאַנגען און ער האָט אַרויסגעשיקט אליעזר'ן אַ קוק טאָן. און ווען אליעזר האָט זיך אומגעקערט און געזאָגט אַז ער האָט קיינעם געזען, האָט אברהם אים געזאָגט: „איך גלויב דיר נים".

און אברהם אַליין איז אַרויסגעגאַנגען זען צי ער קען נים געפינען אורחים. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט ביי דער טיר פון דעם געצעלט. און דער הייליקער, געלויבט איז ער, האָט אַ זאָג געטאָן צו די מלאכים: „קומט! לאָמיר גיין מבקר זיין דעם חולה. די מצוה צוריקצוצאָלן פאַר חסד איז ביי מיר זעהר גרויס. וואָרום די מצוה פון גמילות חסדים איז ביי מיר ליבער פון די קרבנות וועלכע די אידן וועלן מקריב זיין אויף דעם מזבח".

האָבן אָבער די מלאכים צו אים געזאָגט:

„אָה, האר פון דער וועלט! וואָס איז דען אַ מענטש אַז דו זאָלסט זיך מיט אים אָפּגעבן! וואָס איז דען אַ מענטש אַז דו זאָלסט זיך מיט אים רעכענען! דער מענטש איז דאָך גלייך ווי גאָרנים! דו ווילסט גיין אין אומריינע ערטער!"

און דער הייליקער האָט זיי געענטפערט:

„אַזוי זאָגט איר! ביי אייער לעבן, דער ריח פון יענעם בלוט איז מיר זיסער פון ווייררויכן. און אויב איר ווילט נים גיין, וועל איך גיין אַליין".

האָבן די מלאכים באַלד אָראָפּגענידערט. אָבער איידער זיי האָבן זיך גערירט, האָט דער הייליקער זיך געפּעדערט, און ער אַליין מיט זיין אייגענעם כבוד האָט זיך אַנטפּלעקט צו אברהם'ן. און אַזוי גרויס איז די וויכטיקייט פון בקור חולים, אַז דער וואָס באַזוכט אַ קראַנקן, פאַרלייכטערט דעם קראַנקן אויף אַ זעכציקסטל. ווער עס באַזוכט אַ קראַנקן דערהאַלט אים ביים לעבן. דער באַזוכער ווערט ניצול פון גיהנום. און ווער עס באַזוכט קיין קראַנקן איז גלייך ווי ער פאַרגיסט בלוט.

## די שכינה ביי אברהם'ן

און איצט האָט דער הייליקער זיך אַנטפּלעקט צו אים אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זיין. איצט האָט די שכינה גערוט אויף אברהם'ן בשלמות, פאָלקאָם. און אַנטפּלעקט האָט ער זיך צו אים אין ממרא'ס פּאַלאַץ. דערפאַר וואָס ממרא האָט אים געגעבן די עצה צו פאָלגן דעם אויבערשטן און זיך מל זיין, האָט ער זוכה געווען

אַז די שכינה זאָל רוען אין זיין חלק. געבענטשט זאָל זיין דער נאָמען פון דעם הייליקן, ברוך הוא, וועלכער האַלט צוריק דעם שכר פון קיין באַשעפעניש.

און באַוויזן האָט ער זיך צו אים ביי די אייכנבוימער פון ממרא, מרמז צו זיין, אַז פונקט ווי דער דאָזיקער סאָרט בוים ברענגט אַרויס צוויי מינים פּירות, זיסע און ביטערע, אַזוי אויך וועט פון יצחק'ן אַרויסקומען אַ צדיק און אַ רשע. אַזוי ווי די אייכנבוימער, אַפילו ווען זיי ווערן פאַרדאַרט, און זייערע בלעטער פאַלן אַרונטער, אָבער ווי נאָר עס קומט אין זיי אַריין וואַסער, הויבן זיי אָן צו בליען, און גיבן אַרויס בליעכצן און פּירות. אַזוי אויך די אידן, אַפילו דעמאָלט ווען זיי וועלן אַראָפּנידערן צו דער נידעריקסטער מדרגה, ווי נאָר אָבער עס וועט קומען דער סוף און זיי וועלן טאָן תשובה, וועלן זיי באַלד אָנהויבן צו בליען און צו לייכטן.

און דער אויבערשטער האָט צו אים געזאָגט: „ביז איצט פלעגן צו דיר קומען ערלים, אָבער איצט קומען צו דיר איך און מיין אויבערשטע געריכט. דו האָסט אויפגעעפנט אַ גוטע טיר פאַר גרים און פאַר אורחים. ווען ניט דו, וואָלט איך ניט געווען באַשאַפן הימל און ערד. ווען ניט דו וואָלט איך ניט געווען באַשאַפן דאָס ראָד פון דער זון. ווען ניט דו וואָלט איך ניט געווען באַשאַפן די לבנה".

ווען אברהם האָט דערזען די שכינה, האָט ער זיך גענומען אויפשטעלן. ער זיצט און די שכינה שטייט! האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אים:

„זיץ, דו ביזט אַ סימן פאַר דיינע קינדער. פונקט ווי דו זיצט און די שכינה שטייט, אַזוי אויך וועלן דיינע קינדער זיצן און די שכינה וועט שטיין איבער זיי. ווען די אידן וועלן קומען אין די שטיבלעך און אין די בתי־מדרשים און וועלן זאָגן קריאת שמע, וועלן זיי זיצן צוליב מיין כבוד וועגן, און איך וועל זיין איבער זיי".

אָבער ווען דער אויבערשטער האָט געזען ווי אברהם איז זיך שטאַרק מצטער וואָס עס קומען קיין אורחים, האָט ער געבראַכט מלאכים אין דעם געשטאַלט פון מענטשן.

## אברהם און די דריי מלאכים

פופצן טעג אין חודש ניסן, פונקט צוועלף אַזייגער בייטאָג ווען אונטער דעם מענטשן איז פאַראַן קיין שאָטן, די צייט

ווען די זון און דער שאָטן זיינען גלייך היים, און דאָס איז די צייט ווען תלמידי חכמים בייסן איבער, האָט אברהם אויפגעהויבן זיינע אויגן און ער האָט דערזען דריי מענטשן קומען פון ווייטנס. איינער האָט אים אויסגעזען ווי אַ קליין הענדלער, איינער ווי אַ שיפס־קאַפּיטאַן און איינער ווי אַן אַראַבער. האָט אברהם געמיינט אַז זיי זיינען געוויינלעכע דורכרייזנדיקע מענטשן, אָבער קיינע פרומע מענטשן, נאָר מענטשן וועלכע דינען די עבודה זרה און דערצערענען דעם אויבערשטן.

אָבער זיי זיינען געווען ניט מענטשן, נאָר די מלאכים מיכאל, גבריאל און רפאל. מיכאל איז געגאַנגען אין דערמיט, גבריאל אין זיין רעכטער האַנט און רפאל אין זיין לינקער האַנט. מיכאל איז געקומען אָנזאָגן שרה'ן אַז זי וועט געבוירן אַ זון. רפאל — דער אויפזעער איבער די רפואות — איז געקומען אויסהיילן אברהם'ען. גבריאל איז געקומען צו גיין איבערקערן די זינדיקע שטאָט סדום. וואָרום איין מלאך טוט קיין צוויי שליחות'ן.

און די מלאכים האָבן געזאָגט צום אויבערשטן: „האר פון די וועלטן! ביז ווען וועסטו אים אָפּגעבן אַזאַ כבוד? ווי לאַנג וועסטו שטייען, און ער וועט זיצן?"

האָט דער הייליקער, ברוך הוא, זיי געענטפערט: „שוין צוליב דעם זכות אַליין וואָס איך זע אַז דריי צדיקים וועלן אַרויסקומען פון אים, וואָס אין אַ צייט ווען די גאַנצע וועלט וועט זיך בוקן צום אָפּגאָט, וועלן זיי (חנניה, מישאל און עזריה) שטייען ווי פאַלמען בוימער און וועלן זיך ניט בוקן!"

און אברהם האָט זיך געטראַכט, אויב איך וועל זען אַז די שכינה וואַרט אויף זיי, וועל איך וויסן, אַז זיי זיינען גרויסע לייט, און אויב איך וועל זען, אַז זיי גיבן אָפּ כבוד איינער דעם אַנדערן, וועל איך וויסן אַז זיי זיינען אָנגעזעענע מענטשן. אַזוי ווי ער האָט דערזען, אַז די שכינה וואַרט אויף זיי, אַז זיי גיבן אָפּ כבוד איינער דעם אַנדערן, האָט ער געוואוסט אַז זיי זיינען אָנגעזעענע מענטשן.

דערווייל האָט ער געטראַכט ביי זיך. אַז אויב זיי וועלן זיך פאַרנעמען אויפן וועג אין זיין ריכטונג, ווייסט ער אַז זיי גייען צו אים. און אַזוי ווי ער האָט דערזען, אַז זיי פאַרנעמען זיך אויפן וועג צו אים, האָט ער אַ זאָג געטאָן בתמימות פאַר דעם הייליקן, ברוך הוא:

„האר פון דער וועלט! זאָל די שכינה אַ ביסעלע צוואַרטן ביז איך וועל אַריינפירן די אורחים".

און אַזוי איז טאַקע געשען. וואָרום די מצוה פון הכנסת אורחים איז גרעסער אַפילו פון מקבל זיין די שכינה.

דערזעענדיק אָבער, אַז ער בלוטיקט, זיינען די דריי פרעמדע געבליבן שטייען אויף איין אָרט. ווען אברהם האָט דערזען אַז זיי רירן זיך ניט, האָט ער פאַרשטאַנען אַז זיי ווילן ניט אים מטריח זיין. און זיי, באַמערקנדיק אַז ער האָט דערפון צער, האָבן געזאָגט צו אים:

„דאָס איז ניט דער שטייגער פון דער וועלט".

און ווען זיי האָבן געזען זיינע שמערצן, האָבן זיי זיך געלאָזט אַוועקגיין פון אים. האָט ער זיך אָבער מקדים געווען און איז זיי אַנטקעגן געלאָפן ווי אַ מלאך, און האָט זיך פאַר זיי געבוקט.

האָט דער הייליקער, ברוך הוא, צו אים געזאָגט: דו האָסט זיך געבוקט צו מיינע מלאכים, ביי דיין לעבן אַז מלאכים וועלן זיך בוקן צו דיינע קינדער".

און אברהם האָט אַ זאָג געטאָן צו מיכאל'ן, דעם עלטסטן פון זיי:

„איך ווייס אַז איר זייט מיד פון דעם וועג. און איצט איז ניט די צייט צו גיין. אָט איז פאַראַן וואַסער און אַן אַנגענעמער שאָטן. גייט זשע ניט אַוועק פון אייער קנעכט. זאָל אַ ביסל וואַסער געבראַכט ווערן און וואַשט אייערע פיס, און לענט זיך אָן אונטער דעם דאָזיקן בוים. איך וועל ברענגען ברויט און לענט זיך אונטער אייערע הערצער, און בענטשט, און דערנאָך וועט איר גיין. עס איז דאָך איצט פונקט מיטאָג שטונדע. אַז איר זייט שוין יאָ מיך פאַרבייגעגאַנגען, איז בעט איך פון אייך אָט דאָס".

און אברהם האָט געהייסן זיי וואַשן זייערע פיס ווייל ער האָט געמיינט אַז זיי זיינען אַראַבער, וועלכע בוקן זיך צום שטויב פון זייערע פיס. און אברהם האָט שטאַרק מקפיד געווען אויף געצנדינעריי. האָט ער ניט געוואָלט אַז מען זאָל אַריינברענגען געצנדינסט אין זיין הויז אַריין.

האָבן זיי געזאָגט צו אים:

„ביזטו דען אונז חושד, אַז מיר זיינען אַראַבער וועלכע בוקן זיך צום שטויב פון זייערע פיס?"

אָבער נאָכדעם ווי ער האָט זיי שטאַרק געבעטן, וואָרום ער פלעגט זיך נוהג זיין, אַז ווער נאָר עס איז פאַרבייגעגאַנגען זיין הויז פלעגט ער אים אַריינגעמען, געבן צו עסן, האָט ער געוואָלט זיי ווייזן ווי ער פירט זיך אַלע זיינע טעג. האָבן זיי געזאָגט צו אים: „דו האָסט גוט געזאָגט, טו ווי דו האָסט געזאָגט". זיי האָבן זיך ביי אים אָפּגעשטעלט. זיי האָבן זיך געוואַשן די פיס, און זיך אַנידערגעזעצט אונטער דעם בוים, נעבן זיין געצעלט.

האָט דער הייליקער געזאָגט צו אברהם'ן: „דערפאַר וואָס דו האָסט געזאָגט: 'זאָל געבראַכט ווערן אַ ביסל וואַסער, וואַשט

זיך די פּיס, לענט זיך אָן אונטער דעם בוים און איך וועל ברענגען ברויט׳, ביי דיין לעבן, אַז איך וועל באַצאָלן דיינע קינדער דערפאַר אין דער מדבר און אויפן ישוב״.

און אברהם האָט זיך געאיילט צו שרה׳ס געצעלט, און ער האָט געזאָגט צו איר: „נעם גיך נייען מאָס מעל פאַר דריי פאַר קיכלעך, דריי פאַר האָניק טייגלעך און דריי פאַר זיסע קוכן. פאַרקנעט און מאַך עס געשמאַק״. און מיט די קיכלעך האָט אברהם געמיינט מרמז צו זיין, אַנדייטן, אַז זיינע קינדער וועלן מאַכן קיכלעך (עוגות מצות) ווען זיי וועלן אַרויסגיין פון מצרים.

האָט שרה צורו געלאָזט אַלע אירע דינסטן, און זי אַליין האָט געקנאָטן און געמאַכט קוכענס. און אברהם האָט געקוילעט דריי אָקסן, כדי ער זאָל זיי קענען געבן דריי צונגען מיט גאָרשיצע, ווי מלכים זיינען זיך נוהג צו עסן, און ער האָט עס איבערגעגעבן ישמעאל׳ן צוצוגרייטן, כדי אים מחנך צו זיין, ערציען, אין מצוות.

אָבער פונקט ווען שרה האָט געקנאָטן האָט זי געקראָגן די צייט, איז דאָס טייג טמא געוואָרן. האָט ער זיי געגעבן קיין קוכן.

און אברהם אַליין האָט זיי באַדינט. ער האָט זיי געגעבן פלייש. מיט זיי זיינען אויך געזעסן ישמעאל, ענר, אשכול און ממרא. עס האָט אויסגעזען ווי די אורחים עסן און טרינקען. וואָרום אַלץ וואָס זיי האָבן גענומען צום מויל איז דערפון גאָרניט געוואָרן, ווייל זייער פייער האָט עס פאַרצערט. און אברהם האָט געהאַט פאַרגעניגן דערפון.

און געשען איז עס אַזוי ווייל אַ מענטש דאַרף ניט ענדערן דעם מנהג. קומסטו אין אַ שטאָט, פיר זיך ווי מען פירט זיך דאָרט. משה איז געווען אין הימל האָט ער ניט געגעסן. די מלאכים זיינען געווען אויף דער ערד, האָבן זיי יאָ געגעסן.

און די סעודה וואָס אברהם האָט געמאַכט איז געווען בעסער פון שלמה המלך׳ס סעודה.

אַלץ וואָס אברהם האָט געטאָן פאַר די מלאכים, האָט דער הייליקער אַליין געטאָן פאַר זיינע קינדער. און דאָס וואָס אברהם האָט געטאָן פאַר די מלאכים דורך אַ שליח, האָט דער אויבערשטער געטאָן פאַר זיינע קינדער דורך אַ שליח. וואָרום מיט דער מאָס וואָס אַ מענטש מעסט, מעסט מען אים. ער איז געלאָפן ברענגען די אָקסן, האָט דער אויבערשטער געגעבן זיינע קינדער פייגל צו עסן. ער איז געשטאַנען איבער די מלאכים און זיי באַדינט, האָט דער אַלמעכטיקער באַשיצט זיינע קינדער אין מצרים. ער האָט זיי געגעבן וואַסער, האָבן די אידן זוכה געווען אין דער מדבר צו מרים׳ס ברונעם. ער האָט זיי געזאָגט זיי זאָלן זיך אַנידערזעצן אונטערן בוים. איז ווען אברהם׳ס קינדער זיינען

אַרויס פון מצרים האָט דער באַשעפער זיי געגעבן זיבן וואָלקנס, פיר פון אַלע פיר זייטן, איינעם איבער זיי, דעם שכינה וואָלקן וואָס האָט זיי אָפּגעטיילט פונעם שונא. און איינעם וואָס איז געצויגן פאַר זיי און האָט נידעריק געמאַכט די בערג, הויך געמאַכט די טאָלן, אויסגעהרג׳עט די שלאַנגען און עקדישן, פאַרברענט די דערנער און גלייך געמאַכט דעם וועג.

## די בשורה וועגן יצחק׳ס געבורט

און אברהם פלעגט זיך אַזוי נוהג זיין: וואו ער האָט געוואוינט, האָט ער פאַרפלאַנצט אַ בוים. און דורך דעם בוים פלעגט ער דערקענען ווער עס איז באַהעפט אין דעם אויבערשטן, און ווער אין געצנדינסט. אויב איינער איז געווען באַהעפט אין אויבערשטן, פלעגט דער בוים צעשפּרייטן זיינע צווייגן, אים פאַרדעקן און מאַכן אַן אָנגענעמען שאָטן איבער אים. טאָמער אָבער איז איינער געווען באַהעפט אין געצנדינסט, פלעגן די צווייגן פון דעם בוים זיך אויסציען אין דער הויך. פלעגט אברהם דאָן דערקענען און פלעגט אים שטראָפן. ער פלעגט אים ניט אָפּלאָזן ביז יענער האָט געמוזט אָנהויבן גלויבן אין דעם באַשעפער פון דער וועלט.

אויב דער מענטש איז געווען אַ ריינער, פלעגט דער בוים אים צולאָזן צו זיך. טאָמער אָבער איז יענער געווען טמא, פלעגט דער בוים אים ניט צולאָזן. האָט אברהם אַזוי אַרום אים דערקענט, און ער האָט גערייניקט דעם אומריינעם.

און אונטער דעם בוים איז געווען אַ קוואַל וואַסער. איז אויב איינער האָט באַדאַרפט באַלד טבילה, האָט דאָס וואַסער זיך אויפגעהויבן פון זיך אַליין, און די צווייגן פלעגן זיך אָפּטאָן, האָט אברהם דערקענט אַז דער יעניקער איז טמא, און אַז ער דאַרף באַלד טבילה. דורך אָט דעם בוים פלעגט ער אונטערזוכן אַלע מענטשן. דערפאַר האָט ער זיי געהייסן זיך אָנלענען אונטערן בוים, צו קענען זיי בודק זיין.

און די מלאכים האָבן אים געפרעגט: „וואו איז דיין ווייב שרה?" זיי האָבן טאַקע געוואוסט וואו שרה איז, נאָר זיי האָבן געוואָלט מאַכן שרה׳ן באַליבט ביי אים. זיי האָבן דערמיט געוואָלט אים ווייזן, אַז שרה איז מער צנועה פון אַנדערע פרויען, וואָרום זי ווייזט זיך ניט.

און דער מלאך מיכאל האָט זיך אָנגערופן: „אין אַ יאָר אַרום וועל איך קומען צו דיר, וועט איר נאָך ביידע לעבן, און שרה וועט האָבן אַ זון". ער האָט געמאַכט אַ קריץ אין דער וואַנט,

און ער האָט געזאָגט: ווען די זון וועט דערגרייכן נאָכאַמאָל דעם קרייז וועט שרה, דיין ווייב, האָבן אַ זון״.

שרה, ווידער, וועלכע האָט שוין לאַנג אויפגעגעבן די האָפענונג צו האָבן קינדער, איז געשטאַנען הינטער דער טיר פון דעם געצעלט און האָט זיך צוגעהערט, האָט אָנגעהויבן לאַכן אין הארצן און האָט געזאָגט צו זיך: אַט די גֶעדערים וועלן נאָך טראָגן אַ קינד! אַט די דאַזיקע ברוסטן, וועלכע זיינען שוין אַזוי איינגעשרומפּן, וועלן נאָך ציען מילך! און מיין האר אברהם איז דאָך שוין אַזוי אַלט!

און געזאָגט האָט זי ׳מיין האר אברהם איז שוין אַזוי אַלט׳, ווייל זי האָט באַלד דערפילט אַז זי איז עפּעס אַן אַנדער מענטש.

האָט דער אויבערשטער זיך אָנגערופן צו אברהם׳ן און צו אים געזאָגט: „פאַרוואָס האָט שרה געלאַכט און געזאָגט: ׳וועל איך דען ווירקלעך געבוירן אַ קינד! איך בין דאָך שוין אַזוי אַלט!׳ — צוליב שלום בית האָט דער אויבערשטער געזאָגט, אַז שרה האָט געזאָגט ׳איך בין אַלט׳ און ניט ׳מיין האר אברהם איז אַלט׳ — איז דען פאַראַן אַ זאַך, וואָס איז פאַר מיר אומעגלעך! אין דען פאַראַן אַ זאַך, וואָס איך קען ניט פאַר־ווירקלעכן! לכתחילה באַשאַפן מענטשן קען איך יאָ, און ווידער יונג מאַכן אַלטע קען איך ניט! אין אַ יאָר אַרום, פונקט צו אַט דער זעלבער צייט, וואָס איז דיר נעכטן אָנגעזאָגט געוואָרן, וועל איך זיך אומקערן צו דיר, וועט איר ביידע לעבן און שרה וועט האָבן אַ קינד!״

האָט שרה געלייקנט און האָט געזאָגט: „ניין! איך האָב ניט געלאַכט״, וואָרום זי האָט מורא געהאַט. און כאָטש שרה איז געווען די איינציקע פרוי צו וועמען דער אויבערשטער האָט גערעדט, האָט ער איר געענטפערט דורך שם בן נח און געזאָגט: „ניין! דו האָסט יאָ געלאַכט!״

דערווייל האָבן די מלאכים געמאַכט שרה׳ס פנים לייכטן פונקט ווי אַן אוילבירט. און די מלאכים וועלכע האָבן אויסגעזען ווי מענטשן, האָבן זיך אויפגעהויבן פונקט צוועלף אַ זייגער, געבענטשט אברהם׳ן און זיינען אַוועקגעגאַנגען. דער וואָס האָט אָנגעזאָגט אַז אַ קינד וועט זיי געבוירן ווערן איז אַרויף אין הימל אַריין. די אַנדערע צוויי האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון סדום. און אברהם איז געגאַנגען זיי באַגלייטן, ווייל ער האָט דאָך געמיינט אַז זיי זיינען געוויינלעכע מענטשן.

# די זינד פון סדום און עמורה

אין יענע צייטן זיינען אַלע איינוואוינער פון סדום און עמורה געווען זעהר שלעכטע און זינדיק קעגן דעם אויבערשטן. זיי זיינען געווען שלעכטס אין געלט אַנגעלעגנהייטן. זיי זיינען געווען זינדיק מיט זייערע קערפּערס. זיי זיינען געווען אויסגעלאַסן. ערלעכע מענטשן האָבן זיי אומגעבראַכט. זיי האָבן געדינט עבודה זרה. זיי זיינען געווען פון געמיינעם כאַראַקטער. זיי האָבן פיינט געהאַט איינער דעם אַנדערן, געווען שלעכט איינער צום אַנדערן. און כאָטש זיי האָבן געקענט דעם באַשעפער, האָבן זיי אים געזידלט, געלעסטערט, פאַרגאָסן בלוט, כדי צו ווידערשפּעניקן קעגן אים.

האָבן זיי דערצערנט דעם אויבערשטן מיט זייערע אומ־ווירדיקייטן, און זייער שלעכטסקייט איז געווען זעהר גרויס אין יענע טעג.

אין זייער לאַנד האָט זיך געפונען אַ ברייטער טאָל, אַן ערך פון אַנדערהאַלבן טעג גאַנג די ברייט. אין דעם טאָל האָבן זיך געפונען קוואַלן וואַסער, און אַרום דעם וואַסער איז געוואַקסן גראָז. אַט דאָרט פלעגן די איינוואוינער פון סדום און עמורה, די מענער, די פרויען און זייערע קינדער, זיך פאַרזאַמלען פיר טעג אַ יאָר און טאַנצן, שפּילן און פּראַווען אַ מין קאַרניוואַל מיט גרויס פּאָמפּ.

און ווען דאָס צעהוליען זיך איז געווען שטאַרק גרויס, פלעגט איינער נעמען דעם אַנדערנס ווייב, איינער דעם אַנדערנס טאָכטער און זינדיקן. דער מאַן האָט געזען זיין ווייב אָדער זיין טאָכטער מיט אַן אַנדערן און האָט גאָרניט געזאָגט. אַט אַזוי האָבן זיי פאַרבראַכט פון דערפרי ביז אין דער נאַכט, און דערנאָך האָט זיך יעדער איינער אומגעקערט צו זיך אַהיים, יעדע פרוי צו איר מאַן. דאָס פלעגן זיי זיך נוהג זיין צו טאָן פיר טעג אין יעדן יאָר.

און געווען זיינען די איינוואוינער פון סדום זעהר רייך. די ערד פון זייער לאַנד איז געווען פעט. אַלע אוצרות פון דער וועלט האָבן זיך געפונען אין דער ערד פון סדום. למשל, ווען איינער האָט געהייסן זיין קנעכט אַרייננבערענגען פונעם גאָרטן אַ ביסל גרינצייג, איז ער אַרויסגעגאַנגען און האָט געפונען אונטער דעם גרינצייג גאָלד.

עס האָבן זיך געפונען אין דער דאָרטיקער ערד זילבער, טייערע בריליאַנטן און פּערל. און ברויט איז דאָרט געווען איבערגענוג. האָבן זיי געזוכט קיין שוץ אין דעם שאָטן פון

זייער באַשעפער. נאָר זיי האָבן זיך פאַרלאָזט אויף זייער גרויס רייכקייט. דאָס רייכקייט האָט אָפּגעטאָן פון די זיי יראת שמים.

מיט אָט דעם רייכקייט וואָס דער הייליקער האָט זיי געבענטשט האָבן זיי אָנגעהויבן שטאַרק צו שטאָלצירן. און פון צופיל עסן, טרינקען און רו האָבן זיי אָנגעהויבן מורד זיין אין דעם אַלקעגנוואַרטיקן.

און זיי פלעגן זיך אויפפירן אויף אַ זעהר זינדיקן שטייגער: זיי פלעגן אָפּהאַקן די פרוכטן פון די בוימער די פויגל זאָלן פון זיי האָבן קיין הנאה. זיי האָבן באַשטימט איבער זיך פאַלשע, קאָרופּטירטע ריכטער. טאָמער איז געקומען צו זיי אַ פרעמדער פלעגן זיי אַלץ אַוועקנעמען פון אים לויט זייערע קאָרופּטירטע געזעצן, און פלעגן אים אַוועקשיקן אַ נאַקעטן. אָנגעפרעסענע און צופרידענע זיינען זיי געזעסן און ניט מורא געהאַט פאַר מלחמות פון זייערע שכנים. זיי האָבן געהאַט פון אַלדאָס גוטס, און אָן אָרעמאַן האָבן זיי געגעבן קיין ביסן ברויט. זיי האָבן געלאָזט אויסרופן אין סדום און האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז יעדער איינער וועלכער וועט וואַגן צו געבן אַ שטיקל ברויט אַן אָרעמאַן אָדער אַ פרעמדן, וועט פאַרברענט ווערן.

זיי האָבן זיך אַזוי געטראַכט: אונזער לאַנד איז רייך אין תבואה און אין גאָלד, איז צו וואָס זשע דאַרפן מיר אַז פרעמדע זאָלן צו אונז קומען! זיי קומען דאָך אַהער בלויז אַוועק־צונעמען עפּעס פון אונז. איז לאָמיר אויסקאַרניען אַ פרעמדן פוס פון אונזער לאַנד, אַז פרעמדע זאָלן פאַרזאָגן אַ צענטן אַהער צו קומען.

האָט דער אַלקעגנוואַרטיקער צו זיי געזאָגט:

„פאַר די טובות וועלכע איך האָב אייך געטאָן, פאַר דעם רייכקייט וואָס איך האָב אייך געגעבן ווילט איר ניט דערלאָזן אַז פרעמדע זאָלן קומען אין אייער לאַנד! איך וועל אָבער מאַכן, אַז איר זאָלט פאַרגעסן ווערן פון דער וועלט!"

און זייער אויפפירונג איז געווען אַ ווילדע. ווען זיי פלעגן דערטאַפּן אַ רייכן, פלעגן זיי אים אַוועקזעצן נעבן אַ וואַנט וואָס האָלט ביים איינפאַלן. זיי שטופּן אויף אים אַרויף די וואַנט, און ראַבעווען דאַן אַוועק פון אים זיין פאַרמעגן. אָדער זיי פלעגן קומען צום גביר און אים געבן פאַרפיומען, ער זאָל עס פאַר זיי באַהאַלטן. פלעגט ער דאָס באַהאַלטן אין די קאַמערן וואו ער האָט געהאַלטן זיינע אוצרות. קומען זיי ביינאַכט, שמעקן ווי הינט. און ווי נאָר זיי האָבן דערפילט פון וואַנען דער ריח קומט, האָבן זיי אונטערגעגראָבן די אוצרות, און אים באַראַבעוועט.

ווען עס פלעגט קומען צו זיי אַ פרעמדער פאַרקויפן אַ ביסל

סחורה, פלעגן מענער, פרויען, יונג און אלט זיך פאַרזאַמלען אַרום אים. יעדער איינער האָט מיט געוואַלט אַוועקגענומען אַ ביסל סחורה. און איידער דער פרעמדער האָט זיך אומגעקוקט, איז ער געבליבן ביי גאָרניט. טאָמער, אָבער, האָט דער פרעמדער געוואָגט עפּעס צו זאָגן, איז יעדער איינער באַזונדער צוגעגאַנגען צו אים און האָט געזאָגט: „קוק, זע אַליין, איך האָב דאָך גענומען בלויז אַט דאָס דאָזיקע ביסעלע וואָס דו אַליין האָסט מיר געגעבן!" און נאָכדעם פלעגן זיי אים נאָך אַרוים יאָגן פון דער שטאָט.

אויך זייערע געזעצן זיינען געווען פאַרברעכעריש: אַזוי למשל, האָט איינער פאַרמאָגט אַן איין און איינציקן אָקס, האָט ער באַדאַרפט פּאַשען אַלע שטאָט בהמות איין טאָג. דער, אָבער, וועלכער האָט אפילו קיין איין און איינציקע בהמה פאַרמאָגט, האָט געמוזט פּאַשען צוויי טעג. האָבן זיי געטראָפן אַ יתום וועלכער האָט געהאַט קיין בהמה און האָבן אים געצוואונגען ער זאָל פּאַשען זייערע בהמות צוויי טעג. איז ער געגאַנגען און האָט אויסגעקוילעט די בהמות, און ער האָט צו זיי געזאָגט: „ווער עס האָט איין בהמה זאָל נעמען איין פעל, און ווער עס האָט ניט אפילו איין בהמה זאָל נעמען צוויי פעלן". האָבן זיי אים געפרעגט: „וואָס הייסט עס?" האָט ער זיי געענטפערט: „דער סוף אורטייל, איז ווי דער אָנהויב אורטייל. עס איז פּונקט ווי איר האָט גע'פסק'נט אַז ווער עס האָט איין בהמה זאָל פּאַשען איין טאָג, און ווער עס פאַרמאָגט אפילו קיין איין בהמה זאָל פּאַשען צוויי טעג".

אויב איינער איז געשטאַנען גאַנצע טעג און געקנאָטן און געמאַכט ציגל, איז ווי נאָר זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן, איז יעדער איינער געקומען, האָט גענומען אַ ציגל און געזאָגט: „זעסט, איך האָב גענומען בלויז איין און איינציקן ציגל". האָט איינער אויסגעשפּרייט קנאָבל אָדער ציבעלעס אויף צו טריקענען, איז יעדער איינער געקומען, גענומען איינס און געזאָגט: „וואָס אַרט עס דיך, איך האָב דאָך גענומען בלויז איינס!" האָט עמעצער דער־לאַנגט דעם צווייטנס ווייב און זי האָט מפּיל געווען, האָט מען אים געהייסן וואוינען מיט איר ביז זי וועט שוואַנגער ווערן. האָט איינער אָפּגעהאַקט זיין פריינטס אייזלס אויער, האָט מען אים געהייסן האַלטן דאָס אייזל ביז דער אויער וועט אָנוואַקסן. האָט איינער דערלאַנגט דעם אַנדערן אַ קלאַפּ און עס איז גערונען בלוט, האָט מען געהייסן דעם פאַרוואונדעטן באַצאָלן דעם שלעגער דערפאַר וואָס ער האָט אים געלאָזט בלוט. איז איינער אַריבער דעם טייך מיט דעם פּראָם (פּערי), האָט ער באַדאַרפט באַצאָלן

פיר גילדן. טאָמער איז ער אָבער אַריבערגעגאַנגען דאָס וואַסער צופוס, האָט ער געמוזט באַצאָלן אַכט גילדן.

איינמאָל האָט פּאַסירט אַזאַ מעשה: אַ געוויסער מאַן איז אַמאָל אַהין געקומען און איז אַריבער דעם טייך, האָט מען אים געהייסן באַצאָלן פיר גילדן. זאָגט ער: „איך בין דאָך דעם טייך אַריבער צופוס, פאַרוואָס זאָל איך באַצאָלן?" ענטפערט מען אים: „אויב דו פּיזט יאָ אַריבער צופוס, איז באַצאָל זשע אַכט גילדן". האָט ער ניט געוואָלט. זיינען זיי געגאַנגען, און האָבן אים גוט אָנגעשלאָגן, אַז עס האָט אַזש גערונען בלוט פון אים. איז ער אַוועק צום ריכטער. האָט דער ריכטער צו אים געזאָגט: „באַצאָל אים דערפאַר וואָס ער האָט דיר געלאָזט בלוט, און אַכט גילדן דערפאַר וואָס דו ביזט אַריבער דאָס וואַסער צופוס".

מאַכט זיך אָבער אַמאָל, אַז שרה שיקט אליעזר'ן קיין סדום, ער זאָל געוואָר ווערן וואָס לוט מאַכט. קומענדיק קיין סדום, דערזעט אליעזר ווי אַן איינוואוינער פון סדום שלאָגט אַ פרעמדן, נעמט אַראָפּ פון אים די קליידער און לאָזט זיך אַוועק־גיין. דערזעענדיק אליעזר'ן לויפט דער אָרעמאַן צו אים צו, און בעט זיך ביי אים ער זאָל אים העלפן. לויפט אליעזר צו צום סדומי, און פרעגט אים פאַרוואָס ער באַהאַנדלט אַזוי געמיין אַ פרעמדן אָרעמאַן. אָבער דער סדומי ענטפערט אים: „איז ער דיינער אַן אייגענער, אָדער האָבן די סדום־איינוואוינער דיך באַשטימט פאַר זייער ריכטער?" אַ וואָרט צו אַ וואָרט, און ווען אליעזר האָט געוואָלט אָפּנעמען דעם אָרעמאַנס קליידער, האָט דער סדומי געכאַפּט אַ שטיין און דערלאַנגט אליעזר'ן אין שטערן, און בלוט האָט אָנגעהויבן רינען.

ווען דער סדומי האָט דערזען אַז פון אליעזר'ן רינט בלוט, האָט ער אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און געזאָגט: „באַצאָל מיר דערפאַר וואָס איך האָב געלאָזט דאָס שלעכטע בלוט אויס־רינען פון דיר, וואָרום אַזוי איז דאָס געזעץ אין אונזער לאַנד". אָבער אליעזר האָט אים געענטפערט: „ניט גענוג וואָס דו האָסט מיך פאַרוואונדעט, ווילסטו נאָך געלט!" האָט דער סדומי אים געשלעפּט צום ריכטער שרק. דער סדומי האָט פאָרגעלייגט זיינע טענות, און דער ריכטער האָט געענטפערט: „ריכטיק! אַזוי לויטעט אונזער געזעץ, און דו מוזט באַצאָלן". אויסהערנדיק דעם אורטייל, האָט אליעזר געכאַפּט אַ שטיין און אַ זעץ געטאָן דעם ריכטער אין שטערן, אים צעבלוטיקט און געזאָגט: „דאָס געלט וואָס דו דאַרפסט מיר באַצאָלן, באַצאָל אים", און ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועקגעגאַנגען.

די איינוואוינער פון סדום האָבן ביי זיך געהאַט אַזאַ

אַפּמאַך: טאַמער איז אַריינגעפאַלן צו זיי אַ פרעמדער, פלעגן זיי דורכפירן מיט אים אַ משכב זכר, און אַוועקנעמען זיין געלט. און ווען עס פלעגט קומען צו זיי אַן אָרעמאַן פון דער פרעמד, האָט יעדער איינער אים געגעבן אַ רענדל און אָנגעשריבן דערויף זיין נאָמען, אָבער אַ שטיקל ברויט האָט אים קיינער געגעבן. נאָכדעם ווי דער אָרעמאַן איז אויסגעגאַנגען פון הונגער, איז יעדער איינער געקומען און האָט אָפּגענומען זיין רענדל.

אַ מאָל פונעם לאַנד עילם האָט געדאַרפט מאַכן אַ רייזע. האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט אויף זיין אייזל און מיטגענומען מיט זיך אַ טייערע קאָלדרע וואָס איז געווען אויסגעהאַפטן מיט אַלערליי פאַרבן. קומענדיק קיין סדום, האָט די זון זיך אָנגעהויבן זעצן. איז ער געזעסן אויף דער גאַס, און קיינער האָט אים ניט אַריינגענומען אויף נאַכטלעגער. און געלעבט האָט דאָן אין סדום אַ זעהר שלעכטער און שאַלגאַפּטיקער מאַן מיט דעם נאָמען הידור. ווען ער האָט דערזען דעם פרעמדן מאַן, איז ער צו אים צוגעגאַנגען און האָט אים געפרעגט פון וואַנען ער קומט און וואוהין ער גייט. האָט ער אים געענטפערט: „איך בין פון עילם און איך גיי פון חברון אַהיים. קומענדיק אַהער האָט די זון אָנגעהויבן אונטערגיין, האָב איך באַשלאָסן דאָ איבערצונעכטיקן, אָבער קיינער נעמט מיך ניט אַריין אין הויז אַריין. איך האָב מיט זיך ברויט, וואַסער, שטרוי, האָבער, און עס פעלט מיר גאָרניט".

האָט הידור געענטפערט: „זאָרג ניט, איך וועל דיר געבן אַלץ וואָס דו דאַרפסט". און ער האָט אים אַריינגענומען צו זיך אין שטוב. ער האָט אויך אַריינגענומען זיינעם אַ שטריק און די טייערע קאָלדרע, געגעבן דעם גאַסט צו עסן און צו טרינקען און אויך דעם אייזל האָט ער געקאָרמעט, און דער פרעמדער האָט דאָרט איבערגענעכטיקט.

אינדערפרי, ווען דער פרעמדער האָט געוואָלט זיך לאָזן אין וועג אַריין, האָט הידור אים געבעטן ער זאָל פריער עפּעס אָפּעסן, און דער פרעמדער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג. עס איז געקומען צום אַוועקפאָרן זאָגט אים הידור: „וואָס איילסטו אַזוי, נעכטיק איבער נאָך אַ נאַכט". האָט דער פרעמדער געפאָלגט און איבערגענעכטיקט נאָך אַ נאַכט. אַזוי האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט צוויי טעג. און ווען דער פרעמדער האָט גענומען איינשפּאַנען דאָס אייזל, האָט הידור׳ס ווייב געזאָגט צו הידור׳ן: „דו זעסט, דער דאָזיקער מאַן איז אָפּגעזעסן ביי אונז אין הויז צוויי טעג, האָט געגעסן און געטרונקען, און איצט גייט ער אַוועק און גיט אונז גאָרניט". און הידור האָט איר געהייסן שווייגן.

ווען דער פרעמדער האָט שוין געהאַט איינגעשפּאַנט דאָס

אייזל האָט ער געבעטן הידור׳ן ער זאָל אים געבן דעם שטריק און די קאָלירטע קאָלדרע. אָבער הידור האָט אים מאָדנע אָנגעקוקט און אַ זאָג געטאָן: „וואָס פאַר אַ שטריק, וואָס פאַר אַ קאָלדרע! דו האָסט געמוזט חלום׳ען, וועל איך דיר פּותר זיין דעם חלום״.

און הידור טייטשט אים אויס דעם חלום און זאָגט: „דער שטריק, וואָס דו האָסט געזען אין חלום, באַדייט אַז דו וועסט לאַנג לעבן, און די קאָלירטע קאָלדרע וואָס דו האָסט געזען באַדייט אַז דו וועסט האָבן אַ ווייַנגאָרטן, און וועסט אין אים פלאַנצען בוימער פון אַלע סאָרטן פּירות״.

אָבער דער פרעמדער לאָזט זיך ניט איינשמועסן אַז עס איז אַ חלום און טענה׳ט: „ניט אין חלום נאָר אין וואָך האָב איך דיר געגעבן אַ שטריק און אַ קאָלדרע אויסגעהאָפּטן מיט אַלערליי פאַרבן!״ און הידור ענטפערט אים: „איך האָב דיר דאָך גוט אויסגעטייטשט דעם חלום. אַנדערע וואָלטן מיר באַצאָלט דערפאַר פיר שטיק זילבער. און ביי דיר וויל איך דאָך בלויז דריי שטיק זילבער!״

איז דער גאַסט געוואָרן אין כעס, האָט אָנגעהויבן צו שרייען און געבראַכט הידור׳ן צום ריכטער שרק. און דער סוף איז געווען, אַז הידור האָט ביי אים געמאָנט שוין פיר שטיק זילבער פאַר פּותר זיין דעם חלום און באַזונדער פאַר די צוויי טעג וואָס ער האָט ביי אים געגעסן, געטרונקען און געשלאָפן. דער פרעמדער, אַן אויפגערעגטער האָט אָנגעהויבן שרייען, ביז מען האָט זיי ביידע אַרויסגעטריבן. און ווען דער עולם האָט דערהערט זיינע געשרייען, זיינען זיי זיך צוזאַמענגעלאָפן, און מען האָט דעם פרעמדן אַרויסגעיאָגט פון שטאָט, אַז ער איז קוים אַנטלאָפן אַ לעבעדיקער.

און פיר ריכטער האָבן זיך דאָרט געפונען: שרק פאַר דער שטאָט סדום, שרקר פאַר דער שטאָט עמורה, זבנך פאַר דער שטאָט אדמה, מנון פאַר דער שטאָט צבויים, און לוט, דער ערגסטער פון זיי איז געווען דער הויפּט ריכטער. האָט אליעזר, אברהם׳ס קנעכט, זיי געגעבן נעמען. שרק האָט ער גערופן שקרא, שרקר האָט ער אַ נאָמען געגעבן שקרורא, זבנך — כזבן, ליגנער, און מנון — מצלי דין, פערדאַרבער פון גערעכטיגקייט.

האָבן די ריכטער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז מען זאָל אויפשטעלן בעטן אין די גאַסן, און די איינוואוינער האָבן אַזוי געטאָן. איז ווי באַלד אַ פרעמדער איז אַהין געקומען, האָט מען אים געכאַפּט און מיט געוואַלד אים אַריינגעלייגט אין איינעם פון די בעטן. דריי מענטשן האָבן אים אָנגענומען ביים קאָפּ און דריי ביי די פיס, און מען האָט אים צוגעמאָסטן צום בעט. איז

ער געוועזן קלענער פון דעם בעט, האָבן די זעקס אים געהאַלטן אין איין אויסציען. ער האָט געשריען, און זיי האָבן זיך ניט ווייסנדיק געמאַכט. איז ער ווידער געווען לענגער פון דעם בעט, האָט מען אים געצויגן פון די זייטן, אַז דער מענטש פלעגט שיעור ניט אויסגיין אונטער זייערע הענט. און אויף זיין שרייען פלעגן זיי ענטפערן: „אַט אַזוי טוט מען יעדן איינעם וועלכער קומט אין אונזער לאַנד". פלעגן מענטשן אויסמיידן צו קומען אין יענע שטעט.

מאַכט זיך אַמאָל און אַ פרעמדער אָרעמאַן קומט אַהין. האָט מען ווי געוויינלעך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז מען זאָל אים געבן קיין שטיקל ברויט, ביז ער וועט אויסגיין פון הונגער. און לוט האָט געהאַט אַ פאַרהייראַטע טאָכטער מיט דעם נאָמען פלטית. לוט האָט איר אַ נאָמען געגעבן פלטית, ווייל דער אַלמעכטיקער האָט מציל געווען (פלט) אים און זיין הויז־געזינד פון די מלכים פון עילם. ווען פלטית האָט דערזען, ווי דער אָרעמאַן ליגט אַ פאַר׳חלש׳טער פון הונגער און קיינער גיט אים אַ שטיקל ברויט, האָט זי געהאַט שטאַרק רחמנות אויף אים, און האָט אים געשפּייזט אין געהיים. יעדער טאָג ווען זי פלעגט גיין שעפּן וואַסער, פלעגט זי אַריינלייגן ברויט אין קרוג אַריין, פאַרבייגיין דעם אָרעמאַן און עס אים געבן.

האָבן די איינוואוינער פון סדום און עמורה זיך געוואונדערט, און ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אַ מענטש קען לעבן אַזוי לאַנג אָהן עסן, און זיי האָבן באַשלאָסן אַז עמעצער גיט אים מסתמא עסן אין געהיים. און דריי מענטשן האָבן זיך באַהאַלטן ניט ווייט פון דעם אָרעמאַן צו דערגיין ווער עס איז דער יעניקער וועלכער ברענגט אים עסן. פון באַהעלטעניש האָבן זיי דערזען ווי פלטית קומט צו אים מיט די קראָמיסלעס, און נעמט אַרויס ברויט פון קרוג אים צו געבן, האָבן זיי זי געכאַפּט, זי געבראַכט פאַר די ריכטער און דערציילט. און אַלע איינוואוינער פון סדום און עמורה האָבן זיך פאַרזאַמלט, אָנגעלייגט אַ פייער אין מיטן גאַס, זי אַריינגעוואָרפן און פאַרברענט אויף אַש.

און אין דער שטאָט אדמה האָט געטראָפן אַן ענלעכע פּאַסירונג. איינמאָל איז אַהין געקומען אַ פרעמדער. ער האָט בעדאַרפט איבערנעכטיקן און האָט גערעכנט צו פאָרן אַהיים אינדערפרי. געוואוינט האָט דאָרט אַ געוויסער גביר. דער פרעמדער איז געבליבן זיצן אויף דער גאַס, גראַד קעגנאיבער דעם גביר׳ס הויז. דערזעענדיק דעם גביר׳ס טאָכטער, האָט ער זי געבעטן אַ טרונק וואַסער.

„ווער ביזטו?" פרעגט אים דאָס מיידל, און ער ענטפערט

איר: „איך בין היינט געקומען אַהער, און אַזוי ווי עס איז געוואָרן נאַכט, האָב איך באַשלאָסן איבערצונעכטיקן, און אַוועקפאָרן אינדערפרי״. איז דאָס מיידל אַריינגעגאַנגען אין הויז און האָט אַרויסגעבראַכט אים ברויט און וואַסער. איז ווי נאָר די איינוואוינער פון אדמה זיינען דערפון געוואר געוואָרן, האָבן זיי געבראַכט דאָס מיידל פאַר די ריכטער, און זיי האָבן זי פאַראורטיילט צו טויט־שטראָף.

האָבן אַלע איינוואוינער זיך פאַרזאַמלט און אויסגעשמירט דאָס מיידל פון קאָפּ ביז די פיס מיט האָניק, און זי אַוועקגעשטעלט נעבן אַ בינשטאָק, און די בינען האָבן געלאָזט זייערע גיפטן אין איר. דאָס מיידל האָט געהאַלטן אין איין שרייען, אָבער קיין מענטש האָט אויף איר געהאַט רחמנות. אָבער איר געשריי איז אַרויפגעגאַנגען אין הימל אַריין און האָט דערגרייכט דעם כסא הכבוד, דעם הימלישן טראָן.

האָט דאָס, און אויך זייערע אַלע אַנדערע שלעכטע מעשים, שטאַרק דערצערנט דעם הייליקן, ברוך הוא, און נאָכמער דערפאַר, ווייל זיי האָבן דאָך געהאַט געגנוג צו עסן און צו טרינקען און אַלדאָס גוטס, און האָבן אפילו אַ שטיקל ברויט ניט געוואָלט געבען אַן אָרעמאַן, און ער האָט געזאָגט: „אפילו איך זאָל שוין וועלן שווייגן, לאָזט דאָך מיך דעם מיידלס אורטייל ניט שווייגן!״ און ער האָט זיי דאָך געוואָרנט גאַנצע צוויי און פופציק יאָר זיי זאָלן טאָן תשובה.

## אברהם אַפּעלירט פאַר סדום, עמורה . . .

אָבער אַזוי ווי דער באַרעמהערציקער ווייל דאָך קיינעם געפינען שולדיק, איז וואָס זשע טוט ער? וויבאַלד די מענטשן זינדיקן און ער ווערט אין כעס, נישטערט ער און זוכט אַ פאַרטיידיקער וועלכער זאָל געפינען אויף זיי אַ זכות. אַזוי אויך מיט די סדומים. איז דער אויבערשטער געגאַנגען און האָט עס דערציילט אברהם׳ן, און דעם גזר דין האָט ער נאָך ניט גע׳חתמ׳עט. וואָרום ער האָט זיך געטראַכט: איך האָב דאָך געגעבן אברהם׳ן דאָס גאַנצע לאַנד אויף אייביק, און ער איז דאָך אַ פאָטער צו זיי אַלע. וואָלט ניט געפּאַסט פאַר מיר, איך זאָל פאַרניכטן די קינדער און ניט לאָזן וויסן זייער פאָטער. אַלץ האָב איך אים מודיע געווען. איך האָב אים אַנטפּלעקט מתן תורה, איך האָב אים אַנטפּלעקט גיהנום. און אָט אָט קומט פאַר סדום׳ס אורטייל, און איך וועל אים ניט דערציילן! און אַ חוץ דעם, אברהם האָט דאָך מהרהר געווען פאַרוואָס דער אַלמעכטיקער האָט אומגעבראַכט דעם

דור המבול, און ער האָט גע'טענה'ט אַז עס איז ניט מעגלעך עס זאָלען ניט האָבן דאַן געווען צוואַנציק אָדער צען צדיקים, וועמענס זכות עס האָט געקאָנט אָפּהאַלטן דעם מבול. האָט דערפאַר דער אויבערשטער זיך געטראַכט: איך וועל אים מודיע זיין, זאָל ער שפּעטער ניט האָבן טענות, אַז אפשר זיינען אין סדום געווען צדיקים.

און דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו אברהם'ן: „איך וועל אַראָפּנידערן און זען. אויב די איינוואוינער פון סדום האָבן געטאָן ווי עס איז דאָס געשריי פון דעם מיידל, קומט זיי פאַרלענדונג, און איך וועל איבערקערן די שטאָט מיט דעם פונדאַמענט אַרויף און מיטן פּנים אַראָפּ. און אויב זיי וועלן תשובה טאָן, וועלן זיי זיין גערעכטע".

דערווייל זיינען די מלאכים, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי מענטשן, אָוועקגעגאַנגען פון דעם אָרט ביז וואַנען אברהם האָט זיי באַגלייט, און זיי האָבן זיך געלאָזט קיין סדום זי צו פאַרניכטן.

און אַזוי ווי די שכינה האָט געוואַרט אויף אברהם'ן, האָט ער אָנגעהויבן צו בעטן פאַר לוט'ן, און באַלד האָט ער אָנגעהויבן פאַרטיידיקן סדום און עמורה. ער האָט זיך צוגעגרייט אויסצונוצן אַלע מיטלען: צו ריידן שטרענג, צו בעטן און מתפלל זיין. און ער האָט גע'טענה'ט:

„דעם צאָרן וואָס דו ברענגסט אויף דער וועלט ווילסטו מיט אים אומברענגען סיי די צדיקים און סיי די רשעים! ניט גענוג וואָס דו לאָזט ניט לעבן די רשעים צוליב די צדיקים, נאָר דו ווילסט נאָך אומברענגען די צדיקים מיט די רשעים! אפשר געפינען זיך אין שטאָט פופציק צדיקים וועלכע וועלן בעטן פאַר דיר, צען פאַר יעדער שטאָט, נעמלעך, פאַר די שטעט סדום, עמורה, אדמה, צבויים און צוער, וועט דיך דאָך דיין כעס אַנריידן, און דו וועסט זיי ניט פאַרגעבן אין דעם זכות פון די פופציק צדיקים וועלכע געפינען זיך דאָרט? אַ בשר ודם, אַ מענטש פון בלוט און פלייש, געוועלטיקט דער כעס איבער אים, ביזטו אפשר אויך אַזוי! דו ווילסט אומברענגען דעם צדיק צוזאַמען מיט דעם רשע! פונקט ווי דו משפּט'סט דעם רשע, אַזוי ווילסטו אויך משפּט'ן דעם צדיק!

„דו וואָס ביזט הייליק און דיינע מעשים זיינען הייליק, פאַר דיר איז אַ חילול צו טאָן אַזאַ זאַך, אָדער אַן ענלעכע זאַך, און אפילו אַ זאַך וואָס איז מינדערוויכטיקער דערפון! מען וועט דאָך זאָגן 'אָט דאָס איז שוין אַזוי זיין אַרבעט, ער פאַרפלייצט די צדיקים און די רשעים'. אַזוי האָסטו געטאָן דעם דור המבול און דעם דור הפלגה! דאָס איז אָבער ניט דיין וועג. אין פאַל פון

אַ מלך פון בלוט און פלייש איז זיך דאָ צו ווענדן. געפעלט ניט דער אורטייל גייט מען פון איין געריכט צום אַנדערן, פון דעם קלענערן ריכטער צום גרעסערן. און דו, דערפאַר ווייל עס איז ניטאָ אַ העכערער ריכטער פון דיר, זאָלסטו ניט טאָן גערעכטיקייט!

„ווען דו האָסט געוואָלט משפּט׳ן דיין וועלט, האָסטו זי איבערגעגעבן אין די הענט פון רומוס און רומילוס. אויב איינער פון זיי וועט וועלן עפּעס טאָן זאָל דער צווייטער אים צוריקהאַלטן. און אין דיין פאַל, נאָר דערפאַר ווייל עס איז ניטאָ ווער עס זאָל דיך צוריקהאַלטן, זאָלסטו ניט טאָן גערעכטיקייט! דו האָסט דאָך געשוואָרן אַז דו וועסט ניט ברענגען מער אויף דער וועלט אַ מבול, איז ווילסטו מיט דריידלעך זיך אויסדרייען פון דיין שבועה. דו וועסט, הייסט עס, טאַקע ניט ברענגען אַ מבול פון וואַסער, אָבער אַ מבול פון פייער וועסטו יאָ ברענגען. האָסטו אַלץ נאָך ניט מקיים געווען דיין שבועה!

„אויב דו ווילסט די וועלט, זאָלסטו זי ניט משפּט׳ן. אויב אָבער דו זוכסט גערעכטיקייט, וועט קיין וועלט זיין אַ וועלט. דו כאַפּסט אָן און האַלטסט דעם שטריק ביי ביידע עקן. דו ווילסט די וועלט און דו ווילסט גערעכטיקייט! קלייב אויס איינס, און אויב דו וועסט ניט מוותר זיין אַביסעלע, אויב דו וועסט אַביסעלע ניט פאַרקוקן, וועט די וועלט ניט האָבן אַ קיום״.

און אברהם האָט פאַרגעזעצט זיין פאַרטיידיקונג, און ער האָט געזאָגט:

„האַר פון דער וועלט! איך זע ברוח הקודש אַז אָן איין און איינציקע פּרוי (סרח, די טאָכטער פון אשר) וועט אַמאָל אַפּראַטעווען אַ גאַנצע שטאָט. און איך בין ניט ווערט צו ראַטעווען אָט די דאָזיקע פינף שטעט! יואב, אַבי נאָר ער האָט אַוועקגענומען די לעבעדיקע, האָט ער איבערגעלאָזט די גאַנצע שטאָט אין אָרדענונג. און דו, וואָס ביזט אַזאַ בעל הרחמים, וועסטו חלילה גאָר אַלץ פאַרניכטן!״

האָט דער הייליקער, ברוך הוא, זיך געטראַכט: נאָר אברהם׳ן וועל איך פאַרשווייגן, דערפאַר ווייל ער האָט געשוויגן. איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז פון יצחק׳ן וועט ער האָבן קינדער, היים איך אים מקריב זיין זיין זון און ער שווייגט. וועל איך אויך שווייגן, כאָטש ער האָט גערעדט צו מיר גאַנץ שאַרפע רייד.

און ער האָט געזאָגט צו אברהם׳ן:

„האָסט דאָך געזאָגט אַז מענטשן וועלן זאָגן אַז איך ברענג אום אַלע דורות, איז קום זשע און זע. איך וועל דורכפירן פאַר דיר אַלע דורות וועלכע איך האָב אומגעבראַכט, און איך וועל

דיר ווייזן, אַז איך האָב דיך געזאָלבט איבער זיי מיט דעם בוימל פון פרייד. ווערסטו נאָך אויך דאַן האַלטן אַז איך האָב ניט געהאַנדלט ווי עס באַדאַרף צו זיין?! איז לערן מיך, און איך וועל פון היינט אָן און ווייטער אַזוי טאָן. אויב דו וועסט מיר זאָגן אַז איך בין באַגאַנגען אַן אומגערעכטיקייט, וועל איך אַזוי מער ניט טאָן".

אָבער אברהם האָט אים געענטפערט: „חס ושלום! אומזיסט באַשטראָפסטו קיין באַשעפעניש!"

האָט דער הייליקער געזאָגט צו אברהם'ן: „דו האָסט ליב צו רעכטפערטיקן מיינע באַשעפענישן, דו ווילסט ניט באַשולדיקן. דערפאַר האָב איך דיך געזאָלבט איבער זיי, איבער דיינע חברים מיט דעם בוימל פון פרייד. פון נח'ן ביז דיר זיינען געווען צען דורות, און מיט קיין איינעם פון זיי האָב איך גערעדט, נאָר מיט דיר".

און דער אויבערשטער האָט ווייטער געזאָגט צו אים:

„אויב איך וועל געפינען אין סדום פופציק צדיקים וועלכע וועלן בעטן ביי מיר, וועל איך פאַרגעבן אַלע שטעט".

און אברהם האָט געענטפערט:

„וואָלט אמרפל געווען מיך גע'הרג'עט, וואָלט דען פון מיר ניט געווען געוואָרן ערד? ווען נמרוד וואָלט מיך געווען פאַרברענט, וואָלט דען פון מיר ניט געווען געוואָרן אַש? איז אויב פון די פופציק צדיקים פעלט פינף צדיקים וועסטו דען צוליב פינף צדיקים ווייניקער פאַרניכטן די שטעט?! וועסטו דען צוליב דעם וואָס צוער האָט פינף צדיקים ווייניקער פאַרניכטן אַלע שטעט?! עס וועט דאָך נאָך דעמאָלט אַלץ זיין ניינען צדיקים פאַר יעדער שטאָט. און דו ביזט דאָך דער צדיק פון דער וועלט. איז באַהעפט דו זיך מיט זיי, וועט זיין פופציק צדיקים!"

זאָגט דער אויבערשטער: „אויב איך וועל געפינען דאָרט פינף און פערציק צדיקים, וועל איך ניט פאַרניכטן".

האָט אברהם פאַרגעזעצט צו בעטן, און ער האָט געזאָגט: „אפשר וועלן זיך דאָרט געפינען פערציק צדיקים, צען פאַר יעדער פון די פיר שטעט. און די פינפטע שטאָט צוער, אַזוי ווי אירע זינד זיינען לייכטע, וועסטו איר פאַרגעבן צוליב דיין רחמנות".

און דער באַרעמהערציקער ענטפערט אים: „אין זכות פון פערציק צדיקים וועל איך ניט פאַרלענדן".

אָבער אברהם האָט פאַרגעזעצט: „איך בעט דעם האַר פון דער גאַנצער וועלט עס זאָל אים ניט פאַרדריסן, וועל איך ריידן. אויב עס וועלן זיך דאָרט געפינען דרייסיק צדיקים, צען

פאַר יעדער פון די דריי שטעט. און צבויים און צוער פאַרגיב צוליב דיין באַרעמהערציקייט".

און דער אויבערשטער ענטפערט: „אויב איך וועל דאָרט געפינען דרייסיק צדיקים וועל איך ניט פאַרלענדן".

בעט אברהם ווייטער און זאָגט: „איך דערלויב זיך צו ריידן פאַר דעם האַר פון אַלע וועלטן. אפשר וועלן זיך דאָרט געפינען צוואַנציק צדיקים, צען פאַר יעדער פון די צוויי שטעט, און די איבעריקע דריי שטעט וועסטו פאַרגעבן צוליב דיין רחמנות".

„אין דעם זכות פון צוואַנציק צדיקים וועל איך ניט פאַר־דאַרבן", ענטפערט דער אַלמעכטיקער.

„איך בעט פאַר דיר", טענה'ט אברהם, „עס זאָל דיך ניט פאַרדריסן האַר פון דער וועלט, וועל איך ריידן בלויז נאָך איינמאָל. אפשר וועלן זיך דאָרט געפינען צען צדיקים, וועלן איך און זיי בעטן רחמים אויף יעדער שטאָט, און דו וועסט זיי פאַרגעבן".

און דער באַרעמהערציקער ענטפערט: „אין דעם זכות פון צען צדיקים וועל איך ניט פאַרניכטן".

און געבעטן האָט אברהם אויף צען, ווייל ער האָט געשטעלט אויף לוט'ן, זיין ווייב, זיינע פיר טעכטער און פיר איידעמס. און אויף ווינציקער פון צען האָט ער ניט געבעטן, ווייל אויף נייען צוזאַמען מיטן אויבערשטן עס זאָל מאַכן צען, האָט ער דאָך שוין פריער געבעטן, און עס איז ניט געגאַנגען. און בנוגע אַכט צדיקים, זיינען דאָך ביי דעם דור המבול געווען אַכט, נעמלעך, נח, זיינע דריי זין און זייערע ווייבער, און די וועלט איז ניט געהאָלפן געוואָרן אין זייער זכות.

און דער ריכטער, אַזוי לאַנג ווי דער פאַרטיידיקער האָט פאַרטיידיקט, האָט ער געוואַרט. ווי נאָר, אָבער, דער פאַרטיידיקער איז שטיל געבליבן, האָט דער ריכטער זיך געוואָלט פון אים אָפּשיידן. ער האָט, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן, גענומען רשות פון אברהם'ן, און ער איז אַוועקגעגאַנגען. און ווי נאָר דער ריכטער איז אַוועק, איז דער פאַרטיידיקער אַוועק, און דער אַנקלעגער האָט אָנגעהויבן מקטרג זיין.

און באַלד נאָכדעם ווי זיי זיינען געפונען געוואָרן שולדיק, האָט דער הייליקער, געלויבט איז ער, געזאָגט צו די מלאכים: „גייט און פאַרדאַרבט!" האָבן זיי זיך געלאָזט אויספירן דעם באַפעל פון זייער באַשעפער.

און דער האַר פון דער וועלט האָט געשיקט די צוויי מלאכים, וועלכע האָבן באַזוכט אברהם'ן, קיין סדום און אין אַלע אירע שטעט, זיי צו פאַרדאַרבן. און די מלאכים, כאָטש זיי האָבן פאַרלאָזט אברהם'ס הויז צוועלף אַזייגער ביי טאָג, זיינען זיי דאָך

געקומען קיין סדום פֿאַרנאַכט. דאָס איז דערפֿאַר ווייל זיי זיינען געווען מלאכים פֿון רחמים, האָבן זיי געוואַרט און זיך געטראַכט, אפשר וועט זיך פֿאַרט געפֿינען עפּעס אַ זכות וואָס וועט זיי ביישטיין. אָבער ווען זיי האָבן איינגעזען אַז עס איז פֿאַרפֿאַלן, האָבן זיי זיך געלאָזט קיין סדום אויפֿן באַשעפֿערס באַפֿעל. גבריאל איז געגאַנגען איבערקערן סדום, און רפאל איז געגאַנגען מציל זיין לוט'ן.

## די מלאָכים ביי לוט'ן

אין יענעם טאָג איז לוט געזעסן ביי דעם טויער פֿון סדום. ווייל פּונקט יענעם טאָג האָט מען אים באַשטימט פֿאַר הויפּט־ריכטער. ווען לוט האָט דערזען די שכינה, דאָס הייסט די שכינה האָט ער טאַקע ניט געקענט זען, נאָר ער האָט דערזען ווי אַ בליאַסקענדיק ליכט לייכט אויף זייערע קעפּ, האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט זיי צו באַגעגענען. וואָרום אין אברהם'ס הויז האָט ער זיך אויסגעלערנט צו באַהאַנדלען פֿיין געסט. און דערפֿאַר וואָס לוט האָט זיך באַהעפֿט מיט אברהם'ן, האָט ער זיך אויסגעלערנט מכניס אורח צו זיין. ער האָט זיך פֿאַרבוקט פֿאַר זיי, און ער האָט גערעכנט אַז אַזוי ווי עס איז נאַכט, וועלן די איינוואוינער גאָרניט מערקן, און ער האָט געזאָגט: „איך בעט אייך זעהר מיינע הארן, פֿאַרקירעוועט אייער וועג צו מיין הויז, אָבער גייט אויפֿן קרומען וועג, כדי מען זאָל ניט באַמערקן אַז איר גייט צו מיר. נעכטיקט איבער די נאַכט און וואַשט אייערע פֿיס".

איז עס דען אָבער דער שטייגער פֿון מענטשן פֿריער איבערצונעכטיקן און ערשט דערנאָך זיך צו וואַשן. און ווידער, אברהם האָט דאָך געזאָגט צו זיי פֿריער „וואַשט זיך". נאָר לוט האָט זיך אַזוי געטראַכט: ווען די איינוואוינער פֿון סדום וועלן קומען און זען אַז זיי האָבן זיך שוין געוואַשן זייערע פֿיס, וועלן זיי אויסקלערן אויף מיר אַ בלבול און זאָגן „די דאָזיקע מענטשן געפֿינען זיך ביי דיר אין הויז שוין צוויי אָדער דריי טעג, און דו האָסט אונז גאָרניט מודיע געווען". האָט ער זיך געטראַכט אַז עס איז גלייכער, אַז זיי זאָלן האָבן דעם שטויב אויף זייערע פֿיס, עס זאָל אויסזען ווי זיי זיינען ערשט נאָר וואָס געקומען.

אָבער די מלאכים האָבן געענטפֿערט לוט'ן: „ניין, מיר וועלן איבערנעכטיקן אויף דער גאַס". דאָס איז געווען דערפֿאַר וואָס אַלע פֿרעמדע פֿלעגן דאָרט נעכטיקן אויפֿן גאַס, ווייל מען פֿלעגט זיי אַריינלאָזן אין קיין שום הויז אַריין. האָט לוט זיי שטאַרק

געבעטן, האָבן זיי פאַרקירעוועט דעם וועג אין דער ריכטונג פון זיין הויז. אָבער ווען ער האָט זיי געוואָלט אַריינגעמען אין הויז אַריין, האָט זיין ווייב אים ניט געלאָזט. זי האָט צו אים געזאָגט: „אויב דו ווילסט זיי אַריינגעמען, פיר זיי אַריין אין דיין חלק".

וואָס זשע האָט לוט געטאָן? ער האָט זיי אַריינגעפירט אונטער זיין באַליק. ער האָט געמאַכט פאַר זיי אַ סעודה, און געבאַקן מצות, וואָרום עס איז דאָך געווען פסח, און לוט'ן האָט זיך אויסגעדאַכט אַז זיי עסן. און לוט'ס ווייב איז אומישנע אַרומגעלאָפן צו די שכנים און געזאָגט: „לייט מיר אַביסל זאַלץ, מיר האָבן געסט". און איר כוונה איז געווען אַז מען זאָל דערפון געוואָר ווערן אין שטאָט. דערוויילע האָט אַ אינגל פון סדום זיי באַמערקט, איז ער געגאַנגען און האָט פאַרשפּרייט די נייעס.

האָבן די מלאכים אים געפרעגט: „וואָס פאַר אַ סאָרט מענטשן זיינען די היגע איינוואוינער?" און לוט האָט זיי געענטפערט: „אומעטום זיינען פאַראַן אַלערליי מענטשן, גוטע און שלעכטע, אָבער דאָ זיינען אַלע שלעכטע". און לוט האָט זיי געפרעגט: „נאָך וואָס אייגענטלעך זייט איר געקומען אַהער?" האָבן זיי אים דערציילט אַז זיי זיינען פאַרניכטער. זיי האָבן אים נעמלעך דערציילט זייער סוד.

האָט לוט אָנגעהויבן בעטן רחמים, און זיי האָבן זיך צוגעהערט. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געבעטן. אָבער בעת זיי האָבן געהאַלטן אין ריידן, האָבן אַלע איינוואוינער פון סדום, אַלט און יונג, זיך פאַרזאַמלט אַרום לוט'ס הויז, און עס האָט זיך ניט געפונען אפילו איינער וועלכער זאָל זיי צוריקהאַלטן, און זיי האָבן געשריען צו לוט'ן: „וואו זיינען די לייט וועלכע זיינען היינט ביינאַכט געקומען צו דיר? ברענג זיי אַרויס צו אונז וועלן מיר פאַרקערן מיט זיי". וואָרום די מענטשן פון סדום זיינען געווען זעהר אויסגעלאַסן, גרויסע נואפים, משכב זכר'ניקעס (האָמאָ־סעקסואַ־ליסטן), און האָבן פאַרקערט אפילו מיט בהמות.

וואָס זשע האָט לוט געטאָן? פּונקט ווי משה רבינו האָט זיך מוסר נפש געווען פאַר דעם פאָלק ישראל, אַזוי האָט ער זיך מוסר נפש געווען פאַר די מלאכים. ער איז אַרויסגעגאַנגען צו זיי, און די טיר האָט דערוויילע זיך פאַרמאַכט פון זיך אַליין. און ער האָט געזאָגט צו זיי: „איך בעט אייך, ברידער, טוט די מענטשן קיין שלעכטס! איך האָב צוויי טעכטער, וועלכע האָבן נאָך ניט געוואוינט מיט אַ מאַן. איך וועל זיי אַרויסברענגען צו אייך און טוט מיט זיי וואָס איר ווילט, אַבי נאָר איר זאָלט די פרעמדע מענטשן ניט טאָן הארבע זאַכן. טוט מיר, פאַר מיין

כבוד וועגן, די דאָזיקע טובה, וואָרום די מענטשן געפינען זיך אונטער מיין דאַך!"

האָבן זיי געענטפערט: „גיי ווייטער! דו אַליין ביזט אַ פרעמדער צווישן אונז! דו ביזט געקומען וואוינען צווישן אונז, און דו הויבסט גאָר אָן צו זאָגן אונז מוסר! דו פאַרשווערסט דאָך אונזער געזעץ וואָס לויטעט, אַז יעדער פרעמדער וואָס קומט צו אונז, דאַרף מען ביי אים אַלץ אַוועקנעמען". און זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו צעברעכן די טיר.

און די מלאכים האָבן אויסגעשטרעקט זייערע הענט, אַריינגענומען לוט'ן אין הויז אַריין, און די טיר האָבן זיי פאַרשלאָסן. און זיי האָבן געזאָגט צו לוט'ן: „ביז איצט האָסטו געהאַט דאָס רעכט זיי צו פאַרטיידיקן. אָבער פון איצט אָן און ווייטער, האָסטו קיין רעכט זיי צו פאַרטיידיקן".

און די איינוואוינער פון סדום זיינען געשלאָגן געוואָרן מיט בלינדקייט, ביז עס איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגן שטערן, און זיי האָבן ניט געקענט מער געפינען די טיר. און די מלאכים האָבן געפרעגט לוט'ן: „וועמען נאָך האָסטו דאָ אין שטאָט אויסער דיין ווייב און דיינע טעכטער וועלכע געפינען זיך אין הויז? אויב דו האָסט אָן איידעם, אַ זון און נאָך טעכטער, נעם זיי אַרויס, ווייל מיר פאַרניכטן דאָס דאָזיקע אָרט. זייער געשריי איז גרויס פאַר דעם אויבערשטן, האָט ער אונז געשיקט צו פאַרניכטן דאָס דאָזיקע אָרט".

און דערפאַר וואָס די מלאכים האָבן דערציילט לוט'ן דעם אויבערשטנס סוד, אַז זיי זיינען געקומען פאַרניכטן די שטאָט, און דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך געגרויסט און געזאָגט „מיר פאַרדאַרבן", זיינען זיי אָפּגעשטופּט געוואָרן פון זייער מחיצה הונדערט און אַכט און דרייסיק יאָר.

איז לוט געגאַנגען און ער האָט געזאָגט צו זיינע איידעמס און צו זיינע צוקונפטיקע איידעמס: „קומט לאָמיר אַוועקגיין פון דעם דאָזיקן אָרט, וואָרום דער אַלמעכטיקער פאַרניכטעט די דאָזיקע שטאָט". האָבן זיי געמיינט אַז ער וויצלט זיך. און די איידעמס האָבן צו אים געזאָגט: „די גאַנצע שטאָט איז פול מיט פרייד און געלעכטער, אַלע זיצן זיך רואיק און פרייען זיך, קומסטו צו גיין און דערציילסט אַ מעשה, אַז די מדינה קערט זיך איבער! נאָר איינער וואָס דו ביזט, פידלען, האַרפן, קאָרנעטן שפּילן אין שטאָט, און דו זאָגסט אַז סדום קערט זיך איבער!"

# די מלאָכים ראַטעווען לוט'ן מיט זיין פאַמיליע

און ווי נאָר עס איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן, האָבן די מלאכים געאיילט צו לוט'ן און געזאָגט צו אים: „שטיי אויף, נעם דיין ווייב און דיינע צוויי טעכטער וועלכע זיינען דיר אַנגעגרייט אין הויז דו זאָלסט זיי ראַטעווען. וואָרום דו קענסט נאָך אומקומען דורך די זינד פון די איינוואוינער פון דער שטאָט", כאָטש אויך לוט האָט פאַרדינט פאַרברענט צו ווערן צוזאַמען מיט זיי, ווען ניט אברהם'ס זכות.

האָט, אָבער, לוט זיך ניט זעהר געאיילט. ער האָט זיך אַ ביסל פאַרזאָמט, כדי ער זאָל קענען ראַטעווען זיין פאַרמעגן. האָבן די מלאכים אים געגעבן אָנעם ביי דער האַנט, און די צוויי טעכטער ביי זייערע הענט — פונקט ווי ער האָט אָנגענומען זיי ביי די הענט קעגן זייער ווילן, און זיי אַריינגענומען צו זיך אין הויז — און זיי האָבן זיי אַרויסגעפירט אויסערהאַלב דער שטאָט.

און איין מלאך האָט זיך צוריקגעקערט קיין סדום זי צו פאַרניכטן, און דער אַנדערער איז געבליבן מיט לוט'ן, און ער האָט צו אים געזאָגט: „זיי צופרידן וואָס דו ביזט מציל מענטשן, זאָרג זיך ניט וועגן געלט. דו האָסט געזינדיקט גלייך מיט זיי, און אין זכות פון אברהם'ן ווערסטו ניצול. דו ביזט ניט ווערט צו זען דאָס אומגליק, און דו זאָלסט ניצול ווערן. בלייב ניט שטייען אין דעם גאַנצן פּלאַץ פון דעם ירדן. אַנטלויף צו אברהם'ן וועלכער וואוינט אויף דעם באַרג. דו ווערסט ניצול אין דעם זכות פון אָט דעם גרויסן באַרג אברהם. אַנטלויף זשע צו אים. און קוק זיך ניט אום, וואָרום דעם הייליקנס שכינה האָט אַראָפּגענידערט צו רעגענען אויף סדום און אויף עמורה שוועבל און פייער".

האָט זיך לוט אָנגערופן: „הייסט מיר ניט אַנטלויפן צום באַרג. וואָרום איידער איך בין געגאַנגען צו אברהם'ן האָט דער הייליקער געזען מיינע מעשים און די מעשים פון מיינע לאַנדסלייט, בין איך געווען דער צדיק צווישן זיי. איצט, אַז איך גיי צו אברהם'ן און זיינע מעשים טובים זיינען דאָך מער פון מיינע, וועל איך דאָך זיין ווי אַ רשע. אָט האָסטו דאָרט די שטאָט צוער, נאָך אַ גאַנץ נייע שטאָט. אירע זינד זיינען נאָך ווייניק. איר מעסטל איז נאָך ניט פול. איז אָט די שטאָט קענסטו דאָך איבערלאָזן, וועל איך דאָרט לעבן".

און דער מלאך ענטפערט אים: „ניט גענוג פאַר דיר וואָס דו ווערסט געראַטעוועט, נאָר דו ווילסט נאָך אַז די גאַנצע שטאָט

זאָל איך ראַטעווען צוליב דיר! שנעל, אַנטלויף גיך אַהין, וואָרום איידער דו קומסט אַהין קען איך גאָרניט טאָן". און דער מלאך האָט פאַר זיי קירצער געמאַכט דעם וועג, וואָרום סדום האָט זיך געפונען אין אַ טאָל. די זון האָט אָנגעהויבן אויפגיין, און נייען אַזייגער איז לוט אָנגעקומען קיין צוער.

## די פאַרניכטונג פון סדום און די אנדערע שטעט

דעכצן טעג אין חודש ניסן ווען דער מאָרגנשטערן גייט אויף, אין דער צייט ווען די זון און די לבנה שטייען ביידע אין הימל, האָט דער אויבערשטער זיך אין זיי נוקם געווען. און אויסגעקליבן האָט ער די צייט, ווייל אַזוי ווי אַ טייל סדומים פלעגן דינען די זון און אַ טייל פון זיי פלעגן דינען די לבנה, האָט דער הייליקער, געלויבט איז ער, זיך געטראַכט, אויב איך וועל זיי באַשטראָפן בייטאָג, וועלן די זאָגן ווען די לבנה וואָלט געווען זיין, וואָלט זי דאָך אונז געווען באַשיצט; אויב, ווידער, איך וועל זיי באַשטראָפן ביינאַכט וועלן די אַנדערע זאָגן, ווען די זון וואָלט געווען זיין, וואָלט זי דאָך געווען אונז באַשיצט. האָט ער זיך נוקם געווען אין אַ צייט ווען ביידע, סיי די זון און סיי די לבנה זיינען אין הימל.

און דער אַלמעכטיקער האָט געמאַכט אַראָפּנידערן אויף סדום און עמורה אַ רעגן פון ברכה, אפשר וועלן זיי פאָרט תשובה טאָן. אָבער זיי האָבן ניט געטאָן תשובה. זיי האָבן גאָר געזאָגט, אַז פאַרן אויבערשטן איז ניט אַנטפּלעקט זייערע שלעכטע מעשים. האָט גבריאל, דער אויפזעער איבער פייער, געמאַכט רעגנען אויף סדום און עמורה שוועבל און פייער, דערפאַר ווייל זיי זיינען געווען זעהר פאַרשאַרט אין זנות. וואָרום אַלצדינג פאַרקוקט דער הייליקער, אָבער פאַר זנות באַשטראָפט ער שווער. און גע'משפט זיינען זיי געוואָרן מיט פייער, וואָס איז די האַרבסטע פון די פיר טויט שטראָפן וועלכע מען האָט איבערגעגעבן דעם בית דין.

די פינף שטעט האָבן זיך געפונען אויף אַ פעלז. האָט דער מלאך אויסגעשטרעקט זיין האַנט און האָט פיר פון זיי איבער־געקערט מיטן אויבן אַראָפּ. און צוועלף טויזנט מלאכי חבלה האָבן אַראָפּגענידערט אונטער דער פירערשאַפט פון דעם מלאך קמואל, און זיי האָבן חרוב געמאַכט סדום אין איין אויגנבליק. אַפילו די רעגנס זיינען געשלאָגן געוואָרן. און נאָך ביז היינט צו טאָג ווען

עמיצער זאָל נעמען אַ ביסל רעגן פון דעם אויר פון סדום און באַשפּריצן דערמיט אַ גאָרטן, וועט ניט וואַקסן.

דערווייל, אַנטלויפנדיק פון סדום האָט עדית, לוט׳ס ווייב, זיך שטאַרק געזאָרגט וועגן אירע טעכטער וועלכע זיינען איבער־געבליבן אין סדום, ווייל זיי זיינען ניט מיטגעגאַנגען מיט איר. האָט זי געכאַפּט אַ בליק פון אונטער דעם מלאך צו זען צי אירע טעכטער גייען נאָך איר. זי האָט דערזען אונטער זיך די שכינה און פון איר איז געוואָרן אַ זייל זאַלץ, דערפאַר ווייל זי האָט געזינדיקט דורך זאַלץ, ווען זי האָט באַקאַנט געמאַכט, אַז ביי איר אין הויז געפינען זיך פרעמדע. און דער זייל זאַלץ שטייט נאָך דאָרט ביז היינט צו טאָג. די אָקסן וועלכע גייען דאָרט פאַרביי אַלע טאָג, לעקן ביז די פינגער פון די פיס, און אינדערפרי שפּראָצט ווידער צוריק וואָס זיי האָבן אָפּגעלעקט, און ער וועט אַזוי שטייען ביז תחיית המתים.

און אין דער צייט ווען דער אַלמעכטיקער האָט פאַרניכטעט יענע שטעט האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ווען אברהם האָט געזאָגט אויף זיין ווייב שרה „זי איז מיין שוועסטער״, האָט לוט געוואוסט, און ער האָט געשוויגן, און ער האָט ניט דערציילט, ווייל ער האָט רחמנות געהאַט אויף אברהם׳ן. האָט דערפאַר דער הייליקער, געלויבט איז ער, רחמנות געהאַט אויף אים, און ער האָט אים אַרויסגעשיקט פון דער איבערקערעניש. און לוט מיט זיינע צוויי טעכטער זיינען אַנטלאָפן אין דער הייל עדולם.

זייענדיק אין דער הייל, האָבן לוט׳ס טעכטער געמיינט אַז די וועלט איז חרוב געוואָרן ווי דער דור המבול. האָט די עלטערע טאָכטער געזאָגט צו דער אינגערער: „אונזער פאָטער איז אַלט, און אין לאַנד איז ניטאָ אַ מאַן וועלכער זאָל מיט אונז וואוינען ווי דער שטייגער איז, לאָמיר זשע אָנ׳שיכור׳ן דעם טאַטן און שלאָפן מיט אים און האָבן קינדער פון אים״. און דער אויבערשטער האָט אָנגעגרייט דאָרטן ווייַן פאַר זיי, כדי צוויי פעלקער זאָלן אַרויסקומען פון זיי. און אינעם זכות פון אברהם׳ן זיינען זיי ביידע שוואַנגער געוואָרן פון זייער פאָטער און זיי האָבן געבוירן אינגלעך. די עלטערע האָט גערופן איר זון מואב, און די אינגערע האָט גערופן איר זון בן־עמי. און בעת לוט האָט פשוט געזינדיקט, האָבן אָבער די טעכטער דאָס געטאָן לשם מצוה.

# אבימלך נעמט אַוועק שרה'ן פון אברהם'ן

און ווען אברהם איז געגאַנגען גאַנץ פרי צום אָרט וואָס ער האָט באַשטימט פאַר תפילה טאָן דאָרט צום באַשעפער, וואָרום אברהם האָט שטענדיק געהאַט אַ באַשטימט אָרט צום דאַווענען, און ער האָט דערזען ווי די שטעט זיינען חרוב, און רייזנדע זעט מען ניט, האָט ער זיך אַ טראַכט געטאָן „וואָס, צדקה ווער אויפהערן פון מיין הויז!"

און ער האָט זיך טאַקע אויך געוואָלט דערווייטערן פון לוט'ן, וואָרום עס איז אַרויס ווענן אים אַ „שם רע", אַז ער האָט געוואוינט מיט זיינע אייגענע טעכטער. איז אברהם אַוועקגעצויגן פון דאָרט, און נאָך פינף און צוואַנציק יאָר זיצנדיק אין דעם לאַנד כנען, זייענדיק אַ מאַן פון הונדערט יאָר, איז ער אָנגעקומען אין דעם לאַנד פלשתים, און ער האָט אויפגעשטעלט זיין געצעלט אין גרר.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין לאַנד אַריין, האָט אברהם געזאָגט צו שרה'ן קעגן איר ווילן: „דו זאָלסט זאָגן יעדן איינעם, וועלכער וועט דיך פרעגן ווענן מיר, אַז דו ביזט מיין שוועסטער, כדי מיר זאָלן זיך איינשפּאָרן אַ שלעכטע באַהאַנדלונג מצד די איינוואוי־נער פון דעם לאַנד". און ווי קומט עס טאַקע וואָס נאָכדעם ווי אברהם איז איין מאָל ניצול געוואָרן, און איז אַרויס פון מצרים, זאָל ער אַליין נאָכאַמאָל נעמען אויף זיך צרות ווי פריער און איר הייסן זאָגן אַז זי איז זיין שוועסטער! נאָר אברהם האָט זיך ניט פאַרלאָזט אויף אַ זכות. ער האָט געזען אַז די שכינה איז שטענדיק אין שרה'ס וואוינונג, און זי טרעט גאָר ניט אָפּ פון דאָרט, האָט ער זיך פאַרלאָזט דאַרויף.

און ווי נאָר אברהם האָט זיך באַזעצט אין דעם לאַנד פלשתים, און די קנעכט פון אבימלך'ן, דעם קעניג פון פלשתים, האָבן דערזען שרה'ן, און אַז זי איז אַן אויסערגעוויינלעכע שיינהייט, האָבן זיי געפרעגט אברהם'ן ווענן איר, און ער האָט געענטפערט „זי איז מיין שוועסטער". זיינען דעם קעניגס קנעכט אַוועק צום קעניג, און זיי האָבן צו אים געזאָגט: „אַ מאַן פון דעם לאַנד כנען איז געקומען אַהער אין לאַנד וואוינען, און ער האָט אַ זעהר שיינע שוועסטער".

ווען דער רשע אבימלך האָט דערהערט די רייד פון זיינע קנעכט, ווי זיי האָבן געלויבט שרה'ס שיינקייט, האָט ער באַלד געשיקט זיינע האַרן מען זאָל זי ברענגען צו אים. וואָרום אַלע

זיינע פרויען זיינען געווען עקרות, האָט ער פּשוט גערעכנט צו האָבן קינדער פון איר.

דערזעענדיק ווי שיין שרה איז, איז זי אים שטאַרק געפעלן געוואָרן, און ער איז צוגענענטערט צו איר און געזאָגט: „וואָס געהערט דיר אָן דער מאַן מיט וועלכן דו ביזט געקומען אין אונזער לאַנד?" און שרה האָט געענטפערט: „ער איז מיין ברודער, און מיר זיינען געקומען פון דעם לאַנד כנען וואוינען וואו עס וועט זיך לאָזן". „מיין לאַנד איז פאַר דיר", האָט אבימלך געזאָגט, „דיין ברודער קען זיך באַזעצן וואו נאָר דו ווילסט אַליין, און מיר דאַרפן אים מאַכן זעהר גרויס איבער דעם גאַנצן לאַנד, וואָרום ער איז דאָך עפּעס דיין ברודער!"

און אבימלך האָט געשיקט נאָך אברהם׳ן, און ער האָט צו אים געזאָגט: „איך האָב אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל דיר אָפּגעבן גרויס כבוד, ווי נאָר דו ווילסט אַליין, צוליב דיין שוועסטער שרה".

דערווייל איז געוואָרן נאַכט, און דער מלך, זיצנדיק אויף דעם טראָן, איז ער אַזוי איינגעדרעמלט און פּעסט איינגעשלאָפן. און עס האָט זיך אים גע׳חלום׳ט ווי אַ געטלעכער מלאך איז געקומען צו אים, מיט אַן אַרויסגעצויגענער שווערד אין דער האַנט, און ער האָט געוואָלט אים טויטן. האָט אבימלך אָנגעהויבן שטאַרק צו ציטערן אין חלום, און ער האָט געזאָגט צום מלאך: „מיט וואָס האָב איך אַזעלכעס געזינדיקט, וואָס דו ביזט געקומען מיך טויטן מיט דיין שווערד?"

האָט דער מלאך געענטפערט: „דו וועסט שטאַרבן דורך דער דאָזיקער פרוי, וועלכע דו האָסט געבראַכט צו דיר אין הויז אַריין! וואָרום זי איז אַ פאַרהייראַטע פרוי, אברהם׳ס ווייב, דער אברהם וועלכער איז געווען ביי דיר. אַלזאָ קער אום די פרוי פון יענעם מאַן, וואָרום זי איז זיין ווייב, און אויב דו ווילסט זי ניט אומקערן, זאָלסטו וויסן, אַז דו און אַלע דייניקע וועלן שטאַרבן אַ זיכערן טויט".

און אין יענער נאַכט זיינען די געוואַלדן געווען שטאַרק גרויס אין דעם לאַנד פון די פלשתים. און אַלע איינוואוינער פון דעם לאַנד האָבן געזען דאָס געשטאַלט פון אַ מענטשן מיט אַ שאַרפער שווערד אין האַנט און ער שלאָגט אַלע איינוואוינער. אַזוי האָט דער מלאך געשלאָגן אַ גאַנצע נאַכט דאָס גאַנצע לאַנד פלשתים, און דער ליאַרעם איז געווען שרעקלעך גרויס.

אינדערפרי האָט אבימלך אין גרויס ציטערניש און אין בהלה׳דיקער שרעק באַלד געשיקט רופן אַלע זיינע קנעכט, און ער האָט זיי דערציילט זיין חלום. האָבן זיינע קנעכט זעהר שטאַרק

מורא געהאט. ווארום זיי האבן געזען דעם רויך פון סדום, וואס איז ארויפגעגאנגען ווי פון א קאלך־אויוון, האבן זיי זיך געטראכט, אפשר זיינען די מלאכים וועלכע זיינען געשיקט געווארן קיין סדום געקומען צו זיי.

האט זיך אנגערופן איינער פון דעם קעניגס קנעכט, און ער האט צו אים געזאגט:

„אדוני קעניג, איך ראט דיך דו זאלסט אומקערן די דאזיקע פרוי צו איר מאן, ווארום ער איז איר מאן. דאס זעלביקע האט אויך געטראפן מיט פרעה'ן, דעם קעניג פון מצרים, ווען דער דאזיקער מאן איז געקומען קיין מצרים און האט געזאגט אויף זיין ווייב ‚זי איז מיין שוועסטער‘. אזוי איז זיין שטייגער צו טאן ווען ער קומט אין א לאנד אריין דארט צו וואוינען. ווען ער איז געקומען קיין מצרים האט פרעה געשיקט און גענומען די דאזיקע פרוי צו זיך פאר א ווייב, האט דער אויבערשטער אנגעשיקט אויף אים שרעקלעכע מכות. ביז מען האט אומגעקערט די פרוי צו איר מאן. און איצט, אדוני קעניג, דו ווייסט דאך וואס עס האט נעכטן געטראפן דעם גאנצן לאנד. עס איז געווען א גרויסע מהומה, גרויסע שמערצן און געשרייען, ווייסן מיר אז דאס איז נאר דורך דער פרוי וועלכע דו האסט געבראכט צו דיר. איז פאלג זשע מיך און קער אום די דאזיקע פרוי צוריק צו איר מאן, עס זאל ניט טרעפן אונז, ווי עס האט געטראפן פרעה'ן דעם קעניג פון מצרים און זיינע קנעכט, און מיר זאלן ניט שטארבן".

ווארום אזוי ווי אבימלך האט גענומען שרה'ן צו זיך, האט דער אלמעכטיקער פארשטאפט אבימלך'ס אלע קוואלן און די קוואלן פון אלע זייניקע, סיי פון די דערוואקסענע און סיי פון די קליינע, סיי פון מענער און סיי פון פרויען, און אויך די קוואלן פון זיינע קנעכט האט ער פארשטאפט. זיי האבן ניט געקענט שפייען, רייניקן די נאז, לאזן א טרער. זיי זיינען אלע געווען פארשטאפט. אפילו די הינער האבן ניט געלייגט אייער. און אלץ נאר צוליב שרה'ן.

אזוי, למשל, ווי באלד איינער האט באגעגנט אינדערפרי א מענטשן, זאגט ער צו אים: „דו ווייסט גארניט וואס עס האט מיט מיר געטראפן היינט ביינאכט", און ער דערציילט אים. ענטפערט אים דער צווייטער: „מיט מיר האט אויך געטראפן פונקט דאס זעלבע!" אוןביידע שמועסן אזוי און ענדיקן: „אוי! נאך איין נאכט אזוי און מיר וועלן פשוט אומקומען!"

דערוויל האט דער מלאך מיכאל אראפגענידערט מיט א שארפער שווערד אים צו טויטן. האט אבימלך אנגעהויבן זאגן:

„האַר פון דער וועלט! פאַר דיר זיינען דאָך אַנטפּלעקט אַלע אָפענע און פאַרבאָרגענע זאַכן. איך האָב אין איר ניט דערקענט, אַז דו ווילסט מיך טויטן. כאָטש איך בין אַ גוי, בין איך פונדעסטוועגן אַ ירא שמים. אויב דו הרג׳עסט אַ גוי, זאָלסטו אויך הרג׳ענען אַ צדיק! אויב דו הרג׳עסט אבימלך׳ן, הרג׳ע זשע אויך אברהם׳ן. איך האָב אים געפרעגט ׳ווער איז זי? דיין ווייב?׳ האָט ער געענטפערט ׳זי איז מיין שוועסטער׳. בין איך געגאַנגען און איך האָב זי געפרעגט ׳ביזטו זיין ווייב?׳ האָט זי געענטפערט ׳ניין, איך בין זיין שוועסטער׳. האָב איך זיך נאָך אַלץ ניט צופרידנגעשטעלט און איך האָב געפרעגט זיינע מענטשן, האָבן זיי געזאָגט ׳זי איז זיין שוועסטער׳. נו, איצט אַז זיי האָבן ביידע געזאָגט אַז זיי זיינען שוועסטער און ברודער, האָב איך דאָך מיט אומשולדיקע הענט און מיט אַ גאַנץ האַרץ דאָס געטאָן! איז דאָס גערעכטיקייט אַז דו זאָלסט מיך הרג׳ענען פאַר אַ זאַך פאַר וועלכער איך בין ניט שולדיק!"

האָט דער הייליקער, געלויבט איז ער, צו אים געזאָגט: „אויך איך וויים, אַז מיט דער ערלעכקייט פון דיין האַרץ האָסטו דאָס געטאָן. און אויך איך האָב דיך ניט געלאָזט זי אָנרירן. אָבער איצט, קער אום די פרוי פון דעם מאַן, וואָרום ער איז אַ נביא. ער וועט בעטן פאַר דיר און דו וועסט בלייבן לעבן. בעט אים ער זאָל דיר מוחל זיין, כדי דו זאָלסט בלייבן לעבן. און אויב ניט, זיי וויסן אַז דו וועסט זיכער שטאַרבן".

האָט אבימלך זיך זעהר געאיילט און גערופן שרה׳ן צו זיך. ער האָט אויך באַלד געשיקט נאָך אברהם׳ן, און ער האָט צו זיי געזאָגט:

„וואָס פאַר אַ שטיקל האָט איר עם מיר אָפּגעטאָן! מיט וואָס האָב איך זיך קענען אייך פאַרזינדיקט, וואָס איר האָט געבראַכט אויף מיר און אויף מיין לאַנד אַזאַ גרויסע זינד? מכות מיט וועלכע קיין שום באַשעפעניש איז געשלאָגן געוואָרן זיינען געקומען אויף אונז, דורך אייך! די קישקעס, די אויערן, די נעז, און אַלע אַנדערע קוואַלן פון קליין און גרוים זיינען פאַרשטאָפּט! מיט וואָס בין איך שולדיק? איר האָט געזאָגט אַז איר זייט שוועסטער און ברודער האָב איך געוואָלט נעמען די פרוי פאַר אַ ווייב! ביזטו געגאַנגען קיין מצרים האָסטו מיט איר געהאַנדלט און געקראָגן מתנות דורך איר, ביזטו געקומען אַהער, האַנדלסטו ווידער! אויב דו ווילסט געלט, איז נאַ דיר געלט!"

דערויף האָט אברהם אים געענטפערט: „איך האָב אַזוי געזאָגט, ווייל איך האָב מורא געהאַט אַז מען וועט מיך טויטן". און אין אמת׳ן איז זי טאַקע מיין שוועסטער, פון איין טאַטן.

און כדי איבערצובעטן אברהם'ן האָט אבימלך אים געגעבן שאָף און רינדער, קנעכט און דינסטן, און טויזנט שטיק זילבער, און ער האָט אים אומגעקערט שרה'ן. און כדי קיינער זאָל זיך ניט טשעפּען צו שרה'ן, האָט ער זי אָנגעטאָן אין קעניגלעכע קליידער, און זי געמאַכט פאַר אַ מטרונה. וואָרום אַז מען וועט הערן, אַז זי איז אַ קעניגין וועט מען מורא האָבן פאַר איר. און אַלץ וואָס פּרעה האָט געגעבן שרה'ן, האָט אויך אבימלך איר געגעבן.

דאַן האָט ער געזאָגט צו שרה'ן: „דו זעסט, איך טו דיר אָן אַ סך כבוד. איך האָב געגעבן רייכקייט דעם אויף וועלכן דו האָסט געזאָגט אַז ער איז דיין ברודער. אָט דאָס גאַנצע רייכקייט און דער כבוד זיינען דיינס. איך האָב דאָס אומישנע געטאָן, כדי אַלע זאָלן וויסן, אַז איך קער דיך אום קעגן מיין ווילן. און דו אברהם, דאָס גאַנצע לאַנד איז פאַר אייך, וואו איר ווילט מעגט איר זיך באַזעצן". אָבער זיי האָבן אים מוחל געווען די טובה.

און אברהם און שרה האָבן פאַרלאָזט דאָס לאַנד. און פּונקט ווי שרה איז גענומען געוואָרן אין פּרעה'ס הויז און אין אבימלך'ס הויז אַ ריינע, אַזוי איז זי פון דאָרט אַרויס אַ ריינע. זיי האָבן זיך באַזעצט אין דעם לאַנד גרר.

אָבער אַזוי ווי אַלע איינוואוינער פון דעם לאַנד פלשתים, און דעם מלך'ס קנעכט האָבן נאָך שטאַרק געליטן פון די יסורים מיט וועלכע דער מלאך האָט זיי געשלאָגן אַ גאַנצע נאַכט צוליב שרה'ן, האָט אבימלך געשיקט נאָך אברהם'ן און צו אים געזאָגט: „איך בעט דיך, בעט צו דיין האַר פאַר דיינע קנעכט, ער זאָל אָפּטאָן פון אונז דעם דאָזיקן טויט".

## אברהם בעט פאַר אבימלך'ן

האָט אברהם געבעטן פאַר אבימלך'ן און זיינע קנעכט, און ער האָט געזאָגט: „האַר פון אַלע וועלטן! דו האָסט באַשאַפן דעם מענטשן ער זאָל זיך פרוכטבאַרן און מערן, זאָלן זשע אבימלך און זיין הויז-געזינד זיך מערן". האָט דער אויבערשטער באַלד דערהערט אברהם'ס געבעט, און אויף שרה'ס אַ וואָרט האָט ער אויסגעהיילט אבימלך'ן און זיינע קנעכט. ניט נאָר האָט די פאַר־שטאָפּונג אויפגעהערט, נאָר די פרויען זיינען מעוברת געוואָרן, און האָבן געווינען, געבוירן, אינגלעך.

ווען די מלאכים האָבן דאָס דערזען האָבן זיי געשריען און געזאָגט: „רבונו של עולם! אָט די אַלע יאָרן איז שרה געווען

אַן עקרה און אבימלך׳ס ווייב איז געווען אַן עקרה. און איצט, אַז אברהם האָט געבעטן פאַר אבימלך׳ן און זייניקע, זיינען אבימלך׳ס ווייב און זיינע דינסטן טראָגעדיק געוואָרן, און שרה איז נאָך אַלץ אַן עקרה! לוט׳ס טעכטער פאַרקערן מיט זייער פאָטער און ווערן שוואַנגער פון דעם ערשטן מאָל און געווינען ממזרים, און דער צדיק אברהם דאַרף זיך מצטער זיין אָט די אַלע יאָרן! עס איז דאָך ניט מער ווי רעכט אַז אויך זיי זאָלן געהאָלפן ווערן און האָבן קינדער!״

איז טאַקע דערפאַר וואָס אברהם האָט מגייר געווען מענער און שרה האָט מגייר געווען פרויען און זיי האָבן געבראַכט די מענטשן אונטער די פליגלען פון דער שכינה, האָט דער הייליקער געזאָגט צו זיי: „ביי אייער לעבן, איר האָט מיר געגעבן נפשות וועל איך אייך באַצאָלן מיט נפשות; איך וועל אָנוואַרפן אייער שרעק אויף אַלע פעלקער פון דער וועלט זיי זאָלן מער ניט שרייען אַז זי איז אַן עקרה״. און טאַקע ראש השנה איז שרה טראָגעדיק געוואָרן, און אַלע עקרות וועלכע זיינען געווען אויף דער וועלט זיינען צוזאַמען מיט איר טראָגעדיק געוואָרן. דער אויבערשטער, נעמלעך, איז געזעסן און ער האָט גע׳משפט, און ער האָט געזאָגט צו די מלאכים: „שרה איז ווערט אַז זי זאָל געבוירן אַ זון״. האָבן אַלע מלאכים מסכים געווען, און זיי האָבן געזאָגט „יאָ״. האָט דער הייליקער, געלויבט איז ער, באַלד גע׳חתמ׳עט.

## יצחק׳ס געבורט

און דער אַלמעכטיקער האָט געטאָן מיט שרה׳ן נסים. איר לייב איז געוואָרן זייער איידל, די קנייטשן זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן. זי איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך שיין. די יוגנט האָט זיך אומגעקערט צו איר, זי איז געוואָרן ווי אַ בתולה. און דער הייליקער האָט געבראַכט איר טראַכט אין אָרדענונג. וואָרום דריי שליסלען האָט דער אויבערשטער געטרויט קיין שום מענטשן און קיין שום מלאך, נאָר זיי זיינען אונטער זיין האַנט, נעמלעך דער שליסל פון רעגן, דער שליסל פון תחיית המתים און דער שליסל פון דער מוטערס טראַכט. און אויך אברהם איז געוואָרן צוריק יונג ווי אַ בחור. און אַזוי ווי אַלע מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום זיי און האָבן זיי געפרעגט וואָס אייגנטלעך האָבן זיי אַזעלכעס געטאָן, וואָס האָט מיט זיי פּאַסירט אַזוינס. האָט אברהם זיך באַלד אַנידערגעזעצט און זיי דערציילט אַלץ וואָס ער האָט דורכ־

געמאַכט זינט מען האָט אים אַריינגעוואָרפן אין קאַלך אויוון ביז איצט.

אַזוי ווי שרה איז שוואַנגער געוואָרן אין דער צייט ווען זי איז גענומען געוואָרן פריער אין מצרים צו פרעה'ן און דערנאָך צו אַבימלך'ן, האָבן די פעלקער פון דער וועלט געזאָגט: איז עס דען מעגלעך אַז אַ מאַן פון הונדערט יאָר זאָל קענען ווערן אַ פאָטער! מסתמא איז זי שוואַנגער געוואָרן פון אבימלך'ן אָדער פון פרעה'ן! וואָס זשע האָט דער אויבערשטער געטאָן? ער האָט אַ זאָג געטאָן צום מלאך מיטן נאָמען לילה וועלכער איז דער אויפזעער אויף דאָס פאַרמירן די קינדער: „מאַך אַז דאָס קינד זאָל אויסזען פונקט ווי דער טאַטע, כדי יעדער איינער זאָל זען, אַז ער איז אברהם'ס זון".

און פסח פונקט אין מיטן דער נאַכט, האָט שרה געבוירן צו זיבן חדשים אַ אינגל, און זי איז געבענטשט געוואָרן מיט מילך. און ווען שרה איז געלעגן געוואָרן, זיינען אַלע עקרות מיט איר געלעגן געוואָרן, אַלע בלינדע זיינען געוואָרן זעענדיק, אַלע הינקע־דיקע זיינען גלייך געוואָרן, אַלע שטומע זיינען ריידעוודיק געוואָרן, אַלע נאַראָנים זיינען אויסגעהיילט געוואָרן, אַלע טויבע זיינען געוואָרן הערענדיק. און אַלע האָבן געקוקט, זיך געוואונדערט און ניט געוואָלט גלויבן. וואָרום זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, האָט קיין שום פרוי געווינען צו נייענציק יאָר, ביז אונזער מוטער שרה איז געקומען.

און אין דער שעה ווען דאָס קינד האָט דערזען די ליכטיקע שיין, האָבן זיך אַלע געפרייט — הימל און ערד, די זון, די לבנה, די שטערן און די פלאַנעטן. וואָרום ווען ניט צוליב דעם קינד וואָלט די וועלט קיין קיום געהאַט. און דער אַלמעכטיקער האָט יענעם טאָג פאַרגרעסערט דאָס ליכט פון דעם ראָד פון דער זון אַכט און פערציק מאָל אַזויפיל. איז דאָס ליכט פון דער לבנה געווען אַזוי ווי דאָס ליכט פון דער זון, און דאָס ליכט פון דער זון איז געווען זיבן מאָל אַזויפיל ווי דאָס ליכט פון זיבן טעג.

האָט אברהם אַ נאָמען געגעבן זיין זון „יצחק" — די „יוד" צען, קעגן די „עשרת הדברות"; „צ" קעגן די „נייענציק" יאָר וואָס שרה איז אַלט געווען; „ח" קעגן די „אַכט" טעג ווען מען איז מל אַ אינגל, און „ק" קעגן די „הונדערט" יאָר וואָס אברהם איז אַלט געווען. און יצחק איז איינער פון די וועלכע מען האָט געגעבן אַ נאָמען נאָך איידער זיי זיינען געבוירן געוואָרן. אברהם האָט באַלד געוואָלט אים בענטשן. האָט ער אָבער געזען אַז עשו וועט אַרויסקומען פון אים, האָט ער אים ניט געבענטשט.

ער האָט זיך געטראַכט: זאָל קומען דער אייגנטימער פון דער וועלט און בענטשן וועמען ער וויל.

## יצחק׳ס ברית

דעם אַכטן טאָג האָט אברהם מל געווען יצחק׳ן אַזוי ווי דער אויבערשטער האָט אים געבאָטן. און צום סוף פון פיר און צוואַנציק חדשים האָט ער אים אַנטווינט. ער האָט איינגעאָרדענט אַ גרויסע סעודה. אָבער אַלע פעלקער פון דער וועלט האָבן זיך געשושקעט: „איר האָט געזען דעם אַלטן און די אַלטיטשקע וועלכע האָבן געפונען אַ קינד אין גאַס און זאָגן ׳עס איז אונזער קינד׳? און נאָכמער, צו באַשטעטיקן זייערע רייד מאַכן זיי נאָך אַ גוואַלדאָוונע סעודה!״

וואָס זשע האָט אונזער פאָטער אברהם געטאָן? ער איז געגאַנגען און האָט איינגעלאַדן אַלע גרעסטע פון זיין דור. עס זיינען געקומען שם, עבר, אבימלך דער קעניג פון פלשתים, זיין פעלדמאַרשאַל פיכל און אַלע זיינע קנעכט. אויך תרח, אברהם׳ס פאָטער, און נחור אברהם׳ס ברודער זיינען געקומען פון חרן מיט זייעריקע. אויך עוג און אַלע גרויסע לייט מיט אים, די איין און דרייסיק מלכים פון יריחו וועלכע יהושע האָט שפּעטער גע׳הרג׳עט און די איין און דרייסיק מלכים פון סיסרא׳ס צייטן זיינען דאָרט געווען. און דער „גרויסער״ פון די וועלטן איז דאָרט געווען און ער האָט זיך געפרייט.

האָבן זיך די געסט אָנגערופן צו עוג׳ן: „דו פלעגסט דאָך זאָגן אַז אברהם איז אַן אימפּאָטענטער מויל־אייזל און וועט קיינמאָל האָבן קינדער, נו?״ האָט ער זיי געענטפערט: „מ׳שטיינס געזאָגט וואָס פאַר אַ מתנה דאָס איז! ווען איך זאָל בלויז אַרויפלייגן מיין פינגער אויף אים, צעקוועטש איך אים דאָך״. דערויף האָט דער הייליקער אים געזאָגט: „ביי דיין לעבן, ווי דו וועסט נאָך זען אַז טויזנטער און צענדליקער טויזנטער וועלן אַרויסקומען פון זיינע קינדס קינדער!״

און שרה האָט איינגעלאַדן זייערע פרויען. האָבן די פרויען אָפּגעטאָן אַזאַ שטיקל. אַזוי ווי מען האָט שוין געוואוסט אַז אברהם איז יצחק׳ס פאָטער, האָבן אָבער אַלע געזאָגט אַז ניט שרה, נאָר איר דינסט הגר, איז זיין מוטער. וואָס זשע האָבן די ווייבער געטאָן? יעדע איינע פון זיי האָט מיטגענומען איר קינד, און די אַם האָט זי איבערגעלאָזט אינדערהיים. ווען די קינדער האָבן אָנגעהויבן צו וויינען, האָט יעדע איינע געזאָגט „איך האָב

פארגעסן מיטצונעמען די אם". וואס זשע האט דער הייליקער געטאן? ער האט אויסגעטריקנט די בריסטן פון די ווייבער. זיינען די מטרונה'ס געקומען און האבן געקושט דעם שטויב פון שרה'ס פיס און געזאגט צו איר: „האב א מצוה און זויג אונזערע קינדער.

איז דאך אונזער מוטער שרה געווען א געוואלדיקע צנועה. האט אברהם צו איר געזאגט: „איצט איז ניט די צייט פון צו זיין א צנועה, טו דאס, כדי אלע זאלן וויסן אז דער אלמעכטיקער האט אנגעהויבן טאן נסים. הייליק זיין נאמען, און זעץ זיך אנידער אין מארק און זויג אן זייערע קינדער. און א נס איז געשען מיט שרה'ן, און זי האט אנגעזויגן די פרעמדע קינדער. האבן אלע געזאגט, אז זיי זיינען ניט ווערט אז זייערע קינדער זאלן זויגן די מילך פון אזא צדקת. און אלע קינדער וועלכע שרה האט געזויגן, האבן זיך מגייר געווען. און די סעודה וואס אברהם האט געמאכט איז געווען זעהר גרויס. תרח און נחור האבן זיך שטארק געפרייט, און זיי האבן געוואוינט מיט אים אין דעם לאנד פלשתים א לאנגע צייט.

## אברהם שיקט אוועק הגר'ן מיט ישמעאל'ן

דערווייל איז ישמעאל, אברהם'ס זון, אונטערגעוואקסן, און ווען יצחק איז געבוירן געווארן איז ער שוין אלט געווען פערצן יאר. פלעגן מענטשן זאגן, אזוי ווי אברהם'ן איז געבוירן געווארן א זון, וועט ער ירש'ענען פון אברהם'ן צוויי חלקים. פלעגט אבער ישמעאל לאכן און זאגן „איך בין דער בכור, וועל איך נעמען צוויי חלקים". און אזוי ווי ער איז דערצויגן געווארן מיט פייל און בויגן און פלעגט האלטן אין איין שיסן עופות, איז איינמאל ווען יצחק איז אלט געווען שוין פינף יאר, און איז געזעסן מיט ישמעאל'ן ביי דער טיר פון דעם געצעלט, האט ישמעאל אויף אים געשאסן מיט דער כוונה אים צו טויטן.

האט זיך אבער אזוי געמאכט, אז שרה האט דאס גראד געזען. האט זי באלד געשיקט רופן אברהם'ן, און זי האט צו אים געזאגט: „טרייב ארויס די דאזיקע דינסט מיט איר זון! איר זון וועט ניט ירש'ענען צוזאמען מיט מיין זון, ווארום אזוי און אזוי האט ער אים היינט געוואלט טאן. שרייב אפ יצחק'ן אלץ וואס דער אלמעכטיקער האט דיר געשוואוירן צו געבן דיר און דיינע קינדער. ביי דיין לעבן, אז דער זון פון דער דאזיקער דינסט וועט ניט ירש'ענען מיט מיין זון יצחק.

ווארום שרה פלעגט אויך זען ווי ישמעאל בויט במות און

אָפּפערט הײשעריקן צו דער עבודה זרה. ער פלעגט אַרײַן אין פרעמדע גערטנער, כאַפּן פרעמדע װײַבער און זײ פּײַניקן. ער פלעגט אױך ברענגען אין הױז אַרײַן אָפּגעטער און זײ דינען פּונקט װי ער פלעגט זען פון אַנדערע.

אָבער פון אַלע צרות װאָס זײַנען געקומען אױף אברהם'ען, איז דאָס װאָס שרה האָט אים געהײסן אַװעקשיקן ישמעאל'ן געװען די שװערסטע. װאָרום ער האָט דאָך שױן געבעטן דעם אױבערשטן װעגן אים. אָבער אין יענער נאַכט האָט דער אױבערשטער זיך באַװיזן צו אים און געזאָגט: „אברהם! װײסטו דען ניט אַז שרה איז דײַן װײַב, זי איז דײַן פרײַנט און די פרױ פון דײַן יוגנט. הגר איז ניט דײַן װײַב, און שרה איז ניט דײַן דינסט. אַלץ װאָס שרה האָט גערעדט, האָט זי גערעדט מיט אמת. נעם דיר ניט צום האַרצן װעגן דעם אינגל, װאָס האָט אַװעקגעװאָרפן דײַן לערע, און װעגן דײַן דינסט װאָס דו שיקסט אַװעק. אַלץ װאָס שרה זאָגט דיר זאָלסטו פאָלגן, װאָרום זי איז אַ נביאה. פון יצחק'ן װעסטו האָבן קינדער. דער זון פון דער דאָזיקער דינסט װעט זיך מיט דיר מתיחס זײַן. אָבער אױך דער דינסט'ס זון װעל איך מאַכן פאַר אַ רױבער פאָלק.

איז אברהם, װעלכער איז געװען אין נביאות קלענער פון שרה'ן, אױפגעשטאַנען גאַנץ פרי, האָט אָנגעשריבן אַ גט און געגעבן הגר'ן. ער האָט גענומען אַ לאָגל און אים צוגעבונדן צו אירע לענדן, ער זאָל זיך נאָכשלעפּן נאָך איר, כדי מען זאָל װיסן אַז זי איז אַ דינסט, און אױך כדי אַז װען אברהם װעט װעלן זיך זען מיט ישמעאל'ן, װעט ער אַזױ אַרום װיסן אױף װעלכן װעג זײ זײַנען געגאַנגען. ער האָט איר מיטגעגעבן צװעלף ברױט און אַ לאָגל װאַסער. און ער האָט אַרױפגעגעבן ישמעאל'ן אױף אירע אַקסלען. װאָרום שרה האָט אים געגעבן אַ גוט אױג, האָט ער געקראָגן היץ און ניט געקענט אַלײן גײן, און ער האָט זײ אַװעקגעשיקט. און אין אברהם'ס זכות איז דאָס װאַסער פון דעם לאָגל ניט אױסגעגאַנגען.

## הגר אין דער מדבר

אָבער װי נאָר הגר איז געקומען אין דער מדבר, האָט זי אָנגעהױבן בלאָנדזשען נאָך אָפּגעטער, װי זי איז געװאױנט געװען פון איר פאָטערס הױז, האָט דאָס װאַסער זיך באַלד אױסגעלאָזט פון דעם לאָגל. ישמעאל האָט שטאַרק געברענט פון היץ, האָט זי אים געטראָגן. און װען זי איז מיד געװאָרן, האָט זי אים אַװעקגעלײגט

אונטער אַ בוים, דאָרט וואו מלאכים האָבן מיט איר גערעדט. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט פון ווייטן, און געוויינט, וואָרום זי האָט ניט געקענט צוזען ווי דאָס קינד גייט אויס.

זי האָט אָנגעהויבן צו ריידן קעגן דעם אויבערשטן און געזאָגט: „האר פון דער וועלט! ביזטו דען גלייך צו מענטשן וועלכע זאָגן עפּעס צו, און דערנאָך האָבן זיי חרטה! דו האָסט דאָך מיר געזאָגט ׳איך וועל מערן דיינע קינדער׳, און איצט זע, ער גייט דאָך אויס פון דאָרשט!"

און אויך ישמעאל איז געוואָרן שטאַרק מיד. האָט ער זיך אַנידערגעוואָרפן אונטער די דערנער, און ער האָט געזאָגט: „האר פון די וועלטן, אויב עס איז פאַראַן פאַר דיר אַ ווילן מיך אָנ־צוטרינקען מיט וואַסער, טרינק זשע מיך אָן, און לאָז מיין נשמה ניט אויסגיין דורך דאָרשט, וואָרום דער טויט דורך דאָרשט איז אַ משונה׳דיקער טויט, ער איז ערגער פון אַלע טויטן".

האָט דער אַלמעכטיקער דערהערט זיין געבעט אין אברהם׳ס זכות. און דער ברונעם וואָס איז באַשאַפן געוואָרן דעם פרייטיק פאַרנאַכט פונעם וועלט־באַשאַף האָט זיך פאַר זיי דאָרט געעפנט. אַ געטלעכער מלאך האָט זיך אָנגערופן צו הגר׳ן, אין אברהם׳ס זכות, און ער האָט געזאָגט צו איר: „וואָס איז דיר אַזוינס הגר? האָב קיין מורא, דער אַלמעכטיקער האָט געהערט דעם אינגלס קול, און ער וועט אים ניט משפּט׳ן לויט זיינע שלעכטע מעשים וואָס ער וועט אַמאָל טאָן. אין אברהם׳ס זכות האָט ער אויף אים רחמנות". און דער אויבערשטער האָט באַלד אַ וואונק געטאָן צום מלאך ער זאָל איר ווייזן דעם ברונעם.

האָבן די מלאכים געגעבן אַ שפּרונג מקטרג צו זיין, און זיי האָבן פאַר אים געזאָגט: „האר פון דער וועלט! פאַר אַ מאַן וועלכער וועט שפּעטער טויטן דיינע קינדער דורך דאָרשט, ברענגסטו דעם ברונעם?!" וואָרום ווען נבוכדנצר הרשע האָט פאַרטריבן די אידן קיין בבל, האָט ער געקאָוועט זייערע הענט פון הינטן אין אייזערנע קייטן, און ער האָט זיי געטריבן נאַקעט ווי בהמות. ווען זיי זיינען דורכגעגאַנגען דורך ישמעאל׳ס קינדער, האָבן זיי געזאָגט צו די אויפזעער: „האָט רחמנות אויף אונז און פירט אונז צו אונזערע ברידער, די קינדער פון אונזער פעטער ישמעאל". האָבן זיי אַזוי געטאָן. זיינען ישמעאל׳ס קינדער זיי אַנטקעגן געגאַנגען און האָבן זיי געגעבן געזאַלצן ברויט מיט ליאַק. זיי האָבן אויפ־געהאָנגען אויף די טויערן פון זייערע געצעלטן ליידיקע לאָגלען וועלכע האָבן געהאַט אַ קאָליר גלייך ווי זיי וואָלטן געווען אָנגעפילט מיט וואַסער. און זיי האָבן געזאָגט צו די אידן: עסט דאָס ברויט, און דאַן וועלן מיר אייך געבן וואַסער. נאָכדעם ווי זיי האָבן

אָפּגעגעסן, האָבן די ישמעאלים געזאָגט אַז זיי האָבן קיין וואַסער. האָבן די אידן איינגעביסן מיט די ציין די לאָגלען, און די הייסע לופט איז אַריין אין זייערע געדערים און זיי זיינען געשטאָרבן.

אָבער דער הייליקער האָט געזאָגט צו די מלאכים, וואָס איז ער איצט אַ צדיק אָדער אַ רשע?" האָבן זיי געענטפערט „אַ צדיק". האָט ער געזאָגט צו זיי: „איך אורטייל דעם מענטשן ווי ער איז צו דער באַטרעפנדיקער צייט, און ניט לויט דעם וואָס ער וועט זיין אַמאָל".

און הגר און ישמעאל האָבן זיך אָנגעטרונקען, און אָנגעפילט דעם לאָגל מיט וואַסער. זיי האָבן דאָרט איבערגעלאָזט דעם ברונעם, און אָנגעהויבן וואַנדערן אין דער מדבר ביז זיי זיינען געקומען אין דער מדבר פּארן. זיי האָבן דאָרט געפונען וואַסער קוואַלן. האָבן זיי זיך דאָרט באַזעצט. ישמעאל פלעגט ליב האָבן צו זיצן אויף דעם שייד־וועג, און באַראַבעווען מענטשן, און זיי האָבן דאָרט אָפּגעוואוינט אַ לאַנגע צייט.

נאָכדעם איז ישמעאל אַוועקגעצויגן מיט זיין מוטער קיין מצרים, און זיי האָבן זיך דאָרט באַזעצט. הגר האָט גענומען פאַר אים אַ ווייב פון איר פאָטערלאַנד — וואָרף אַ שטעקן אין דער לופט, און ער וועט צוריק אַראָפּפאַלן אויף דער ערד — מיט דעם נאָמען מריסה. זי האָט אים געבוירן פיר זין און אַ טאָכטער. און ישמעאל האָט גענומען זיין ווייב, קינדער און הגר'ן און איז צוריקגעצויגן אין דער מדבר. דאָרט האָבן זיי געהאַלטן אין איין וואַנדערן, אויפגעשטעלט געצעלטן, אָפּגעוואוינט אַ חודש און ווייטער געוואַנדערט. אין אברהם'ס זכות איז ישמעאל רייך געוואָרן, און ער האָט פאַרמאָגט פיל שאָף און רינדער.

## אברהם באַזוכט ישמעאל'ן

נאָכדעם ווי עס איז אַריבער אַ לאַנגע צייט, האָט אברהם געזאָגט צו שרה'ן: „איך וואָלט זעהר געוואָלט גיין זען ישמעאל'ן. איך האָב אים ניט געזען אַזאַ לאַנגע צייט". און ער האָט איר געגעבן אַ שבועה, אַז ער וועט ניט אַראָפּנידערן פון דעם קעמל דאָרט וואו ישמעאל וואוינט. און אברהם האָט זיך אויפגעזעצט אויף אַ קעמל און אָנגעהויבן אַרומפאָרן זוכן ישמעאל'ן.

אין אַ שיינעם מיטן טאָג איז ער געקומען צו ישמעאל'ס געצעלט. ישמעאל'ס ווייב און די קינדער זיינען געווען אין געצעלט, אָבער ישמעאל און הגר זיינען ניט געווען. פרעגנדיק אויף ישמעאל'ן האָט זי אים געענטפערט, אַז ער איז אַוועק אין פעלד אַריין

פאנגען חיות. און אברהם איז די גאנצע צייט געזעסן אויפן קעמל און איז ניט אראפגעגאנגען, אזוי ווי ער האט געשוואוירן שרה'ן.

דערווייל האט אברהם געזאגט צו איר: „טאכטער מיינע, גיב מיר א ביסל וואסער ווארום איך בין זעהר מיד פון דעם וועג". האט זי אים געענטפערט אז זי האט קיין וואסער און אויך קיין ברויט, און זי האט זיך אפילו ניט אומגעקוקט אויף אים און אפילו אים ניט געפרעגט ווער ער איז. זי האט דאן געשלאגן און געשאלטן די קינדער, און אויך געלעסטערט איר מאן ישמעאל.

דאס האט אברהם'ן שטארק פארדראסן, האט ער זי ארויסגערופן צו זיך זיצנדיק אויף דעם קעמל, און ער האט געזאגט צו איר: „אז דיין מאן וועט צוריקקומען, זאלסטו אים זאגן אזוי:

„א זעהר אלטער מאן איז געקומען אהער פון דעם לאנד פלשתים, אזוי און אזוי האט ער אויסגעזען, ער האט אויף דיר געפרעגט, און איך האב אים ניט געפרעגט ווער ער איז. און ווען ער האט געזען אז דו ביזט ניטא, האט ער צו מיר געזאגט: אז דיין מאן ישמעאל וועט קומען, זאלסטו אים זאגן, דער מאן האט געזאגט אז אזוי ווי דו וועסט צוריקקומען זאלסטו אפטאן דעם פלאקן פון דעם דאזיקן געצעלט, און ארייַנשטעלן אן אנדערן". און נאכדעם ווי אברהם האט פארענדיקט, האט ער פארקירעוועט דאס קעמל און זיך אומגעקערט אהיים.

ווען ישמעאל איז צוריקגעקומען אהיים, מיט זיין מוטער, פון דעם פאנגען, האט זיין פרוי אים איבערגעגעבן ווארט פאר ווארט ווי אברהם האט איר געהייסן. ווען ישמעאל האט דערהערט זיין ווייבס ווערטער, האט ער באלד פארשטאנען אז דאס איז געווען זיין פאטער און אז זיין ווייב האט אים ניט אויפגענומען פיין. ער האט אויך פארשטאנען וואס אברהם האט געמיינט, ווארום דער זון פון א חכם איז ווי א האלבער חכם. ישמעאל האט געפאלגט אברהם'ס ווערטער. ער האט אוועקגעשיקט זיין ווייב און זי איז אוועקגעגאנגען.

## אברהם'ס צווייטער באזוך ביי ישמעאל'ן

און ישמעאל איז אוועקגעצויגען אין דעם לאנד כנען. דארט האט ער גענומען אן אנדער ווייב, און זי געבראכט אין זיין געצעלט אויף דעם ארט פון יענער פרוי.

אזוי זיינען אריבער דריי יאר. און אברהם האט זיך ווידער פארבענקט נאך ישמעאל'ן. האט ער נאכאמאל געזאגט צו שרה'ן אז ער וויל גיין זען ישמעאל'ן, און ער האט איר געשוואוירן, ווי

דאָס ערשטע מאָל, אַז ער וועט ניט אַראָפּשטייגן פון דעם קעמל, דאָרט וואו ישמעאל וואוינט.

איז אברהם אַוועקגעריטן אין דער מדבר, און ער איז אָנגעקומען צו ישמעאל'ס געצעלט אין מיטן טאָג. ווען ער האָט געפרעגט אויף ישמעאל'ן איז אַרויסגעקומען צו אים ישמעאל'ס ווייב, און זי האָט צו אים געזאָגט: „ער איז ניטאָ איצט אין דער היים, מיין האר, ער איז אַוועקגעגאַנגען אין פעלד אריין מיט זיין מוטער פאַשן די קעמלען, און פאַנגען חיות. קום אריין, מיין האר, אין געצעלט אריין וועסטו עפּעס עסן, וואָרום דו ביזט דאָך אַוודאי זעהר מיד פון דעם וועג".

אָבער אברהם האָט איר געענטפערט אַז ער קען ליידער ניט, ווייל ער איילט זיך זעהר, „אָבער", האָט ער געזאָגט, „גיב מיר, איך בעט דיך, אַ ביסל וואַסער ווייל איך בין זעהר דאָרשטיק". איז די פרוי גיך אַריינגעלאָפן אין געצעלט אריין און האָט אַרויסגעבראַכט וואַסער און ברויט און האָט אים געגעבן און האָט אים שטאַרק געבעטן ער זאָל עסן און טרינקען.

האָט אברהם געגעסן, געטרונקען און געבענטשט זיין זון, און ישמעאל'ס הויז איז געוואָרן פול מיט אַלדאָס גוטס.

און אברהם האָט געזאָגט צו איר: „אַז ישמעאל וועט צוריקקומען זאָלסטו אים זאָגן אַזוי: עס איז געווען דאָ אַ זעהר אַלטער מאַן פון דעם לאַנד פלשתים, אַזוי און אַזוי האָט ער אויסגעזען, און ער האָט מיר געזאָגט: „אַז ישמעאל וועט קומען זאָלסטו אים זאָגן אַז דער אַלטער מאַן האָט געזאָגט, אַז דער פּלאָקן וואָס דו האָסט אריינגעשטעלט דאָ אין געצעלט איז זעהר גוט, און דו זאָלסט אים ניט אָפּטאָן". נאָכדעם ווי אברהם האָט געענדיקט, האָט ער פאַרקירעוועט דאָס קעמל, און זיך צוריקגעקערט אַהיים.

ווען ישמעאל איז צוריקגעקומען, איז זיין ווייב געלאָפן אים אַנטקעגן מיט גרויס פרייד און האָט אים איבערגעזאָגט אַלץ, וואָרט פאַר וואָרט, וואָס אברהם האָט איר אָנגעזאָגט. ישמעאל האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז געווען זיין פאָטער, און אַז זי האָט אים אויפגענומען זעהר פיין, און ער האָט געלויבט דעם אויבערשטן.

אין יענער צייט האָט ישמעאל גענומען זיין ווייב, זיינע זין, זיין פי און אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דעם לאַנד פלשתים צו זיין פאָטער. אברהם האָט דאַן דערציילט ישמעאל'ן ווי אַזוי זיין ערשט ווייב האָט אים באַהאַנדלט, און ווי זי האָט זיך אויפגעפירט. און ישמעאל און זיינע זין האָבן געוואוינט מיט אברהם'ן אַ לאַנגע צייט, אַן ערך פון זעקס און צוואַנציק יאָר.

# דער אברהם און אבימלך בונד

נאָכדעם האָט אברהם גענומען אַלע זיינע קנעכט, און אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און ער האָט פאַרלאָזט דאָס לאַנד פלשתים. ער איז אַוועקגעצויגן ווייט פון דעם לאַנד, און איז אָנגעקו־מען נאָענט צו חברון. ער האָט זיך דאָרט באַזעצט. זיינע קנעכט האָבן דאָרט געגראָבן ברונעמס, און אברהם האָט געוואוינט דאָרט, נעבן דעם וואַסער.

דערווייל האָבן די קנעכט פון אבימלך׳ן, דער קעניג פון די פלשתים, דערהערט אַז אברהם׳ס קנעכט האָבן געגראָבן ברונעמס אויף דער גרעניץ פון דעם לאַנד, זיינען זיי געקומען און האָבן פאַרפירט אַ געקריג מיט אברהם׳ס קנעכט. אבימלך׳ס פּאַסטעכער האָבן גע׳טענה׳ט, אַז די ברונעמס געהערן צו זיי, און אברהם׳ס פּאַסטעכער האָבן גע׳טענה׳ט, אַז די ברונעמס געהערן צו זיי. האָבן אברהם׳ס פּאַסטעכער פאָרגעשלאָגן: מיר וועלן זען פאַר וועמענס שאָף וועגן דאָס וואַסער וועט זיך אויפהויבן פון זיך אַליין, דעם געהערן די ברונעמס.

ווי נאָר דאָס וואַסער האָט דערזען אברהם׳ס שאָף, האָט עס זיך באַלד אויפגעהויבן. אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפן, און אבימלך׳ס פּאַסטעכער האָבן צוגע׳גזל׳ט דעם גרויסן ברונעם וואָס אברהם׳ס קנעכט האָבן געגראָבן.

ווען אבימלך, דער קעניג פון פלשתים, איז דערפון געוואָר געוואָרן, איז ער געקומען צו אברהם׳ן אין דער באַגלייטונג פון זיין פעלדמאַרשאַל פיכל און נאָך צוואַנציק הארן. ווען אבימלך האָט פאַרפירט מיט אברהם׳ן אַ שמועס וועגן זיינע קנעכט, האָט אברהם אים פאָרגעהאַלטן פאַרוואָס זיינע פּאַסטעכער האָבן גע׳גזל׳ט ביי אים די ברונעמס.

האָט אבימלך פאַרזיכערט אברהם׳ן אַז ער הויבט ניט אָן צו וויסן דערפון: „איך שווער ביי דעם וועלכער האָט באַשאַפן די גאַנצע וועלט, אַז היינט איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך הער אַז מיינע קנעכט האָבן דיר אַזוי געטאָן”. האָט אברהם גענומען זיבן לעמעלעך, קעגן די זיבן מצוות וואָס די בני נח זיינען געבאָטן געוואָרן. ער האָט זיי געגעבן אבימלך׳ן און צו אים געזאָגט: „נעם זיי פון מיר, און דאָס זאָל זיין אַ צייכן אַז דו ביזט אַן עד (ניט עדות), אַז איך האָב געגראָבן דעם דאָזיקן ברונעם”.

אבימלך האָט גענומען די זיבן לעמעלעך, און ער האָט געשוואוירן אברהם׳ן, אַז אברהם האָט געגראָבן דעם ברונעם. אַט דערפאַר רופט מען דאָס דאָזיקע אָרט ביז היינט צו טאָג „באר שבע”, ווייל דאָרט האָבן זיי ביידע געשוואוירן, און דאָרט האָבן

זיי געשלאָסן אַ בונד. און אבימלך און זיינע מענטשן זיינען צוריק־געגאַנגען קיין פלשתים.

האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אברהם'ן: „דו האָסט געגעבן זיבן לעמעלעך אָהן מיין ווילן, שוועד איך ביי דיין לעבן, אַז דערפאַר וועל איך פאַרציען די שמחה פון דיינע קינדער אויף גאַנצע זיבן דורות. די אידן וועלן אַריינגיין אין ארץ ישראל ערשט נאָך זיבן דורות. דו האָסט געגעבן זיבן לעמעלעך אָהן מיין ווילן, שווער איך ביי דיין לעבן אַז קעגן דעם וועט מען אויס־הרג'ענען פון דיינע קינדער זיבן צדיקים, נעמלעך, חפני, פנחס, שמשון, שאול און זיינע דריי זין. דו האָסט אים געגעבן זיבן לעמעלעך אָהן מיין ווילן, וועלן זיינע זין חרוב מאַכן קעגן דעם דיינע קינדערס זיבן משכן'ס. דו האָסט אים געגעבן זיבן לעמעלעך אָהן מיין ווילן, קעגן דעם וועט מיין אַרון זיך אַרומדרייען אין דעם פעלד פון די פלשתים זיבן חדשים".

און אברהם איז געבליבן וואוינען אין באר שבע אַ לענגערע צייט. ער האָט אויפגעבויט אַ גרויס גאַסט הויז מיט פיר טויערן אין אַלע פיר זייטן; און ער האָט פאַרפלאַנצט דאָרט אַ וויינגאָרטן, כדי אַז פון וועלכער זייט דער רייזנדיקער אָדער פוס־גייער וועט אָנקומען, זאָל זיין פאַר אים אָפן אַ טיר. האָבן אַלע דורכרייזנדיקע אָפּגעשטיגן ביי אברהם'ן. ווער עס איז אַריינגע־קומען אַ הונגעריקער, אַ דאָרשטיקער איז אַרויס פון דאָרט אַ זאַטער. ווער עס איז אַריינגעקומען אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, איז אַרויסגעגאַנ־גען אַ באַקליידעטער, און נאָך מיט אַ פּאָר זילבערנע און גאָלדענע מטבעות. נאָכן עסן פלעגט ער זיי הייסן בענטשן און לויבן דעם אַלמעכטיקן, און ער האָט זיי געלערנט תורה.

דערווייל איז יצחק אַלט געוואָרן זיבן און דרייסיק יאָר. איז שמועסנדיק איינמאָל מיט יצחק'ן, האָט ישמעאל זיך אָנגעהויבן פאַר אים באַרימען, און ער האָט געזאָגט צו אים: „זעסטו, ווען איך בין געווען אַ דרייצן יאָריק אינגל, האָב איך שוין געטאָן דאָס וואָס דער אויבערשטער האָט געהייסן. ער האָט געהייסן מל זיין, האָב איך געפאָלגט".

דאַרויף האָט יצחק אים געענטפערט, אַזוי צו זאָגן: וואָס באַרימסטו זיך אַזוי פאַר מיר וועגן אַ פּיצעלע פלייש וואָס דער אויבערשטער האָט געהייסן אַראָפּנעמען פונעם קערפּער. איך שווער ביים אויבערשטן פון מיין פאָטער אברהם אַז ווען ער זאָל זאָגן מיין פאָטער: נעם יצחק'ן און ברענג אים אַלס קרבן עולה פאַר מיר, וואָלט איך זיך ניט געוועדט קעגן דעם, און איך וואָלט געלאָזט מקריב זיין מיין גאַנצן קערפּער מיט שמחה, מיט פרייד.

# דער שטן קלאָגט אָן אברהם׳ן

אין אַ שיינעם טאָג זיינען די מלאכים געקומען פאַרן האַר, און צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען דער שטן וועלכער איז געקומען ריידן שלעכטס אויף די מענטשן. האָט דער אויבערשטער געפרעגט דעם שטן: „פון וואַנען קומסטו?" און דער שטן האָט געענטפערט און געזאָגט: „איך האָב אַרומגעשוועבט איבער דער וועלט". „איז וואָס זשע האָסטו עפּעס צו זאָגן וועגן די מענטשן?" האָט דער האַר פון די וועלטן געפרעגט. און דער שטן האָט געענטפערט: „איך האָב באַאָבאַכטעט די מענטשן וועלכע דינען דיך, און דערמאָנען דיך, אָבער דאָס טוען זיי בלויז ווען זיי דאַרפן דיך, ווען זיי פאַרלאַנגען עפּעס פון דיר. ווי נאָר, אָבער, דו דערפילסט זייער פאַרלאַנג, און דו גיסט זיי וואָס זיי בעטן דיך, פאַרגעסן זיי באַלד אין דיר, און זיי דערמאָנען דיך ניט מער. אָט נעם אברהם׳ן. צום אָנהויב, ווען ער האָט געהאַט קיין קינדער, האָט ער דיך געדינט. אומעטום וואו ער האָט זיך געפונען, האָט ער געבויט מזבחות און מקריב געווען אויף זיי קרבנות צו דיר, און אויפגעפאָדערט די מענטשן זיי זאָלן דיך דינען. און איצט, נאָכדעם ווי זיין זון יצחק איז אים געבוירן געוואָרן, האָט ער דיך פאַרלאָזט. ער האָט געמאַכט אַ גרויסע סעודה פאַר אַלע מענטשן, אָבער דיך האָט ער פאַרגעסן. ווארום אָט האָט ער דאָך ניט מקריב געווען אַ קרבן עולה, אָדער אַ קרבן שלמים, אַפילו ניט אַן אָקס, אָדער אַ שעפעלע, אָדער גאָר אַ ציגעלע. אָט זיינען שוין אַוועק גאַנצע זיבן און דרייסיק יאָר זינט יצחק איז געבוירן געוואָרן, האָט ער די גאַנצע צייט ניט געבויט פאַר דיינעטוועגן אַ מזבח און ניט מקריב געווען אַ קרבן, ווארום דו האָסט דאָך אים שוין געגעבן וואָס ער האָט פון דיר פאַרלאַנגט. אָט דער דאָזיקער אַלטער, צו הונדערט יאָר האָסטו אים געשאָנקן אַ זון, איז פון דער גרויסער סעודה וואָס ער האָט געמאַכט, האָט ער ניט געפונען פאַר נויטיק מקריב צו זיין צו דיר אַפילו אַ טייבעלע. נאָכמער, ער האָט נאָך געשלאָסן אַ בונד מיט ערלים, און עובר געווען אויף דעם געבאָט ניט צו שליסן מיט זיי אַ בונד. דו רופסט אים „מיין פריינט", כאָטש ער האָט געמאַכט אַ סעודה פאַר אַלע, אַפילו פאַר אַלע חיות און עופות, אָבער אין דיר האָט ער פאַרגעסן".

האָט דער אויבערשטער אים געענטפערט: „האָסטו זיך גוט צוגעקוקט צו מיין קנעכט אברהם! עס איז דאָך ניטאָ זיין גלייכן אין דער וועלט. ער איז דאָך אַן ערלעכער, גערעכטער מענטש וועלכער האָט מורא פאַר מיר, און טוט קיין שלעכטס. אָט דאָס אַלץ

וואָס ער האָט געטאָן, האָט ער דאָך געטאָן בלויז צוליב זיין זון. און פונדעסטוועגן ווען איך זאָל אים זאָגן 'שעכט דיין זון פאַר מיינעטוועגן', וועט ער אים באַלד שעכטן. איך שווער, אַז ווען איך זאָל אים זאָגן: 'זיי מקריב יצחק'ן פאַר אַ קרבן עולה', וועט ער אים ניט צוריקהאַלטן פון מיר. אַ פּשיטא שוין ווען איך זאָל אים הייסן מקריב זיין זיינע שאָף אָדער רינדער".

האָט דער שטן געזאָגט: „איך בעט דיך מיין האַר, הייס אים דאָס טאָן, וועלן מיר זען צי ער וועט פאָלגן. פרואוו אים באַלד אויס!"

אָט נאָך די דאָזיקע רייד מיט דעם שטן, האָט דער אויבערשטער גענומען אויספּרובירן דעם צדיק אברהם. רשעים פּרואווט ניט דער אויבערשטער, ווייל זיי קענען דאָך ניט אויסהאַלטן דעם נסיון. נעמט, למשל, פלאַקס. אַז דאָס פלאַקס איז געראָטן, קען מען דאָס קלאַפּן, אָבער אַז דאָס פלאַקס איז שוואַך, קען מען דאָס ניט קלאַפּן. אָדער נעמט, למשל, איינעם וועלכער האָט צוויי בהמות, אַ שטאַרקע און אַ שוואַכע; אויף וועלכער לייגט ער אַרויף די שווערע משא, ניט אויף דער שטאַרקערער? אַזוי אויך דער אויבערשטער. די צדיקים וועלכע קענען אויסהאַלטן, זיי שטעלט ער פאַר נסיונות, אָבער ניט די רשעים, ווייל זיי קענען דאָך ניט אויסהאַלטן.

## דער צענטער נסיון

אין יענער נאַכט האָט דער הייליקער, געלויבט איז ער, זיך באַוויזן צו אברהם'ן און ער האָט געזאָגט צו אים: „נייען מאָל האָב איך דיך שוין אויספּרובירט, און דו האָסט אויסגעהאַלטן. האַלט אים נאָך דעם איצטיקן נסיון, כדי מענטשן זאָלן ניט זאָגן אַז יענע זיינען געווען בלויז קלייניקייטן, דערפאַר האָט ער אויסגעהאַלטן".

„וואָס פאַר אַ מין נסיון איז דאָס?" האָט אברהם געפרעגט.

און דער אויבערשטער האָט אים געענטפערט: „איך וויל דיך בעטן דו זאָלסט נעמען דיין זון".

„האַר פון דער וועלט", ענטפערט אברהם, „איך האָב דאָך צוויי זין, וועלכן מיינסטו, דעם וועלכער איז מיר געבוירן געוואָרן איידער איך האָב זיך מל געווען, אָדער נאָכדעם?"

„דיין איינציקן זון", ענטפערט דער אויבערשטער.

„אָבער", טענה'ט אברהם, „זיי זיינען דאָך ביידע איינציקע, יצחק איז אַ בן יחיד ביי זיין מוטער שרה, און ישמעאל איז אַ בן יחיד ביי זיין מוטער הגר".

און ער האָט באַקומען אַן ענטפער: „דעם וועלכן דו האָסט ליב״.

„איך האָב דאָך זיי ביידע ליב״, זאָגט אברהם.

„דעם וועלכן דו האָסט זעהר שטאַרק ליב״, זאָגט אים דער באַשעפער פון דער וועלט.

„איז דען פאַראַן אַ גרעניץ? לאָזט זיך דען אַזאַ זאַך אָפּמעסטן?״ פרעגט אברהם.

„יצחק׳ן״, ענטפערט דער אויבערשטער.

און דאָס וואָס דער אַלמעכטיקער האָט אים ניט באַלד געזאָגט אַז ער מיינט יצחק׳ן, איז געווען בלויז צוליב דעם כדי ער זאָל קענען אים געבן שכר פאַר יעדער וואָרט, און אויך כדי ער זאָל אים ניט איבערשרעקן פלוצים. וואָרום אַ פאָטער קען דאָך נאָך אָראָפּ פון זינען פון אַזאַ בשורה.

און אברהם האָט באַלד אויסגעשריען: „איך בין גרייט! וואָס זאָל איך טאָן?״

און דער אויבערשטער האָט אים געזאָגט: „גיי קיין ירושלים, און ברענג אים דאָרט פאַר אַן עולה אויף איינעם פון די בערג״.

„האַר פון די וועלטן, אויף וועלכן באַרג?״ פרעגט אברהם.

„דאָרט וואו דו וועסט זען מיין כבוד שטייט און וואַרט אויף דיר. דער באַרג אויף וועלכן דו וועסט זען ליכטיקייט, און אַ וואָלקן איז צוגעבונדן צו אים. דאָס איז די שכינה, און דאָרט איז דער פּלאַץ פון דער עבודה״.

„אָבער, האַר פון דער וועלט, קען מען דען ברענגען אַ קרבן אָהן אַ כהן? און בין איך דען גענוג כשר אים מקריב צו זיין? בין איך דען אַ כהן?״ פרעגט אברהם.

„איך האָב דיך שוין לאַנג באַשטימט אַלס כהן״, ענטפערט אים דער אויבערשטער.

האָט אברהם דאָס באַלד אָנגענומען באהבה. און ער האָט גענומען טראַכטן ווי אַזוי אָוועקצונעמען יצחק׳ן פון זיין מוטער שרה. זאָל ער איר דערציילן, זיינען דאָך ווייבער לייכטזיניק אפילו ביי קלייניקייטן, בפרט ביי אַזאַ גרויסע זאַך. זאָל ער איר ניט דערציילן, און ער זאָל אים אָוועקנעמען אָהן איר וויסן, איז אַז זי וועט געוואָר ווערן דערנאָך, קאָן זי דאָך זיך נאָך „אַ מעשה אָנטאָן״.

איז אברהם אַריינגעגאַנגען צו שרה׳ן אין געצעלט. ער האָט זיך אָנידערגעזעצט נעבן איר און צו איר אַזוי געזאָגט: „ווען איך בין אַלט געווען דריי יאָר, האָב איך שוין דערקענט דעם באַשעפער. און אונזער זון יצחק איז שוין גרויס, און ער האָט נאָך ניט געלערנט ווי צו דינען דעם באַשעפער. וועל איך מאָרגן אים אָוועקפירן צו שם און זיין זון עבר, ער זאָל ביי זיי לערנען״.

האָט שרה געענטפערט: „דו ביזט גערעכט. גיי מיין האַר, און טו ווי דו האָסט געזאָגט. אָבער זע אַז מיין זון זאָל ניט זיין לאַנג אַוועק פון מיר, וואָרום מיין לייב איז צוגעבונדן מיט זיין לייב".

און יענע נאַכט האָט יצחק פאַרבראַכט מיט שרה'ן. זי האָט אים געקושט און געהאַלזט און געהאַלטן אין איין זאָגן צו אים: „מיין קינד, ווי קען זיך מיין לייב אָפּשיידן פון דיין לייב?" און צו אברהם'ן האָט זי געזאָגט: „איך בעט דיך מיין האַר, גיב אַכטונג אויף אים, ווייל איך האָב דאָך קיין אַנדער קינד. ער איז דאָך ביי מיר אַן איין און איינציקער. זע פאַרלאָז אים ניט. אַז ער וועט ווערן הונגעריק, גיב אים צו עסן, און אַז ער וועט זיין דאָרשטיק, גיב אים צו טרינקען. לאָז אים ניט גיין צופוס, לאָז אים ניט זיצן אין דער זון, לאָז אים ניט איבער אַליין. און אַז ער וועט דיך עפּעס בעטן, זאָלסטו אים צוליב טאָן". און שרה איז געזעסן אַ גאַנצע נאַכט און האָט געהאַלטן אין איין וויינען.

און אברהם איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, וואָרום צו אַ מצוה דאַרף מען זיך דאָך פעדערן, און ער אַליין האָט איינגעשפּאַנט דאָס אייזל. ער האָט ניט געהייסן איינעם פון זיינע קנעכט דאָס טאָן, ווייל די מצוה איז געווען ביי אים שטאַרק אַנגעלייגט. און אָט דאָס אייזל איז באַשאַפן געוואָרן פריטיק פאַרנאַכט ווען די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן. עס איז אויך דאָס זעלביקע אייזל אויף וועלכן משה איז געריטן קיין מצרים, און אויף וועלכן משיח בן דוד וועט רייטן. ער האָט מיטגענומען מיט זיך ישמעאל'ן און זיין קנעכט אליעזר. וואָרום ער האָט זיך געטראַכט, אַז אין דער צייט ווען ער וועט אים מקריב זיין, וועלן זיי דערווייל אָפּהיטן די כלים. און אַ חוץ דעם טאָר דאָך אַן אָנגעזעענער מענטש זיך ניט לאָזן אין וועג אַריין אַליין, אָהן צוויי באַגלייטער.

און שרה האָט גענומען פון די טייערע מלבושים וואָס אבימלך האָט איר געגעבן, און זי האָט אויסגעפּוצט יצחק'ן, אים אָנגעטאָן אַ קאַשקעט אויפן קאָפּ, און אין דעם קאַשקעט האָט זי אַריינגעזעצט אַ טייערן דימענט. און זי האָט זיי מיטגעגעבן שפּייז אויף דעם וועג.

און שרה, און פילע פון אברהם'ס מענטשן האָבן זיי באַגלייט. שרה האָט שטאַרק געוויינט. אויך אברהם און יצחק האָבן געוויינט. און שרה האָט ווידער אַרומגעכאַפּט יצחק'ן, אים געהאַלזט און געקושט, אים געדריקט צו זיך און געשריען: „ווער ווייסט, צי איך וועל דיך נאָך זען, מיין קינד!" זיי האָבן זיך אָפּגעשיידט, און אברהם און יצחק, אין דער באַגלייטונג פון ישמעאל'ן און אליעזר'ן, האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויספאָלגן דעם אויבערשטנס געבאָט.

# אויפן וועג צו דער עקידה

גייענדיק אויף דעם וועג, איז דערווייל אויסגעבראָכן אַ קריג צווישן ישמעאל'ן און אליעזר'ן. ישמעאל האָט זיך אָנגערופן צו אליעזר'ן: „מיין פאָטער אברהם גייט דאָך מקריב זיין יצחק'ן. איז נאָכדעם ווי ער וועט זיך אומקערן, וועט ער דאָך מיך מאַכן פאַר זיין יורש, ווארום איך בין דאָך זיין עלטסטער זון".

רופט זיך אָבער אָן אליעזר: „אברהם האָט דאָך אַרויס־געטריבן דיך און דיין מוטער, און ער האָט דאָך געשוואוירן אַז דו זאָלסט אים ניט ירש'ענען, איז ווען זשע וועט ער איבערלאָזן זיין פאַרמעגן, אויב ניט זיין געטרייען און איבערגעגעבענעם קנעכט, וועלכער האָט אים געדינט טאָג און נאַכט". אָבער דער רוח הקודש האָט זיי געענטפערט: „ניט דער און ניט דער וועלן ירש'ענען. די ירושה וועט געהערן צו איר אייגענטימער".

גייענדיק אַזוי אויפן וועג, האָט זיך באַוויזן דער שטן אין דער געשטאַלט פון אַן אַלטן מענטשן, אַן עניו, אַ דערשלאָגענער, און ער האָט געפרעגט אברהם'ן: „וואוהין לאָזט דו זיך?" „תפילה טאָן", ענטפערט אברהם. „אַז מען גייט דאַוונען, צו וואָס זשע דאַרף מען מיטנעמען אַ מעסער און האָלץ?" פרעגט דער אַלטער. „איך ווייס", ענטפערט אברהם, „טאָמער קומט אונז אויס זיך צו פאַרזאַמען אַ טאָג אָדער צוויי, וועט מען דאָך דאַרפן עפּעס שעכטן און קאָכן".

זאָגט דער שטן: „אַלטער! בין איך דען ניט געווען דערביי ווען דער הייליקער, ברוך הוא, האָט דיר געזאָגט דו זאָלסט מקריב זיין דיין זון. און דו אַלטער, דו גייסט דער'הרג'ענען אַ זון וועלכער איז דיר געבוירן געוואָרן צו הונדערט יאָר! און רעכנסטו דען צו האָבן נאָך אַ זון! טאָמער ברענגסטו אום אָט די נשמה, וועסטו דאָך דאַרפן אָפּגעבן דין!" אָבער אברהם האָט ניט געוואָלט אים הערן.

דער שטן האָט געהאַלטן אין איין איינריידן אברהם'ן, אַז ער זאָל דאָס ניט טאָן, אָבער אברהם האָט זיך ניט צוגעהערט. ווען דער שטן האָט געזען אַז זיינע רייד זיינען אַרויסגעוואָרפן, האָט ער געזאָגט צו אים: „איך האָב געהערט מאחורי הפרגוד, פון הינטער דעם הימלישן פאָרהאַנג, אַז אַנשטאָט יצחק'ן וועט אַ שעפעלע געאָפּפערט ווערן". אָבער אברהם האָט אים געענטפערט: „אָט דאָס איז די שטראָף פון אַ ליגנער, אַז אפילו ווען ער זאָגט שוין אמת, גלויבט מען אים אויך ניט". און אברהם האָט אויף אים אָנגעשריען, און ער איז אַוועקגעגאַנגען.

דערנאָך האָט דער שטן זיך צוריק אומגעקערט, אָבער דאָס מאָל צו יצחק׳ן. ער איז פאַר אים דערשינען אין דער געשטאַלט פון אַ יונגן, שיינעם בחור. ער האָט זיך געשטעלט אין יצחק׳ס רעכטער האַנט, און ער האָט אים געפרעגט: „וואוהין גייסטו?״ „לערנען תורה״, ענטפערט יצחק. „ביי דיין לעבן, צי נאָך דיין טויט?״ פרעגט אים דער שטן. „וואָס הייסט?״ פרעגט יצחק, „איז דען פאַראַן אַ מענטש וואָס לערנט נאָכן טויט?״

און דער שטן האָט אויסגערופן: „אָה דו אומגליקלעכער זון פון אַן אומגליקלעכער מוטער! וויפל תעניתים האָט דיין מוטער צוליב דיר געפאַסט! וויפל תפילות האָט זי געבעטן, ביז זי האָט דיך געבוירן. און איצט קומט אָט דער אַלטער, וואָס פון אַלטקייט איז ער פון זינען אַראָפּ, און פירט דיך שעכטן! צי ווייסטו דען ניט, צי האָסטו דען ניט געהערט, אַז דיין אַלטער נאַרעשער פאָטער פירט דיך היינט שעכטן פאַר גאָרנישט מיט נישט! אַלזאָ, מיין קינד, פאָלג אים ניט, וואָרום דער אַלטער איז אַ נאַר, און זאָל אַזאַ שיינע געשטאַלט ווי דו, אַזאַ טייערע נשמה ווי דו ניט אומקומען פון דער וועלט״.

נאָכדעם ווי יצחק האָט דאָס אַלץ אויסגעהערט, האָט ער געענטפערט: „און פונדעסטוועגן וועל איך דאָך ניט עובר זיין אויף מיין באַשעפערס פאַרלאַנג און אויף מיין פאָטערס געבאָט״. און גלייכצייטיק האָט ער זיך אויסגעדרייט צו זיין פאָטער און אַ זאָג געטאָן: „זע, טאַטע, וואָס וויל אָט דער דאָזיקער מאַן.״

„היט זיך פאַר אים״, האָט אברהם געענטפערט, „הער זיך ניט צו צו זיינע רייד, און פאָלג אים ניט, וואָרום ער איז אַ שטן וואָס וויל אונז שטערן אויסצופאָלגן היינט דעם אויבערשטנס געבאָט! קוק ניט אויף אים, וואָרום ער איז געקומען בלויז אונז אויסצומאַטערן״. אברהם האָט ווידעראַמאָל אָנגעשריען אויפן שטן, און ער איז אַוועק פון זיי. און אברהם און יצחק האָבן פאַר־געזעצט זייער גיין. אברהם איז געגאַנגען בינדן, און יצחק איז געגאַנגען געבונדן ווערן. אברהם איז געגאַנגען שעכטן, און יצחק איז געגאַנגען געשאָכטן ווערן.

ווען דער שטן האָט דערזען אַז ער קען זיי ניט בייקומען, איז ער פאַרשוואונדן. ער איז אַוועק אַ שטיק וועג פאַראויס, פאַר זיי, און ער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן טייך אויף דעם וועג אויף וועלכן זיי דאַרפן גיין. ווען אברהם, יצחק, און די צוויי יונגען זיינען געקומען צו יענעם אָרט, האָבן זיי דערזען פאַר זיך אַ גרויסן, ברייטן טייך מיט רוישיקן וואַסער.

האָט אברהם געמאַכט קיינע לאַנגע שהיות, און ער איז גלייך אַריין אין וואַסער, ביז צו די קניעס. „גייט נאָך מיר!״ האָט

ער באַפוילן די יונגען, און זיי האָבן געפאָלגט. זיינען זיי אַזוי געגאַנגען אין וואַסער ביז דאָס וואַסער האָט שוין דערגרייכט ביז די העלזער. דערווייל האָט אברהם דערקענט דאָס אָרט, און ער האָט געוואוסט אַז אויף דעם אָרט דאַרף גאָר ניט זיין אַ טייך.

האָט אברהם זיך אָנגערופן צו יצחק'ן: „איך קען דעם דאָזיקן פּלאַץ זעהר גוט, און איך ווייס אַז דאָ דאַרף זיין קיין טייך און קיין וואַסער. עס איז ניט אַנדערש, נאָר ווי דאָס מוז זיין דער שטן, וועלכער ווענדעט אָן אַלע מעגלעכקייטן כדי אונז צו שטערן, מיר זאָלן ניט קענען אויספאָלגן היינט דעם אויבערשטנס באַפעל". אין יענעם מאָמענט האָט אברהם אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל, און ער האָט געזאָגט:

„רבונו של עולם! דו האָסט מיך אויסגעקליבן און האָסט זיך צו מיר אַנטפּלעקט און געזאָגט צו מיר: 'איך בין איינער און דו ביזט איינער, און דורך דיר וועט מיין נאָמען באַקאַנט ווערן אין דער וועלט, און גיי ברענג דיין זון יצחק פאַר אַ קרבן עולה פאַר מיר'. האָב איך זיך ניט צוריקגעהאַלטן, און איך בין איצט זיך עוסק מיט דיין מצוה. אָבער דאָס וואַסער דערגרייכט שוין ביז צום האַלז. איז אויב איך אָדער מיין זון יצחק ווערט דערטרונקען, ווער זשע וועט דערפילן דיין געבאָט? ווער וועט פאַראייביקן דיין נאָמען?!"

האָט דער הייליקער אים געענטפערט: „ביי דיין לעבן, ווי דורך דיר וועט מיין נאָמען פאַראייביקט ווערן אויף דער וועלט". און טאַקע באַלד האָט דער אויבערשטער אָנגעשריען אויפן קוואַל. דער טייך איז אויסגעטריקנט געוואָרן, און זיי זיינען געשטאַנען אויף טרוקן לאַנד.

אויף דעם דריטן טאָג — ניט דעם ערשטן אָדער דעם צווייטן, כדי די פעלקער פון דער וועלט זאָלן ניט קענען זאָגן „ער האָט אים פאַרטומלט, צעמישט פּלוצים און אים אַראָפּגעפירט פון זינען. ווען ער זאָל געווען האָבן צייט זיך מיישב צו זיין וואָלט ער דאָס ניט געווען געטאָן" — האָט ער דערזען דאָס אָרט אַ מייל פון ווייטן.

וואָרום פריער איז אָט דאָס אָרט גאָר געווען אַ טאָל. נאָר אַזוי ווי דער הייליקער האָט באַשלאָסן צו מאַכן רוען די שכינה אויף אים און צו מאַכן אַ מקדש, האָט ער ביי זיך געטראַכט, אַז עס פּאַסט ניט פאַר אַ מלך צו רוען אין אַ טאָל, נאָר אויף אַ הויכן, שיינעם אָרט, וואָס יעדער איינער קען זען. האָט ער טאַקע באַלד אַ וואונק געגעבן צו דער אומגעגנט פון דעם טאָל, אַז אַלע בערג זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויף איין אָרט און מאַכן אַן אָרט פאַר דער שכינה. אויף אָט דעם אָרט האָט אברהם דערזען אַ

זייל פון פייער אַרויפגיין פון דער ערד ביז צום הימל, און אַ שווערן וואָלקן אויפן באַרג, און דעם אויבערשטנס כבוד אין דעם וואָלקן.

האָט אברהם זיך אָנגערופן צו יצחק'ן: „האָסטו געזען אויף אַט יענעם באַרג דאָס וואָס איך האָב געזען?" און יצחק האָט אים געענטפערט: „איך האָב געזען אַ פייערדיקן זייל, אַ וואָלקן און דעם אַלמעכטיקנס כבוד אין דעם וואָלקן". האָט אברהם באַלד געוואוסט אַז יצחק איז באַוויליקט געוואָרן אַלס אַן עולה פאַרן אויבערשטן.

און דאַן האָט אברהם זיך געווענדעט צו אליעזר'ן און צו ישמעאל'ן: „האָט אויך איר געזען דאָס וואָס מיר האָבן געזען אויף יענעם באַרג?" אָבער זיי האָבן געענטפערט „מיר האָבן געזען קיין שום זאַך, אויסער אַ באַרג ווי אַלע אַנדערע געוויינלעכע בערג".

האָט אברהם פאַרשטאַנען אַז זיי זיינען ניט באַוויליקט פאַרן באַשעפער זיי זאָלן מיטגיין מיט אים. האָט ער צו זיי געזאָגט: „אַזוי ווי איר זעט גאָרניט, און דער דאָזיקער אייזל זעט אויך גאָרניט, איז זיצט זשע דאָ מיטן אייזל, און איך און יצחק וועלן גיין צו יענעם באַרג. מיר וועלן זיך דאָרט בוקן פאַרן אַלמעכטיקן, און דערנאָך וועלן מיר זיך אומקערן". ער האָט אַלזאָ נביאות געזאָגט אַז אויך יצחק וועט זיך אומקערן. ווייל ער האָט דאָך געזאָגט: דערנאָך וועלן מ י ר זיך אומקערן.

זיינען אליעזר און ישמעאל געבליבן אויף יענעם אָרט, אַזוי ווי אברהם האָט זיי געהייסן. אברהם און יצחק זיינען געגאַנגען איבער טאָלן און איבער בערג ביז זיי זיינען געקומען צו יענעם אָרט. און געגאַנגען זיינען זיי ביידע ווי איין מאַן. אברהם וועלכער האָט געוואוסט אַז ער גייט שעכטן זיין זון, איז געגאַנגען מיט דער זעלביקער שמחה ווי יצחק וועלכער האָט פון גאָרניט געוואוסט.

גייענדיק אַזוי אויפן וועג רופט זיך אָן יצחק צו אברהם'ן: „טאַטע, פייער און האָלץ האָבן מיר, נו און וואו איז דאָס שעפעלע פאַר דעם קרבן?"

ענטפערט אים אברהם: „מיין קינד, דער אויבערשטער האָט דיך אויסדערוויילט פאַר דעם קרבן אויפן אָרט פון דעם שעפעלע".

„אַלץ וואָס דער אויבערשטער האָט דיר געהייסן וועל איך טאָן מיט גרויס פרייד", האָט יצחק זיך אָנגערופן. „איך שווער ביים באַשעפער און ביי דיר, טאַטע, אַז טיף אין האַרצן האָב איך גאָרניט קעגן דעם וואָס ער האָט דיר געהייסן. אַ ביין פון מיינע ביינער און פלייש פון מיין פלייש וועט ניט אָפּווייכן פון אַלץ וואָס ער האָט דיר געזאָגט. אדרבה, איך בין געוואַלדיק

צופרידן, און געלויבט איז דער אויבערשטער וואָס ער האָט מיך אויסדערוויילט פאַר דעם קרבן". האָט אברהם זיך שטאַרק געפרייט מיט יצחק'ס ווערטער, און זיי זיינען ביידע ווייטער געגאַנגען.

## די עקידה

אזוי גיך ווי זיי זיינען געקומען צו יענעם אָרט, האָט דער הייליקער, געלויבט איז ער, זיך באַוויזן צו אברהם'ן און צו אים געזאָגט: „אָט דאָס איז דער מזבח; אויף אים האָבן אָדם הראשון, קין, הבל, נח און זיינע זין מקריב געווען".

האָט יצחק זיך אָנגערופן צו אברהם'ן: „טאַטע, אייל זיך צו. פאַרקאַטשע די אַרבל און בינדט גוט מיינע הענט און מיינע פיס, וואָרום איך בין דאָך אַ בחור פון זיבן און דרייסיק יאָר, און דו ביזט אַלט. איז אַז איך וועל דערזען דאָס מעסער אין דיין האַנט, וועל איך זיך דערשרעקן פון פחד, און קען דיר נאָך דערלאַנגען, און דערוויייל אַליין באַקומען אַ מום און פסול ווערן פאַר אַ קרבן. בעט איך דיך, טאַטע, אייל זיך צו און טו דעם ווילן פון דיין באַשעפער, האַלט ניט אויף. גאַרט אָן דיינע לענדן און פאַרברען מיך גוט. דאָס אַש מיינס זאָלסטו אַוועקפירן צו מיין מוטער שרה. לייג עס אַריין אין אַ קעסטל און שטעל עס אַוועק אין איר צימער. איז ווען זי וועט אַריינגיין אין איר צימער, וועט זי מיט געוויין זיך דערמאָנען אָן איר זון יצחק".

דערהערנדיק די דאָזיקע רייד האָט אברהם זיך שטאַרק צעוויינט. אויך יצחק האָט אָנגעהויבן וויינען, און ער האָט ווידער געבעטן אברהם'ן זיך צו צואיילן צו דערפילן דעם אויבערשטנס ווילן.

האָט אברהם געבונדן יצחק'ן די הענט און די פיס פון אונטן, און אָלץ צוגעגרייט. יצחק האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלז. דער אויבערשטער איז געזעסן און צוגעקוקט ווי אַ פאָטער בינדט אַ קינד, און ווי אַ קינד לאָזט זיך בינדן מיט דעם גאַנצן האַרצן.

אָבער ווי נאָר אברהם האָט גענומען דאָס מעסער, איז געקומען דער שטן, האָט אַ שטופּ געטאָן אברהם'ס האַנט, און דאָס מעסער איז אים אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט.

דערוויייל האָבן די מלאכים פון רחמים אָנגעהויבן בעטן: „אָה! האַר פון רחמים און גנאָד! דו האָסט באַשאַפן הימל און ערד, דו דערהאַלטסט דאָך אַלע ביים לעבן! לייז אויס דיין קנעכט יצחק. דערבאַרעם זיך אויף אברהם'ן און אויף זיין זון יצחק! דו זעסט דאָך ווי יצחק, דער זון פון דיין קנעכט אברהם, ליגט געבונדן

אויף דעם מזבח ווי אַ בהמה געשאָכטן צו ווערן, איז האָב רחמנות אויף אים״.

און די דינסט־מלאכים האָבן געשריען און געוויינט: „האַר פון דער וועלט! דו ווערסט אָנגערופן אַ דערבאַרעמדיקער, ווייל דו האָסט רחמנות אויף אַלצדינג, האָב זשע רחמנות אויף יצחק׳ן. ער איז דאָך אַ מענטש און דאָס קינד פון אַ מענטשן. און ער ליגט גאָר געבונדן פאַר דיר ווי אַ בהמה״.

זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט שורות־ווייז אין הימל און איינע האָט געזאָגט צו דער אַנדערער: זעט, דער איינציקער שעכט, און דער איינציקער ווערט געשאָכטן. און זיי האָבן געזאָגט צום אויבערשטן: ווער וועט זאָגן פאַר דיר ביים ים סוף „זה א־לי ואנוהו״, דאָס איז מיין אויבערשטער, און איך וועל אים באַשיינען. וואָס וועט ווערן פון דיין שבועה „כה יהיה זרעך״, אַזוי (פיל) וועלן זיין דיינע קינדער.

און זיי האָבן געשריען פאַר דעם הייליקן: „וואו איז אברהם׳ס שכר דערפאַר וואָס ער האָט מודיע געווען דיין נאָמען צו די רייזנדיקע? וואו איז אברהם׳ס שכר דערפאַר וואָס ער האָט אַריינגענומען צו זיך אין הויז מענטשן פון אַלע עקן וועלט, זיי געקאָרמעט אומזיסט, נאָר כדי זיי זאָלן מאַכן אַ ברכה? מאַכסטו בטל דעם בונד וואָס דו האָסט געשלאָסן מיט אברהם׳ן, אַז דעם בונד וועסטו מקיים זיין דורך יצחק׳ן! אָט ליגט דאָך דאָס מעסער אויף זיין האַלז! ביז ווען וואַרטסטו?״

אין יענעם מאָמענט האָט אברהם אויפגעעפנט זיין מויל, און ער האָט געשריען מיט גרוים ליאַרם. זיינע אויגן האָבן געשוועבט און געקוקט צו דער שכינה. „אשא עיני אל ההרים, מאין יבוא עזרי, עזרי מעם ה׳ עושה שמים וארץ״, איך הויב אויף מיינע אויגן צו די בערג. פון וואַנען וועט קומען מיין הילף. מיין הילף איז פונעם אויבערשטן, באַשעפער פון הימל און ערד.

און יצחק האָט געזאָגט: טאַטע, דו זאָלסט עס ניט דערציילן דער מאַמען בעת זי שטייט אויפן דאָך אָדער לעבן אַ גרוב, ווייל זי קען נאָך באַגיין זעלבסטמאָרד, און די נשמה איז אים אַרויסגעפלויגן.

טרערן זיינען געפאַלן פון אברהם׳ס אויגן, אוים פאַטערלעכן רחמנות, און זיי זיינען אַריינגעפאַלן אין יצחק׳ס אויגן. אָבער זיין האַרץ האָט זיך געפרייט צו טאָן דעם באַשעפערס ווילן.

אָבער אַזוי ווי דאָס מעסער האָט דערגרייכט זיין האַלז, איז יצחק׳ס נשמה אַרויסגעפלויגן. דריי טרערן פון די דינסט־מלאכים זיינען אַרונטערגעפאַלן און האָבן פאַרדאַרבן דאָס מעסער. האָט

דער הייליקער באַלד אַ זאָג געטאָן צו דעם מלאך מיכאל: „וואָס שטייסטו! לאָז אים ניט!"

האָט דער מלאך מיכאל אָנגעהויבן רופן: „אברהם! אברהם! וואָס טוסטו?!" און געשריען האָט ער מיט אַזאַ קול ווי איינער שרייט ווען ער געפינט זיך אין אַ צרה.

און ער האָט געשריען „אברהם, אברהם", צוויי מאָל, ווייל דאָס איז אַן אויסדרוק פון ליבשאַפט, באַליבקייט אין די הימלישע ספערן. און אויך דערפאַר ווייל אברהם איז געווען אַזוי פאַרטיפט, אַזוי אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן מקיים צו זיין די מצוה, אַז ער האָט פשוט ניט געהערט דאָס ערשטע מאָל, האָט דער מלאך געמוזט אים רופן נאָך אַ מאָל.

אברהם האָט אויסגעדרייט דאָס פנים צו אים, און מיכאל שרייט ווייטער: „וואָס טוסטו? טשעפּע ניט דאָס אינגל".

„ווער ביזטו?" פרעגט אברהם. „איך בין אַ מלאך", ענטפערט מיכאל. טענה'ט אברהם: „ווען מען האָט מיר געזאָגט 'נעם דיין זון און ברענג אים פאַר אַ קרבן עולה', האָט דער אויבערשטער אַליין מיר עס געזאָגט. און איצט, אויב דאָס איז זיין ווונטש, זאָל ער אַליין מיר עס זאָגן".

און ער האָט געזאָגט צו אים: „אפשר ביזטו דער שטן, און דו ווילסט מיך פאַרפירן". האָט מיכאל אים געענטפערט: ניין, איך בין דעם אויבערשטנס שליח. דער הייליקער, געלויבט זיין נאָמען, וויל קיין מענטש-קרבן. און דער שטן אַליין האָט זיך טאַקע אָנגערופן: „אַזוי האָב איך געהערט מאחורי הפרגוד, פון אונטער דעם הימלישן פאָרהאַנג, 'שה לעולה', אַ שעפעלע פאַר אַ קרבן עולה, אָבער ניט יצחק'ן פאַר אַ קרבן עולה". אָבער אברהם האָט אים געענטפערט: „אַ ליגנער אפילו ווען ער זאָגט שוין אַמאָל אמת, גלויבט מען אים ניט".

„און אויב שוין ניט קוילענען, וועל איך אַרויסציען פון אים כאָטש אַ טראָפּן בלוט". דערויף האָט דער מלאך אויסגערופן „ואל תעש לו מאומה", און טו אים גאָרניט.

און ווי דערקלערט זיך עס טאַקע וואָס מקריב צו זיין יצחק'ן, האָט דער אויבערשטער אַליין געזאָגט צו אברהם'ן „קח נא את בנך", און אָפּצושטעלן דאָס שעכטן האָט ער געזאָגט דורך אַ מלאך?

האָט שוין ר' יצחק דינאָווער ז"ל געענטפערט דערויף: אויף „אָפּצושעכטן" אַ אידן טאָר מען קיינעם פאָלגן, אפילו ניט אַ מלאך. דאָס מוז מען הערן נאָר פונעם אויבערשטן אַליין. אָבער ווען עס האַנדעלט זיך וועגן אָפּראַטעווען אַ אידן מעג מען פאָלגן אויך אַ מלאך.

און אין יענעם מאָמענט האָט אברהם געזאָגט צום אויבערשטן: „האַר פון די וועלטן! איין מענטש פּרוּווט אויס דעם

צווייטן, ווייל ער ווייסט ניט וואָס עס טוט זיך ביי אים אין הארצן. אָבער דו ווייסט דאָך וואָס דער מענטש טראַכט און פּילט, דאַרפסטו אַזוי טאָן? איז דען ניט געווען אַנטפּלעקט פאַר דיר, אַז אויב דו וועסט מיר הייסן מקריב זיין מיין קינד, וועל איך זיך איילן דאָס צו טאָן מיט דעם גאַנצן הארצן!"

און כאָטש דער מלאך האָט געזאָגט אברהמ'ן „אל תשלח ידך", שטרעק ניט אויס דיין האַנט צום אינגל. האָט ער דאָך באַדאַרפט זאָגן „ואל תעש לו מאומה", טו אים גאָרניט, ווייל מען האָט אויבן געוואוסט ווי שטאַרק אברהמ'ס ליבשאַפט איז פאַרן אויבערשטן. ער איז אַזוי איפריק, אַז ער וועט וועלן אונטער אַלע אומשטענדן מקיים זיין די מצוה, און אַפילו איגנאָרירן דעם „אל תשלח ידך". האָט מען פאַרשטאַרקט די וואָרנונג מיטן „ואל תעש לו מאומה", טו אים גאָרניט.

אָבער אברהם האָט גע'טענה'ט צום אַלמעכטיקן: דו האָסט מיר געהייסן שעכטן מיין זון יצחק, און איצט זאָגסטו מיר טו אים גאָרניט! עס שטייט דאָך געשריבן „לא איש א־ל ויכזב", דער אויבערשטער איז דאָך קיין מענטש, ער זאָל זאָגן ליגן!

און דער אויבערשטער האָט אים געענטפערט: איך האָב דען דיר געזאָגט „ושחטהו" און דו זאָלסט אים שעכטן. איך האָב דאָך דיר געזאָגט „והעלהו", דו זאָלסט אים אַרויפברענגען אויפן באַרג. איצט אַז דו האָסט אים אַרויפגעבראַכט, נידער אים אַראָפּ.

איך האָב דיר געזאָגט „כי ביצחק יקרא לך זרע", וואָרום אין יצחק'ן וועט גערופן ווערן דיין זאָמען „לא אחלל את בריתי", וועל איך ניט פאַרשוועכן מיין בונד. איך האָב דיר געזאָגט „קח נא"... נעם דיין זון... „ומוצא שפתי לא אשנה", אָבער דעם אַרויס־קום פון מיינע לעפצן וועל איך ניט ענדערן. איך האָב דיר געזאָגט: נעם אים... אָבער איך האָב דיר ניט געזאָגט שעכט אים. „ולא עלתה על לבי", עס איז מיר אַפילו ניט אַרויפגעקומען אויפן זינען.

האָט דער הייליקער באַלד אויפגעעפנט דעם הימל און דעם נעפל, און ער האָט געזאָגט: „עס איז פאַר מיר אַנטפּלעקט, אַז ווען איך זאָל דיר הייסן מקריב זיין זיך אַליין, וועסטו דאָס טאָן".

„איז פאַרוואָס זשע האָסטו מיר אַזעלכעס געטאָן?" פרעגט אברהם.

„איך האָב געוואָלט דיך באַקאַנט מאַכן אין דער וועלט, מען זאָל זען אַז ניט אומזיסט האָב איך דיך אויסגעקליבן פון אַלע פעלקער", ענטפערט דער אויבערשטער.

אָבער אברהם באַשטעהט: „איך וועל ניט אַראָפּנידערן פון דעם מזבח, ביז איך וועל זאָגן אַלץ וואָס איך האָב צו זאָגן".

און דער אויבערשטער זאָגט אים: „זאָג וואָס דו האָסט צו זאָגן".

און אברהם הויבט אָן. „האָסטו מיר ניט געזאָגט אַז פון מיר וועסטו אויפשטעלן אַ גאַנצע וועלט?"

„יאָ", ענטפערט דער אויבערשטער.

„פון וועמען?" פרעגט אברהם. און דער אויבערשטער ענטפערט „פון יצחק'ן".

„זעסטו", זאָגט אברהם, „האַר פון דער וועלט, דו האָסט געוואוסט אַז ווען דו האָסט מיר געהייסן מקריב זיין יצחק'ן, האָב איך געהאַט וואָס דיר צו ענטפערן. און ווען איך זאָל דיר געוועןָ ענטפערן, וואָלסטו ניט געוועןָ געהאַט וואָס מיר צוריק צו ענטפערן. וואָרום איך האָב דאָך געקאָנט דיר זאָגן: נעכטן זאָגסטו מיר 'פון יצחק'ן וועסטו האָבן קינדער' און איצט הייסטו מיר אים שעכטן! אָבער איך האָב דיר ניט געענטפערט. נאָר איך האָב זיך געמאַכט ווי אַ טויבער וואָס הערט ניט און ווי אַ שטומער וואָס עפנט ניט דאָס מויל. איז דערפאַר ווען יצחק'ס קינדער וועלן גע'משפט ווערן פאַר דיר אין דעם טאָג, ראש השנה; וויפל אָנקלעגער עס זאָלן אויף זיי ניט אויפשטיין, איז פונקט ווי איך האָב געשוויגן און דיר ניט געענטפערט, אַזוי אויך זאָלסטו זיך ניט צוהערן צו זיי. ווען יצחק'ס קינדער וועלן זינדיקן און פאַרקריכן אין אַ צרה, זאָלסטו זיי געדענקען יצחק'ס עקידה, און דו זאָלסט עס פאַררעכענען גלייך ווי זיין אַש ליגט אויפן מזבח, זיי פאַרגעבן און זיי אויסלייזן פון זייער אומגליק".

האָט דער הייליקער זיך אָנגערופן: „דו האָסט געזאָגט דאָס דייניקע, און איך וועל זאָגן דאָס מייניקע. יצחק'ס קינדער וועלן זינדיקן, און איך וועל זיי משפט'ן ראש השנה. איז אויב זיי ווילן אַז איך זאָל געפינען אַ זכות אויף זיי און זיי געדענקען די עקידת יצחק, זאָלן זיי בלאָזן שופר!"

„וואָס איז אַזעלכעס אַ שופר?" פרעגט אברהם. „דו ווייסט ניט?" זאָגט דער אויבערשטער. „ניין", ענטפערט אברהם. „דריי זיך אויס", זאָגט דער אויבערשטער, און אויסדרייענדיק זיך דערזעט אברהם אַ ווידער פאַרטשעפּעט מיט די הערנער אין די דערנער. און אַט דער ווידער איז איינער פון די צען זאַכן וועלכע זיינען באַשאַפן געוואָרן פריטיק פאַרנאַכט פון דער וועלט־שאַפונג.

דערווייל, אַזוי ווי דער אויבערשטער האָט געלאָזט הערן זיין שטימע, האָט די נשמה זיך צוריק אומגעקערט צו יצחק'ן. און אברהם האָט געמאַכט די ברכה ברוך אתה... מחיי המתים. אברהם האָט אים צוריק אויפגעבונדן, און יצחק האָט זיך אויפגעשטעלט. אָבער אַזוי ווי אברהם האָט ניט געוואָלט אַוועקגיין אָהן אַ קרבן, האָט דער אויבערשטער אים געהייסן מקריב זיין

דעם ווידער. דער שטן האָט זיך אַפילו אַריינגעמישט און געוואָלט שטערן. וואָס זשע האָט דער ווידער געטאָן? ער האָט אויס־געשטרעקט די לאַפּע צו אברהם'ן און אים אָנגעכאַפּט ביים מלבוש. איז געגאַנגען אברהם און האָט אים באַפרייט פון די דערנער, אים מקריב געווען אַנשטאָט יצחק'ן, און ביי יעדער צערעמאָניע האָט ער געזאָגט: „יהי רצון, אז דאָס זאָל זיין גלייך ווי איך האָב מקריב געווען מיין זון".

אברהם האָט געזאָגט: „האַר פון דער וועלט, דו זאָלסט באַ־טראַכטן (ה' יראה) דעם ווידערס בלוט גלייך ווי עס וואָלט זיין מיין זון יצחק'ס בלוט. דעם ווידערס טיילן, וועלכע איך בין מקריב, זאָלסטו באַטראַכטן ווי מיין זון יצחק'ס טיילן. דו זאָלסט עס (זען) באַטראַכטן פונקט ווי איך וואָלט פריער מקריב געווען מיין זון יצחק, און דערנאָך האָב איך געאָפּפערט דעם ווידער אויף זיין אָרט".

אגב, ווען מען זאָגט „הרי זו תחת זו, הרי זו תמורת זו, הרי זו חלופי זו", דאָס זאָל זיין פאַר דעם, דאָס זאָל ערזעצן דאָס, דאָס זאָל פאַרבייטן דאָס, איז דאָס פאַרבייטן, ערזעצן גילטיק.

און קיין זאַך פונעם איל איז געגאַנגען פאַרלוירן. זיין אַש איז דער יסוד וואָס איז אויפן אינעווייניקסטן מזבח. זיינע צען אָדערן (פעדעם) זיינען די צען סטרונעס פון דוד המלך'ס פידעלע. זיין פעל האָט געדינט אַלס גאַרטל פאַר אליהו הנביא'ס לענדן. זיין לינקער האָרן האָט געלאָזט הערן זיין קול ביים באַרג סיני. זיין רעכטער האָרן, וואָס איז גרעסער פונעם לינקן, וועט בלאָזן ביי קיבוץ גליות, ווען אַלע אידן וועלן איינגעזאַמלט ווערן קיין ארץ ישראל.

און ער ווערט אָנגערופן איל און ניט כבש, ווייל כבש מיינט אַ יונגס, און איל מיינט אַן עלטערער כבש. און אויך ווייל איל איז אַן אָנדייט אויפן פאָלק ישראל וואָס ווערט אָנגערופן אילת השחר.

האָט דער אויבערשטער געזאָגט דעמאָלט צו אברהם'ן: זעסטו, ווען דיינע קינדער וועלכע וועלן אויפשטיין נאָך דיר וועלן זיך פאַרטשעפּען אין עבירות, און זיי וועלן נעמען די הערנער פון אַ ווידער און בלאָזן, וועל איך געדענקען עקידת יצחק און וועל זיי גע־רעכט מאַכן ביים דין. און פונקט ווי דער שופר, מען בלאָזט אַריין דורך איין זייט און דאָס קול גייט אַרויס דורך דער אַנדערער זייט, אַזוי אויך דיינע קינדער, וויפל אַנקלעגער עס זאָלן אויפשטיין קעגן זיי, וועל איך דורך איין זייט אַריינפירן און דורך דער אַנדערער זייט אַרויספירן.

אין יענעם מאָמענט האָט אברהם געזאָגט צום אויבערשטן: „האַר פון דער וועלט! איך ריר זיך ניט פון דאַנען ביז דו וועסט מיר שווערן, אַז דו וועסט מיך קיינמאָל מער פּרואוון! וואָרום

ווען איך וואָלט דיך ניט געווען געהערט, וואָלט איך דאָך געווען פאַרלוירן אַלץ וואָס איך האָב זיך דערוואָרבן מיין גאַנץ לעבן". „ביי דיין לעבן אַז אַזוי איז דאָס", ענטפערט אים דער אַלקעגנוואַרטיקער, „ווען דו וואָלסט מיך ניט געווען געפאָלגט, וואָלסטו איצט גאָרניט געהאַט". און אין אַט יענעם מאָמענט האָט דער אויבערשטער אים געשוואוירן, אַז ער וועט אים קיינמאָל מער פאַרגעסן. „ביי דיין לעבן", זאָגט ער צו אים, „אַז שווערע יסורים און פאַרשידענע נסיונות האָבן באַדאַרפט קומען אויף דיר. אָבער איצט ביזטו פון זיי באַפרייט. די יסורים וועלכע וועלן אָנגעשיקט ווערן אויף איוב'ן, האָבן באַדאַרפט קומען אויף דיר אָבער איצט ביזטו באַפרייט פון זיי".

און ער האָט אים געגעבן צוויי ברכות, איינע פאַר אים און איינע פאַר יצחק'ן. איך וועל בענטשן און מערן דיינע קינדער ווי די שטערן אין הימל און ווי דאָס זאַמד אויפן ברעג ים און דיין זאָמען וועט ירש'נען דעם טויער פון זיינע פיינט. אין דיינע קינדער וועלן זיך בענטשן אַלע פעלקער פון דער וועלט דערפאַר וואָס דו האָסט זיך צוגעהערט צו מיין קול. ווען ניט דאָס וואָלט אַלץ פאַרלוירן געגאַנגען, וואָלטן הימל און ערד ניט געקענט עקזיסטירן.

און דער הייליקער האָט אים געוויזן דאָס בית המקדש פאַרניכטעט און געבויט, פאַרניכטעט און געבויט. און אברהם האָט גערופן דאָס בית המקדש „יראה". האָט דער אַלקעגנוואַרטיקער זיך געטראַכט: אויב איך וועל עס רופן „שלם" ווי שם (נח'ס זון) האָט עס גערופן, וועל איך דאָך איגנאָרירן דעם נאָמען „יראה" וואָס דער צדיק אברהם האָט אים געגעבן. וואָס זשע האָט דער אויבערשטער געטאָן? ער איז געגאַנגען און האָט באַהעפטביידע ווערטער צוזאַמען, און ער האָט עס גערופן „ירושלים". און נאָכדעם ווי אברהם האָט געענדיקט די עבודה, האָבן מלאכים אַוועקגעפירט יצחק'ן אין שם'ס בית המדרש אריין, ער זאָל דאָרט לערנען, און ער איז דאָרט פאַרבליבן גאַנצע דריי יאָר.

[אגב, עס זיינען פאַראַן מיינונגס-פאַרשידנהייטן:

אברהם האָט אים גענומען אַהיים, און ער אַליין האָט געלערנט מיט אים תורה;

ער האָט אים אַוועקגעפירט אין עבר'ס ישיבה;

מלאכים האָבן אים אַוועקגעפירט אין דער ישיבה פון שם בן נח;

ער איז געבליבן דריי יאָר ביים באַרג מוריה ביז ער איז אַלט געוואָרן פערציק יאָר, און האָט חתונה געהאַט מיט רבקה'ן;

דער אויבערשטער האָט אים אַריינגענומען אין גן עדן אַריין אויף דריי יאָר].

אברהם האָט זיך אומגעקערט צו ישמעאל׳ן און אליעזר׳ן, און זיי האָבן זיך געלאָזט צוריק קיין באר שבע.

און אומגעקערט האָט אברהם זיך פונעם באַרג מוריה אינעם זכות פון „ונשתחוה״, פון בוקן זיך.

אויפן וועג אַ היים פונעם באַרג מוריה האָט אברהם געטראַכט וואָס יעדער פאָטער טראַכט ווען ער האָט אַ דערוואַקסענעם זון. ער האָט געטראַכט וועגן אַ שידוך פאַר יצחק׳ן. כאָטש, שטייענדיק נאָך ביים באַרג מוריה אויף וועלכן ער האָט געזאָלט אָפּפערן יצחק׳ן פאַר אַ קרבן, איז אים אָנגעזאָגט געוואָרן די בשורה אַז רבקה, יצחק׳ס באַשערטע, איז געבוירן געוואָרן.

דערווייל, בעת אברהם און יצחק זיינען געווען אויפן באַרג מוריה, האָבן ישמעאל און אליעזר זיך געשפּאַרט. ישמעאל האָט געזאָגט אַז נאָך אברהם׳ס שעכטן יצחק׳ן וועט ער אים ירש׳ענען. אליעזר האָט אים געזאָגט: ניין, דיין פאָטער האָט דיך שוין לאַנג אַרויסגעטריבן. איך בין זיין הויפּט־פאַרוואַלטער, וועל איך אים ירש׳ענען. ווען אברהם האָט זיך אומגעקערט אַליין (וישב) אָהן יצחק׳ן, האָבן זיי געמיינט אַז ער האָט אים געשאָכטן. אויף זייער פראַגע „וואו איז יצחק?״ האָט ער זיי געענטפערט אַז ער איז אין שם׳ס ישיבה.

## שרה׳ס פּטירה

אין צווישן איז דער שטן אַוועק צו שרה׳ן. ער האָט זיך באַוויזן פאַר איר אין דער געשטאַלט פון אַן אַלטן מאַן, און ער האָט געזאָגט צו איר: „ווייסטו גאָרניט וואָס אברהם האָט היינט געטאָן יצחק׳ן? ער האָט גענומען יצחק׳ן, אים געבונדן אויף דעם מזבח. יצחק שרייט און וויינט, אָבער קיינער קוקט זיך ניט אום אויף אים. קיינער דערבאַרעמט זיך ניט אויף אים״. אָט אַזוי האָט דער שטן איבערגע׳חזר׳ט זיינע רייד צו שרה׳ן, און ער איז פאַרשוואונדן.

ווען שרה האָט דאָס געהערט, האָט זי געמיינט, אַז דאָס איז טאַקע אַ געוויינלעכער מענטש, וועלכער האָט זיך געפונען נעבן איר זון, און ער איז ספּעציעל געקומען איר דאָס דערציילן. האָט שרה אָנגעהויבן צו וויינען און צו קלאָגן. זי האָט זיך געוואָרפן אויף דער ערד, געשאָטן ערד אויף איר קאָפּ, און זי

האָט געזאָגט: „מיין קינד, הלואי וואָלט איך היינט געשטאָרבן אויף דיין אָרט. וויי צו מיר וואָס איך האָב דיך אויסגעהאָדעוועט, אַז מיין פרייד זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין טרויער. נייענציק יאָר בין איך אַלט געווען ווען איך האָב דיך געבוירן, און איצט ביזטו פאַרצערט געוואָרן פון מעסער און פייער. מיין איינציקע טרייסט איז וואָס דו האָסט דערפילט זיין ליבן נאָמענס ווילן. וואָרום ווער קען עס עפּעס עובר זיין אויף דעם אויבערשטנס רייד. יעדנס לעבן איז דאָך ביי אים אין דער האַנט. דו ביזט גערעכט, גרויסער פאָטער אין הימל, און דיינע מעשים זיינען גערעכטע. איך פריי זיך מיט דיין געבאָט. בלויז מיין אויג וויינט ביטער, אָבער דאָס האַרץ פרייט זיך".

און דאַן האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז געגאַנגען אַרום פרעגן צי מען האָט ניט געזען איר זון יצחק. זי איז געגאַנגען קיין חברון, און יעדן איינעם וואָס זי האָט באַגעגנט האָט זי געפרעגט. אָבער קיינער האָט געקאָנט איר עפּעס זאָגן. זי האָט אַרויסגעשיקט אירע דינסטן און קנעכט זוכן אברהם'ן און יצחק'ן, האָבן זיי געזוכט אומעטום און ניט געפונען.

אין צווישן האָט דער שטן זיך נאָכאַמאָל באַוויזן פאַר שרה'ן אין דער געשטאַלט פון אַ מענטשן, און ער האָט צו איר געזאָגט: „איך האָב דיר געזאָגט ליגן, איך האָב דיך אָפּגענאַרט. אברהם האָט יצחק'ן ניט געשאָכטן, און יצחק לעבט".

ווען שרה האָט דאָס דערהערט איז זי אַזוי שוואַך געוואָרן פון שמחה, אַז די נשמה איז איר אויף דער שטעלע אויסגעגאַנגען. זי איז אַלט געווען הונדערט און זיבן און צוואַנציק יאָר ווען זי איז געשטאָרבן, אין חודש מרחשון.

זי האָט בעדאַרפט לעבן אברהם'ס יאָרן, נעמלעך הונדערט און פינף און זיבעציק. אָבער דערפאַר וואָס זי האָט געזאָגט „ישפוט ה' ביני וביניך", זאָל דער אויבערשטער משפט'ן צווישן מיך און דיך, איז איר לעבנס-שפּאַן פאַרמינערט געוואָרן אויף אַכט און דרייסיק יאָר.

ווען אברהם איז צוריקגעקומען פון דעם באַרג מוריה, האָט ער געטראָפן שרה'ן אַ טויטע. ער האָט זי באַוויינט און געזאָגט „אשת חיל", און ער האָט זיך אויפגעהויבן צו גיין זוכן אַ קבר פאַר אירט וועגן. און כאָטש דער אויבערשטער האָט אים געזאָגט: „שטיי אויף, צי אין לאַנד אין דער ליינג און אין דער ברייט, וואָרום דיר וועל איך עס געבן", פונדעסטוועגן אין דעם מאָמענט ווען ער האָט ניט געהאַט אַ פּלאַץ צו באַערדיקן שרה'ן, האָט ער געפרעגט קיין קשיות אויפן אויבערשטן.

# אברהם קויפט די מערת המכפלה

אברהם איז אַוועק צו די קינדער פון חת, די איינוואוינער פונעם לאַנד, און ער האָט צו זיי געזאָגט: „איך בין דאָ אַ פרעמדער, פון אַן אַנדער לאַנד. איך האָב זיך דאָ באַזעצט מיט אייך, גיט זשע מיר אַ שטיקל פּלאַץ צו באַערדיקן מיין טויטן. איך בעט פּלאַץ בלויז פאַר איין מת".

און אברהם האָט געגלוסט צו דער מערת המכפלה פאַר פאָלגענדיקן אינצידענט:

ווען ער האָט איינגעלאַדן די דריי מלאכים צום עסן, איז דער „בן בקר", יונגערינד, אַנטלאָפן, און ער איז אַריין אין דער מערת המכפלה. „ואל הבקר רץ אברהם", און אברהם איז אים נאָכגעלאָפן. ווען ער איז אַריינגעקומען אין דער מערת המכפלה, האָט ער געזען ווי אדם הראשון און חוה ליגן אויף בעטן און זיי שלאָפן. עס ברענען ליכט איבער זיי, און אַ גאָר גוטער ריח האָט געשמעקט. האָט ער דערפאַר געגלוסט די מערת המכפלה פאַר אַ קבר.

אגב, דער פּסוק זאָגט „ואל הבקר רץ אברהם", הבקר אַנטהאַלט די אותיות קברה (אויך הקבר). אַ רמז, אַן אָנדייט אַז דאָס דאָזיקע אָרט איז פאַר קבורה.

האָבן די קינדער פון חת אים געענטפערט: „דו ביזט אַ קעניג איבער אונז, דו ביזט אַ האַר איבער אונז, דו ביזט אַ גאָט איבער אונז! אין די בעסטע פון אונזערע קברים קענסטו באַגראָבן דיינע מתים, קיין מענטש פון אונז וועט דיר אָפּזאָגן זיין קבר".

אָבער אברהם האָט זיי געענטפערט: „די וועלט האָט אַ מלך און אַן אויבערשטן". און ער האָט זיך פאַר זיי פאַרבוקט און געזאָגט: „אויב איר ווילט איך זאָל באַערדיקן מיין מת, איז בעט עפרון'ען. זייט מעקלערס צווישן אונז, און ווירקט ער זאָל מיר געבן די מערת המכפלה, וואָס געפינט זיך צום סוף פון זיין פעלד, און איך וועל אים דערפאַר באַצאָלן וויפל ער וויל".

אין יענעם טאָג האָבן זיי באַשטימט עפרון'ען פאַר אַן עלצטן. וואָרום עס פּאַסט דאָך ניט, אַז אַזאַ גרויסע פּערזענלעכקייט ווי אברהם זאָל קויפן פון אַ געוויינלעכן מענטשן, און זיי האָבן געזאָגט צו עפרון'ען: „פאַרקויף די מערת המכפלה אברהם'ען". האָט ער געענטפערט: „איך וועל זי אים ניט פאַרקויפן". „אויב דו פאַרקויפסט זי אים ניט, מאַכן מיר דיך פאַר אויס עלצטן", האָבן זיי אים געוואָרנט.

האָט עפרון געזאָגט צו אברהם'ן: „אַלץ וואָס דו פאַר־לאַנגסט וועט דיין קנעכט טאָן. פאַר געלט אָבער קענסטו דאָס ניט קויפן. איך גיב עס דיר אַזוי".

„אומזיסט וועל איך ניט נעמען, איך וויל פון דיר אָפּקויפן פאַר געלט די מערת המכפלה און דאָס פעלד, צו באַנוצן עס פאַר אַ קבר", האָט אברהם געזאָגט.

„נעם דיר די הייל און דאָס פעלד, און וויפל דו ווילסט אַזויפיל גיב", זאָגט עפרון.

„איך וויל דאָס קויפן פאַר דעם פולן פרייז סיי פון דיר און סיי פון דיינע קינדער און פון אַלע איינוואוינער אויף אייביק", זאָגט אברהם.

האָט עפרון געזאָגט צו אברהם'ן: „מיין האַר, הער מיך צו, וואָס פאַר אַ ראָלע שפּילט אַ שטיקל לאַנד וואָס איז ווערט פיר הונדערט זילבער שטיק צווישן אַזעלכע פריינט ווי מיר ביידע! איז פאַרגעס וועגן דעם פרייז און באַערדיק דיין מת".

האָט אברהם אים אָפּגעוואויגן פיר הונדערט זילבער שטיק. זיי האָבן אָפּגעשריבן אַ קאָנטראַקט און פיר עדים, גענומען אַמיגל דער זון פון אבישוע החתי, אליחורף דער זון פון אשונש דער חוי, עבדון דער זון פון אחירע פון גרר, און עקדיל דער זון פון אבודיש דער צידוני, האָבן אים גע'חתמ'עט. דעם קאָנטראַקט האָט אברהם באַהאַלטן. און געשריבן איז אין אים געווען אַז: אברהם האָט אָפּגעקויפט די הייל און דאָס פעלד פון עפרון החתי און אויך פון זיינע קינדער, פון אַלע איינוואוינער פון דער שטאָט און פון זייערע קינדער אויף אייביק, פאַר זיך און פאַר זיינע נאָכקומענדיקע פאַר אַ קבר. דער משא ומתן איז געשלאָסן געוואָרן אין קעגנוואַרט פון אַלע. און באַלד איז דאָס פעלד געשטיגן. וואָרום עס איז איבערגעגאַנגען פון די הענט פון אַ פשוט'ן מענטשן אין די הענט פון אַזאַ גרויסע פערזענלעכקייט ווי אברהם.

די מערת המכפלה איז איינע פון די דריי זאַכן וועגן וועלכע די פעלקער פון דער וועלט קענען ניט זאָגן אַז די אידן האָבן זיי גע'גזל'ט. די אַנדערע צוויי זאַכן זיינען יוסף'ס קבר און דאָס בית המקדש. אונזער פאָטער יעקב איז געווען זעהר קלוג. ער האָט פאָראויסגעזען אַז די ניט־אידישע שכנים אין ארץ ישראל וועלן וועלן אָוועקנעמען די מערת המכפלה, האָט ער באַשריבן מיט אַלע איינצלהייטן די טראַנזאַקציע וועלכע זאָל באַווייזן אַז זי געהערט אונז.

פאַר זיין פּטירה האָט יעקב אָנגעזאָגט זיינע קינדער:

„קברו אותי אל אבותי אל המערה אשר בשדה עפרון החתי. במערה אשר בשדה המכפלה אשר על פני ממרא בארץ כנען,

אשר קנה אברהם את השדה מאת עפרן החתי לאחזת קבר. שמה קברו את אברהם ואת שרה אשתו, שמה קברו את יצחק ואת רבקה אשתו, ושמה קברתי את לאה. מקנה השדה והמערה אשר בו מאת בני חת״.

„קברו אותי אל המערה״, באַגראַבט מיך נאָר אין דער מערה, הייל, „אשר בשדה עפרון החתי״, וועלכע געפינט זיך אין עפרון החתי׳ס פעלד, און ניט אין איינער פון די אַנדערע מערות, היילן, וועלכע געפינען זיך דאָרט.

אָבער אַזוי ווי עס איז שוין זיבעצן יאָר אַז איך האָב פאַרלאָזט ארץ ישראל. קען דאָך זיין אַז עפרון׳ס יורשים האָבן עס דערווייל אַוועקגענומען. זאָלט איר ווייזן דעם קאָנטראַקט, נעמלעך „אשר קנה אברהם את השדה״, אַז אברהם האָט געקויפט דאָס פעלד.

טאָמער, ווידער, וועלן זיי טענה׳ן אַז דער פאַרקויפער האָט געהאַט קיין רעכט עס צו פאַרקויפן. זאָלט איר וויסן אַז עס איז געקויפט געוואָרן פון „עפרן החתי״. און ער איז געווען דער נשיא, דער הויפּט, דער פירער, דער הערשער.

און אויב זיי וועלן טענה׳ן אַז דער פלאַץ איז פאַרקויפט געוואָרן צו באַארבעטן, ניט אויף אַ קבר. זאָלט איר וויסן אַז עס איז געווען „לאחוזת קבר״. עס איז געווען בפירוש, אויס־דריקלעך פאַר אַ בית הקברות.

וועלן זיי, ווידער, טענה׳ן אַז דער מסחר, די טראַנזאַקציע איז ניט גילטיק מער, ווייל די גאַנצע צייט האָבן די קויפערס עס ניט באַנוצט. זאָלט איר זיי זאָגן אַז „שמה קברו את אברהם ואת שרה אשתו״, דאָרט האָט מען באַערדיקט אברהם׳ן און זיין ווייב שרה.

קען זיך דאָך מאַכן אַז ישמעאל׳ס קינדער זאָלן טענה׳ן אַז זיי זיינען גלייכבאַרעכטיקטע יורשים. זאָלט איר זיי זאָגן אַז „שמה קברו את יצחק ואת רבקה אשתו״, אַז דאָרט האָט מען באַערדיקט יצחק׳ן און זיין ווייב רבקה. דאָס באַווייזט דאָך קלאָר, אַז ישמעאל׳ס קינדער האָבן פאַרציכטעט, אָפּגעטראָטן זייער רעכט צו יצחק׳ס קינדער.

און אויב עס וועלן קומען עשו׳ס קינדער מיט דער זעלבער טענה אַז זיי זיינען גלייכבאַרעכטיקטע יורשים. זאָלט איר זיי דערקלערן „ושמה קברתי את לאה״, דאָרט האָב איך באַערדיקט לאה׳ן. נעמלעך, דאָס רעכט איז איבערגעגאַנגען צו מיר.

און אויב די אַלגעמיינע איינוואוינער וועלן טענה׳ן אַז עפרון האָט גאָרניט געהאַט דאָס רעכט צו פאַרקויפן. ער האָט אַזוי געטאָן ווייל ער איז געווען דער הערשער. אָבער דאָס רעכט צו

פאַרקויפן האָט ער ניט געהאַט. זאָלט איר וויסן אַז „מקנה השדה והמערה אשר בו מאת בני חת", אַז דער מסחר איז געקומען צו שטאַנד אין קעגנוואַרט פון אַלע. אַלע איינוואוינער האָבן צוגעשטימט צו דער טראַנזאַקציע, צום מסחר.

און אברהם האָט געבראַכט שרה'ן צו קבורה מיט גרויס כבוד, פונקט ווי מען באַערדיקט אַ קעניג. מען האָט זי מקבר געווען אין שיינע, טייערע קליידער. און ביי דער מטה האָבן זיך געפונען שם דער זון פון נח, זיין זון עבר, אבימלך, ענר, אשכול, ממרא, און אַלע גרעסטע פּעריזענלעכקייטן. אברהם האָט געמאַכט אַ רירנדיקן הספד, און ער איז געזעסן שבעה נאָך איר.

## אברהם בעט אַלטקייט

ביז אברהם אבינו'ס צייטן איז ניט געווען אַזאַ מין זאַך ווי אַלטקייט, און מען פלעגט ניט דערקענען צווישן אַ פאָטער און אַ זון. וואָרום אַ מענטש פלעגט לעבן הונדערט און צוויי הונדערט יאָר און פלעגט ניט אַלט ווערן. איז טאַקע ווער עס האָט געזען אברהם'ן פלעגט מיינען אַז דאָס איז יצחק, און ווער עס פלעגט זען יצחק'ן פלעגט מיינען אַז דאָס איז אברהם.

האָט אברהם אָנגעהויבן בעטן דעם אויבערשטן אַז עס זאָל זיין אַזאַ מין זאַך ווי עלטער, כדי מען זאָל דערקענען צווישן אַ פאָטער און אַ זון. ער האָט גע'טענה'ט: „האַר פון די וועלטן! אַ טאַטע און אַ זון קומען אָן אין אַן אָרט, ווייסט דאָך קיין מענטש ווען ער זאָל צוטיילן כבוד. ווייל ער ווייסט דאָך ניט ווער עס איז דער טאַטע, און ווער עס איז דער זון! אָבער אַז דו וועסט אים באַשיינען מיט עלטער, וועט אַ מענטש וויסן וועמען ער דאַרף אָפּגעבן כבוד. דו דאַרפסט מאַכן אַן אונטערשייד צווישן פאָטער און זון, צווישן יונג און אַלט, אַז דער אינגערער זאָל אָפּגעבן כבוד דעם עלטערן".

האָט דער הייליקער אים געענטפערט: „ביי דיין לעבן, ווי דו מאָנסט אַ גוטע זאַך, און טאַקע מיט דיר וועל איך אָנהויבן". און אברהם איז טאַקע געוואָרן גרייז גרוי. ער האָט זיך געלייגט שלאָפן. און ווען ער איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי, האָט ער געזען ווי די האָר פונעם קאָפּ און פון דער באָרד זיינען ווייס. האָט ער געזאָגט: „רבונו של עולם! האָסט מיך געמאַכט פאַר אַ ביישפּיל!" האָט דער אַלמעכטיקער אים געענטפערט: „עלטער איז די קרוין פון שיינקייט". און דערפאַר וואָס אברהם

האָט געגעבן צדקה, האָט ער זוכה געווען צו עלטער, און ער האָט זיך אויך קונה געווען ביידע וועלטן.

נאָך שרה'ס טויט, האָט דער אויבערשטער געבענטשט אברהם'ען, כדי מען זאָל ניט זאָגן, אַז ביז איצט פלעגט אים דער אויבערשטער בענטשן נאָר צוליב שרה'ן. און געבענטשט האָט ער אים דערפאַר, ווייל ער פלעגט געבן מעשר פון אַלצדינג, און עס איז ניט געווען אַ ברכה אין דער וועלט, מיט וועלכער ער האָט אים ניט געבענטשט. אדרבה, אויף דער עלטער האָט ער אים געמאַכט נאָך גרעסער ווי אין זיין יוגנט. ער האָט אים געגעבן אַ טאָכטער מיט דעם נאָמען בכל. ער האָט אים געגעבן כוח בייצוקומען דעם יצר הרע. ער האָט אים געבענטשט מיט חכמה, פאַרשטאַנד, וויסן, שכל, מיט רייכקייט, מיט קינדער און קינדס־קינדער. ער האָט אים געגעבן די וועלט און יענע וועלט. ער האָט אים געבענטשט אַז עשו זאָל ניט ווידערשפּעניקן ביי זיין לעבן, אַז ישמעאל זאָל תשובה טאָן ביי זיין לעבן, אַז אין זיינע אוצרות זאָל גאָרניט פעלן, און ער וועט אים שוין מער ניט שטעלן צו נסיונות, פּרואוואונגען.

## די צען נסיונות

מיט צען נסיונות האָט דער אויבערשטער געפּרואווט אברהם'ען, און ער האָט אויסגעהאַלטן, ער איז בייגעשטאַנען אַלע צען:

א) ווען אברהם איז געבוירן געוואָרן האָבן נמרוד'ס הארן געוואָלט אים דערמאָרדן. מען האָט אים אויסבאַהאַלטן אונטער דער ערד דרייצן יאָר. און ער האָט ניט געזען די זון און די לבנה. נאָך דרייצן יאָר צייט איז ער אַרויסגעגאַנגען פונעם באַהעלטעניש. ער האָט פאַר'מיאוס'ט די אָפּגעטער און זיך פאַרזיכערט אינעם שאָטן פון זיין באַשעפער. ער האָט געזאָגט „ה' צבאות אשרי אדם בוטח בך", אויבערשטער פון צבאות, וואויל דעם מענטשן וועלכער פאַרזיכערט זיך אין דיר.

ב) מען האָט אים איינגעזעצט אין טורמע אויף צען יאָר, דריי יאָר אין כותא און זיבן יאָר אין קרדו, לויט אַן אַנדער מיינונג דריי יאָר אין קרדו און זיבן יאָר אין כותא. פון דאָרט האָט מען אים געבראַכט און אַריינגעוואָרפן אין קאַלך־אויוון, און דער מלך הכבוד האָט אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנט, און האָט אים אַרויסגעראַטעוועט. ווי אין פסוק שטייט „ויאמר אליו אני ה' אשר הוצאתיך מאור כשדים", און ער האָט געזאָגט צו אים, איך בין ה' וועלכער האָט דיך אַרויסגעפירט פון אור כשדים.

ג) „לך לך", ער האָט באַדאַרפט פאַרלאָזן זיין לאַנד, זיין געבורטס־אָרט, זיין פאָטערס הויז. קומענדיק קיין חרן איז אים אָפּגעשטאָרבן זיין פאָטער תרח און זיין מוטער אמתלאי. און וואַנדערונג איז דאָך פאַרן מענטשן שווערער פון אַלץ.

ד) זינט הימל און ערד זיינען באַשאַפן געוואָרן איז ניט געווען אַ הונגער ביז אברהם'ס צייטן, און ניט אין אַלע לענדער, נאָר בלויז אינעם לאַנד כנען, כדי אים אויסצופּרואוון, און אים מאַכן ציען קיין מצרים. ווי אין פּסוק שטייט „ויהי רעב בארץ וירד אברם מצרימה", און עס איז געווען אַ הונגער אין לאַנד, און אברם האָט געניידערט קיין מצרים.

ה) פּרעה האָט אַוועקגענומען פון אים זיין ווייב שרה. איז דען פאַראַן אַ מאַן וועלכער זעט ווי אַ פרעמדער נעמט אַוועק זיין ווייב, און ער צערייסט ניט זיינע קליידער?!

ו) ווען אַמרפל און אַלע זיינע חברים האָבן געוואָלט אים דערמאָרדן, פריער לוט'ן און דערנאָך אים.

ז) ווען דער אויבערשטער האָט אים געזאָגט „אל תירא אברם", האָב קיין מורא, אברם. איך בין דיין באַשיצער, דיין שכר איז זעהר פיל. און ווען ער זאָגט אים אַז ער איז דאָך קינדערלאָז, ענטפערט אים דער אויבערשטער אַז זיינע קינדער וועלן זיין אַזוי פיל אַז מען וועט ניט קענען זיי איבערציילן, פּונקט ווי מען קען ניט איבערציילן די שטערן. און אברהם האָט געגלויבט אין ה'.

ח) ווען דער אַלמעכטיקער האָט געהייסן דעם נייען און נייעגציק יאָריקן אברהם'ן מל זיין זיך און זייניקע.

ט) ווען שרה האָט געפאָדערט פון אברהם'ן ער זאָל אַוועק־שיקן הגר'ן מיט ישמעאל'ן, איז דאָס אים זעהר ניט געווען צום האַרצן. האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אים „כל אשר תאמר אליך שרה שמע בקולה", אַלץ וואָס שרה זאָגט דיר זאָלסטו פאָלגן.

י) ווען דער אויבערשטער האָט געהייסן אברהם'ן פירן יצחק'ן צו דער עקידה.

## אליעזר ברענגט רבקה'ן

אין אַט יענע טעג האָט אברהם מהרהר געווען. ער האָט זיך געטראַכט: ווען יצחק וואָלט געווען געשטאָרבן אויפן באַרג מוריה, וואָלט איך דאָך געווען געבליבן קינדערלאָז. איצט אַז עס איז געשען אַ נס און יצחק איז געבליבן לעבן וועל איך אים חתונה מאַכן מיט ענר'ס, אָדער אשכול'ס, אָדער ממרא'ס אַ טאָכטער.

זיי זיינען דאָך צדקניות. אַי יחוס, וואָס גייט עס מיך אָן! האָט דער אויבערשטער אים געזאָגט: דאַרפסט זיך ניט קימערן, זאָרגן, וועגן דעם. יצחק'ס זיווג, רבקה, איז שוין געבוירן געוואָרן.

ער האָט מהרהר געווען, ער האָט זיך געטראַכט: מיין זון יצחק איז דאָך הייליק. ער איז דאָך אינגאַנצן „עולה". ווי זשע קען ער חתונה האָבן מיט אַ טאָכטער פון כנען?!

איז שטייענדיק נאָך ביים באַרג מוריה איז אים אָנגעזאָגט געוואָרן די בשורה אַז רבקה, יצחק'ס זיווג, איז געבוירן געוואָרן.

ער האָט מורא געהאַט פאַר יסורים. האָט דער אַלמעכטיקער אים געזאָגט: זאָרג זיך ניט וועגן דעם, האָב קיין מורא. עס איז שוין דאָ ווער עס זאָל זיי מקבל זיין, נעמלעך איוב.

ער האָט זיך געטראַכט: אפשר איז געפונען געוואָרן אין יצחק'ן אַ פּסול, דערפאַר איז ער ניט אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ קרבן. איז אַרויסגעגאַנגען אַ בת קול און האָט געזאָגט „לך אכול בשמחה לחמך", גיי עס מיט פרייד דיין ברויט.

אין יענע טעג האָט אברהם גערופן אליעזר'ן, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אברהם, האָט געוועלטיקט איבער זיין יצר הרע ווי אברהם, איז געווען אַ פאַרשטאַנדיקער קנעכט און דער אויפזעער איבער אברהם'ס הויז. איז אליעזר אַריינגעקומען צו אים, און אברהם האָט געזאָגט צו אים:

„איך בין שוין אַלט, און ווייס ניט ווען איך וועל שטאַרבן. וויל איך אַז דו זאָלסט ברענגען יצחק'ן אַ ווייב פון מיין פאָטערס הויז פון חרן. איך באַשווער דיך אַז דו זאָלסט ניט נעמען פאַר אים אַ ווייב פון דעם לאַנד פון די טעכטער פון כנען, צווישן וועלכע מיר וואוינען. דו זאָלסט גיין אין מיין געבורטסלאַנד, און דער אויבערשטער וועלכער האָט מיך אַהער געבראַכט און מיר צוגעזאָגט דאָס לאַנד, ער וועט שיקן זיין מלאך פאַר דיר, און דו וועסט מצליח זיין". און ער האָט אים געוואָרנט ניט צו גיין צו די טעכטער פון ענר, אשכול און ממרא.

האָט אליעזר זיך געטראַכט צי זיין אייגענע טאָכטער איז ווערט צו זיין יצחק'ס ווייב. און אויב דאָס מיידל וואָס ער וועט וועלן פאַר יצחק'ן וועט ניט וועלן גיין, וועט ער אים געבן זיין טאָכטער. האָט אָבער אברהם געזאָגט צו אים: „דו ביזט פאַרשאָלטן, און מיין זון איז געבענטשט, און אַ פאַרשאָלטענער קען זיך ניט באַהעפטן מיט אַ געבענטשטן".

„אָבער וואָס וועט זיין אַז זי וועט ניט וועלן מיטגיין", פרעגט אליעזר, „זאָל איך אומקערן דיין זון אין דיין געבורטס־לאַנד?"

„דו זאָלסט זיך ניט דערוועגן אומצוקערן מיין זון אין מיין געבורטסלאַנד, וואָרום דער אַלמעכטיקער פאַר וועלכן איך גיי, וועט דיר שיקן אַ מלאך, און ער וועט באַגליקן דיין וועג", ענטפערט אים אברהם. „און טאָמער וועט זי ניט וועלן מיטגיין, ביזטו פריי פון מיין שבועה, און נעם פאַר זיינעטוועגן אַ ווייב פון די טעכטער פון ענר, אשכול און ממרא. אָבער מיין זון אַהין זאָלסטו ניט צוריקפירן".

און טאַקע אין דעם מאָמענט ווען אברהם אבינו האָט געזאָגט „ער וועט שיקן פאַר דיר זיין מלאך", האָט דער אויבערשטער אָנגעגרייט צוויי מלאכים, איינער וועלכער זאָל אַרויסברענגען רבקה'ן, און איינער וועלכער זאָל באַגלייטן אליעזר'ן.

אליעזר האָט געטאָן ווי אברהם האָט אים געהייסן. ער האָט אויך געשוואוירן. אליעזר האָט גענומען צען קעמלען, און אברהם האָט אים געגעבן אַ כתב, אַ דאָקומענט, אַז אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט געהערט יצחק'ן. דאָס האָט ער געטאָן, כדי עס זאָלן זיך געפינען בעלנים וועלכע וועלן וועלן געבן זייער טאָכטער יצחק'ן פאַר אַ ווייב. און אליעזר האָט אויך מיטגענומען צען פון זיין הארם קנעכט.

אליעזר און די צען קנעכט האָבן זיך געלאָזט קיין חרן, די שטאָט וואו נחור און תרח האָבן געוואוינט. פון קרית ארבע קיין חרן געדויערט געוויינלעך זיבעצן טעג, אָבער אליעזר האָט עס געמאַכט אין דריי שעה. דער אויבערשטער האָט געוואָלט טאָן חסד מיט יצחק'ן, האָט ער געשיקט אַ מלאך פאַר אליעזר'ן, איז דער וועג אים אָנטקעגן געשפּרונגען, און פון הימל האָט מען אים געלויכטן מיט פונקען און מיט בליצן. אליעזר האָט זיך טאַקע געוואונדערט און געזאָגט: זע נאָר, ערשט היינט בין איך אַרויס אין וועג, און היינט בין איך אָנגעקומען אַהער!

אַזוי ווי אליעזר האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין, האָט אברהם געשיקט צו שם ועבר, און מען האָט געבראַכט יצחק'ן אַהיים קיין באר שבע.

ווען אליעזר איז אָנגעקומען, האָט ער געלאָזט די קעמלען רוען אויסערהאַלב דער שטאָט נעבן אַ ברונעם, פאַרנאַכט צו, ווען די שעפּערינס קומען צום ברונעם. און ער האָט געבעטן צום אויבערשטן: „האר פון מיין האר אברהם, איך בעט דיך שיק מיר צו דאָס רעכטע. טו חסד מיט מיין האר און שיק מיר צו היינט אַ ווייב פון זיין משפּחה פאַר זיין זון. איך שטיי היינט ביים קוואַל וואַסער, און די טעכטער פון די איינוואוינער פון דער שטאָט קומען שעפּן וואַסער. איז דאָס מיידל, וועלכער איך וועל

זאָגן: ׳בויג איין, איך בעט דיך, דיין קרוג און איך וועל טרינקען׳, און זי וועט זאָגן ׳טרינק און אויך דיינע קעמלען וועל איך אָנטרינקען׳, איז אַ סימן אַז זי איז ווערט צו זיין יצחק׳ס ווייב, און אַריינגעבראַכט צו ווערן אין אברהם׳ס הויז אַריין״. און כאָטש אליעזר האָט ניט געבעטן ווי עס באַדאַרף צו זיין, וואָרום וואָס וואָלט ער געווען געטאָן, ווען אַ דינסטמיידל קומט אַרויס און טרינקט אים אָן, וואָלט ער אויך זי געווען גענומען פאַר אַ ווייב פאַר יצחק׳ן? אָבער דער אַלמעכטיקער האָט אים צוגעשיקט די רעכטע. און געבעטן האָט ער „חסד״ פאַר אברהם אָבינו, ווייל אַפילו אברהם אָבינו אין וועמענס זכות „חסד״ עקזיסטירט אויף דער וועלט, האָט אויך באַדאַרפט חסד.

און ווען אליעזר איז אַזוי געשטאַנען און געבעטן, איז רבקה, די טאָכטער פון בתואל דער זון פון מלכה וועלכע איז געווען דאָס ווייב פון נחור, אברהם׳ס ברודער, אַרויסגעקומען מיט דעם קרוג אויפן אַקסל. דאָס מיידל איז געווען אַ זעהר שיינע און אַן אָנשטענדיקע, ניט ווי די אַנדערע מיידלעך פון יענער צייט, און זי האָט זיך געלאָזט צום ברונעם. ווי נאָר דאָס וואַסער האָט זי דערזען, האָט עס זיך אויפגעהויבן. האָט זי אָנגעפילט דעם קרוג, און זיך געלאָזט צוריקגיין.

ווען אליעזר האָט דערזען ווי דאָס וואַסער האָט זיך אויפגעהויבן פאַר אירעטוועגן, איז ער געלאָפן איר אַנטקעגן, און האָט געזאָגט צו איר: „גיב מיר, איך בעט דיך, אַ זופּ וואַסער פון דיין קרוג״. האָט זי געענטפערט: „טרינק, מיין האַר״. זי האָט גיך אַראָפּגעלאָזט דעם קרוג פון איר אַקסל אויף איר האַנט, אים אָנגעטרונקען און געזאָגט צו אים: „אויך דיינע קעמלען וועל איך אָנטרינקען״, און זי האָט אַזוי געטאָן.

איז אליעזר געשטאַנען און האָט זיך שטאַרק געוואונדערט. ער האָט געזען אַז ער האָלט ביים מצליח זיין. אָבער ער האָט ניט געוואוסט, צי זי איז פון אברהם׳ס משפּחה צי ניט.

נאָכדעם ווי זי האָט אָנגעטרונקען די קעמלען, האָט ער איר געגעבן גאָלדענע און זילבערנע מתנות, אויך צוויי בראַסלעטן קעגן די צוויי לוחות, צען שטיקער גאָלד קעגן די עשרת הדברות. דאַן האָט ער זי געפרעגט וועמענס טאָכטער זי איז, און צי עס איז פאַראַן פּלאַץ אין איר פאָטערס הויז איבערצונעכטיקן איין נאַכט. ער איז געווען זיכער אַז אין אברהם׳ס זכות וועט ער מצליח זיין.

האָט זי געענטפערט אין דער אָרדענונג ווי ער האָט גע־פרעגט. זי האָט אים געזאָגט אַז זי איז בתואל׳ס טאָכטער, און אַז

עס איז אויך פאראן פלאץ איבערצונעכטיקן מערערע נעכט און אויך האבער און שטרוי פאר די קעמלען.

האט אליעזר געדאנקט דעם אויבערשטן וואס ער האט אים צוגעשיקט דעם רעכטען זיווג. דאס מיידל איז געלאפן אהיים און האט דערציילט וואס מיט איר האט געטראפן. ווען איר ברודער לבן האט דערזען דעם נאז־באנד, האט ער א זאג געטאן אז דאס מוז זיין א רייכער מאן, און ער האט געווארפן אן אויג אויפן געלט. איז ער אים אנטקעגן געלאפן און האט אים געזאגט: „געבענטשטער זאל זיין דיין קומען, וואס שטייסטו אויפן גאס? עס איז דאך ניט פאר דיין כבוד צו שטייען אויף דער גאס. איך האב דאך אויסגערוימט דאס הויז פון עבודה זרה!” און לבן האט אים אזוי פיין אויפגענומען, ווייל ער האט געמיינט אז דאס איז אברהם, ווארום אליעזר האט אויסגעזען ווי אברהם.

האט אליעזר אנגענומען די איינלאדונג. מען האט אויפגעצוימט די קעמלען, זיי געגעבן עסן, און אליעזר׳ן און זיינע מענטשן האט מען געגעבן וואסער אפצואוואשן די פיס. מען האט אויך געגעבן אים א מאלצייט, אבער עס איז געווען אין אים סם צו טויטן אליעזר׳ן. האט אליעזר אבער געזאגט אז צו ערשט וויל ער אפזאגן וואס ער דארף, און ער האט זיי דערציילט דעם גאנצן ענין.

האט לבן זיך אנגערופן, ווארום א רשע שפרינגט ארוים און רעדט פארן טאטן, און דאן בתואל: אזוי ווי עס איז נגזר געווארן ביי דעם בארג מוריה אז רבקה זאל זיין יצחק׳ס ווייב, קענען מיר ניט זיין דאגעגן. אט האסטו רבקה׳ן, נעם זי און זאל זי ווערן דאס ווייב פון דיין הארס זון. דערוויל האט דער מלאך גבריאל איבערגערוקט אליעזר׳ס שיסל צו בתואל׳ן. בתואל האט פארזוכט פון דעם עסן, און ער איז באלד געשטארבן.

דערהערנדיק זייערע ווערטער, האט אליעזר זיך שטארק געפרייט און געלויבט דעם אויבערשטן. און ער האט געגעבן רבקה׳ס מוטער דבורה און איר ברודער לבן זילבערנע און גאלדענע מתנות, אויך קליידער, זאנגען, ניס, און זיי האבן געגעסן.

גאנץ פרי האט אליעזר דערזען ווי א מלאך ווארט אויף אים אויף דער גאס. האט ער געוואלט זיך לאזן אהיים, האבן רבקה׳ס מוטער און ברודער געזאגט: „זאל דאס מיידל זיין מיט אונז נאך א יאר אדער צען חדשים, און דאן וועט זי גיין”. אבער אליעזר האט געבעטן מען זאל אים ניט צוריקהאלטן. האבן זיי געענטפערט מען זאל פרעגן רבקה׳ן, און רבקה האט געזאגט: „איך גיי קעגן אייער ווילן”. רבקה איז דאן אלט געווען דריי

יאָר (לויט אַן אַנדער מיינונג צען יאָר), און זיי האָבן מיט איר מיטגעשיקט איר אַם דבורה, די טאָכטער פון עוץ.

צוועלף אַזייגער בייטאָג איז אליעזר אַרויס פון חרן. און כדי רבקה זאָל ניט זיין אַ נאַכט מיט דעם קנעכט, איז אים דער וועג אַנטקעגן געשפּרונגען, און דריי אַזייגער בייטאָג, אַרום מנחה צייט איז ער אָנגעקומען קיין חברון מיט רבקה'ן.

## יצחק און רבקה

און יצחק איז אַרויסגעגאַנגען אין פעלד אַריין דאַווענען מנחה, און ער האָט דערזען ווי קעמלען קומען אָן. ווען רבקה האָט דערזען ווי ער שטייט פאַרטיפט אין דאַווענען, האָט זי זיך געטראַכט אַז דאָס מוז אוודאי זיין אַ גרויסער מענטש, בפרט נאָך ווען זי האָט דערזען אַז ער זעט אויס ווי אַ מלאך. האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט פון דעם קעמל, אָבער די ערד האָט זי ניט באַרירט, און זי האָט אַ פרעג געטאָן אליעזר'ן: „ווער איז אָט דער שיינער מאַן וועלכער גייט אונז אַנטקעגן?" „דאָס איז מיין האַר", האָט אליעזר געענטפערט. האָט רבקה זיך פאַרדעקט מיט דעם שלייער.

און אליעזר האָט דערציילט יצחק'ן אַלע נסים וועלכע האָבן מיט אים פּאַסירט, אַז דער וועג איז אים אַנטקעגן געשפּרונגען, און רבקה איז אים צוגעשיקט געוואָרן.

יצחק האָט געבראַכט רבקה'ן אין זיין מוטערס געצעלט אַריין, און באַלד האָט ווידער אָנגעהויבן לייכטן דאָס ליכט וואָס איז אויסגעגאַנגען ווען שרה איז געשטאָרבן.

יצחק האָט גענומען רבקה'ן פאַר אַ ווייב. ער האָט זי ליב געהאַט, ווייל זי האָט זיך געפירט ווי זיין מוטער, און אַלץ איז געוואָרן אַזוי ווי עס פלעגט זיין ביי שרה'ס לעבצייטן. אַזוי לאַנג ווי שרה האָט געלעבט, איז אַ וואָלקן געווען אָנגעבונדן צו דער טיר פון איר געצעלט. און ווען שרה איז געשטאָרבן, האָט דער וואָלקן זיך אָפּגעטאָן. אָבער ווען רבקה איז געקומען, האָט דער וואָלקן זיך אומגעקערט. אַזוי לאַנג ווי שרה האָט געלעבט, זיינען די טירן געווען ברייט אָפן. ווען זי איז געשטאָרבן האָט אויפגעהערט די ברייטקייט. און ווען רבקה איז געקומען, זיינען די טירן ווידער געשטאַנען ברייט אָפן. אַזוי לאַנג ווי שרה האָט געלעבט, פלעגט הערשן אַ ברכה אינעם טייג. מיט שרה'ס טויט איז די ברכה פאַרשוואונדן. מיט רבקה'ס אָנקומען האָט די ברכה זיך אומגעקערט. אַזוי לאַנג ווי שרה האָט געלעבט, האָט אַ ליכט געברענט פון איין שבת ביינאַכט ביז צום אַנדערן. מיט איר טויט האָט דאָס ליכט אויפגעהערט צו ברענען. מיט רבקה'ס אָנקומען האָט דאָס ליכט ווידעראַמאָל אָנגעהויבן צו ברענען.

און נאָכדעם ווי יצחק האָט געטרויערט נאָך זיין מוטער שרה דריי יאָר, האָט ער גענומען רבקה'ן פאַר אַ ווייב. וואָרום אַזוי לאַנג ווי אַ מוטער לעבט, איז מען צוגעבונדן צו איר, און אַז זי שטאַרבט געפינט מען אַ טרייסט אין דער ווייב. און יצחק איז אַלט געווען פערציק יאָר ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט דער צען יאָריקער (לויט אַן אַנדער מיינונג, דריי יאָריקער) רבקה, זיין קוזין (שני בשלישי) בתואל'ס טאָכטער.

# אברהם האָט חתונה מיט קטורה'ן

האָט זיך אָבער יצחק אַ טראַכט געטאָן: איך האָב גענומען אַ ווייב, און מיין פאָטער איז אָהן אַ ווייב! וואָס זשע האָט ער געטאָן? איז ער געגאַנגען און האָט אים געבראַכט אַ ווייב. האָט אברהם גענומען אַ ווייב מיט דעם נאָמען קטורה, נעמלעך הגר. מען האָט זי גערופן קטורה ווייל אירע מעשים זיינען געווען אַזוי פיין ווי „קטורת", וויירויך. און זי האָט אים געבוירן זעקס זין: זמרן, יקשן, מדן, מדין, ישבק און שוח. אָבער אין שרה'ס געצעלט אַריין האָט ער זי ניט אַריינגעלאָזט.

אַז עס איז געקומען די צייט ווען אברהם האָט געוואָלט בענטשן זיינע קינדער, האָט ער זיך געטראַכט: אויב איך וועל בענטשן יצחק'ן, וועלן דאָך ישמעאל'ס און קטורה'ס קינדער זיין אין כלל. זאָל איך ווידער ישמעאל'ס און קטורה'ס קינדער ניט בענטשן, ווי זשע קען איך בענטשן יצחק'ן! האָט ער באַשלאָסן: אַזוי ווי איך בין דאָך ניט מער ווי אַ בשר ודם, היינט בין איך דאָ און מאָרגן בין איך אין קבר, און איך האָב דאָך שוין מיינס אָפּגעטאָן, איך האָב זיי דאָך שוין געבראַכט אויף דער וועלט. איז פון איצט אָן און ווייטער, וואָס דער אַלמעכטיקער וויל, זאָל ער טאָן אויף זיין וועלט, און ער האָט אים ניט געבענטשט.

אברהם האָט אַוועקגעגעבן יצחק'ן אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט. און דאָס פאַרמעגן וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן דורך שרה'ן, און גלאַט מתנות וואָס מען האָט אים געגעבן, האָט ער אַוועקגעגעבן הגר'ס קינדער, ווייל ער האָט ניט געוואָלט הנאה האָבן פון זיי.

און אַזוי ווי אברהם איז געווען אַזוי הויך ווי פיר און זיבעציק מענטשן, האָט געגעסן פאַר פיר און זיבעציק מענטשן און האָט געהאַט כוח פאַר פיר און זיבעציק מענטשן, האָט ער אויס־געבויט אַן אייזערנע שטאָט, און ער האָט אַריינגעזעצט דאָרט די זעקס זין. אַזוי הויך איז זי געווען אַרומגעבויט אַז די זון האָט ניט געקענט אַריינשיינען. האָט אברהם זיי געגעבן בריליאַנטן און

טייערע שטיינער. און ווען דער אויבערשטער וועט פאַרשעמען די לבנה און די זון, וועלן די דאָזיגע שטיינער לייכטן.

## אברהם׳ס צוואה

און צו יצחק׳ן האָט אברהם געזאָגט: „דו ווייסט דאָך און דו האָסט דאָך געהערט אַז עס איז פאַראַן בלויז איין פאָטער אין הימל און ניט מער. ער האָט מיך אַרויסגענומען פון מיין פאָטערס הויז, פון מיין געבורטס־לאַנד, מיך געראַטעוועט פון דעם קאַלך־אויוון, פון די בייזוויליקע רשעים, ווייל איך האָב געטרויט אין אים. ער האָט מיך געבראַכט אַהערצו, און מיר אַלץ געגעבן. עס פעלט מיר גאָרניט. ער האָט מיר צוגעזאָגט און צו מיר געזאָגט: ׳דיינע קינדער וועל איך געבן דאָס דאָזיקע לאַנד, און זיי וועלן עס ירש׳ענען, דורך אָפּהיטן מיינע מצוות און מיינע געזעצן, מיינע לערעס, מיינע דינים וועלכע איך האָב דיך געבאָטן און וועלכע איך וועל זיי געביטן׳. איצט, מיין קינד, הער וואָס איך זאָג דיר אָן. היט אָפּ דיין אויבערשטנס געבאָט וואָס איך היים דיר. דו זאָלסט ניט אָפּקערן פון דעם גראַדן וועג רעכטס אָדער לינקס, כדי עס זאָל דיר זיין גוט, און דיינע קינדער נאָך דיר, אויף אייביק. געדענק דעם אַלמעכטיקנס וואונדער און זיין גענאָד, וואָס ער האָט מיט אונז געטאָן. ער האָט אונז געראַטעוועט פון אונזערע פיינט. טו זשע ווי איך זאָג דיר, און דו זאָלסט לערנען דיינע קינדער זיי זאָלן גיין אין דעם גראַדן וועג, וועט אויך זיי זיין גוט״.

האָט יצחק געענטפערט: „אַלץ וואָס מיין האַר געבאָט מיר וועל איך טאָן. פון דעם אויבערשטנס געבאָט וועל איך זיך ניט אָפּקערן. אַלץ ווי דו האָסט מיר געבאָטן וועל איך אָפּהיטן״.

## אברהם׳ס פּטירה

און אין יענער צייט ווען יעקב און עשו זיינען אַלט געווען פופצן יאָר, איז אברהם געשטאָרבן אין אַ גוטער עלטער — וואָרום ישמעאל האָט תשובה געטאָן ביי זיין לעבן — פון אַן אינעווייניקס־טער קראַנקייט פון וועלכער מערסטע צדיקים שטאַרבן. ער איז אַלט געווען הונדערט און פינף און זיבעציק יאָר. געדאַרפט האָט ער, אייגענטלעך, לעבן נאָך לענגער. נאָר כדי ער זאָל ניט זען ווי זיין אייניקל עשו גייט אַרויס לתרבות רעה, גייט אין שלעכטע און אויסגעלאַסענע וועגן, זיינען אים די יאָרן פאַרקירצט געוואָרן. און טאַקע אין דעם טאָג ווען אברהם איז נפטר געוואָרן, האָט עשו עובר געווען אויף פינף עבירות: ער האָט געהאָט געשלעכטלעכע

באַציאונגען מיט אַ פאַרלאָבט מיידל, ער האָט גע׳הרג׳עט אַ מענטשן, געלייקנט אינעם באַשעפער, געלייקנט אין תחית המתים, און האָט אוועקגעגעבן די בכורה (עס זיינען פאַראַן אַנדערע מיינונגען).

און געשטאָרבן איז אברהם ניט דורך דעם מלאך המות. וואָרום פונקט אַזוי ווי דער יצר הרע האָט געהאַט איבער אים קיין שליטה, אַזוי האָט אויך דער מלאך המות געהאַט איבער אים קיין שליטה. און דעם טייערן שטיין, וואָס פלעגט הענגען אויף אברהם׳ס האַלז, און ווען אַ קראַנקער האָט אים געזען, איז ער באַלד אויסגעהיילט געוואָרן, האָט דער אויבערשטער אויפגעהאַנגען אויף דעם זון־ראַד.

ווען די איינוואוינער פון דעם לאַנד כנען האָבן דערהערט אַז אברהם איז געשטאָרבן, זיינען זיי אַלע מיט זייערע מלכים, זייערע האַרן געקומען אים באַגלייטן צו זיין אייביקער רו. אויך אַלע איינוואוינער פון דעם לאַנד חרן, און אברהם׳ס אַלע פאַר־וואַנדטע, און אַלע גרויסע מענטשן פון יענער צייט זיינען געקומען. זיי האָבן אַלע אָפּגעגעבן אברהם׳ן גרוים כבוד, און זיי האָבן געטרייסט זיין זון יצחק.

שם און עבר זיינען געגאַנגען פאַר דער מטה. מען האָט אים געבראַכט צו דער מערת המכפלה וואָס ער האָט אָפּגעקויפט פון עפרון החתי און זייניקע פאַר אַ קבר, און יצחק און ישמעאל האָבן אים געבראַכט צו רו. געווען איז דאָס אַכט און דרייסיק יאָר נאָך שרה׳ס טויט. און ער רוט דאָרט אין שרה׳ס אָרעמס. אויף יענער וועלט איז דאָך ניט פאַראַן אַ יצר הרע.

אין יענעם טאָג זיינען אַלע גרעסטע מענטשן פון דער וועלט געשטאַנען אין אַ שורה, און זיי האָבן געזאָגט: „וויי צו דער וועלט וואָס האָט פאַרלוירן דעם פירער, וויי צו דער שיף וואָס האָט פאַרלוירן דעם קאַפּיטאַן״.

און אַלע איינוואוינער פון כנען, און אַלע די וועלכע האָבן געקענט אברהם׳ן, האָבן געוויינט אַ גאַנץ יאָר. אויך ווייבער און קינדער האָבן געטרויערט אויף אים. ווייל ער איז געווען אַ רעכטפאַרטיקער מענטש סיי מיטן אויבערשטן סיי מיט לייט. און עס איז טאַקע נאָך ניט געווען אַ מענטש וועלכער האָט מורא געהאַט פאַרן באַשעפער פון דער פריסטער יוגנט ביז צום טויט ווי אברהם.

אברהם זיצט ביי דער טיר פון דעם גיהנום און לאָזט ניט אַריין אַהין די גע׳מל׳טע אידן. דעם אויבערשטנס ליבע צו אברהם׳ן איז איבערגעגאַנגען צו יצחק׳ן.

# ספרים פון אום פּאַבלישינג קאָ.

**משניות** מיט פארגרעסערטע אותיות, מיט די פירושים תפארת ישראל, ברטנורא, עיקר תוספות יום טוב, און מיט די קונטרסים זרע אמונה, דבר בעתו, חוסן רב, אבי עזר, דרוש אור החיים, חומר בקודש, יבקש דעת, מסגרת זהב, אין זעקס פראַכטפולע בענדער, קנאַפּע פיר טויזנט זייטן.

**פרקי רבי אליעזר**, מיט דעם פירוש הרד״ל פון גאון ר׳ דוד לוריא ז״ל.

**מכילתא**, הוצאת מאיר איש שלום, איינער פון די עלטסטע הלכה׳שע מדרשים, פאַרפאַסט פון די תנאים.

**ספרא** (תורת כהנים), מיט דעם פירוש פון ראב״ד ז״ל, און מיט דער מסורת התלמוד.

**ספרי**, הוצאת מאיר איש שלום, אַן אַלטער מדרש, פאַרפאַסט פון די תנאים.

**מדרש תהלים**, המכונה שוחר טוב, הוצאת באבער, פון וועלכן די שפּעטערע מדרשים האָבן געשעפּט.

**ספר האמונות והדעות**, פון רבינו סעדיה גאון, ז״ל.

**מורה נבוכים**, פון רמב״ם ז״ל מיט די פירושים „שם טוב״, „אפודי״, „קרשקש״, „אברבנאל״, „ביאור הנרבוני״.

**ספר הכוזרי**, פון ר׳ יהודה הלוי ז״ל מיט די פירושים „קול יהודה״ און „אוצר נחמד״.

**פירוש התורה לרשב״ם**, עדיציע דוד ראזין.

**ציון לדרש**, פון ר׳ שרגא פייבש פרענקעל ז״ל, אַנטהאַלט אַלע מאמרי חז״ל פון תלמוד בבלי און ירושלמי.

**שאלות ותשובות** עונג יום טוב אויף אורח חיים, יורה דעה, חושן משפט, אבן העזר, פון ר׳ רפאל יום טוב ליפמן היילפּרין, ז״ל.

**הכתב והקבלה**, פון ר׳ יעקב צבי מעקלענבורג ז״ל. עס איז אַ געניאַלער פירוש וואָס דערקלערט די תורה לויט דרש און הלכה און אַנטהאַלט אַן אונערשעפּלעכן קוואַל פון וויסן.

**חיי היהודי על פי התלמוד**, פון ר׳ יצחק סובאַלסקי ז״ל, אַ וואונדער־באַרע באַשרייבונג פון דעם אידנ׳ס לעבן אין אַלע צווייגן פון לעבן, באַזירט אויף איבער דריי טויזנט מאמרי חז״ל.

**לפלגות ראובן**, על כל סדר נזיקין.

**געקליבענע פּערל**, דרשות אויף אַלע סדרות, מגילות און ימים טובים, פון דר. ישראל וו. מאַרקוס ז״ל.

**קולומבוס היהודי**, ערשטער ראָמאַן אין העברעאיש פון שאול ספּיר.

**דער בעל תשובה**, ראָמאַן וועגן ווילנער גאון ז״ל און זיין צייט, פון שאול ספּיר.

**דער ווילנער גאון**, פון פסח מאַרקוס.



# ביכער פון דר. אהרן ראָזמאַרין

## לכבוד שבת

**אייגנאַרטיגע געדאַנקען אויף אַלע פיר און פופציג סדרות, און אויף מאַנכע ימים טובים, וואָס שפרודלען מיט תורה און חכמה פון אונזערע חכמים, גאונים און גדולי התורה ז״ל, און אַנטהאַלטן הונדערטער אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן פון גדולי ישראל, משלים, מאמרי חז״ל און גלאַט גוטע ווערטלעך.**

„...עס האָט אַלע פאָלקסטימלעך־רעליגיעזע חן׳ען...

**דר. א. מוקדוני**

„...דורכגעפלאָכטן מיט טרעפלעכע מעשיות, צוגעפּאַסטע אַנעקדאָטן און גלייך־ווערטלעך... האַלט דעם לייענער געשפּאַנט..."

**יעקב גלאַטשטיין**

„...אַ ספר אָנגעפּיקעוועט מיט מעשה׳לעך ווי אַ מילגרוים מיט קערנער..."

**חיים ליבערמאַן**

„...אַן אוצר פון מאמרי חז״ל, מעשיות, משלים און גלייך־ווערטלעך ...אַ שלל מיט אויסטייטשן און חסידישע מאמרים..."

**א. פעטשעניק**

„...דאָס בוך הייסט טאַקע „לכבוד שבת", אָבער עס וואָלט באַדאַרפט הייסן „לכבוד אַלע טעג פון דער וואָך"... ווייל וועלכן טאָג אין דער וואָך איר זאָלט דאָס בוך לייענען, וועט איר דערפילן דעם הויך פון שבת׳דיקייט..."

**אהרן ניסענזאָן**

* * *

## די שעהנקייט פון אידענטום

**דאָס בוך באַהאַנדלט אויף אַ פּאָפּולערן אופן אַזעלכע וויכטיגע און אינטערעסאַנטע טעמעס ווי וואָס די אידישע לערע האָט צו זאָגן וועגן: אמת און ליגן, אויפריכטיקייט און חנופה, לשון הרע, ליבשאַפט, און פיינטשאַפט, רחמנות און גרויזאַמקייט, גמילות חסד און פּראַצענט, צדקה, פאַרגינען און מקנא זיין, רעספּעקטירן און באַליידיגן, באַשיידנקייט און חוצפה, געדולד און אויפרעגונג, אייניקייט און צעשפּליטערטקייט, בילדונג און עם הארצות, לערער און פירער, אַרבעטער און אַרבעטס־געבער, די פרוי, שלום און מחלוקת, דעמאָקראַטיע און נאָך וויכטיגע טעמעס.**

„...דאָס בוך איז וואַרעם און מיט באַגייסטערונג געשריבן... און די וואַרעמקייט פאַרכאַפּט אייך, און ציט אייך אַריין אין אַ וועלט פון ברודערלעכקייט, פון ליבע, רחמים און מענטשלעכקייט...

דר. ראָזמאַרין לייגט אויס סיסטעמאַטיש די גאַנצע אידישע עטיק... און דער לייענער באַקומט אַ קלאָרן און פולן באַגריף וועגן דעם מהות פון דער אידישער עטיק..."

**דר. א. מוקדוני**

„...זייענדיג אַ בקי אין אידישן וויסן און אין אידישער טראַדיציע, אַזוי גוט ווי אין וועלטלעכן וויסן, און זייענדיג אַ שריפטשטעלער מיט אַ היפּשער מאָס פון פּאָעטישער אויפפאַסונג פון לעבן, האָט דער מחבר אַרויסגענומען דאָס שעהנסטע און דאָס תמצית׳דיגע פון דער אידישער לערע און אידישער וועלטאַנשויאונג, און אויפגעשטעלט אַ בנין אין אַ פשוט׳ער, זאַפטיגער אידישער פאָלקס־שפּראַך, וואָס פאַרכאַפּט אייך מיט זיין שעהנקייט..."

**אהרן ניסענזאָן**

„...אויף אַ זעהר פּאָפּולערן, לייכט פאַרשטענדלעכן אופן גיט איבער דער פאַרפאַסער די וויכטיגסטע מאָראַלישע לערעס פון אידנטום..."

**חיים ליבערמאַן**